אויב די מצוה איז "לבנות", בויען דעם ביהמ"ק, איז וויבאלד אז "אין בונין ביהמ"ק בלילה"[102], איז דאס א מ"ע שהזמ"ג, זיינען נשים פטורות.

און וויבאלד אז דער רמב"ם[103] פסק'נט "הכל חייבין לבנות כו' אנשים ונשים כמקדש המדבר" (וואס דארטן איז געווען "ויבואו האנשים על הנשים"[104]) - קען מען דאך ניט זאגן אז די מצוה איז "לבנות", ווארום דעמולט איז דאס א מ"ע שהזמ"ג - במילא דארף מען זאגן אז די מצוה איז (ניט דער מעשה הבני', נאר די מצוה איז) "שיהא מקדש", וואס דאס (שיהא מקדש) איז ניט קיין מ"ע שהזמ"ג, ווארום דער מקדש דארף זיין בנוי סיי צוליב די עבודה שביום און סיי צוליב די ענינים וואס זיינען בלילה, אזוי ווי הקטר חלבים ואברים וואס מ'איז מקטיר אויך בלילה[105], און תרומת הדשן[106] וכיו"ב.

ובפרט אז מ'איז מדגיש אז עיקר הענין פון דעם מקדש איז ער זאל זיין "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות" - איז וויבאלד אז ס'זיינען דא כו"כ קרבנות וואס נשים זיינען חייבות, דארפן זיי אויך האבן א מקדש, ובמילא זיינען זיי אויך מחוייב אין בנין המקדש; ביי זיי איז אבער די מצוה (ניט "לבנות", נאר) "שיהא מקדש".

און מ'קען זאגן אז אין בנין המשכן והמקדש זיינען דא צוויי ענינים: (א) די מצוה פון בנית המשכן והמקדש, "לבנות", (ב) די מצוה אז ס'זאל זיין "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", "שיהא בנוי".

[זיי ווערן אבער ניט פאררעכנט אלס צוויי באזונדערע מצוות, נאר אלס איין מצוה, דערפאר וואס איין ענין איז פארבונדן און קומט אלס מסובב פון דעם צווייטן, אדער נאכמער: דאס וואס מ'דארף האבן אז ס'זאל זיין "מוכן להיות מקריבים כו'" שטייט שוין אין דער מצוה פון "לעשות בית לה' מוכן להיות מקריבים כו'".

ובפרט לויט ווי דער ראגאטשאווער איז מחלק צווישן דעם משכן מיטן מקדש - אז אין משכן איז געווען א באזונדער ציווי אויף דער עשי', ווי ס'שטייט[107] "ועשו ארון", ועשית שולחן"[108], א באזונדער ציווי אויף יעדער עשי'; משא"כ אין מקדש וואס דארטן געפינט מען ניט קיין ציווי מיוחד אויף דער עשי', ס'איז דא נאר א ציווי כללי אז ס'זאל זיין דער

- "מקום -

------------

102) שבועות טו, ב. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"א הי"ב.
103) שם. 104) ויקהל לה, כב. 105) משנה ריש ברכות.
106) יומא כ, א. 107) תרומה כה, י. 108) שם, כג.

"מקום אשר יבחר ה׳ גו׳"[109], און ס׳איז ניטא קיין ציווי מיוחד אויף כלי המקדש, ווארום דער ענין פון "לעשות בית לה׳ מוכן להיות מקריבים כו׳" איז שוין כולל די אלע פרטי המקדש, וויבאלד אז דורך זיי ווערט ער "מוכן להיות מקריבים כו׳"].

ובמילא איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז אין דעם ערשטן ענין, "לבנות", זיינען נשים ניט מחוייב, דערפאר וואס "אין בונין מקדש בלילה", איז דאס א מ"ע שהזמ"ג - זיינען זיי אבער מחוייב אין דעם צווייטן ענין שבזה, אז ס׳זאל זיין "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", וויבאלד אז ס׳זיינען דא קרבנות אין וועלכע זיי זיינען מחוייב.

כח. ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז לדעת הרמב"ם איז דער עיקר המכוון אין דעם משכן ומקדש - דער ענין הקרבנות, "מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", און <u>בנין</u> המשכן והמקדש איז א <u>הכנה</u> צום עיקר ענין המשכן והמקדש - דער ענין פון הקרבת הקרבנות.

און אע"פ אז דאס איז מערניט ווי א הכנה צום עיקר הענין (דער ענין הקרבנות), פונדעסטוועגן, זעט מען דאך אז ס׳איז געווען דער גאנצער שטורעם פון <u>בנין</u> המקדש,

ועאכו"כ בנוגע צום משכן, וואס אין אים איז געווען א ציווי מיוחד אויך אויף דער <u>עשי׳</u>, "ועשו ארון", "ועשית שולחן", ועד"ז בכל כלי המשכן (כנ"ל) - וואס דער משכן איז דאך נצחי, און ווען משיח צדקנו וועט קומען, וועט ער נתגלה ווערן צוזאמען מיט אלע כלים[110].

כט. די שייכות דערפון צו פורים:

די גמרא[111] זאגט אז "<u>תקפו</u> של נס" הויבט זיך אן פון "בלילה ההוא נדדה שנת המלך"[112];

און אעפ"כ, איז דער דין[113] אז מ׳דארף ליינען די <u>גאנצע</u> מגילה, און מ׳טאר ניט פארפעלן אפי׳ א פסוק וואס רעדט זיך וועגן "וישם המלך אחשורוש מס על הארץ"[114], ועד"ז טאר מען ניט פארפעלן פון די פריערדיקע פסוקים (איידער עס הויבט זיך אן "<u>תקפו</u> של נס"), אפי׳ וואו ס׳רעדט זיך וועגן "בשנת שלש למלכו"[115].

והביאור בזה:

- וויבאלד -

------------

109) ראה יב, יא. סנהדרין כ, ב. 110) ראה לקו"ש פקודי תשל"ז ובהנסמן שם. 111) מגילה יט, א. 112) אסתר ו, א. 113) שו"ע או"ח סתר"צ ס"ג. 114) אסתר י, א. 115) שם א, ג.

וויבאלד אז די פסוקים וואס זיינען פאר און נאך "תקפו של נס" זיינען פארבונדן מיט "תקפו של נס",

– די פסוקים וואס זיינען פאר "תקפו של נס" זיינען א הכנה דערצו, ובלשון ההלכה – "הכשר מצוה", ווארום מ'קען ניט צוקומען צו "תקפו של נס" סיידן אז ס'זיינען דא די פריערדיקע ענינים [ע"ד ווי רש"י[116] זאגט בנוגע צו "הכשר מצוה"];

און די פסוקים שלאח"ז האבן אויך א שייכות צו "תקפו של נס", ווארום ווען איז דער "תקפו של נס" בתוקף – דוקא ווען דאס קומט ארויס אויך לאח"ז, ביז צום סיום המגילה, "ודובר שלום לכל זרעו" –

באקומען זיי אלע דעם גאנצן תוקף פון "כל דברי האגרת הזאת"[117], און ס'איז דא דער חיוב פון קריאת המגילה מיט א ברכה לפני' ולאחרי' אויף די גאנצע מגילה, אויך פאר (און נאך) "תקפו של נס" (ניט נאר אז די פסוקים זיינען ניט קיין הפסק צווישן "תקפו של נס" מיט די ברכות, נאר אדרבה, ס'איז א חיוב הערן אלע פסוקים פון דער מגילה), צוזאמען מיטן חיוב פון איבערלעבן די ענינים נאכאמאל, כתודת הבעש"ט (וואס מ'האט דערמאנט פריער (סי"ג)) אויף "הקורא את המגילה למפרע לא יצא" – וויבאלד אז דאס איז א הכנה, הכשר מצוה, צו "תקפו של נס".

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל וועגן דעם משכן ומקדש – אז אע"פ אז עיקר ענינם איז דער ענין הקרבנות, אעפ"כ, איז דא דער גאנצער שטורעם וכו' אויף דעם ענין פון בנין המשכן והמקדש, וויבאלד אז דאס איז א הכנה צום ענין הקרבנות ("מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות").

ל. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

בשעת מ'מאכט א מקדש, און דאס ווערט אן ענין בפ"ע – האט ער אויפגעטאן מיט דעם זהב וכסף ונחושה וכו', מיט די י"ג[118] און ט"ו[119] דברים פון וועלכע מ'האט געבויט דעם משכן, וואס פריער זיינען זיי געווען ענינים פון וועלט, און פון זיי האט מען געמאכט א משכן ומקדש.

אבער בנוגע צו דער גאנצער וועלט שמבחוץ פון די ט"ו דברים – איז טאקע דא די פעולה וואס האט זיך אויפגעטאן אין

– וועלט –

---

116) יבמות ו, א ד"ה אלא. 117) אסתר ט, כו.
118) שהש"ר פ"ד, יג. זח"ב קמח, א. תנחומא תרומה ה. ועוד.
119) בחיי תרומה כה, ז. כלי יקר שם, ג. וראה זח"ב קלה, א.

וועלט דורך בנין המשכן והמקדש, עס זעט זיך אבער ניט מיום ליום די פעולה וואס דער משכן ומקדש טוט אויף אין וועלט.

און דאס איז דער אויפטו פון עבודת הקרבנות: בשעת מ'ברענגט א קרבן בכל יום ויום, וואס "כל יומא ויומא עביד עבידהי'"[120], התמיד של שחר און תמיד של בין הערבים, ועד"ז שאר הקדבנות - נעמט מען דאך אן עניין פון וועלט, א בהמה, אן עוף, א מנחה, מלח וכיו"ב, און מ'ברענגט אים אדיין אין משכן;

נעכסן איז דאס געווען אין חלק הרשות פון וועלט; און בשעת "ויגש את פר החטאת" - ווערט דערפון א "קרבן", וואס "רזא דקורבנא עולה עד רזא דא"ס"[121]. וואס דער עניין שטייט ניט אויפן משכן ומקדש אליין, נאר אויף דעם עניין הקרבן וואס מ'איז דארטן מקריב - ווארום וויבאלד אז מ'נעמט דאס פון מטה מטה ביותר, דערגרייכט דאס צו גבוה גבוה ביותר[122].

ועד"ז אין עבודת האדם אין ליל הגלות (און אין לילה כפשוטו) - אז ער באגנוגנט זיך ניט דערמיט וואס ער איז שוין א משכן לו ית', און זיין הויז איז שוין א דירה לו ית' בתחתונים, נאר ווען ס'הויבט זיך אן א נייער מעל"ע, ס'הויבט זיך אן א נייער טאג, הויבט ער אן מיט דער עבודה פון תמיד של שחר,

וואס די בהמה נעמט ער דאך (ניט מביתו, נאר) פון דעם שטאל, ווארום בהמות האלט מען אין שטאל (ניט בבית), און ער נעמט די נסכים מיטן סולת למנחה און דעם מלח וואס מ'דארף מולח זיין דעם קרבן, וואס די אלע זאכן נעמט ער ארויס פון די פארשידענע לשכות וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק - ניט אויפן מזבח, און ער ברענגט דאס אלס קרבן אויפן מזבח, ד.ה. ער נעמט אן עניין פון עוה"ז הגשמי, און מאכט דערפון א קרבן, וואס דורך דעם ווערט דער קרבן, צוזאמען מיט אים און בני ביתו וחלקו בעולם, נתאחד מיט "רזא דא"ס".

לא. דאס איז אויך דער ענטפער צו דעם וואס שרייט - פארוואס איז מען אים מבלבל מיט די "מבצעים", און פארוואס רעדט מען מיט אים ער זאל גיין זוכן א שה נדח אין א פנה נדחת, געפינען א אידן און פועל'ן אויף אים ער זאל אנהויבן לערנען אל"ף בי"ת, אדער מקיים זיין א מצוה קלה צי א מצוה חמורה - ער האט שוין א פארטיקן "מקדש"!

זאגט מען אים, אז דאס איז נאר "מוכן להיות מקריבים

- בו -

---

120) זח"ג צד, א. 121) ראה זח"ב רלט, א. זח"ג כו, ב.
122) ראה לקו"ת שלח מז, ב.

בו הקרבנות", און בשעת ער גרייט אלץ צו און בפועל טוט ער דאס ניט, פעלט דאך ביי אים דער עיקר הענין!

ער האט טאקע אויפגעבויט א מקדש, און געבויט ווי ס'דארף צו זיין, אין אן אופן פון "נדיב לבו", און ס'איז אלץ נשלם געווארן, ביז צו "ויקם משה את המשכן" – דער מקדש וואס איז דא ביי יעדער אידן[123], וואס ווערט אויפגעשטעלט דורך דעם משה שבכאו"א[124] – ס'איז אבער מערניט ווי א הכנה צום עיקר הענין;

און עיקר הענין באשטייט אין דעם אז ער זאל ארויסגיין פון מקדש, און געפינען "מן הבהמה ומן הבקר ומן הצאן", און עוף און סולת ומלח וכו', און אריינברענגען זיי אין מקדש, און מקריב זיין פאר א קרבן, ביז אז ס'זאל עולה זיין "עד רזא דא"ס".

און ווי דער רמב"ן[125] איז מבאר, אז בשעת ער ברענגט א קרבן, דארף ער טראכטן אז די אלע ענינים וואס מ'טוט מיטן קרבן ווערן געטאן מיט אים – ווארום ביז הקרבת הקרבן איז ער אליין געווען אין דער דרגא פון דער בהמה און בקר וצאן, און סולת ומלח (דומם), ווארום זיין גאנצע גדלות איז שלא בערך צו דעם וואס ער קען דערגרייכן דורך דעם וואס ער וועט מקריב זיין דעם קרבן כהלכתו – וואס דערצו דארף ער אנקומען צום סיוע פון די ענינים וואס פון זיי ברענגט ער דעם קרבן.

לב. דאס איז אויך פארבונדן עם האמור לעיל (ס"ג ואילך) וועגן דעם אויפטו פון פורים – אז לכאו' איז דא א שטורעמדיקע קושיא:

ווי קומט דאס אז נאך דערויף וואס מ'האט אנגעהויבן בויען דעם ביהמ"ק, זיינען געקומען עטליכע שומרונים, און האבן ארויסגעגעבן א "שטנה" ביי א גוי, און דאס האט גע'פועל'ט למעלה אז מ'זאל אפשטעלן דעם בנין ביהמ"ק, ובמילא האט דאס גע'פועל'ט אז מ'זאל דאס אפשטעלן למטה?!

איז דער ביאור בזה (כאמור לעיל): דוקא דורך דעם וואס ס'איז געווען א מעמד ומצב נמוך ביותר, האט דאס ארויסגעדופן ביי אידן אן עבודה נעלית ביותר, ביז אין אן אופן פון מס"נ – ע"ד האמור לעיל (סכ"ז) אז דוקא דורך דעם וואס מ'פארנעמט זיך מיטן מטה מטה ביותר, דערגרייכט מען צום גבוה גבוה ביותר.

און דאס איז אויך דער ביאור אויף כללות הסיפור פון מגילת אסתר:

- די -

------------

123) ראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ובכ"מ.
124) ראה תניא רפמ"ב. 125) ויקרא א, ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

די גאנצע מציאות פון אחשורוש׳ן (וואס "מלך טפש הי׳"[126]), און די גאנצע מציאות פון המן׳ן, און די גזירה וואס איז געווען אויף אידן וכו׳ - איז דאס אלץ געווען כדי אז ס׳זאל זיין דער "תקפו של נס", ד.ה. אז א איד זאל זיך ניט באגענוגענען מיט א נס סתם, נאר ער זאל האבן "תקפו של נס".

און ווען איז די מגילה בשלימות - דוקא ווען ס׳איז דא דער ענין פון "ודובר שלום לכל זרעו", ניט נאר "לרוב זרעו" (ע"ד ווי "לרוב אחיו") - דאס איז נאך ניט מספיק, נאר ס׳דארף זיין "דובר שלום לכל זרעו".

און דוקא ווען ער האט דעם ענין פון "ודובר שלום לכל זרעו" - דעמולט מאכט ער די ברכה פון "הנפרע לנו מצרינו הא-ל המושיע", און ער זאגט "שושנת יעקב" מיט אלע פרטים שבזה -

כך תהי׳ לנו, אין אן אופן פון "מסמך גאולה לגאולה", ובקרוב ממש.

* * *

לג. כרגיל צו פארבינדן יעדער ענין מיט א מעשה בפועל - ובהמשך להמדובר לעיל (סי"ז ואילך) וועגן דעם ענין הצדקה - איז נוסף אויף די עניני תורה וואס מ׳האט געזאגט פון מדרשי רז"ל, און פון רבותינו נשיאינו (ווי ס׳איז שוין געדרוקט אין זייערע ספרים) - זאלן ארויפגיין די (אזוי געדופענע) "טאנקיסטן", און פאנאנדערטיילן לכל המסובים (סיי אין עזרת אנשים סיי אין עזרת נשים) צוויי שטרות, אויף צו געבן זיי (אדער חילופיהם) לצדקה.

און אזוי ווי ס׳איז אויך דא א קיבוץ פון כמה עשרות מישראל וואס זיינען געקומען פון צרפת

- וואס ניט קוקנדיק אויף דעם ווי דער אלטער רבי האט געקוקט אויף צרפת[127], איז דאך אבער איצטער נשתנה געווארן דער מצב דארטן, און דארטן איז דא ישיבת תומכי תמימים, און מ׳לערנט דארטן חסידות, און מ׳פארנעמט זיך מיט "יפוצו מעינותיך חוצה" -

זאלן זיי זינגען דעם ניגון הידוע שלהם "האדרת והאמונה", און בשעת מעשה וועלן די "טאנקיסטן" פאנאנדערטיילן די שטרות אויף צדקה.

- ויה"ר -

---

126) מגילה יב, א. 127) ראה ספר התולדות אדה"ז ע׳ רנט ואילך.

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען קומען פון "האדרת והאמונה לחי עולמים" ביז צו "התהלה והתפארת לחי עולמים",

למטה מעשרה טפחים, ובשמחה וטוב לבב, און מקבל זיין פני משיח צדקנו בעגלא דידן.

* * *

צוה לנגן האפ קאזאק. הושיעה את עמך. עוצו עצה ותופר. פרזות תשב ירושלים. אני מאמין. ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

סדם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

*

*

*

בס"ד. קטע משיחת פורים ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. דער ענין וואס האט געטראפן אין דעם צפון פון א"י איז: ווי סנדיק אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ - האט מען ניט געמאכט קיינע זיצונגען, און ניט געמאכט קיין וועדות (קאמיטעטן), מ'האט ניט געמאכט קיין קריאה ראשונה און קריאה שני' ושלישית, נאר די וואס זיינען מומחים בענין זה (ווי אזוי מ'דארף זיך פירן אין צפון פון א"י, און אויך נאכמעדער אין צפון - בסמיכות לצפונה של א"י) האבן דאס מחליט געווען, און מ'האט דאס <u>גלייך</u> אפגעטאן אן קיין פרסום, און אן פרעגן דעות ביי די הונדערט און צוואנציק וואס צווישן זיי געפינען זיך אויך נוצרים און מוסלמים, און אויך די וואס פירן זיך לויט ווי מ'זאגט זיי אן פון "צפון", פון מאסקווא וכיו"ב.

און דער ענין האט מצליח געווען אז ס'איז געווארן "תפול עליהם אימתה ופחד"[1] - און דאס וואס מ'האט מורא געהאט אז פלוני אדער א צווייטער וועט זיך אריינמישן, האט מען געזעהן בפועל אז ס'איז געווען "בשבעה דרכים ינוסו לפניך"[2],

מיט אלע תוצאות וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען - אז ס'האט זיך ארויסגעוויזן אז דאס איז די וועג אויף צו פארמיידן מלחמות, ווי מ'זאגט דאס שוין איצטער בגלוי, אז דאס איז די וועג ווי אזוי מ'קען פארמיידן מלחמות אויף ווייטער.

און הלואי וועט מען ממשיך זיין בזה אין אן אופן אז מ'וועט ניט מאכן קיין פרסום, אבער ביחד עם זה וועט מען טאן דעם מעשה בפועל בזריזות הכי גדולה, און אפטאן דעם ענין בשלימותו - ניט אז מ'זאל גיין איין צעד, און דערנאך שיקן שלוחים לכל העולם כולו, אויף צו הערן וואס זאגט דער וואס זיצט אין וואשינגטאן, און וואס זאגט דער וואס זיצט אין מאסקווא, ועד"ז אין לאנדאן און אין פאריז וכיו"ב - צי מ'מעג גיין א צווייטן צעד, צי ניט.

- וואס -

------------

1) בשלח טו, טז. 2) תבוא כח, ז.

וואס אין דערויף איז באשטאנען די הצלחה – אז מ׳האט דאס געטאן בזריזות, און מ׳האט זיך ניט גערעכנט מיט דער טענה פון "מה יאמרו הבריות" – די וואס האבן ניט קיין אנדערע מעלות נוסף אויף דעם וואס זיי זיינען "בריות" של הקב"ה,

וואס אע"פ אז דאס איז אויך א מעלה הכי גדולה, און דער עניין איז דא אפי׳ ביי ניט אידן, ביז וואנעט אז מ׳זאגט "מעשי ידי טובעין בים ואתם אומרים שירה (בתמי׳)"[3], ד.ה. אז אפי׳ ווען די מלאכים ווילן זאגן שירה, קענען זיי אויך ניט זאגן, דערפאר וואס דער אויבערשטער לאזט זיי ניט –

ווייסט מען טאקע אז זיי האבן די מעלה פון "בריות", בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן פקו"נ פון אידן, קען מען זיך ניט רעכנען מיט דער דעה פון פב"פ וואס אים איז דער עניין ניט נוגע, און אים דארף דאס ניט זיין נוגע אויף אזויפיל ווי דאס דארף זיין נוגע א אידן – תורה זאגט אז פקו"נ פון א אידן דארף זיין נוגע צו א אידן מערער ווי דאס דארף זיין נוגע צו א ניט אידן, ובמילא איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן פקו"נ פון אידן, קען מען זיך ניט רעכנען מיט דער דעה פון א ניט אידן.

ב. עד"ז איז די הצלחה געווען פארבונדן דערמיט וואס מ׳האט זיך ניט מיישב געווען מיט די אידן וואס קענען ניט ארויסקריכן פון דעם תוקף הגלות בנפשם פנימה וואס זיינען דערשראקן און אראפגעפאלן ביי זיך פאר גוי׳שקייט, ובמילא איז מען דערשראקן און אראפגעפאלן ביי זיך פאר א גוי,

און זיי האלטן אין איין שרייען אז "אל תתגרה בגוי קטן"[4] און "בגוי גדול", און זיי זאגן אז וויבאלד אז דאס שטייט אין תורה, במילא דארף מען אפגעבן דעם גוי כבוד, און מ׳דארף שטיין פאר אים ווי אן עבד, און טאן אלץ וואס ער וועט נאר זאגן וכו׳,

און בשעת ער דערהערט אז א צווייטער איד טוט א זאך בתוקף, הויבט ער אן גלייך רופן אסיפות און ווארפט ארייך ספיקות, אז דערוויילע זאל מען שטיין אויפן ארט, און מ׳זאל ווארטן ביז מ׳וועט זיך מיישב זיין, און ער זאגט אז מ׳זאל פרעגן ביי כל העולם כולו, און אויב די גויים וועלן מסכים זיין, דעמולט וועלן אידן טאן דאס וואס זיי זיינען מחוייב טאן ע"פ שו"ע.

- וואס -

---

3) מגילה י, ב. 4) ראה פסחים קיג, א.

וואס אע"פ אז זיי געפינען זיך אין אה"ק, און עטליכע פון זיי זיינען געבארן געווארן אין אה"ק, און זיינען קיינמאל ניט געווען אין חו"ל כפשוטו – אעפ"כ, מפני סיבות שונות ומשונות געפינען זיי זיך אין א גלות איום [וואָרום ס'איז ניטא קיין שטארקערער און טיפערער גלות פון דעם וואס ער געפינט זיך בגלות מצד החלטתו אז ער וויל ניט ארויסגיין פון גלות], אז מ'איז אראפגעפאלן ביי זיך פאר גוי'שקייט וואס איז דא בכל העולם כולו, אפי' אין א"י כביכול – וואס דאס איז כדי אז ס'זאל קענען זיין דער עניין פון בחירה חפשית, אז אידן זאלן באווייזן אז מ'ווייסט אז דאס איז גוי'שקייט און עם בנ"י זיינען ניט "ככל העמים".

איז אין דערויף געווען די הצלחה – אז מ'האט זיי ניט דערציילט וואס מ'גייט טאן, ועאכו"כ אז מ'האט זיך מיט זיי ניט מיישב געווען, און מ'האט דאס גלייך געטאן בזריזות, און געגאנגען נאכאנאנד אן ישוב הדעת, און דערפאר האט זיך דאס אפגעטאן בהצלחה (לפ"ע – וואָרום אפי' "נפש אחת מישראל" איז אויך אן "עולם מלא"[5], עאכו"כ אז ס'האט געקאסט קרבנות מער פון א "נפש אחת").

ויש מקום לומר, אז ווען ס'וואלט געווען נאך ווייניקער ישוב הדעת ווי ס'איז געווען, וואלט די הצלחה געווען אין אן אופן אז דאס וואלט איבגאנצן ניט געקאסט קיין קרבנות, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ג. דערפון האט מען די הוראה, אז ווען ס'קומט צו אן עניין של פקו"נ, וואס דאס איז דאך די גרעסטע מצוה, וואָרום פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה[6] – דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון זריזות, וכל הזריז הרי"ז משובח [וואָרום בכלל זאגט מען דאך אז "זריזין מקדימים למצוות"[7], עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן עניין פון פקו"נ].

ואדרבה, בשעת מ'טוט דאס ניט אין אן אופן של זריזות, נאר מ'הויבט אן פרעגן שאלות וכו' – איז וויבאלד אז דאס איז אן עניין פון פקו"נ, זיינען דא די לשונות מבהילים אין בבלי[8] און אין ירושלמי[9] און ס'ווערט אויך אראפגעבראכט אין שו"ע[10] – בנוגע צו דעם "שואל" (דער וואס קומט פרעגן וועגן פקו"נ) און אויך בנוגע צום "נשאל" (דער ביי וועמען מ'פרעגט), און מ'זאגט אז דאס דארף געטאן ווערן "ע"י גדולי ישראל" – וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ס'איז אן עניין פון פקו"נ, דארף מען דאס אפטאן בזריזות, וכל הזריז הרי"ז משובח.

- ד. -

---

5) סנהדרין לז, א. 6) יומא פב, א. 7) פסחים ד, א. 8) יומא פד, ב. 9) שם פ"ח ה"ה. 10) אדה"ז או"ח סשכ"ח ס"ב.

ד. ויה"ר אז אזוי ווי דערוויילע האלט מען זיך נאך בתוקף – איז קומענדיק מיט דעם תוקף וואס מ'איז דא געשטאנען, זאל מען זיך ווייטער האלטן בתוקף, און ניט נתפעל ווערן פאר די ניט אידן, און נאכמער וויכטיק: מ'זאל ניט נתפעל ווערן פאר די אידן וואס קענען ניט ארויסקריכן פון זייער גלות וואס זיי זיינען ביי זיך אראפגעפאלן פארן גוי.

און קומענדיק דארטן, זאל מען דאס ניט אדיינטראגן אין "קאמיטעס", און מיישב זיין זיך און פרעגן וואס זאגט אויף דעם דער קאמוניסט, און וואס זאגט דער נוצרי און דער מוסלמי, און וואס זאגט דער איד וואס קען בשום אופן ניט ארויסקריכן פון זיין פנימיות'דיקן גלות, ואדרבה, אים ווייזט זיך אויס אז ער דארף בלייבן אין דעם פנימיות'דיקן גלות, ובמילא וויל ער איינשלעפן מיט זיך אויך אנדערע אידן,

נאר מ'זאל זיך פירן מיט א תוקף לויט דעם פס"ד פון שו"ע, אע"פ אז "דתיהם שונות מכל עם" – היפך פון דער שיטה אז וויבאלד "כל עמי הארץ" פירן זיך אזוי, דארפן זיך אידן אויך פירן אין דעם אופן –

ווארום אידן זיינען "עם אחד", ד.ה. אז אויך זייענדיק "מפוזר ומפורד בין העמים"[11], [ביז אז אפי' די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, זיינען זיי אויך "מפוזר ומפורד בין העמים", דערפאר וואס זיי דארפן אנקומען צו די אידן וועלכע געפינען זיך בכל התפוצות] – זיינען זיי אבער "עם אחד", דערפאר וואס "דתיהם שונות מכל עם",

און דער "עם אחד" איז אין אן אופן פון "ישנו (עם אחד)", ער ווייסט אז ער איז א מציאות, און ניט נאר אז ער טאר ניט אראפפאלן ביי זיך פאר אנדערע פעלקער, נאר אדרבה, ער איז די אמת'ע מציאות וואס ווערט ניט בטל, דערפאר וואס ער איז "עם אחד", און "קבוע" ווערט ניט במל[12] – וויבאלד אז ער איז פארבונדן מיט "ה' אחד" (דורך דערויף וואס "דתיהם שונות מכל עם", און מ'האלט זיך ביי דעם דת פון "הורה אחת").

און בשעת מ'שטעלט זיך אוועק באופן האמור – ווערט דער "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם", און "נפל פחד היהודים עליהם", וואס דערפאר איז "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[13] – אז זיי ווערן מסייעים, און העלפן ארויס אידן פירן זיך אין אן אופן פון "דתיהם שונות מכל עם".

ה. וכמדובר כמ"פ[14] דער פס"ד אין שו"ע[15], אז ווען ס'רעדט

– זיך –

---

11) אסתר ג, ח. 12) ראה לקו"ש ח"ה ע' 172 הע' 2.
13) אסתר ח, יז. 14) ראה בארוכה שיחת אור ליום ג' כ"ד טבת ש.ז. סכ"ה ואילך. 15) או"ח סשכ"ט ס"ו.

זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר" [ס'איז ניט קיין נפק"מ צי דאס איז אין א"י אדער דאס איז אין חו"ל - אויב ס'איז נאר א שטאט וואס אידן לעבן דארטן, און די איז "סמוכה לספר"], און מ'באקומט א ידיעה אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", נאך איידער זיי זיינען געקומען, ס'איז מערניט ווי "ממשמשים לבוא", און אפי' אז זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש" - איז דער פס"ד אין שו"ע אז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת" (אע"פ אז שבת איז שקולה כנגד כל המצוות[16]),

און ווען מ'פירט זיך באופן כזה - פועל'ט דאס אז "תפול עליהם אימתה ופחד", און ס'קומט אינגאנצן ניט צו אן ענין של מלחמה; און אויב דאס קומט ח"ו צו פועל (צו אן ענין של מלחמה), איז מען מנצח, דערפאר וואס מ'גייט בכחו של הקב"ה (דערפאר וואס דאס איז דער פס"ד פון שו"ע). און ווי מ'האט געזעהן בפועל וואס איצטער איז געווען בצפון - ווען מ'איז געגאנגען אין אן אופן ווי ס'פארלאנגט אן ענין פון פקו"נ.

און וויבאלד אז דאס איז א פס"ד אין שו"ע - איז ניט שייך קיין אפשטימונג אין דערויף, אפי' ניט קיין אפשטימונג פון צדיקים גמורים, ווארום ס'איז א דין ברור אין תורה, וואס "זאת התורה לא תהי' מוחלפת"[17]; ועאכו"כ אז אפי' ווען ס'וואלט זיך גערעדט וועגן צדיקים שאינם גמורים, וואלטן זיי זיכער געזאגט אז מ'דארף טאן ווי ס'שטייט אין שו"ע, און ניט דערפאר וואס דאס איז זייער "מצפון", נאר דערפאר וואס דאס איז דער פס"ד אין שו"ע.

[איך בין מדגיש במיוחד אז זיי וואלטן ניט געזאגט אז מ'דארף אזוי טאן דערפאר וואס דאס איז זייער "מצפון" - דערפאר וואס מ'זעט דארטן א מצב מבהיל:

ס'רעדט זיך וועגן א איד וואס בחייו הפרטיים איז ער א פרומער - און אז מ'האט ביי אים געפרעגט, היתכן, ווי קענסטו טאן אזא זאך, ס'איז דאך דא א דין אין שו"ע להיפך?! - האט ער געענטפערט, אז אזוי ווי מ'האט אים אויסגעקליבן, איז ער "פועל לפי המצפון שלו", אזוי זאגט אים זיין "מצפון"! האט מען ביי אים געפרעגט, ביסט דאך א פרומער איד, איז ווי קענסטו האבן א "מצפון" וואס איז היפך התורה?! - און מ'איז געבליבן ביי די קושיא,

און עד היום הזה גייט ער ארום און איז "ירך את לבב

- אחיו -

---

16) ירושלמי ברכות פ"א ה"ה. נדרים פ"ג ה"ט. ועוד.
17) י"ג עיקרים. וראה רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט. ובכ"מ.

אחיו כלבבו", אז מ'זאל ניט טאן די ענינים וואס מ'דארף טאן אויף צו פארהיטן דעם עניין פון פקו"נ, און ער טוט דאס דייענדיק א פרומער איד בחייו הפרטיים - עד כדי כך איז דער חושך כפול ומכופל אין אה"ק (וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי דער חושך איז כפול ומכופל אין חו"ל)!].

וכמדובר שוין כמ"פ וועגן דעם פס"ד פון שו"ע הנ"ל - ס'זיינען אבער דא די וואס ווילן פארדרייען וואס איך האב געזאגט, אע"פ אז איך האב אנגעוויזן דעם מקור וואו דאס שטייט,

[און דער צער הכי גדול איז, אז די וואס גיבן איבער וואס איך זאג - האבן זיי דאך לכאו' געדארפט ענטפערן אז ניט דאס האב איך געזאגט - ווערט מען צוטומל'ט, און מ'שיקט ארײַן א בריוועלע אז מ'האט דאס געזאגט צו פב"פ, און יענער פרעגט א שאלה וואס האט ניט קיין תוכן און קיין יסוד],

און דערפאר וויל מען דאס איבער'חזר'ן נאכאמאל בקיצור עכ"פ.

ובפרט לויט די הדגשה וואס מ'האט געזעהן אין די מאורעות פון די ימים הכי אחרונים - אז בשעת אידן רעכנען זיך מיטן דין פון פקו"נ, און דערפאר מאכט מען ניט קיין "קאמיסעס" און מ'פרעגט ניט קיין דעות וכו', און מ'פארציט דאס ניט אויף א סאך צייט, נאר מ'טוט דאס אפ בזריזות ובבת אחת - איז דאס די וועג אז ס'זאלן ניט זיין קיין קרבנות,

[און ווען ס'וואלט ניט געווען דער ישוב הדעת וואס איז געווען בזעיר אנפין, וואלטן אינגאנצן ניט געווען קיין קרבנות, נאר אזוי ווי ס'איז געווען א ביסל ישוב הדעת, זיינען געווען א ביסל קרבנות - וכאמור לעיל (ס"ב) אז ס'איז ניט שייך צו זאגן א ביסל קרבנות, ווארום אפי' "נפש אחת מישראל" איז אויך אן "עולם מלא"].

וכמדובר כמ"פ אז מצד דעם חושך כפול ומכופל, באווייזט מען מזמן לזמן ווי אזוי די זאך איז מוכרח - האט מען געזעהן במעשה בפועל, אז בשעת מ'האט זיך אוועקגעשטעלט בתוקף וכו', און מ'האט געהייסן טאן און געטאן בזריזות, האט דאס מצליח געווען בכלל, און מ'האט מצליח געווען צו אויסמיידן א מלחמה, און ס'וואלט נאכמער מצליח געווען - ווען ס'וואלט ניט געווען אפי' דער פרסום וואס מ'האט געמאכט, און ווען ס'וואלט ניט געווען דער ישוב הדעת וואס איז געווען - אז ס'וואלט אינגאנצן ניט געווען קיין קרבנות. אבער איצטער איז ניט דער זמן צו דערמאנען ענינים בלתי רצויים, מערניט דאס וואס מ'דארף דערפון אפלערנען בנוגע להבא.

ו. וכאמור לעיל אז פון דעם עניין לערנט מען אפ, אז ווען מ'טוט אפ א זאך בזריזות, איז דאס די איינציקע וועג דורך

- וועלכע -



הנחת הת' בלתי מוגה

וועלכע ס׳קען זיין שלום - משא"כ ווען מ׳פירט זיך לויט דער הנהגה וואס איז געווען ביז איצטער;

נאך דעם וואס מ׳האט מכריז געווען בדיבור אז יהודה ושומרון געהערט צו אידן דערפאר וואס דאס איז "נחלת אבות", און דאס איז ארץ ישראל לגבולותי׳ - האט מען מודיע געווען און מפרסם געווען אז מ׳טראגט דאס אריין אויף א דיון, און אז דאס איז "נעגאשיאייבל" מיט אלע לשונות פון "דיפלאמטיע" וכו׳ וכו׳, און דערווייילע לאזט מען ניט אידן באזעצן זיך אין "נחלת אבות" -

אזא הנהגה איז די וועג אויף מזמין זיין א להץ ח"ו רח"ל, און בדרך הטבע קען זיין ה"ו אזא לחץ וואס וועט ניט זיין באגרעניצט אין דעם אז מ׳זאל ניט גיין ווייטער, נאר נאכמער: מ׳זאל אפגעבן דאס וואס מ׳האט שוין פארנומען, ביז ווי די "פי. על. או." [וואס זיי זיינען בני בניו של המן] וויל!

ד.ה. בשעת מ׳רעדט מיט א צווייטן און א דריטן, און מ׳וויל איס איבערצייגן בשכל והבנה, און בשעת מעשה שטייט מען אין א תנועה אז מ׳האט געמאכט איין צעד און מ׳גייט ניט ווייטער - איז מען אויף זיך מזמין א לחץ, ווארום יענער פארשטייט אז דאס וואס מ׳גייט ניט ווייטער איז דערפאר וואס מ׳שרעקט זיך פאר דעם "מה יאמרו הגוים", במילא טראכט ער ביי זיך אז אויב ער וועט לוחץ זיין, וועט מען ניט גיין ווייטער, און נאכמער: מ׳וועט אפי׳ אפגעבן (דורך דעם לחץ) דאס וואס מ׳האט שוין פארנומען.

אין אנדערע ווערטער: דאס איז די וועג אויף מזמין זיין אויף זיך א לחץ, און א לחץ וואס וועט ניט זיין באגרעניצט אז מ׳זאל נאר ניט גיין ווייטער, נאר אז מ׳זאל אויך אפגעבן דאס וואס מ׳האט פארנומען (כנ"ל),

ווארום דער טעם האמיתי פארוואס מ׳איז לוחץ, איז ניט דערפאר וואס "עמי הארץ" האבן אנגענומען די רעזאלוציע פון "242"

[וואס ווי גערעדט פריער[18] אז דערפון איז געווארן א בכי׳ לדורות - און דאס איז געווארן דערפאר וואס ס׳איז געווען יד ישראל באמצע;

ס׳איז געווען יד ישראל באמצע סיי בנוגע צו מחבר זיין די רעזאלוציע, און סיי אין דעם וואס דערנאך זיינען די גלות-אידן געלאפן פון אה"ק שרייען דא אז מ׳איז מקבל אויף

- זיך -

---

18) שיחת מוצאי ש"פ משפטים ש.ז. סכ"ג.

זיך די רעזאלוציע – און דערנאך דארף מען זוכן אין דערויף פירושים שונים וכו׳, וואס ווען דאס וואלט איינגאנצן ניט געווען, וואלט מען פארשפארט כו"כ צרות.

[ע"ד ווי דערציילט אין מדרז"ל[19] וואס ס׳איז געווען "בימים ההם", אז ווען ס׳וואלט ניט געווען דער "זקן אחד לפנים מן החומה" וכו׳, וואלט מען פארשפארט כו"כ צרות],

ומובן בפשטות אז ס׳איז ניטא וואס צו רעכנען זיך מיט דער רעזאלוציע, ווארום דאס איז מערניט ווי א זאך וואס איז געשריבן געווארן אויף פאפיר, און דאס האט געשריבן איינער וואס איז ניט געווען קיין בא-כח אויף צו מוותר זיין (אפי׳ ווען ער וואלט געוואלט מוותר זיין);

און דער עיקר איז: ווען ס׳קומט צו חומ"צ בכלל, ובפרט אז ס׳רעדט זיך וועגן פקו"נ – איז א זיכערע זאך אז יעדער איד גיט זיך א טרייסל, און גיט א פרעג ווי אזוי דארף מען זיך פירן לויט "תורת אמת"],

און ניט דערפאר וואס מ׳מאנט "יושר" פאר די וואס זיינען דארטן קיינמאל ניט געווען אז מ׳זאל זיי צוריק אריינלאזן וכו׳ – דער טעם האמיתי פארוואס מ׳איז לוחץ, ווייסן אלע אז דאס איז פארבונדן מיט "אויל":

אזוי ווי לע"ע געפינט זיך "אויל" אין רשות פון די ערבים, און די ערבים זיינען לוחץ אז אויב מ׳וועט ניט טאן דאס וואס זיי מאנען, וועלן זיי ניט געבן קיין "אויל", במילא איז מען לוחץ אויף אידן אז מ׳זאל זיי נאכגעבן!

און אין וואס באשטייט דער נאכגעבן – איז ארויס בגלוי אז ס׳רעדט זיך ניט וועגן דעם אז מ׳זאל ניט גיין ווייטער, נאר מ׳וויל אז מ׳זאל אפגעבן דאס וואס מ׳האט שוין, כולל ירושלים העתיקה מיטן כותל המערבי!

און מ׳דארף דאס זאגן בגלוי – אט די אידן וואס שעמען זיך ניט צו זאגן אז זיי געפינען זיך אין א גלות פנימי און זיי פארלאנגען אז מ׳זאל נאכגעבן דעם גוי, זאלן זיי זאגן בגלוי אז זיי פארלאנגען אז מ׳זאל אפגעבן ירושלים העתיקה, אפגעבן דעם כותל המערבי – דערפאר וואס אזוי וויל פב"פ וואס זיצט אין מצרים!

– וואס אלע ווייסן אז ער האט ניט קיין דעה אויף די ערבים וואס געפינען זיך במזרחה אדער בצפונה של א"י, ס׳איז מערניט וואס מ׳האט געוואלט איינרעדן זיך און אנדערע, אז בשעת מ׳וועט רעדן מיט אים וועגן שלום, איז דאס די וועג

- דורך -

---

19) ראה מנחות סד, ב.

דורך וועלכע ס'וועט אויך זיין שלום למזרחה ולצפונה של א"י.

און אזוי ווי אלע טעמים ע"פ שכל (אז עד האט דארטן ניט קיין דעה) האבן ניט געהאלפן - האט מען באוויזן בפועל אז די וואס געפינען זיך במזרחה ובצפונה פון א"י, האבן גע'הרג'ט זיינע מענטשן, און מ'האט געזאגט אז מ'וועט זיך אויך נעמען צו אים! - וואס דאס איז די גרעסטע ראי' אז דאס וואס מ'וועט רעדן מיט אים וועגן שלום למזרחה ולצפונה של א"י, איז דאס דברים בטלים ומבוטלים.

און דאס וואס מ'וויל איינרעדן איימיצן אז דאס איז די וועג אויף שלום - איז זיך אליין רעדט מען זיכער ניט איין, ווארום מ'ווייסט אז דאס איז היפך המציאות; ובמילא דארף מען ניט טראכטן אז אנדערע מענטשן זיינען אלע שוטים, און מ'קען זיי איינרעדן נאך דעם וואס מ'זעט בפועל אז די ערבים וואס געפינען זיך למזרחה ולצפונה ולדרומה פון א"י ובאי כחם, האבן גע'הרג'ט אין "ציפערן" זיינע חברים און פארשטייער וכו', ועד"ז - היל"ת - בנוגע להבא.

ז. וכאמור לעיל אז דאס איז א פס"ד ברור אין שו"ע (ס'איז ניט קיין זאך וואס מ'דארף פרעגן ביי פאליטיקער וכו') - אז אין א "עיר הסמוכה לספר", איז אפי' ווען זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש", און אפי' איידער זיי קומען, מערנים ווי "ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת".

ובפרט אז דא האט מען געמאכט לייכטער דעם נסיון - זיי זאגן בפירוש אז (ס'איז ניט אויף "עסקי תבן וקש", נאר) זיי ווילן צונעמען חברון און שכם און ירושלים העתיקה וכו'; מ'וויל איינלאזן די וואס זאגן אז ענינם איז צו טאן גזירת המן רח"ל, "מנער ועד זקן טף ונשים ביום אחד" - זאל מען זיי אפגעבן פון ארץ אבותינו, "נחלת אבות", כולל אויך מערת המכפלה, וואס דארטן ליגן די ד' זוגות: אברהם ושרה, יצחק ורבקה, יעקב ולאה, און אויך אדם וחוה, כמבואר אין מדרשים[20].

וכמדובר כמ"פ אז דאס איז ניט פארבונדן מיט די ג' שבועות[21], און ס'איז ניט פארבונדן דערמיט צי מ'דארף זיך מוסר נפש זיין אויף כיבוש א"י - ס'רעדט זיך וועגן א פס"ד ברור אין שו"ע, אז א "עיר הסמוכה לספר", צי אין א"י אדער אין חו"ל, איז אפי' ווען עכו"ם "ממשמשים לבוא", און דאס איז "על עסקי תבן וקש", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת".

- ח. -

---

20) ב"ר פנ"ח, ד. פרש"י חיי שרה כג, ב. 21) כתובות קיא, א.

ח. וכמדובר כמ"פ אז הלואי וואלט מען באזעצט דעם גאנצן גבול המזרחי והצפוני והדרומי מיט ישובי ישראל כפשוטם - ניט ווי דער מעמד ומצב איז איצטער, אז ווי באלד דער גבול איז פתוח (ווארום ס'איז באזעצט מערניט ווי איין קלייניקע נקודות), שטייט מען אין א פחד תמידי, טאמער וועט זיך געפינען איינער (א נארמאלער אדער ניט קיין נארמאלער) וואס וועט זיך דורכשפארן וכו' [ווארום פונקט אזוי ווי מ'קען קומען מצד הים, קען מען אויך קומען מצד היבשה היל"ת].

און ס'זיינען דא געבוג אידן אין אה"ק וואס ווילן דאס טאן (באזעצן די גבולות) - נאר ס'זיינען דא די גלות-אידן וואס זיינען אראפגעפאלן ביי זיך פאר א גוי און פאר גוי'שקייט, און עסקם איז אז ס'זאל זיין "ירך לבב אחיו כלבבו" - במילא לאזן זיי ניט אז מ'זאל באזעצן די גבולות, און זיי ווילן איינרעדן אלעמען אז דאס איז דער וועג אויף שלום - בשעה תורה האט אפגע'פסק'נט אז דער וועג אויף אויסמיידן א מלחמה איז דורך דעם וואס מ'נעמט כלי נשק, און מ'שטייט על הגבול אין אן אופן של קביעות והתיישבות, וואס דעמולט ווערט "תפול עליהם אימתה ופחד", בדוגמא ווי מ'האט געזעהן איצטער בצפון.

האט מען דערווייילע ניט באזעצט די גבולים, און מ'זאגט בפירוש אז דאס איז דערפאר וואס מ'שרעקט זיך וואס וועלן גויים זאגן אויף דעם - איז פארשטאנדיק, אז בשעת די גויים ווייסן אז מ'שרעקט זיך פאר זיי, פארלאנגען זיי אלץ וואס מ'הייסט זיי פארלאנגען, ובפרט נאך אז מ'איז זיי מבטיח אז דערפאר וועט מען זיי געבן "אויל" פאר ביליאנען דאלארן.

וואס דערפאר איז הלואי וואלט מען באזעצט דעם גאנצן גבול גלייך ווען ס'איז געווען די ערשטע געלעגנהייט - וואס אויף דעם וואלט מען ניט געדארפט אנקומען צו "קאמיטעטן" און צו א קריאה ראשונה ושני' ושלישית, און צו א זיצונג פון "כנסת" (אויף צו הערן וואס זאגט אויף דעם דער נוצרי, דער מוסלמי און דער קאמוניסט, און וואס זאגן אויף דעם די אידן וואס געפינען זיך אין א גלות פנימי);

דאס האבן געקענט טאן צוויי מענטשן, אליין מחליט זיין און קיינעם ניט דערציילן וועגן דעם, און באזעצן כל הגבולות, ואין פוצה פה ומצפצף, ווארום דאס איז ע"פ החוק [אפי' די וואס שרייען אז "הלכה" האט ניט צוטאן צו זיי (וואס באמת איז ניט שייך צו זאגן ביי אידן אזא זאך, ס'איז מערניט וואס ער זאגט דאס בדיבור, אע"פ אז דאס איז היפך פון פנימיות נפשו) - איז ע"פ החוק דארטן, קענען דאס טאן צוויי מענטשן אליין].

איצטער איז טאקע שווערער צו טאן אין דעם (באזעצן אלע גבולות) ווי ס'איז געווען דער מעמד ומצב מיט עטליכע חדשים

- צוריק -

צוריק [וואָרום יעדער טאָג וואָס גייט דורך ווערט דער גוי שטאַרקער ביי זיך, דערזעהנדיק אַז מ'האָט פאַר אים מורא און מ'לאָזט ניט אידן באַזעצן זיך אין חברון, ירושלים העתיקה, אין שכם וכיו"ב] - אָבער אין צוועקין על העבר, ובנוגע לפועל דאַרף מען טאָן דאָס וואָס פריער, וואָרום ס'איז אַ דבר ברור אַז היינט און מאָרגן וועט דאָס זיין לייכטער פון זונטאָג און מאָנטאָג און דינסטאָג.

ט. און די טענה הידועה אַז מ'וויל ניט איינ'דוגז'ן די גאַנצע וועלט, און "מה יאמרו הגוים" וכו' - דאַרף מען וויסן אַז דער גוי איז סיי-ווי-סיי ברוגז, און די וועלט - וואָס "עולם" איז מלשון העלם והסתר[22] - איז סיי-ווי ברוגז; ס'איז "הלכה היא כו'"[23] ווי איז דער יחס פון ניט אידן צו אידן, און מ'קען ניט פאַרלאַנגען פון אַ גוי ער זאָל ווערן אויס גוי; ס'איז ניטאָ קיין מצוה צו מגייר זיין אַ גוי, פאַר אַ גוי איז גענוג ער זאָל מקיים זיין די שבע מצוות ב"נ מיט אַלע סניפים שבזה, און הלואי וואָלטן זיי דאָס מקיים געווען, וואָלט דעמולט געווען שלום ושלוה, און מ'וואָלט ניט לוהן געווען אויף אידן.

און ווי מ'האָט געזעהן בפועל, אַז נאָך די אַלע ענינים וואָס ס'זיינען געווען (ניט איצטער געדאַכט) אין דעם שבת הידוע - האָבן די חסידי אומות העולם (בגלוי עכ"פ, און אפשר זיינען זיי באמת חסידי אוה"ע) אַריינגעשיקט אַ "מכתב תנחומין" (און מסתמא האָבן זיי דאָס געמיינט מיט אַן אמת); און צוזאַמען דערמיט פאַרקויפט מען נשק צו די (וואָס אַלע ווייסן אַז זיי וועלן אָפּגעבן דעם נשק צו די) וואָס האָבן גענומען אייניטייל אין דעם ענין וואָס האָט געטראָפן אין יענעם שבת!

י. און דאָס וואָס מ'טענה'ט אַז מ'דאַרף רעדן וועגן שלום - דאַרף מען וויסן אַז "אני שלום וכי אדבר המה למלחמה"[24], ווען מ'רעדט וועגן שלום, דיבור אהער און דיבור אהין, דאַרף מען וויסן זיין אַז "המה למלחמה",

און כדי אַז זיי זאָלן מורא האָבן פאַר אַ מלחמה, איז ניטאָ קיין אַנדער וועג ווי דער פס"ד פון שו"ע, אַז מ'דאַרף נעמען כלי נשק און אויסשטעלן זיך על הגבול;

ניט אין אַן אופן אַז מ'שטייט עדגעץ וואו אָפּגערוקט און אַנטלויפנדיקער-הייד, אָדער אַז מ'שטייט מערניט ווי אין

- עטליכע -

---

22) לקו"ת שלח לז, ד. 23) פרש"י וישלח לג, ד.
24) תהלים קכ, ז.

עטליכע נקודות על הגבול, און מ'זאגט אז די אנדערע נקודות וועט מען ניט פארנעמען, דערפאר וואס ס'איז דא א פאפיר אין "יו-ען", און דערפאר וואס ס'איז דא איינער וואס זיצט אין דער עיר הבירה אדער אין אן אנדער עיר הבירה וואס איז ניט צופרידן דערפון, במילא דארף מען אים ניט אויפרייצן - אויב מ'וויל אים ניט אויפרייצן, דאדף מען אים אלץ אפגעבן, כולל ירושלים העתיקה און ירושלים החדשה היל"ת!

און "תחלת נפילה ניסה"[25] רח"ל - בשעת מ'אנטלויפט פון א שטל אין א"י וואס געהערט צו אידן [וכאמור, ניט דערפאר וואס דאס איז אין א"י, נאר דערפאר וואס דאס איז אן ארט וואו אידן לעבן, און ס'איז על הגבול, און ס'איז מגין על כל הארץ כולה], און יעדער רגע וואס מ'ווארט אפ מיט די התיישבות על כל הגבול כולו, איז מען מזמין אויף זיך א להץ (כנ"ל).

וואס דערפאר דארף מען באזעצן כל הגבולות בזריזות, "ביום אחד", וואס דורך דעם וועט מען זיין זיכער אז ס'וועלן ניט זיין קיין "מסתננים" רח"ל וואס וועלן אדיינקריכן דורך די גבולות.

און דאס וואס מ'האט מורא פאר דעם וואס דער גוי וועט זיין ברוגז - איז דער רוגז וועט סיי-ווי זיין, אבער דער לחץ וועט אראפפאלן! ווארום מ'וועט זעהן אז אידן מיינען דאס מיט אן אמת, און מ'האט דאס אפגעטאן בפועל ממש, און אז דאס איז א מעשה בפועל וואס אין להשיב.

און דורך דעם וועט אדאפגענומען ווערן די גאנצע שקו"ט וואס איז דא וועגן צונעמען דעם שטח, און דערנאך א צווייטן שטח, און דערנאך א דריטן שטח, ביז צו א גזירה רח"ל "מנער ועד זקן טף ונשים", ווי דערציילט אין דער מגילה - ווארום מ'וועט שטיין מיט א תוקף, און אפטאן גלייך במעשה בפועל, און בכל ערי הבירה כולם וועט מען זעהן אז אזוי האט מען מחליט געווען, און ניט נאר בדיבור, נאר מ'האט דאס טאקע געטאן במעשה בפועל.

און דעמולט וועט מען זיך ווייטער דינגען - אבער מ'וועט זיך מערניט דארפן דינגען וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פקו"נ, נאר מ'וועט זיך דינגען וועגן אנדערע ענינים.

וכאמור לעיל אז דאס איז ניט פארבונדן מיט די ג' שבועות, און ניט פארבונדן מיט קדושת הארץ וכו' - ס'רעדט זיך וועגן א דין פון פקו"נ, וואס דערפאר דארף מען באזעצן

- (גאנץ) -

---

25) סוטה מד, ב. פרש"י שופטים כ, ט.

(גאנץ א"י, ווִיבאלד אז גאנץ א"י געפינט זיך על הגבול, ובמיוחד) דעם שטח וואס געפינט זיך על הגבול המזרחי, ועד"ז על הגבול הצפוני והדרומי (מצד מערב איז דאס ניט שייך, ווארום דאָרטן איז דאך דער ים).

און בשעת אז מ'וועט באזעצן אלע גבולות, ובהקדם הכי גדול, ניט נאר יפה שעה אחת קודם, נאר יפה רגע אחד קודם – איז דאס די וועג אויף צו פארשפארן דאגות פון פקו"נ, און פארשפארן מלחמות וכו'.

יא. און מ'זאל ניט טאן רח"ל דעם זעלבן טעות וואס מ'האט שוין געטאן דריי מאל, און דערנאך האט דאס געקאסט הונדערטער און טויזנטער קרבנות:

אין אלע מלחמות וואס זיינען דארטן געווען אין די לעצטע דרייסיג יאר, האט דער צבא מנצח געווען בכחו של הקב"ה אין אן אופן פון למעלה מדרך הטבע; דערנאך זיינען אבער געקומען אט די אידן וואס בנפשם פנימה געפינען זיי זיך בגלות, און האבן געשיקט שלוחים לכל העמים אז מ'זאל נעמען צוריק דאס וואס דער צבא האט איינגענומען; אזוי האט מען געטאן אין דער מלחמה הראשונה, אזוי האט מען געטאן אין דער מלחמה השני', און אזוי האט מען געטאן אין דער מלחמה השלישית (במשך פון די לעצטע דרייסיג יאר דארטן).

וואס יעדער שליחות (וואס מ'האט געשיקט צו עמי הארץ אז מ'זאל נעמען דאס וואס דער צבא האט איינגענומען) האט מזמין געווען א לחץ נוסף אויף אידן, און האט געגעבן עידוד די (אזוי געדופענע) "טערארייסטן" אז זיי זאלן רח"ל טאן דאס וואס זיי האבן געטאן ביז איצטער, און נאך ביתר תוקף, ביז וואס זיי האבן געטאן אין דעם שבת הידוע!

ויה"ר אז דעם פערטן מאל זאל מען ניט מאכן דעם זעלבן טעות – "על שלשה גו' ועל ארבעה לא אשיבנו"[26] – ווארום דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו פקו"נ פון כו"כ מבני ובנות ישראל היל"ת.

און מ'זאל בפועל ממש באזעצן אלע גבולות פון א"י, אז דארטן זאלן זיין אידן, וואס זיי וועלן האבן כלי נשק – וואס דעמולט וועט דער אויבערשטער העלפן אז מ'וועט ניט דארפן אנקומען צום נשק, ווארום ס'וועט זיין "תפול עליהם אימתה ופחד", ווִיבאלד אז "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר"[27].

יב. און דער עיקר באווארעניש דארף מען האבן, אז בשעת

- מ'קומט -

---

26) עמוס ב, ד. 27) תהלים כ, ח.

מ׳קומט צו פארן מיטן תוקף אין וועלכן מ׳איז דא געשטאנען, זאל מען אנהאלטן דעם תוקף אויך ווייטער, און ניט נאר בדיבור, נאר אז דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל -

וואס דעמולט וועלן די גויים זעהן אז אידן מיינען דאס ערענסט - אז זיי געפינען זיך אין א מעמד ומצב פון פקו"נ, און זיי האבן ניט קיין ברירה, זיי מוזן האלטן ארץ ישראל לגבולותי׳,

און ס׳איז ניטא קיין אנדער וועג אויף דעם - ווארום דיבור וועט ניט העלפן, פאפירלאך וועלן ניט העלפן, אסיפות וועלן ניט העלפן; די איינציקע זאך וואס וועט העלפן אויף צו מוכיח זיין און איבערצייגן זיי אז מ׳מיינט דאס טאקע, איז דאס דורך דעם וואס מ׳וועט טאן דעם מעשה בפועל.

וכאמור לעיל אז מ׳זאל דאס ניט ארויפברענגען צו א דיון פומבי - ווארום דאס וועט זיך ציען וואכן און חדשים, און ווער ווייסט וואס די החלטה וועט זיין (ווארום דאס איז פארבונדן מיטן מיינונג פון מאסקווא מיט אירע שלוחים וואס זיצן דארטן, און מיטן מיינונג פון מדינה פלונית מיט אירע שלוחים וואס זיצן דארטן וכיו"ב), והעיקר, אז יעדער רגע וואס מ׳ווארט אפ און מ׳באזעצט ניט כל הגבולות, איז מען מזמין א לחץ נוסף, און מ׳איז מעודד את כל צוררי ישראל אז זיי זאלן לוחץ זיין נאכמער רח"ל.

און דער עיקר בקשה והפלה דארף מען האבן - אז מ׳זאל ניט נתפעל ווערן פאר די אידן וואס זיינען "הירא ורך הלבב" [מצד דעם וואס עד געפינט זיך אין גלות, אדער מצד עבירות שבידו[28] - איך ווייס ניט וואס איז די סיבה, און ס׳איז ניט קיין נפק"מ וואס די סיבה איז] - ווארום דער וואס איז "הירא ורך הלבב", זאגט אים תורה אז "ילך וישוב לביתו ולא ירך[29] את לבב אחיו כלבבו"[30];

תורה זאגט ניט אז מ׳דארף הארעווען אויף אים אז ער זאל ווערן אויס "ירא ורך הלבב" - וואס לכאו׳, אויב מ׳וועט פועל׳ן אויף אים ער זאל ווערן אויס "הירא ורך הלבב", וועט דאך צוקומען נאך א זעלנער, האט די תורה, לכאו׳, געדארפט הייסן אז מ׳זאל פועל׳ן אויף אים ער זאל ווערן אויס "הירא ורך הלבב"?

איז די הסברה בזה בפשטות: אויב מ׳וועט הייסן פועל׳ן אויף אים ער זאל ווערן אויס "הירא ורך הלבב" - איז ווער ווייסט צי מ׳וועט מצליח זיין בזה, און ווער ווייסט וויפל

- צייט -

---

28) סוטה מד, א. 29) ראה שיחת מוצאי ש"פ צו - טעם השינוי מלשון הכתוב. 30) שופטים כ, ח.

צייט דאס וועט נעמען; און דערווייליע קען ער אפטאן אזוינע עניינים וואס זיינען א מעוות לא יוכל לתקן - און דערפאר זאגט תורה "ילך וישוב לביתו", די ערשטע זאך וואס מ'דארף טאן איז, אוועקשיקן אים אהיים!

און אויב מ'קען אים ניט אוועקשיקן אהיים ווייל מ'האט אים אויסגעקליבן, און ס'איז דאך "דעמאקראטיע" - האט דער "חוק" געגעבן א וועג, אז מ'זאל ביי אים ניט פרעגן, ע"פ חוק האט מען רשות ניט פרעגן ביי אים אין די עניינים,

און דאס וואס דערנאך וועט ער שרייען - ער וועט סיי-ווי שרייען, ווארום ער וויל האבן דעם ביינקל, און וויל האבן די דעה, און וויל אז אלע זאלן זיך פירן לויט ווי ביי אים קומט אויס (ניט "דעמאקראטיע"), איז כל זמן אז ער וועט ניט האבן אלע ביינקלאך, וועט ער סיי-ווי שרייען.

והעיקר: אפי' אויב כוונתו רצוי', ד.ה. אז וויבאלד ער איז "הירא ורך הלבב", ווייזט זיך אים אויס אז דאס איז א קרומע זאך (בשעת אז דאס איז א גלייכע זאך) - האט מען דאך אבער א פס"ד מפורש אין שו"ע, און מ'האט ראיות פון מעשה בפועל, ווי די הנהגה איז געווען דארטן וואו מ'האט זיך געפירט אין דעם אופן, אז מ'איז געגאנגען צעד אחד לפנים און שני צעדים לאחור -

וכאמור לעיל אז מ'האט דאס שוין געזעהן דריי מאל, אין אלע דריי מלחמות, און מ'האט געזעהן בפועל די אלע צרות צרורות וואס מ'האט געהאט פון די אלע (אזוי גערופענע) "נסיגוה" (וואס מ'איז געגאנגען צוריק מצד טעמים שונים ומשונים, און דער טעם הפנימי - דערפאר וואס מ'האט זיך דערשראקן פאר גויים),

און מ'האט גארניט אויסגעפירט ביי די גויים דורך די אלע "נסיגות", ווארום די גויים זיינען געבליבן גויים, און זיי גייען אן מיט זייער דרישה עד היום האחרון, ווי מ'זעט דאס בפועל.

וכאמור אז ע"פ דרך הטבע איז ניטא קיין אנדער וועג ווי צו מבטל זיין דעם לחץ.

ס'קען זיין נסים למעלה מדרך הטבע, אבער אויף דעם זאגט מען "אני מאמין בכל יום שיבוא", אז ווען משיח צדקנו וועט קומען (היינט ביינאכט, אדער מארגן אינדערפרי, אדער אפי' שבת - און ער וועט פארענטפערן די קושיא וואס ע"פ דין[31] טאר ער ניט קומען בשבת - עאכו"כ אין דעם טאג

- וואס -

------------

31) עירובין מג, ב.

וואס איז נאך שבת), וועט מען פארשפארן אפעסן זיך די הארץ, און שטיין אין א פחד מצד דעם "מה יאמרו הגוים", און דער עיקר - וואס וועלן זאגן די אידן וואס זיינען "הירא ורך הלבב" - ווארום דעמולט וועלן זיין נסים למעלה מדרך הטבע; אבער מצד דרך הטבע, איז ניטא קיין אנדער וועג ווי צו מבטל זיין דעם לחץ,

סיידן וועט זיי וועלן זיין איבערגעצייגט אז דער לחץ וועט ניט העלפן (וועלן זיי פרואוון לוחץ זיין אויף ענינים וואס ס'וועט קענען העלפן) - און ווי אזוי וועט מען זיי איבערצייגן - דורך דעם וואס מ'וועט באווייזן במעשה בפועל אז מ'באזעצט דעם גאנצן גבול המזרחי והצפוני והדרומי, כפס"ד פון שו"ע.

יג. וכמדובר כמ"פ אז לויטן פס"ד פון שו"ע, דארף מען פרעגן וועגן דעם ביי די אנשי הצבא, און ניט ביי מדינאים (אנשי מדינה - פאליטיקער).

ס'זיינען דא אידן וואס טשעפען זיך און זאגן אז מ'דארף פרעגן ניט ביי די אנשי הצבא, נאר ביי די מדינאים - איז דאס היפך הדין פון שו"ע; ע"פ שו"ע דארף מען פרעגן וועגן אן ענין פון פקו"נ אין בריאות הגוף ביי א <u>רופא</u> דוקא, און ניט ביי דעם וואס פירט אן מיט "בית הרופאים",

ווארום דער וואס פירט אן מיטן בית הרופאים, קען האבן אנדערע חשבונות; ער וועט מאכן א חשבון אז ס'איז כדאי צו מוותר זיין אויף דעם חולה, כדי אז איבערמארגן אדער אין א יאר ארום זאל ער קענען מציל זיין צוויי צי דריי אידן - און ע"פ דין, איז ווען ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ, דארף מען <u>גלייך</u> מציל זיין, און דער חשבון (אז דורך דעם וואס ער וועט אויף אים מוותר זיין, וועט ער קענען מציל זיין צוויי אידן לאח"ז) איז היפך השו"ע (נוסף לזה וואס ס'קען דאך זיין אז דער חשבון איז ניט קיין אמת'ער און ניט אויסגעהאלטן).

ועד"ז בנדו"ד: ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון פקו"נ, דארף מען פרעגן ביי אן איש צבא דוקא, ווארום נאר ער ווייסט וואס מ'דארף טאן כדי צו באווארענען דעם ענין פון פקו"נ, און ניט קיין מדינאים.

דערנאך קומט צו נאך א טענה (וואס מ'האט געפרעגט ביי איינעם פון מיינע אידן, און ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן):

מ'האט געפונען אן איש צבא וואס האט געזאגט אז מ'דארף אפגעבן (ניט נאר א שעל, נאר) א שטח גדול - במילא פרעגט מען: היתכן, איך זאג אז מ'דארף פרעגן ביי די אנשי הצבא,

- האט -

האט מען געפרעגט ביי אן איש צבא, און ער האט געזאגט כך וכך?!

האב איך ביי אים געפרעגט, צי דער איש צבא האט געזאגט טעמים פארוואס ער זאגט אז מ'דארף אפגעבן א שטח - האט מען געפרעגט ביי דעם איש צבא, פארוואס זאגט ער אז מ'דארף אפגעבן דעם שטח, צי דערפאר וואס דאס וועט באווארענען פקו"נ, אדער מצד טעמים אחרים - און ער האט געענטפערט, אז מצד דעם ענין פון פקו"נ, וועט די סכנה זיין <u>גרעסער</u> דורך דעם וואס מ'וועט אפגעבן דעם שטח; אבער אזוי ווי ס'איז דא א האפענונג אז אין דריי וואכן ארום, אין א חודש ארום, אין א יאר ארום, וועט זיין שלום אמיתי - איז צוליב שלום אמיתי (וואס וועט זיין לאחרי זמן) כדאי מוותר זיין אויף אן ענין של סכנה פאר צענדליקער אידן היל"ת.

וואס דער חשבון איז ניט קיין חשבון ושקו"ט פון אן איש צבא, נאר א שקו"ט פון אן איש חשבונות - און אין א פאל פון פקו"נ זיינען די חשבונות (אפשר וועט דערנאך זיין שלום אמיתי, במילא איז כדי מוותר זיין אויף אן ענין של פקו"נ) <u>היפך</u> השו"ע.

יד. א דוגמא לדבר אין הלכה:

פקו"נ איז דאך דוחה שבת[32]. ד.ה. אז אפי' ווען איינער דאווענט בשבת לפני העמוד אלס א שליח ציבור פון כמה מנינים אידן, און מ'זאגט אים אז אויב ער וועט מפסיק זיין בתפלתו און וועט ארויסגיין אויפן גאס, איז דא א ספק וספק ספיקא אז ער וועט קענען מציל זיין א פיצל קינד, און נאר לחיי שעה (ניט אויף כמה שנים) - דארף ער מפסיק זיין באמצע תפלתו, און ארויסגיין על הספק אפשר וועט ער קענען מציל זיין דעם פיצל קינד וואס ליגט אין גאס.

אויב דער שליח ציבור איז א פרומער איד, עד ווייסט אבער ניט דעם פס"ד אין שו"ע - קען ער מאכן א חשבון וואס לויט דעם חשבון וועט ביי אים אויסקומען אז ער דארף ניט מפסיק זיין באמצע תפלתו:

ער איז א שליח ציבור פון כמה מנינים אידן וואס געפינען זיך אין שול, און ער איז מתפלל אז דער אויבערשטער זאל זיי בענטשן מיט אלע ברכות (וואס שטייען אין די תפלות וואס ער איז מתפלל לפני העמוד), און ער האט א סימן אז תפלתו מהקבלת, וויבאלד אז תפלתו שגורה בפיו[33];

- איז -

------------

32) יומא פג, א. רמב"ם הל' שבת רפ"ב. שו"ע או"ח רסשכ"ט.
33) ראה ברכות לד, ב.

איז היתכן ער זאל מפסיק זיין אינמיטן א תפלה וואס ער איז מתפלל פאר צענדליקער אידן, און דערזעהנדיק אז תפלתו שגורה בפיו - און ארויסגיין אויפן גאס על הספק וספק ספיקא אפשר וועט ער קענען מציל זיין א פיצל קינד אויף חיי שעה?!

איז אבער דער דין ע"פ שו"ע, אז ער דארף מפסיק זיין באמצע תפלתו, וואס ער איז מתפלל בכל לבו ונפשו, און דעם אז תפלתו שגורה בפיו, און ער דארף גיין על הספק וספק ספיקא מציל זיין חיי שעה פון איין פיצל אידישן קינד.

און די אלע חשבונות זיינען ניט ע"פ שו"ע; דאס זיינען חשבונות פון שכל פון דעם נה"ב, אדער אפי' פון נה"א, אבער ניט ע"פ שו"ע - ווארום ע"פ שו"ע, איז ווען ס'קומט צו אן ענין של פקו"נ, זיינען ניטא קיינע חשבונות, און מ'דארף גיין מציל זיין דעם אידן.

טו. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען אן איש צבא זאגט טעמים מדינאים - דארף מען וויסן צי די טעמים זיינען אויסגעהאלטן מצד דעם ענין פון פקו"נ (אז דורך דעם וועט מען באווארענען אן ענין פון פקו"נ), אדער אז די טעמים זיינען אויסגעהאלטן מערניט ווי מצד דעם חשבון פון פאליטיקע וכו' - וואס דעמולט איז דאס היפך השו"ע.

וואס כדי צו מאכן דעם נסיון בזה נאך לייכטער - האט מען שוין איצטער א הצהרה ברורה אויך פון אן איש מדינאי (נוסף אויף דער הצהרה ברורה פון אנשי הצבא), וואס ער האט געזאגט בגלוי היינט און נעכטן און אייער-נעכטן, און האט דאס געזאגט צו גויים, און מפרסם געווען דבריו - אז אויב מ'וועט אפגעבן איין שעל פון יהודה ושומרון, שטעלט מען איין אין סכנה, רח"ל הי"ה, אלע אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק!

וכאמור, דא איז ניט די הדגשה אז דאס איז ארץ הקודש - אפי' ווען ס'וואלט געווען אין חו"ל, און אפי' ווען ס'וואלט זיך געהאנדלט וועגן א טייל פון די אידן - איז דער פס"ד ברור אין שו"ע אז מ'דארף פרעגן ביי דעם מומחה לאותו דבר, און ער זאל רעדן מצד זיין מומחיות לדבר זה (ניט מצד אנדערע טעמים), און טאן לויט זיין הוראה.

וואס דאס איז (כאמור) א פס"ד ברור אין שו"ע, און דערצו האט מען אויך א הוראה פון די מאורעות וואס זיינען געווען בעבר - ווי דערמאנט פריער (סי"א) אז מ'האט געמאכט דעם טעות (וואס מ'האט אפגעגעבן שטחים) דריי מאל, און דאס האט אפגעקאסט הונדערטער און טויזנטער קרבנות רח"ל - זאל מען ניט מאכן דעם זעלבן טעות נאכאמאל הי"ה.

טז. ויה"ר אז מ'זאל ניט נתפעל ווערן פאר די אידן וואס

- זיינען -



הנחת הת' בלתי מוגה

זיינען "הירא ורך הלבב" (מצד סיבות שונות ומשונות - אפי׳ אויב כוונתם רצוי׳), און מ׳זאל טאן לויט דער הוראה בדורה פון שו"ע - באזעצן דעם גאנצן גבול מיט אידן (וואס ס׳זיינען דא כו"כ וואס זיינען עומדים מוכן דערצו), און געבן זיי נשק, און דער איבערשטער וועט העלפן אז מ׳וועט ניט דארפן אנקומען צום נשק. וואס דאס איז די איינציקע וועג צו באווארענען פון פקו"נ (כנ"ל בארוכה).

ויה"ר אז מ׳זאל דאס טאן מתוך שמחה וטוב לבב, און ס׳וועט מקוים ווערן - בלשון המגילה - "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", "כן תהי׳ לנו" בפועל למטה מעשרה טפחים,

ביז אז ס׳וועט זיין "נפל פחד היהודים עליהם", און "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם", און ס׳וועט זיין א שליטה גמורה, ביז אז די שונאים וועלן נתהפך ווערן צו מסייעים, און זיי וועלן מסייע זיין אידן אין אלע ענינים וואס זיי דארפן האבן, אנהויבנדיק פון אנהאלטן גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳.

וכאמור אז דאס זאל זיין מתוך שמחה וטוב לבב.

און אז מ׳וועט זיך פירן אין דעם דין ע"פ השו"ע - איז דאך "מצוה גוררת מצוה"[34], במילא וועט מען מקיים זיין אלע דינים פון דעם שו"ע, שלימות התורה, וועט דאס ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

---

34) אבות פ"ד מ"ב.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ צו ה'תשל"ח. הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ואכלתם אכול ושבוע והללתם את שם ה' אלקיכם אשר עשה עמכם להפליא.

* * *

ב. אזוי ווי די התוועדות איז דאך בהמשך צו דער התוועדות פון ימי הפורים - דארף מען אויך משלים זיין די ענינים וואס מ'האט דעמולט ניט מבאר געווען אינגאנצן, און אויך די ניגונים וואס מ'האט דעמולט געזונגען בקיצור - ועד"ז אויך בנוגע צו דעם ניגון פון "האדרת והאמונה".

צוה לה"כהן הגדול מאחיו" (הדב פ. פאססער שי') לנגן "האדרת והאמונה".

* * *

ג. מ'האט דאך גערעדט אין דער התוועדות פון פורים[1] וועגן דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז", אז "עוללים ויונקים" זאלן מוסיף זיין אין דעם ענין פון לימוד התורה (און אין צדקה), כדי אז דורך דעם זאל זיין דער ענין פון "להשבית אויב ומתנקם"[2].

וואס דער ענין [די הוספה אין לימוד התורה און אין צדקה - ובפרט בנוגע צו "עוללים ויונקים"] האט א שייכות מיוחדת צו פורים:

די גאולה פון ימי הפורים איז דאך פארבונדן מיט די גאולה העתידה, ווארום די גאולה פון ימי הפורים איז אין אן אופן פון "מסמך גאולה לגאולה"[3] צו דער גאולה פון פסח, און די גאולה פון פסח איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה, כמרז"ל[4] "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל"

[ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין די דרושים פון צ"צ[5] אז אע"פ אז אין דעריף איז דא א פלוגתא אין גמרא[6], איז אבער אפגע'פסק'נט אין מדרש[4] ווי דער דעה אז "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל"].

און וויבאלד אז אויף די גאולה העתידה זאגט מען "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[7], אז די גאולה איז פארבונדן מיט

- צוויי -

---

1) סי"ז ואילך. 2) תהלים ח, ג. 3) מגילה ו, סע"ב.
4) שמו"ר פט"ו, יא. 5) אוה"ת בא ע' רנט. 6) ר"ה יא, א.
7) ישעי' א, כז.

צוויי ענינים כלליים: "במשפט" - דער ענין פון תורה[8], ווי עס טייטשט אפ אין תרגום אויף "כמשפט הראשון"[9] - "כהלכתא קדמייתא"

[און דער דיוק איז "כהלכתא" דוקא - ווי ער פארבינדט דאס אין לקו"ת[8] מיטן מארז"ל[10] "אין הגליות מתכנשות אלא בזכות המשניות, שנאמר[11] גם כי יתנו בגוים עתה אקבצם", וואס אין ש"ס גופא איז "משניות" דער ענין פון פסקי הלכות ווי רש"י[12] טייטשט אפ דעם מארז"ל "כל השונה הלכות", אז "הלכות" זיינען "משנה ובריי תא הלכה למשה מסיני" (וכמבואר אין הניא[13] די מעלה פון "הלכות")],

און "בצדקה" - דער ענין פון צדקה;

איז עד"ז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דער גאולה פון פורים (וואס זי איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה, כנ"ל) - אז די איז פארבונדן מיט די צוויי ענינים פון "תורה" און "צדקה".

ד. די הוספה אין "תורה" און אין "צדקה" (וואס איז פארבונדן מיט פורים) איז פארבונדן במיוחד מיט "עוללים ויונקים":

דער ביטול הגזירה פון המן איז געווען דורך דעם וואס מרדכי האט צוזאמענגעקליבן די תינוקות של בית רבן, און האט געלערנט מיט זיי תורה [ובפרט - וועגן מצות העומר], וואס דער "קול גדיים" האט מבטל געווען די גזירה[14]. וואס דערפון זעט מען דעם גודל המעלה פון לימוד התורה פון תינוקות של בית רבן.

עד"ז איז אויך וועגן דעם ענין הצדקה:

איינע פון די מצוות פון פורים איז דאך "מתנות לאביונים" - וואס דאס איז דער ענין הצדקה.

[ובפרט לויטן פס"ד פון רמב"ם[15]: "מוטב לאדם להרבות במתנות לאביונים מלהרבות בסעודתו ובשלוח מנות לרעיו כו'" (ווי דערמאנט אויך אין דער פריערדיקער התוועדות[16]) - אע"פ אז דער ענין פון "משלוח מנות איש לרעהו" איז אויך פארבונדן מיט קירוב הלבבות, כמבואר אין מפרשי המגילה[17]].

- וכמדובר -

------------

8) לקו"ת ד"פ דברים. 9) וישב מ, יג. 10) ויק"ר פ"ז, ג. 11) הושע ה, י. 12) סוף נדה ד"ה הלכות. 13) אגה"ק סכ"ט. 14) ראה אסת"ר פ"ט, ד. יל"ש אסתר רמז תתרנח. 15) הל' מגילה ספ"ב. 16) שיחת מוצאי ש"פ ויקהל סט"ו. 17) מנות הלוי - למהר"ש אלקבץ.

וכמדובר כמ"פ אז בנוגע צו מצות צדקה איז ניט קיין נפק"מ צי ער טוט דאס לשמה אדער ניט[18] - אויב ס'איז געווען דער "החיית את נפש העני"[19], האט ער מקיים געווען מצות צדקה [ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס ס'איז מבואר אין תניא[20] גודל המעלה פון מצות צדקה, וויבאלד אז "הי' יכול לקנות חיי נפשו"].

עד"ז איז פארשטאנדיק, אז אין מצות צדקה איז ניטא קיין נפק"מ צי דאס טוט א גדול אדער א קטן - ווארום דער עיקר איז דאך אז ס'זאל זיין "החיית את נפש העני", און דעם עניין איז ניט נוגע צי דער עני באקומט דאס פון א גדול אדער פון א קטן (וויבאלד אז דער סכום איז דער זעלבער, אדער אפי' נאך גרעסער).

ואדרבה, ס'איז גאר דא א מעלה אין דעם עניין הצדקה פון קטנים:

אין דעם עניין פון צדקה איז דאך א תנאי עיקרי אז דאס זאל זיין בסבר פנים יפות[21] - איז בשעת מ'רעדט מיט "עוללים ויונקים" (ובכללות - פאר בר-מצוה אדער בה-מצוה) און מ'פועל'ט אויף זיי אז זיי זאלן געבן צדקה, איז מצד די תמימות וואס איז דא ביי קינדער, טוען זיי דאס מיט א התלהבות און אין אן אופן פון סבר פנים יפות, ובהכלית השלימות.

ובדוגמא ווי ס'איז מבואר די מעלה אין לימוד התורה פון תשב"ר, אז דאס איז "הבל שאין בו חטא"[22] - איז עד"ז פארשטאנדיק אויך בנוגע למעשה הצדקה שלהם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוספה אין דעם עניין פון תורה און צדקה ביי "עוללים ויונקים" - האט א שייכות מיוחדת צו פורים.

ה. האמור לעיל אין דער התוועדות פון פורים (אז מ'זאל מייסד זיין קרנות של גמ"ח צווישן די תלמידים ותלמידות) איז בהוספה אויף דעם וואס מ'האט גערעדט כמ"פ[23] (און מ'האט זיך אויך משתדל געווען אז ס'זאל אראפקומען בפועל) אז ס'איז כדאי אז יעדער קטן און קטנה זאל האבן אן אייגענעם סידור תפלה,

- [וואס -

------------

18) ראה ספרי ופרש"י תצא כד, יט. 19) תנחומא משפטים טו. 20) פל"ז (מח, ב). 21) רמב"ם הל' מתנ"ע פ"י ה"ד. טושו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג. 22) שבת קיט, סע"ב. 23) ראה באריכה שיחת יום ג' ב' אלול תשל"ז.

[וואס אין דעם סידור תפלה זיינען דאך אויך דא פסוקים פון תושב"כ און מאמרי חז"ל פון תושבע"פ - וועלן זיי דאס לערנען און חזר'ן מזמן לזמן - אין סדר התפלה, און אפי' מחוץ לסדר התפלה],

און אויך האבן אן אייגענע צדקה-פושקע - כדי אז ס'זאל ווערן א חקיקה בנפש אז ער דארף געבן צדקה פון זיינע אייגענע געלט, און אין אן אופן אז ער אליין איז בוחר און מחליט צו וועלכן עני, צו וועלכן מוסד אדער צו וועלכע צדקה-פושקע ער זאל דאס אוועקגעבן.

וואס ביז איצטער האט דאס יעדער קטן און קטנה געטאן בפ"ע; און אין דערויף קומט צו די הוספה, אז די קטנים וקטנות זאלן זיך מתאחד זיין אין פעולת הצדקה - דורך דערויף וואס מ'וועט מייסד זיין קרנות של גמ"ח צווישן די קטנים וקטנות.

וואס אע"פ אז דער ענין פון צירוף צו א מנין וכו' איז שייך נאר ביי גדולים (און ניט ביי קטנים) - זעט מען דאך אבער במוחש בנוגע צו דעם ענין פון "פרסומי ניסא" פון פורים, אז ס'איז א נפק"מ צי ס'זיינען דא ווייניק קטנים וואס שלאגן און זיינען מוחק שם המן (מיט גראגערס וכיו"ב), אדער אז דאס טוט זיך אין אן אופן פון "ברוב" קטנים וקטנות, וואס דעמולט איז די הכאה און מחיית שמו של המן באופן נעלה יותר.

[וואס דער ענין פון שלאגן המן'ן איז דאך א מנהג ישראל, און "מנהג ישראל תורה הוא"[24],

ובפרט ווי דער מנהג איז געווען אמאל, אז אויפן ברעטל פון דער גראגער זיינען געווען אנגעשריבן די אותיות ה' מ' ן', און בשעת מ'פלעגט קלאפן מיטן גראגער, האט זיך אנגעריבן דער דיו אדער דער צבע פון די אותיות[25] - וואס דורך דעם איז געווען מחיית שם המן בפועל.

און דערנאך פלעגט מען נאך מסביר זיין די קינדער וואס האט המן געוואלט, און אז זיין גזירה איז בטל געווארן דורך דעם וואס די קינדער וואס זיינען געווען אין יענעם דור זיינען געשטאנען בתוקף, און האבן געזאגט צו מרדכי "עמך אנו" , אז זיי גייען צוזאמען מיט מרדכי וואס "מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה"[26] - און דער "קול גדיים" האט מבטל געווען די גזירה;

- און -

------------

24) תוד"ה נפסל מנחות כ, ב. 25) ראה ג"כ אבודרהם תפלת פורים. שו"ע או"ח סתר"צ סי"ז בהגה"ה. 26) אסתר ג, ב.

און מ׳זאָגט זיי אַז "וזכרם לא יסוף מזרעם"[27] – וואָס דאָס גייט אויף די קינדער פון יעדער דור – אַז מ׳וועט מלחמה האָבן (מתוך הרחבה – נאָר) מיטן המן הרוחני, וואָס דאָס איז דער יצר וואָס איז דער היפך פון דעם יצ"ט, אַז מ׳וועט זיך ניט לאָזן איינרעדן פון אים, און מ׳וועט שטיין אין אַן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה" –

וואָס בשעת מ׳איז מסביר די קינדער דעם גאַנצן ענין – שטייען זיי אין אַ התפעלות, ביז אין אַן אופן פון "עד דלא ידע"[28], ווי מ׳זעט דאָס בפשטות – ווען מ׳רעדט מיט זיי באופן המתאים ובדברים היוצאים מן הלב].

איז עד"ז אויך בנוגע לענין הצדקה – אַז בשעת די קטנים וקטנות וועלן זיך מתאחד זיין אין דעם ענין הצדקה, דורך דעם וואָס מ׳וועט מייסד זיין קרנות של גמ"ח צווישן די קטנים וקטנות – וועט דער ענין הצדקה זיין באופן נעלה יותר.

ו. בנוגע צו פרטי הדבר – ווי אַזוי מ׳זאָל מייסד זיין די קרנות פון גמ"ח צווישן די תלמידים ותלמידות, צי בכל בית-ספר אָדער בכל כתה וכו׳ (וואָס מ׳האָט שוין אָנגעהויבן פרעגן פרטים בדבר) –

האָט מען בכוונה ניט געזאָגט קיין פרטים, כדי אַז מ׳זאָל דאָס צופּאַסן צום מעמד ומצב פון די קטנים וקטנות, און צום מעמד ומצב פון דעם בית-ספר וכו׳ אין וועלכן זיי לערנען,

וואָרום אין דעותיהם שוות[29] – סיי בנוגע צו די מנהלים פון די בתי-ספר, און סיי בנוגע צו די תלמידים ותלמידות.

און וויבאַלד אַז ס׳דאַרף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו"[30] – דאַרף מען דאָס צופּאַסן צום מעמד ומצב פון דעם "נער" [וואָרום דער דיוק פון "(חנוך לנער ע"פ) דרכו" איז ניט נאָר בנוגע צו "דרכו" פון דעם "נער" לגבי דעם מעמד ומצב פון "כי יזקין", נאָר אַז ביי יעדער "נער" גופא דאַרף זיין דער אופן החינוך "ע"פ דרכו" (פון דעם "נער")].

ז. כדי אַז דאָס זאָל זיין באופן מסודר און ס׳זאָל האָבן אַ קיום, און כדי אַז די קטנים וקטנות זאָלן זיין מער פאַרקאַכט אין דעם (וואָס דעמולט וועט דאָס האָבן אַ גרעסערע השפעה בנוגע להנהגתם במשך כל היום) –

איז כדאי אַז די קינדער זאָלן אַליין אויסקלייבן [וואָס – דעמולט –

-------------

27) שם ט, כח. 28) מגילה ז, ב. 29) ברכות נח, א. 30) משלי כב, ו.

דעמולט וועלן זיי האבן דעם געפיל אז דאס איז זייערער אן ענין אײנעם וואס וועט זיין דער מחלק ההלוואות, און אײנעם וואס וועט זיין דער ממונה אויף גובה זיין די דמי-חבר (צי מס-חבר) אדער די נדבות וואס מ׳וועט געבן אין דעם קרן, און אײנעם וואס וועט פירן די חשבונות וכו׳.

און כדי צו אריינציען וואס מער קינדער אין זיין עומדים בראש פון דעם קרן הגמ"ח זיי זאלן זיין ניט נאר די מנדבים אין דעם גמ"ח, נאר אויך פון די עומדים בראש - איז כדאי אז מ׳זאל אויסקלייבן די עומדים בראש מערניט ווי אויף א משך זמן (א חודש אדער א פאר חדשים), וואס דורך דעם וועט מען קענען אריינעמען וואס מער קינדער אויף צו זיין פון די מנהלים וכו׳ פון דעם קרן הגמ"ח.

און די קטנים וקטנות זאלן זיך מתייעץ זיין און נאכפרעגן זיך ביי זייערע מורים ומדריכים ווי אזוי מ׳זאל טאן דעם ענין -

און אויב די קטנים וקטנות ווייסן נאך ניט פון דעם גאנצן ענין - איז אן ענין גדול ביותר (בפרט פאר די וואס פארנעמען זיך מיט חינוך) אז מ׳זאל ניט ווארטן ביז אז דער קטן וקטנה וועלן ביי זיי פרעגן וואס מ׳דארף טאן, נאר די מורים ומדריכים זאלן זיי אליין מעורר זיין וועגן כללות הענין, און ארויסהעלפן זיי בנוגע צו פרטי הענין, ביז אז דאס וועט אראפקומען בפועל.

און מזמן לזמן זאלן די מורים ומדריכים נאכפרעגן זיך ווי אזוי דאס גייט אן, און זעהן צי מ׳דארף עפעס משנה זיין אדער מוסיף זיין - לויט ווי די מורים ומדריכים פארשטייען ווי מ׳דארף זיך פירן בזה, כדי אז דער ענין זאל זיין בהצלחה ובהיות, און ס׳זאל מהאים זיין לאמיתיה הענין.

ח. ס׳איז א דבר הפשוט אז אויך די וואס זיינען שוין נאך בר-מצוה און בת-מצוה דארפן מוסיף זיין אין תורה און אין צדקה -

ס׳איז אבער דא די מעלה מיוחדת ביי "עוללים ויונקים", וואס דורך זייער לימוד התורה ("יסדת עוז") ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "להשבית אויב ומתנקם". וכמובן פון דעם מאמר וקבל היהודים הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס איז שוין געדרוקט[31] און איבערגעדרוקט געווארן, און נתפרסם געווארן בכל תפוצות ישראל.

- וואס -

------------

31) סה"מ תשי"א ע׳ 180 ואילך.

וואס רערפאר איז א זיכערע זאך אז מ׳וועט אויך מייסר זיין קרנות של גמ"ח אין די כתות הגבוהות (וואס זיינען שוין נאך בר-מצוה אדער בת-מצוה);

אבער כדי אז דער "חנוך לנער" זאל זיין ביתר תוקף, און מיט מער חיות - איז כדאי אז דער קרן גמ"ח פון די תלמידים ותלמידות וואס זיינען פאר בר-מצוה און בת-מצוה, זאל זיין א באזונדער קרן פון דעם קרן גמ"ח פון די תלמידים ותלמידות וואס זיינען שוין נאך בר-מצוה און בת-מצוה.

ט. ויה"ר אז דער ענין זאל אנגענומען ווערן ביי אלעמען (וויבאלד אז דאס איז ניט קיין אייגענע המצאה, מערניט וואס מ׳דערציילט איבער דאס וואס ס׳שטייט אין ספרי נגלה, און אין ספרי מוסר והחסידות וכו׳) - וואס כו"כ האבן דאס שוין מסתמא געטאן על דעת עצמם, ועכ"פ זאל מען דאס טאן מכאן ולהבא (אויך על דעת עצמם).

און ווי געזאגט פריער (ס"ד) אז בנוגע צו דעם ענין הצדקה [ועד"ז דער ענין הגאולה וואס קומט ארויס דערפון - וויבאלד אז "גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה"[32]] איז ניט קיין נפק"מ אין וואס פאר אן אופן דאס ווערט געטאן (צי על דעת עצמו אדער ניט על דעת עצמו) - אבי אז די זאך זאל ארויסקומען בפועל, ולמטה מעשרה טפחים.

און פון די אלע קטנים וקטנות, וועט מען אויפשטעלן די "צבאות ה׳", אויף וועלכן יעדער מדריך ומדריכה וועלן קענען זאגן בצדק ובאמת "ראו גידולים שגידלנו" - ווען מ׳וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

י. דובר בארוכה - בהמשך להשיחה דפורים - אודות המצב דאה"ק וכו׳.

* * *

יא. מ׳האט דאך דערמאנט אין דער התוועדות פון פורים[33] אז אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט פורים איז מען רגיל צו זאגן אן ענין אויך אין נגלה, און אויך מקשר זיין דאס מיט אן ענין אין פנימיות התורה, תורת החסידות.

וואס אין דעם דרוש אין לקו"ת[34] וואס הויבט זיך אן מיטן פסוק "ואכלתם אכול ושבוע גו׳"[35] (וועגן וועלכן מ׳האט גערעדט פריער) - ברענגט זיך דער קישור צו פ׳ צו, וואס אין פ׳ צו[36] רעדט זיך וועגן "זה קרבן אהרן גו׳", וואס דאס גייט

- אויף -

---

32) ב"ב י, א. 33) סכ"ו. 34) צו ז, א. 35) יואל ב, כו. 36) ו, יג ואילך.

אויף "מנחת חביתין" וואס דער כה"ג האט מקריב געווען בכל יום [וואָרום א כהן הדיוט איז מקריב חביתין נאר ביום שנתחנך - איז וויבאלד אז ס'שטייט "מנחה תמיד" (אז מ'האט דאס מקריב געווען בכל יום, גייט דאס אויף חביתי כה"ג[37].

און לויט דעם וואס ער איז מבאר אין לקו"ת, איז פארשטאנדיק א גאנצע שקו"ט אין נגלה בנוגע צו חביתי כה"ג.

יב. די משנה[38] זאגט: "חביתי כה"ג לא היו באין חצאין אלא מביא עשרון שלם וחוצהו מקריב מחצה בבקר ומחצה בין הערבים".

דערנאך זאגט די משנה: "כהן שמביא מחצה שחרית ומת כו' לא מינו כהן אחר תחתיו משל מי היתה קרבה, ר"ש אומר משל ציבור (פון תרומה הלשכה), ר' יהודה אומר משל יורשין[39].

אין הל' שקלים[40] פסק'נט דער רמב"ם: "כהן גדול שמת ולא מינו אחר תחתיו מקריבין את החביתין מתרומת הלשכה"; אבער אין הל' תמידין ומוספין[41] פסק'נט ער: "מת כהן גדול בשחריה אחר שהקריב חצי העשרון ולא מינו כהן אחר מביאין היורשין עשרון שלם עבור כפרתו ועושין אותו חביתין".

שטעלן זיך אויף דערויף מפרשי הרמב"ם[42], אז לכאו', איז דאס א סתירה אין רמב"ם: אין הל' שקלים פסק'נט ער אז מ'דארף ברענגען די חביתין פון "תרומת הלשכה", און אין הל' תמידין ומוספין פסק'נט ער אז די יורשים דארפן דאס ברענגען (כידוע די שקו"ט בזה).

נאך א דיוק אין דעם: אין הל' תמידין ומוספין, וואס דארטן זאגט דער רמב"ם אז די יורשים דארפן ברענגען די חביתין, איז דער רמב"ם מוסיף: "מביאין היורשין עשרון שלם עבור כפרתו" - וואס לכאו', געפינט מען ניט קיין מקור אויף דעם אז די חביתין וואס די יורשים ברענגען זיינען "עבור כפרתו".

יג. ווען מען דאס פארשטיין בהקדים די שקו"ט הידועה[43] בנוגע צו דעם וואס מ'זאגט אז די חביתין דארפן קומען "משל יורשין" - צי דאס גייט דוקא אויף בנים זכרים, וואס זיי קענען אליין ברענגען חביתין (כנ"ל, אז אפי' א כהן הדיוט ברענגט חביתין ביום שנתחנך עכ"פ), ווי ס'איז אויך משמע פון לשון הפסוק[44] "והכהן המשיח תחתיו מבניו יעשה אותה";

- אדער -

------------

37) מנחות נא, ב. עח, א. פרש"י עה"פ שם. 38) מנחות נ, ב. 39) שם נא, רע"ב. 40) פ"ד ה"ד. 41) פ"ג הכ"ב. 42) כס"מ. לח"מ. ועוד. 43) ראה אנצק' תלמודית בערכו. וש"נ. 44) שם, טו.

אדער אז אפי׳ אויב ער האט ניט קיין בנים זכרים, דארפן די אנדערע יורשים ברענגען די חביתין.

וואס אויב מ׳זאגט אז אלע יורשים (ניט דוקא בנים זכרים) דארפן ברענגען חביתין - קען אויסקומען אז אפי׳ א חלל וואס איז פסול לעבודה, און ביי אים איז ניט שייך הקרבת חביתין ביום שנתחנך - וועט ער אויך קענען ברענגען חביתין, אלס יורש פון דעם כה"ג.

און נאכמער: אפי׳ א לוי אדער א ישראל וועלן אויך קענען ברענגען חביתין - ווען א בת כהן האט חתונה געהאט מיט א לוי אדער א ישראל, וואס בנה איז א יורש פון דעם כהן (אויב ס׳זיינען ניטא קיין אנדערע יורשים), וועט ער דארפן ברענגען חביתין.

ובפשטות[45], איז אע"פ אז אין פסוק שטייט טאקע "מבניו", פונדעסטוועגן, וויבאלד אז ווען די גמרא לערנט אפ פון דעם פסוק ("והכהן המשיח תחתיו מבניו גו׳") אז דאס קומט "משל יורשין", איז די גמרא משנה פון לשון הפסוק ("בניו") און זאגט "יורשין", איז פארשטאנדיק, אז דער שינוי איז כדי מ׳זאל דערפון אפלערנען אז דאס גייט אויף אלע יורשין;

ס׳איז ניט קיין נפק"מ צי ער איז א כהן וואס ברענגט חביתין (ביום שנתחנך) אדער ער איז א חלל וואס ברענגט ניט קיין חביתין, אדער אפי׳ א לוי צי א ישראל - וויבאלד ער איז א יורש פון דעם כהן גדול, ליגט אויף אים דער חיוב ברענגען חביתין (ווארום דאס דארף קומען "משל יורשין").

יד. דער ביאור אין דעם - ווי אזוי קען טאקע א יורש וואס איז ניט קיין כהן (אדער א חלל) ברענגען חביתין:

דער ראגאטשאווער[46] איז מבאר, אז דאס וואס די יורשים ברענגען דעם קרבן, ברענגען זיי דאס ניט אלס זייערער א קרבן, נאר דאס איז דער קרבן פון דעם כה"ג - און וויבאלד אז דאס איז א קרבן פון דעם כה"ג (ס׳איז מערניט וואס וויבאלד אז דער כה"ג איז ניטא, איז דא א חיוב אויף זיינע יורשים ברענגען זיין קרבן), קענען דאס ברענגען אויך די יורשים וואס מצ"ע קענען זיי ניט ברענגען קיין חביתין.

עפ"ז וועט ווערן פארענטפערט נאך א קושיא:

דער דין איז אז "אבל אינו משלח קרבנותיו"[47], ווארום

- דער -

------------

45) ראה מנחת חינוך מצוה קלו. 46) צפע"נ הל׳ שקלים פ"ד ה"ד. 47) מו"ק טו, ב.

דער קרבן דארף זיין אין אן אופן פון "שלמים, בזמן שהוא שלם ולא בזמן שהוא אונן"[48].

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קענען די יורשים ברענגען חביתין, במשך פון די שבעה זיינען זיי אבלים, און אין דעם ערשטן טאג זיינען זיי אוננים - איז ווי קענען זיי ברענגען חביתין, דער דין איז דאך אז "אבל אינו משלח קרבנותיו"?

איז דער ביאור בזה: ווען די חביתין וואלטן געווען א קרבן פון די יורשים, וואלטן זיי דאס טאקע ניט געקענט ברענגען, וויבאלד אז "אבל אינו משלח קרבנותיו";

אבער וויבאלד אז דאס איז א קרבן פון דעם <u>כה"ג</u>, "עבור כפרתו", קענען דאס די יורשים ברענגען, ווארום דאס הייסט ניט אז ער איז "משלח <u>קרבנותיו</u>", ווייל דאס איז (ניט <u>זיין</u> קרבן, נאר) א קרבן פון דעם <u>כה"ג</u>, ד.ה. אזוי ווי דער כה"ג דארף ברענגען א כפרה, האט תורה געזאגט אז ווען ער איז ניטא, זאלן דאס ברענגען זיינע יורשים אנשטאט אים, אפי' ווען ער איז ניט קיין "שלם", וויבאלד אז ס'איז ניט <u>זיין</u> קרבן.

טו. עפ"ז קען מען אויך זאגן אז דאס איז דער מקור פון רמב"ם אז די חביתין וואס די יורשים ברענגען זיינען "עבור כפרתו":

וויבאלד אז אויך די יורשים וואס קענען אליין ניט ברענגען קיין חביתין זיינען מחוייב ברענגען די חביתין אלס יורשים פון דעם כה"ג, און וויבאלד אז מ'זאגט אז די יורשים דארפן ברענגען חביתין, און מ'באווארעניט ניט אז אוננים ואבלים קענען ניט ברענגען חביתין - מוז מען דאך זאגן אז די חביתין זיינען ניט קיין קרבן פון די יורשים, נאר דאס איז א קרבן פון דעם כה"ג, "עבור <u>כפרתו</u>".

און דערפאר ווען דער רמב"ם זאגט אז די <u>יורשים</u> (אלס יורשים, ניט נאר בנים זכרים - און אפי' אוננים) דארפן ברענגען די חביתין, איז ער מבאר ווי אזוי קענען די יורשים (וואס האבן ניט קיין שייכות צו חביתין מצ"ע) ברענגען חביתין - דערפאר וואס דער קרבן איז "עבור כפרתו" פון דעם <u>כה"ג</u>.

טז. האמור לעיל איז אויך פארשטאנדיק פון דעם דרוש אין לקו"ת הנ"ל (סי"א):

- אין -

------------

48) זבחים צט, ב.

אין לקו"ת[49] איז מבואר דער ענין פון "זה קרבן אהרן גו' ביום המשח אותו", אז "ביום המשח אותו" איז פארבונדן מיט "שמן משחת קודש", וואס דאס איז א המשכה "ממקום גבוה מאד", דערפאר וואס ער איז "מושח את הקדש", ער ברענגט אראפ גדולה [וואס "משיחה" איז דאך פארבונדן מיט "גדולה"[50]] אין "קדש", מלה בגרמי'[51], דער ענין פון חכמה.

און ס'איז מבואר דארטן, אז חביתין איז "מנחה התמיד", ד.ה. אז די בחי' פון "ביום המשח אותו" ווערט נמשך "בכל יום ויום עד עולם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז חביתין פון כה"ג איז פארבונדן מיט א דרגא שלמעלה פון שינויים, וואס דערפאר איז דאס "מנחה תמיד", יעדער טאג איז ביי אים "יום המשח אותו", ובלשון הידוע[52] - א פעולה נמשכת [משא"כ א כהן הדיוט וואס ער ברענגט חביתין נאר ביום שנתחנך, ווארום א כהן הדיוט איז פארבונדן מיט א דרגא וואס אין איר זיינען דא שינויים].

וואס עפ"ז איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי קענען די יורשים ברענגען חביתין, חביתין קען ברענגען א כה"ג דוקא, ווארום דאס איז אן ענין נעלה ביותר, וואס איז פארבונדן מיט א דרגא שלמעלה משינויים;

איז וויבאלד אז דער יורש איז ניט קיין כה"ג [ווארום רא רעדט זיך ראך קודם שמינו כה"ג תחתיו (ווארום אויב מ'האט שוין ממנה געווען א כה"ג, דארף ער ברענגען חביתין מצ"ע)], נאכמער: ער איז בכלל ניט קיין כהן, ער איז א לוי אדער א ישראל - האט ער דאך ניט קיין שייכות צו אן ארט שלמעלה משינויים וכו' - איז ווי קען ער ברענגען חביתין?

איז די הסברה בזה: וויבאלד אז דאס איז ניט דער קרבן פון דעם יורש, נאר דאס איז א קרבן פון דעם כה"ג, "עבור כפרתו", איז אפי' ווען דער יורש ברענגט דאס, איז ער אויך ממשיך פון דער זעלבער דרגא, די דרגא פון כה"ג שלמעלה משינויים, ווארום ער ברענגט דעם קרבן פון דעם כה"ג.

יז. דערפון זעט מען אויך דעם פארבונד צווישן נגלה דתורה מיט פנימיות התורה - ביז אז נגלה דתורה איז "גופי תורה" און פנימיות התורה איז "נשמתא דאורייתא" (ווי ס'שטייט אין זהר פ' בהעלותך[53]), וואס וויבאלד אז דאס איז א תואר וואס איז געגעבן געווארן דורך "תורת אמת", איז פארשטאנדיק, אז נגלה דתורה און פנימיות התורה זיינען בדוגמת גוף ונשמה:

- אזוי -

---

49) שם ח, א-ב. 50) ראה זבחים צא, א. 51) זח"ג צד, ב. 52) ראה מפענח צפונות פ"ה. 53) זח"ג קנב, א.

אזוי ווי דער גוף האט א ווירקונג אויף דער נשמה, ביז וואנעט אז די נשמה פילט דעם צער הגוף, און דער אופן פון גילוי הנשמה האט א ווירקונג אויפן גוף, ביז אז ס'ווערט א שינוי אין דעם מראה פון מציאות הגוף[54] - איז עד"ז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, אז זיי האבן א ווירקונג איינע אויף די אנדערע.

ווי מ'זעט דאס בנדו"ד: ע"פ המבואר אין פנימיות התורה וועגן גודל המעלה פון חביתי כה"ג, אז דאס איז "מנחה תמיד", און ס'איז פארבונדן מיט דער דרגא פון "ביום המשח אותו" - איז פארשטאנדיק אז נאר דער כה"ג קען ברענגען הביתין;

און אויך ווען די יורשים ברענגען די חביתין - איז דאס ניט זייערער א קרבן, נאר דער קרבן פון דעם כה"ג, "עבור כפרתו" (ווארום נאר דער כה"ג איז שייך צו אזא דרגא שלמעלה משינויים וכו').

וואס דערפון האט מען א ביאור אויך בנוגע צו די ענינים פון נגלה דתורה - בנוגע צו דער שקו"ט צי אלע איבעריקע יורשים (חוץ פון בנים זכרים) וואס זיינען ניט שייך מצ"ע צו ברענגען חביתין, קענען אויך ברענגען חביתין אלס יורשים פון כה"ג; ועד"ז בנוגע צו דער שאלה ווי קענען די יורשים ברענגען חביתין, דער דין איז דאך אז "אבל אינו משלח קרבנותיו" -

אז וויבאלד נאר א כה"ג קען ברענגען חביתין (מצד גודל המעלה שבזה), און אויך ווען די יורשים ברענגען די חביתין, ברענגען זיי דעם קרבן פון דעם <u>כה"ג</u> - קענען דאס ברענגען <u>אלע</u> יורשים, אויך די וואס זיינען מצ"ע ניט שייך צו ברענגען חביתין, וויבאלד אז דאס איז דער קרבן פון דעם כה"ג; און דאס האט ניט קיין שייכות צום דין פון "אבל אינו משלח קרבנותיו", וויבאלד אז דאס איז (ניט זיין קרבן, נאר) דער קרבן פון דעם כה"ג.

יח. ויה"ר - אזוי ווי מ'האלט דאך אין א מעמד ומצב וואס "מת כה"ג", און מ'דארף ווארטן אויף תחה"מ, וואס דעמולט וועלן זיין "משה ואהרן עמהם"[55] - זאלן אלע יורשים (וואס דאס זיינען כל ישראל כולם) טאן די עבודה פון "זה קרבן אהרן" ווי דאס איז ברוחניות הענינים,

ווי גערעדט פריער[56] אז בזמן שביהמ"ק הי' קיים, האט מען געמוזט אנקומען צו א כהן דוקא אויף צו טאן די עבודה

- אין -

---

54) ראה סה"מ תש"ת ע' 31. ובכ"מ. 55) יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. 56) בהמאמר.

אין ביהמ"ק, משא"כ משחרב ביהמ"ק, וואס דעמולט איז "תפלות במקום קרבנות תקנום"[57] – איז כל אחד ואחת מישראל מחוייב אין דעם ענין התפלה (אויך נשים, ווארום וויבאלד אז תפלה איז "רחמי", האט דאס א שייכות אויך צו נשים ובנות[58]),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אלע אידן זיינען די יורשים פון דעם כה"ג – סיי די וואס זיינען יורשים כפשוטו, און אזוי אויך כל ישראל כולם, וויבאלד אז זיי זיינען מחוייב אין תפלה, און "תפלות במקום קרבנות תקנום", וואס אלע מקריבי קרבנות זיינען פארבונדן מיט "זה קרבן אהרן"],

וואס דאס וועט ממהר זיין דעם קיום היעוד "והקיצו ורננו שוכני עפר"[59], וואס דעמולט וועלן זיין "משה ואהרן עמהם",

און מ'וועט זעהן ווי אזוי דער כה"ג איז מקריב מנחת חביתין אין ביהמ"ק השלישי – "מנחה <u>תמיד</u>" אין דעם ביהמ"ק <u>התמידי</u> והנצחי, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת.

בדך ברכת המזון. ואח"כ חילק לכאו"א מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

57) ברכות כו, ב. 58) שם כ, רע"ב. שו"ע או"ח סק"ו ס"ב.
59) ישעי' כו, יט.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ צו ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. בהמשך להמדובר אין דער התוועדות פון פורים – איז געווען א טענה, אז ווען מ'האט גערעדט וועגן דעם "ירא ורך הלבב", האט מען געזאגט דעם לשון "ולא ירך את לבב אחיו כלבבו", אע"פ אז דער לשון הפסוק[1] איז "ולא ימס את לבב אחיו כלבבו".

וואס אזוי ווי מ'האט ניט אויף וואס צו טשעפען זיך, טשעפעט מען זיך דערצו!

ולכאו', איז דאס ניט נאר טשעפען זיך – ווארום דער לשון הפסוק איז דאך טאקע "ולא ימס גו'" – זיינען דא כמה טעמים פארוואס מ'האט געזאגט דוקא דעם לשון "ולא ירך":

א) בשעה מ'זאגט איבער בע"פ א פסוק פון תושב"כ, איז מזמן לזמן וויל מען משנה זיין פון לשון הכתוב, כדי ס'זאל ניט זיין אין דערויף די שקו"ט צי דאס גייט אריין אין דעם גדר פון "דברים שבכתב אי אתה רשאי לאומרן על פה"[2].

ב) וויבאלד אז מ'זאגט "אל תפתח פה כו'"[3] צו דעם צד ההפכי, איז גענוג אז מ'זאגט דעם לשון "ולא ירך את לבב אחיו כלבבו" (און ניט "ולא ימס גו'"):

דער חילוק צווישן "ימס" מיט "ירך" איז, "ימס" מיינט אז דער לב גייט אינגאנצן פאנאנדער אזוי ווי א דבר הנוזל, ס'ווערט אוים מציאות, משא"כ "ירך" מיינט נאר אז ער ווערט ווייכער דערפון ווי א איד דארף שטיין מצד דעם וואס אידן זיינען "עזין שבאומות"[4], מצד דערויף וואס ער האט דעם "איתן האזרחי"[5], דעם "איתן" שבנשמתו[6].

וואס דערפאר איז מצד דעם עניין פון "אל תפתח פה וכו'", איז בעסער נוצן דעם לשון "ולא ירך" און ניט "ולא ימס".

ג) ועוד – ועס זה עיקר: מצד תוכן העניין קען מען ניט זאגן בעניננו דעם לשון "ולא ימס גו'":

אין דעם פסוק שטייט, אז אויב דער "ירא ורך הלבב" וועט בלייבן צווישן די אנשי חיל, און וועט גיין צוזאמען מיט זיי אויף דער מלחמה, איז וויבאלד אז ער איז א "ירא ורך הלבב", ווי דער רמב"ם[7] פסק'נט אפ אז "אין בלבו כח

– לעמוד –

---

1) שופטים כ, ט. 2) גיטין ס, ב. 3) ראה ברכות יט, א.
4) ראה ביצה כה, ב. 5) לשון הכתוב – תהלים פט, א.
6) ראה לקו"ת עקב יח, א. ועוד. 7) הל' מלכים פ"ז הט"ו.

לעמוד בקשרי המלחמה", איז בשעת המלחמה, וועט ער פועל'ן
אויף "אחיו" הנמצאים סביבו אז זיי וועלן אויך ניט קענען
"לעמוד בקשרי המלחמה", און ס'וועט זיין "ימס את לבב אחיו"
- וואס דאס רעדט זיך בשעת המלחמה גופא;

ווען ס'רעדט זיך אבער איידער מ'גייט אין דער מלחמה,
און מ'וויל באווארענען אז דער "ירא ורך הלבב" זאל ניט
האבן קיין השפעה בלתי רצוי' אויף אנדערע אידן - קען מען
ניט זאגן דעם לשון "ולא ימס את לבב אחיו",

ווארום פונקט ווי בנוגע צו אים אליין זאגט מען אז ער
איז "ירא ורך הלבב", און ניט אז ער האט א לב נמס -
וויבאלד אז איידער ס'קומט צו "קשרי המלחמה", איז זיין לב
ניט נמס, מערניט ווי "רך", ווארום ס'איז פאר "קשרי
המלחמה"; און ווען ס'וועט קומען צו "קשרי המלחמה" בפועל,
דעמולט וועט זיין לב זיין נמס - איז עד"ז בנוגע צו "לבב
אחיו", אז איידער ס'קומט צו "קשרי המלחמה", קען מען ניט
זאגן "ולא ימס", מערניט ווי "ולא ירך את לבב אחיו כלבבו"
(וואס ער איז "הירא ורך הלבב").

ב. עד"ז האט מען זיך געטשעפעט צו דעם וואס מ'האט גערעדט,
אז מ'וויל עפעס אומקערן פון א"י לגבולותי' דערפאר וואס
מ'איז פארבונדן מיט א תאוה פון דעם בײנקל -

האט מען ניט געזאגט אז אלע וואס ווילן אומקערן שטחים
פון א"י איז דאס צוליב דער תאוה פון דעם בײנקל, ח"ו חושד
זיין אלע אידן אין אזא זאך; ס'איז מערניט וואס ס'זיינען
דא אזוינע וואס רעכנען אז דורך דערויף וועלן זיי האבן א
בײנקל, במילא פארבויגן זיי אויף טובת ישראל,

אבער א חלק חשוב פון די וואס זאגן אז מ'דארף אומקערן
שטחים פון א"י, זאגן זיי דאס דערפאר וואס זיי זיינען "ירא
ורך הלבב", ער געפינט זיך אין א גלות הכי שפל אז בנפשו
פנימה איז ער בטל פאר גוי'שקייט און פאר א גוי, און ער
קען ביי זיך ניט פועל'ן אוועקשטעלן זיך בתוקף ווען ער
רעכנט אז דער גוי וועט דערפון ווערן ברוגז (ווי גערעדט
בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות[8]).

און ווי געזאגט אין דער פריערדיקער התוועדות[8], אז
מ'קען אים ניט לאזן ער זאל דעדווײלע זיין צווישן די וואס
דארפן זאגן א דעה, און צווישן די וואס טומלען וכו',
ווארום מ'האט ניט קיין צייט צו פארנעמען זיך מיט אים און
פועל'ן אויף אים ער זאל ווערן אויס "ירא ורך הלבב", און

- דערווײלע -

8) שיחת פורים.

דערוויילע איז ער מחליש די אידן וואס דארפן שטיין (און שטייען) בתוקף.

- מ'טאר זיך ניט מייאש זיין פון אים ח"ו, און מ'דארף האפן אז סוכ"ס וועט ער דערהערן דאס וואס "תורה אמת" האט אפגע'פסק'נט אז אידן זיינען ניט אזוי ווי כל עמי הארץ, ווארום אידן זיינען "עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב"[9], און דוקא דורך דעם וואס מ'שטייט אין אן אופן פון "לבדד ישכון", ברענגט דאס צום "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב"[10], אז ס'וועט זיין שלום אמיתי און א שלום של קיימא;

אבער ביחד עם זה וואס מ'איז זיך פון אים ניט מייאש, דארף מען צום אלעם ערשטן פועל'ן ביי אים ער זאל אויפהערן טומלען, כדי ער זאל ניט מחליש זיין די אידן וואס שטייען בתוקף.

ווארום ס'איז דאך א פס"ד בדור אין שו"ע אז מ'דארף שטיין בתוקף הכי גדול, ווי גערעדט כמ"פ[11] בארוכה אז ס'איז א דין מפורש אין שו"ע[12] אז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר", איז אפי' אז מ'באקומט א ידיעה אז זיי זיינען "ממשמשים לבוא" , און אפי' אז מ'האט א ידיעה ברורה אז דאס איז מערבים ווי "על עסקי תבן וקש", איז דער פס"ד אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", וואס דאס איז מפחיד דעם וואס וויל קומען, ובמילא וועט מען אינגאנצן ניט דארפן נוצן דעם נשק.

ג. וכאמור אז ס'איז א פס"ד ברור אין שו"ע אז מ'דארף שטיין בתוקף הכי גדול, ניט דערפאר וואס דאס איז "כחי ועוצם ידי", נאר ווי דער רמב"ם[13] זאגט [נאך דערויף וואס ער רעדט וועגן דעם "ירא ורך הלבב", אז "לא ימס את לבב אחיו כלבבו"] אז "תהי' כוונתו לקדש את ה' בלבד".

און דער רמב"ם איז ממשיך, אז דעמולט איז "מובטח לו שלא ימצא נזק ולא תגיעהו רעה, ויבנה לו בית נכון בישראל, ויזכה לו ולבניו עד עולם, ויזכה לחיי העולם הבא, שנאמר[14] כי עשה יעשה ה' לאדוני בית נאמן כי מלחמות ה' אדוני נלחם ורעה לא תמצא בך וגו'", וואס דאס איז א פסוק וואס שטייט בנוגע צו דוד המלך.

וואס לכאו', ווי אזוי פארגלייכט דער רמב"ם א פשוט'ן זעלנער צו דוד המלך, אז בשעת ער וועט גיין למלחמה אין אן

- אופן -

------------

9) בלק כג, ט. 10) ברכה לג, כח. 11) שיחת אור ליום ג, כ"ד טבת ש.ז. סכ"ה ואילך. 12) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם. 13) הל' מלכים שם. 14) שמואל א' כה, כח.

אופן אז "תהי' כוונתו לקדש את ה' בלבד" איז "יבנה לו בית נכון בישראל וכו'" ווי ס'איז געווען ביי דוד המלך?!

- האט דער רמב"ם זיכער געוואוסט די גדלות פון דוד המלך, און האט געוואוסט שלא בערך מערעד דערפון וואס מיר קענען זיך משער זיין בהשגתנו והבנתנו, און אעפ"כ פסק'נט ער א פס"ד ברור, אז בשעת ער גייט ארויס אויף דער מלחמה דערפאר וואס ער דארף דאס טאן ע"פ שו"ע,

[ווי געזעדט פריער אז ע"פ שו"ע איז בכל מקום וואו ס'איז דא א ישוב פון בנ"י, און דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר", און מ'ווייסט אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", אפי' אז זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש" - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין", און דאס איז א מלחמת מצוה, און נאכמער: מלחמת חובה, וואס דערפאר איז דאס דוחה את השבת],

האט מען די הבטחה אז דאס איז די וועג דורך וועלכע יעדער איש חיל און אלע אנשי חיל וועלן בלייבן גאנץ, כפס"ד הרמב"ם אז "לא ימצא נזק ולא תגיעהו רעה", און נאכמער: "ויבנה לו בית נכון בישראל, ויזכה לו ולבניו עד עולם וכו'".

און מ'איז אים מסביר אז כוונתו דארף זיין "לקדש את ה' בלבד", וואס דעמולט טוט דער אויבערשטער כל התלוי בו אז מ'זאל מצליח זיין אין דעדויף; אבער צוזאמען מיט דעם ענין פון "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר"[15] און "בשם אלקינו נדגול"[16], וויל דער אויבערשטער אז מ'זאל אויך טאן ע"פ דרך הטבע - "יוצאים עליהם בכלי זיין", און דעמולט העלפט דער אויבערשטער אז מ'זאל ניט דארפן נוצן די "כלי זיין" בפועל.

ד. וכאמור לעיל[8] אז מ'מוז באזעצן אלע גבולות פון א"י, און כל זמן אז מ'וועט ניט באזעצן דעם גאנצן גבול המזרחי, ועד"ז דעם גאנצן גבול הצפוני והדרומי, און ס'וועלן בלייבן פרייע נקודות - איז דעמולט "פרצה קוראה לגנב"[17];

אפי' דער וואס איז ניט קיין גזלן, ער איז ניט שייך צו אפטאן אזא זאך וואס איז געווען אין דעם שבת הידוע, ער איז נאר א גנב וואס האט מורא אדער שעמט זיך פאר מענטשן - איז בשעת אז ס'איז דא א "פרצה", מ'האט נאר עטליכע ישובים, און דער גאנצער אורך הגבול איז פרוץ, ביז אין אן אופן אז דער "פרוץ מרובה על העומד"[18] - לאדנט מען איין אפי' גנבים (וואס האבן מורא צו טאן זייערע מעשים בגלוי), עאכו"כ די וואס טוען זייערע ענינים בגלוי, און באדימען זיך נאך

- דערמיט -

------------

15) תהלים כ, ח. 16) שם, ו. 17) סוכה כו, א. פרש"י תצא כב, כג. 18) לשון המשנה - כלאים פ"ד מ"ד.

דערמיט, ווי ס'איז געווען אין דעם מאורע הכי אחרון.

און מ'קען ניטווארטן אויף ישובי-דעת, און ביז אלע וועלן קומען לידי הכרה אז מ'דארף טאן אזוי - ווארום דאס איז אן ענין פון פקו"נ, און אן ענין פון פקו"נ איז ניט שייך אפצולייגן.

ווי דער דין איז, אז אפי' יוהכ"פ שחל להיות בשבת, און ס'איז געבליבן נאר איין רגע פון יוהכ"פ און שבת - און ס'איז דא אן איין און איינציקער איד, א קטן שבקטנים, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות, וואס שטייט אין ספק ספיקא פון סכנת נפשות,

קען ער דאך טענה'ן: ס'איז דאך יוהכ"פ שחל להיות בשבת, און אז ער וועט צו-ווארטן נאך איין רגע וועט שוין ווערן יום חול, איז פארוואס זאל ער מחלל זיין יוהכ"פ שחל להיות בשבת צוליב א ספק ספיקא פון פקו"נ פון א קטן שבקטנים?! - פסק'נט אבער אפ "הורת חיים", הוראה בחיים, אין דעם חלק שו"ע וואס ווערט אנגערופן "אורח חיים", אז אן ענין של פקו"נ, אפי' א ספק וספק ספיקא פון פקו"נ, טאר מען ניט אפלייגן אפי' אויף איין רגע!

ה. און מ'האט שוין געזעהן וואס מ'האט אויפגעטאן מיט דער שיטה פון ווארטן און ציען, און שיקן שלוחים צו אוה"ע פועל'ן ביי זיי אז זיי זאלן רחמנות האבן און איינהאלטן די וואס זיינען געקומען (ניט "על עסקי תבן וקש", נאר) בפירוש על עסקי <u>נפשות</u> - זעט מען אז די אלע שליחות'ן האבן געבראכט תוצאות הפוכות רח"ל.

און מ'דארף ניט האבן קיין גרעסערע ראי' דערפון וואס נאך דעם וואס ס'האט געטראפן אין דעם שבת הידוע - גייט דאך אן דער גאנצער לחץ אז מ'מוז פארקויפן אוירונים און כלי נשק צו דער מלוכה וואס פון זיי האט "פ. ל. א." געלט און כלי נשק אויף צו טאן זייערע מעשים, ווי מ'האט שוין מפרסם געווען ברבים (דאס וואס מ'האט שוין געוואוסט בלא"ה במשך כל השנים) אז ס'איז א דבר ברור אז די כלי נשק וואס זיי פארלאנגען, איז דאס ניט פאר זיך אליין, נאר כדי אז זיי זאלן דאס קענען איבערגעבן צו די מחבלים.

- ביז איצטער איז דאס אויך געווען מפורסם ביי די וואס שטורעמען אז מ'דארף זיי פארקויפן כלי נשק, זיי האבן זיך אבער געקענט איינרעדן אז זיי וועלן אפנארן און ניט מגלה זיין אז בעקיפין קומט דאס אן צו פלוני און פלוני; אבער איצטער איז דאס שוין מפורסם, ס'איז געדרוקט אין די צייטונגען, און געדרוקט מיט ציפערן (מספרים), און מיט ראיות וואס קיינער קען זיי ניט מכחיש זיין,

- און -

און אעפ"כ, צוזאמען מיט דער ידיעה וואס ס'האט געטראפן אין דעם שבת הידוע - איז מען ממשיך מיטן לחץ אז מ'מוז זיי פארקויפן כלי נשק!

ו. דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל מ'קען זיך פארלאזן אויף הבטחות, און טראכטן אז מ'וועט חתמ'נען א פאפירל אז דאס איז שלום אמיתי, וועט מען קענען שלאפן רואיק, אין אן אופן פון "ושכבתם ואין מחריד"[19]!

זעלבסטפארשטענדליך אז אויב מ'קען פועל זיין אז מ'זאל אויך חתמ'נען אויף א פאפיר, איז דאס מוסיף אין דער עשי' אין דרכי הטבע; אבער ח"ו צו פארלאזן זיך אויף דעם פאפיר, און טראכטן אז אפי' אויב דער גבול וועט בלייבן אין אן אופן אז פרוץ מרובה על העומד, קען נאך זיין "ושכבתם ואין מחריד", דערפאר וואס ערגעץ וואו אויף א טיש ליגט א פאפיר כתוב וחתום ע"י פב"פ - וואס יענער ווייסט אז דער וואס איז געווען קודמו, האט אויך מבטיח געווען, און אעפ"כ, 24 שעה נאך דעם וואס מ'האט גע'חתמ'ט אלע תנאים, האט ער זיי גלייך נישט מקיים געווען, און האט ארייגעשיקט אנשי חיל וכו', ווי ס'איז געווען נאך די דריטע מלחמה, און נאך די צווייטע מלחמה, און נאך די ערשטע מלחמה (אן קיינע שינויים)!

און ווען מ'האט געפרואווט מאכן א טומל, היתכן, מ'האט דאך צוגעזאגט?! - האט מען געענטפערט אז מ'האט טאקע צוגעזאגט, און מ'האט זיך משתדל געווען, אבער וואס קען מען טאן אז יענער פאלגט נישט (מיט נאך תירוצים עד"ז).

וכאמור, די השתדלות אויף צו באקומען א פאפיר כתוב וחתום, איז טאקע אן ענין של התחזקות אין דרכי הטבע; אבער ח"ו צו פארלאזן זיך אויף דעם און איבערלאזן דעם גבול אין אן אופן אז פרוץ מרובה על העומד.

ז. וכמדובר כמ"פ אז מ'קען דאס אפטאן בשעתא חדא וברגע חדא - דורך דעם וואס די צוויי מענטשן (וואס אין זיי הייגנט דאס אפ) וועלן זיך נישט לאזן אפשרעקן פון די וואס זיינען אראפגעפאלן פאר גויים הטובים שבהם, וואס א ביינקל און כבוד איז ביי זיי נישט תופס מקום, און קיין זאך איז ביי זיי נישט תופס מקום - זיי זיינען אבער אראפגעפאלן ביי זיך פאר א גוי, מצד דעם חינוך וואס זיי האבן באקומען, אדער מצד אנדערע סיבות, במילא שרעקן זיי זיך פאר א גוי, און זיי קענען ביי זיך נישט פועל'ן שטיין מיט א תוקף וואס א איד דארף שטיין, מצד דערויף וואס "ה' אלקיו עמו"[20], און

- וויבאלד -

------------

19) בחוקותי כו, ו. 20) בלק כג, כא.

וויבאלד אז "ה׳ אלקיו עמו" גייען ניט אן קיינע חשבונות,

ובפרט אז דאס איז דער רצון פון דעם בורא ומנהיג את כל העולם כולו - וואס ער האט ארויסגעגעבן אין די הלכות שבתורה, אז ס׳איז א פס"ד ברור אז א איד דארף שטיין בתוקף הכי גדול, כנ"ל בארוכה.

ובמדובר כמ"פ אז מצד דעם חושך הגלות באווייזט מען אלע עינינים באופן ברור - זעט מען אז אפי׳ די וואס האבן מורא צו דערמאנען אז אזוי שטייט אין שו"ע, האבן זיי שוין אויך מכריז געווען אז ס׳איז א דבר ברור אז אויב מ׳וועט אפגעבן איין שעל, איז דאס א סכנה רח"ל פון כל הדרים אין אה"ק, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[21], דורך דעם שטעלט מען אין סכנה פון פקו"נ כמ"פ ששים רבוא אידן וואס געפינען זיך דארטן.

און אין דערויף איז ניט קיין נפק"מ ווי דער יחס איז בנוגע צו די ג׳ שבועות וכו׳[22] - ס׳איז אינגאנצן אן אנדער סוג דין, דאס איז א דין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש.

וכאמור, אז דאס איז די החלטה און פס"ד ברור סיי פון אנשי הצבא און סיי פון מדינאים (אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ ממש), און ס׳איז שוין אויך דערגאנגען צו אוה"ע - און מ׳קען ניט נאכגעבן אין דעם.

וכמדובר לעיל אז מ׳דארף ניט אנקומען צו אן אפשטימונג וכו׳ - ע"פ החוק (החילוני - ווי זיי רופן דאס אן) דארטן הייגנט דאס אפ אין צוויי מענטשן, אז זיי זאלן מחליט זיין און טאן אזוי בפועל.

ח. וכאמור לעיל אז מ׳מוז באזעצן כל הגבולות, און מ׳קען דאס ניט אפלייגן אויף איבערמארגן, און אפי׳ ניט אויף מארגן, נאר יפה רגע אחד קודם, ווארום כל זמן אז ס׳איז דא א פירצה, קען מען ניט וויסן וואס עס קען טרעפן רח"ל אין א רגע לאח"ז.

אין דערויף קומט צו נאך א זאך:

ס׳שטייט אין ספרי מוסר אז מס"נ און תוקף הרצון קען העלפן, אז בשעת ער שטייט אויף א דאך, זאל ער זיך ניט רעכנען מיט חשבונות פון שכל און מדידה והגבלה, און ער זאל אראפשפרינגען פון דאך (אויב ס׳איז א זאך פאר וועלכע ער וויל זיך מוסר נפש זיין); בשעה ער שטייט אבער אונטן, און ער וועט מחליט זיין אז מצד מס"נ וועט ער ארויפשפרינגען

- אויפן -

------------

21) עקב יא, יב. 22) כתובות קיא, א.

אויפן דאך, וועט אויך דעם ניט העלפן קיין מס"נ, ווארום דאס איז א זאך וואס איז ניט ביכלתו.

ובנוגע לענינינו: דערוויילע איז טאקע דא א לחץ גדול, ס'איז אבער א לחץ וואס מ'קען אים ביישטיין, און דאס וואס דער לחץ ווערט ניט גרעסער, איז דאס דערפאר וואס אוה"ע ווייסן אז ווי אידן שטייען במעמדם ומצבם, קענען זיי באזעצן אלע גבולות, און אפטאן דאס בשעתא חדא וברגע חדא, פון אל"ף ביז תי"ו בתכלית השלימות - און אפי' אויב מ'וועט אויפהערן צושטעלן זיי אלע ענינים, וועלן זיי קענען אנהאלטן א משך זמן פון ימים און שבועות, און אפשר נאך מערער, און דערוויילע וועט מען אפטאן די גאנצע זאך בשלימות, און דערפאר איז דער לחץ ניט אזוי גרויס;

בשעת ס'וועט אבער אנקומען א ידיעה משונה רח"ל (וואס קען ברענגען מערניט ווי היפך השלום, היפך המנוחה, היפך הבטחון, און היפך כל הענינים הרצויים), אז מ'גייט מאכן אסיפות און מ'גייט מאכן וועדות מיט בחירות וכו', ד.ה. אז מ'איז מחליט אז ס'וועט מוזן נעמען עטליכע טעג אדער וואכן ביז מ'וועט דאס אפטאן בפועל - איז ווי באלד אז דעמולט וועט מען מוזן אנקומען צו אוה"ע אז זיי זאלן צושטעלן כל הענינים, וועלן זיי לוחץ זיין נאכמער, און דעמולט וועט שוין ניט זיין בבחירתם צי פאלגן אדער ניט, מ'וועט דעמולט מוזן פאלגן, ס'וועט ניט זיין קיין אנדער ברירה - ס'וועט זיין בדוגמא ווי איינער וויל ארויפשפרינגען פון אונטן אויף א דאך פון א בנין גבוה!

און בשעת מ'ווייסט דעם חשבון (וואס דאס איז דאך א קלארער חשבון וואס אלע ווייסן) - איז דאס א מצב פון תחלתו בפשיעה וסופו באונס:

וויבאלד אז איצטער איז נאך א מעמד ומצב פון "תחלה" [ס'איז טאקע ניט אזוי לייכט ווי ס'איז געווען מיט טעג און וואכן לפנ"ז, כמדובר לעיל, אבער בערך צו די ימים הבאים איז דאס א מצב פון "תחלה"] - איז בשעת מ'גייט און מ'איז מודיע אז מ'וועט דערוויילע ניט באזעצן די גבולות, און מ'וועט ניט טאן די אלע ענינים המוכרחים צוליב בטחון (סותם זיין די אלע פרצות) -

נעמט מען אויף זיך די גאנצע אחדיות וואס וועט זיין בסופו, אז אפי' אויב ס'וועט זיין א מצב פון אונס רח"ל, מ'וועט מוזן נאכגעבן, האבן די אלע (וואס לאזן ניט באזעצן אלע פרצות) גענומען אויף זיך די אחריות פון אלע תוצאות רח"ל היל"ת וואס קענען דערפון ארויסקומען, וואס מ'דאדף דאס ניט זאגן בדיבור,

און ס'איז אויך ניט נויטיק זאגן דאס בדיבור - ווארום

- ס'איז -

ס'איז געווען דאס וואס מ'זעט אז מ'האט געמאכט דעם זעלבן טעות דריי מאל נאכאנאנד:

מ'האט איינגענומען שטחים אין אן אופן וואס איז למעלה מדרך הטבע, און מ'האט גלייך געהייסן אז מ'זאל זיך אפשטעלן, און דערנאך האט מען געהייסן אז מ'זאל גיין אויף צוריק, און מ'האט געוואלט איינרעדן זיך און אנדערע, אז דאס וועט ברענגען שלום;

אבער במשך זמן לא ארוך, במשך פון איין מעת-לעת, האט מען שוין געזעהן אז דער צד שכנגד איז ניט מקיים די תנאים - און דערנאך במשך זמן לא ארוך, האט דאס געבראכט צו אן ענין פון היפך השלום, ביז צו א מלחמה רח"ל!

און ס'איז ניט קיין זאך וואס איז געווען נאר איין מאל, וואס דעמולט קען מען זאגן אז ס'איז געווען עפעס א סיבה שונה ומשונה - דאס איז געווען דריי מאל נאכאנאנד, און ס'איז ניט געווען קיין איין און איינציקע מאל אז דורך נסיגה זאל מען פארשטארקן די סיכויים אויף שלום, אין אלע דריי מאל איז געווען להיפך.

און נאכמער: דער צד שכנגד זאגט בפירוש אז זיי איז ניט נוגע וואס מ'וועט זאגן אין דער עיר הבירה פון ארה"ב, זיי איז ניט נוגע וואס מ'וועט זאגן אין דער עיר הבירה פון מצרים - זיי וועלן טאן לויט ווי ס'איז אנגעשריבן אין זייער תכנית היל"ת (וואס ס'איז ניט כדאי צו איבער'חזר'ן דאס).

ט. כל האמור לעיל איז א שקו"ט אין שכל - אבער אנו אין לנו אלא דער פס"ד ברור פון תורה, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון פקו"נ, דארף מען זיך אוועקשטעלן בתוקף הכי גדול, און מ'טאר גארניט נאכגעבן.

ובפרט אז איצטער איז שוין דא דער אישור פון כל אנשי הצבא, און פון אלע מדינאים צוזאמען מיטן עומד בראשם - אז ס'איז א דבר ברור (ווי מ'האט מודיע געווען און מפרסם געווען צו כל אוה"ע) אז אויב מ'וועט אפגעבן אפי' עטליכע שטחים פון די שטחים וואס מ'האט איינגענומען, שטעלט מען אין סכנה רח"ל אלע אידן וואס געפינען זיך דארטן,

וואס דאס רעדט זיך וועגן שטחים מוגבלים - ועאכו"כ אויב מ'וועט ניט באזעצן די אלע פרצות וואס זיינען דא על הגבולות, וכאמור אז ס'איז א מצב וואס פרוץ מרובה על העומד, און אפי' א פירצה כחודה של מחט, גיט אויך מעגליכקייט אז מ'זאל זיך קענען מסתנן זיין דורך די פירצה היל"ת (און מ'האט שוין געזעהן בעבר צו וואס דאס קען ברענגען רח"ל).

וכאמור אז איצטער איז לפ"ע נאך א מעמד ומצב פון

- "בתחלתו" -

"בתחלתו" - אז גלייך היינט ביינאכט, און מארגן אינדערפרי און מארגן בייטאג, קען מען סותם זיין די אלע פרצות על הגבולות בשעתא חדא וברגע חדא, און מתיישב זיין זיך דארטן אין אן אופן פון התיישבות, ע"י בני אברהם יצחק ויעקב.

און בשעת אוה"ע וועלן זעהן אז דאס איז א מעשה וואס איז שוין געטאן געווארן, און זיי וועלן זעהן אז אידן מיינען דאס מיט אן אמת - אז דאס געהערט צו זיי, און זיי האבן ניט קיין ברירה, ע"פ דרכי הטבע מוז מען דאס באזעצן, דערפאר וואס ס'איז נוגע צו פקו"נ פון כמ"פ ששים רבוא (כיוצאי מצרים) פון בנ"י -

וועלן זיי קומען לידי החלטה אז זיי וועלן סיי-ווי ניט אויספירן אין זייער לחץ, דערפאר וואס כבר נעשה מעשה - און דעמולט איז ניט נאר אז מ'וועט אויפהערן לוחץ זיין, נאר אדרבה, אזוי ווי מ'וויל פארדינען קולות וועט ס'וועט קומען צו אן אפשטימונג וכיו"ב, וועלן זיי גאר מסייע זיין אידן (א טייל פון זיי בגלוי, ועכ"פ אין אן אופן בלתי גלוי - וועלן <u>אלע</u> מסייע זיין).

ובנוגע לפועל איז דאס א קליינע נפק"מ, ווארום סיי-ווי באקומט מען פון זיי נשק און סיוע בממון ובכל הענינים.

י. ויהי"ר אז דורך די אלע ענינים וואס מ'וועט טאן בדרך הטבע, און מ'וועט זיי טאן אין אן אופן ווי דער רמב"ם זאגט אז "תהי' כוונתו לקדש את ה' בלבד", ווארום מ'ווייסט אז "ה' אלקיך מתהלך בקרב מחניך"[23] - וואס דאס ברענגט ממילא דעם ענין פון "והי' מחניך קדוש" - וועט זיין דער "להצילך", און נאכמער: "ולתת אויבך לפניך"[23].

און נאך אין די לעצטע טעג פון גלות וועט זיין "ושכבתם ואין מחריד", ביז צו "ואולך אתכם קוממיות - בקומה זקופה"[24], נאך אין די לעצטע טעג פון גלות,

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו "ונתתי גשמיכם בעתם"[25] - "בלילי רביעית ובלילי שבתות[26] שהכל מצויין בבתיהם"[27], און "ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו"[25] - אז אפי' "אילני סרק עתידין לעשות פירות"[28],

ווארום אזוי איז אויך ביי אידן - אז צווישן אידן זיינען דא כו"כ סוגים, ס'זיינען דא די וואס יש בהם טעם

- ויש -

---

23) תצא כג, טו. 24) בחוקותי כו, יג. ובפרש"י. 25) בחוקותי שם, ד. 26) תענית כג, רע"א. 27) פרש"י עקב יא, יד. וראה בארוכה לקו"ש עקב תשל"ז. 28) פרש"י עה"פ.

ויש בהם ריח[29], זיי זיינען "עושין פירות", ווי די גמרא[30] זאגט "מאי פירי - מצוות", כמבואר אויך אין מדרש[31] אויף "אלה תולדות נח" - "פירותיהן (תולדותיהן[32]) של צדיקים מעשים טובים";

איז אפי' די אידן וואס מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות שטייען זיי אין א דרגא פון "אילני סרק" - ער איז טאקע אן "אילן", ווארום יעדער איד איז "נצר מטעי"[33] פון דעם אויבערשטן, ער דארף אבער זיין "מעשה ידי להתפאר"[33], דורך דעריף וואס ער וועט ברענגען "פירות",

איז וויבאלד אז ביי אידן וועט זיין דער ענין אז אילני סרק יעשו פירות, אז נאך אין זמן הגלות וועט זיין דער ענין אז אילני סרק יתנו פירות בכל העולם כולו, עאכו"כ די אילני סרק שבא"י (ווי די גירסא אין סיום כתובות) -

וועט דאס ברענגען די ברכה פון "ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו" כפשוטו - ווי רש"י ברענגט אראפ פון תו"כ [וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא] אז "אילני סרק עתידין לעשות פירות" כפשוטו,

בביאת משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

---

29) ראה ויק"ר פ"ל, יב. 30) סוטה מו, סע"א. 31) ב"ר פ"ל, ו. 32) פרש"י ר"פ נח. וראה לקו"ש ח"ה ע' 36 הע' 2. 33) ישעי' ס, כא.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ שמיני, פ' פרה, מבה"ח ניסן ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר גו' זאת חקת התורה גו'.

* * *

ב. ביי דעם ענין פון פרה אדומה געפינט מען א דבר חידוש [במרומז לעיל אין דעם מאמר - וואס ער איז מיוסד אויף די מאמרים פון רבותינו נשיאינו, אנהויבנדיק פון לקו"ת, און דערנאך אין אוה"ת, ועד"ז אין די מאמרים פון די נשיאים ממלאי מקומם, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו] - ווי דער רמב"ם זאגט אין ספר המצוות[1]: "שצוונו לעשות פרה אדומה כדי שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת".

[ס'איז דא א גירסא[2] "שתהא מוכנת" (ניט "כדי שיהי' אפרה מזומן" - אבער בפשטות איז די גירסא הנכונה "כדי שיהי' אפרה מזומן", ווארום די גירסא איז אראפגעבראכט אין ספר החינוך[3], וכידוע אז דער חינוך גייט בדרך הרמב"ם, ובפרט אין ספר המצוות שלו].

ד.ה. אז די מצוה פון פרה אדומה באשטייט אין דעם אז ס'זאל זיין "אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת" - אויב ס'וועט זיין א טמא מת, און ער וועט זיך וועלן מטהר זיין,

- ס'איז ניטא קיין חיוב ער זאל זיך מטהר זיין פון דער טומאה, דער חיוב איז נאר "חייב אדם לטהר את עצמו ברגל"[4] [און אין דערויף גופא איז דא די שקו"ט[5] צי דאס איז מדאורייתא אדער מדרבנן], און אפי' "ברגל", איז דאס דוקא וואו ס'איז דא דער חיוב פון עלי' לרגל, משא"כ אויב ער געפינט זיך בחו"ל, אדער אז ער האט ניט קיין קרקע, וואס דעמולט איז ניטא דער חיוב פון עלי' לרגל[6] -

קומט דאך אויס אז מ'דארף האבן דערצו צוויי תנאים: (א) ס'איז דא א טמא מת (ער איז נכשל געווארן און נטמא געווארן אין א מת, אדער אז ס'איז געוועזן א מת מצוה, וואס ער איז געוועזן מחוייב להטמא), און (ב) ער זאל וועלן זיך מטהר זיין.

און אעפ"כ איז דא א מ"ע צוגרייטן די פרה אדומה, "כדי שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת".

- און -

---

1) מ"ע קיג. 2) סהמ"צ הוצאת קאפאח. 3) מצוה שצז.
4) ר"ה טז, ב. 5) ראה רמב"ם הל' טומאת אוכלין פט"ז ה"י, ובמשנה למלך שם. 6) ראה תוד"ה מאלי' פסחים ג, ב.

און אין דערויף באשטייט דער חידוש פון פרה אדומה: ביי אלע עונשים שבתורה (וואס זיי זיינען אויך פארבונדן מיט אן עניין בלתי רצוי (ע"ד ווי פרה אדומה וואס איז פארבונדן מיט טומאת מת)) זאגט מען, אז אויב ס'וועט זיין דער עניין בלתי רצוי, דארף דעמולט דער ב"ד צוזאמענקלייבן זיך און מהלים זיין וואס איז דער עונש;

משא"כ ביי פרה אדומה, זאגט מען ניט אז אויב ס'וועט זיין אן עניין פון טומאת מת, דארף מען דעמולט שורף זיין די פרה אדומה וכו', נאר אדרבה, מ'דארף שורף זיין די פרה "כדי שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרה טומאה מת".

און די דאי' אויף דעם איז דערפון וואס ס'שטייט[7] "והיתה לעדת בני ישראל למשמרת" - וואס דער פירוש הפשוט בזה איז, אז ס'זאל זיין אנגעגרייט, משומר, אז אויב מ'וועט דאס אמאל דארפן האבן צוליב א טמא מת, זאל מען דאס קענען האבן.

ג. דער רס"ג אין ספר המצוות שלו[8] זאגט: "ופרה למשמרת בתדר", ד.ה. אז די מצוה פון פרה אדומה איז אז ס'זאל זיין "למשמרה".

שטעלן זיך אויף דעם אחרונים[9], און זאגן, אז שיטת הרס"ג איז ניט אזוי ווי שיטת הרמב"ם:

דער רס"ג זאגט "ופרה למשמרת תדר", וואס בפשטות גייט דאס אויף דעם אפר וואס מ'האט אוועקגעלייגט "בחיל" - ווי די משנה[10] זאגט: "חולקים אותו לשלשה חלקים, אחד נותן בחיל, ואחד נותן בהר המשחה, ואחד הי' מתחלק לכל המשמרות", און ווי ער זאגט אויף דעם אין תוספתא[11]: "זה שמתחלק לכל המשמרות היו ישראל מזין הימנו, זה שניתן בהר המשחה היו הכהנים מקדשין בו, זה שניתן בחיל היו משמרים אותו, שנאמר והיתה לעדת בני ישראל למשמרת" - איז וויבאלד דער רס"ג זאגט "ופרה למשמרת תדר", איז פארשטאנדיק, אז לשיטתו איז עיקר המצוה אין דעם אפר וואס געפינט זיך "בחיל", וואס ענינו איז אז ס'זאל זיין "למשמרת";

משא"כ לשיטת הרמב"ם, אז די מצוה איז "שצוונו לעשות פרה אדומה כדי שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת" - איז עיקר המצוה אין דעם אפר וואס "מתחלק לכל המשמרות", וואס דעם אפר האט מען גענוצט אויף מטהר זיין

- אידן -

------------

7) חקת יט, ט. 8) פרשה מה. 9) די"פ פערלא לרס"ג ח"ג שם (קצ, ד ואילך). 10) פרה ספ"ג. 11) שם.

אידן פון טומאת מת (און ניט דער אפר וואס איז געווען "בחיל", וואס ענינו איז "למשמרת"). כמבואר דארטן די גאנצע שקו"ט בזה.

ד. אבער באמת איז לגמרי ניט קיין הכרח צו זאגן אז ס'איז א פלוגתא צווישן דעם רס"ג מיטן רמב"ם. והביאור בזה:

בשעת דער רמב"ם זאגט אז די מצוה באשטייט אין דעם "כדי שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת", ברענגט ער די ראי' דערפון וואס ס'שטייט "והיתה לעדת בני ישראל למשמרת" - ד.ה. אז דער פירוש הפשוט אין "למשמרת" איז (ניט נאר דער אפר וואס איז געווען "בחיל", וואס ער איז געווען "למשמרת" לדורות הבאים, נאר) אויך פאר דעם אידן וואס וועט זיך וועלן מטהר זיין בו ביום אדער למחרת וכו', וואס דאס מיינט "למשמרת", אז ס'זאל זיין צוגעגרייט, "שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת".

[אע"פ אז ספר המצוות להרמב"ם איז ניט אזוי מדויק, ווארום דאס איז א העתק פון לשון ערבי, במילא האבן די מעתיקים ניט מדייק געווען אזוי פיל[12] - פונדעסטוועגן, וויבאלד אז דא רעדט זיך ניט וועגן א לשון פון דעם רמב"ם אליין, נאר א פסוק וואס ער ברענגט, איז דאך ניט שייך צו זאגן אז דער מעתיק האט א טעות געהאט און געבראכט א צווייטן פסוק].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער רמב"ם טייטשט אפ "למשמרת" כפשוטם של כתובים - אז ס'זאל זיין צוגעגרייט פאר אלע אידן וואס וועלן דאס דארפן נוצן.

נאר אין דערויף גופא טיילט מען אויס מער בפרטיות - אז דער אפר הפרה איז געווען פאנאנדערגעטיילט אויף דריי חלקים: בחיל, און בהר המשחה, און לכל המשמרות - און דאס וואס איז געווען "בחיל", איז ענינו הפרטי געווען "למשמרת" לדורות הבאים (משא"כ די אנדערע צוויי חלקים); אבער בכללות, איז דער חלק וואס "ישראל מזין הימנו" ווערט אויך אנגערופן "למשמרת", ווארום דאס דארף זיין צוגעגרייט, "שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת".

[ובדוגמא ווי דער רמב"ם[13] זאגט, אז ס'זיינען דא כמה מסכתות וואס ווערט נכלל אין סדר "טהרות", און צווישן זיי גופא איז דא איין מסכת וואס ווערט אנגערופן "טהרות";

- ובדוגמא -

---

12) ראה לקו"ש חי"א ע' 121 הע' 37. 13) ראה הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש.

ובדוגמא ווי דער רמב"ם[14] זאגט, אז צווישן די שטערן איז דא איין שטערן וואס ווערט אנגערופן בלה"ק "כוכב" [וואס "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה ומקיים ומחי' דעם ענין, כתורת הבעש"ט[15]], אע"פ אז דאס איז דער שם כללי פון אלע "כוכבים" -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "למשמרת", אז בכללות, איז דער אפר הפרה וואס "ישראל מזין הימנו", אויך אנגערופן "למשמרת" (וויבאלד אז דאס איז "מזומן למי שיצטרך אליו לטהרת טומאת מת"); אבער בפרטיות, איז דא דער חלק וואס איז געווען "בחיל", וואס ענינו (צווישן די איבעריקע חלקים) איז געווען "למשמרת" לדורות הבאים].

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז שיטת הרס"ג איז אזוי ווי שיטה הרמב"ם - ווארום דאס וואס דער רס"ג זאגט "ופרה למשמרת תדר", מיינט ער ניט דעם חלק וואס איז געווען "בחיל" דוקא, וואס ענינו (המיוחד) איז געווען "למשמרת", נאר ער מיינט (אויך) דעם אפר הפרה וואס "ישראל מזין הימנו", וואס עד ווערט אויך אנגערופן "למשמרת", וויבאלד אז ער איז צוגעגרייט, "מזומן למי שיצטרך אליו כו'".

און וויבאלד אז "למשמרת" מיינט "שיהי' אפרה מזומן למי שיצטרך אליו" - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז צוליב א דבר הרגיל - פאר יעדער אידן וואס וועט זיך וועלן מטהר זיין פון טומאת מת,

- ניט ווי אחרונים[16] ווילן מבאר זיין, אז לשיטת הרס"ג איז עיקר המצוה אין דעם אפר וואס איז געווען "בחיל", וואס פון דעם אפר האט מען מזה געווען אויפן כה"ג, כדי ער זאל קענען עובד זיין די עבודה פון יוהכ"פ[17] - וויבאלד אז די עבודה פון יוהכ"פ מוז געטאן ווערן דורך א כה"ג דוקא, און דעמולט איז דא א חיוב מן התורה אז דער כה"ג זאל זיך מטהר זיין -

ווארום דעמולט וועט דאך אויסקומען, אז די פרה אדומה וועלכע מ'האט געמאכט בניסן[18], איז ענינה געווען צוליב עבודת הכה"ג וואס וועט זיין ביוהכ"פ, זעקס חדשים לאח"ז!

[ווארום אפי' לויט דער דעה[19] אז אהרן הכהן האט געקענט אריינגיין אין קדש הקדשים בכל עת (מיט די תנאים המיוחדים "בזאת" -

------------

14) הל' יסוה"ת רפ"ג ובפירוש שם. 15) שעהיוה"א פ"א. 16) רי"פ פערלא שם. 17) יומא ד, א ובפרש"י. 18) ירושלמי מגילה פ"ב ה"ה. 19) ראה ויק"ר פכ"א, ז. ובפירוש הרד"ל שם.

- "בזאת יבוא אהרן וגו׳"[20]) - איז דאך אבער ניטא קיין חיוב ער זאל אריינגיין בכל עת (מוז מען ניט האבן די פרה אדומה); דער חיוב איז נאר אויף יוהכ"פ.

ובמילא דארף מען זאגן אז עיקר המצוה באשטייט אין דעם אפר וואס "ישראל מזין הימנו", וואס ער האט געדארפט זיין "למשמרת", "שיהי׳ אפרה מזומן למי שיצטרך אליו" *.

אבער באמת איז די קושיא (אז ס׳וועט אויסקומען אז מ׳האט געמאכט די פרה בניסן צוליב עבודת הכה"ג ביוהכ"פ) מלכתחלה ניט קיין קושיא - ווארום אויך דעמולט זיינען געווען כו"כ וואס האבן געדארפט האבן דעם ענין הטהרה ** וויבאלד אז פון מ"ת ביז ווען ס׳איז געבויט געווארן דער משכן (וואס דאס איז געווען כמה חדשים לאחרי נתינה לוחות שניות) איז ניט געווען דער ענין פון פרה אדומה, איז גלייך ווי מ׳האט שורף געווען די פרה אדומה, זיינען שוין געווען כו"כ וואס אויף זיי איז געווען א חיוב מן התורה צו מטהר זיין זיך.

ו. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

מ׳האט דאך גערעדט פריער (בהמאמר) אז דער ענין פון פרה אדומה איז דער ענין התשובה.

איז וויבאלד אז "דרך איש ישר בעיניו"[22], קען ער דאך טראכטן אז אים איז ניט אזוי נוגע עבודת התשובה ס׳איז מערניט אז סאמער וועט אמאל זיין חטא ופגם ועבר את הדרך, וועט ער דעמולט דארפן אנקומען צו דעם ענין התשובה - דארף ער דערפאר לערנען די הלכות פון תשובה; אגה"ת פון דעם אלטן רבי׳ן, און די ספרים שלפנ"ז וואס רעדן וועגן דעם ענין

- התשובה -

------------

*) ועפ"ז יומתק מ"ש הרס"ג "ופרה למשמרת בחדר" - לא רק בשביל יוהכ"פ.

**) אין הכוונה לכל ישראל, כדי שיקריבו פסחיהם בטהרה, דהרי קרבן פסח קרב בטומאה (באם מאיזה סיבה רובם לא נטהרו) - כי אם להכהנים העובדים, כדי שיקריבו בטהרה.

וכידוע האריכות באחרונים[21] שקודם זמן החיוב (דיוהכ"פ ועד"ז דק"פ וכו׳) אין חיוב להכנתו ולהכשרו (עכ"פ מדאורייתא), משא"כ הכהנים העובדים שבכל יום צ"ל עבודתם במשכן וכו׳.

------------

20) אחרי טז, ג. 21) ראה לקח טוב להר"י ענגל כלל ו׳ אות ג. צפע"נ להרמב"ם הל׳ שבועות פ"ה הט"ו. 22) משלי כא, ב.

התשובה, אזוי ווי אגה"ת פון רבינו יונה וכו׳].

זאגט מען אים אז עבודת התשובה דארף זיין בכל יום ויום - אין עבודת התפלה[23].

ווארום נוסף אויף דעם ענין וואס "אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא"[24] - עכ"פ "חטא" מלשון חסרון[25], איז דאך דא דער ענין פון "עטיו של נחש" (אפי׳ ביי די ארבעה וואס ביי זיי איז ניט געווען קיין ענין של חטא, און דער ענין המיתה איז ביי זיי געווען "בעטיו של נחש"[26]),

וכידוע דער פירוש האריז"ל[27] אויפן פסוק "ותלית אותו על עץ"[28] - אז ס׳איז נישא קיין אנדער סיבה אין וואס צו תולה זיין דעם ענין המיתה (וויבאלד אז ביי אים איז ניט געווען קיין חטא), און דערפאר איז "ותלית אותו על עץ", אז דאס קומט צוליב דעם חטא פון עץ הדעת - ובלשון הגמרא "עטיו של נחש" (ווי גערעדט אמאל[29] (אין א התוועדות בשנים שעברו) בארוכה וועגן דעם פירוש האריז"ל - און מ׳האט דאס געטייטשט אויפן אריז"ל גופא) -

במילא דארף ער גלייך אנקומען צו דעם ענין התשובה, בשעתא חדא וברגע חדא[30], אין אן אופן פון "מיד".

עאכו"כ ע"פ מארז"ל[31] (אין נגלה דהורה) "כל דור שאינו נבנה (ביהמ"ק) בימיו מעלין עליו כאילו החריבו", ועאכו"כ לויטן פס"ד פון רמב"ם[32] "צריך אדם שיראה עצמו כו׳ חציו זכאי וחציו חייב וכן כל העולם כו׳, עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה" -

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער כאפט זיך אז מ׳געפינט זיך נאך אין גלות כפשוטו (וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין התבוננות גדולה), עאכו"כ בימינו אלו וואס ס׳איז א חושך כפול ומכופל - רופט דאס ארויס ביי אים אז ס׳זאל זיין דער ענין פון עבודת התשובה, און אין אן אופן פון תיכף ומיד.

ז. וכמדובר כמ"פ אז עבודת התשובה דארף זיין אין אן אופן פון שמחה - ווארום מה-דאך אז קיום כל המצוות דארף זיין

- אין -

---

23) דאה אגה"ת פ"י. 24) קהלת ז, כ. 25) לקו"ת מטות פב, א. 26) שבת נה, ב. 27) נחל קדומים עה"פ תצא כא, כב. 28) תצא שם. 29) ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 167 ואילך. 30) זח"א קכט, סע"א. 31) ירושלמי יומא פ"א ה"א. מדרש תהלים עה"פ קלב, י. 32) הל׳ תשובה פ"ג ה"ד.

איך אן אופן פון "עבדו את ה׳ בשמחה"[33],

– וכמובן בפשטות די שמחה שבזה, וויבאלד אז ער האט די מעגליכקייט צו מקיים זיין רצון הבורא, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס "מצוה" איז מלשון צוותא וחיבור[34], דורך דעם פארבינדט ער זיך מיטן אויבערשטן,

און ווי חסידות[35] גיט אויף דערויף דעם משל, אז מ׳זעט אויך אין גדרי הנבראים, אז בשעת איינער וואס איז א חכם גדול און ביי אים איז עצמות החכמה באופן הכי נפלא, פארבינדט זיך מיט א פשוט שבפשוטים, און גיט אים א ציווי ושליחות צו דורכפירן – ווערט דעמולט (דורך דעם) דער פשוט שבפשוטים א מציאות (ביי דעם חכם), און א מציאות חשובה וכו׳.

וואס דאס איז בנוגע צו יעדער ענין פון תורה ומצוותי׳, ביז אויך אין אלע פרטים ופרטי פרטים פון הומ"צ [וואס אין דעם ענין הרצון (תומ"צ – וואס דאס איז רצון ה׳) איז דאך יעדער פרט הופס מקום אזוי ווי דער גאנצער ענין, כמבואר בארוכה בכ"מ[36] דער חילוק צווישן חכמה ושכל מיט רצון] –

איז דאך עאכו"כ אז מצות התשובה, וואס די איז מתקן וממלא ומשלים [אויך מלשון שלימות – ביז צו דער דרגא פון בעלי תשובה] אלע ענינים פון תומ"צ, דארף דאס זיכער זיין איך אן אופן פון שמחה גדולה, באין ערוך פון דער שמחה וואס ס׳דארף זיין אין קיום כל התומ"צ (וואס ס׳דארף זיין "עבדו את ה׳ בשמחה").

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון פרה אדומה, וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין התשובה – אז דאס דארף זיין בשמחה גדולה.

ח. און דערפאר ווען מ׳געפינט זיך במוצאי שבת, אין סעודתא דדוד מלכא משיחא[37], וואס דעמולט איז מען מלוה די "מלכה"[38], אדער ווי דער צווייטער לשון[39] אז מ׳איז מלוה דעם "מלך" – איז דאס ניט קיין סתירה צו עבודת התשובה, ווארום עבודת התשובה דארף זיין בשמחה גדולה (כנ"ל ס"ו).

ואדרבה, ווען ער געפינט זיך צוזאמען מיטן "מלך" און – "מלכה" –

---

33) תהלים ק, ב. 34) לקו"ת בחוקותי מה, ג. 35) סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 73 ואילך. ובכ"מ. 36) ד"ה השמים כסאי תרס"ח (המשך תרס"ו ע׳ תקכב). וראה הנסמן בלקו"ש חי"ג ע׳ 67 הע׳ 17. 37) פע"ח סוף שער השבת. סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). 38) ראה שבת קיט, א. 39) שו"ע אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. וראה שבת שם, ב ובפרש"י ד"ה במוצ"ש.

"מלכה" - איז עבודת התשובה אין אן אופן פון שמחה גדולה ביותר, ביז אין אן אופן פון "שמחה פורץ גדר"[40] - ובפרט אז מ'האט די נתינת כח לזה פון שמחת פורים, וואס די איז א שמחה גדולה ביותר ביז למעלה ממדידה והגבלה, "עד דלא ידע"[41].

וי"ל אז ס'איז דא א קשר צווישן פורים מיט דעם ענין פון פרה אדומה:

בפורים איז געווען דער ענין פון "קיימו מה שקבלו כבר"[42], אז די ענינים וואס "קבלו" במ"ת, איז בפורים געווען דער "קיימו".

ועד"ז איז אויך אין דעם ענין פון פרה אדומה:

אויף פרה אדומה שטייט[43] "זאת חקת התורה". וכידוע דער ביאור בזה[44], אז דורך דעם איז מען ממשיך אין כל התורה ומצוותי' דעם ענין פון "חוקה חקקתי"[45], אז דער קיום פון גאנץ תומ"צ זאל זיין אין אן אופן פון "חוקה חקקתי".

[וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס פרה אדומה איז דער ענין פון רצוא ושוב פנימיים (דארטן איז דער ענין פון רצו"ש בגילוי ובהדגשה), וואס דערפאר איז דאס כללות התורה כולה[46] - אז דערפון ווערט דאס נמשך אין כללות התורה ומצוותי'; ועד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "חוקה חקקתי"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא דער ענין פון תורה ווי דאס איז פאר דעם ענין פון פרה אדומה, "מה שקבלו כבר"; און דערנאך איז דא דער ענין וואס קומט צו בכל התורה דורך פרה אדומה, אז כל התורה זאל זיין אין אן אופן של "חוקה" (ע"ד ווי פורים האט אויפגעטאן דעם "קיימו" אין דער תורה וואס מ'האט געהאט לפנ"ז).

ט. און דאס איז ממשיך די ענינים פון "אורה ושמחה וששון ויקר"[47] כפשוטו, צוזאמען מיטן ביאור בזה אין תושבע"פ[48] "אורה זו תורה וכו'" ביז "ויקר אלו תפילין", וואס דאס איז כולל כל התורה כולה,

און ס'ווערט דער "מסמך גאולה לגאולה"[49] - וואס בהדגשה שטייט דאס אין שנת העיבור, ווארום דעמולט זאגט מען אז "מקרא מגילה" דארף זיין אין אדר הסמוך לניסן, וויבאלד אז ס'דארף זיין "מסמך גאולה לגאולה",

- ווע -

---

40) ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 41) מגילה ז, ב. 42) שבת פח, א. 43) ר"פ חקת. 44) ראה לקו"ת ר"פ חקת. וראה לקו"ש חי"ג ע' 67 ואילך. 45) במדב"ר פי"ט, א. 46) לקו"ת שם. וראה ג"כ לעיל בהמאמר. 47) אסתר ח, טז. 48) מגילה טז, ב. 49) שם ו, סע"ב.

וועט זיין דער "מסמך גאולה לגאולה" - אז פון דער גאולה פון דעם מעמד ומצב וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[50], וועט מען קומען צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס "בניסן עתידין להגאל"[51],

- וואס בשעת די גאולה וועט נאך זיין אין די ימים אחרונים פון אדר שני הסמוך לניסן, וועט מען בדרך ממילא שטיין בניסן אין א מעמד ומצב של גאולה -

"ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו"[52], און "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים אשר יגיע דמם על קיר מזבחך לרצון"[53],

און ס'וועט זיין "גואל ישראל" לשון הווה, נאך אין די טעג פון אדר שני, ובדרך ממילא וועט זיין דער "הוציאנו מעבדות לחרות וכו'" , ביז צו "ונודה לך שיר חדש"[53], לשון זכר[54] - די שירה עשירית[55], וואס די איז אויך פארבונדן[56] מיט דער פרה עשירית וואס משיח צדקנו וועט מאכן[57],

וועט דאס זיין בקרוב ממש, למטה מעשרה טפחים, ובחסד וברחמים, און אין אן אופן אז מ'וועט ארויסגיין פון גלות "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[58], ביז "לא תשאר פרסה"[59], און אין אן אופן פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[60], בקומה זקופה, בעגלא דידן ממש.

* * *

י. כאן המקום מעורר זיין און מעודד זיין און מזרז זיין אויף אן ענין וואס איז פארבונדן מיט מגילת אסתר און ימי הפורים (וואס דערווייל האב איך ניט געפונען אז מ'זאל דאס מדגיש זיין און מעורר זיין וועגן דעם בנוגע לענינים של פועל) - ובהקדים:

אע"פ אז ס'שטייט[61] "ולא יעבור", וואס דערפון לערנט אפ די גמרא[62] אז בט"ז וי"ז איז ניט שייך דער ענין פון קריאת המגילה, ואדרבה, ס'איז גאר א ציווי "ולא יעבור" - איז דאס נאר בנוגע צו קריאת המגילה, משא"כ בנוגע צו שאר עניני פורים, ועאכו"כ דער ענין השמחה שבפורים, אז דאס איז דא בכל החודש כולו.

- און -

---

50) שם יד, א. 51) ר"ה יא, א. שמו"ר פט"ו, יא.
52) מוסף דיו"ט. 53) פסחים קטז, ב במשנה. 54) מכילתא - הובאה בתוד"ה ונאמר פסחים שם. 55) מכילתא בשלח טו, א. תנחומא שם י. 56) ראה אוה"ת ריש שה"ש. 57) יל"ר ר"פ חקת. רמב"ם הל' פרה אדומה ספ"ג. 58) בא י, ט. 59) שם, כו. 60) בשלח יד, ח. 61) אסתר ט, כז. 62) ריש מגילה.

און ווי מ'זעט בפשטות, אז דאס וואס די גמרא[63] זאגט "בר ישראל דאית לי' דינא בהדי עכו"ם כו', לימצי נפשי' באדר דבריא מזלי'" - זעט מען דאך בפשטות אז מ'לערנט און מ'נעמט אן אז דאס גייט אויף גאנץ חודש אדר.

און ווי מ'זעט אויך איך "מנהג ישראל" [וואס "מנהג ישראל תורה היא"[64]] בנוגע צו נישואין, אז די וואס פירן זיך ניט מאכן קיין ענין של נישואין לאחרי חצי חודש הראשון, מילוי הלבנה (וואס ביז דעמולט איז די לבנה הולכת וגודלת, און דערנאך איז זי הולכת ומתמעטת)[65], גייט דאס ניט אויף חודש אדר, אז בחודש אדר מאכט מען נישואין בכל החודש[66], וויבאלד אז ס'שטייט[67] "והחודש אשר נהפך", וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[68], אז דאס גייט אויפן גאנצן חודש[69].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'קען מעורר זיין וועגן עניני פורים אויך בס"ד וי"ז אדר, ובכל חודש אדר, ביז אויך בכל השנה כולה, וויבאלד אז ס'איז דא די נתינה כח פון ימי הפורים על כל השנה כולה, ובמכש"כ וק"ו בנוגע צו די טעג פון חודש אדר.

יא. ס'איז דא א לימוד נפלא פון א סיפור אין מגילת אסתר (צוזאמען מיט די מדרז"ל שבזה):

אידן זיינען דאך "עם מרדכי"[70], און איך אן אופן פון "הגידו לו את עם מרדכי" - אז דאס האט דערלאנגט ביז אין לעו"ז, וואס המן האט דאך גע'טענה'ט אז אידן זיינען "מפוזר ומפורד בין העמים"[71], און אעפ"כ האט המן דערהערט און דערפילט אז ווען ס'קומט צו די ענינים וואס מרדכי זאגט אן, ביז צו "לא יכרע ולא ישתחוה" - אן ענין של מס"נ - איז "הגידו לו את עם מרדכי", אזוי פירט זיך דער גאנצער אידישער פאלק,

ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן[72] אז אלע אידן "מסרו עצמן למות כל השנה כולה ולא עלה להם מחשבת חוץ ח"ו" - וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק די פעולה וואס מרדכי האט אויפגעטאן ביי אלע אידן.

און דער ענין פון פורים איז דאך געווען פארבונדן [ניט נאר מיט דעם ענין פון הצלת הגופים פון אידן - וואס

- דערפאר -

------------

63) תענית כט, רע"ב. 64) תוד"ה נפסל מנחות כ, ב. 65) שו"ע אהע"ז סס"ד ס"ג בהגה"ה. 66) ראה שד"ח אסיפת דינים (ח"ו) ע' א'רנו. א'רנט. 67) אסתר ט, כב. 68) שבת סג, א. 69) ראה ג"כ ירושלמי ריש מגילה [illegible] או"ח סתרפ"ח ס"ז. 70) אסתר ג, ו. 71) שם, ט. 72) תו"א בג"א צז, א.

דערפאר איז דאך דער דין[73] אז דוקא דעמולט דארף זיין "לבסומי בפוריא"[41], משא"כ בחנוכה, כמדובר כמ"פ בארוכה[74] - נאר ס'איז געווען פארבונדן] אויך מיט א הצלה רוחנית,

כמבואר אין מדרש[75] אז מרדכי האט צוזאמענגעקליבן תינוקות של בית רבן און האט געלערנט מיט זיי תורה, און ער האט ביי זיי אויפגעטאן אז די מס"נ בכח זאל אראפקומען בפועל בדיבור, ווען ס'איז געווען פארבונדן מיט סכנת נפשות בפועל.

און ווי דערציילט אין פשטות הכתובים אז אסתר האט געזאגט צו מרדכי "לך כנוס את כל היהודים גו' וצומו עלי גו' שלשת ימים לילה ויום", און "ויעבור מרדכי ויעש ככל אשר צותה עליו אסתר"[76], ד.ה. אז ער האט גע'פועל'ט ביי אידן דעם ענין האחדות, "כנוס את כל היהודים" [ביז אין אן אופן פון "וקבל היהודים"[77], לשון יחיד, ע"ד ווי ס'שטייט[78] "ויחן" - לשון יחיד"[79]],

ביז אז ער האט גע'פועל'ט דעם ענין פון "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם"[80] - ווי גערעדט פריער (בהמאמר) אז דאס איז תכלית השלימות אין עבודת האדם, ניט נאר דער ענין פון "בחכמה אתברירו"[81], נאר נאכמער: "ונהפוך הוא גו'", דער ענין פון אתהפכא,

ביז אז "נתן המלך אחשורוש לאסתר המלכה את בית המן"[82], ביז אז מרדכי איז געווארן דער "משנה למלך"[83] [וואס אין זמן הגלות וויל דער אויבערשטער אז אין ענינו חול זאל זיין א מעמד ומצב פון "עבדי אחשורוש אנן", במילא קען ער ניט זיין דער מלך אליין - ער איז אבער דער "משנה למלך", גלייך נאך דעם מלך] -

האט דאך מרדכי געזעהן בפועל, אז דורך דעם וואס ער איז געווען "בשער המלך"[84], און איז קרוב צום מלך, און האט געטאן אין עסקנות ציבורית - האט ער מציל געווען את כללות בנ"י על כל הדורות כולם,

האט מרדכי געדארפט, לכאו', ממשיך זיין אין עסקנות ציבורית, ובפרט נאך דעם וואס ער איז געווארן דער "משנה למלך" -

---

73) שו"ע או"ח סתרצ"ה ס"ב. 74) לקו"ש ח"ב ע' 482 ואילך. 75) אסת"ר פט, ד. יל"ש אסתר רמז תתרנה. 76) אסתר ד, טז-יז. 77) שם ט, כג. 78) יתרו יט, ב ובפרש"י. 79) ראה תו"א שם צח, א. 80) אסתר ט, א. 81) ראה סה"מ תש"א ע' 79 בהערה. 82) אסתר ח, א. 83) שם י, ג. 84) שם ב, כא.

למלך" פון אחשורוש וואס איז געווען א "מושל בכיפה"[85] –
וויבאלד אז בפועל קומען ארויס אלע עניני המלוכה דורך דעם
"משנה למלך" – ווארום דעמולט וועט ער קענען ארויסהעלפן
אידן בכל ענייניהם.

האט ער אבער ניט געטאן אזוי: ער האט עולה געווען
מבבל לא"י, ווי דערציילט אין עזרא[86] און אין נחמי'[87] אז
מרדכי איז געווען צווישן די עולים "אשר באו עם זרובבל"
אין דעם פינפטן ארט, און דערנאך אין דעם זעקסטן ארט –
ווי די גמרא[88] איז מדייק אין דערויף,

צי ס'איז געווען איין עלי' אדער אז ס'איז געווען
צוויי עליות – איין עלי' קודם מעשה אסתר, און די צווייטע
עלי' לאחרי מעשה אסתר[89],

און ווען דער ביהמ"ק איז געבויט געווארן נאך דעם
וואס ס'איז בטל געווארן די "שטנה" בימי אחשורוש[90], איז
"פתחי' על הקינין – זה מרדכי"[91],

וואס אפי' לויטן פירוש פון תוס'[92] אז דאס איז ניט
געווען מרדכי שבימי אחשורוש, נאר מ'האט אנגערופן אלע
ממונים "על שם מרדכי הראשון" – איז דאך אבער פארשטאנדיק,
אז בשעתו איז מרדכי געווען ממונה על הקינין,

עאכו"כ לויט פירוש רש"י[93] אז דאס איז געווען "מרדכי
שהי' בימי אחשורוש", אז מרדכי האט מאריך ימים געווען ביז
צו דעם סיפור הגמרא אז ס'איז געווען א ספק אין "קינין",
און מרדכי האט פותר געווען דעם ספק.

זעט מען דאך אז נאך דעם וואס מרדכי איז געווען א
"משנה למלך" ביי אחשורוש'ן, מיטן גאנצן שטורעם וואס ער
האט אויפגעטאן (און געקענט אויפטאן אויך ווייטער) אין
עסקנות ציבורית – איז אנשטאט ממשיך זיין אין עסקנות
ציבורית (דורך דעם וואס ער וועט בלייבן א "משנה למלך"),
האט ער עולה געווען מבבל לא"י און איז געווארן פון חברי
הסנהדרין (דער פערטער אדער דער פינפטער), און איז געווען
ממונה על הקינין (א ממונה אויף איינעם פון י"ג שופרות[94]) –
און ענינו איז געווען, דינען דעם אויבערשטן דורך לימוד

- התורה -

------------

85) מגילה יא, סע"א. אסת"ר פ"א, ד. 86) ב, ב. 87) ז, ז. 88) מגילה טז, ב. 89) ראה פרש"י ד"ה מעיקרא מגילה שם, ובחדא"ג מהרש"א שם. 90) ראה עזרא ד, ו ובפרש"י. מגילה יא, א ובפרש"י ד"ה שטנה. אסת"ר רפ"א. 91) שקלים רפ"ה. מנחות סה, רע"א. 92) מנחות סד, ב ד"ה אמר. 93) שם ד"ה מרדכי. 94) שקלים רפ"ו.

התורה וקיום המצות, וואס דאס איז דאך א דבר נפלא!

יב. דערפון האט מען א לימוד נפלא:

אפי' ווען א איד זעט הצלחה אין דעם קו פון זבולון, און ער זעט הצלחה גדולה אין זיין התעסקות אין עסקנות ציבורית - איז כל זמן אז ס'איז דא דער ציווי פון נשיא הדור (כ"ק מו"ח אדמו"ר) אויף צו ממשיך זיין אין עסקנות ציבורית אדער אין דעם קו פון זבולון וכיו"ב, דארף ער ממשיך זיין אין דערויף.

וכמדובר כמ"פ אז ווען א איד געפינט זיך אין "צבאות ה'", און די השגחה פרטית האט אים אוועקגעשטעלט אין א מקום מיוחד און אין א תפקיד מיוחד - איז ח"ו צו זאגן אז אזוי ווי אים איז געשמאקער טאן א צווייטן ענין, זאל ער אפלאזן דעם חזית (דעם פראנט), און גיין טאן דעם ענין אין וועלכן ער האט א געשמאק, צי מצד נפשו הבהמית אדער אפי' מצד נפשו האלקית (מצד דעם שכל וסו"ד שבה),

ווארום וויבאלד אז ער איז פון "צבאות ה'", דארף ער טאן זיין ארבעט אין אופן פון קב"ע, נעשה קודם לנשמע, ווארום דער ענין פון קב"ע איז דער יסוד וואס אויף אים איז געבויט דער צבא.

וכמדובר כמ"פ (אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין פון קב"ע אין צבא), אז אפי' אויב מחוץ לצבא צייכנט זיך אויס דער חייל פשוט אין אן ענין מסוים, ביז אז דער נותן הפקודה איז אן איש פשוט (אין דעם ענין) לגבי דעם חייל פשוט, ער פארשטייט גארנים אין דעם, אדער אז ער פארשטייט זייער ווייניק (שלא בערך צום פארשטאנד פון דעם חייל פשוט וואס געפינט זיך בפיקודו),

איז בשעת ער באקומט א פקודה וואס ביי אים איז דאס אן ענין של חוקה, ער פארשטייט ניט דעם גאנצן ענין,

און נאכמער: דאס איז אן ענין וואס "אוה"ע מונין את ישראל כו'"[95], זיי זאגן אז דאס איז היפך השכל, ס'איז מטהר את הטמאים ומטמא את הטהורים[96]; ס'איז א קרבן, ולאידך, איז כל עבודתו בחוץ דוקא, מיט נאך כמה ענינים אין וועלכע מ'זעט בגלוי ווי אזוי מצות פרה אדומה איז א "חוקה",

קען ער דאך טראכטן, אז ער איז דאך א חכם גדול בעצם כח חכמתו, און דער נותן הפקודה איז אן איש פשוט לגמרי

- (ס'איז) -

---

95) פרש"י ר"פ חקת. 96) במדב"ר פי"ט, א. תנחומא חקת ג. פרה פ"ד מ"ד.

(ס'איז מערניט וואס מפני סיבות שונות האט מען אים אוועקגעשטעלט ער זאל זיין דער מפקד פון דער פלוגה אין וועלכע ער (דער חכם גדול) געפינט זיך) - דארף ער זיך ניט רעכנען מיט זיין פקודה, ובפרט אז לדעתו וועט דאס גאר מזיק זיין.

זאגט מען אים, אז אזוי ווי דו געפינסט זיך בצבא, און יענער איז דער מפקד - איז צום אלעם ערשטן דארפסטו מקיים זיין די פקודה; דערנאך ווען ס'וועט זיין פרייע צייט, און ס'וועט זיין שעת שלום, וועסטו גיין צום מפקד, און אויס'טענה'ן זיך מיט אים און מברר זיין די סיבה פארוואס מ'האט אנגעזאגט אזא זאך וואס איז ניט פארשטאנדיק בשכל וטעם ("הוקה הקקתי גזירה גזרתי"[45]).

און אויף דערויף (אז מ'שטייט אין אן אופן פון קב"ע) האלט זיך דער גאנצער קיום המדינה מיטן עם הדרים עלי' וכו', כמובן ופשוט.

וואס דאס רעדט זיך ווענן א מפקד בו"ד, עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ציווי פון מלך מלכי המלכים הקב"ה, וואס איינער פון זיינע ציוויים איז "לא תסור מן הדבר אשר יאמרו לך ימין ושמאל"[97], און ווי ער טייטשט אפ אין מדרז"ל[98] אז דאס איז "אפי' אומר לך על ימין שהוא שמאל ועל שמאל שהוא ימין", און דאס ווערט א מ"ע און א מל"ת, כפס"ד הרמב"ם אין "יד החזקה"[99].

איז דאך פארשטאנדיק, אז כל זמן וואס ס'איז דא דער ציווי פון נשיא הדור ער זאל ממשיך זיין טאן אין דעם עניין - דארף ער דאס טאן אין אן אופן פון קב"ע;

דאס דארף אבער זיין ניט אין אן אופן אז ער האט הנאה דערפון וואס ער איז אפגעריסן פון לימוד התורה ווי דער וואס "תורתו אומנתו", דערפאר וואס ער איז פארנומען מיט צרכי ציבור און באקומט כבוד וכו' - נאר בשעת מעשה ווען ער פארנעמט זיך מיט עסקנות ציבורית, דארף ער האבן א תשוקה, און א תשוקה הכי גדולה, "מתי יבוא לידי" און ער וועט קענען לערנען תורה בהתמדה ושקידה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז גלייך ווי ער דערפילט און באקומט א הוראה ברורה אז ער האט משלים געווען עבודתו - לאזט ער אפ אלע ענינים, און זעצט זיך אוועק לערנען תורה בהתמדה ושקידה.

- יג. -

---

97) שופטים יז, יא. 98) ספרי ופרש"י עה"פ. 99) ריש הל' ממרים.

יג. און ווי ס'איז געווען די הנהגה פון מרדכי - אז נאך דעם וואס ער איז געווען א "משנה למלך" און האט זיך עוסק געווען אין עסקנות ציבורית - איז ער דערנאך "עלה מבבל", ער האט געהאט א גרעסערע עלי' פון דער עלי' וואס איז ביי אים געווען דורך עבודהו אין "בבל".

וואס אין "בבל" איז עבודתו געווען אין אן אופן פון "זדונות נעשו לו כזכיות"[100] ביז צו "זכיות" ממש, וואס דעמולט ווערט ער א בע"ה, וואס "במקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[101]; תכלית העבודה איז אבער אז ס'זאל זיין די הנהגה פון "עשה האלקים את האדם ישר"[102] - די עבודה פון צדיקים.

וואס דאס איז אויך איינער פון די אפטייטשן[103] אין דעם ענין פון "מים חיים אל כלי"[104] דוקא:

אע"פ אז ער איז געשטאנען אין א תנועה פון רצוא, וואס דאס איז דער ענין פון שריפת הפרה - איז ניט מספיק אז ס'זאל זיין די תנועה פון "שוב" בכללות, נאר ס'דארף זיין "אל כלי", אז דאס זאל אראפקומען אין א דבר גשמי וואס ווערט אנגערופן "כלי", ניט דער ענין פון אור וגילוי, נאר דער ענין פון "כלי", וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של מדידה והגבלה, וואס דאס איז דאך כל ענינו של כלי - מקבל זיין און מגביל זיין דעם אור אז ער זאל זיין צוגעפאסט צום כלי.

ד.ה. אז נאך דערויף וואס ביי אים איז דא די תנועה פון "רצוא", וואס דאס איז דער ענין פון עבודת הבע"ת, דארף ביי אים זיין די תנועה פון "שוב", עבודת הצדיקים[105].

און ווען פירט ער אויס תכלית שלימות נשמתו וכל עניניו - דוקא ווען ער איז "עולה מבבל", און ער שטעלט זיך איין אין דער עבודה פון לימוד התורה[106], און ער ווערט א ממונה "על הקינין", כדי לטהר אשה לבעלה כפשוטו,

בדוגמא ווי דוד המלך האט געזאגט "ידי מלוכלכות כו' כדי לטהר אשה לבעלה"[107] -

וואס דורך דערויף ווערט דער ענין פון "לטהר אשה לבעלה" הידועים, כנס"י מיטן אויבערשטן, און יעדער אידן מיטן אויבערשטן.

- יד. -

---

100) יומא פו, ב. 101) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. וראה ברכות לד, ב. 102) קהלת ז, כט. 103) לקו"ת חקת נז, א. 104) חקת יט, יז. 105) ראה אוה"ת חקת ע' תשצז ואילך. ע' תתיד. ועוד. 106) ראה ג"כ לקו"ת שם נח, ג. 107) ברכות ד, א.

יד. דערפון האט מען די הוראה, אז אפי' די וואס זיינען מצליח אין דעם ענין פון עסקנות ציבורית, און ס'איז א דבר ברור אז זיי דארפן ממשיך זיין אין דעם, ווארום נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיי אוועקגעשטעלט במעמדם ומצבם זה, און ח"ו אז ס'זאל זיין "רפו ידיהם" אין מילוי שליחותו -

איז צוזאמען דערמיט און בשעת מעשה דארף ביי זיי זיין א תשוקה הכי גדולה צו דעם ענין פון לימוד התורה.

וואס דערפון (וואס ביי זיי איז דא א תשוקה גדולה צו לימוד התורה) קומט דאך ארויס א נפק"מ אויך בנוגע לפועל - אז ווען ביי אים איז דא א רגע פנוי פון מילוי שליחותו אין דעם קו פון זבולון אדער אין עסקנות ציבורית, כאפט ער זיך צו צו דעם ענין פון לימוד התורה, און לערנט בחיות ובהתמדה ושקידה, נאכמער פון דעם וואס "תורתו אומנתו".

וכידוע דער דיוק פון דעם אלטן רבי'ן און די נשיאים ממלאי מקומו[108] אויף "כן בקודש חזיתיך"[109], אז מ'ווינטשט זיך הלואי בקודש חזיתיך, אז ווען מ'געפינט זיך "בקודש", זאל מען האבן דעם זעלבן צמאון וואס מ'האט געהאט זייענדיק אין "ארץ ציה ועיף", וואס ווען ער געפינט זיך "בארץ ציה ועיף" און ער כאפט זיך צו צו אן ענין של "קודש", איז דאס ביי אים מיט א הפלאה גדולה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ביי דעם וואס סוס אין עסקנות ציבורית איז דא א תשוקה גדולה צו דעם ענין פון לימוד התורה, איז ווען ער האט א רגע פנוי און ער כאפט זיך צו צו לימוד התורה, איז דאס ביי אים מיט א חיות און בהתמדה ושקידה, נאכמער ווי ביי דעם וואס "תורתו אומנתו".

טו. אזוי ווי מ'דארף דאך אפטייטשן יעדער ענין כפשוטו - איז די הוראה בפשטות:

מ'זאל מוסיף זיין חיות אין לימוד התורה, סיי תושב"כ און סיי תושבע"פ, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה,

בהוספה אויף די שיעורי תורה אין וועלכע יעדער איד איז מחוייב, "כדת הניתנה לכל אחד ואחד בהלכות תלמוד תורה" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[110]), ועאכו"כ אז יעדער רגע פנוי וואס ער האט, דארף ביי אים זיין אנגעפילט מיט דעם ענין פון לימוד התורה,

ביז אז די הוספה וועט זיין אין אן אופן פון למעלה ממדידה -

------------

108) סה"מ ה'ש"ת ע' 11. ובכ"מ. 109) תהלים סג, ג. 110) פל"ד.

ממדידה והגבלה - בדוגמא ווי שמחת פורים וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, וואס פורים איז דאך פארבונדן מיט כללות הענין פון לימוד התורה, ווארום דעמולט איז געווען דער "קיימו מה שקבלו כבר" אין דעם זמן פון מ"ת, און דעמולט איז געווען דער ענין פון "מכאן מודעא רבה לאורייתא"[42].

טז. דאס קומט בהמשך להמדובר לעיל[111] אז מ'זאל מעורר זיין און קובע זיין (ביז אין אן אופן אז ס'וועט ווערן א קביעות בנפש) אז קטנים וקטנות קודם בר-מצוה און בת-מצוה זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה,

אויך קטנות, וויבאלד אז ביי נשים איז אויך דא דער חיוב פון לימוד התורה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין הל' ת"ת[112] פרטי הדבר,

וכמדובר כמ"פ אז הלואי וואלטן אלע אנשים געווען בקי אין די הלכות וואס נשים זיינען מחוייב צו לעדנען - וואס דאס איז דאך כולל דעם לימוד וועגן אלע מל"ת, און די מ"ע שאין הזמ"ג,

כולל אויך די מצוות פון פורים, וויבאלד אז "אף הן היו באותו הנס"[113], ועד"ז די מצוות פון פסח, וואס "אף הן היו באותו הנס"[114], ואדרבה, "בזכות נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים"[115] - בדוגמא ווי נס פורים וואס איז געווען ע"י אסתר, ביז אז די מגילה ווערט אנגערופן (ניט על שם מרדכי ואסתר, און אפי' ניט על שם אסתר ומדדכי (פריער אסתר), נאר) על שם אסתר דוקא, "מגילת אסתר", כמדובר כמ"פ[116],

ועד"ז אויך אין קיום המצוות - ווי גערעדט פריער בארוכה וועגן דעם ענין פון מייסד זיין קרנות של גמ"ח צווישן קטנים און קטנות.

וואס בשעת אז ס'וועט זיין דער "חנוך לנער ע"פ דרכו", וועט דאס אויפטאן אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[117] - אז ס'וועט נמשך ווערן דער חיות ושקידה און די רגילות אז יעדער רגע פנוי פארנעמט מען מיט דעם ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות.

יז. און דאס וועט זיין די הכנה קרובה און דער כלי אויף

- צו -

---

111) שיחת פורים סי"ח ואילך. שיחת מוצאי ש"פ צו ס"ג ואילך. 112) ספ"א. 113) מגילה ד, א. 114) פסחים קה, רע"ב. 115) סוטה יא, ב. 116) ראה לקו"ש ח"ו ע' 371 ואילך. 117) משלי כב, ו.

צו מקבל זיין די "מים חיים" פון "וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם"[118], וואס דאס שטייט דאך אויף דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און אין אן אופן פון "מים חיים אל כלי" - אז די "מים חיים" דלע"ל וועלן קומען דורך דעם "כלי" - די צוויי סוגים פון כלים, וואס דאס איז דער ענין פון תורה און צדקה,

וואס דורך דעם וועט זיין דער ענין פון "ציון במשפט (תורה[119]) תפדה ושבי' בצדקה"[120], מיט אלע פירושים שבזה, כולל דעם פירוש העיקרי, אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט מען שטיין בקומה זקופה און "ביד רמה",

אזוי ווי ס'איז געווען "כימי צאתך מארץ מצרים"[121], אז נאך זייענדיק אין גלות איז געווען דער ענין פון "בשלח פרעה את העם"[122], אז פרעה האט זיי צוגעהאלפן אין באפרייט ווערן פון גלות מצרים,

- ווארום דער "קץ" איז דאך געווען ערשט אין דעם רגע האחרון ווען מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים[123], און נאך פריער איז שוין געווען דער "ביד חזקה יגרשם"[124], און "בשלח פרעה את העם", ביז אין אן אופן פון "יוצאים ביד רמה"[60], און אין אן אופן אז מ'האט זיך געבעטן ביי אידן אז זיי זאלן מיטנעמען "כלי כסף וכלי זהב"[125], מיט אלע פרטים וואס זיינען געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים".

וכאמור, אז די הוספה אין דעם ענין פון תורה און צדקה וועט זיין דער "כלי" אויף צו אויפנעמען די גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון בשעתא חדא וברגע חדא, ובלשון הרמב"ם[126] "מיד הן נגאלין", "ושמחת עולם על ראשם"[127].

* * *

יח. ס'איז דאך ידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[128] אז מ'דארף מקשר זיין יעדער ענין מיט פרשת השבוע - וואס איצטער איז דאך מוצאי שבת קודש פ' שמיני, און אויך פ' פרה.

וואס אין דערויף איז אויך דא אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אהרן הכהן, וואס ער איז געווען א כהן גדול

בדוגמא ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן מאמר[129] המבואר

- אין -

------------

118) יחזקאל לו, כה. 119) ראה לקו"ת ר"פ דברים.
120) ישעי' א, כז. 121) מיכה ז, טו. 122) בשלח יג, יז.
123) ראה פרש"י בא יב, מא. 124) שמות ו, א. 125) בא יב, לה. 126) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 127) ישעי' לה, י.
128) סה"ש תש"י ע' 29 ואילך. 129) ד"ה ואכלתם אכול ושבוע דמוצאי ש"פ צו.

אין לקו"ת[130] אויף דעם ענין פון "זה קרבן אהרן גו' ביום המשח אותו"[131], אז אין דערויף איז דא דער פלא וואס "מהאוכל יצא מאכל כו' כך אהרן אוכל כל הקרבנות ועכשיו יצא ממנו קרבן ואיזהו זה קרבן אהרן"[132] -

וואס דאס גייט אויף דער "מנחה תמיד"[133], די מנחה חביתין פון דעם כה"ג וואס ער האט מקריב געווען בכל יום ויום (משא"כ א כהן הדיוט, און אפי' דער סגן כה"ג, וואס זיי האבן מקריב געווען חביתין נאר ביום שנתחנכו) - ווי געדעדס פריער בארוכה[133] - איז עד"ז דא אן ענין אין פ' שמיני וואס איז פארבונדן במיוחד מיטן כה"ג:

בנוגע צו פרה אדומה געפינט מען א פלא גדול:

אויף "ונתתם אותה אל אלעזר הכהן"[134] טייטשט ער אפ אין ספרי "לומר על הפרה שנעשית בסגן" דוקא, ניט דער כה"ג אליין, נאר דער סגן כה"ג דוקא. ס'איז טאקע געווען "וידבר ה' אל משה ואל אהרן"[135], און ווי ער זאגט אויף דערויף אין ספרי[136] "כשם שהי' משה גזבר לדבר כך הי' אהרן גזבר לדבר", ד.ה. אז משה ואהרן זיינען געווען די וואס האבן אנגעפירט מיט דער פרה אדומה, ברשותם איז געווען די געלט אויף קויפן די פרה אדומה וכו' - אעפ"כ איז שריפת הפרה געווען דורך אלעזר, סגן כה"ג דוקא. וואס לכאו' איז דאס א דבר פלא.

די קושיא איז נאך גרעסער: די גמרא[137] זאגט: "ונתתם אותה אל אלעזר הכהן, אותה לאלעזר ולא לדורות לאלעזר, איכא דאמרי לדורות בכהן גדול, ואיכא דאמרי לדורות בכהן הדיוט".

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז לדורות דארף מען ניט האבן דוקא סגן כה"ג דוקא - איז פארוואס האט דוקא די פרה ראשונה [וואס איר אפר האט מען גענוצט פאר אלע פרות, אויף צו מקדש זיין דעם כה"ג השורף את הפרה[138], אנהויבנדיק פון דער צווייטער פדה ביז צו די פרה העשירית, משא"כ די פרה שני' וואס איר האט מען גענוצט נאר פאר די פרות וואס זיינען געווען לאחרי' (ניט פאר פרת משה)] געדארפט געשען ווערן דורך דעם סגן כה"ג דוקא?

אין חסידות[139] איז ער מבאר דעם ענין פון "אלעזר", אז דאס איז מלשון "א-ל עזר", וואס דאס באווייזט אויף דעם עזר

- וואס -

---

130) צו ז, ד ואילך. 131) צו ו, יג. 132) ויק"ר פ"ח, ב. 133) שיחת מוצאי ש"פ צו סי"א ואילך. 134) חקת יט, ג. 135) שם, א. 136) עה"פ שם, ב. 137) יומא מב, ב. 138) פרה פ"ג מ"א, וברמב"ם, ר"ש ורע"ב שם. שם ספ"ג וברמב"ם שם. פרש"י חקת יט, ס. 139) אוה"ת חקה ע' תשצט. ע' תהיד.

וואס מ'דארף האבן מלמעלה, כמבואר באריכה אין די דרושים אין אותיות הקבלה, און מיט נאכמער ביאור ע"פ תורת החסידות; דארטן איז אבער ניט מודגש בגלוי דער ענין פון סגן כה"ג [אין פסוק שטייט טאקע בגלוי נאר "אלעזר הכהן", אבער תושבע"פ איז גלייך מדגיש אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון סגן כה"ג].

יט. איז דאס דער ראגאטשאווער[140] מבאר - כדרכו - מיט א נפלא'דיקער אייגפאל:

דער רמב"ם[141] פסק'נט: "העושה אותה לובש ארבעה בגדים של כהן הדיוט, בין שעשאה כהן הדיוט בין שעשאה כ"ג". און דער מקור אויף דעם איז אין תוספתא[142]: "מצותה בד' בגדים של כהן הדיוט".

וואס די בגדי בד פון דעם כהן הדיוט זיינען געווען אנדערש פון די בגדי בד פון דעם כה"ג - דער חילוק איז באשטאנען אין דעם "אבנט", ווי די גמרא[143] זאגט "אבנטו של כ"ג ביום הכפורים לא זה הוא אבנטו של כהן הדיוט", ווארום אבנטו של כה"ג איז של בוץ און אבנטו של כהן הדיוט איז של כלאים [וואס אין רערויף (צי אבנטו של כהן הדיוט איז געווען של כלאים) איז דאך דא א מחלוקת פון תנאים, אבער דער רמב"ם[144] פסק'נט אז אבנטו של כהן הדיוט איז געווען של כלאים].

און וויבאלד אז דער רמב"ם פסק'נט אז די עבודה פון פרה אדומה דארף געטאן ווערן אין די "ארבעה בגדים של כהן הדיוט", איז פארשטאנדיק, אז דער "אבנט" של כהן הדיוט, דארף אויך זיין של כלאים און ניט של בוץ [ווי מפרשים[145] מאטערן זיך וואס איז דער מקור פון דברי הרמב"ם (אע"פ אז אזוי שטייט אין תוספתא - קען מען אבער זאגן אז די תוספתא האלט אז אבנטו של כהן הדיוט איז אויך געווען של בוץ, משא"כ לשיטת הרמב"ם אז ס'איז געווען של כלאים, איז ניט מובן וואו איז דער מקור אז די עבודה פון פרה אדומה האט געדארפט זיין בארבעה בגדים של כהן הדיוט)].

קומט דאך אויס אז אין פרה אדומה איז דא א חידוש:

די גמרא[146] זאגט: "כה"ג שלבש בגדי כהן הדיוט ועבד עבודתו פסולה", און אעפ"כ פסק'נט דער רמב"ם אז אויך ווען

- דער -

------------

140) צפע"נ עה"ת חקת יט, ג. 141) הל' פרה אדומה פ"א הי"ב. 142) פרה רפ"ד. 143) יומא יב, ב. 144) הל' כלי המקדש פ"ח ה"א. 145) משנה למלך הל' פרה אדומה שם. מנחת חינוך מצוה שצז. 146) זבחים יח, א.

דער כה"ג איז שורף די פרה אדומה, איז "לובש ארבעה בגדים של כהן הדיוט" (ניט קיין אבנט של בוץ, נאר אבנט של כלאים).

כ. והביאור בזה:

כדי צו ווערן א כה"ג, דארף ער פריער געבאדן ווערן אלס א כהן, דערנאך ווערט ער בר-מצוה, וואס דעמולט האט ער נאך ניט געטאן די עבודה דערפאר וואס "אחיו הכהנים לא היו מניחין אותו לעבוד במקדש עד שיהי' בן עשרים שנה"[147], און ערשט דערנאך האט ער געדארפט האבן כו"כ ענינים כדי מ'זאל אים קענען ממנה זיין פאר דעם "כהן[148] הגדול מאחיו גו'"[149].

דערפון איז פארשטאנדיק, אז א כה"ג האט אין זיך אויך דעם ענין פון א כהן הדיוט (ווארום כדי ער זאל ווערן א כה"ג, דארף ער דאך פריער זיין א כהן הדיוט).

וכמובן אויך דערפון וואס די גמרא[150] זאגט: "כה"ג המתקרב לעבודה צריך שתי עשרונות האיפה, אחת להמשחו ואחת לחינוכו", און אויב "לא עבד עבודה כשהוא כהן הדיוט", דארף ער ברענגען "שלש", אחת לחינוך תחלת עבודה ואחת לחינוכו שנתמנה לכה"ג ואחת להמשחו (חביתי כה"ג שמקריב בכל יום)[151] -

וואס דערפון זעט מען, אז אפי' ווען ער האט פריער ניט געטאן בפועל די עבודה פון א כהן הדיוט, נאר ער איז גלייך געווארן א כהן גדול, איז בשעת ער איז מקריב די מנחה ביום שנתחנך לעבודה, איז ביי אים אויך דא דער ענין פון עבודת כהן הדיוט, וואס דערפאר דארף ער ברענגען איין עשרון צוליב חינוך תחלת העבודה פון א כהן הדיוט, און מ'זאגט ניט אז וויבאלד "בכלל מאתיים מנה" זאל ער ניט דארפן ברענגען דעם עשרון וואס קומט אלס תחלת העבודה פון א כהן הדיוט, ד.ה. אז זייענדיק א כה"ג האט ער אויך אן ענין פון א כהן הדיוט.

עפ"ז איז פארשטאנדיק ווי אזוי א כה"ג קען טאן די עבודה פון פרה אדומה מיט די בגדים פון א כהן הדיוט:

וויבאלד אז תורה האט געזאגט אז אויך ווען דער כה"ג טוט די עבודה פון פרה אדומה דארף דאס זיין בארבעה בגדים של כהן הדיוט - איז ווען ער טראגט די ארבעה בגדים פון א כהן הדיוט (ניט פון א כה"ג), איז ער ניט קיין מחוסר בגדים, ווארום דעמולט טוט ער די עבודה אלס כהן הדיוט - וויבאלד ער האט אין זיך אויך דעם ענין פון כהן הדיוט.

- כא. -

---

147) חולין כד, ב. רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ה הט"ו.
148) אמור כא, י. 149) ראה רמב"ם שם פ"ד ה"כ. שם רפ"ה.
150) מנחות עח, א. 151) פרש"י שם. רמב"ם שם פ"ה הי"ז.

כא. האמור לעיל (אז א כה"ג האט אין זיך אויך דעם ענין פון א כהן הדיוט) איז שייך נאר בנוגע צו די כהנים גדולים וואס זיינען געווען במשך כל הדורות, משא"כ אבער בנוגע צו אהרן הכהן, וואס ביי אים קען מען אזוי ניט זאגן - וואס דאס האט אויך א שייכות צו פרשת השבוע "ויהי ביום השמיני". והביאור בזה:

"ביום השמיני" האט זיך אויפגעטאן אז דעמולט איז אהרן געווארן א (כהן און א) כה"ג, ווארום אין די שבעה ימים שלפנ"ז האט משה רבינו משמש געווען בכהונה גדולה און געטאן די אלע עבודות[152], און "ביום השמיני" איז אהרן געווארן כה"ג.

און דעמולט האט אהרן געטאן די אלע עבודות, און ס'האט זיך אויפגעטאן תכלית השלימות (וואס איז ניט געווען אין די שבעה ימים שלפנ"ז) - דער ענין פון השראת השכינה, ווארום דעמולט איז געווען "ותצא אש מלפני ה'"[153], ווי רש"י[154] ברענגט אראפ דרז"ל[155] אז דאס איז געווען א הוכחה אויף גודל המעלה פון אהרן הכהן.

ביז אז מ'זאגט אז "ויהי ביום השמיני" איז געווען "כיום שנבראו בו שמים וארץ"[156] [ווי רש"י[157] איז דאס אויך מרמז דערמיט וואס ער זאגט אז "אותו היום נטל עשר עטרות" - ווארום איינע פון די "עשר עטרות" איז "ראשון למעשה בראשית"[158], דער יום שנבראו בו שמים וארץ].

און וויבאלד אז דער עיקר אויפטו פון "ביום השמיני" איז געווען בנוגע צו אהרן הכהן (כנ"ל אז דעמולט איז ער געווארן כה"ג), איז פארשטאנדיק, אז לגבי אים איז דער אויפטו אויך געווען אין אן אופן "כיום שנבראו בו שמים וארץ".

דער אויפטו פון "יום שנבראו בו שמים וארץ" לגבי די גאנצע "שיתא אלפי שני דהוה עלמא[159] איז - אז "מעשה בראשית לקומתן נבראו כו' לצביונן נבראו"[160], ד.ה. אז זיי זיינען באשאפן געווארן מלכתחלה מיט זייער גאנצער שלימות [ווי מ'זאגט בנוגע צו אדם וחוה אז זיי זיינען באשאפן געווארן "כבני עשרים שנה"[161], וואס דעמולט איז דאך א גרעסערע שלימות ווי די שלימות פון י"ג שנה, בר-מצוה, כמובן דערפון וואס ער איז מבאר אין לקו"ת[162] דעם עילוי פון בן עשרים שנה,

- וואס -

---

152) ראה ירושלמי יומא פ"א ה"א. ויק"ר פי"א, ו.
153) שמיני ט, כד. 154) שם, כג. 155) תו"כ שם.
156) מגילה י, ב. תו"כ ר"פ שמיני. 157) ר"פ שמיני.
158) שבת פז, ב. 159) ר"ה לא, א. 160) שם יא, א.
161) ב"ר פי"ד, ז. 162) ר"פ במדבר.

וואס דוקא דעמולט קען זיין דער ענין פון "למכור בנכסי אביו"[163].

וויבאלד אז מ'זאגט אז דער אויפטו פון "ביום השמיני" לגבי אהרן הכהן איז געווען אין אן אופן פון "כיום שנבראו בו שמים וארץ" - איז פארשטאנדיק, אז אהרן איז געווארן כה"ג אין אן אופן אז "לקומתן נבראו", ד.ה. אז ער איז גלייך געווארן כה"ג, און ער איז קיינמאל ניט געווען קיין כהן הדיוט.

עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אהרן הכהן האט ניט געקענט טאן די עבודה פון פרה אדומה - ווארום די עבודה פון פרה אדומה דארף געטאן ווערן בארבעה בגדים של כהן הדיוט, און דאס וואס א כה"ג קען טאן די עבודה פון פרה אדומה מיט בגדים פון א כהן הדיוט, איז דאך נאר דערפאר וואס ער האט אין זיך אויך דעם ענין פון א כהן הדיוט (כנ"ל ס"כ), קען דאך אהרן הכהן ניט טאן די עבודה פון פרה אדומה, ווארום ער איז קיינמאל ניט געווען קיין כהן הדיוט, ער איז מלכתחלה געווארן א כה"ג, איז אויב ער וועט טראגן אבנטו של כהן הדיוט, איז ער א מחוסר בגדים. און דערפאר האט די ערשטע פרה אדומה געמוזט געטאן ווערן דורך דעם סגן כה"ג דוקא.

כב. די הוראה דערפון בנוגע לעניננו [וואס אפי' אויב מ'וועט זיך דינגען בנוגע צו כמה פרטים שבענין זה (ביז ווי מ'געפינט בכ"מ אז דער דאגאטשאווער אליין זאגט איין זאך, און דערנאך זאגט ער אן אנדער סברא באופן אחר) - האט דאס אבער ניט צוטאן מיט די הוראה וואס מ'וויל דערפון ארויסברענגען]:

לכאו', וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל, איז ווי אזוי קען זיין "מיד הן נגאלין", אז ס'וועט גלייך זיין די גאולה;

דעמולט וועט מען דאך ווערן א מציאות חדשה, ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון היינטיקן שבת[164] "והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר", וואס אין דעם לב איז תלוי כל מציאות האדם, ווארום "לבא פליג לכל שייפין"[165],

וכידוע די תשובה פון דעם חכם צבי[166] אז ס'קען ניט זיין קיין מציאות (אפי' לרגע אחד) פון א דבר חי אויב ס'איז ניטא קיין לב - און וויבאלד אז ס'וועט זיין דער "והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר", דארף דאס

- זיין -

---

163) ב"ב קנו, א. 164) יחזקאל לו, כו. 165) ראה זח"ג רכא, ב. 166) סע"ד-עז. וראה סה"מ תשי"א ע' 186 בהערה.

זיין אין אן אופן פון "מיד", ווארום ס'קען ניט זיין קיין הפסק צווישן, וויבאלד אז ער מוז האבן א לב -

פרעגט זיך די שאלה: היתכן, ווי אזוי קען זיין אז א רגע לפנ"ז איז די מציאות געווען באופן כך (חושך כפול ומכופל, לב בשר), און א רגע לאח"ז זאל גלייך ווערן אן ענין הפכי?!

זאגט מען אז כבר הי' לעולמים: ווען ס'איז געווען "ויהי ביום השמיני" [וואס דאס איז פארבונדן מיטן זמן פון ימות המשיח, וויבאלד אז דעמולט וועט זיין א כינור של שמונה נימין[167], ווי דערמאנט פריער (בהמאמר) - מיוסד אויפן דרוש אין לקו"ת[168] אויף "למנצח על השמינית"[169]], איז געווען דער זעלבער ענין:

א רגע לפנ"ז איז אהרן געווען א לוי, און משה רבינו האט משמש געווען בכהונה גדולה, און גלייך נאך דערויף האט משה רבינו געזאגט צו אהרן "קרב אל המזבח גו'"[170], און ווי רש"י ברענגט אראפ אז "הי' אהרן בוש וירא לגשת, אמר לו משה למה אתה בוש לכך נבחרת", און גלייך פון דעם ערשטן טריט איז ער געווארן א כה"ג, "לקומתן נבראו" אלס כה"ג.

עד"ז איז דאס אויך געווען ביי מ"ת [ווי דערמאנט פריער (ס"ח) דעם קשר צווישן מ"ת מיט ימי הפורים]:

ביי מ"ת זיינען אידן געווארן א מציאות חדשה, און ס'איז געווען אין אן אופן אז "משה מחיצה בפ"ע, אהרן מחיצה בפ"ע, זקנים מחיצה בפ"ע וכו'"[171], ד.ה. אז די גדולים שבהם זיינען גלייך געווארן א מציאות חדשה אלס "גדול".

וואס אע"פ אז מ"ת איז געווען אין אן אופן פון המשכה מלמעלה למטה, ווי ס'שטייט[172] "וירד ה' על הר סיני", דארף דאס לכאו' זיין ביי אלע אידן בשוה, ווי ס'איז טאקע געווען דער ענין פון "ויחן גו'", לשון יחיד, "כאיש אחד בלב אחד"[78] - איז דאס אבער געווען אין אן אופן אז משה מחיצה בפ"ע וכו' - און אין אן אופן אז מ'איז גלייך געווארן א מציאות חדשה אלס "גדול".

דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו:

דער רמב"ם[126] פסק'נט אז "סוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין" - וואס דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו

- אז -

---

167) ערכין יג, ב. 168) תזריע כא, ד. 169) תהלים יב, א. 170) שמיני ט, ז. 171) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו יט, כד. 172) יתרו יט, כ.

אז דער ספר איז א ספר פון "הלכות", און וויבאלד אז דאס איז "הלכות", קען מען ניט זאגן אז דאס איז א רמז וכו׳, ווארום דער גאנצער ענין פון "הלכה" איז אז ס׳איז א קלארער פס"ד וואס מ׳דארף אים מקיים זיין בפשטות - איז ווען דער רמב"ם שרייבט "מיד הן נגאלין", מיינט ער "מיד" כפשוטו,

און דער ענין הגאולה קומט דאך אין אן אופן פון מן הקצה אל הקצה, ווי דער רמב"ם ברענגט דארטן די פסוקים "והי׳ כי יבואו עליך כל הדברים וגו׳ ושבת עד ה׳ אלקיך ושב ה׳ אלקיך וגו׳"[173], וואס דארטן שטייט "ושב וקבצך מכל העמים אשר הפיצך גו׳"[174], און "אם יהי׳ נדחך בקצה השמים וגו׳"[175] - און פון דעם מעמד ומצב וועט מען קומען צו דעם ענין הגאולה אין אן אופן פון גאולה שאין אחרי׳ גלות, און "שיר חדש", מיט אלע הפלאות וואס וועלן זיין לע"ל, און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין" - פרעגט זיך די שאלה: דער רמב"ם פסק׳נט אפ א הלכה אז ס׳וועט זיין א דבר שלא הי׳ לעולמים?!

דאגט מען אז ס׳איז שוין געווען אזא ענין: ווען ס׳איז געווען "ויהי ביום השמיני", האט זיך אויפגעטאן אז אהרן איז גלייך געווארן א מציאות חדשה פון א כה"ג (כנ"ל בארוכה); ועד"ז ביי מ"ת איז אזוי געווען ביי אלע אידן, למקטנם ועד גדולם און למגדולם ועד קטנם, אז זיי זיינען גלייך געווארן א מציאות חדשה (כנ"ל), ועד"ז איז מובן בנוגע צו דעם ענין הגאולה, אז דאס וועט זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין".

כג. און ע"פ המבואר אין אגה"ק[176] אז די גאולה הכללית איז פארבונדן מיט דער גאולה הפרטית פון יעדער אידן,

- וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך עבודת התפלה, און דורך הקדמת נתינת הצדקה [ווי ער ברענגט אין אגה"ק[177] דעם מארז"ל[178] "ר"א יהיב פרוטה לעני והדר מצלי"], וואס דורך דעם ווערט דער ענין פון "פדה בשלום נפשי"[179] - די גאולה הפרטית שלו, וואס דורך דעם ווערט די גאולה הכללית -

איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז ביכלתו ובכחו של כל אחד ואחת מישראל צו אויפטאן דעם ענין פון "מיד הן נגאלין", מן הקצה אל הקצה, פון דעם קצה הכי תחתון ביז צום קצה הכי עליון, ביז צו א דרגא שלמעלה מגדר קצוות לגמרי.

און אויב ס׳איז געזאגט געווארן בנוגע צו זיך (אז

- בכחו -

------------

173) נצבים ל, א-ג. 174) שם, ג. 175) שם, ד.
176) ס"ד. 177) ס"ח. 178) ב"ב י, א. 179) תהלים נה, יט.

בכחו וביכלתו צו אויפטאן דעם ענין הגאולה), אע"פ אז ידע איניש בנפשי' זיין מעמד ומצב - איז עאכו"כ אז מ'דארף מלמד זיין זכות אויף א צווייטן אידן אז ס'איז זיכער בכחו וביכלתו צו אויפטאן דעם ענין הגאולה. און וויבאלד אז "תורת אמת" הייסט אז מ'זאל מלמד זיין זכות אויף אים, איז פארשטאנדיק אז דאס איז א לימוד זכות אמיתי.

און מ'זאגט "אל תבט אל מראהו"[180] - ד.ה. אע"פ אז ווען ער גיט אויף אים א קוק זעט ער אז יענער שטייט אין א דרגא פון "בריות בעלמא", ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין תניא[181] אז זיין איינציקע מעלה איז אז ער איז א ברי' של הקב"ה - אעפ"כ זאגט מען אים אז ס'דארף זיין "אוהב את הבריות"[182], און וויבאלד אז דאס מאנט "תורת אמת", איז פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין אן אהבה אמיתית (כמובן אויך פון דעם ביאור אין תניא).

און עד כדי כך דארף זיין דער ענין פון "אוהב את הבריות", ביז אז "מקרבן להורה" - ער איז מקרב די "בריות" צו דעם ענין התורה, "חמדה גנוזה"[183], ד.ה. ניט נאר אז ער איז זיי מקרב צו דעם ענין פון מצוות, נאר נאכמער: "ומקרבן לתורה" - צו דער "חמדה גנוזה".

[און ווי מ'זעט אויך אז בשעת די מלאכים האבן גע'טענה'ט היתכן אז מ'זאל געבן די תורה, "חמדה גנוזה", צו "בשר ודם" - איז די טענה ניט געווען אויף דעם וואס מ'גיט אידן מצוות, נאר די טענה איז געווען אויף דעם וואס מ'גיט זיי "תורה";

און דאס איז דער אויפטו אין "ומקרבן להורה" - אז ער איז מקרב די "בריות" (ניט נאר צו דעם ענין פון מצוות, נאר) אויך צו דעם ענין פון "תורה"].

הויבט ער אן זוכן א הסברה אין שכל - וואס איז דאס פאר אן עבודה (מקרב זיין "בריות" צו דעם ענין פון "תורה") - זאגט מען אים, אז כבר הי' לעולמים, אזוי האט זיך דער אויבערשטער געפירט מיט אים ביי מעמד הר סיני:

קודם מ"ת איז געווען די "גזירה" אז "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים"[184], און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו טייטשט אפ, אז "גזירה" איז מלשון אפגעשניטן[185], ד.ה. אז "עליונים" און "תחתונים" זיינען

- געווען -

---

180) שמואל א' טז, ז. 181) פל"ב. 182) אבות פ"א מי"ב.
183) שבת פח, ב. 184) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו.
185) ראה לקו"ש ח"ח ע' 49.

געווען צוויי באזונדערע זאכן, וואס זיינען אפגעשניטן איינע פון די אנדערע;

און בשעת מ"ת האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "וירד ה' על הר סיני", אין אן אופן פון "ואני המתחיל"[186], און ס'איז געווארן "אנכי ה' אלקיך"[187], אז "הוי'" איז געווארן "אלקיך", כוחך וחיותך[188], ביז אז דאס איז די חיות פון דעם חלק הכי תחתון שבגוף, ביז צו צפרני אצבעות רגליו (ניט נאר דער חיות פון זיין נשמה).

און וויבאלד אז אזוי האט זיך דער אויבערשטער געפירט מיט אים - איז פארשטאנדיק, אז אזוי דארף זיין די הנהגה פון יעדער אידן, אז ער דארף זיך פארנעמען אויך מיט "בריות", און מקרב זיין זיי צו "תורה".

ועפ"ד ווי די גמרא[189] זאגט בנוגע צו תחיית המתים "דלא הוו חיי דהוי חיי לא כ"ש" - איז עד"ז אויך בנדו"ד, אז וויבאלד כבר הי' לעולמים, אז אזוי האט זיך דער אויבערשטער געפירט בשעת מ"ת, איז פארשטאנדיק, אז אזוי דארף זיין די הנהגה פון יעדער אידן.

כד. דאס גיט א הסברה נוספת אויף דעם וואס מ'דארף מקרב זיין יעדער אידן, אפי' די וואס "תורת אמת" זאגט אז זיי זיינען "בריות בעלמא", דארף אבער זיין "מקרבן לתורה", און דער קירוב דארף זיין אין אן אופן פון "אוהב את הבריות", מיט א תנועה פון אהבה, "ימין מקרבת"[190], מיוסד אויף דעם ענין פון "אהבת ישראל", וואס "אהבת ישראל" איז דאך איין זאך מיט אהבת ה' און אהבת התורה[191].

וואס דער ענין פון "אהבת ישראל" איז אים מעלה אין אן ארט וואס איז העכער פון אלע חילוקי דרגות, און פון דארטן איז ער ממשיך "מים חיים אל כלי" - אז פון "אהבת ישראל" קומט דאס אראפ אין דעם ענין פון חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי',

און אויך אין די ג' עמודים שעליהם כל בית ישראל עומד, וואס זיינען שייך במיוחד צו "בית יעקב - אלו הנשים"[192] - דער ענין פון כשרות האכו"ש, און לפנ"ז, נאך בערב שבת - דער ענין פון נרות שבת קודש, און אויך דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם

- ענין -

---

186) שמו"ר שם. 187) יתרו כ, ב. 188) ראה תו"א סז, ב.
189) סנהדרין צא, א. 190) סוטה מז, א. 191) כש"ט הוספות אות קמג. 192) יתרו יט, ג ובפרש"י.

ענין פון "וזרקתי עליכם מים טהורים"[118], וויבאלד אז ס'איז אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה"[193].

און מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו צוזאמען מיט די גידולים שגדלנו - די אידן וועלכע ער האט מקרב געווען צו תורה ומצוותי', אפי' א קירוב כל שהוא, ועאכו"כ א קירוב וואס איז מער פון א קירוב כל שהוא, ביז צו א קירוב גדול, ביז "ומקרבן לתורה" ממש.

וכן תהי' לנו - אז דורך דער הוספה בכל ענינים אלו, אנהויבנדיק דערפון וואס מ'וועט פועל'ן אויף קטנים וקטנות אז זיי זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה, סיי בכמות און סיי באיכות, און אויך אז זיי זאלן מייסד זיין קרנות של גמ"ח -

וועט מען גיין בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "קהל גדול ישובו הנה"[194], און אין אן אופן פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[195].

כה. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

צוה לנגן הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ניעט ניעט ניקאווא.

ברך ברכת המזון, ואח"כ חילק לכאו"א מכוס של ברכה.

אח"כ אמר: מסתמא וועט מען ניט פארגעסן וועגן "מבצע פסח" און מבצע "מעות חטים", און אויך וועגן אלע מבצעים, ובפרט - אז תינוקות של בית רבן זאלן מייסד זיין קרנות של גמ"ח, און מוסיף זיין אין לימוד התורה,

און כל הנ"ל זאל זיין בשמחה ובטוב לבב.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

193) סוטה ט, ב. 194) ירמי' לא, ז. 195) ישעי' מט, כג.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ שמיני, פ' פרה,
מבה"ח ניסן ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. כמדובר כמ"פ אז איך אה"ק איז א מצב משונה, וואס איז אינגאנצן נים פארשטאנדיק:

אלע ווייסן אז אומקערן שטחים פון גדה המערבית, איז אן ענין פון סכנת נפשות. מ'דארף נים אנקומען צו א מומחה הכי גדול אז ער זאל דאס זאגן - בשעת מ'גים א קוק אויף די שטחים, און מ'זעם ווי ווייט איז דאס פון דעם ים, און מ'זעם ווער ס'שטיים מצד המזרחי, און ווער ס'געפינט זיך אויף שיפלעך - זעט מען אז דאס איז אן ענין של סכנת נפשות ממש רח"ל.

- האט מען אויפגעהערט רעדן וועגן דעם ענין פון פקו"נ, אויפגעהערט רעדן וועגן דעם דין ברור אז אין אזא מעמד ומצב דארף זיין "יוצאים עליהם בכלי זיין"[1] (ווי ער זאגט דארטן[2] דעם טעם "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" ח"ו);

און וועגן וואס דינגט מען זיך - אזוי ווי ס'איז דא א "פאפירל" וואס איז גע'חתמ'ט געווארן אויף א אסיפה פון "כל מדינות המלך" ( און די וואס זיינען "הירא ורך הלבב" האבן אויך גע'חתמ'ט אויף דעם), פארנעמט מען זיך מיט לערנען פשטים און פשט'לאך צי דער פאפיר מיינט כך וכך אדער דאס מיינט באופן הפכי.

- למאי נפק"מ וואס איז דער פשט פון דעם "פאפיר", ס'רעדט זיך דאך וועגן אן ענין פון סכנת נפשות און פקו"נ ממש (ווי מ'האט דאס שוין געדרוקט אין אלע צייטונגען, וליכא מאן דפליג אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ), און פקו"נ פון כמ"פ ששים רבוא מישראל - איז למאי נפק"מ צי מ'האט גע'חתמ'ט א פאפירל צי נים, צי דער פשט פון דעם פאפיר איז באופן כך אדער באופן כך - ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ!

וכמדובר כמ"פ אז ס'איז לכתחלה נים געווען ברשותו חתמ'נען אויף דעם פאפירל, מ'האט דאס געטאן דערפאר וואס מ'איז געווען "הירא ורך הלבב", און מ'האט מורא געהאט פאר "קול עלה נדף"[3](ווארום ס'איז דעמולט נים געווען קיין לחץ אויף דעם, ווי אלע ווייסן שוין דערפון),

נאר אזוי ווי ער איז "הירא ורך הלבב", איז בטבע האט

- ער -

------------

1) שו"ע או"ח סשכ"ט ס"ו. 2) שו"ע אדה"ז שם. 3) לשון הכתוב - בחוקותי כו, לו.

ער מורא פאר "קול עלה נדף", און אז ער טראכט נאך אז ער איז א מנהיג בישראל און אלע דארפן אים פאלגן - גייט ער ארום און טוט כל התלוי בו אז ס'זאל זיין "ימס את לבב אחיו כלבבו"[4].

ב. דאס וואס מ'זאגט אז דורך דעם וואס מ'וועט אומקערן שטחים פון גדה המערבית וועט ווערן שלום - ווייסן דאך אלע אז יענער אליין זאגט אז ער איז ניט קיין בעה"ב אויף די וואס געפינען זיך אין גדה המזרחית; ער האפט נאר אז אויב ער וועט בלייבן זיצן אויפן ביינקל, און אויב ער וועט נושא חן זיין ביי די וואס געפינען זיך אין גדה המזרחית פון דעם ירדן, און אויב "פ. ל. א." וועט מסכים זיין צו רעדן וועגן שלום (כאטש אז זיי שרייען פארקערט, און זיי שרייען אויף אים אליין אז אחת דתו וכו') - דעמולט לאזט זיך רעדן וועגן תנאי השלום!

דערמאנט מען ניט די אלע פרטים, נאר מ'דינגט זיך צי צוליב "שלום" איז כדאי צו טאן דעם און דעם ענין צי ניט; מ'האט אבער מורא צו מדגיש זיין אז מ'גייט רעדן מיט איינעם וואס (ער אליין זאגט, און אלע ווייסן אז) אין הדבר תלוי בו כלל וכלל, דאס איז תלוי אין די וואס זיינען צוקריגט צווישן זיך, זיי האבן אבער אלע דעם צד השוה, אז אלע גייען קעגן אידן (בכל מקום שהם, ועאכו"כ קעגן אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק).

ביז וואנעט אז צוליב דערויף איז מען גרייט פאלן פאר אים, "יכרע" און "ישתחוה", כדי צו נושא חן זיין ביי אים, און פועל'ן ער זאל מסכים זיין צו נעמען אלץ וואס מ'וועט אים אפגעבן אין סיני, כולל אויך אפגעבן יהודה ושומרון, כולל אויך אפגעבן בידו אן ענין וואס אין דערויף איז תלוי פקו"נ פון כמ"פ ששים רבוא מישראל.

ג. אמאל פלעגט מען זאגן אז שאלת חכם איז א חצי תשובה. - לכאו' פרעגט ער דאך א שאלה, איז פארוואס איז דאס "חצי תשובה"? - איז דער תירוץ, אז ס'איז א נפק"מ ווי אזוי מ'פרעגט די שאלה:

אויב מ'וועט זאגן ווי דער ענין איז לאמיתתו, אז דאס איז א שאלה פון פקו"נ - איז שוין ניטא וואס צו דינגען זיך וועגן דערויף; האט מען דאס אראפגענומען פון עולם הדיבור (אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ), און מ'האט אנגעהויבן

- רעדן -

---

4) לשון הכתוב - שופטים כ, ח.

רעדן און דינגען זיך וואס איז דער פירוש פון דעם פאפירל וואס ווערט אנגערופן "242",

און דערנאך וועט מען דאס אוועקשטעלן אויף אן אפשטימונג, וואס צווישן די וואס וועלן שטימען זיינען דא נוצרים און מוסלמים, און די וואס קאכן זיך אז די "פ. ל. א." דארף זיין [זיי האבן א בא-כח וואס זיצט אין "כנסת" און זאגט בגלוי אז ער האלט מיט זיי! - ס'איז שוין געווארן אויס סוד], און זיי וועלן מחליט זיין ווי אזוי מ'דארף זיך פירן!

אמאל האט מען זיך געדונגען (בגלוי עכ"פ) צי דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ אדער ניט, אבער איצטער איז שוין ארויס בגלוי אז דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ: ווען מ'איז דא געווען בקיץ העבר, האט מען באווייזן דעם נשיא פון מדינה זו א מפה, און מ'האט אים באוויזן דעם ריחוק פון די שטחים צום ים, און ווי אזוי מ'קען ח"ו דורכשניידן כל השטחים, און ער האט מסכים געווען אויף דעם. און מ'האט דאס שוין מגלה געווען, און אפגעדרוקט אין אלע צייטונגען - אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ.

ד. וכמובן בפשטות, אז יעדער אדם פשוט פארשטייט אז בשעת אשתו ובני ביתו שטייען אין א מצב פון פקו"נ (אפי' אז ער טראכט שוין ניט וועגן זיך אליין), איז דאס דוחה את כל הענינים כולם, און ער פארנעמט זיך מיטן עיקר הענין.

איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ס'איז אן ענין פון פקו"נ - איז ניטא וואס צו רעדן וועגן די אלע זייטיקע ענינים, מ'דארף רעדן וועגן עיקר הענין, און דא איז ניט נוגע דער רעדן, ס'דארף זיין "דברתי ועשיתי"[5]; צום אלעם ערשטן דארף מען באווארענען אז מ'זאל זיך דארטן ניט קענען מסתנן זיין, וואס אויף דערויף איז ניטא קיין אנדער וועג ווי צו אפשליסן אלע גבולות (ווי גערעדט פריער[6] בארוכה).

און עד כדי כך איז די ווירקלעכקייט, אז אזוי ווי מ'האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן, האט מען געזאגט, אז אזוי ווי די כוונה איז אז מ'זאל דארטן בויען שטעט וכו', דארף דאך דאס נעמען א משך זמן, ביז מ'וועט בויען וכו' - וועט מען דאס טאן במשך הזמן.

- מ'רעדט ניט וועגן בנין ערים און כפרים, מ'רעדט אפי' - ניט -

------------

5) לשון הכתוב - יחזקאל לו, לו. 6) שיחת פורים, שיחה מוצאי ש"פ צו.

ניט ווערן בנין סתם; מ'רעדט וועגן הגנה על כל העם הדרים באה"ק (און דורך דערויף על כל בנ"י), וואס צוליב דערויף דארף מען ניט בויען קיין שטעט וכו', מ'דארף אוועקשטעלן א שומר, און געבן אים כלי נשק, און געבן אים עידוד רוח, ד.ה. ניט אז מ'זאגט אים אז ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה דערפאר וואס ס'איז דא אזא רב, און אזא לחץ וכו', נאר אדרבה, ס'איז א דבר הפשוט אז מ'דארף מגין זיין אויף אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[7], במילא דארף מען טאן די אלע ענינים וואס מ'דארף האבן אויף דער הגנה.

און א דבר מבהיל: מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דעם וואס ס'האט געטראפן אין דעם שבת הידוע! - דעמולט האט מען גלייך מבטיח געווען אז מ'וועט דאס קיינמאל ניט פארגעסן, און ח"ו צו רעדן מיט זיי וכו', און עטליכע טעג לאח"ז האט מען בדיוק אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף, טענה'נדיק אז מ'דארף ניט אויפרייצן די וואס זיינען היפך פון אוהבי ישראל.

וואס דאס איז אן ענין של דיבור - דא איז אבער נוגע אן ענין של מעשה: בשעת ס'איז דא א פירצה אין גבול, און ס'איז אן ענין פון פקו"נ, דארף מען צום אלעם ערשטן אוועקשטעלן א שומר און געבן אים כלי נשק וכו'.

וכאמור, ס'איז שוין א מעשה פון דעם קיץ העבר אן, אז דעמולט האט מען אוועקגעלייגט די מפה אויפן טיש אין וואשינגטאן אין דעם חדר הידוע - און אלע האבן מסכים געווען אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ [א משך זמן האט מען דאס מעלים געווען, אבער איצטער האט מען דאס שוין מפרסם געווען, און געדרוקט וועגן דעם אין די צייטונגען].

ובמילא דארף מען צום אלעם ערשטן אפשליסן דעם גבול, וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין אפשטימונגען, ווי גערעדט פריער[6] בארוכה אז צוויי מענטשן קענען מחליט זיין טאן אזוי, און ס'איז צוגעגרייט מענטשן מיט כלי נשק וכו' אויף צו באזעצן מיט אן ענין של הגנה דעם גאנצן גבול המזרחי פון א"י,

און לפועל - זעט מען אז ס'גייט דורך א וואך נאך א וואך, און די זאך רירט זיך ניט פון ארט, וואס יעדער רגע און יעדער טאג וואס מ'טוט דאס ניט, טראגן די אחריות די צוויי מענטשן וואס קענען דאס דורכפירן.

ה. עד כדי כך איז דארטן א מצב מבהיל - אז בשעת מ'האט

- איינגענומען -

------------

7) בא י, ט.

איינגענומען דעם שטח אין לבנון [ע"מ להחזיר - מ'האט לכתהלה אפגערעדט אז מ'וועט דאס אומקערן], האט מען דאך מחליט געווען אז מ'וועט איינעמען ביז דעם טייך וואס הייסט "ליטאני",

וואס אין דעם שטח (ביז דעם טייך) געפינט זיך אויך די שטאט "צור", און אלע ווייסן אז די שטאט איז אן עיר מקלט פון "פ. ל. א.", דארטן געפינען זיך כו"כ מחבלים מיט כלי נשק וכו',

[איך ווייס ניט צי זיי ווייסן דעם מאמר הגמרא[8] וועגן צור און ירושלים "אם מליאה זו חריבה זו וכו'" - די מציאות איז אבער אז דאס איז אן עיר מקלט פון די מחבלים],

און ס'איז דא א סברא אז די מחבלים וואס זיינען געקומען אים דעם שבת הידוע, זיינען געקומען פון צור -

האט מען איינגענומען דעם גאנצן שטח, און די שטאט צור האט מען געלאזט בשלימותה!

[דאס וואס מ'האט געלאזט די מחבלים אנטלויפן - האט אן ארט אין תורה: ווארום דער דין[9] איז: "כשצרין על עיר לתפשה, אין מקיפין אותה מארבע רוחותי' אלא משלש רוחותי', ומניחין מקום לבורח ולכל מי שירצה להמלט על נפשו", וואס איינער פון די טעמים אויף דעם איז, אז אויב מ'וועט מאכן דעם מצור פון אלע פיר זייטן, איז בשעת זיי וועלן זעהן אז זיי האבן ניט קיין ברירה, וועלן זיי לוחם זיין בחירוף נפש, ובמילא וועט דאס קאסטן מערער קרבנות - און תורה וויל פאדמיידן קרבנות פון יעדער בן אדם, עאכו"כ קרבנות פון צבא ישראל;

האט מען אבער אפגעטאן נאך א זאך: מ'האט איינגענומען דעם גאנצן שטח, און צור האט מען איבערגעלאזט בשלימות].

און איצטער זוכט מען דאך א תירוץ אויף דעם - זאגט מען, אז אזוי ווי דארטן איז געווען ציווילע, האט מען ניט געוואלט אנרירן די שטאט.

- אז מ'וואלט מודיע געווען די ציווילע, וואלטן זיי אוועקגעגאנגען פון דארטן, פונקט ווי זיי זיינען אוועקגעגאנגען פון די איבעריקע ערים און כפרים!

ע"פ התכנית האט מען געדארפט איינעמען אויך צור - אזוי ווי ס'איז אבער געווען א לחץ, האט מען צוד ניט געטשעפעט.

- וואס -

---

8) מגילה ו, ב ובפרש"י. וראה פרש"י תולדות כה, כג.
9) דמב"ם הל' מלכים פ"ו ה"ז.

- וואס הייסט א לחץ, דו זאגסט דאך אליין אז דו גייסט אויסראמען די מחבלים, איז ווי קענסטו נאכגעבן דעם לחץ, אויב מ'גיט נאך דעם לחץ, האט מען מלכתחלה ניט געדארפט גיין!

וכמדובר כמ"פ אז אלע צרות נעמען זיך דערפון וואס מ'טוט אפ א חצי דבר; מ'גייט א צעד אחד לפנים, און גלייך גייט מען צוויי צעדים אויף צוריק, אדער מ'שטעלט זיך אפ. און ליידער איז דער סדר געווארן להיפך: פריער מאכט מען א נסיגה, און דערנאך הויבט מען אן טראכטן צי מ'דארף גיין קדימה.

און דערפון זעט מען אויך עד כמה איז מזיק דאס וואס מ'רעכנט זיך מיט א לחץ המדומה: זיי האבן זיך ניט געריכט אז אין די זעקס אדער זיבן מייל וואס מ'האט איינגענומען, וועט מען איבערלאזן אן עיר בצורה, וואס אלע ווייסן וועט ס'האט זיך דארטן געפונען [צי זיי זיינען שוין אוועקגעפארן פון דארטן צי ניט - און ע"פ סברא ניט, ווארום זיי זעהן אז מ'טשעפעט זיי ניט] - שטייט מען ארום און מ'טוט גארניט!

ז. האמור איז אן ענין פרטי אין איין ווינקל - דער ענין הכללי איז אבער, כאמור לעיל, אז מ'גיט אוועק צייט און כשרונות, און מ'דינגט זיך וועגן א פאפיר, וויסנדיק (ווי ס'איז שוין געדרוקט אין אלע צייטונגען) אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ ממש.

און דאס וואס מ'טענה'ט היתכן אז מ'איז ניט מסכים צו אפגעבן שטחים צוליב שלום - איז כאמור, קיינער קען ניט מציע זיין קיין שלום, וויבאלד אז דאס איז ניט ברשותו. ס'איז ניט ברשות פון וואשינגטאן, ס'איז ניט ברשות פון מצרים, און ס'איז אפי' ניט ברשות פון אראפאט ימ"ש, ווארום ער אליין האט צרות צרורות פון די וואס געפינען זיך לימינו ולשמאלו;

איצטער האט קיינער ניט ביכולת צו מציע זיין שלום אמיתי, מ'קען נאר מציע זיין אז מ'וועט חתמ'נען א פאפירל!

און מ'זאגט גלייך אז ער חתמ'ט אין דעם פאפיר, אז לכשירחיב, און פב"ב וועט זיין גוט געשטימט, און מאסקווא וועט מסכים זיין (עכ"פ ניט שטערן) וכו' וכו' - וועט מען דעמולט אנהויבן רעדן וועגן שלום, און מ'וועט ביי זיי פרעגן וואס זיינען זייערע תנאים - וואס זיי האבן שוין געזאגט וואס זייערע תנאים זיינען -

און על סמך זה איז מען שוין "ימס את לבב אחיו", היתכן אז מ'איז ניט מסכים צו אומקערן שטחים צוליב שלום -

- בשעת -

בשעת אז קיינער קען ניט מציע זיין קיין שלום אמיתי, אפי' ניט קיין שלום סתם, און אפי' ניט קיין "סיס-פאייער" - דאס האלט זיך אויף א האר; אט זאגט ער אז ער וועט דאס האלטן, און אט זאגט ער פארקערט!

וכאמור לעיל, מ'האט אראפגענומען פון סדר היום די מעשה וואס ס'האט געטראפן אין דעם שבת הידוע; מ'האט אראפגענומען פון סדר היום דאס וואס מ'האט געזאגט דעם אדון הגדול אין וואשינגטאן (און געדרוקט אין אלע צייטונגען) אז דאס איז פקו"נ ממש, וואס מ'האט דאס מסביר געווען בהסברה הכי פשוטה, אז אויב מ'וועט נאר א קוק טאן אויף דער מפה, וועט מען זעהן ווי דער מצב איז -

און מ'דינגט זיך אין דעם פירוש פון א פאפיר, צי דער פירוש איז באופן כך אדער באופן כך, און ניט נאר אז מ'היט ניט דעם גבול המזרחי איצטער, נאר מ'איז מבטיח אז מארגן וועט מען אויך ניט היטן דעם גבול המזרחי!

ז. ויה"ר אז ס'זאל זיין "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום (וויבאלד אז) כי עמנו א-ל"[10], און מ'וועט גיין אין אן אופן פון "בשם אלקינו נדגול"[11], און "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר"[12],

און דורך דערויף וועט מען מקיים זיין דעם אויבערשטנ'ס ציווי ווי אראפגעבראכט אין שו"ע אלט פס"ד ברור, אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", אפי' ווען מ'באקומט נאר א ידיעה אז "ממשמשים לבוא", און אפי' אז זיי זאגן אז דאס איז נאר "על עסקי תבן וקש".

און וויבאלד אז מ'ווייסט אז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[13], נאר ער גייט בשליחותו של הקב"ה וואס ער איז "אלקי הצבאות"[14], וואס אין דעם פרט האט ער אנגעזאגט אז מ'דארף אויך טאן בדרך הטבע - "יוצאים עליהם בכלי זיין" (און ניט אפגעבן אן עניין וואס דורך דעם איז "ההא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" רח"ל, דורך דעם וואס מ'לאזט זיי אריין אין איין ארט וועגן "עסקי תבן וקש") -

האט מען די הבטחה ברורה אז ס'וועט זיין "ואולך אתכם קוממיות"[15] נאך פאר דערויף, ועאכו"כ בשעת מעשה, און ס'וועט זיין "תפול עליהם אימתה ופחד", דערפאר וואס דאס איז "בגדול זרועך"[16],

- ב"ז -

---

10) ישעי' ח, י. 11) תהלים כ, ו. 12) שם, ח.
13) עקב ח, יז. 14) שמואל ב ה, י. ועוד. 15) בחוקותי כו, יג. 16) בשלח טו, טז.

ביז אז ס'וועט זיין "והיתה לה' המלוכה"[17], און "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[18],

כולל אויך ווי דאס קען זיין נאך אין זמן הגלות - אז זיי וועלן מסייע זיין אידן, אז דער לוחץ גופא וועט ווערן א מסייע,

[ווי מ'האט שוין געזעהן בגלוי, אז בשעת מ'האט זיך אוועקגעשטעלט בתוקף המתאים, וויסנדיק אז סיי-ווי קען מען ניט נאכגעבן יענעם וויפל ער וויל, ווארום ער וויל האבן אלץ - האט מען אויסגעפירט.

און סוכ"ס וועט מען זיך דאך מוזן שטעלן קעגן דעם לוחץ - איז דאך גלייכער אז מ'שטעלט זיך אנטקעגן אין א מעמד ומצב וואס מ'איז בתוקף, און דער לוחץ איז נאך מבחוץ.

וכאמור לעיל, אז אין דערויף איז ניט שייך קיין שקו"ט, ווארום אלע זיינען מודה אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, און אלע זיינען מודה אז ס'איז ניטא קיין איין און איינציקער וואס ס'איז בידו מבטיח זיין שלום, עאכו"כ א שלום לאורך ימים, שבועות, חדשים און שנים].

ויה"ר אז מ'זאל זעהן בפועל ווי אידן שטייען בתוקף, אין אן אופן אז "לא יכרע ולא ישתחוה"[19] - ובמילא וועט מען אוועקשטעלן שומרים בכל מקום הדרוש [ניט פרעגנדיק קיין הסכמה לפנ"ז ביי קיינעם, און ניט מאכן קיין קריאות ג"פ, און קאמיטעטן וכו', מיט אלע ענינים וואס אין כאן המקום רעדן וועגן דעם],

און דעמולט איז א דבר ברור אז ס'וועט זיין "תפול עליהם אימתה ופחד" - צי זיי וועלן וויסן פארוואס, אדער מצד "מזלייהו חזי"[20], און זייער חשבון וועט זיין אז ס'לוינט זיך ניט פאר זיי [ווי מ'זעט אויך איצטער, אז דאס איז די איינציקע זאך וואס האלט זיי אפ - וויבאלד אז זיי ווייסן אז אויב זיי וועלן לוחץ זיין צופיל, וועט זיך דאס זיי ניט לוינען, דערפאר וואס זיי וועלן דאס ניט אויספירן, במילא זאגט מען קימעא קימעא].

און ס'וועט זיין "אמת מארץ תצמח"[21] - אז מ'וועט זעהן דעם אמת ווי ער איז, און מ'וועט גיין לויט די הוראות פון תורתנו - מלשון הוראה[22] - "תורת אמת", ומצוותי' עליהם נאמר "וחי בהם"[23], חיים אמיתיים, וואס דאס איז כולל חיים כפשוטם,

- ביז -

------------

17) עובדי' א, כא. 18) צפני' ג, ט. 19) אסתר ג, ב.
20) מגילה ג, א. 21) תהלים פה, יב. 22) זח"ג נג, ב.
23) אחרי יח, ה.

ביז אין אן אופן פון "אורה ושמחה וששון ויקר"[24], און אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[25].

און דאס וועט זיין די הכנה קרובה צו דער גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "מסמך", ביז צו סמיכה אין אן אופן פון "תיכף" - ווי דער דין איז בנוגע צו די "שלש תכיפות הן"[26] -

אז בקרוב ממש וועט זיין די גאולה פון דעם מעמד ומצב הגלות - די גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"[27], נאך אין חודש אדר,

און בדרך ממילא וועט מען שטיין בניסן אין א מעמד ומצב פון גאולה - ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובקרוב ממש.

*　　　*　　　*

---

24) אסתר ח, טז. 25) מגילה יד, א. 26) ברכות מב, א.
27) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

## בס״ד. ברכת כ״ק אדמו״ר שליט״א לאנ״ש שיחיו
## שברכו אותו – י״א ניסן ה׳תשל״ח,
## אחרי תפלת מנחה.

זאָל דער אויבערשטער ממלא זיין די ברכות וואָס אידן בענטשן אידן — און וואָס יעדער איד בענטשט יעדער אידן און אַלע אידן — בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן,

און ס׳זאָלן מקויים ווערן די ברכות במיוחד[1], און מ׳זאָל גיין צוזאַמען לקבל פני משיח צדקנו בקרוב ממש,

און זיכער וועט מקויים ווערן מאמר רז״ל[2] אַז כל המברך מתברך, אַז דער אויבערשטער איז מבטיח ואברכה מברכיך[3], בברכתו של הקב״ה, וואָס תוספתו מרובה על העיקר[4],

ביז ה׳ גו׳ יוסף, עליכם ככם אלף פעמים גו׳[5], וואָס דאָס זאָגט משה מעצמו[6], און דער אויבערשטער וועט געבן נאָכמער און נאָכמער ביז אין אַן אופן פון א״ס[6],

ולמטה מעשרה טפחים נשמות בגופים,

ונאכל[7] שם מן הזבחים[8] ומן הפסחים[9], בקרוב ממש.

---

1) כמעלת ענין שהזמ״ג.
2) ראה סוטה לח, ב. ירושלמי הובא בתוד״ה ואברכה — חולין מט, א.
3) לך לך יב, ג.
4) ב״ר פס״א, ד. ועוד.
5) דברים א, יא.
6) ספרי, דב״ר, תיב״ע ופרש״י עה״פ.
7) ברכת „אשר גאלנו״ — מפסחים קטז, ב במשנה.
8) שע״ז שובע אמיתי.
9) שלא בא מתחילתו אלא לאכילה (פסחים עו, ב), וצלי — אכילה דרך גדולה, אכילת מלכים (תוד״ה אין נאכלין — חולין קלב, ב) — והדגשת מעלת הגוף, ושזהו תכלית השכר והשלימות — כהרמב״ן (לקו״ת צו טו, ג. ועוד) שדעה זו הביא רבנו בכל מקום (אוה״ת חוקת ע׳ תתס. א׳תרלז).

בס"ד. שיחת י"א ניסן ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. אויף יעדער זאך איז דאך דא א הוראה אין "תורת חיים" -

וואס די ווערט אנגערופן "תורת חיים" - אן אנווייזונג, ווי אזוי מ'זאל לעבן, און אז דער לעבן זאל זיין ראוי לשמו, ד.ה. ניט אז מ'איז סתם א הוה ונברא, נאר דאס איז אין אן אופן פון <u>חיות</u> (לעבן),

וואס אזוי ווי אין דעם ענין פון <u>לעבן</u> איז ניט שייך קיין הפסק (דאס איז ניט ווי אן אנדער מעשה וואס מ'קען טאן א משך זמן, און דערנאך איז מען מפסיק, און דערנאך הויבט מען אן נאכאמאל, נאר) דאס איז אן ענין וואס ווערט נמשך אן קיין הפסק -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז די הוראה פון "תורת חיים" (די אנווייזונג אויפן לעבן) איז א <u>שטענדיקע</u> אנווייזונג אויף יעדער פרט פון דעם לעבן, און דאס איז אין אן אופן אז ס'איז ניטא קיין הפסק אין דעם (אזוי ווי אין דעם ענין פון לעבן).

ד.ה. אז פון דעם ערשטן רגע וואס ס'איז דא די מציאות - איז שוין גלייך דא אן אנווייזונג אין תורה ווי אזוי ס'זאל זיין דער לעבן פון דער מציאות בכל רגע וואס ס'איז דא דער קיום פון דער מציאות.

און דאס איז ניט נאר בנוגע צו סוג המדבר, נאר אפילו אויך בנוגע צו חי, צומח און דומם.

ב. דאס איז אויך פארבונדן מיט תורת הבעש"ט הידועה (וואס דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין שעהיוה"א בתחלתו) אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהווה און מקיים און מחי' די זאך וואס ווערט אנגערופן אין לה"ק מיט דעם נאמען,

און דאס איז אין אן אופן אז ווען דער חיות (וואס איז מלובש אין שמו אשר יקראו לו בלה"ק) וואלט נסתלק געווארן אויף איין רגע, וואלט גלייך געווארן אויס מציאות פון דער זאך (ניט נאר אויס מציאות פון א חי אדער א מדבר, נאר אויס מציאות <u>לגמרי</u>), ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין שעהיוה"א, אז ס'וואלט געווארן "אין ואפס ממש כמו לפני ששת ימי בראשית ממש".

ד.ה. אז יעדער מציאות וואס איז דא אין וועלט באקומט איר חיות פון די אותיות מיט וועלכע דער אויבערשטער האט

- איר -

------------

1) ראה זח"ג נג, ב.

איר אנגערופן – ווי דאס ווערט אנגערופן בלשון הקודש,

וואס איינער פון די טעמים בזה איז, אז דאס איז דערפאר וואס אין דעם לשון איז געשריבן געווארן תורתנו הקדושה, וואס די איז געגעבן געווארן פון "קדוש ה׳" צום "גוי קדוש", וואס דאס זיינען אידן בכלל און יעדער איד אלס יחיד,

און דורך אידן איז דאס אויך געגעבן געווארן צו די גאנצע מציאות פון וועלט – וואָרום תורת הבעש"ט הנ"ל באציט זיך דאך ניט נאר אויף אידישע און רוחניות׳דיקע זאכן, נאר אויף יעדער מציאות וואס איז דא אין וועלט, אז בכל רגע איז איר קיום וחיות פון די אותיות מיט וועלכע די מציאות ווערט אנגערופן בלשון הקודש (דער לשון וואס אין אים איז געשריבן געווארן תורתנו הקדושה), ווי דער אלטער רבי איז דערנאך ממשיך אז דאס איז אויך בנוגע צו מציאות הדומם שבעולם (ביז אין דומם שבדומם).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר להאמור לעיל, אז אויף יעדער זאך איז דא א הוראה אין "תורת חיים", פון דעם ערשטן רגע וואס ס׳איז דא די מציאות, און א הוראה אויף יעדער רגע וואס די מציאות איז קיים –

וויבאלד אז בכל רגע באקומט די מציאות איר חיות פון די אותיות פון שמו אשר יקראו לו בלשון <u>הקודש</u> – דער לשון וואס אין אים איז געגעבן געווארן תורתנו הקדושה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בכל רגע וואס די מציאות איז קיים, איז דא א הוראה אין "תורת חיים" ווי אזוי ס׳דארף זיין דער לעבן פון דער מציאות.

ג. ובנוגע לעניננו:

ווען ס׳רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט כו"כ מענטשן, עאכו"כ מיט כו"כ אידן, ביז כמה עשיריות מישראל – איז בשעת מ׳פארנעמט זייער צייט (וואס זיי וואלטן דאס געקענט אויסנוצן באופן אחר),

וואס יעדער רגע פון א אידן, איז דאך א טייערע זאך, ובלשון הידוע[2] "אין אבידה כאבידת הזמן שאין לה תמורה כלל", און ווי דער פתגם הידוע[3] אז אדם דואג על איבוד דמיו אע"פ אז ער קען דערנאך פארדינען כמ"פ ככה, און דערפאר וואונדערט מען זיך: ווי קומט דאס אז מ׳איז ניט דואג על איבוד ימיו.

וואס "ימיו" מיינט ניט דוקא א גאנצן טאג, נאר אפילו

- א טייל -

------------

2) מד"ש לאבות פ"ה מכ"ג. 3) ספר החיים פ"ה.

א טייל פון דעם טאג, און אפי׳ איין רגע, איז בשעת מ׳נוצט דאס ניט אויס ווי עס דארף זיין, איז דאס אן אבידה שאינה חוזרת,

- דארף מען האבן א בארעכטיקונג אויף דעם (און די איינציקע בארעכטיקונג קען זיין נאר פון תורה) - אז מ׳זאל אויסנוצן די צייט אין אן אופן אז צוליב דערויף איז כדאי צו פארנעמען צייט ביי אזוי פיל אידן, מצד די תקוה (די האפענונג) וואס מ׳האט אז דערנאך וועלן זיי זיין צופרידן דערפון - וואס דאס רופט אויך ארויס א צופרידנקייט ביי דעם וואס איז געווען א סיבה וגורם אויף צו פארנעמען זייער צייט.

וכמדובר כמ"פ די הוראה פון רבותינו[4] אז פון יעדער התוועדות, אפי׳ א התוועדות פון חסידים צווישן זיך און אידן צווישן זיך, דארף אויסגענוצט ווערן אין אן אופן אז דערפון זאל ארויסקומען א "בכן" - א הוספה אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[5].

וואס דאס גיט די בארעכטיקונג, און נאכמער: דאס גיט אן עידוד - אז מ׳איז צופרידן דערפון וואס מ׳האט זוכה געווען אויסנוצן די צייט אין אן אופן אז דערפון קומט ארויס א הוספה במעשה בפועל בעולמנו, עולם העשי׳, ובפרט זייענדיק אין סוף זמן הגלות, וואס דעמולט איז נאכמער נוגע דער ענין פון מעשה בפועל, ווי דער אלטער רבי ערקלערט דאס אין אגה"ק[6].

וואס דורך דעם וואס ס׳קומט צו אן עשי׳ טובה, אן עשי׳ פון תומ"צ - הילט דאס צו דעם "קץ שם לחושך"[7], אז ס׳ווערט די ענדע פון חושך הגלות פון עולם העשי׳, און מ׳ברענגט אראפ די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

ד. ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות, אז די ענינים וואס דארפן ארויסקומען דערפון וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען, דארפן זיי זיין פארבונדן מיט ענינים פון תומ"צ, מיט אידישקייט; אבער אין דערויף גופא זיינען דא מערערע מעגליכקייטן, ביז אין אן אופן פון א"ס, וויבאלד אז תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים"[8] - האט מען אויף דערויף א הוראה פון "תורת חיים" וועלכן ענין מ׳דארף מקדים זיין:

די משנה[9] זאגט: "כל המקודש מחבירו קודם את חבירו", און "כל התדיר מחבירו קודם את חבירו". ד.ה. אז אפי׳ ווען ס׳זיינען דא צוויי זאכן וואס ביידע זיינען ענינים פון

- קודש -

---

4) ראה סה"מ ה׳תש"י ע׳ 189. 5) ראה אבות פ"א מי"ז. 6) ס"ט. 7) איוב כח, ג. 8) שם יא, ט. 9) זבחים פט, א.

קודש, איז וויבאלד אז איינער פון זיי איז מקודש יותר וכו׳, איז ער אויך קודם בזמן, ווי דער דין איז בנוגע צו הקרבת הקרבנות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו יעדער פעולה פון א אידן, וואס זי דארף זיין מיט דער כוונה אז דורך דערויף זאל ער נתקרב ווערן צום אויבערשטן [וואס דאס איז דאך דער ענין פון קרבנות, ווי ער זאגט אין ספר הבהיר[10] "אמאי איקרי קרבן אלא מפני שמקרב", דורך דערויף ווערט א איד נענטער צום אויבערשטן, "נחת רוח לפני כו׳"[11]], וואו ווארום וויבאלד אז די גאנצע מציאות פון א אידן איז אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[12], איז פארשטאנדיק אז יעדער רגע וואס זיין מציאות איז דא, דארף אויסגענוצט ווערן אויף דינען דעם אויבערשטן -

זיינען דא אין דערויף כו"כ דרגות - און דער סדר בזה איז, אז דער ענין וואס איז מקודש יותר, תדיר יותר וכיו"ב, איז ער קודם צו א צווייטן ענין.

וואס דאס קומט ארוים ביז אין ענינים פון אכילה ושתי׳ פון א אידן [וואס דאס איז דער גשמיות׳דיקער טייל וואס איז דא ביי א אידן, ביז ווי די גמרא[13] זאגט אז דאס איז פון די דריי זאכן וואס מ׳איז גלייך (ניט צו מלאכי השרת, נאר) צו עולם החי] - ווי דער דין[14] איז בנוגע צו סדר הברכות, אז דער מאכל וואס איז חשוב יותר, איז ער קודם, און אויף אים דארף מען מאכן די ברכה פריער.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער התוועדות - אז אע"פ אז ס׳זיינען דא כו"כ ענינים שהזמן גרמא; די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש ניסן, חג הפסח, און שנת העיבור וכו׳ - איז אבער דא אן ענין וואס דארף זיין לכל לראש.

ה. כמדובר אמאל בארוכה אז איינע פון די עיקרים וואס תורה איז געבויט אויף זיי איז, אז ווען מ׳באקומט א טובה דארף מען אפדאנקען אויף דעם.

וואס דאס איז אויך דער יסוד פון די מצוה פון כיבוד אב ואם הגשמיים, כמבואר אין די ספרים וואס זיינען מבאר טעמי המצוות[15], אז ס׳איז דא א טעם בשכל אויף דעם ענין פון "כבד את אביך ואת אמך"[16], וויבאלד אז זיי האבן אים געבראכט לעולם [און מ׳האט אים געגעבן מאכל ומשקה וכו׳ (מיט אלע

- פינף -

---

10) ס"י מו (קט). 11) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 12) קידושין בסופה. 13) חגיגה טז, א. 14) ראה סדר ברה"נ לאדה"ז פ"י. 15) ראה חינוך מצוה לג. 16) יתרו כ, יב.

פינף זאכן וואס די גמרא[17] רעכנט אויס) - וואס דערפאר דארף ער זיי אפדאנקען פאר דעם[18].

עאכו"כ אז ער דארף אפדאנקען צום דריטן שותף שבו, דער אויבערשטער (וואָרום ס'זיינען דאך דא "שלשה שותפין באדם"[18]), וואס ער איז דער עיקר שותף, און ער איז מהווה דעם אב ואם -

איז דאך פארשטאנדיק, אז מ'דארף אנערקענען און אפדאנקען דעם אויבערשטן, און דאס דארף זיין אין אן אופן אז ס'זאל דורכנעמען כל עניניו וכל מהותו, ווארום דאס וואס ער באקומט פון דעם אויבערשטן איז ניט אזוי ווי די התהוות שלו מאביו ואמו, אז דערנאך ווערט ער א מציאות בפ"ע, נאר אין אן אופן אז דער אויבערשטער איז אים מהווה בכל רגע (דורך שמו אשר יקראו לו בלה"ק) - ובמילא איז פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "בכל דרכיך דעהו"[19], וואס דאס איז ניט קיין חקה און גזירה שאין לה טעם, נאר ס'איז פארשטאנדיק בפשטות במכש"כ וק"ו פון כבוד אב ואם הגשמיים.

וואס דאס איז אויך דער יסוד פון מצות ביכורים - אז מ'דאנקט אפ דעם אויבערשטן פאר די טובה גשמית וואס ער גיט[20], בדוגמא צו דער הכרת טובה אין דער מצוה פון "כבד את אביך ואת אמך".

און דערפון האט מען אויך א הוראה אז ווען מ'באקומט א טובה פון א אידן (וואס אידן זיינען בדוגמא צום אויבערשטן, ווארום "אדם" איז על שם אדמה לעליון[21]), דארף מען אנערקענען די טובה, און די אנערקענונג דארף אראפקומען אין אן אופן אז מ'זאל זעהן אז ער מיינט דאס בכל כחות נפשו.

ו. ובנוגע לענינינו:

ווען ס'קלייבן זיך צוזאמען כו"כ אידן, ובתוך כל הכוונות וואס זיי האבן דערביי, איז אויך דא די כוונה (און א כוונה עיקרית) בכדי צו באגריסן איינעם וואס האט זוכה געווען בזכות אבותיו צו האבן אן איינטייל אין הפצת התורה והמצוה וואס ווערט געטאן דורך די מסובים כאן, און דורך כו"כ וואס הערן זיך צו די דייד, און דורך כו"כ וואס טועך דאס ניט וויסנדיק אדער יע וויסנדיק וכו' - דורך די התעוררות וואס קומט פון די ד' אמות וואו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געדאווענט און געלערנט און מקיים געווען מצוות במשך עשר שנים -

- איז -

---

17) ירושלמי קידושין פ"א ה"ז. 18) ראה קידושין ל, סע"ב. 19) משלי ג, ו. 20) פרש"י עה"פ תבוא כו, ג. ועוד. 21) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.

איז דעמולט דא א חיוב עיקרי וואס קומט לכל לראש (וואס דערפאר דארף דאס קומען קודם לכל ענין שבדיבור), אויף אויסדריקן הכרת טובה צו די אלע וואס האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און האבן דאס פארבונדן מיט אויסדריקן די השתתפות און עידוד וחיזוק אין הפצת התורה והיהדות וואס ווערט נמשך דורך די פעולה וואס האט זיך אנגעהויבן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס דאס איז געווען א פעולה נמשכת, ס'איז א פעולה נמשכת, און ס'וועט זיין א פעולה נמשכת, ביז אין אן אופן פון פירות און פירי פירות; און האבן דאס פארבונדן מיט א טאג וואס איז פארבונדן מיט פלוני בן פלוני, וואס ער איז צווישן די וואס האבן דעם זכות ממשיך זיין אין דער פעולה נמשכת פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, ביז אז ס'זאל אראפקומען במעשה בפועל -

איז לכל לראש א חוב, און נאכמער: א זכות נעימה, א זיסע און א גוטע התחייבות, אויף אויסדריקן א יישר-כח פאר די אלע וואס האבן זיך צוזאמענגעקליבן דא, און די אלע וואס קלייבן זיך צוזאמען במקומות אחרים, און די אלע וואס הערן זיך צו צו דעם פארבריינגען, אדער אז זיי וועלן דערנאך לייענען אדער הערן דאס וואס ס'האט זיך גערעדט אויף דעם פארבריינגען (ווארום זיי ווילן אויך האבן די השתתפות אין דעם),

אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "תשנה לשנה הבאה" (ווי ס'שטייט בנוגע צו ביכורים[22]), אז יעדערער פון זיי און אלע צוזאמען זאלן האבן אריכות ימים ושנים טובות, און מ'זאל קענען טאן נאכמער אין הפצת התורה והיהדות, בהמשך צו דער פעולה נמשכת פון די פעולות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר און די נשיאים שלפניו, ביז צום אלטן רבי'ן, און דער מגיד מיטן בעש"ט,

און אראפברענגען דאס למטה מעשרה טפחים, ביז אז ס'וועט אראפקומען אין חומריות פון עוה"ז, אז די חומריות זאל מען איבערמאכן אויף גשמיות, און די גשמיות זאל זיין אין אן אופן של כלי אויף רוחניות - אמת'ע רוחניות, וואס דאס איז דער אויבערשטער אליין, דורך דער הנהגה אין אן אופן פון "בכל דרכיך דעהו".

און וויבאלד אז כמה פארבינדן דאס אויך מיט פלוני בן פלוני - איז דא דער זכות נעימה אויף אויסדריקן אויך די הכרת טובה פרטית.

און ווי גערעדט אמאל בארוכה און שוין אויך געדרוקט[23] - (וואס) -

------------

22) תנחומא (באבער) ופרש"י תבוא ב, טז. 23) לקו"ש ח"ה ע' 422 ואילך.

(וואס דערפאר דארף מען ניט פארנעמען די צייט אויף צו איבער׳חזר׳ן נאכאמאל), אז מ׳האט די הבטחה פון תורתנו "תורת חיים" אז "ואברכה מברכיך"[24], אז כל המברך מתברך[25], יעדערער וואס בענטשט א אידן (ווער דער איד זאל נאר זיין), בענטשט אים דער אויבערשטער מיט זיין בדכה, וואס ברכתו של הקב"ה איז אין אן אופן אז תוספתו מרובה על העיקר[26],

ביז צו דער ברכה העיקרית, וואס די איז די תקוה (האפענונג) און די עיקר׳דיקע האפענונג פון יעדער אידן און אלע אידן - אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו זעהן דעם ביהמ"ק במקומו, אין ירושלים עיה"ק, וואס "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י", און "עתידה א"י שתתפשט בכל העולם כולו"[27].

און ס׳זאל מקוים ווערן ברכתו של הקב"ה אין אן אופן פון "אהישנה"[28], ובפרט לויט ווי די גמרא[29] זאגט אלס א דבר פשוט אז ס׳איז שוין "כלו כל הקיצין", ס׳איז שוין נאך אלע חשבונות.

און אין אן ענין שהזמן גרמא - ס׳זאל זיין "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים"[30], און בשמחה ובטוב לבב, ווארום אכילת הקרבנות בכלל דארף דאך זיין אין אן אופן של שמחה וגדולה[31], עאכו"כ בנוגע צו קרבן פסח וואס "אינו נאכל אלא צלי"[32], ווי ס׳שטייט אויף דערויף[33] דער טעם אז דאס איז דערפאר וואס "צלי" איז אן אופן אכילה של מלכים, אן ענין של גדולה וכו׳,

און ס׳זאל טאקע זיין בעגלא דידן, בניסן זה, וואס "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל"[34], ע"י משיח צדקנו, "ושמחת עולם על ראשם"[35].

* * *

ז. מ׳האט דערמאנט פריער (ס"ו) בנוגע צו די פעולות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז דאס איז אן ענין פון "פעולה נמשכת".

ווארום וויבאלד אז דאס זיינען פעולות פון א צדיק, איז דאס אן ענין נצחי, ווארום "דברי צדיקים קיימים לעד".

ובפרט לויט דעם וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געשריבן[36]

- בנוגע -

---

24) לך לך יב, ג. 25) סוטה לח, ב. 26) ב"ר פס"א, ד. ועוד. 27) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג. 28) סנהדרין צח, א. 29) שם צז, ב. 30) ברכת "אשר גאלנו" - מפסחים קטז, ב במשנה. 31) זבחים צא, א. חולין קלב, ב. 32) זבחים נו, ב במשנה. 33) תוד"ה אין נאכלין - חולין שם. 34) שמו"ר פט"ו, יא. וראה אוה"ת בא ע׳ רנט. סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 19. 35) ישעי׳ לה, י. ועוד. 36) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 235.

בנוגע צו זיין פאטער לאחרי הסתלקותו, אז אויך דעמולט איז "לא יפרדו מעל צאן מרעיתם" - וואס דעדפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו אים אליין

[וכמובן פון תורת הבעש"ט[37], אז ווען א איד, עאכו"כ א צדיק און א נשיא, זאגט ווי אזוי ס'פידט זיך א מענטש דוגמתו, איז ווען ער ווערט דערנאך דער וואס איז יושב על כסאו, איז זיין פס"ד (וואס ער האט געזאגט אויף יענעם) אויך בנוגע צו זיך אליין].

ובפרט נאך אז מ'קומט פון די ימים הסמוכים צו ב' ניסן - וואס דער חצי הראשון פון חודש ניסן איז בכלל איין המשך, עאכו"כ די י"ב ימים הראשונים וואס דעמולט איז דער ענין פון די "נשיאים", אנהויבנדיק פון ד"ח ניסן וואס ער איז "ר"ח למלכים"[38], ווי די גמרא[39] טייטשט אפ "למלכי ישראל",

און ביום השני פון חודש ניסן, איז געווען די הסתלקות פון דעם נשיא שלפניו, וואס ער איז אויך געווען אביו, און וויבאלד אז ער איז געווען א בן יחיד, איז דאך דער דין אין מסכת הוריות[40] אז א מלך וואס האט געהאט א בן יחיד, דארף דער בן מלך נים האבן קיין משיחה בפ"ע, וואדום ס'איז א דבר פשוט (אן קיין מחלוקת און שקו"ט) אז ער איז ממלא מקומו - און דערפאר איז אין דעם רגע וואס ס'איז געווען דער "ובא השמש" איז גלייך געווען דער "וזרח השמש"[41], ד.ה. אז אין ב' ניסן איז געווען התחלת נשיאותו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און דערנאך ווערן די אלע י"ב ימים (וואס זיינען פארבונדן מים נשיאים) א חטיבה אחת -

ווי דער אלטער רבי איז מבאר[42] דאס וואס ס'שטיים בנוגע צו חנוכת ומשיחת המשכן "זאת חנוכת המזבח ביום המשח אותו"[43], וואס לכאו' איז נים פארשטאנדיק: "ביום המשח אותו" האט דאך מקריב געווען נאר נחשון בן עמינדב, איז ווי זאגט מען אים דעם סך-הכל פון כל קרבנות הנשיאים "ביום המשח אותו"?

איז דער ביאור בזה, אז אלע טעג זיינען כלול אין דעם ערשטן טאג, און די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן אין דעם ערשטן טאג, זיינען געווען אין אן אופן פון "פעולה נמשכת" אויף אלע י"א ימים שלאח"ז, ביז אז פון דעם ערשטן טאג ביז דעם לעצטן טאג ווערט דאס אלץ אנגערופן "ביום (לשון יחיד) המשח אותו" -

- וואס -

---

37) כש"ט הוספות אות פט. 38) ריש ר"ה. 39) שם ג, א. ח, א. 40) יא, ב. רמב"ם הל' מלכים ספ"א. שם ה"ז.
41) ראה יומא לח, ב. 42) לקו"ת נשא כט, א. 43) נשא ז, פד.

וואס דערפון זעט מען דעם קשר ושייכות צווישן די י"ב ימים ראשונים פון ניסן, וואס דאס איז כולל דעם טאג פון ב' ניסן, התחלת הנשיאות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

ח. דאס איז נאכמער מעודד אז מ'זאל זיך מתבונן זיין אין וואס איז געווען עיקר פעולתו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (אויף וויפל אנשים כערכנו קענען דאס פארשטיין) -

זעט מען אז עיקר הפעולה שלו איז געווען אין דעם שטח פון חינוך. ד.ה. ניט נאר דער ענין החינוך במובן רחב, וואס דאס איז כולל כל התורה ומצוותי', נאר אויך אין ענין החינוך כפשוטו, מאכן חדרים און ת"ת'ס און ישיבות [ווי מ'טיילט דאס איצטער פאנאנדער מיט א מאדנעם חילוק - "ישיבה קטנה" און "ישיבה גדולה" (וואס לא היתה כזאת בישראל ביז איצטער, עס איז א חידוש פון דעם דור)].

און ער איז אין דערויף געווען א ממשיך פון די נשיאים וואס ער איז געווען זייער ממלא מקום -

כמסופר[44] בנוגע צום אלטן רבי'ן, נשיא פון תורת חסידות חב"ד, אז נאך איידער ער איז געווארן א נשיא במובן הרחב, האט ער שוין מייסד געווען כתות פון תלמידים מיט וועלכע ער האט אליין געלערנט - טרחא בגופו, און האט זיי א נאמען געגעבן [ניט "ישיבה גדולה", אפי' ניט "ישיבה קטנה", נאר] - "חדרים".

וואס "שמא מילתא הוא"[45], ובפרט א נאמען וואס ווערט געגעבן דורך א צדיק א נשיא בישראל, על מנת דאס זאל איבער-געגעבן ווערן לדורותיו אחריו -

איז מנהג ישראל תורה הוא[46] אז א "חדר" רופט מען אן דעם ארט וואו א קינד הויבט אן צו לערנען תורה ווען ער איז דריי יאר אלט

[וכמבואר אין מדרש[47] בנוגע צו מתן תורה פאר כללות ישראל על כללות כל הדורות כולם, "תעבדון את האלקים על ההר הזה" - אז אידן זיינען דעמולט געווען ווי א תינוק בבית הספר כו', וואס דערפאר שטייט אויף דעם דער לשון "הביאני המלך חדריו[48]],

און אעפ"כ האט דער אלטער רבי אנגערופן די כתות פון

- תלמידים -

---

44) לקו"ד כ"א כט, ב. 45) ראה לקו"ש ח"ו ע' 35 ואילך ובהערות שם. 46) ראה תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 47) הובא בחוד"ה פורענות - שבת קטז, רע"א. ירושלמי תענית פ"ד ה"ה. 48) שה"ש א, ד.

תלמידים מיטן נאמען "חדרים", אע"פ אז אויף אנקומען אין די חדרים האט מען געדארפט זיין בקי בש"ס, מדרש און ספרי חקירה וכו׳[44].

וההסברה בזה, אז צוזאמען מיט די תנאים הנ"ל וואס זיינען געווען אויף אנגענומען ווערן אין די חדרים, איז אויך דא דער תנאי אז ער דארף וויסן אז ער ווערט אנגענומען אין "חדר", ער הויבט אן יעצט גיין אין "חדר".

וואס דאס איז ניט קיין ענין פון "חקה חקקתי", היפך השכל לגמרי, ווארום בשעת מ'באטראכט זיך אז תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[8], אין אן אופן פון אין סוף - איז מובן בפשטות אז ווי גרויס דער גבול זאל נאר זיין [וואס יעדער מענטש, אפי׳ א חכם שבחכמים, איז דאס אלץ אן ענין של גבול] - איז דאס לגמרי שלא בערך הבלי גבול. און ווי דער אלטער רבי איז מבאר[49] (ובארוכה בספר החקירה), אז אין פארגלייך צו א בלי גבול האט אחד מיט אלף אלפים ורבוא רבבות דעם זעלבן ערך.

וואס דערפאר איז מובן בשכל הפשוט, אז דאס איז אן ענין פון גיין אין "חדר" אפי׳ לגבי א גדול שבגדולים.

ס. אין דעם ענין החינוך גופא - האט מען געזעהן בעיני בשר, אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך מוסר נפש געווען בעיקר אויפן חינוך פון קטנים בשנים כפשוטו, וואס אויף דעם איז געווען עיקר הגזירה: מיט גדולים האט מען געמעגט לערנען; די סכנה ומסירת נפש איז געווען בנוגע צו לימוד התורה מיט קטנים.

וואס דאס איז אויך נמשך געווארן פון די נשיאים שלפניו, אנהויבנדיק אויך פון דעם בעש"ט מייסד תורת החסידות הכללית -

וכמסופר אין די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[50] אז נאך אידער דער בעש"ט איז נתגלה געווארן איז ער געווען א באהעלפער ביי א מלמד אין א חדר.

ד.ה. ניט ער איז געווען א מלמד, נאר א באהעלפער, וואס זיין ארבעט איז באשטאנען אין לערנען די קינדער זאגן אמן יהא שמי׳ רבא, ברכות, ב"ה, וכיו"ב -

און דאס איז געווען די התחלה והכנה והקדמה צו זיין גילוי אלס "בעל שם טוב", ווארום שמו ("ישראל") איז געווען

- דער -

---

49) תניא פמ"ח (סז, ב). 50) ראה ספר התולדות אדמו"ר הריי"ץ ע׳ 24.

דער נאמען מיט וועלכן עס ווערט אנגערופן יעדער איד און אלע אידן, און אפי׳ דער וואס בלויז "יכונה", איז - "בשם ישראל יכונה"[51] - איז פעולתו בגשמיות באופן הנראה לעיני בשר, האט זיך אנגעהויבן מיט העלפן מחנך זיין אידישע קינדער מקטנותם אין דעם ענין וואס פארבינדט זיי מיט אבינו שבשמים.

און אזוי איז דאס אויך געווען ביי די נשיאים שלאחריו, ביז (כאמור) ביי נשיא דורנו, אז נוסף על כל פעולותיהם, איז חשיבות מיוחדת נודעת צו דעם ענין החינוך, און אין חינוך גופא - חינוך פון א תינוק משמתחיל לדבר[52] וואס דאס איז - כמבואר בספרים[53] - ווען דער קינד איז אלט בערך צוויי יאר, און דערנאך פון א קינד בן שלש, וואס דעמולט פירט מען אים אין חדר, און דערנאך בן חמש שנים למקרא בן עשר שנים למשנה כו׳ בן חמש עשרה לגמרא וכו׳[54].

י. דער ענין הנ"ל - אז די עיקר ההתעסקות פון די נשיאים איז געווען בנוגע צו חינוך קטנים בשנים כפשוטו - איז אויך פארשטאנדיק בפשטות:

וויבאלד אז משהתינוק מתחיל לדבר אביו מלמדו תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב איז געזאגט געווארן אויף יעדער אידן, כולל אויך דעם נשיא אליין,

איז דערפון פארשטאנדיק אז ווען ער דערמאנט זיך אז די התחלה פון ווערן דערנאך נשיא הדור, האט זיך ביי אים אנגעהויבן דערפון וואס בשעת ער איז געווען א קטן בשנים איז אביו מלמדו הורה צוה לנו משה,

איז די התחלה פון זיין הכרת טובה - אז וואו ער זעט א קינד וואס מאיזה סיבה שתהי׳ ווייסט ער נאך ניט וועגן תורה צוה לנו משה, און אז דאס איז "מורשה", א ירושה, וואס אפי׳ א תינוק בן יומו איז יורש הכל[55] - איז פעולתו מיט א חיות צו מחנך זיין דעם קינד.

יא. והדגשה מיוחדת בזה - וויבאלד מ׳שטייט איצטער אין דער חתימה פון דעם וואס מ׳האט גערעדט פאר-א-יארן י"א ניסן וועגן שנת החינוך (אז מ׳זאל דאס מכריז זיין אויפן גאנצן יאר) -

דארף דאך דעמולט זיין, ווי בסוף כל שנה, דער ענין פון - א חשבון -

---

51) לשון כ"ק מו"ח אדמו"ר במכתבו - סה"מ תרפ"ח ע׳ קמו. 52) סוכה מב, א. 53) ראה רמ"א או"ח סרמ"ה ס"ח. הל׳ ת"ת לאדה"ז בתחלתו. 54) אבות פ"ה מכ"ב. 55) נדה מד, רע"א.

א חשבון צדק - וואס האט מען אויפגעטאן במשך דעם יאר בנוגע צו חינוך.

און דער חשבון דארף זיין ניט סתם לשם חשבון, נאר ווי אין יעדער ענין פון תורת חיים, אז המעשה הוא העיקר, דארף זיין דער חשבון על מנת אז אויב ס'איז עפעס ניט דערטאן געווארן, זאל מען דאס ממשיך זיין בהקדם;

און אפי' אויב מ'האט אלץ געטאן, דארף דאס גופא מעורר זיין מ'זאל טאן נאך מערער, ווארום "מי שיש לו מנה רוצה מאתים, ומי שיש לו מאתים רוצה ארבע מאות"[56] - וואס דאס האט דער אויבערשטער איינגעשטעלט בטבע כל אדם, עאכו"כ בטבע ישראל וואס "אתם קרויין אדם"[57] - במילא דארף דאס מעודד זיין און מוסיף זיין מרץ אז לשנה הבאה זאל דער חשבון זיין פיל א גרעסערער ווי בשנה זו.

און דאס זאל זיין בשמחה ובטוב לבב - וואס שמחה פורץ גדר[58], ווי מ'זעט בטבע האדם אז בשעת ער שטייט אין א תנועה של שמחה, און מ'קומט צו אים מיט אן הצעה ער זאל מאכן א חשבון מדויק, פרוטה לפרוטה, ענטפערט ער אז ער איז איצטער ניט אין דער שטימונג -

איז כדי לצאת מכל הספיקות זאל מען געבן ביד רחבה, באופן אז לויט אלע חשבונות זאל דאס זיין א תוספת וואס איז מרובה על העיקר.

יב. יעדער ענין אין וועלט איז דאך בהשגחה פרטית, איז בהמשך להמדובר לעיל וועגן ענין החינוך, זעט מען אז דער מסבב הסיבות האט מסבב געווען כו"כ סיבות, און מ'האט מכריז געווען - אין אן אופן פון "דינא דמלכותא דינא"[59] - אז היינטיקער טאג זאל נקבע ווערן אלס "יום החינוך" בכל רחבי ארצות הברית.

וואס דאס איז נאך מערער מדגיש אויף וויפל אן ענין פון תורת אמת ותורת חיים דערנעמט יעדערן - און אין אן אופן ווי תורה וויל, אז דאס איז בנוגע לעשי' בפועל - אז מ'איז מכריז גלוי לעיני כל העמים אז ענין החינוך איז א דבר עיקרי ויסודי, ביז אז מ'מוז קובע זיין א יום אחד בשנה, "אחת בשנה", ער זאל מעורר ומעודד זיין און מוסיף זיין מרץ אין דעם ענין החינוך,

- אז -

------------

56) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ס"פ ח"ש.
57) יבמות סא, רע"א. 58) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 59) גיטין י, ב. וש"נ.

אז יעדערער וואס האט א שייכות צו דער מלוכה, צי ווייל ער איז איינער פון תושבי המדינה, אדער ער איז פון די וואס באקומען אן עזר והשפעה ממדינה זו, וואס איצטער איז דאך דאס - כל העולם כולו (ווי מסבב הסיבות האט מסבב געווען) -

איז מען מכריז גלוי לעין כל, אז דאס איז א טאג המיוחד לעניני חינוך, און די כוונה פון דעם טאג איז אז ממנו זאל זיין א פעולה נמשכת בכל ימות השנה, ד.ה. אז בכל יום מימות השנה זאל זיין ניכר די התעוררות בענין החינוך וואס איז געווען ביום זה.

יג. אין דעם ענין החינוך זעט מען אז ס'איז מודגש דער גודל הענין פון מעשה בפועל -

ווי מ'זעט אז יעדער מחנך איז מדגיש, אז די גרעסטע ווירקונג אויפן קינד איז - ניט ווען מ'איז יוצא מיט דיבור אליין (עאכו"כ מיט מחשבה - וואס פועל'ט כלל ניט אויפן קינד), אפי' אויב דאס איז א דיבור יפה בדברים היוצאים מן הלב - וואס דעמולט איז מען דאך זיכער אז עס וועט פועל'ן אויפן קינד, אבער דאס פועל'ט ניט אויף אזוי פיל; עיקר הפעולה איז - ווען דער קינד זעט א מעשה בפועל פון דעם מורה (אדער מדריך) וואס באווייזט אים אז אזוי דארף מען טאן בפועל.

וואס ביי מחנכים איז דאס א דבר הפשוט, וואס מ'דארף אים גארניט מסביר זיין.

דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו "יום החינוך", אז דאס מיינט מען דעם מעשה בפועל. ד.ה. אע"פ אז מ'האט טאקע אנגענומען החלטות טובות ואמיתיות וחזקות, איז אבער עיקר הכוונה שבהם (וואס דעמולט קומען זיי לשלימותם) - אז "תיכף לתלמידי חכמים ברכה"[60], ד.ה. אז תיכף נאך יעדער ענין פון חכמה אמיתית וואס איז פארבונדן מיט תורה

וואס תורה איז דאך דערנאך אראפגעקומען אין אן אופן פון "לאור גוים"[61], ווי דער רמב"ם[62] פסק'נט אז יעדער מענטש בעולם דארף מקיים זיין די שבע מצוות בני נח מיט אלע זייערע הסתעפויות - וואס איינע פון זיי איז, מ'זאל מחנך זיין די קינדער זיי זאלן זיך פירן אין אן אופן פון "לעשות צדקה ומשפט"[63], בהנהגה ישרה וטובה, וואס אויף דעם האלט זיך ישוב העולם[64] (וואס "לשבת יצרה"[65]),

- און -

---

60) ברכות מב, א. תדא"ר פ"ב. 61) ישעי' מב, ו. 62) הל' מלכים ספ"ח. פ"ט. 63) וירא יח, יט. 64) ראה לקו"ש ח"ה ע' 157 ואילך. 404 ואילך. 65) ישעי' מה, יח.

און פארוואס דארף מען זיי מקיים זיין - ניט דערפאר וואס מ'האט אנגעזאגט אדם הראשון שש מצוות[66], און דערנאך נח'ן שבע מצוות, נאר דערפאר וואס משה רבינו האט אזוי מקבל געווען בשעת מ"ת מפי הגבורה[67] אויף איבערגעבן דאס צו עמי הארץ -

קומט גלייך אן ענין של (ברכה וואס איז פארבונדן מיט) מעשה בפועל.

יד. בענין הנ"ל זעט מען אויך ווי עס ווערט נענטער צו קבלת פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער "לעבדו שכם אחד"[68] דורך דעריף וואס "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה", אז אלע וועלן רעדן אין דער זעלבער שפראך -

איז איינע פון די ענינים פון די התחלה בזה ואמצע העבודה בזה איז - אז מ'האט מכריז געווען גלוי לעין כל דעם גודל החשיבות והחיוניות פון ענין החינוך, דורך דעם וואס מ'איז מקדיש לזה א יום אחד בשנה (אנהויבנדיק פון דעם היינטיקן טאג - ווען ס'האט זיך געענדיקט דער סך-הכל פון דעם חשבון צדק פון שנת החינוך שעברה),

וכאמור לעיל, על מנת אז פון דעם יום אחד בשנה זאל מען דאס דערנאך ממשיך זיין בכל ימות השנה.

טו. מ'האט גערעדט פריער אז אויף יעדער ענין דארף מען האבן א מקור אין תורה - שטעלט זיך לכאו' די שאלה, וואו געפינט מען אין תורה אט דעם ענין אז מ'זאל פארבינדן אן ענין חשוב מיט א יום מסוים בשנה?

וואס די שאלה שטעלט זיך במיוחד בנוגע צו ענין החינוך, וואס (ווי גערעדט פריער) מ'זעט במוחש אז ענין החינוך גייט אן ביי א קינד בלי הפסק מרגע שנולד, און ווי מחנכים און מילדות זאגן אז אויפן קינד מאכט א רושם די הנהגה פון אביו ואמו און די הנהגה בד' אמות שלו ובחדרו, נאך איידער ער איז מתחיל לדבר,

עאכו"כ ווען ער איז מתחיל לדבר, און דערנאך ווען ידע הנער קרא, און דערנאך ווען ער קען מבדיל זיין צווישן אור מיט היפך האור און צווישן מתוק והיפך המתיקות - איז אויך דעמולט פועל'ט אויף אים בעיקר די הנהגה פון אביו ואמו ומחנכו (מעדער ווי זייערע רייד צו אים),

און דעמולט קוקט ער זיך צו (אפי' ווען דאס איז שלא - בדעת) -

---

66) רמב"ם שם רפ"ט. 67) רמב"ם שם פ"ח הי"א.
68) צפני' ג, ט.

בדעת) ווי עס פירן זיך אביו ואמו ומחנכו בחיי היום-יום בכל פעולותיהם -

איז וויבאלד אז דער ענין החינוך ווערט נמשך בכל רגע - איז ווי האט דאס אן ארט צו קובע זיין אויף דעם א יום מיוחד בשנה?

טז. איז דער אמת - אז ניט נאר וואס דאס איז ניט בסתירה צו תורה, נאר אדרבה, מ'געפינט דעם ענין אין תורה גופא, און אין ענין החינוך גופא:

דער חינוך פון כללות עם ישראל איז דאך געווען (כאמור לעיל) במתן תורה, וואס דעמולט זיינען אלע אידן געשטאנען ווי א תינוק בבית הספר, און דערנאך איז געווארן א חיוב פון לימוד התורה סיי ביום סיי בלילה, ביז אין אן אופן אז כל רגע פנוי דארף זיין אנגעפילט מיט תורה,

און אעפ"כ, צוזאמען מיטן חיוב אויף לימוד התורה בכל יום ובכל רגע - האט מען קובע געווען "אחת בשנה" דעם טאג פון זמן מ"ת, חג השבועות, אז דעמולט זאל מען נתעורר ווערן מיט א חיות און א באנייאונג אין אן אופן חדש אין מ"ת און קבלת התורה מיט א הוספה בלימוד התורה.

וואס דאס איז דאך א דבר הפשוט, וכמובן בפשטות וואס דער ענין פון זמן מ"ת איז מעורר ביי יעדען אידן.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו כלל ישראל - איז אזוי אויך אין חיים הפרטיים פון יעדער אידן,

ווי מ'זעט אז ווען מ'הויבט אן פירן א קינד אין חדר, וואס דעמולט איז די התחלת חינוכו ולימוד התורה שלו, מאכט מען דעמולט א גאנצע מסיבה מיט כו"כ מנהגי ישראל[69] (ע"ד ווי חנוכת הבית[70]), און אויף מארגן איז דער קינד ממשיך גיין אין חדר בכל יום; אבער די חיות אויף דעם נעמט ער פון דעם טאג וואס ער האט אנגעהויבן גיין אין חדר.

יז. עד"ז געפינט מען אויך אין דעם ענין פון הכרת טובה להקב"ה:

הכרת טובה צום אויבערשטן דארף זיין בכל יום ויום, וואס דאס איז דאך דער ענין הברכות, אנהויבנדיק פון ברכות השחר ועד"ז ברכות הנהנין - וואס דאס איז א הודאה אויף די ענינים וואס דער אויבערשטער גיט;

- ואעפ"כ -

------------

69) ראה תו"א כט, סע"ד ואילך. לקו"ת נשא כט, א. ברכה צח, סע"ב ואילך. 70) ראה לקו"ת ברכה שם, ד ואילך.

ואעפ"כ געפינט מען א יום מיוחד בשנה, וואס דעמולט דארף זיין במיוחד דער ענין פון הכרת טובה להקב"ה - דער טאג פון הבאת ביכורים (כנ"ל ס"ה), וואס דער ענין איז דאך דא נאר פעם אחת בשנה[71].

ועד"ז איז אויך דא איינער פון די ימים טובים - חג הסוכות, וואס בפשטות איז ענינו, אז נאך דעם "באספך מגרנך ומיקבך"[72], איז דא דער ענין פון חג הסוכות בתור הכרת טובה פאר דעם וואס דער אויבערשטער האט געגעבן א ברכה אין די שדות וכרמים במשך כל השנה כולה[73].

און דער חילוק צווישן דעם מיט ביכורים איז - אז ענין הביכורים איז די הכרת טובה פון א יחיד פאר דעם וואס ער האט באקומען אלס יחיד;

וויבאלד אז ער איז אבער אויך א טייל פון עם ישראל - איז ער זיך אויך משתתף אין דעם ענין פון חג הסוכות - וואס ענינו איז די הכרת טובה פון כללות עם ישראל פאר די טובות וואס דער אויבערשטער האט געטאן מיט אונז;

סיי בגשמיות - "באספך מגרנך ומיקבך", סיי ברוחניות - ווארום דאס קומט דאך לאחרי העבודה פון ר"ה ועשי"ת ויוהכ"פ, וואס דעמולט איז געווען דער "סלחתי כדברך"[74], און אידן זיינען געווארן מרוצה להקב"ה[75], ביז וואנעט אז ס'איז "זמן שמחתנו" לשון רבים[76], "ישמח ישראל בעושיו"[77] און "ישמח ה' במעשיו"[78].

יח. עד"ז (פונקט ווי דאס איז בנוגע צו זמן מ"ת און זמן שמחתנו) - געפינט מען אויך בנוגע לחג הפסח - זמן חירותנו:

ס'איז ידוע די שאלה - אז וויבאלד אז "בכל דור ודור ובכל יום ויום חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא היום ממצרים"[79], און ווי דער דין איז אז מזכירין יציאת מצרים בכל יום, סיי ביום און סיי בלילה[80] - איז וואס איז דער ענין אז פסח איז דער זמן חירותנו?

נאר די הסברה בזה איז - כנ"ל - אז דאס איז דער טאג פון "אחת בשנה" וואס דעמולט איז "כל המרבה לספר ביציאת

- מצרים -

------------

71) ספרי ופרש"י עה"פ תבוא כו, ג. 72) ראה טז, יג. 73) ראה ג"כ יל"ש אמור רמז תרנד. 74) שלח יד, כ. 75) ראה פרש"י תשא לג, יא. 76) לקו"ת שמע"צ פה, ד. פד, א. 77) תהלים קמט, ב. 78) שם קד, לא. 79) נוסח ההגדה - מפסחים קטז, ב במשנה. וראה תניא פמ"ז. 80) רמב"ם הל' ק"ש פ"א ה"ג. שו"ע אדה"ז רסס"ז. ועוד.

מצרים הרי זה משובח", און פון דעם יום קבוע בשנה הויבט זיך אן די הוספה - ביז אין אן אופן פון "תוספת מרובה על העיקר" - אין דעם ענין פון מזכירין יציאת מצרים בכל הימים שלאחרי זה.

יט. ומכל הנ"ל מובן, אז נוסף לזה וואס אפי' אויב עס וואלט ניט געווען קיין יסוד מוסד בתורה אויפן ענין פון קביעות יום אחד בשנה, וואלט מען דאס אויך געדארפט מקיים זיין מצד "דינא דמלכותא דינא" -

וואס דאס איז א דין אין תודתנו תורת חיים ותורת אמת, ווארום אזוי איז דער אמיתיות הענין, וויבאלד אז דאס איז ניט בסתירה צו אן ענין פון אידישקייט (וואס דעמולט איז דאך ביי אידן דא מערנים ווי איין זאגער - מלך מלכי המלכים הקב"ה), ובפרט אז דאס העלפט אויך ארויס אין דעם המתאים צו ניט אידן בשבע מצוות בני נח וכל הפרטים שבהם, און דאס העלפט אויך ארויס לחינוך בני ובנות ישראל -

איז נוסף לזה, וויבאלד אז דאס איז אן ענין המוסד בתורה - אז אפי' אן ענין אין וועלכן מ'איז מחוייב בכל רגע איז דא אויף דעם א יום המיוחד בשנה

- ע"ד ווי דער ענין פון לימוד התורה כנ"ל, ועד"ז דער ענין פון קבלת עול מלכות שמים וואס אין דעם איז מען מחוייב בכל רגע, האט דאס א יום המיוחד בשנה, דער טאג פון ר"ה וואס דעמולט איז דער ענין פון "תמליכוני עליכם"[81] -

איז מובן עד"ז בנוגע צו יום החינוך וכו'.

כ. ויהי רצון אז מ'זאל דאס אויסנוצן אין דעם גאנצן פארנעם וואס מ'האט איצטער,

וואס דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט יעדערן פון אונז, ועד"ז בכמה מדינות, אין א מצב אז מ'קען טאן בשמחה ובטוב לבב, גלוי לעין כל אן קיינע הגבלות, אין א חינוך טוב וישר,

אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

און מ'זאל מקוים ווערן דער "מי שיש לו מנה רוצה מאתים" - אז די הצלחה וואס מ'וועט זיכער האבן אין דעם זאל מעורר זיין א תשוקה גדולה ונפלאה אויף טאן נאך מערער, און ניט נאר א ביסל מערער, נאר כפלים, און דערנאך כפלים פון די כפלים ("מאתים - רוצה ד' מאות"), און אזוי ווייטער באופן דהולך ומוסיף.

- און -

---

81) ר"ה טז, סע"א.

און דערנאך וועט זיכער זיין די הצלחה אז מ׳וועט קענען זאגן ראו גידולים שגידלנו - די פירות וואס מ׳האט פון דער הוספה אין דעם חינוך - נוסף אויף דעם עיקר וואס איז שוין געווען ביז איצטער אין חינוך,

אז מ׳וועט מגדל זיין קינדער וואס וועלן גיין אין דעם דרך וואס איז אנגעוויזן אין שבע מצוות בני נח וכל הסעיפים שלהם - וואס דאס איז בנוגע לכל אומות העולם, כל בני האדם;

וביתר שאת ויתר עוז - בנוגע צו די וואס זיינען מחוייב אין חינוך ע"פ תורה - בני אברהם יצחק ויעקב שרה רבקה רחל ולאה, וואס יעדערער פון זיי האט "מורשה קהלת יעקב" - די זעלבע תורה וואס "צוה לנו משה", "לנו" - צו יעדערן פון אונז בכל מקום ובכל זמן אן קיינע שינויים, האט מען דאס באופן ישיר פון משה׳ן אליין, וואס ער איז געווען א ממוצע המחבר, ווארום "ונחנו מה"[82], ער איז מערניט ווי א ממוצע המחבר[83], און "ומסרה ליהושע"[84] ביז עד סוף כל הדורות, "עד הים האחרון"[85] - כפירוש הספרי[86] - " עד היום האחרון".

און דורך דערויף וועט מען אויפשטעלן צבאות ה׳, און מ׳וועט גיין "בנעדינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו"[87]

- אזוי ווי דאס איז געווען אין ימי צאתך מארץ מצרים, אז "ובני ישראל יוצאים ביד רמה"[88], דורך דערויף וואס זיי האבן אויפגעשטעלט קינדער וואס האבן דערנאך געזאגט די ערשטע "זה[89] א-לי ואנוהו"[90] -

לקבל פני משיח צדקנו, ובאופן דאראנו נפלאות[91], ובשמחה ובטוב לבב, ובעגלא דידן.

* * *

כא. מ׳האט גערעדט פריער וועגן דעם גודל ענין החינוך, ביז וואנעט אז דער גאנצער ענין פון מ"ת ווערט צוגעגליכן אין מדרש צו א מצב פון א קינד וואס געפינט זיך בבית הספר, און ווי דאס איז אויך בפשטות - אז דערווארט "תורה" (וואס על שמו ווערט אנגערופן "מתן תורה") איז מלשון הוראה[1], וואס דאס איז דאך דער ענין החינוך, להורות להמחונך את הדרך הישר שבו ילך לבטח דרכו.

און אין דערויף גופא זאגט תורה דעם גודל הענין פון - "חנוך" -

------------

82) בשלח טז, ח. 83) סד"ה פנים בפנים תרנ"ט (ע׳ קצד-ה). וראה תו"ח וארא קטז, א ואילך. ועוד. 84) אבות רפ"א. 85) ברכה לד, ב. 86) הובא בפרש"י עה"פ. 87) בא י, ט. 88) בשלח יד, ח. 89) בשלח טו, ב. 90) ראה סוטה יא, ב. 91) מיכה ז, טו.

"חנוך לנער" אז דאס איז נוגע אויך צו "גם כי יזקין"[92] [אע"פ וואס בנוגע צו דעם זמן פון "חנוך לנער" זאגט די גמרא אין קידושין[93] הגבלות בשנים ביז ווען איז "אדידך על צוארי דבריך"] - און עס הויבט זיך אן נאך איידער הגיע לחינוך, אפי' איידער מתחיל לדבר, ביז אפי' ניין חדשים קודם שנולד איז שוין נוגע דער קידוש אביו ואמו צו די בנים ובנות הנולדים עי"ז[94], וואס דאס איז אויך אן ענין של חינוך,

ונוסף לזה, כדי לעורר את האדם, וואס ווי מ'זעט במוחש - דארף מען האבן א זירוז וציווי מיוחד בנוגע צו ענינים אין וועלכע מ'איז נתרגל געווארן, אז ס'זאל זיין "כחדשים"[95], מיט א כ"ף הדמיון, און ערשט דערנאך קומט דער צווייטער לשון[96] - "חדשים" (אן א כ"ף הדמיון); משא"כ א דבר חדש איז דעמולט "הכל רצין לקראתה" ווי ער זאגט אין ספרי[97] - דארף דעריבער זיין א יום מיוחד בשנה לעורר על ענין זה.

בדוגמא (ווי גערעדט פריער) ווי דאס איז בר"ה, אז דעמולט איז די התחדשות פון "המליכוני עליכם", פון קבלת עול מלכות שמים - אע"פ וואס מ'איז מחוייב בזה בכל רגע ורגע, ווארום ס'איז דאך פון די שש מצוות - "שש ערי מקלט"[98], ווי ער זאגט דעם סימן אין חינוך[99] [וואס כידוע איז דער ספר געשריבן געווארן לשם חינוך ילדי ישראל, כמובן פון דער הקדמה, ובפרט פון סוף דברי ימי חייו של המחבר],

איז אעפ"כ אויך אין דעם ענין פון קבעומ"ש, וואס ער איז יסוד כל התורה כולה - "אנכי ה' אלקיך גו'"[100] - פאראן א יום אחד בשנה, ראש השנה, וואס דעמולט ווערט א התחדשות און א שלימות אין דעם ענין פון קבלת עול וואס מ'האט געהאט במשך כל השנה שלפנ"ז, על מנת אז פון דער הוספה זאל דער נייער יאר (שלאחרי ר"ה) זיין ביתר שאת וביתר עוז אין דעם ענין.

ועד"ז אויך בנוגע ללימוד התורה, כנ"ל בארוכה, ועד"ז אויך אין דעם חינוך פון יעדער אידישן קינד - ווי גערעדט פריער.

ובפרט (כנ"ל) אז דער ענין איז א "דינא דמלכותא", וואס וויבאלד דאס איז אין עניני רשות, ובפרט אין עניני

- טוב -

---

92) משלי כב, ו. 93) ל, רע"א. 94) ראה נדה עא, רע"א. זח"א קיב, א. תניא ספ"ב. 95) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. 96) פרש"י תבוא כו, טז. וראה ג"כ פרש"י יתרו יט, א. עקב יא, יג. 97) שם. 98) לשון הכתוב - מסעי לה, ו. 99) באגרת המחבר בריש הספר (בסופה). 100) יתרו כ, ב.

טוב ויושר - ווערט דאך דאס א דין אין תורה (כמבואר ופשוט - אז דאס וואס מ'דארף מקיים זיין "דינא דמלכותא" איז ווייל עס ווערט א דין פון תורה),

און אין דעדויף גופא איז דאך דאס אזא "דינא דמלכותא" וואס ווערט א סיוע אין דעם קיום פון דעם חיוב און זכות פון תורתנו תורת חיים, וואס לייגט א הדגשה מיוחדת אויף חינוך הבנים והבנות

[ביז וואנעט אז ס'איז מבואר אז איינער פון די טעמים פארוואס נשי ובנות ישראל ווערן אנגערופן "עקרה הביה" איז - ווייל דער חינוך פון די בנים ובנות, וואס פון זיי ווערט דערנאך אויפגעשטעלט דער בית בישראל פון א יחיד, און אויך בית ישראל בכללות, הויבט זיך אן פון דער ערשטער תקופה בחיי הילד והילדה, וועז ער איז "צריך לאמו"[101] (און ערשט דערנאך ווען ער ווערט בן חמש ובן שש, דעמולט איז דאס שייך מערער לאביו - נוסף אויף דער שייכות לאביו ווען "כשמתחיל לדבר" "אביו מלמדו תורה")],

עאכו"כ (כמדובר לעיל) אז דאס איז ניט נאר "דינא דמלכותא", נאר דאס איז א דין פון מלכות שמים - גודל ההדגשה וואס מ'לייגט אויף חינוך.

און ווי אויך דערמאנט פריער בנוגע דער הנהגה פונעם רבי'ן נשיא דורנו [וואס ב' ניסן איז געווען זיין עלי' על כסא הנשיאות - און אלע י"ב ימים פון די נשיאים ווערן דאך אנגערופן "ביום המשח אותו", ווי אייך נקודה - כמדובר אמאל בארוכה], ועד"ז די נשיאים וואס ער איז געווען זייער ממלא מקום - אנהויבנדיק פון בעש"ט (אז התחלתו איז געווען פון זייך א באהעלפער ביי א מלמד אין חדר, לערנען קינדער וואס שטייען ערשט בתחלת החינוך, וועגן זאגן "געלויבט דער אויבערשטער" "אמן יהא שמי' רבא" וכיו"ב, כמסופר אין די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר).

איז בשעת דער אויבערשטער באווייזט - ביז אז מ'זעט דאס בעיני בשר - אז א מלוכה אדירה איז דאס קובע אלס "דינא דמלכותא", אלס חוק - דארפן דאך זיכער אלע נתיני המדינה, ובפרט אידן (וואס זיינען מחוייב אין תורה מלשון הוראה בכל שעה ובכל רגע) מסייע זיין אין דערויף;

און ניט נאר מסייע זיין א צווייטן, נאר בעיקר מסייע זיין זיך אליין אויף מוסיף זיין אין דעם ענין החינוך ביתר שאת וביתר עוז, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי ווי ס'איז געווען בימים שלפנ"ז,

- און -

---

101) עירובין פב, א. ועוד.

און ווי ס'שטייט[26] דער לשון בנוגע צום אויבערשטן אז "תוספתו מרובה על העיקר" - וואס "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[102], ד.ה. אז ווי עס פירט זיך דער אויבערשטער לויט "חקיו ומשפטיו", דארפן זיך אזוי פירן אידן וואס זיי זיינען דאך "ועמך כולם צדיקים"[103], וואס צדיקים דומין לבוראם[104] - ווארום דער אויבערשטער וויל אז מ'זאל זיך אזוי פירן, און דערפון גופא איז מובן אז ער גיט כח אויף ממלא זיין זיינע ציוויים.

כב. דערצו קומט צו נאך אן ענין:

עס ווערט דאך נענטער צו ימות המשיח, וואס דעמולט דארף דאך די גאנצע וועלט איבערגעמאכט ווערן אין אן אופן אז "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' (יעדער עס באזונדער, און אלע עמים) לעבדו שכם אחד"[68].

איז בשעת עס גייט ארוים אזא חוק ודין פון א מלכות וואס איז שולט און האט א השפעה אויף כל העולם כולו, ווערט דעמולט אפן די וועג אויף ממשיך זיין דעם ענין בכל העולם כולו -

ווארום בשעת מ'האט א השפעה אויף כל העולם כולו, דארף דאס זיין ניט נאר א השפעה פון געלט אדער כלים וכיו"ב אליין,

נאר מ'דארף אויסנוצן די מעגליכקייט לתכלית המכוון - אויף משפיע זיין מען זאל גיין בדרך הישר, אויף צוגרייטן די וועלט אז די זאל זיין אין אן אופן פון "לשבת יצרה", אזא ישוב העולם ווי דער אויבערשטער וויל, ווי ס'איז געווען ווען עולם על מילואו נברא[105],

וואס דאס ווערט אויסגעפירט דורכן קיום רצונו של הקב"ה, וואס ער וויל פון כל האומות כולם (נוסף לזה וואס ער וויל ביהר שאת ויתר עוז פון בני ישראל), אז זיי זאלן מקיים זיין די שבע מצוות בני נח, וואס דאס איז דער יסוד פון ישוב העולם - וכמבואר ברמב"ן פ' וישלח[106] ובכ"מ - אז דער ענין פון ישוב העולם איז נכלל אין מצוות דינין וכו' (וואס אין כאן המקום להאריך בזה).

איז דעריבער כאן המקום והענין אויף אויסנוצן די השפעות וואס מ'האט באיזה שטח שיהי' אויף דעם ענין הנ"ל -

ווי די גמרא זאגט אז ס'איז בטבע האדם, אז בשעת מ'באקומט פון איימיצען א השפעה טובה איז מען אים מכיר

- טובה -

---

102) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט. 103) ישעי' ס, כא. 104) ב"ר פס"ז, ח. 105) שם פי"ד, ז. 106) עה"פ לד, יג.

טובה, ביז וואנעט אז "אין אדם מעיז פניו בפני בעל חובו"[107], ועד"ז איז "הכלה הופכת את פני' ואוכלת כו' מפני שהיא בושה"[108], ע"ד ווי ער זאגט אין ירושלמי[109] "דאכיל מן חברי' בהית (בושט[110]) מסתכל בי'",

און דער עיקר איז - אז דאס איז מעשה רב, וואס מ'זעט במוחש אז בשעת מ'רעדט מיט א מושפע וועגן א צווייטן ענין וואס האט לכאו' קיין שייכות ניט צום תוכן ההשפעה, העדט ער זיך צו מיט אן אוזן קשבת, וויבאלד די בקשה והצעה קומט פון דעם וואס פון אים האט ער מקבל געווען די השפעה; און וואס איז נאך מעדער נוגע - פון וועמען ער האפט אז ער וועט מקבל זיין א השפעה אויף מארגן, ויש מהר לאחר זמן[111], באיזה ענין שיהי'.

כג. אין וואס דארף באשטיין די השפעה - האט מען דאך גערעדט אמאל בארוכה א דבר נפלא בזה:

דער עיקר וואס מ'דארף באווארענען ביי א מענטשן (און אויך ביי א אידן) איז - מ'זאל ניט אריינפאלן אין דעם טעות פון "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[112], וואס דאס איז דער יסוד ושורש אויף אלע ענינים בלתי רצויים - ווייל אז ער זאגט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", איז דאס דערנאך גורר - כמרז"ל[113] "היום אומר לו עשה כך ולמחר אומר לו עשה כך כו'" - אז ער זאל זאגן "לי יאורי ואני עשיתני"[114], ווי ס'איז געווען ביי פרעה'ן (וואס אין דעם איז געווען דער ענין פון יציאת מצרים).

דער עיקר באווארעניש פון "כחי ועוצם ידי" איז - ווי פארשטאנדיק פון דער גמרא אין סנהדרין[115], אז נוסף דערצו וואס א מענטש האט א ראש ולב ורמ"ח אברים ושס"ה גידים, און רגלים וואס אויף זיי איז ער עומד, איז אויך דא א דבר המעמיד את האדם על רגליו, וואס דאס איז ממונו -

ומזה מובן, אז עיקר הענין וואס מ'דארף באווארענען "כחי ועוצם ידי" איז בשעת דער אויבערשטער בענטשט מיט עשירות, צי עשירות אין כסף וזהב כפשוטו, אדער עשירות אין כסף וזהב מיט אלע פירושים ורמזים שבזה - קען דאך אים איינפאלן אז דאס איז אים מעמיד על רגליו, און דגליו

- זיינען -

------------

107) ב"מ ג, סע"א. וש"נ. 108) פסחים פו, א-ב. ירושלמי פסחים פ"ז הי"ג. 109) ערלה פ"א ה"ג. וראה לקו"ת צו ז, סע"ג. 110) פ"מ שם. 111) תנחומא בא יג, מכילתא ופרש"י עה"פ בא יג, יד. 112) עקב ח, יז. 113) שבת קה, ב. 114) יחזקאל כט, ג. 115) קי, א. וש"נ.

זיינען מעמיד ראשו ולבו, ביז וואנעט ער זאגט אז דאס איז כחי און עוצם ידי, ביז ער זאגט "לי יאורי ואני עשיתני" - איז אין דערויף דארף זיין די באווארעניש וכו׳.

און דא זעט מען אז אין דעם ממון במדינה זו האט מען קובע געווען אז מ׳זאל

[ניט נאר אנשרייבן בדיו כתוב על הניר, באותיות הכתיבה, אויף די פאפירענע געלט - וואס זיי האבן ע"פ תורה בלויז א דין פון א שטר חוב, ד.ה. ניט אז דאס באווייזט אויף עשירות, נאר עס באווייזט אז די מדינה איז זיך מתחייב, אז ווען מ׳וועט צושטעלן אט-די פאפירל, וועט מען באצאלן כך וכך כסף וזהב,

[וכידוע די שקו"ט[116] צי ס׳זיינען דא חילוקים צווישן די פאפירענע געלט מיט געלט פון זילבער - בנוגע צו הל׳ ריבית, בנוגע צו תשלום חוב, מחצית השקל (וואס איז געווען בפורים), חמשה שקלים פון פדיון הבן (וואס איז פארבונדן מיט יציאת מצרים - מיט דעם ענין וואס איז געווען בחצות הלילה, ווי ס׳שטייט אין פשטות הכתובים[117])],

איז ניט נאר וואס מ׳שרייבט אויף די פאפירענע געלט, נאר מ׳האט קובע געווען אז מ׳זאל אויך]

חורט זיין באותיות החקיקה אין דעם זילבערנעם כסף פון דער מדינה (וואס דאס זיינען אותיות שמיני׳ ובי׳) אז אין וואס באשטייט זייער אמונה און בטחון און האפענונג (מיט די אלע טייטשן וואס ווערן נכלל אינעם ווארט "טראסט") - אין דעם אויבערשטן!

וואס דאס הויבט זיך אן דערפון וואס בשעת מ׳הויבט אן אן ענין אין בית המחוקקים (צי אין דעם ערשטן צי אין דעם צווייטן - כנהוג במדינה זו), איז התחלתו - א תפלה להקב"ה (ווי ס׳איז דא פון די מסובים כאן וואס זיי האבן געזאגט די תפלה סיי בנוגע דעם סטייט סיי בנוגע צו עיר הבירה) - און דערמיט הויבט זיך אן דערנאך די שקו"ט וואס פאר א חוק זאל מען ארויסגעבן, און וואס זאל זיין דער נוסח ותוכן וכו׳ וכו׳.

איז דערנאך ווען ס׳קומט אראפ די השפעה דערפון צו אנשי המדינה, וואס דאס קומט דורך דעם ממון וואס מיט אים איז מען קונה חיי נפשו וכל צרכי האדם - האט מען מחוקק געווען אז אויך אין דעם כסף עצמו פון וועלכן דער ממון איז

- געמאכט -

---

116) ראה הנסמן בספר לקוטי פנחס על הל׳ פדה"ב סש"ה סקי"ב. פתחי תשובה שם סק"ז. 117) בא יג, טו.

געמאכט געווארן - איז מען תוקק דעם ענין הנ"ל, וכידוע די מעלה פון אותיות התקיקה אויף אותיות הכתיבה בנוגע צו קיום הענין והתוכן וועלכן מ'איז תוקק.

כד. דערפון איז אויך מובן בנוגע צו דער השפעה וואס מ'דארף אויסנוצן אין די ערטער וואס מ'האט אן השפעה, ואפי' במקום וואס רעדווייילע האט מען נאך ניט, האפט מען ראך און מ'איז זיך משתדל צו קענען משפיע זיין אויך אויף שאר המדינות אויף וועלכע מ'האט ביז איצטער נאך ניט משפיע געווען -

איז צוזאמען מיט דער הבעה תודה צום בית המחוקקים און צו דער ממשלה והעומד בראשה - דער פרעזידענט - פאר דעם וואס זיי האבן מכריז געווען גלוי לעין כל אויף דעם יחוד און אויסגעטיילטקייט פון ענין החינוך, דורך פארלאנגען און מאנען אז ס'זאל זיין א יום מיוחד בשנה המוקדש לענין החינוך -

קומט אויך די הצעה, מ'זאל זיך ניט באגנוגענען מיט דער הכרזה ביום אחד, נאר דערנאך זאל דאס נמשך ווערן אין די פעולות במשך כל השנה כולה,

און ווי מ'זאגט אין די תפלות מיט וועלכע מ'עפענט-אפ יעדער תקופה פון בית המחוקקים (הראשון והשני), אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון צדק ויושר.

ועוד וגם זה עיקר - בשעת מען איז זיך משתדל (און מ'ליגט אין דערויף בראשו ורובו - מטעמים מובנים), אז די השפעה זאל זיין בכל המדינות אויף וועלכע מ'קען משפיע זיין -

זאל דער עיקר ההשתדלות זיין אין דעם ענין, אז בכל מדינה ומדינה זאל זיין דער חינוך בצדק ויושר,

וואס דאס וועט מבטל זיין בדרך ממילא די אלע ענינים בלתי רצויים וועלכע מ'וויל ניט ליידן, און קעגן וועלכע מ'שטעלט זיך בתוקף הכי גדול.

כה. ובפרט אז די מציאות איז (ווי מ'זעט בפועל), אז בשעת מ'קומט מיט אן הצעה מ'זאל משפיע זיין אויף מדינה פלונית - שטעלט זיך גלייך די שאלה, אז מ'דארף יוצא זיין פאר אלע מדינות, און אין אן אופן אז אלע זאלן זיין בשוה

[ווי דער לשון שבזה אויף ענגליש. וואס אין כאן המקום באוויידן צי קען איך יע ענגליש מיט אן אקצענט צי אָן אַן אקצענט וכו', ס'איז מספיק אז איך וועל דאס זאגן אויף אידיש],

איז למעלה מכל ספק אז מ'וועט אוועקלייגן דעם דגש

- אויף -

אויף משפיע זיין בנוגע צו חינוך בדרך הטוב והישר - אין שבע מצוות בני נח וכל המסתעף מהם.

און די בקשה והצעה לכל המדינות זאל טאקע גיין ווי דער נוסח פון דיפלאמאטן איז, אבער דער תוכן זאל זיין מיטן תוכן המתאים - אז מ'זאל קובע זיין אויף מטיב ומשפר ומוסיף זיין אין ענין החינוך שבכל מדינה ומדינה, אז ס'זאל זיין לויט דעם ענין פון "לשבת יצרה" ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן, און ווי געזאגט פריער אז משה האט דאס מקבל געווען מפי הגבורה ביי מ"ת כדי דאס זאל אנקומען צו כל אומות העולם, ווי דער רמב"ם זאגט דאס בפשטות ובבירור ובדיוק אין הלכות מלכים[118].

וואס דעמולט וועט מען זיכער מצליח זיין, און מ'איז דערמיט אויך יוצא פאר אלע מדינות בשוה (צוזאמען דערמיט וואס מ'וועט ניט האבן די שוועריקייטן ווי אזוי צו יוצא זיין פאר איינעם ניט אנרירנדיק דעם צווייטן וכו') - ווארום דער ענין החינוך איז מקרב כל עם ועם כלשונו ובלשונו צום דרך הטוב והישר, צו דער "שפה ברורה" און צום "לעבדו שכם אחד" - וואס וועט זיין ווען דער עולם וועט זיין על תיקונו ובשלימותו.

כו. ועניין זה קומט ביחד מיט נאך אן ענין, אז כדי צו מונע זיין די ענינים בלתי רצויים וואס זיינען היפך החינוך הטוב - איז בשעת מ'שיקט נשק מחוץ למדינה, איז א דבר הפשוט אז מ'דארף דאס שיקן צו אזא מדינה וואס דארף דאס האבן לשם הגנה,

ווארום זי שטייט אין א סכנה ווייל מ'וויל אויף איר אנפאלן ח"ו, און ניט נאר וואס מ'וויל במחשבה נעלמת, נאר מ'זאגט דאס בדיבור, ובדיבור גלוי לעין כל, און מ'איז אויך ניט יוצא בדיבור נאר מ'באווייזט א ביישפיל -

וואס דעמולט איז דאס א בארעכטיקונג אז צוזאמען דערמיט וואס מ'איז משפיע טוב בטוב הנראה והנגלה, שיקט מען כלי נשק - אע"פ אז לכאו' האפן דאך אלע אז ס'זאל זיין "וכתתו חרבותם לאתים"[119], און מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו כלי נשק [בידוע די נפק"מ דערפון לגבי הלכות שבת[120], וואס איז אזוי ווי דער "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[121]];

וויבאלד אבער אז מ'געפינט זיך נאך אין א חושך, נאך פאר דעם "לעבדו שכם אחד" - מוז מען באווארענען אז די אויף וועלכע מ'איז מאיים, זאל ביי זיי קענען זיין "ושכבתם

- (לבטח) -

---

118) ספ"ח. 119) ישעי' ב, ד. 120) ראה שבת סג, א. 121) תמיד בסופה.

(לבטח, ווארום ס'וועט זיין) ואין מחריד"[122], וויסנדיק אז ביי זיי איז דא דער נשק הכי טוב.

און מ'זאל ניט נוצן ח"ו דעם נשק וואס מ'האט, אויף מוסיף זיין כח ביי די וואס ענינם איז אויף מאיים זיין און מפחיד זיין און טאן במעשה בפועל אדער בדיבור אדער על יסוד פון חזקה ג' פעמים - ווי זיי האבן זיך געפירט לפנ"ז מיט נשק, כדי צו טאן היפך הצדק והיושר, ביז צו פיקוח נפש ממש.

וואס אין דערויף איז ניטא דער ענין אז מ'פירט זיך ניט גלייך מיט אלעמען, אז איינעם גיט מען און דעם צווייטן גיט מען ניט - ווארום מ'גיט צו אלע וואס שטייען אין א סכנה על קיומם, און ניט אן ענין פון סכנה מדומה, נאר מ'האט אויף דעם ראיות פון ימים ושנים שעברו, און מער ווי שלשה פעמים כמדובר לעיל, ואין כאן המקום להאריך בזה -

ובמילא איז דאס א גלייכע "פאליסי" (א גלייכע שיטה והנהגה) צו יעדערן און צו יעדערע.

כז. והעיקר, כאמור לעיל, אז צוזאמען מיט אלע משלוחים שיקט מען דאך אויך געלט - זאל מען אריינלייגן א זילבערנעם דאלאר, וואס אויף אים דארף מען ניט מוסיף זיין קיינע ביאורים, ווייל אויף אים איז חרות אז מ'גלויבט אין דעם אויבערשטן און מ'האפט אין דעם אויבערשטן -

און דאס זאגט דער דאלאר אליין, וואס ער איז א מטבע של כסף, ובמילא איז מען זיכער בקיומו אין אן אופן של קביעות [משא"כ שוה כסף, כידוע דער הילוק צווישן כסף מיט זהב, ווי די גאנצע שקו"ט בזה אין דער סוגיא אין ב"מ[123]].

כח. און דעמולט וועט דאס אליין מוסיף זיין אין דעם כח ועוצם פון דער מלוכה וואס וועט נוצן איר השפעה בכיוון האמור,

אנהויבנדיק, כאמור לעיל, אז צוזאמען ובהמשך צו קביעת יום חינוך אחת בשנה, אין אן אופן פון אחת - יחידה (ווי תום'[124] טייטשט דאס אפ), אז דאס טיילט אוים דעם ענין החינוך אין אן אופן מיוחד -

זאל מען זיך ניט באגנוגענען דערמיט וואס מ'שיקט אן "אמבאסאדאר" (א שליח) וואס רעדט וועגן כמה וכמה ענינים - אבער ער היט זיך אוים (עכ"פ - ווי ס'איז געווען דער סדר - ביז -

------------

122) בחוקותי כו, ה-ו. 123) מד, א ואילך. 124) ד"ה עד אחת - מנחות יח, א.

ביז איצטער) צו אנרירן דעם ענין החינוך, סטנה'נדיק אז דאס איז אן ענין פנימי וואס מ'קען זיך אין דערויף ניט מישן;

איז דאס היפך המציאות - ווארום בשעת מ'איז מחנך א קינד אין א פנה נדחת בעולם באופן טוב, קען פון דעם קינד ווערן א "צדיק יסוד עולם"[125], אז אויף אים אליין קען זיך האלטן די גאנצע וועלט;

און "זה לעומת זה עשה האלקים"[126], ווען מ'איז מחנך א קינד שלא כדבעי, קען דערפון רערנאך ארויסוואקסן איינער - ווי מ'האט דאס געזעהן בעיני בשר בדורנו זה, אז איין און איינציקער, א האלבער מטורף, האט חרוב געמאכט רח"ל א חלק חשוב פון דער וועלט - מיליאנען נפשות זיינען אוועקגעגאנגען לאיבוד, און אלע האבן געוואוסט זיין מעמד ומצב בחכמה ושכל וכחות הנפש וכו' וכו', און בנס שלמעלה מדרך הטבע איז מען ניצול געווארן פון אים -

וואס דאס איז געווען אן ענין וואס "עינינו ראו ולא זר", ע"ד ווי דער רמב"ם[127] זאגט אז מ'דארף זיך ניט פארלאזן אויף עדות (וואס ביי יעדער עדות בלייבט נאך א מקום לספק), משא"כ ווען "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר" ווי דער רמב"ם איז מאריך בלשונו, ווערט דאס א דבר שאין לפקפק בו, ס'איז ניט שייך להחליש תוקפו, עאכו"כ להטיל ספק בתוקפו -

וואס דערפאר איז ווען מ'טענה'ט אז דאס איז אן ענין פנימי, איז דאס אפשר אן ענין אין אן אפיציעלן אופן וכו' - מ'דארף דאך אבער טראכטן וועגן תכלית השלימות ביז צו תכלית הקיום כפשוטו - אויף באווארענען ס'זאל רח"ל ניט ארויס-קומען ווי דער וואס ימח שמו וזכרו וואס מ'האט געזעהן וואס ער האט אפגעטאן מיט צענדליקער מיליאנען מענטשן, סיי אידן סיי ניט אידן, ואין להאריך בדבר המצער.

כט. ובמילא איז מובן אז מען דארף זיך ארייגלייגן אין דעם חינוך פון יעדן קינד, סיי פון א אידן סיי פון א ניט אידן,

און בשעת א מלוכה זעט אז זי האט באקומען כחות בלתי משוערים, וואס קיינער האט זיך ניט געריכט מיט צען-צוואנציק יאר צוריק אז מ'וועט קענען האבן אזא השפעה ווי מ'האט איצטער -

איז א זיכערע זאך, אז מתאים צו דער תפלה מיט וועלכער - מ'האט -

------------

125) לשון הכתוב - משלי י, כה. 126) קהלת ז, יד.
127) הל' יסוה"ת רפ"ח.

מ׳האט אנגעהויבן אויך אט-די "סעשיאן" - זאל די השפעה אויסגענוצט ווערן לכל לדאש אויפן עיקר, "לתקן עולם במלכות ש-ד-י", אין די מצוות וואס אלע זיינען אין זיי מחוייב, די שבע מצוות בני נח וכל ההסתעפות שלהם.

און די טענה אז דאס איז אן ענין פנימי - איז דאס מערנים ווי א הסברה פארוואס מ׳זאל דאס ניט זאגן בתור חוק נאר בתור הצעה, און מ׳זאגט אז מ׳וועט אין דערויף העלפן, ועוד והוא העיקר - מ׳באווייזט א לעבעדיקןביישפיל ווי אזוי מ׳טוט אליין בכיוון זה,

אנהויבנדיק פון דעם דבר המעמיד וואס איז נאך נידעריקער פון די רגלים (וואס דערפאר איז ער מעמיד די רגלים) - וואס אין דעם איז שוין ניכר אז די גאנצע מציאות פון זיין אמונה און תוקף האט ער חורט געווען אז דאס איז דער ענין פון אלקות, דער אויבעדשטער, וואס ער איז דער אויבערשטער פון כל הענינים פון למטה מטה און באמצע ולמעלה וכו׳ -

וועט דעמולט זיכער די השפעה נתקבל ווערן.

ל. און דורך דעם וואס ס׳וועט נתקבל ווערן די השפעה, וועט דאס מוסיף זיין אז ס׳וועלן נתקבל ווערן אויך די אנדערע ענינים אין וועלכע מ׳וויל משפיע זיין -

נוסף לזה וואס ס׳וועט ווערן קלענער דער גאנצער ענין פון התחרות בלתי מתאימה און דער גאנצער ענין פון סכנה של מלחמה רח"ל, און מ׳וועט ניט דארפן פאטערן אזוי פיל געלט אויף באווארענען זיך פון מלחמות.

ובפרט אז מ׳וועט שוין איצטער באווארענען געבן נשק צו די וואס אנדערע זיינן "ממשמשים לבוא" [128] אויף אן ענין וואס היל"ת, און ניט געבן נשק צו די וואס "ממשמשים לבוא" און מאכן דערפון ניט קיין סוד.

לא. וכל הנ"ל וועט אויך מגדיל זיין דעם זכות פון דער מדינה -

וואס מ׳איז דאך מחוייב אין "ודרשו את שלום העיר והתפללו בעדה גו׳ כי בשלומה יהי׳ לכם שלום"[129], דאס איז דאך איינער פון ציוויי ה׳, און ס׳איז אויך מובן מצד דעם ענין פון הכרת טובה -

אויף פועל זיין, צוזאמען מיט דער התחלה טובה פון

- קביעות -

------------

128) דאה שו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו. 129) ירמי׳ כט, ז.

 הנחת הת׳ בלתי מוגה

קביעות יום המיוחד בשנה על ענין החינוך בנוגע למדינה זו - אז דאס זאל דערנאך נמשך ווערן בכל ימות השנה במדינה זו,

ועוד ועיקר, וויבאלד אז רוב בני האדם שבעולם געפינען זיך מחוץ למדינה זו, זאל מען אויסנוצן דעם כח וואס דער אויבערשטער האט געגעבן אז מ'קען זיין א משפיע, און א משפיע וואס נשמעין לקולו -

לכל לראש אין דעם עיקר הענין, אז דער עולם בכל מקום שהוא זאל זיין אין דעם אופן פון "לשבת יצרה" (כנ"ל בארוכה), ווי דער אויבערשטער וויל דעם ענין פון "לשבת" [וואס אויב ס'איז נאר ניט אזא מין "לשבת" איז דאס - ווי דער פסוק זאגט פריער - אן ענין של "תהו", וואס דעמולט טויג דאס ניט פאר כל העולם כולו וכל חלק שבעולם].

און דעמולט האט מען די הבטחה, אז בשעת מ'גייט "לעשות צדקה ומשפט" ווי מ'האט באקומען ביי מעמד הר סיני אויך אלס "לאור גוים" (כנ"ל סי"ב מהרמב"ם), וועט אויך נתחזק ווערן די השפעה על כל העולם אין אן אופן פון הולך ומוסיף.

און דאס וועט ווערן דער צינור און דער משפיע להוסיף צדקה ויושר בהנהגה טובה בכל המדינות אויף וועלכע מ'האט שוין א השפעה והמדינות שיתוספו עליהם - אז זיי זאלן אויס-נוצן כל העניינים המושפעים, סיי געלט סיי אנדערע זאכן, אויף טוב ויושר,

און מ'וועט אויסנוצן די השפעה בעיקר כל העיקרים, אויף משפיע זיין אויף יעדער מדינה, אז ווי גוט דער מצב דארטן איז, זאל קומען נאך מערער און נאך מערער בתוספות מרובה על העיקר,

און אין אן אידעלן אופן מיט א גוטן נוסח און מיט א דיפלאמאטישער הצעה, והעיקר - מיט א הוספה פון א דאלאר וכמה דאלארן, וועט דאס זיכער מצליח זיין.

וכל הנ"ל וועט מזרז זיין און מקדים זיין דעם "והיתה לה' המלוכה"[130], ווארום ביי כל העמים כולם וועט זיין דער "לעבדו שכם אחד", בביאת משיח צדקנו, יבא ויגאלנו "ויתקן את כל העולם כולו" כלשון הרמב"ם[131], במהרה בימינו, בעגלא דידן ממש.

* * *

לב. בהמשך להמדובר לעיל בנוגע לענין החינוך - איז דא אין דערויף א הדגשה מיוחדת בזמנים אלו, וואס אין גלות גופא

- איז -

---

130) עובדי' א, כא. 131) הל' מלכים ספי"א.

איז דאס דער זמן פון חושך כפול ומכופל (כידוע המשל בזה[132]), וואס בנוגע לזה איז פאראן א גמרא תמוהה לכאורה:

די גמרא[133] זאגט אז בעקבתא דמשיחא, בסוף הימים, איז "כל יום ויום מרובה קללתו משל חבירו". איז לכאו׳ ניט מובן: ס׳איז דאך דא א כלל[134] אז "דיי לצרה בשעתה" - איז צוליב וואס דארף די גמרא באווארענען בזמן האמוראים, אז מ׳זאל וויסן איין טויזנט יאר לאח"ז אז דער סדר אין דרך הטבע איז אז "כל יום ויום כו׳"?

ויתירה מזו: די עבודה פון א אידן דארף דאך זיין בשמחה ובטוב לבב[135], און די עבודה איז נוגע לעצם קיומו

- ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני"[12]; די גאנצע מציאות פון דעם עבד באשטייט אין דעם וואס ער איז אן עבד לאדונו,

עאכו"כ בנוגע צו א מלך - באשטייט די גאנצע מציאות פון אנשי המדינה אין דעם וואס זיי זיינען אנשי המלך ונשמעים לקולו

וואס דערפאר ברענגט דער היפך השמיעה בקול המלך, אפי׳ בדבר קל ביותר, ביז צו "מאן דמחוה במחוג קמי מלכא"[136], וואס דאס איז נאך ווייניקער פון א דבר קל - צו ביטול כל מציאותו, וואס דעריבער איז דער עונש ע"פ התורה בביטול המציאות שלו,

וההסברה בזה, כאמור, וויבאלד זיין גאנצע מציאות איז דאס וואס ער איז עבדו של המלך, איז בשעת ער רירט אן דעם קשר צווישן אים מיטן מלך דורכן טאן היפך רצון המלך, נעמט ער ביי זיך אליין צו זיין חיות רח"ל - און דערפאר קומט ארויס דער עונש בתורה, ווארום תורת אמת זאגט ווי דער אמת איז,

וואס עד"ז איז אויך בעניננו - כמשל הידוע[137] וואס ר"ע האט געזאגט, אז אזוי ווי דגים שבים וואס גייען ארויס פון ים זיינען זיי פורש ממקום חיותם, עד"ז איז בנוגע צו תורה וואס זי איז חיינו ואורך ימינו; דאס איז ניט קיין ענין פון "עונש סגולי" (כלשון השל"ה[138] והרמב"ן[139]), נאר דאס איז בדרך סיבה ומסובב -

איז וויבאלד אז א איד מוז זיין בשמחה וטוב לבב, און

- עס -

---

132) לקו"ד כ"א סח, א. 133) סוטה מט, א. 134) ברכות ט, ב. 135) ראה רמב"ם סוף הל׳ לולב. 136) חגיגה ה, ב. 137) ברכות סא, ב. 138) בית אחרון יב, א-ב. 139) עה"ת ר"פ וארא.

עס איז נוגע לעצם קיומו - איז ווי קומט עס אז די גמרא איז מודיע מיט טויזנט יאר לפנ"ז אז "כל יום ויום כו׳"?

לג. איז די הסברה בזה:

בשעת ס׳קומט א צייט ווען די ענינים שטייען בהעלם והסתר מצד דעם חושך כפול ומכופל, ביז אז "כל יום ויום וכו׳" -

איז דאס מכרית מ׳זאל אנזאגן מיט טויזנט יאר פריער, אז מ׳זאל וויסן אז מ׳טאר ניט שטיין על מעמדו ומצבו וואס איז געווען בתכלית השלימות ביום שלפנ"ז, ווארום דאס איז ניט מספיק אויף מארגן:

וויבאלד אויף מארגן קומט צו אין דעם לעו"ז, אין היפך הברכה - איז כדי צו באווארענען דאס, דארף מען לכתחלה מקדים זיין די רפואה -

מוסיף זיין אין די ענינים של ברכה והמשכה פון תורה און המשכה פון אידישקייט און ברכת ה׳, מערער ווי ס׳איז געווען נעכטן.

ובדוגמא ווי דאס איז ביי נרות חנוכה, ווי דער רמ"א[140] זאגט דעם לשון אז ס׳איז א "מנהג פשוט" אז בלילה השני׳ צינדט מען אן צוויי ליכטלעך וכו׳,

ווארום ווען ס׳קומט צו א נייער טאג מוז מען מוסיף זיין נאך א ליכטל, אע"פ וואס תורת אמת זאגט אז פאר נעכטן איז עס געווען גענוג, ואדרבה - דאס איז געווען "מהדרין מן המהדרין"; וויבאלד אבער עס קומט צו א נייער טאג, מוז מען לכתחלה בתחלת הלילה גלייך "משתשקע החמה"[141] אנצינדן מיט א "נר מצוה ותורה אור" מערער -

און דערפון קומט דאס אראפ אין קיום המצוה בגשמיות, מ׳זאל אנצינדן מיט איין ליכט מערער, "מעלין בקודש"[142].

לד. די התחלה פון ענין הנ"ל - אז בכל יום דארף זיין א הוספה לגבי יום שלפניו - איז דאס אין דעם ענין החינוך.

וואס דאס איז א הסברה נוספת דערצו וואס האט זיך גערעדט פריער (סי"ד), אז ענין החינוך פון א קינד איז ניט נאר ווען ער געפינט זיך בבית הספר, נאר ווי מ׳זעט בפשטות - א קינד ווערט נתחנך ומושפע ומודרך פון יעדער זאך וואס

- ער -

------------

140) או"ח סתרע"א ס"ב. 141) שבת כא, ב. 142) ברכות כח, א. וש"נ.

ער זעט בכל רגע מימי חייו, צי דאס איז בבית הספר אדער ברחוב, עאכו"כ בבית אביו ואמו,

און מ'דארף אויף דעם ניט האבן קיינע ראיות - "קרא למה לי", ווייבאלד דאס איז א סברא[143], ובפרט אז דאס איז ניט קיין סברא בעלמא, נאר א "מעשה רב"[144], א מעשה במוחש וואס מ'זעט בפועל.

ומזה מובן, אז אויך אין די ערטער וואו די קינדער ווערן נתחנך, איז ניט מספיק א זמן קצר - נאר וויפל זמן מ'קען נאר אויף דעם אפגעבן דארפן זיי זיין אפן און די קינדער זאלן אהינצו קומען;

און אויב זיי ווילן ניט קומען, איז אדרבה - דאס גופא איז א הוכחה אז זיי זיינען זקוק צו א חינוך בשעות נוספות, ווארום דער חינוך בשעות שלפנ"ז איז ניט מספיק (והראי' - זיי ווילן ניט קומען פון זיך אליין אין בית הספר).

לה. מ'האט גערעדט פריער בארוכה, אז ענין החינוך איז א פעולה נמשכת בכל משך ימי חיי האדם ביז דעם לעצטן רגע פון שנת המאה ועשרים לחייו עלי אדמות -

איז אויך אין דעם ענין דא דער חיוב פון "מעלין בקודש", אז ער דארף וויסן ברגע זו דאס וואס ער האט ניט געוואוסט ברגע שלפנ"ז, וואס דורך דעם קומט א הוספה אין מעשה - דורך דערויף וואס ער האט פריער די הוספה אין דעם "לימוד המביא לידי מעשה"[145], א הוספה אין לימוד התורה (מלשון הוראה).

און דאס איז דער ענין החינוך וואס תורה איז מחנך דעם מענטשן, פון דעם רגע הראשון ביז'ן רגע האחרון, און ווי גערעדט פריער (סי"ט) וואס דער ספרי זאגט אויף "עד הים האחרון" - "עד היום האחרון".

לו. עאכו"כ אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, ווען מ'זעט אז "הידים ידי עשיו"[146] זיינען ניט געווארן ווייניקער, נאר אדרבה, זיי ווערן מערער און ווילן האבן מערער שליטה ווי ביז איצטער הי"ת,

מוז מען דעמולט מקדים זיין, ועכ"פ, ווען מ'זעט שוין די "ידים ידי עשו" - מוסיף זיין אין "הקול קול יעקב".

וואס דאס איז כאמור, אז מען איז מוסיף אין שעות

- הלימוד -

---

143) ראה כתובות כב, א. וש"נ. 144) שבת כא, א. וש"נ.
145) קידושין מ, ב. 146) תולדות כז, כב.

הלימוד והחינוך האמיתי - רעד חינוך ע"פ תורה אין בתי הספר מכל הסוגים -

אנהויבנדיק פון א חדר פון א דריי-יאריקן קינד, און נאך פאר דעם - וועז אביו מלמדו תורה, און נאך פריער - וועז אמו מתנכתו,

ווי ס'איז געווען דער מנהג בנות ישראל הכשרות אז א אידיש קינד האט געזעהן ארום זיך ציורים וואס זיינען פארבונדן מיט ענינים של קדושה ויהדות, ניט רח"ל ציורים פון חיות בלתי טהורות וכו' וכלי נשק וכיו"ב - וואס הלואי וואלטן דאס די ערוואקסענע ניט געזעהן, עאכו"כ א קינד, בפרט א עולל ויונק וואס איז נאך א "ניר חדש"[147], וואס דערפאר קלעפט זיך צו און ס'ווערט איינגעקריצט דארטן ביתר תוקף ויתר שאת,

נוסף דערצו וואס אפי' די "שירי ערש", בשעת מ'פלעגט איינשלעפערן א קינד, פלעגט מען אים איינשלעפערן מיט די ווערטער (אע"פ אז דער קינד האט נאך ניט פארשטאנען בשכלו דעם תוכן פון די ווערטער) אז "תורה איז די בעסטע סחורה" וכו', מיט אלע פרטים פון שירי ערש עד"ז,

און דערנאך - ווען דער קינד וואקסט אויס און מ'שיקט אים אין א בית הספר וואס איז על טהרת הקודש - דארף מען זיך משתדל זיין אז מ'זאל מוסיף זיין אין די שעות הלימוד וואס זיינען פארבונדן מיטן חינוך ע"פ תורתנו תורת אמת ותורת חיים.

לז. אזוי ווי דאס איז אין דעם חינוך פון א יחיד צו זיינע בנים ובנות - אזוי איז דאס אויך בנוגע לתקנות כלל ישראל,

ובפרט ע"פ תקנת ר' יהושע בן גמלא[148], אז ס'ווערט א חיוב אויף ז' טובי העיר, מנהיגי העיר - אז ס'זאלן זיין בתי ספר כלליים אין וועלכע אלע זאלן קענען שיקן זייערע קינדער -

איז אויך אין דעם שייך די תקנה אז אויב מאיזה סיבה שתהי' טוט מען דאס ניט אדער מ'טוט דאס במדה בלתי מספקת - זאל זיין די תקנה והוספה כו'.

און דעמולט ווערט ווי ער זאגט אין מדרש[149] אז "הידים ידי עשו" שטייט נאך "הקול קול יעקב", וואס דאס איז די הקדמת רפואה למכה, און ווי ער טייטשט אפ אין מדרש אז ווען

- אידישע -

------------

147) ראה אבות פ"ד מ"כ. 148) ב"ב כא, א. 149) ב"ר פס"ה, כ.



הנחה הת' בלתי מוגה

אידישע קינדער זיינען מצפצף בבתי כנסיות ובתי מדרשות איז אין ידי עשו שולטות.

לח. און דאס קומט בהמשך וואס ס'איז געווען אן ענין היינטיקן טאג - אז ס'איז צוגעקומען א ביה הכנסת ובית המדרש אין כפר חב"ד בארצנו הקדושה,

ויה"ר אז ס'זאל זיין א התחלה טובה אז יתוספו בתי כנסיות ובתי מדרשות בכל מקום שאפשר -

וואס יעדערער פון זיי ווערט אנגערופן "מקדש מעט" [150] -

און דאס זאל זיין א הכנה קרובה צו דעם "מקדש" כפשוטו, דורך דערויף וואס יעדער "מקדש מעט" וועט זיין א "בית גדול" [151] ווי ביידע פירושים שבזה[152], "מקום שמגדלין בו תורה" און "מקום שמגדלין בו תפלה", וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים" [153],

וועט דאס זיין כאמור די הכנה צום מקדש מעט, ויתירה מזו - צו דעם מקדש הגדול, וכמ"ש [154] "גדול יהי' כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון", וואס דאס שטייט אפי' ביי בית שני לגבי בית ראשון[155], עאכו"כ בנוגע צום ביהמ"ק השלישי לגבי די בתים שלפנ"ז[156],

און ער איז דאך דער "מקדש אד' כוננו ידיך"[157], ד.ה. נאך מערער ווי "גדול", ווארום גדול איז דאך בערך הקטן, משא"כ דער ביהמ"ק השלישי איז שלא בערך צו די בתי מקדשות שלפניו, וכערך ענין נצחי לגבי ענין שאינו נצחי (ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ח) וועגן דעם ערך פון א גבול לגבי בל"ג);

וויבאלד אבער אז די צוויי בתי מקדשות זיינען א הקדמה והכנה צום בית השלישי - וואס דערפאר וועלן דאך דעמולט זיין אויך די כלים ומשכן שעשה משה רבינו וואס וועלן דעמולט נתגלה ווערן, ועד"ז אויך ענינים פון ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני - ועד"ז אויך די ענינים פון "מקדש מעט", ובפרט פון זמן הגלות ווען ס'איז ניטא דער ביהמ"ק כפשוטו, וואס דעמולט פאדבייט מען דאס דורך דעם "מקדש מעט" -

וועט דאס אויך נזרז זיין נאך מערער דעם ענין פון יבנה ביהמ"ק ונאכל שם מן הפסחים ומן הזבחים.

לט. ונוסף לזה: נוסף צו דעם ענין אז ס'קומט צו נאך א - ביהכ"נ -

------------

150) מגילה כט, א. 151) מ"ב כה, ט. 152) מגילה כז, א. 153) עירובין יג, ב. 154) חגי ב, ט. 155) ב"ב ג, סע"א ואילך. 156) ראה זח"א כח, א. 157) בשלח טו, יז.

ביהכ"נ וביהמ"ד, איז איינע פון די הקדמות (צום ביהמ"ק השלישי) דורך דעם וואס מ'וועט מוסיף זיין אין "הקול קול יעקב" אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות וואס זיינען שוין דא, בהוספה בכמות ובאיכות.

ובפרט נאך אז מ'גייט מן הקל אל הכבד: ס'איז דאך א סאך לייכטער אויספירן אז ס'זאל צוקומען בכמות ובאיכות אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות הקיימים כבר, ווי אויפבויען א נייעם ביהכ"נ וביהמ"ד (וואס דאס איז א סאך שווערער וויבאלד מען געפינט זיך נאך דערוויילע אין הגבלות הטבע),

איז ע"פ הכלל אז מ'גייט מן הקל אל הכבד, דארף מען זעהן אז ס'זאל צוקומען פשוט בכמות אין די שעות וואס די בתי כנסיות ובתי מדרשות זיינען פתוחים, און אויך באיכות - אינעם אופן הלימוד בהם, בנוגע צו התמדה ושקידה וחיות וכו'.

מ. ובעצם זיינען די ענינים פון כמות ואיכות אפהענגיק זה בזה, ווי מ'זעט דאס בכמה ענינים, אז ווען ס'קומט צו אין כמות, קומט בדרך ממילא צו אין איכות.

וע"פ המדובר כמ"פ אז יעדער ענין שפיגלט זיך אפ אין דיני התורה - געפינט מען אויך דעם ענין אין א דין והלכה; אז "ברוב עם הדרת מלך"[158] ווי ס'איז געווען בנוגע צו פורים דאזלינן מיני', וואס דעמולט איז נוגע צו פרסום הנס אז ס'זאלן זיין וואס מערער מענטשן[159], ד.ה. אז וואס מערער א מענטש עס קומט צו, איז אלץ מערער די "הדרת מלך"; וואס דאס זעט מען אז אע"פ אז לכאו' איז צוגעקומען מערניט ווי בכמות, זאגט אבער תורת אמת - אז דאס איז א הוספה באיכות.

ועד"ז זעט מען אויך בנוגע צו לימוד התורה, אז די משנה[160] איז מחלק צווישן לימוד התורה פון אחד מיט שנים ביז צו חמשה ביז צו "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה"; און אע"פ אז "עשרה" איז לכאו' תכלית השלימות - אעפ"כ זעט מען אז אויך נאך עשרה זיינען דא עליות, ביז וואנעט אז ס'איז א מעלה מיוחדת אין לימוד התורה פאר ששים ריבוא מישראל[161], וואס דאס איז פארבונדן מיט די מעלה פון "חכם הרזים".

וואס אויך אין דעם זעט מען אז די הוספה בכמות איז משנה די איכות; אע"פ אז ס'איז דא שרי אלפים און שרי רבבות וכו', קומט דאס נאך ניט צו ששים ריבוא, וואס דוקא דעמולט קומט מען צו דער דרגא פון תורה וואס ווערט אנגערופן "רזים", וואס דאס איז אז מ'זעט אז תורה איז מאחד און דערגרייכט ששים ריבוא מישראל

- ד.ה. -

---

158) משלי יד, כח. 159) ראה ב"ח לטאו"ח סתרפ"ז.
160) אבות פ"ג מ"ו. 161) ראה ברכות נח, א.

ד.ה. אע"פ אז עשרה איז שוין "בתוך בני ישראל"[162], ווי די גמרא[163] זאגט "אתיא תוך תוך" - זאגט אבער תורה אמת, אז בנוגע לכמה דינים זיינען דערנאך דא נאך כו"כ עליות, ביז צו דער עלי' פון "חכם הרזים", וואס דאס איז דוקא בששים ריבוא מישראל.

עד"ז זעט מען אויך בנוגע צו מ"ת, אז ס'איז געווען אין דערויף א תנאי, אז עס מוזן זיין ששים ריבוא מישראל, ווי עס שטייט אין מדרש[164], אז אויב עס וואלט געפעלט ה"ו איינער פון די ששים ריבוא, וואלט ניט געווען דער גאנצער ענין פון מ"ת;

דלכאורה: ס'זיינען דאך געווען משה ואהרן ושבעים זקנים, מיט נשיאי ישראל וכו'; עס דארף אבער זיין די מעלה פון ששים ריבוא, "שש מאות אלף רגלי"[165] - וואס דער מספר האט אויפגעטאן דעם ענין פון יציאת מצרים, ווייל דעמולט איז נשלם געווארן דער "ובנ"י פרו וישרצו וירבו ויעצמו גו'"[166], מיטן גאנצן סיפור ווי ער זאגט אין הגדה - וואס דוקא דעמולט, ווען ס'איז דא דער "ויחן שם ישראל"[167] לשון יחיד, כאיש אחד בלב אחד[168], און ביחד עם זה האט זיך דער יחיד געדארפט צוזאמענשטעלן דוקא פון ששים ריבוא, ניט חסר אחד, איז דוקא דעמולט געווען דער ענין פון מ"ת[169].

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט בלויז איין שפרונג פון עשרה ביז ששים ריבוא, נאר בינתיים זיינען אויך דא, כאמור, כו"כ דרגות,

ווי אויך מובן פון די דעות בנוגע צו ברכת המזון, אז ס'איז דא א חילוק צווישן עשרה און מאה און אלף ורבבה[170];

ואע"פ אז די הלכה איז באופן אחר[171] - איז דאך אבער "אלו ואלו דברי אלקים חיים", די שיטה האט אויך א הסברה ומקור אין תורתנו תורת חיים וואס איז געגעבן געווארן פון אלקים חיים.

מא. כל הנ"ל איז די הסברה בשכל אויף דעם וואס דער ריבוי בכמות ברענגט צו א הוספה באיכות;

אבער ווי געזעדט פריער, איז "קרא למה לי" און "סברא

- למה -

---

162) אמור כב, לב. 163) סנהדרין עד, ב. 164) ב"ר פ"ע, ט. מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. יל"ש יתרו רמז רפ. דב"ר פ"ז, ח. 165) בא יב, לז. 166) שמות א, ז. 167) יתרו יט, ב. 168) פרש"י עה"פ. 169) ראה ויק"ר פ"ט, ט. דא"ז פ' השלום. 170) ברכות מט, ב במשנה. 171) שם נ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב (ס"ג).

למה לי", בשעת מ'זעט א מעשה רב - מ'זעט בפועל אז ס'איז דא דער אופן הלימוד וואס מ'לערנט תורה ביחיד, וואס דעמולט איז ווי די גמרא[172] זאגט אז ווען "בד בבד" איז "ונואלו"[173]; בשעת ס'איז אבער דא מערער ווי איינער, שנים שלשה חמשה ועשרה, לערנט מען דעמולט מיט מערער געשמאק.

און אויך: בשעת ס'קומען צו מערער לומדים אין איין קבוצה בחדא מחתא, איז דעבולט דער ריבוי מוסיף אין דער אחדות - בדוגמת המדובר לעיל, אז דוקא ווען ס'איז דא דער ריבוי פון ששים ריבוא דוקא (ניט ווייניקער), איז דאס מוסיף אין דער אחדות אז ס'איז "חכם הרזים" לשון יחיד, דערפאר וואס ס'איז אין אן אופן פון "יצא באוכלסא ונכנס באוכלסא"[161], ע"ד ווי ס'איז געווען בהתחלת כ"ת בסיון בזמן מתן תורתנו.

מב. ומכל זה מובן בהנוגע להאמור לעיל (סל"ז), בנוגע די הוספה בכמות פון לערנען וואס איז אין די שעות ווען די בתי כנסיות ובתי מדרשות זיינען אפן -

וואס דאס איז נוסף על עיקר הענין אז דורך דעם וועלן צוקומען נאך כו"כ וואס וועלן האבן א קביעות עתים בתורה אויך בלילה, וואס דאס איז א חיוב גמור ווי אפגע'פסק'נט אין הלכות ת"ת[174], אז פונקט ווי ס'מוז זיין "פרק אחד שחרית" אפי' ביי אזא וואס צו מערער איז ער ניט שייך, איז פונקט אזוי איז ער מחוייב אין א "פרק אחד ערבית", און איז ניט יוצא מיטן פרק אחד בשחרית;

דלכאורה: וויבאלד מ'איז מיט אים מיקל, און מ'זאגט אז ער איז אן עם הארץ, און מ'זאגט "אסור לאומרו כו'"[175] - איז פארוואס זאל ניט זיין די קולא אז ער איז יוצא מיט איין מאל, אדער פרק אחד שחרית אדער פרק אחר ערבית?

זאגט מען ניין! "לא ימיש גו' והגית בו יומם ולילה"[176]; מען קען טאקע יוצא זיין מיט א פרק אחד, עס מוז אבער זיין סיי ביום סיי בלילה, ווי ס'איז דער פשוט'ער פס"ד ברור אין הלכות ת"ת.

און דוקא דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין פתיחת בתי כנסיות ובתי מדרשות בלילה, ובפרט בדורנו זה אז ס'איז א מנהג פשוט בכל תפוצות ישראל, אז יעדער בית הכנסת האט אויך שיעורים בתורה, וואס במילא באקומט ער אויך די

- קדושה -

---

172) ברכות סג, ב. וש"נ. 173) לשון הכתוב - ירמי' נ, לו. 174) לאדה"ז פ"ג ס"ד. וראה מנחות צט, ב. 175) מנחות שם. 176) יהושע א, ה.

קדושה פון א ביהמ"ד - איז דוקא עי"ז וואס עס קומט צו אין דעם "הקול קול יעקב", קומט ממילא דאס וואס "אין ידי עשו שולטות",

און דאס ווערט אויך א הכנה אז אדרבה: ניט נאר דאס וואס "אין ידי עשו שולטות", נאר עס ווערט דער "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד", ובמילא איז ניטא וואס צו מורא האבן פון זייער שליטה, ווייל זיי ווערן מסייעים,

ווי ער זאגט אין מדרש (וואס ווערט געברעכט בכ"מ, און מ'זוכט דעם מקור לזה וכו'[177]) אויף "ואת החזיר"[178]: "למה נקרא שמו חזיר, שעהיד הקב"ה להחזירו כו'", וכידוע די שקו"ט[177] בפירוש מדרש זה, ס'איז אבער אין מדרש יוצא מידי פשוטו, דאס מיינט מען דעם ענין כפשוטו, און אויך (כא' הפירושים[179]) אז דאס גייט אויף די מלכות הרביעית (מלכות אדום), אז עתיד הקב"ה להחזירה זי זאל ווערן א מסייעת לכל עניני קדושה.

ויתידה מזו: ניט נאר אז די הוספה בלימוד בבתי כנסיות כו' ווערט א הכנה צו דעם ענין לע"ל; נאר דאס ברענגט אז ס'זאל זיין די התחלה פון דעם ענין שוין בזמן הגלות -

בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז נאך "בר"ה בטלה עבודה מאבותינו במצרים"[180], כמה חדשים לפני שהגיע הקץ וזמן הגאולה וחודש הגאולה - ועד"ז "אראנו נפלאות" בימינו אלו.

מג. דאס קומט בהמשך להאמור לעיל וועגן די השפעות פון דער מלוכה, וואס פון די ענינים וואס מ'האט מכריז געווען איז אז פון א סאך זאכן מאכט מען איין זאך - וואס ע"פ האמור לעיל האט עס א יסוד אין קדושה.

ווארום ס'איז דא א מעלה אין א יחיד בישראל, ביז וואנעט מ'זאגט אז "הנשיא הוא הכל"[181], ובלשון הרמב"ם[182]: דער מלך איז "לבו הוא לב כל קהל ישראל";

אבער לאידך, בנוגע צו א מנין, בנוגע צו זאגן א דבר שבקדושה, אדער לערנען תורה בשלימות, ווי דער אלטער רבי איז עס מסביר אין אגה"ק[183] - דארפן זיין לכל הפחות עשרה מישראל ("בתוך בנ"י"), ביז וואנעט מ'זאגט אז "ברוב עם הדרת מלך", ד.ה. אז וואס מערער דער "עם" איז, איז גרעסער די "הדרת מלך" -

- ד.ה. -

---

177) ראה לקו"ש חי"ב ע' 175 ואילך. וש"נ. 178) שמיני יא, ז. 179) בחיי עה"פ שמיני שם. 180) ר"ה יא, א.
181) פרש"י עה"פ חקת כא, כא. 182) הל' מלכים פ"ג ה"ו.
183) סכ"ג (קלו, ב).

ד.ה. אז כאטש דער מלך איז א יחיד און לבו איז לב כל קהל ישראל, ובלשון רש"י: "הנשיא הוא הכל", וואס דאס זאגט רש"י אויף משה רבינו וואס ער איז געווען א מלך, וכדרשת רז"ל[184] עה"פ[185] "ויהי בישורון מלך" - מוז ער אין זיך האבן אויך די מעלה פון די רבים, ואדרבה: ווען איז ער "חכם הרזים", דוקא ווען ער איז "יוצא באוכלוסא", בששים ריבוא.

וואס דערפון זעט מען די נקודה הנ"ל - אז פון דעם ריבוי פון ס"ר בנ"י, מאכט מען דערפון איין זאך - "הנשיא הוא הכל כו׳".

וואס דאס איז איינער פון די יסודות פון דער מלוכה, אז מ׳איז מאשר ומקיים ומסייע אז יעדערער זאל מתנך זיין די אוה"ע אין שבע מצוות ב"י, און עם ישראל אין תורתנו תורת חיים - און דוקא אין דעם צירוף כולם יחד שטעלט זיך אויס די שיטה מיוחדת ואחידה, און מ׳האט דאס אויך ארויסגעשטעלט אלס סיסמה אז אין דערויף באשטייט די שיטה וואס אין איר וויל מען גיין,

און בפרט בנוגע צו אידן וואס ווערן אנגערופן "גוי אחד", און זיינען פארבונדן מיט "ה׳ אחד".

מד. והביאור בזה:

ס׳איז ידוע[186] די שאלה פארוואס שטייט "ה׳ אחד"[187], און ס׳שטייט ניט קיין גרעסערער טיטול - "ה׳ יחיד", וואס "יחיד" איז מערער פון "אחד", ווארום ביי א "אחד" קען דערנאך צוקומען א שני, ווי מ׳זעט בנוגע צו ששת ימי בראשית, אז פריער איז געווען "יום אחד" און דערנאך איז געקומען "יום שני" - און דערפאר דארף דער פסוק[188] באווארענען אז "יש אחד ואין שני לו", ווארום פון דעם ווארט "אחד" אליין ווייסט מען ניט אז ס׳איז ניטא קיין שני; משא"כ ווען מ׳זאגט "יחיד" איז דאס אליין שולל דעם ענין פון א שני?

איז דאך דער ביאור בזה[186], אז ס׳איז דא א מעלה מיוחדת בנוגע צו מלכותו ית׳, אז דוקא ווען ס׳איז דא א חי"ת און א דלי"ת, ווי דער סמ"ק[189] טייטשט אפ אז דער חי"ת איז רומז אויף ד׳ רקיעים וארץ, און דער דל"ת - אויף ד׳ רוחות העולם; איז וואס איז זייער ר"ת, מיט וואס הויבן זיי זיך אן, און

- אין -

---

184) שמו"ר פמ"ח, ד. פנ"ב, א. ועוד. 185) ברכה לג, ה. 186) תו"א וארא נה, ב. דרמ"צ קכד, א. וראה ג"כ לקו"ש חי"א ע׳ 11. 187) ואתחנן ו, ד. 188) קהלת ד, ח. 189) הובא בב"י לטאו"ח סס"א. וראה שו"ע (ואדה"ז) שם ס"ו.

אין וואס זיינען זיי אלע נרמז - דוקא אין דעם אל"ף וואס איז רומז אויף אלופו של עולם[190].

וואס דאס איז די מעלה פון "אחד" אויף "יחיד".

מה. וואס דאס איז דאך בכללות דער גאנצער ענין פון בריאת כל העולמות כולם, וואס זייער כוונה איז עס זאל זיין "ה' אחד ושמו אחד"[191], "כמו שאני נכתב כך אני נקרא"[192].

פרעגט מען דאך אויף דעם די שאלה: וואס האט מען אויפגעטאן מיט גאנצן שטורעם פון בריאת העולם - קודם בריאת העולם איז אויך געווען ווי ער זאגט אין פרדר"א[193] "הי' הוא ושמו בלבד", ד.ה. ס'איז געווען א שם שבו הוא נקרא, אבער "הי' הוא ושמו בלבד", איז וואס איז דער אויפטו אז לע"ל וועט זיין "ה' אחד ושמו אחד"?

איז די הסברה בזה: דער אויפטו וואס צוליב אים איז כדאי די גאנצע ירידה מאיגרא רמה לבירא עמיקתא[194], איז אז ס'זאל זיין דער ענין פון ה' אחד, ד.ה. אז אויך ווען עס זיינען דא ז' רקיעים וארץ און ד' רוחות העולם - איז אויך דעמולט דער אויבערשטער אלופו של עולם, מלשון העלם והסתר[195].

מו. ועד"ז מובן בנוגע לעניננו - די מעלה וואס ווערט דורך דער מציאות חדשה וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם צירוף פון עשרה מישראל לגבי א יחיד מישראל -

וואס דאס איז בדוגמת המעלה פון אן עם אחד וואס ווערט פון דעם ריבוי שקדם לו.

ביז וואנעט אז די ראי' אויף אן איין און איינציקן חכם אז ער איז "חכם הרזים" - איז דוקא דערפון וואס ער האט ששים ריבוא מקבלים.

מז. והמעשה הוא העיקר:

וויבאלד אגודת הרבנים-האט מכריז געווען און געהאט דעם "קול קורא" בזה מיט דער גאנצער אריכות בנוגע צו פתיחה הבתי כנס"ות ובתי מדרשות בלילה, וואס אין צריכין לסמיכה כו',

איז וויבאלד אז כ'דארף דאס טאן אויך לאחר זמן, ובכמה מקומות איז דאס פארבונדן מיט חסרון כיס וכו' (ווי מ'מאכט

- דעם -

---

190) ראה לקו"ת תזריע כג, ג. 191) זכרי' יד, ט. 192) ראה פסחים נ, א. ובר"ח שם. 193) פ"ג. 194) ראה חגיגה ה, ב. 195) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ.

דעם טובל אז מ׳דארף דעמולט האבן מערער געלט פארן שמש און פאר הסקה און נר למאור וכו׳ וכו׳, והעיקר בזה - א שומר הפתח, שמירה כפשוטה) -

איז וויבאלד אז "יש בו חסרון כיס" און דאס איז נוגע "מיד ולדורות" - איז דאך א מצוה לזרז[196] את כאו"א לעשות את התלוי בו, אז די בתי כנסיות ובתי מדרשות (ובפרט בימינו אלו וואס היינו הך - ווארום אין יעדער ביהכ"נ לערנט מען שיעורים בתורה), זאלן זיין אפן א זמן ארוך יותר בכמות סיי בחורף סיי בקיץ, עאכו"כ שעות ביום ושעות בלילה, ובדרך ממילא וועט צוקומען אין איכות, ובפרט אויב מ׳וועט זיך משתדל זיין אויך אין א הוספה באיכות.

מח. ועוד וגם זה עיקר - אז דורך דער הוספה אין דעם "מקדש מעט" שבבבל (וואס איז כולל כל הארצות), וועט קומען דער "עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבבבל שיקבעו בא"י"[197] (וואס "בבל" איז כולל, כאבור, כל הארצות) - אז דער אויבערשטער וועט זיי איבערפירן אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו׳ עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[198], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים בביהמ"ק השלישי,

- וואס קרבן פסח האט אין זיך אויך ביידע זאכן: ס׳איז א קרבן יחיד דוקא, און ניט סתם א יחיד - נאר ער מוז נמנה ווערן, ווארום דער פסח "אינו נאכל אלא למנוייו"[199], וואס דאס איז עיקר הפסח וואס "לא בא מתחלתו אלא לאכילה"[200]; וביחד עם זה איז ער "אתי בכנופיא"[201], ביז וואנעט אז ער האט כמה גדרים פון א קרבן ציבור[202] -

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" - ווי רש"י[203] ברענגט אראפ פון מכילתא[203] בנוגע צו יציאת מצרים, אז תיכף ווען ס׳איז געקומען דער רגע פון קץ האט דער אויבערשטער ניט אפגעהאלטן אפי׳ קיין "הרף עין" - כן תהי׳ לנו בימים אלו ממש, ונקבל פני משיח צדקנו, וואס יגאלנו ויוליכנו ויביאנו לארץ הקודש, ויבנה ביהמ"ק במהרה בימינו ממש.

* * *

- מט. -

---

196) ראה תו"כ ופרש"י ר"פ צו. 197) מגילה כט, א. 198) עקב יא, יב. 199) זבחים נו, ב במשנה. 200) פסחים עו, ב. 201) יומא נא, א. 202) ראה ר"ח יומא שם. וראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"ב ובהערות שם. וראה הו"ש עה"פ בא יב, ד. 203) עה"פ בא יב, מא.

מט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כי ישאלך גו'.

* * *

נ. ס'איז דאך דא דער ענין שהזמן גרמא - "מבצע מצה",

איז אזוי ווי ס'זיינען נאך געבליבן עטליכע טעג צו חג הפסח, איז נוסף לזה וואס מען האט זיכער געטאן ביז איצטער אין אלע פארצווייגונגען וואס זיינען פארבונדן מיט פסח, כולל די שלילה פון דעם ענין ההפכי - מכירת חמץ וכיו"ב, זאל מען איסנוצן די טעג וואס זיינען געבליבן, און משלים ומוסיף זיין כפי הדרוש בכל מקום ומקום, אין דעם "מבצע פסח",

כולל דעם ענין המדובר כמ"פ - זיך משהדל זיין אז יעדער איד זאל האבן (עכ"פ צו די כזיתים ביי די סדרים) מצה שמורה,

עאכו"כ אין שאר הענינים, וואס יעדערער איז אין זיי מחוייב ע"פ שו"ע, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

נא. ומצוה גוררת מצוה[204], ומגלגלין זכות ע"י זכאי[205] - זאל מען מוסיף זיין אין אלע מבצעים:

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", "ואהבת לרעך כמוך"[206] - וואס דאס האט אויך א שייכות צו פסח, ווי גערעדט פריער (סמ"ו) אז פסח האט אין זיך ביידע קצוות, אז ס'איז א "קרבן יחיד", ד.ה. עס האט די מעלה וואס יעדער יחיד האט אויף א צווייטן; וביחד עס זה האט דאס די גדרים פון א קרבן ציבור וכו', ווי גערעדט אמאל בארוכה[207].

עד"ז "מבצע חינוך" - ווי גערעדט פריער אז דער חינוך פון א אידן הויבט זיך אן ברגע שבא לאויר העולם, וואס שוין דעמולט דארף מען באווארענען ער זאל זעהן ארום זיך ענינים של קדושה ומנהג ישראל מיט די שיר המעלות'ן וכיו"ב - וואס דאס איז קשור מיט פסח כמובן פון נבואת יחזקאל[208].

עד"ז מבצע תורה ומבצע תפילין - וואס ביידע זיינען פארבונדן מיט יציאת מצרים - ווארום "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה"[209], דער ענין פון מ"ת; און אויך תפילין זיינען דאך א עדות אויף געדיינקען דעם ענין פון יצי"מ, ווי עס שטייט אין סוף פרשת בא[210] אז אויף דעם איז דער ענין פון "לאות על ידך ולטטפות בין עיניך".

- דערנאך -

------------

204) אבות פ"ד מ"ב. 205) שבת לב, א. וש"נ.
206) קדושים יט, יח. 207) ראה לקו"ש שם. 208) קאפיטל טז. וראה במפרשים שם. 209) שמות ג, יב. 210) יג, טז.

דערנאך קומט דאס אין מבצע מזוזה - וואס עס שטייט דאך אז ראס האט זיך אנגעהויבן דערפון וואס ביי יציאת מצרים האט מען געלייגט דעם דם "על שתי המזוזות"[211].

עאכו"כ דער ענין פון מבצע צדקה - וואס "צדקה עשה הקב"ה" דערמיט וואס "חשב את הקץ"[212] און האט ניט מעכב געווען אידן אין גלות מצרים, וכידוע די שיחה בזה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז דער אויבערשטער האט געהאט א תענוג גדול דערפון וואס דייענדיק אין מצרים האבן אידן "לא שינו את שמם ואת לשונם כו'"[213] מיט די פיר מעלות וואס ער רעכנט אויס דארטן - און אעפ"כ האט דער אויבערשטער מוותר געווען אויף דיין תענוג און ווען "הגיע הקץ" איז "לא עכבן אפילו כהרף עין".

דערנאך קומט דער ענין פון בית מלא ספרים, וואס דאס איז מתקן דעם בית מלא וואס איז געווען אין מצרים וואס איז געווען "מלאה גילולים"[214] רח"ל.

עאכו"כ דער ענין פון כשרות האכילה ושתי', וואס דאס איז פארבונדן מיטן ענין פון אכילת הפסח כפשוטו - וואס "לא בא מתחלתו אלא לאכילה"[200]- און די אכילה איז געווען א התחלה פון אלע אכילות כדבעי.

עד"ז בנוגע צו טהרת המשפחה - ווי ער טייטשט אפ אין מדרש[215] עה"פ[216] "גן נעול אחותי כלה גל נעול מעין חתום גו'", אז דאס גייט אויף נשי ישראל בארץ מצרים - וואס אוה"ע האבן גע'טענה'ט אז מה-דאך ס'איז געווען דער שעבוד בגופן, עאכו"כ בנוגע צו נשותיהן, און דעריבער איז דער אויבערשטער מעיד אז ס'איז "גן נעול גו' גל נעול", ביז וואנעט אז ס'שטייט[217] אויף אידן "שבטי י-ה", מ'האט ארייגעשטעלט די צוויי אותיות (י-ה) פון שם המפורש[218] ושם העצם[219] ושם המיוחד[220] אויף יעדער אידן, אפי' ווען אידן זיינען מחולק אויף י"ב שבטים.

נב. עד"ז אויך בנוגע צו נרות שבת קודש - וואס דורך ליכטיקייט איז געווען דער קיום ההבטחה פון דער גאולה -

- כמרז"ל -

------------

211) בא יב, ז. 212) נוסח ההגדה. 213) ויק"ר פל"ב, ה. ובכ"מ. 214) פרש"י וארא ט, כט. מכילתא ופרש"י עה"פ בא שם, א. תנחומא בא ה. 215) ויק"ר שם. שהש"ר פ"ד, יב. ועוד. 216) שה"ש ד, יב. 217) תהלים קכב, ד. וראה מדרש תהלים עה"פ. יל"ש פינחס רמז תשע"ג. 218) סוטה לח, א. סנהדרין ס, א. רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ו ה"ב. 219) כ"מ לרמב"ם הל' עכו"ם פ"ה ה"ז. פרדס שי"ט. מו"נ ח"א פס"א ואילך. עיקרים מאמר ב' פכ"ח. 220) סוטה וסנהדרין שם.

כמרז"ל[221] אז אידן האבן זיך געבעטן זיי זאלן באפרייט ווערן פון גלות, און זיי זיינען מוותר אויפן "רכוש גדול", און דער אויבערשטער האט געענטפערט "יאמר אותו צדיק (אברהם אבינו וועט זאגט) ועבדום וענו אותם[222] קיים בהם, ואחרי כן יצאו ברכוש גדול לא קיים בהם", וואס דערפאר האט געמוזט זיין דער "ונצלתם את מצרים"[223],

וואס דאס איז געקומען דורך דערויף וואס בשעת ס'איז געווען הושך אין מצרים, און "לבני ישראל הי' אור במושבותם"[224], איז דער אור געווען ניט נאר "במושבותם", נאר בשעת א איד איז געקומען אין וועלט, בבית המצרי, איז ביי אים גלייך געווארן ליכטיק, און ער האט גלייך געזעהן אלץ וואס ס'פוט זיך מיט די כלי כסף וזהב וואס האבן דעמולט באלאנגט צו די מצריים, און ער האט זיי געזעהן מיט דעם אור פון אידישקייט,

און דוקא דורך דעם האט געקענט זיין "ונצלתם את מצרים"[225], במילא האט געקענט נתקיים ווערן דער "יצאו ברכוש גדול", און ס'איז געווען די גאולה.

וואס דאס איז כאמור דורך דעם וואס א איד האט דעם אור פונעם אויבערשטן און ער נעמט דאס מיט אומעטום - וואס דאס איז אויך דער ענין פון נרות שבת קודש, ווי ער זאגט אין מדרש[226] אז דאס איז כנגד "נרו של עולם".

ולא המדרש עיקר אלא המעשה - בנוגע צו אלע מבצעים.

ובפרט נאך לויט דער הדגשה וואס בשנה זו איז די ערשטע נרות וואס מ'וועט צינדן בחגה"פ, האבן אין זיך סיי דעם ענין פון נרות שבת קודש סיי דעם ענין פון נרות יו"ט,

עד"ז דער ענין פון שהחיינו וואס איז דא אין יעדע טעג פון יו"ט - און מ'בענטשט דאס נאך פאר דעם וואס מ'הויבט אן דעם סיפור יצי"מ מיט כל הסדר.

וואס דאס איז דער ענין כפשוטו - דער ענין פון נרות שבת קודש ויו"ט, מיט דער הדגשה אז מ'הויבט דאס אן מיט "שהחיינו", און מ'זאגט דאס מיט א התלהבות, ווי דער פירוש המילות איז - אז זי בענטשט דעם אויבערשטן פאר דעם וואס ער האט איר בזכה געווען, "שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה", אז די קליינע מיידעלע זאל קענען אנצינדן איר נר שבת ונר יו"ט און זאגן דערביי "שהחיינו",

- אז -

---

221) ברכות ט. סע"א ואילך. 222) לך לך טו, יד. 223) שמות ג, כב. 224) בא שם, כג. 225) שמו"ר פי"ד, ג. פרש"י עה"פ בא י, כב. 226) תנחומא ס"פ מצורע.

אז זי פארבינדט זיך מיטן אויבערשטן אן קיינע ממוצעים און דאנקט אים אפ מיטן לשון "אתה", ווי מ'זאגט אין דער ברכה, וואס דאס איז לשון נוכח - און תורת אמת זאגט אז דאס איז נוסח הברכה וואס איז געגעבן געווארן צו יעדערע וואס איז מקיים די מצוות.

נג. ויהי רצון אז ס'זאל זיין דער "אתה הא-ל עושה פלא"[227], ווי דער ראב"ע[228] טייטשט עס אפ, אז "פלא" איז דער ענין פון נפלאות, בדוגמת ווי דער צ"צ[229] איז מבאר (מיוסד אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר אויף "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", אז דאס וועלן זיין נפלאות אפי' בערך די נפלאות וואס זיינען געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים",

און ס'וועט זיין "הודעה בעמים עזך"[227], ווי גערעדט פריער אז ס'וועט זיין "ובני ישראל יוצאים ביד רמה", אן קיינע מניעות ועיכובים, ואדרבה, בדוגמא ווי ס'איז געווען דעמולט, אז פרעה אליין האט מסייע געווען,

און ס'וועט זיין דער "גאלה בזרוע עמך"[230], ובקרוב ממש ובעגלא דידן.

צוה לנגן: הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. והיא שעמדה.

התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו הכריז בקול רם: לשנה הבאה בירושלים. והתחיל לנגן כי בשמחה.

* * *

---

227) תהלים עז, טו. 228) עה"פ. 229) אוה"ת נ"ך ע' תפו ואילך. 230) תהלים שם, טז.

בס"ד. שיחת אור ליום ה׳, י"ג ניסן ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בכל דור ודור חייב אדם כו׳.

* * *

ב. בהמשך צו דער ההתוועדות פון י"א ניסן, איז אזוי ווי ס׳איז דאך רגיל אז מ׳מאכט דעמולט א סיום, וועט מען איצטער אויך מאכן א סיום אויף א מסכת.

וואס מצד דעם דין[1] אז שלשים יום לפני החג שואלין ודורשין בהלכות החג – איז פארשטאנדיק, אז דער סיום וואס איז מתאים צו דעם זמן, איז דער סיום אויף מסכת פסחים.

[אע"פ אז די הלכות פון פסח זיינען מפוזר בכ"מ אין ש"ס – איז דאך אבער "שמא מילתא היא"[2], אז דוקא די מסכת ווערט אנגערופן "פסחים"].

ובפרט אז מ׳געפינט זיך שוין לאחרי "פרוס החג"[3], וואס לדעת רשב"ג[4] איז שואלין ודורשין בהלכות החג שתי שבתות לפני החג, ועאכו"כ אז מ׳געפינט זיך אין דעם שבוע וואס יום השבת שלו איז חג הפסח,

– וואס דער ענין פון שבת איז, אז דעמולט זיינען עולה אלע טעג שלפנ"ז, ביז אין אן אופן פון "ויכולו"[5], סיי דער ענין פון "ויכולו" מלשון כליון[6], עלי׳ מלמטלמ"ע, וואס בכללות איז דאס די עלי׳ אין דעם חצי התחתון פון כתר, וואס אהינצו איז מען עולה מצד שורש הנבראים, און דערנאך אויך דער צווייטער ענין אין "ויכולו", מלשון תענוג[6], חמדת ימים אותו קראת, המשכה מלמעלמ"ט, וואס די המשכה איז פון הצי העליון פון כתר, בחי׳ עתיק,

און די ביידע טייטשן שטייען אין דעם זעלבן ווארט "ויכולו", וואס דאס באווייזט אז דער מלמעלמ"ט מיטן מלמטלמ"ע ווערן נתאחד, בדוגמא ווי ס׳האט זיך אויפגעטאן במ"ת בכל העולם כולו ובכל הימים[7], אנהויבנדיק פון יום השבת (וואס "בשבת ניתנה תורה"[8]), וואס דעמולט איז געווען "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם" –

איז וויבאלד אז אויך דער טאג פון י"א ניסן איז עולה

– ונכלל –

------------

1) פסחים ו, סע"א. וש"נ. שו"ע אדה"ז ריש הל׳ פסח.
2) ראה יומא פג, ב. לקו"ש ח"ו ע׳ 35 ואילך ובהערות שם.
3) ראה גיטין לא, ב. 4) פסחים שם. 5) בראשית ב, א.
6) ראה אוה"ת בראשית כב, ב ואילך. 7) ראה שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 8) שבת פו, ב.

ונכלל אין יום השבת וואס דעמולט איז חג הפסח - איז פארשטאנדיק, אז דער סיום וואס איז פארבונדן מיט י"א ניסן דארף זיין פארבונדן מיט די ענינים פון חג הפסח, וואס אין תושבע"פ איז דאס מסכת פסחים.

ג. וועגן דעם סיום פון מסכת פסחים האט מען דאך שוין גערעדט כמ"פ (און ס'איז שוין אויך געדרוקט[9]) - וועט מען זיך איצטער אפשטעלן אויף דער נקודה, אז גלייך נאך דעם סיום פון מסכת פסחים קומט מסכת שקלים.

וואס אע"פ אז "בתרי מסכתא אין סדר למשנה"[10], איז דאס מערניט בנוגע צו ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסקי הלכות; מ'דארף אבער האבן א טעם אויף דעם סדר המסכתות[11] - ועד"ז בעניננו, וואס איז דער טעם וואס נאך מסכת פסחים קומט מסכת שקלים.

וואס אין דערויף זיינען דא כמה טעמים, ביז צום טעם פון רב שרידא גאון (וואס איז געדרוקט באגרת שלו הידועה[12]), אז מסכת שקלים קומט בסמיכות צו מסכת פסחים, דערפאר וואס "הוא מלפניו וכאחד מעניניו" (פון עניני הפסח).

דער קשר צווישן מסכת שקלים מיט מסכת פסחים, ובפרט מיטן סיום פון מסכת פסחים - יש לומר:

אין סיום מסכת פסחים רעדט זיך וועגן ברכת הזבח און ברכת הפסח, צי ברכת הפסח פוטרת את הזבח אדער ניט, כמבואר אין משנה און דערנאך אויך אין גמרא. און דערנאך רעדט די גמרא וועגן די צוויי ברכות וואס זיינען דא ביי פדיון הבן, די ברכה אקב"ו על פדיון הבן און ברכת שהחיינו, וואס בנוגע צו דער ברכה על פדיון הבן איז זיכער אז דער אב איז מברך, ווארום ער איז מצווה אויף פדיון הבן, אבער בנוגע צו ברכת שהחיינו איז דא א שקו"ט מי מברך, און די גמרא פירט אויס "והילכתא אבי הבן מברך שתים".

און דער רשב"ם[13] איז מסביר דעם קשר ושייכות צווישן ביידע ענינים (ברכת הפסח און ברכת הזבח, מיט די צוויי ברכות פון פדיון הבן), אז אזוי ווי אין משנה רעדט זיך וועגן צוויי ברכות וואס האבן צווישן זיך א קשר ושייכות, ווארום דער פסח דארף זיין נאכל על השובע[14], נאך דעם קרבן

- חגיגה -

---

9) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' (קה"ת תשל"ו) ע' שעג ואילך. 10) ב"ב קב, א. 11) ראה תוס' ריש מס' ב"מ. 12) במהדורת לוין ע' 33. הובא בתויו"ט ריש מס' שקלים. 13) ד"ה ר' שמלאי שם. 14) פסחים ע, רע"א. רמב"ם הל' ק"פ פ"ח ה"ג.

חגיגה וואס קומט לפניו - פירט אויס אויך די גמרא מיט א שאלה וועגן צוויי ברכות וואס זיינען בענין אחד (אין דעם ענין פון פדיון הבן), די ברכה אקב"ו על פדיון הבן, און ברכת שהחיינו.

און די שייכות צווישן דעם ענין פון פדיון הבן מיט מסכת פסחים - איז פארשטאנדיק בפשטות, ווארום דער ענין פון פדיון הבן איז פארבונדן מיט יצי"מ (ובמילא - מיט מסכת פסחים), כמבואר אין פשטות הכתובים (ועאכו"כ אין מדרשי חז"ל) אז וויבאלד אז דער סיום פון גלות מצרים איז געווען דורך מכת בכורות, דורך "ויהרוג ה׳ כל בכור בארץ מצרים"[15], דערפאר דארף זיין "כל בכור בני אפדה"[16], געבן חמשה שקלים פאר פדיון הבן.

ד. ע"פ האמור לעיל (אז אין מסכת פסחים רעדט זיך וועגן פדיון הבן, און דאס איז פארבונדן מיט יצי"מ) וועט מען פארשטיין די שייכות צווישן מסכת פסחים מיט מסכת שקלים:

דער ענין פון גלות מצרים (וואס דערפון איז דערנאך ארויסגעקומען די מצוה פון פדיון הבן) האט זיך אנגעהויבן פון "ויוסף הורד מצרימה"[17], כמובן פון פשטות הכתובים, ועאכו"כ ע"פ המבואר אין מדרשי חז"ל, ווי די גמרא[18] זאגט "ראוי הי׳ יעקב אבינו לירד למצרים בשלשלאות של ברזל כו׳", נאר דורך דעם וואס ס׳איז געווען "ויוסף הורד מצרימה", האט ער זוכה געווען קומען אין מצרים באופן של מנוחה, ביז אין אן אופן של גדלות, מיט דעם גאנצן יקר וגדולה וואס יעקב האט געהאט אין מצרים, ביז אז גאנץ ארץ מצרים האט געדארפט אנקומען לזכותו וברכתו של יעקב[19], און זיי האבן געוואוסט דערפון.

שטייט אין מדרש[20] אז וויבאלד "ויוסף הורד מצרימה" איז געווען דורך דעם וואס מ׳האט אים פארקויפט "בעשרים כסף"[21], דערפאר האט דער אויבערשטער געהייסן אז יעדער איר זאל פודה זיין את בנו בהמשה שקלים, וואס דאס איז דער שווי פון "עשרים כסף".

דערנאך שטייט אין מדרש (ועד"ז אויך אין ירושלמי אין שקלים[22]) א צווייטער ענין: וויבאלד אז די שבטים האבן פארקויפט יוסף׳ן "בעשרים כסף", וואס דאס איז דער סכום פון

- חמשה -

------------

15) בא יג, טו. 16) שם. 17) וישב לט, א. 18) שבת פט, ב. וראה יל"ש וישב רמז לט. מדרש תהלים עה"פ קה, טז. 19) ראה פרש"י ויגש מז, י. במדב"ר פי"ב, ב. תנחומא נשא טו. ועוד. 20) ב"ר פפ"ד, יח. וש"נ. 21) וישב לז, כח. 22) פ"ב ה"ג.

חמשה שקלים, קומט אויס א הצי שקל צו יעדערן פון די צען שבטים (ווארום "בנימין לא הי׳ עמהן"[23], זיינען געבליבן נאר צען שבטים) - און דערפאר האט דער אויבערשטער געהייסן אז יעדער איד זאל געבן "מחצית השקל"[24].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר ושייכוה צווישן מסכת פסחים מיט מסכת שקלים - אז דער ענין פון מכירת יוסף האט געבראכט סיי דעם ענין פון פדיון הבן, וואס דאס איז דער סיום פון מסכת פסחים, און סיי דעם ענין פון מהצית השקל, וואס דערמיט הויבט זיך אן מסכת שקלים, "באחד באדר משמיעין על השקלים".

ה. נאך א קשר צווישן מסכת פסחים מיט מסכת שקלים:

כאמור לעיל (ס"ג) אז די נקודה וואס מ׳זעט אין דעם סיום פון מסכת פסחים איז, אז ס׳רעדט זיך וועגן צוויי ברכות וואס האבן א קשר ושייכות צווישן זיך (ברכה הפסח און ברכת הזבה (וואס פסח און זבח זיינען פארבונדן זב"ז, כנ"ל) און די צוויי ברכות פון פדיון הבן) - און די זעלבע נקודה זעט מען אויך אין ריש מסכת שקלים:

בנוגע צו דער מצוה פון מחצית השקל (וואס דאס איז די התחלה פון מסכת שקלים), איז אע"פ אז דאס איז א מצוה אחת שלימה, איז מען אבער מדגיש אז מ׳דארף געבן "מחצית השקל" (ניט עשר גרה, נאר "מחצית השקל"), א מחצית פון אן ענין, ד.ה. אז ס׳איז דא אין דערויף צוויי פרטים, און מ׳דארף געבן נאר א "מחצית" (ע"ד הנ"ל אז ס׳זיינען דא צוויי ענינים (צוויי ברכות) וואס זיינען פארבונדן זב"ז).

וואס דאס איז דאך א דבר פלא: בנוגע צו כללות הענין פון תומ"צ און אידישקייט, איז דער ציווי אז מ׳דארף געבן א דבר השלם דוקא, און נאכמער: דער דבר השלם גופא דארף זיין "מן הנאה והטוב כו׳ היפה", ווי ס׳שטייט[25] "כל חלה לה׳", ווי געבראכט אין רמב"ם[26] און אין שו"ע[27], ד.ה. אז ניט נאר ס׳דארף זיין א דבר שלם, נאר אין שלימות גופא דארף דאס זיין בתכלית השלימות.

און אעפ"כ זעט מען אז בנוגע צו דער מצוה פון מחצית השקל, איז מען מדגיש אז די נתינה דארף זיין "מחצית השקל" דוקא, און מיט דער הדגשה אז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט"[28], "מחצית" דוקא.

- ו. -

---

23) קה"ע לירושלמי שם. 24) תשא ל, יג. 25) ויקרא ג, טז. 26) סוף הל׳ איסורי המזבח. 27) יו"ד סו"ס רמח. 28) תשא שם, טו.

ו. בהמשך להמדובר לעיל וועגן "מחצית השקל", איז איינער פון די ביאורים פארוואס איז מען מדגיש אז די נתינה דארף זיין "מחצית השקל" דוקא - אז אין דערויף איז מודגש דער ענין פון "אהבת ישראל", אז א איד דערפילט אז ער גיט מערניט ווי "מחצית", און דוקא ווען א צווייטער איד גיט אויך "מחצית", ערשט דעמולט ווערט דאס א דבר השלם.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[29] אז אהבת ישראל איז איין זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך", אהבת ה' - כמבואר בארוכה אין דרושי רבותינו נשיאינו[30] אז דער ענין פון מחצית השקל איז, אז איין מחצית גיט דער איד, א נברא, און די צווייטע מחצית גיט אים דער אויבערשטער מלמעלה. און הא בהא תליא.

און אזוי ווי אין אלע ענינים זאגט מען דאך אז "המעשה הוא העיקר"[31] - איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "מחצית השקל", אז דער ענין (אז ער איז מערניט ווי א "מחצית", און דוקא מיטן צווייטן אידן ווערט ער א דבר השלם) קומט אראפ בנוגע לפועל:

דער גאנצער ענין פון "מחצית השקל" איז געמאכט געווארן אויף אזא אופן אז מיט דער "מחצית השקל" אליין קען מען גארניט טאן. ווארום פון דעם "מחצית השקל" וואס אלע אידן האבן געגעבן האט מען מקריב געווען די קרבנות ציבור, און דעם ערשטן קרבן וואס מ'האט געדארפט מקריב זיין דורך דעם "מחצית השקל", איז געווען דער קרבן תמיד פון ר"ח ניסן (וואס דעמולט האט מען אנגעהויבן מקריב זיין די קרבנות פון דער "תרומה חדשה", ווי די גמרא זאגט[32] "חדש והבא קרבן מהרומה חדשה") - וואס מיט א "מחצית השקל" קען מען ניט קויפן קיין קרבן, ווארום בפשטות איז דער קרבן-תמיד, בפרט מיט די נסכים וכו', ווערט מערער פון "מחצית השקל"[33].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד ברענגט דעם "מחצית השקל", זאגט אים אן תורה מלכתחלה ער זאל וויסן אז מיט זיין "מחצית השקל" וועט מען ניט קענען מקריב זיין קיין קרבן, און לאידך, איז מען אים מצווה אז ער זאל געבן דעם "מחצית השקל" כדי אז מ'זאל קענען מקריב זיין דעם קרבן - וואס אין דערויף איז מודגש אז די שלימות פון א אידן איז

- דוקא -

---

29) סה"ש ה'ש"ת ע' 3. ועוד. 30) ראה חו"א הוספות קיב, א ואילך. אוה"ת תשא ע' א'תתקז ואילך. שם ע' א'תתקיא. מכ' כללי דער"ה ניסן ש.ז. 31) אבות פ"א מי"ז. 32) ר"ה ז, א. מגילה כט, ב. 33) ראה כריתות י, ב. מנחות קז, ב. תוס' שם ד"ה כבש. תוד"ה רבעתיים ב"ב קסו, ב.

דוקא ווען ער פילט אז ער איז מערניט ווי א "מחצית", און ער דארף אנקומען צו א צווייטן אידן, וואס דוקא דעמולט ווערט ער א דבר שלם.

ז. א דוגמא לדבר (אז ער איז מערניט ווי א "מחצית", און דוקא דורך דעם צווייטן ווערט דאס א דבר שלם) געפינט מען אויך אין הל׳ שבת (וואס לכו"ע בשבת ניתנה תורה[8]):

דער דין איז[34] אז א מלאכה שאי אפשר לעשותה ע"י אחד ועשאוה שנים, שניהם חייבים, וואדום דאס ווערט פאררעכנט ווי ביידע האבן געטאן די גאנצע מלאכה בשלימות (וואדום ווען ס׳וואלט געהייסן אז יעדערער פון זיי האט געטאן א האלבע מלאכה, איז דאך דאס א חצי שיעור, און אויף א חצי שיעור איז ניטא דער זעלבער חיוב ווי אויף א גאנצע מלאכה).

ד.ה. אז דאס איז א מלאכה וואס ער אליין קען איד ניט טאן, ער מוז אנקומען צו א צווייטן, ולאידך, ווען ער טוט דאס צוזאמען מיטן צווייטן, הייסט דאס אז יעדערער האט געטאן די גאנצע זאך בשלימות (ע"ד האמור לעיל בנוגע צו מחצית השקל).

וכמדובר כמ"פ[35] די דוגמא לזה פון חלוקת הש"ס, וואס יעדערער נעמט אויף זיך איין מסכה, מ׳טוט דאס אבער אין אן אופן אז מ׳איז זיך מצטרף מיט נאך אידן, און אלע צוזאמען זיינען מסיים דעם ש"ס, ווי דער אלטער רבי שרייבט אין קו"א (און מ׳האט דאס אריינגעשטעלט בסיום פון ספר התניא[36]) אז מ׳דארף "לגמור כל הש"ס כו׳ לחלק המסכתות כו׳ ועיר שיש בה מנינים הרבה יגמרו בכל מנין ומנין, ואם איזה מנין קטן מהכיל יצרפו אליהם אנשים מאיזה מנין גדול" (וואס "מניך" מיינט כפשוטו, א ביהכ"נ וביהמ"ד).

וכמדובר כמ"פ בארוכה, אז וויבאלד אז מצד צוק·העתים קען מען ניט (ע"פ שו"ע) מסיים זיין כל הש"ס כולו (ובפרט אז דער לימוד זאל זיין באופן הכי טוב), איז דאס ע"ד ווי א מלאכה שאא"פ לעשותה ע"י אחד, און דערפאר ווען יעדערער לערנט איין מסכת, און מ׳איז זיך מצטרף אלע צוזאמען, איז מעלה עליו הכתוב אז דאס איז כאילו ווי ער האט געלערנט גאנץ ש"ס, וואס דאס זאגט "תודת אמת" אז אזוי איז אמיתית הענין.

וואס דא זעט מען אויך דעם זעלבן ענין (ווי אין

- "מחצית -

------------

34) שבת צג, א. רמב"ם הל׳ שבת פ"א הט"ז. 35) ראה שיחת י"ט כסלו ש.ז. סנ"ד. לקו"ש ח"י ע׳ 267 ובהערות שם.
36) קסג, א.

"מחצית השקל"), אז ער אליין קען ניט טאן די גאנצע זאך, ער מוז אנקומען צום צווייטן, און לאידך, ווען ער טוט דאס צוזאמען מיטן צווייטן, איז דאס פונקט ווי יעדערער פון זיי האט געטאן דעם גאנצן ענין בשלימות.

ח. פון דעם ירושלמי הנ"ל (ס"ד), וואס ער איז מבאר אז דער ענין פון "מחצית השקל" איז פארבונדן דערמיט וואס די שבטים האבן פארקויפט יוסף'ן "בעשרים כסף", וואס דעמולט כאפט דער חשבון "מחצית השקל" צו יעדער שבט - האט מען א לימוד נפלא:

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק, ווי אזוי איז דער חשבון "מחצית השקל" פאר יעדער שבט, ס'זיינען דאך געווען מערניט ווי ניין שבטים, ווארום נוסף לזה וואס בנימין איז ניט געווען צוזאמען מיט זיי, איז דאך ראובן אויך ניט געווען ביי דער מכירה[37], קומט דאך אויס אז ס'זיינען געווען נאר ניין שבטים, איז ווי שטימט דער חשבון "מחצית השקל" פאר יעדער שבט?

מ'קען דאס ניט פארענטפערן לויט דער דעה[38] אז "שתפו להקב"ה באותו חרם", כדי אז ס'זאל האבן דעם תוקף פון עשרה, וואס "אין החרם מתקיים אלא בעשרה" (וואס דערפאר האבן אלע געדארפט שווייגן, כמדובר אמאל בארוכה[39] - ווארום בנוגע צום אויבערשטן איז ניט שייך צו זאגן אז מ'זאל פאנאנדערטיילן די "עשרים כסף", און ער זאל אויך נעמען "מחצית השקל".

איז דא אויף דעם א תירוץ[40], מיוסד אויף דעם וואס ס'שטייט אין פרדר"א[41], אז ראובן איז טאקע ניט געווען בשעת מעשה, ווען ער איז אבער געקומען צוריק און האט זיך דערוואוסט פון די גאנצע מעשה, איז שתק און האט ניט מוחה געווען,

און וויבאלד אז ער האט ניט געמאכט קיין טומל און א שטורעם וואס זאל באווייזן אז ער איז ניט מסכים צו דעם ענין, איז דערפון די הוכחה אז לאחר המעשה איז ביי אים געווען א שתיקה כהודאה, און דערפאר גייט ער אויך אריין אין דעם חשבון פון די עשרה צווישן וועלכע מ'טיילט פאנאנדער די "עשרים כסף", און ער דארף אויך געבן "מחצית השקל".

וע"פ האמור לעיל (ס"ו) אז אין דעם ענין פון "מחצית

- השקל" -

------------

37) ראה פרש"י וישב שם. 38) תנחומא וישב ב. 39) לקו"ש ח"י ע' 130 ואילך. 40) מהרז"ו לב"ר שם. וראה ג"כ יפ"ת שם. 41) פל"ח.

השקל" איז מודגש דער ענין פון "אהבת ישראל" - האט מען דערפון א לימוד נפלא:

דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[42] דארף זיין אפי' בנוגע צו א אידן וואס הנהגתו (ווי מ'זעט לעיני בשר) איז אין אן אופן פון "בריות", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא פרק לב אז דיין איינציקע מעלה איז דאס וואס ער איז "בריות", ער איז באשאפן געווארן ע"י הקב"ה, קיין אנדער מעלה האט ער ניט, אין בו לא טעם ולא ריח וכו'[43] - אויך בנוגע צו דעם אידן איז דא דער ציווי "ואהבת לרעך כמוך".

וואס לכאו', קען ער טענה'ן אז דאס איז ניט "רעך", ער האט ניט קיין שייכות צו אים - ע"ד ווי ס'איז געווען ביי מכירה יוסף (בנוגע צו ראובן), אז מ'האט געטאן אן ענין וואס ער איז געווען בפירוש נגד זה, און ער איז דערביי בכלל ניט געווען, האט ער, לכאו', קיין שייכות ניט מיט זיי!

זאגט מען אים, אז דאס גופא וואס צו אים איז אנגעקומען די ידיעה אז ביי א צווייטן אידן האט זיך געטראפן א דבר בלתי רצוי, איז דאס א הוכחה אז א שמץ מנהו איז דא אויך ביי אים, כידוע תורת הבעש"ט בזה[44].

וכידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ה אדמו"ר האט דערציילט בנוגע צום מיטעלן רבי'ן (און ס'איז שוין אויך געדרוקט[45]), אז ווען ער איז אמאל געווען באמצע הדרך קיין ליובאוויטש, און האט אויפגענומען מענטשן אויף יחידות, האט ער מפסיק געווען אינמיטן די יחידות למשך זמן.

האט מען ביי אים געפרעגט, ווי קומט דאס ער זאל מפסיק זיין אינמיטן די יחידות, ווען ס'ווארט א המון רב? - האט ער געזאגט, אז מ'האט ביי אים געפרעגט וועגן אן ענין מסוים, וואס דאס איז דאך א סימן אז ביי אים איז אויך דא עכ"פ מעין זה, איז ביי אים געווארן די שאלה, היתכן אז ביי אים זאל זיין א מעין פון דעם ענין וועלכן מ'האט ביי אים געפרעגט, ער האט ביי זיך ניט געפונען אפי' א שמץ דשמץ מנהו -

האט ער געדארפט האבן א התבוננות במשך זמן ביז וואנעט ער האט געפונען ביי זיך א שמץ מנהו, און ערשט דערנאך, ווען ער האט דאס געפונען און מתקן געווען, האט ער געקענט ממשיך זיין אויפנעמען אנשים אויף יחידות און געבן זיי דעם תיקון.

- ועד"ז -

---

42) קדושים יט, יח. 43) ראה ויק"ר פ"ל, יב.
44) הובאה ונתבארה בלקו"ש שם ע' 24 ואילך. 45) סה"מ קונטרסים ח"ב ע' 712 ואילך.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו ראובן: וויבאלד צו אים איז דערגאנגען די ידיעה אז די שבטים האבן זיך געפירט באופן בלתי רצוי, האט ער פארשטאנען אז ביי אים איז אויך דא א שמץ מנהו, במילא האט ער פריער געדארפט מתקן זיין דעם עניין ביי זיך, און דערפאר איז שתק ולא מיחה.

וואס דערפון האט מען די הוראה, אז בשעת מ'טרעפט א אידן וואס הורת אמת זאגט אויף אים אז ער איז "בריות בעלמא" (מער האט ער ניט קיין מעלות), און וויבאלד אז "האדם יראה לעינים"[46], זעט ער אז יענעמ'ס הנהגה איז בתכלית השפלות, ביז אז "מכרם בכסף גו' עבור נעלים"[47], אן עניין וואס איז פארבונדן מיטן רגל (ניט מיט אן עניין נעלה) - בדוגמא ווי ס'איז געווען בדקות העניינים ביי מכירת יוסף, אבער דא זעט ער דאס ניט בדקות, און אפי' ניט ניט בדקות, נאר בתכלית השפלות פון בירא עמיקתא -

זאגט מען אים אז ס'מוז זיין דער עניין פון "ואהבת לרעך כמוך" אפי' בנוגע צו "בריות", און מיט דער הדגשה אז דאס איז "כמוך", און מ'איז נאך מוסיף אז "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן"[48].

- בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי ראובן, אז אע"פ אז ער האט געזעהן ביי די שבטים אן עניין בלתי רצוי וואס ער האט מנגד געווען דערצו, אעפ"כ האט זיך געמאנט ביי אים דער עניין פון "אהבת ישראל", ווי דאס דריקט זיך אוים אין דעם וואס ער גייט אויך אריין אין דעם חשבון פון די עשרה צווישן וועלכע מ'טיילט פאנאנדער די "עשרים כסף", וואס דערפון קומט ארויס דער עניין פון "מחצית השקל" וואס איז פארבונדן מיט דעם עניין פון "אהבת ישראל".

ט. פון דעם ירושלמי הנ"ל (ס"ד), האט מען נאך א גרעסערן לימוד נפלא:

בנוגע צו די שאלה הנ"ל (ס"ח) ווי שטימט דער חשבון "מחצית השקל" פאר יעדער שבט, ס'זיינען דאך געווען מערניט ווי ניין שבטים, ווארום בנימין און ראובן זיינען ניט געווען - איז דא א צווייטער תירוץ[49]:

וויבאלד אז יוסף האט גורם געווען צו דעם וואס די שבטים האבן אים פארקויפט - דורך דעם וואס ער האט זיי דערציילט זיינע חלומות, און האט מעורר געווען אז ס'זאל

- זיין -

---

46) ש"א טז, ז. 47) עמוס ב, ו. וראה פרדר"א שם.
48) תניא פל"ב. 49) תקלין חדתין לירושלמי שם. וראה ג"כ מה"פ שם.

זייך "ויקנאו בו אחיו"[50] - האט ער אליין א חלק אין זיין מכירה, ביז אז ער ווערט פאררעכנט צווישן די עשרה, און ער איז אויך מחוייב אין "מחצית השקל" [ווארום מ'טיילט די "עשרים כסף" צווישן עשרה (ניט צווישן תשעה), דערפאר וואס יוסף ווערט אויך פאררעכנט, זייענדיק א גורם צו דער מכירה].

וואס דערפון האט מען די הוראה, אז דער ענין פון "אהבת ישראל" (וואס דאס איז די נקודה פון "מחצית השקל") דארף זיין אפי' בנוגע צו א אידן וואס האט אים וויי-געטאן, ביז אין אן אופן וואס איז בדוגמא צו מכירת יוסף למצרים ע"י אחיו - אויך צו אים דארף זיין דער ענין פון "אהבת ישראל".

און בשעת ער פרעגט: ווי אזוי קען מען מאנען ביי אים דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" צו איינעם וואס האט זיך געפירט מיט אים באופן הפכי - איז אויף דערויף דא די הסברה אין אגה"ק[51], אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית, און אע"פ אז יענער איז א בעל בחירה (און אים קומט אן עונש אויף דעם וואס ער האט זיך געפירט באופן כזה), איז אבער "על הניזק כבר נגזר מן השמים", ובמילא האט ער ניט וואס צו זיין ברוגז, ואדרבה, כל הכועס כו'[52], דאס איז אן ענין וואס איז היפך ההתקשרות צום אויבערשטן, ווארום יעדער ענין קומט פון דעם אויבערשטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה האמורה לעיל, אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" דארף זיין אפי' צו א אידן וואס האט זיך געפירט מיט אים באופן ההפכי - ווארום מ'האט די הסברה הנ"ל פון דעם אלטן רבי'ן אז ער האט ניט וואס צו זיין ברוגז אויף יענעם, וויבאלד אז דאס וואס ער האט אים געטאן איז געווען בהשגח"פ, ואדרבה, ער דארף זיך פירן מיט אים אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך".

י. בנוגע צו כללות הציווי פון "ואהבת לרעך כמוך", אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן א "רע" אמיתי, פרעגט זיך די שאלה: ווי אזוי קען מען פארלאנגען פון א בן אדם ער זאל האבן אהבה צו א צווייטן מענטשן "כמוך", ס'איז דאך היפך טבע האדם (ווי פשטני המקרא, אנהויבנדיק פון דעם רמב"ן[53], מאכן דערפון א גאנצן שטורעם)?!

ביז אז ס'זיינען דא מפרשים[54] וואס זיינען מסביר דאס

- וואס -

-------------

50) וישב שם, יא. 51) סכ"ה (קלח, ב). 52) זה"א כז, ב. ובכ"מ. רמב"ם הל' דעות פ"ב ה"ג. 53) עה"פ קדושים שם. 54) ראה חרא"ג מהרש"א לשבת לא, א ד"ה דעלך.

וואס הלל האט געזאגט "דעלך סני לחברך לא תעביד"[55], באופן שלילי, און האט דאס ניט געזאגט באופן חיובי, "ואהבת לרעך כמוך" - דערפאר וואס ב׳קען ניט פארלאנגען דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"; ב׳קען נאר פארלאנגען אז "דעלך סני לחברך לא תעביד".

מ׳זעט דאך אבער, אז "דעלך סני לחברך לא תעביד" האט הלל געזאגט צו איינעם וואס האט זיך געוואלט מגייר זיין, ער איז נאך אבער ניט געווען קיין איד [ו]וואס אע"פ אז מ׳זאגט אז נאך איידער ער ווערט נתגייר איז ער שוין געווען א גר, וואס דערפאר איז דער לשון "גר שנתגייר"[56], אעפ"כ, בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ איז ער נאך ניט קיין איד[,] קען מען נאך ניט מאנען ביי אים דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך". במילא זאגט מען אים עכ"פ "דעלך סני לחברך לא תעביד", וואס דאס איז אויך א כלל גדול בתורה (עכ"פ באופן שלילי);

משא"כ אבער ווען ס׳רעדט זיך וועגן א אידן - זאגט מען יעדער אידן אז ס׳דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך" (אין אן אופן חיובי), און ערשט דערנאך קומט ער צו דעם תרגום פון דעם ענין, אז "דעלך סני לחברך לא תעביד".

עס בלייבט נאך אבער די שאלה הנ"ל: ווי אזוי קען מען מאנען דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", ס׳איז דאך היפך טבע האדם?

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס ס׳ברענגט זיך אראפ אין חסידות[57] דאס וואס דער אלטער רבי האט געזאגט בשם הבגיד, אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק, ווי אזוי קען זיין א ציווי "ואהבת את ה׳ אלקיך"[58], אהבה איז דאך א דבר התלוי ברגש הלב? - און דער ביאור בזה איז, אז דער ציווי איז ניט אויף דער אהבה, נאר אז מ׳זאל זיך מתבונן זיין בדברים המביאים לאהבה; קען מען זאגן עד"ז אויך בנוגע צום ציווי "ואהבת לרעך כמוך", אז דער ציווי איז ער זאל זיך מתבונן זיין בדברים המביאים צו דער אהבה.

יא. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

יעדער ענין דארף דאך האבן א רמז אויך אין נגלה דתורה, איז וואו איז דער רמז אין נגלה דתורה אז דער ציווי איז אויף די ההבוננות בדברים המעוררים את האהבה? ובפרט אז דא

- רעדט -

------------

55) שבת שם. 56) ראה מדבר קדמות להחיד"א מע׳ ג׳ אות ג׳. 57) אוה"ת להה"מ (הוצאת קה"ת) הוספה אות יב. וש"נ. 58) ואתחנן ו, ה.

רעדט זיך וועגן אן ענין פון קיום המצוות בפשטות, וואס דארטן איז "המעשה הוא העיקר" - און דער לשון הציווי איז (ניט אז מ'זאל זיך מהבונן זיין אין דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", נאר) אז ס'זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך"?

איז דעם ביאור בזה געפינט מען גאר אין רמב"ם

[וואס ס'איז דא א שייכות מיוחדה צווישן דעם רמב"ם מיט די ימים שלפני חגה"פ - וואס דאס איז וואס מ'געפינט בנוגע צום רמב"ם א דבר פלא:

בנוגע צו יום ההולדה פון גדולי ישראל, איז זייער זעלטן אז מ'זאל זאגן אויף איימיצן ווען ס'איז געווען זיין יום ההולדת (און דאס וואס מ'געפינט אין ש"ס דעם ענין פון יום ההולדה, געפינט מען דאס מערניט ווי בנוגע צו תקופות מיוחדות, ווען ער איז געווארן בן ששים שנה וכיו"ב[59]);

דערנאך האבן רבותינו נשיאינו, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, מגלה געווען דעם ענין פון יום ההולדת[60] - און דעמולט האט מען אנגעהויבן חוקר ודורש זיין, און מ'האט אנגעהויבן פראוועך א התבוננות מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יום ההולדת[61].

אבער בנוגע צום רמב"ם, זעט מען אז ניט נאר ס'איז אנגעצייכנט דער טאג פון זיין יום הולדה, וואס דאס איז געווען בערב פסח, נאר ס'שטייט אויך אין וועלכע שעה איז ער געבארן געווארן בערב פסח (ווי ס'שטייט אין די ספרים פון דברי הימים, אין סדר הדורות[62] וכיו"ב)]:

בשעת דער רמב"ם אין סהמ"צ שלו[63] ברענגט דעם ציווי פון אהבה, זאגט ער אויך אז מ'דארף זיך מהבונן זיין בדברים המעוררים את האהבה; דערנאך איז ער אבער מוסיף דריי ווערטער וואס פארענטפערן די שאלה הנ"ל: ער זאגט דארטן אז דורך די התבוננות בדברים המעוררים את האהבה, איז "תבוא האהבה בהכרח".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין מקרא יוצא מידי פשוטו[64]; דער ציווי איז טאקע אויף דעם ענין האהבה (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים), אבער ווי אזוי קען מען פועל'ן דעם ענין האהבה אין רגש האדם, איז דאס דורך דער התבוננות בדברים המעוררים את האהבה, וואס דעמולט איז בהכרח אז ער וועט צוקומען צום ענין האהבה. און ווי דער

- רמב"ם -

------------

59) ראה מו"ק כח, א. 60) ראה סה"ש תש"ג ע' 141.
61) ראה היום יום ע' מד. לקו"ש ח"ה ע' 86. 62) ד"א תתקכז.
63) בסהמ"צ מ"ע ג'. 64) שבת סג, א. ושנ"נ.

רמב"ם איז דארטן מאריך אז ס׳איז ניט דער טייטש אז ס׳קען זיין אז ער וועט צוקומען צום ענין האהבה און ס׳קען אויך זיין באופן אחר, נאר ס׳איז א זיכערע זאך אז ער וועט צוקומען צום ענין האהבה. ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צום ציווי "ואהבת לרעך כמוך".

עפ"ז דארף מען האבן א ביאור לאידך גיסא:

פארוואס זאגט דער מגיד אז דער ציווי איז נאר אויף דער התבוננות, און די אהבה וואס וועט ארויסקומען דערפון "אין זה מעיקר המצוה"[65] [ובפרט לויט ווי דער צ"צ[66] איז מבאר אז דאס איז בדוגמת הציווי "אל ירך לבבכם"[67], וואס דער רמב"ם[68] זאגט אז דער ציווי בזה איז, ער זאל זיך ניט מתבונן זיין אין דברים המביאים לרכות הלב ולמורא ופחד] - לכאו׳, האט ער געקענט זאגן אזוי ווי דער רמב"ם, אז דער ציווי איז טאקע אויף די אהבה, און דאס קומט דורך דער התבוננות בדברים המעוררים את האהבה, וואס דורך די התבוננות וועט ער זיכער קומען צום ענין האהבה?

איז דער ביאור בזה:

די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך", איז ניט קיין מצוה וואס מ׳קען איר אפלייגן אויף מארגן אדער איבערמארגן, ווארום וויבאלד אז דאס איז "כל התורה כולה"[69], דארף מען דאס האבן בכל יום ויום,

איז אויב מ׳וועט זאגן אז דער ציווי איז אויף דער אהבה אליין, און ס׳איז שייך א ציווי אויף דערויף, דערפאר וואס ס׳איז א זיכערע זאך אז דורך דער התבוננות בדברים המעוררים את האהבה וועט ער צוקומען צום ענין האהבה - איז דאס ניט מספיק, ווארום ס׳שטייט ניט ווי לאנג דארף דאס נעמען ביז אז די התבוננות וועט אראפקומען אין א מדה שבלב,

[און ס׳איז ניט שייך קובע זיין א זמן וויפל צייט דארף נעמען ביז וואנעט אז די התבוננות וועט אראפקומען אין לב, ווארום דאס איז ניט גלייך ביי אלע מענטשן; ס׳איז תלוי בטבע האדם וויפל צייט נעמט ביי איס פון דער התבוננות ביז וואנעט דאס קומט אראפ אין רגש הלב, איינער וואס איז א זריז ווערט דאס ביי איס גלייך, און איינער וואס איז ניט קיין זריז נעמט דאס א משך זמן],

וכאמור אז דעם ענין האהבה דארף מען האבן בכל יום

- ויום -

------------

65) ראה או"ת שם בהערה. 66) אוה"ת ואתחנן ס"ע שצז ואילך. וראה ג"כ לקו"ת ואתחנן ו, ד. 67) שופטים כ, ח. 68) הל׳ מלכים ספ"ז. 69) ראה שבת לא, א.

ויום - איז ניט געגוג דאס וואס דער רמב"ם פסק'נט אין סהמ"צ [וואס בשעת ס'איז ניטא קיין סתירה דערצו פון יד החזקה, פסק'נט מען לויט ווי ס'שטייט אין סהמ"צ] אז ס'איז א זיכערע זאך אז די התבוננות וועט אראפקומען אין א מדה שבלב; און דערפאר זאגט דער מגיד אז דער ציווי איז ניט אויף דער אהבה, נאר אויף דער ההבוננות בדברים המעוררים את האהבה.

יב. כאמור לעיל אז אין דעם ענין פון "מחצית השקל" זעט מען צוויי ענינים הפכיים; פון איין זייט זאגט מען אז יעדער יהיד דארף געבן "מחצית השקל", און לאידך, מוז מען אנקומען צום "מחצית השקל" פון אלע אידן, ווארום מיט זיין "מחצית השקל" אליין קען מען ניט מקריב זיין קיין קרבנות.

ועד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו "קרבן פסח":

פון איין זייט איז קרבן פסח א קרבן יחיד, און אין דערויף גופא איז דא דער תנאי אז "אין הפסח נאכל אלא למנויו"[70], ד.ה. אז יעדער יהיד דארף זיין אויסגעטיילט (אין דעם מינוי על הקרבן) פון אלע איבעריקע אידן,

[ביז אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן בני ביתו, זאגט מען ניט אז אשתו כגופו דמיא[71] נאר זי דארף האבן א באזונדער מנין - צי זיי זיינען חייבות אין קרבן פסח אדער אז ביי זיי איז דאס רשות[72]. ועד"ז בנוגע בנו הקטן איז אויך שייך ער זאל נמנה ווערן[73]].

ד.ה. אז אפי' ווען ער פירט זיך אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך" און ער איז ממנה א צווייטן אידן אויף זיין קרבן פסח; ער גיט אים עסן פון דעם קרבן פסח, צוזאמען מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמיט - קרבן חגיגה, ווארום דער קרבן פסח דארף זיין "נאכל על השובע", און מצה מיט מרור, ווארום ס'דארף זיין "על מצות ומרורים יאכלוהו"[74] - גיט ער אים אלע צרכי הפסח משלו; און אעפ"כ איז דא אין דערויף דער קצה ההפכי אז בנוגע צום מינוי אויפן קרבן פסח, דארף ער ממנה זיין און ציילן זיך באזונדער און דעם צווייטן אידן באזונדער, ווארום דאס איז א קרבן יחיד.

ולאידך, איז קרבן פסח "אתי בכנופיא"[75], ביז אז ער האט

- אין -

---

70) זבחים נו, ב במשנה. 71) ברכות כד, א. וש"נ. 72) ראה פסחים צא, ב. סנהדרין יב, ב. 73) סוכה מב, ב. וראה לקו"ש קדושים ש.ז. ס"ז ובהנסמן שם. 74) בהעלותך ט, יא. 75) יומא נא, א.

אין זיך כמה גדרים פון א קרבן <u>ציבור</u>, ווי גערעדט אמאל בארוכה[76].

וואס אין דערויף זעט מען אויך דעם קישור צווישן מסכת פסחים (דער ענין פון קרבן פסח) מיט מסכת שקלים (דער ענין פון "מחצית השקל").

יג. כאמור לעיל אז בסיום פון מסכת פסחים רעדט זיך וועגן ברכת הזבח און ברכת הפסח (זבחים און פסחים) - וי"ל אז די הכנה צו דער גאולה האמיתית והשלימה וואס ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודהנו במשך זמן הגלות[77], איז בדוגמא צום קרבן חגיגה (זבחים) וואס מ'איז מקריב פריער כדי אז אכילת הפסח (וואס איז בדוגמת ענין הגאולה) זאל זיין אין אן אופן פון "נאכל על השובע".

וואס אין דערויף זעט מען צוויי ענינים הפכיים:

אויך בשעת א איד געפינט זיך אין גלות זאגט מען אז ער דארף שטיין אין א מעמד ומצב פון שמחה וטוב לבב, וואדוס וויבאלד אז ס'דארף זיין "בכל דרכיך דעהו"[78], וואס דאס גייט אויף <u>אלע</u> ענינים וואס ער טוט במשך כל היום כולו, ביז אויך וועו ער שלאפט (כמבואר אין רמב"ם[79]), און עבודת ה' דארף זיין בשמחה ובטוב לבב[80], איז פארשטאנדיק, אז במשך כל היום כולו (אויך בזמן הגלות) דארף א איד זיין בשמחה וטוב לבב;

ולאידך, דארף א איד פילן במשך כל היום כולו אז ער געפינט זיך אין גלות, און ער בעט דעם אויבערשטן אז ס'זאל זיין "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" - וואס לכאו', זיינען דאס צוויי הפכיות'דיקע תנועות מן הקצה אל הקצה.

און די צוויי ענינים געפינט מען אויך בנוגע צום קרבן חגיגה מיט קרבן פסח (וואס זיי זיינען כנגד דעם ענין הגלות מיט דער גאולה העתידה):

קרבן חגיגה איז א קרבן בפ"ע און האט א ברכת הזבח בפ"ע מיט אלע גדרים פון א קרבן, ולאידך, דער קרבן חגיגה קומט אלס הקדמה כדי אז אכילת קרבן פסח זאל זיין אין אן אופן אז "נאכל על השובע".

ד.ה. אז קרבן חגיגה איז א קרבן בפ"ע, און דאס פועל'ט אז ביי א אידן זאל זיין אן ענין של <u>שובע</u> וואס דא העלפט

- ניט -

------------

76) ראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"ב ובהערות שם. שיחת י"א ניסן ש.ז. סכ"ו. 77) תניא רפל"ז. 78) משלי ג, ו.
79) הל' דעות ספ"ג. וראה ג"כ שם רפ"ה. 80) ראה רמב"ם סוף הל' לולב.

ניט דאס וואס אידן "מדקדקים על עצמם עד כזית ועד כביצה"[81], ווארום דעמולט איז דאס ניט קיין שביעה מה"ת, ובמילא איז ניטא דער ענין וואס דער פסח איז "נאכל על השובע"; און דערנאך זאגט מען אז דאס איז אלץ אן ענין של הכנה כדי אז אכילת הפסח זאל זיין "על השובע".

אין אכילת הפסח גופא זעט מען אויך א דבר והיפוכו: אכילת קרבן פסח דארף זיין "על השובע", ולאידך, טאר דאס ניט זיין קיין אכילה גסה[82] וואס דעמולט האט ער דעם נאמען ווי מ'רופט אים אן אין תושבע"פ[83] -

וואס איינער פון די ביאורים בזה איז, ע"ד ווי די גמרא[84] זאגט בנוגע צו פורים אז "רווחא לבסימא שכיח" ("ריוח מצוי לדבר המתוק בהוך המעיים"[85]), ד.ה. ניט נאר אז דאס איז ניט קיין דבר היוצא מן הכלל, נאר אין דרך הטבע גופא איז דאס "שכיח", ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צום קרבן פסח.

יד. מ'האט גערעדט פריער וועגן דער סמיכות פון מסכת שקלים צו מסכת פסחים. און אין דערויף קומט אויך צו עיקר הענין, ווי מ'האט געשריבן אין דעם בריוו[86] אז כדי אז ס'זאל זיין דער "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים"[87] דארף מען האבן די נתינת "מחצית השקל" פון יעדער אידן.

און ווי ער זאגט אין ירושלמי בסוף מסכת שקלים (- אין בבלי איז ניטא קיין גמרא אויף מסכת שקלים) אז ס'וועט זיין "יבנה המקדש . . ותתרס תרומה הלשכה מן החדשה כו'" - די נתינה פון "מחצית השקל", און ערשט דעמולט וועט מען קענען מקריב זיין די קרבנות.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: בשעה דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן, דארף מען דאך גלייך מקריב זיין די קרבנות, איז ווי אזוי וועט מען האבן צייט גיין צוזאמענקלייבן "מחצית השקל" פון אלע אידן; וואס וועט מען טאן דערווייליע מיטן קרבן וואס מ'דארף מקריב זיין?

- וואס ווי די הסברה וועט נאר זיין אין דערויף, איז דאך אבער די גמרא מסיים אז נאך דערויף וואס ס'וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק, וועט מען דארפן האבן "מחצית השקל" פון אלע אידן וואס וועלן זיין דעמולט, כדי אז מ'זאל קענען

- מקריב -

------------

81) ברכות כ, ב. 82) נזיר כג, א. וש"נ. שו"ע או"ח הל' פסח רסתע"ו בהגה"ה. שו"ע אדה"ז שם ס"ה. 83) נזיר שם.
84) מגילה ז, ב. 85) פרש"י שם ד"ה רווחא. 86) דכ"ט אדר שני, ער"ה ניסן ש.ז. 87) ברכת "אשר גאלנו" מפסחים קטז, ב במשנה.

מקריב זיין די קרבנות. און ווי די גמרא איז דארטן מסיים מיט דער שקו"ט צי דער "מחצית השקל" וואס מ'האט געבראכט לפנ"ז ווערט פאררעכנט ווי תרומה ישנה. ואין כאן המקום להאריך בזה.

טו. בנוגע צו מסכת שקלים געפינט מען א דבר נפלא, וואס דערפון האט מען א לימוד נפלא אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" (וואס דאס איז די נקודה פון "מחצית השקל", מסכת שקלים, כנ"ל ס"ו) קומט ארויס אפי' בנוגע צו ענינים וואס זיינען הפכים זמ"ז:

אין מסכתות הש"ס זיינען דא כמה מסכתות וואס האבן גמרא סיי אין בבלי און סיי אין ירושלמי, און ס'זיינען דא מסכתות וואס האבן גמרא מערניט ווי אין ירושלמי, ובפרט אנהויבנדיק פון סדר זרעים. און ס'איז אפגעדרוקט אין אן אופן אז דער וואס לערנט הלמוד בבלי לערנט ער די גמרא פון בבלי, און דער וואס לערנט הלמוד ירושלמי לערנט ער די גמרא פון ירושלמי.

[מ'דארף טאקע לערנען סיי תלמוד בבלי און סיי תלמוד ירושלמי, ווי ער רעכנט אויס אין הל' ת"ת[88] די אלע ענינים וואס א איד דארף אפלערנען עכ"פ פעם א' במשך ימי חייו, זיי זיינען אבער באזונדערע שיעורים, דאס איז א שיעור אין תלמוד בבלי און דאס איז א שיעור אין תלמוד ירושלמי].

ס'איז אבער דא אן איין אן איינציקער אויסנאם, וואס דאס איז מסכת שקלים: "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[89]) איז אז ווען מ'דרוקט תלמוד בבלי, דרוקט מען אויך די גמרא פון תלמוד ירושלמי אויף מסכת שקלים (ניט קיין אנדער מסכת), און ס'איז איינגעבונדן צוזאמען מיטן ש"ס בבלי, און דער וואס לערנט תלמוד בבלי, לערנט אויך די גמרא פון תלמוד ירושלמי וואס איז דא אויף מסכת שקלים.

[וכידוע די שקו"ט וואס איז געווען לפני כמה שנים בנוגע צום סדר הלימוד פון "דף היומי", צי מ'זאל לערנען די גמרא פון תלמוד ירושלמי אויף מסכת שקלים, וויבאלד אז דער סדר הלימוד פון "דף היומי" איז דער סדר הלימוד פון תלמוד בבלי].

וואס תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי זיינען בכללות הפכים זמ"ז, אזוי ווי די גמרא אין מס' שבת[90] איז מחלק צווישן די תלמידי הכמים פון בבל מיט די תלמידי חכמים פון

- א"י -

---

88) לאדה"ז פ"ב ס"י. וראה ג"כ שם ס"א-ג. פ"א ס"ד.
89) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 90) קמה, ב.

א"י. און ווי די גמרא[91] איז מחלק "מש"ס לש"ס כו'", און מפרשים[92] טייטשן אפ אז דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים.

ובפרט ע"פ המבואר אין שערי אורה[93] ווי אזוי זיי זיינען מחולק אין דעם גאנצן אופן פון לימוד התורה.

ביז וואנעט אז די גמרא[94] דערציילט אז ר' זירא האט געפאסט כמה תעניות (מאה אדער מ'[95]) כדי ער זאל פארגעסן תלמוד בבלי און קענען אנהויבן לערנען תלמוד ירושלמי, וואס דערפון זעט מען אז זיי זיינען הפכים זמ"ז.

בשעת ס'קומט אבער צו מסכת שקלים, וואס דער ענין פון מסכת שקלים, "מחצית השקל", איז מדגיש אז ווען ווערט א איד א דבר שלם, דוקא ווען ער האט מיט זיך א צווייטן אידן (וואס דאס איז אין קדושה בכלל, ועאכו"כ אין אן ענין פון תורה), דער ענין פון "אהבת ישראל" - קומט אדויס דער חיבור הפכים פון תלמוד בבלי מיט תלמוד ירושלמי, אין אן אופן אז ס'האט זיך איינגעשטעלט דער "מנהג ישראל" אז אין דעם סדר הלימוד פון תלמוד בבלי לערנט מען די גמרא פון תלמוד ירושלמי אויף מסכת שקלים, ביז וואנעט אז ס'איז אראפגעקומען אפי' צו די מדפיסים און די וואס בינדן די ש"ס'ן, אז די גמרא פון תלמוד ירושלמי אויף מסכת שקלים איז געדרוקט און איינגעבונדן צוזאמען מיט ש"ס בבלי.

וואס דאס איז מדגיש די הוראה האמורה לעיל (ס"ה-ט) אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" (וואס דאס איז די נקודה פון "מחצית השקל", כנ"ל בארוכה) דארף זיין אין אן אופן אז ס'ווערן נתאחד ניט נאר צוויי באזונדערע ענינים, נאר אפי' הפכיות'דיקע ענינים.

טז. אזוי ווי כללות ענין הגלות איז דאך דער ענין פון "בבל", ווארום "בבל" איז מלשון "כי שם בלל ה' את שפת כל הארץ"[96], ד.ה. אז מצד דעם חושך הגלות איז צוזאמענגעמישט אור און חושך,

[ובפרט אז בזמן הגלות איז מען אין אן אופן פון "כחולמים", ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תו"א[97] עה"פ[98] "היינו כחולמים" (בנוגע צו חלום יוסף), אז דער ענין החלום איז וואס ער איז מחבר ומרכיב שני ענינים הפכיים, און ער איז דאס מבאר בנוגע לעבודת האדם בזמן הגלות - און פירט אויס אז אעפ"כ איז עבודתו אן עבודה אמיתית וכו'] -

- איז -

---

91) י, רע"א. 92) פרש"י ותוס' שם ד"ה אפי'. 93) כב, ב ואילך. 94) ב"מ פה, א. 95) גי' הדש"ל שם. 96) נח יא, ט. 97) וישב כח, ג ואילך. 98) תהלים קכו, א.

איז יהי"ר אז ס׳זאל בטל ווערן דער ענין פון ("בבל" וואס איז פארבונדן מיטן ענין פון) גלות - דורך דערויף וואס מ׳וועט מחבר זיין בפועל דעם ענין פון תלמוד בבלי מיט תלמוד ירושלמי, אז מ׳וועט לערנען תלמוד בבלי אין א"י,

ביז אז ס׳וועט מקוים ווערן דער יעוד "עתידה ירושלים (תלמוד ירושלמי) שתתפשט בכל ארץ ישראל"[99], אין אן אופן פון נשמות בגופים וכפשוטו ממש, ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

און דעמולט וועט מען האבן די מעלה נוספת אין דעם לימוד פון תלמוד ירושלמי וואס קומט צו דורך דעם וואס מ׳האט פריער געלערנט תלמוד בבלי - ווי די גמרא[100] זאגט אז "חד מנייהו" ווען ער קומט אין בבל און דערנאך קערט ער זיך אום צוריק אין א"י, ווערט ער "כתרי מינך", "כפלים לתושי׳"[101],

און ס׳זאל זיין בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

יז. ס׳איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן אויך מיטן צ"צ (וואס יום ההילולא שלו איז בי"ג ניסן) און מיטן רמב"ם (וואס זיין יום ההולדת איז געווען בערב פסח, כנ"ל סי"א), ובעיקר - מיט דעם ענין הגאולה:

ס׳איז דאך ידוע די אגה"ק פון דעם בעש"ט[102] המפורסמת בכל אפסי ארץ, אז לכשיפוצו מעינותיך חוצה וועט זיין אתי מר דא מלכא משיחא.

איז איינע פון די שאלות וואס מ׳פרעגט אויף דערויף:

בנוגע צום לימוד חלק הנסתר שבתורה - וואס נתבארה ונתפרשה בדורנו דורך תורת החסידות, ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון"[103] - געפינט מען כמה הגבלות און הקדמות וואס דארפן זיין קודם הלימוד פון נסתר שבתורה.

און ווי ס׳ברענגט זיך אראפ אין דער הקדמה פון ע"ח (גענומען פון הקדמה הרח"ו לשער ההקדמות) כמה ענינים וואס דארפן זיין אלס הקדמה צום לימוד נסתר דתורה, ביז ווי ער זאגט דארטן א מורא׳דיקן לשון, "אני הכותב <u>משביע</u> בשמו כו׳" אז איידער מ׳וועט לערנען נסתר דתורה, דארף מען האבן כמה הנהגות און גדרים און זהירות׳ן, ווי ער איז זיי מפרט בארוכה.

- וואס -

---

99) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג. 100) כתובות עה, א. 101) ראה שמו"ר רפמ"ו. 102) נדפסה ג"כ בכש"ט (הוצאה קה"ת) בתחלתו. 103) תקו"ז ת"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 206.

וואס לכאו׳, איז דאס להיפך דערפון וואס מ׳זאגט אז ס׳דארף זיין "יפוצו מעינותיך חוצה", און דאס שטימט לגמרי ניט מיט די ציוויים און נתינת כח פון רבותינו נשיאינו אז מ׳זאל מפיץ זיין די מעיינות פון פנימיות התורה אין "חוצה", ביז אין חוצה דחוצה, אין א פנה הכי נדחת, ביז אין אן ארט שאין חוצה הימנו?

יח. עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צום רמב"ם - ובהקדים:

בנוגע צום ספר "מורה נבוכים" פון דעם רמב"ם, זיינען געווען חילוקי דעות ביי גדולי ישראל בנוגע צו זייער יחס צום "מורה נבוכים". ועד כדי כך אז איידער מ׳האט מגלה געווען די כתבי-יד הכי עתיקים פון דעם רמב"ם, זיינען געווען אנדערע וואס האבן געזאגט אז דער מחבר פון דעם "מורה נבוכים" איז ניט דער רמב"ם.

און אפי׳ די וואס האבן געזאגט אז דער רמב"ם האט דאס מחבר געווען - האבן זיי געזוכט תירוצים, און האבן געזאגט אז דער חיבור איז כשמו - "מורה נבוכים" (דעם נאמען האט דער רמב"ם געגעבן אויף אראביש, אבער דער אפטייטש דערפון איז "מורה נבוכים"), אז דער וואס איז "נבוך", איז החחלת עבודתו דורך דעם וואס ער וועט לערנען דעם "מורה נבוכים"; אבער דער וואס פירט זיך בתמימות, איז ילך לבטח דרכו, און ער דארף דערצו ניט אנקומען[104].

[וכידוע דער פתגם וואס מ׳האט געזאגט ע"ד הצחות (וועגן דעם אז מ׳זאל ניט לערנען דעם "מורה נבוכים"), אז ס׳קען זיין אז ווען ער וועט לערנען דעם "מורה נבוכים" וועט זיך ביי אים אפלייגן א קושיא, און דערנאך וועט ער אנטשלאפן ווערן, און ער וועט שלאפן א גאנצע נאכט איידער ער וועט וויסן דעם תירוץ אויף דער קושיא].

וואס באמת, איז דאס היפך לגמרי פון שיטת הרמב"ם, ווארום וויסנדיק אויף וויפל דער רמב"ם האט מדייק געווען אין זיינע ענינים, און וויסנדיק דעם פס"ד וואס ער פסק׳נט[105] אויף וויפל מ׳דארף נזהר ווערן אז מ׳זאל ניט מכשיל זיין א צווייטן אידן - קען ניט זיין אז ער זאל שרייבן אזא ספר וואס איז מערניט ווי פאר "נבוכים" רח"ל, די וואס זיינען קראנקע במובן הרוחני, וואס דעמולט דארף מען זיי היילן מיט א זאך וואס פאר א געזונטן מענטשן איז דאס היפך הבריאות (ווארום מ׳האט ניט קיין אנדער ברירה, וויבאלד אז ער איז

- א נבוך -

---

104) ראה אוה"ת חקת ע׳ תשעז. 105) ראה רמב"ם הל׳ רוצח ושמירת נפש פי"ב הי"ד.

א נבוך, א חולה במובן הרוחני, מוז מען דערצו אנקומען) - ס'איז לגמרי היפך הענין זאגן אזוי!

און דאס וואס דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו צום "מורה נבוכים" אז אפי' אויב דאס וועט שאטן צו "עשרת אלפים סכלים" (טפשים), דארף מען דאס טאן צוליב איין "מעולה" (חכם) - איז דאך דערפון גופא די הוכחה אז דאס איז געשריבן געווארן פאר א חכם.

און דער עיקר איז, אז בשעת מ'טראכט זיך אריין ווער דער רמב"ם איז, איז אפי' דער וואס איז ניט קיין חוקר נפשות און ווייסט ניט די תכונות פון נפש האדם (עאכו"כ די תכונות פון א מענטש ווי דער רמב"ם), איז אפי' בהתבוננות הכי קלה וועט ער פארשטיין אז ס'קען ניט זיין אז אן אדם השלם ווי דער רמב"ם וועט שרייבן א חיבור שאינו שלם, און מגי' זיין דאס, און פאנאנדערשפרייטן בכל מקום.

ובפרט אז ער שרייבט אין דער הקדמה אז ער שרייבט דעם חיבור און שיקט דאס צו זיין תלמיד, און ער איז אים דארטן משבח מיט תוארים ושבחים נפלאים - איז וויבאלד אז ער האט דאס געשריבן לתלמידו הכי חביב, איז א זיכערע זאך אז דאס איז א חיבור שלם וכו'.

און די וואס האבן געהאט א טענה אנטקעגן דעם "מורה נבוכים" - האט מען געזעהן דערנאך צו וואס דאס האט געבראכט.

און מ'זעט אויך אז בשעת מ'האט פארברענט רח"ל דעם "מורה נבוכים" (וואס דאס האבן געטאן אידן), האט מען פארברענט דעם ספר המדע פון "יד החזקה" צוזאמען מיטן "מורה נבוכים" - און דערנאך איז געווען די תשובה הכי גדולה מיט אגרת הרמב"ן[106] מיט נאך כמה ענינים וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

וואס דערפון זעט מען, אז די זעלבע שיטה וואס איז דא אין ספר המדע איז אויסגעהאלטן אויך אין דעם "מורה נבוכים", ועד"ז לאידך, אז די שיטה פון דעם "מורה נבוכים" איז אויסגעהאלטן אין ספר המדע.

ובפרט אז מ'זעט אז דער אלטער רבי און דער צ"צ און די נשיאים שבינתיים ושלאחריהם ברענגען כו"כ דעות ושיטות פון "מורה נבוכים" און זיי זיינען דאס מפרש, און ניט נאר אז זיי זיינען דאס מפרש, נאר זיי מאכן דערפון א יסוד נוסף בנוגע צו ענינים פון חסידות - ווי מ'זעט דאס אנהויבנדיק פון לקו"ת בתחלתו אין פ' פקודי[107], ועד"ז געפינט מען אויך

- אין -

------------

106) דאה סדה"ד שם. וראה ג"ב שם ד"א תתקנד. 107) ו, ג.

אין הלכה, ובפרטביים ראגאטשאווער, ווי געועדט אמאל בארוכה אז ער ברענגט אראפ ענינים פון "מורה נבוכים", און בויט אויף דעם א פס"ד להלכה אין נגלה דתורה.

ובנוגע לעניננו: אין דער פתיחה צום "מורה נבוכים" שרייבט דער רמב"ם "ואני משביע באלקי ית' כו'" אז איידער מ'וועט לערנען דעם "מורה נבוכים" דארף מען האבן די אלע גדרים און מעלות וואס ער רעכנט אויס דארטן. וואס דאס איז בדוגמא ווי דער רח"ו שרייבט בהקדמתו בנוגע צו תורת הסוד (חכמת האמת[108]).

וכאמור לעיל, אז לכאו' איז דאס היפך הענין וואס מ'זאגט אז ס'דארף זיין "יפוצו מעינותיך חוצה", אז מ'זאל לערנען און מפיץ זיין די ענינים פון נסתר דתורה?

יט. והעירני חכם אחד, אז ס'איז דא וועגן דערויף א תשובה פון ר' משה חגיז[109], וואס מ'האט ביי אים געפרעגט אויף דעם וואס דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו צום מו"נ "אני משביע כו'" - וואס העלפט דאס וואס דער רמב"ם שרייבט "אני משביע", ביי שבועה איז דאך דער דין אז ווען מ'איז משביע א צווייטן מענטשן, האט די שבועה ניט קיין תוקף ביז וואנעט יענער וועט זאגן "אמן" (אדער א לשון כיו"ב וואס באווייזט אז ער איז מקבל אויף זיך די שבועה)?

און ער איז ממשיך דארטן אז "דבר זה הוקשה לי בדברי ה"ה הרח"ו ז"ל שגם הוא השביע שבועה כעין שבועה זו".

און ער פארענטפערט, אז דער רמב"ם (ועד"ז רח"ו) האט ניט געמיינט דעם ענין פון שבועה, ווארום די שבועה קען חל זיין דוקא ווען יענער זאגט "אמן", כנ"ל - נאר "שבועה זו שהשביע אינה אלא גזירת חרם ונידוי כו' וממנו למד הרח"ו ז"ל".

ועפ"ז בלייבט דאך אבער די קושיא העיקרית: מ'זעט דאך בפועל אז מ'לערנט די ענינים פון פנימיות התורה, און ניט נאר אז מ'לערנט דאס, נאר מ'האט דעם ציווי אז ס'זאל זיין "יפוצו מעינותיך <u>חוצה</u>", אע"פ אז מ'האלט נאך ניט ביי די אלע גדרים ותנאים וואס דער רח"ו רעכנט אויס בהקדמתו; ועד"ז בנוגע צום "מורה נבוכים", אז מ'לערנט דאס (ניט היפך הרשות, נאר) ברשות כו"כ, אע"פ אז מ'האלט נאך ניט ביי די גדרים ותנאים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס בהקדמתו?

- דערצו -

---

108) ראה אגה"ת ספ"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ה"ד.
109) בספרו שתי הלחם שאלה לה.

דערצו קומט נאך א צווייטע קושיא: דעם לשון "אני משביע" האבן דאך געשריבן גדולי ישראל, וואס זיי האבן זיכער געוואוסט די חילוקים וואס זיינען דא צווישן א שבועה און נידוי והחרם - איז ווי קומט דאס אז זיי האבן געשריבן א לשון של שבועה, ווען זייער כוונה איז בדיוק נים צום ענין השבועה?!

ולפענ"ד איז קושיא אחת מתורצת בחברתה (איין קושיא ווערט פארענטפערט דורך דער צווייטע), כדלקמן.

כ. והביאור בזה:

דער רמב"ם האט זיכער געוואלט אז ס׳זאל זיין "יפוצו מעינותיך חוצה", עאכו"כ דער רח"ו, וואס׳ער איז געווען בזמן האריז"ל, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ענין וואס "מצוה לגלות זאת החכמה" (ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק[110]) - האט ער זיכער געוואלט אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

זיי האבן אבער געוואלט אז דער סדר הלימוד זאל זיין אין אן אופן (ווי דער סדר דארף זיין מצד "תמידין כסדרן") אז פריער זאל דער מענטש ווערן א כלי טהור, און דערנאך וועט ער קענען לערנען הורה בטהרה (ווארום תורה פארלאנגט אז מ׳זאל לערנען תורה בטהרה), און נים אין אן אופן אז פריער זאל ער לערנען, און דערנאך וועט אים די תורה מבדר זיין אז ער זאל צוקומען צו די אלע זהירות׳ן און מעלות וואס מ׳פארלאנגט פון אים.

וואס אע"פ אז ס׳שטייט אין ירושלמי[111] און אין מדרש[112] אז דער אויבערשטער זאגט "הלואי אותי עזבו ואת תורתי שמרו", וואס אויך דעמולט איז "המאור שבה הי׳ מחזירן למוטב", אעפ"כ, קען מען נים זאגן אז דאס איז דער סדר הרצוי ח"ו אין לימוד התורה; דער סדר הרצוי אין לימוד התורה איז, אז ס׳זאל זיין אין אן אופן וואס "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע"[113].

ווען ס׳קומט אבער אזא זמן וואס אין הציבור יכולין לעמוד בה, מ׳קען נים האלטן ביי דער דרגא אז פריער זאל מען ווערן א כלי טהור כו׳, איז אויב מ׳וועט זאגן אז פריער דארף מען ווערן א כלי טהור און ערשט דעמולט קען מען אנהויבן לערנען תורה, וועט דאך אוועקגיין א רגע וואס ער האט געקענט לערנען תורה און ער לערנט נים - זאגט מען אז

- ער -

------------

110) סכ"ו (קמב, ב). 111) חגיגה פ"א ה"ז. 112) איכ"ר פתיחתא ב. 113) ברכות כב, א.

ער זאל בעסער לערנען תורה, און דערנאך איז "המאור שבה מחזירו למוטב".

און ווי מ'זעט אויך אז מ'האט מבטל געווען טבילת עזרא דערפאר וואס "לא הי' כח בציבור לעמוד בה"[114], און ניט נאר אז מ'האט דאס מבטל געווען בנוגע צום לימוד פון תושבע"פ, נאר אפי' בנוגע צום לימוד פון תושב"כ, ווארום וויבאלד אז "לא הי' כח בציבור לעמוד בה", איז בעסער אז מ'זאל לערנען תורה בכל אופן, און דערנאך איז "המאור שבה מחזירו למוטב".

די תורה האט אבער געוואלט באווארענען אז ס'איז ניט דער טייטש אז וויבאלד מ'לאזט אים לערנען די ענינים אין תורה במעמדו ומצבו, איז א סימן אז ער שטייט שוין אין א גוטן מעמד ומצב, ער טוט נאך א טובה דעם אויבערשטן אז ער לערנט תורה - זאגט תורה, ניין! די כוונה איז אז דער לימוד זאל אים מחזיר זיין למוטב, און ער זאל ווערן א כלי טהור.

כא. ועפ"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע לענינינו:

בשעת מ'וויל באווארענען בײדע זאכן; אז מ'זאל לערנען די ענינים פון נסתר דתורה, ולאידך, מ'זאל ניט מיינען אז זיין מעמד ומצב איז כדבעי, נאר מ'זאל וויסן אז דאס איז א לימוד וואס מ'דארף דערצו האבן כו"כ הכנות וכו' (נאר מ'הייסט אים לערנען תורה און וויסן אז ער דארף זיך מטהר זיין) -

קען מען ניט שרייבן קיין לשון אז מ'אסר'ט בנידוי וחרם כו', ווארום דעמולט טאר מען דאס ניט לערנען ביז וואנעט אז מ'וועט האלטן ביי דער דרגא וואס ער מאנט דארטן, און דער לימוד דארף אבער זיין אפי' אין אן אופן פון "אותי עזבו" כנ"ל; ולאידך, אויב מ'זאל גארניט באווארענען וועגן דער זהירות וואס מ'דארף האבן אין דעם לימוד, קען מען דאך מכשיל זיין את הרבים, ווארום מ'וועט ניט וויסן אז דאס איז א לימוד וואס דארף האבן די אלע גדרים וכו' (אדער אז מ'וועט דארפן שרייבן ערגעץ וואו א הכרזה מיט א "קול קורא" אז מ'זאל וויסן אז מ'דארף זיך מטהר זיין).

האבן זיי געפונען דעם דרך הכי פשוטה: מ'זאל אנשרייבן אין דער הקדמה דעם גודל וחומר הענין אויף וויפל מ'דארף זיין נזהר, און די אלע ענינים וואס מ'דארף האבן אלס הקדמה צום לימוד; מ'זאל דאס אבער אנשרייבן אין א לשון וואס זאל ניט אסר'ן דעם לימוד, נאר מערניט ווי באווייזן יענעם צו

- וועלכן -

---

114) רמב"ם הל' תפלה פ"ד ה"ד-ה. וראה כס"מ שם. טושו"ע או"ח ספ"ח ובנ"כ שם.

וועלכן מעמד ומצב ער דארף צוקומען [וואס דער תכלית המכוון איז אז דאס זאל נאך זיין קודם הלימוד, אבער אויב מאיזה סיבה שהי' קען דאס ניט זיין קודם הלימוד, דארף ער פריער זיצן און לערנען, און דערנאך איז "המאור שבה מחזירו למוטב"].

און דערפאר האבן זיי געשריבן דעם לשון "אני משביע", וואס דער לשון אסר'ט ניט דעם לימוד, ווארום ווען מ'איז משביע א צווייטן איז די שבועה ניט חל ביז וואנעט אז יענער וועט זאגן "אמן" (כנ"ל), ולאידך, זעט יענער אז דאס איז אן ענין הכי גדול, ווארום מ'טן זאגן "משביע אני" באווייזט מען אים דעם חומר וגודל הענין.

ער ווייסט אבער אז דאס היינגט אפ אין זיין זאגן "אמן", און ער ווייסט אז מ'איז ניט דער טייטש אז יענער וויל טאקע אסר'ן דעם לימוד (ביז וואנעט מ'וועט צוקומען צו דער דרגא), ווארום דעמולט וואלט ער געדארפט שרייבן אן אנדער לשון (ניט קיין לשון של שבועה) - נאר מ'איז אים מעורר (און מ'גיט אים כח) ער זאל וויסן צו וועלכן מעמד ומצב ער דארף צוקומען כדי ער זאל זיין ראוי צו דעם לימוד (ס'איז מערנים אז מצד סיבות שונות ומשונות וואס ער קען נאך ניט האלטן דערביי, זאגט מען אים אז דערווייל זאל ער לערנען, ווארום ער האט דעם חיוב פון לימוד התורה, און דערנאך איז "המאור שבה מחזירו למוטב").

וכמובן בפשטות אז ח"ו צו זאגן אויף דערויף "אמן", ווארום אפי' ווען ער איז א צדיק גמור, זאגט מען דאך אבער "אל תאמין בעצמך עד יום כו'"[115], און ס'קען זיין "שבע יפול צדיק"[116], וואס אע"פ אז דערנאך איז "וקם", וועט דאך אבער דערווייל דורכגיין א זמן וואס ער וועט ניט קענען לערנען די ענינים.

וואס דאס איז דער ביאור בפשטות (אויך ע"ד ההלכה) אויף די קושיות הנ"ל, ווי אזוי קען מען לערנען די ענינים פון נסתר דתורה, און אויך, פארוואס האט מען דאס געשריבן אין א לשון של שבועה.

כב. אין אופן הלימוד גופא איז דאך תכלית השלימות דער לימוד וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו[117].

וכמדובר כמ"פ דאס וואס דער רמב"ם זאגט בסוף הל'

- תשובה -

------------

115) אבות פ"ב מ"ד. 116) משלי כד, טז. 117) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו.

תשובה[118] אז דעמולט וועט זיין "תרבה הדעה והחכמה", און עס איז מקיים בלשון הכתוב[119] "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער הפצה פון תורה החסידות דורך רבותינו נשיאינו - כידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[120], אז בשעת מ'האט גערעדט וועגן די דרגות פון די נשיאים, האט מען געזאגט אז דער בעש"ט מיטן מגיד זיינען די צוויי דרגות פון כתר, דער אלטער רבי איז דרגת החכמה, דער מיטעלער רבי איז דרגת הבינה, "רחובות הנהר"[121], ווי מ'זעט דאס אין דער התפשטות פון תורתו סיי בע"פ און אויך בכתב,

און דערנאך קומט דער צ"צ וואס ענינו איז דער ענין הדעת, מפתחא דכליל שית[122], ווי ס'איז געווען אויך בפשטות, און מפתחא דכליל שית בנוגע צו כל עניני התורה.

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיטן אופן לימוד התורה דלע"ל, ווי דערמאנט פריער אז לע"ל וועט זיין "תרבה (ניט נאר "החכמה" נאר אויך) הדעה", ביז וואנעט אז אין פסוק ווערט דערמאנט מערניט ווי דער ענין הדעת - "ומלאה הארץ דעה את ה'",

וכמבואר בכ"מ אין די דרושים וואס זיינען פארבונדן מיט די ד' מינים[123], און אויך אין המשך וככה פון רבי'ן מהר"ש[124], פארוואס איז דוקא דער ענין הדעת נוגע צו דעם ענין פון "וגר זאב עם כבש"[125], וואס דאס באווייזט אויפן תיקון פון כל העולם בשלימותו -

איז בנוגע צו תורת החסידות גופא, איז דער ענין הדעת פארבונדן במיוחד מיט תורת הצ"צ, וואס איצטער איז דאס נתפשט געווארן ביותר וביותר, והולך ומתפשט.

ויה"ר אז דערמיט וואס מ'האט שוין אפגעדרוקט ביז איצטער זאל מען שוין משלים זיין (מיטן דדוקן אליין) דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", עאכו"כ אז יעדער איד וועט מחליט זיין צו לערנען דאס, ביז אין אן אופן אז דאס וועט אראפקומען בפועל ממש,

וואס דעמולט איז "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[126] -

- צום -

------------

118) פ"ט ה"ב. 119) ישעי' יא, ט. 120) סה"ש תש"ב ע' 19. תש"ה ע' 60. 121) ראה תו"א מקץ מ, א. וארא נט, ב. ועוד. 122) ראה זח"ב קעז, א. 123) ראה ד"ה בסוכות תשבו תשל"ו פ"ה (קונטרס מאמרים ע' קעד). 124) תרל"ז פצ"ד. 125) ישעי' שם, ו. 126) קידושין מ, א.

צום מעשה פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", בביאה משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

צוה לנגן ניגון כ"ק אדמו"ר הצ"צ (ימין ה').

* * *

כג. אויף צו מסיים זיין מיט אן ענין פון מעשה וואס "המעשה הוא העיקר" - וועט מען דערמאנען וועגן דעם ענין פון "מבצע פסח", וואס דאס איז נוגע צו דעם זמן וואס איז נאך געבליבן צו פסח.

וכמדובר כמ"פ אז די השתדלות אין "מבצע פסח" דארף זיין בהדגשה בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין מיצרים וגבולים כפשוטם, אין בתי אסורים, אז מ'זאל זיך משתדל זיין ברענגען זיי אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "זמן חירותנו", מצה און מרור און ד' כוסות וכו'.

ובפרט אז בשנים שעברו האט מען גע'פועל'ט און מ'האט באקומען א רשיון בכו"כ מקומות צו טאן אין דעם ענין, קען מען פארלאנגען דעם רשיון על יסוד ווי ס'איז געווען בשנים שעברו; און אין די מקומות וואס דערווייל האט מען נאך ניט באקומען קיין רשיון, קען מען זיי ברענגען א ראי' מוכחת דערפון וואס מ'האט דאס געטאן במקום פלוני און ס'איז דורכגעגאנגען אויפן בעסטן אופן, איז זיכער אז מ'קען באקומען דעם רשיון אויך אין דעם ארט.

ובהקדמה צו דעם וואס מ'דארף זיי געבן צרכי הפסח, דארף מען אויך באווארענען וועגן דעם ענין פון "מכירת חמץ", וואס דאס איז שייך אויך ביי די וואס געפינען זיך אין בית האסורים, ובפרט אז כו"כ פון זיי האבן נכסים חוץ מבית האסורים און צווישן זיי אויך כלי המץ וכיו"ב (עאכו"כ בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך בבתיהם).

און פון איין מבצע קומט מען צום צווייטן מבצע - אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל" (ווי גערעדט פריער בארוכה), "מבצע תורה", מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" (ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן פארברייינגען[127] מער בפרטיות).

און די אלע מבצעים וועלן ברענגען דעם מבצע פון דער גאולה האמיתית כפשוטה, בפועל ולמטה מעשרה טפחים, אין אן אופן הנראה והנגלה לעיני בשר פון א אידן, ביז לעיני בשר פון דער גאנצער וועלט,

- יבא -

------------

127) י"א ניסן סמ"ט ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, דער אויבערשטער אליין, אין אן אופן פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י"[128], אז דער אויבערשטער וועט זיי פירן לויט ווי דער אויבערשטער גייט.

וואס דעמולט וועלן זיך אפטאן אלע ענינים אין אן אופן פון "מיד"[129], ווארום דער אויבערשטער איז דאך ניט מוגבל אין זמן, טוט זיך דאס אפ ברגע כמימרא.

און דאס זאל אראפקומען אין אן אופן הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים, נשמות בגופים, און מיטנעמען "כספם וזהבם אתם"[130], עאכו"כ "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[131], ביז אז "קהל גדול ישובו הנה"[132],

בקרוב ממש, ומשיח צדקנו מלכם - בראשם, "ושמחה עולם על ראשם"[133].

צוה לנגן ופרצת.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

אח"כ אמר: א כשר'ן און א פריילעכן פסח לכל בני ובנות ישראל בכל מקום שהם, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים" - בקרוב ממש, בביאה משיח צדקנו, אין ביהמ"ק השלישי, "והיתה לה' המלוכה"[134], למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

128) ישעי' כז, יב. וראה פרש"י נצבים ל, ג. 129) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 130) ישעי' ס, ט. 131) בא י, ט. 132) ירמי' לא, ח. 133) שם לה, י. ועוד. 134) עובדי' א, כא.

## בס״ד. ברכת כ״ק אדמו״ר שליט״א
## להת׳ שיחיו, בעת ביקורו לפני עריכת הסדר
## בתו״ת ליל א׳ דחגה״פ, ה׳תשל״ח.

א כשר׳ן און א פרייליכן פסח.

אזוי ווי לויט דער קביעות פון היינטיקן יאר קומט פסח צוזאמען מיט שבת,

וואס דער ענין פון תוספת מחול על הקודש [1] איז דא ביי שבת מערער ווי ביי יו״ט [2].

ולאידך, דער סדר דארף זיין בליל הפסח דוקא [3],

זאלן זיין ביידע מעלות (סיי אז פון חול מאכט מען קודש און סיי קודש מצ״ע).

און מ׳זאל מוסיף זיין מחול על הקודש, מערב שבת לשבת, ומערב פסח לפסח,

ביז מ׳וועט מוסיף זיין פון חו״ל צו אה״ק [4],

בגאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

און דאס אלץ — מתוך שמחה ומתוך עונג [5].

ולשנה הבאה בירושלים, לויט ווי כ״ק מו״ח אדמו״ר איז מסביר [6] אז וועט שוין היינטיקן פסח וועט מען זיין אין ירושלים ובדרך ממילא וועט מען דעם קומענדיקן סדר פראוועז אין ירושלים עיה״ק,

ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים [7].

---

1) ר״ה (ט, א). יומא (פא, ב).

ולהעיר דבשו״ע אדה״ז הל׳ שבת (סי׳ רסא ס״ד) הביא הגירסא דיו״ט קודם בלימוד, ובהל׳ יוהכ״פ (סי׳ תרת ס״א) — הגירסא דשבת קודם.

2) דישנה (גם) דרשת המכילתא עה״פ זכור גו׳ (ובכ״מ — הובאו בתו״ש עה״פ שם אות רכו). — וי״ל דהוספה המכילתא „משל לזאב שהוא טורף (וי״ג טורד) מלפניו ומלאחריו״ — דשקו״ט רבים בכוונתה (ראה תו״ש שם מילואים סי״ג) — כוונתה כפשוטה דהשבת עצמו מוסיף מלפניו ומלאחריו, משא״כ ע״פ הש״ס (והשו״ע) בצוה על האדם להוסיף „בכ״מ שנאמר שבות״ (מתאים להחילוק דשבת מיקדשא וקיימא, משא״כ יו״ט דישראל מקדשין). — וי״ל נפק״מ דלהש״ס הו״ז מ״ע אחת שווה בכ״מ שמוסיפין, משא״כ להמכילתא חמורה תוספת שבת, וראה צפע״נ על הרמב״ם הל׳ שביתת עשור פ״א ה״ו. ועוד.

ביאור המכילתא ע״ד החסידות — ראה אוה״ת יתרו ע׳ תתקכו (מיוסד על הגירסא טורף — ובקשר להכתוב בנימין זאב יטרף).

3) טושו״ע (ואדה״ז) או״ח סתע״ב ס״א (ס״ב).

4) ראה ילק״ש ישעי׳ רמז תקג. ועוד.

5) דשבת — וקראת לשבת עונג ויו״ט — מועדים לשמחה. ראה שו״ע אדה״ז ר״ס רמ״ב. לקו״ת צו יא, ד ואילך. ובכ״מ.

6) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 543.

7) ברכת „אשר גאלנו״ מפסחים קטז, ב במשנה.

## בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א
## להת' שיחיו ד„הדר התורה", בעת ביקורו
## לפני עריכת הסדר ליל א' דחגה"פ, ה'תשל"ח

אַ כשר'ן און אַ פריילעכן פסח.

ובפרט אַז פסח איז חל בשבת,

וואָס שבת איז דער ענין פון עונג, און מ'גייט דאָך אריין אויך אין יו"ט וואָס יו"ט איז דער ענין פון שמחה,

זאָל זיין דער פסח מתוך עונג ושמחה ביחד,

און דאָס זאָל ממהר זיין בקרוב ממש * דעם קיום היעוד פון לשנה הבאה בירושלים.

---

*) דשמחה פורץ גדר ועונג — מביאה לםרחב, היפך דמצרים וגבולים. וראה לקו"ת צו יא, ד ואילך.

## בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א
## להתלמידות ד„מכון חנה" תחיינה, בעת ביקורו
## לפני עריכת הסדר ליל א' דחגה"פ, ה'תשל"ח.

אַזוי ווי חג הפסח פאַנגט זיך אָן מיט שבת, וואָס שבת איז הכל מוכן — זאָל אַזוי נמשך ווערן בכל השנה כולה,

און דער אויבערשטער זאָל העלפן אַז כל אחת ואחת זאָל קומענדיקן יאָר פראַוועז דעם סדר ביי זיך אין אַן אייגענער היים, אַן אייגענער פאַמיליע.

מ'זאָל הערן בשורות טובות. אַ חג כשר ושמח, לשנה הבאה בירושלים.

בס"ד. שיחת אחרון של פסח ה'תשל"ח. הנחה הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן אהה בהרהנו.

א. שוין געדעדט כמה פעמים, אז ווען כמה ענינים אין קדושה טרעפן זיך צוזאמען, איז דא אין דערויף אן ענין נעלה, ווייל נוסף אויף דעם וואס יערערער פון זיי איז קובע ברכה לעצמו, איז בשעת זיי טרעפן זיך צוזאמען פאראן אן ענין נעלה בזה.

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז וויבאלד זיי טרעפן זיך צוזאמען מוז זיין א נקודה משותפת וצד השוה ביניהם. ווארום וויבאלד זיי זיינען ענינים של קדושה, וואס קדושה איז אמת, קען ניט זיין אז ניט האבנדיק צווישן זיך קיין שייכות זאלן זיי זיך טרעפן צוזאמען, ביז צו ווערן איין מציאות.

ובנוגע לעניננו, איז אזוי אויך מובן בנוגע די ענינים פון אחרון של פסח, כולל משיח'ס סעודה - וואס ענינה של סעודה זו איז נתגלה געווארן ע"י נשיא דורנו[1] אז דער בעש"ט האט מגלה געווען אז דאס איז א סעודה וואס איז פארבונדן מיט משיח'ן -

זיינען אין דערויף פאראן דריי ענינים: דאס איז פארבונדן מיט משיח, מיטן בעש"ט, און מיט נשיא דורנו וואס ער איז ראך דער ממלא מקום (ביז אין אן אופן אז ער איז ממלא כל הענינים) פון כל הנשיאים ביז דעם נשיא הראשון - וואס דאס איז "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[2] - משיח, וואס ענינו איז אויך פארבונדן מיט ענין הנשיא, כמדובר כמ"פ אז משיח איז סיי פון די "שבעה רועים" סיי פון די "שמונה נסיכי אדם"[3] וע"פ המבואר אין דרושי חנוכה[4], אז "שבעה רועים" איז פנימיים און "שמונה נסיכי אדם" - מקיפים, איז מובן אז משיח וואס האט אין זיך ביידע ענינים, איז מחבר פנימיים מיט מקיפים, וואס ווי קען ער פארבינדן מקיף און פנימי - ווייל ער איז העכער פון ביידן. וואס דאס איז אויך דער טייטש פון נשיא אז ער איז מוגבה שלא בערך.

ב. אין דעם ענין פון א נשיא - זיינען דאך דא צוויי קצוות, ע"ד ווי דאס איז אין ספירת המלכות:

- פון -

---

1) סה"ש תש"ב ע' 109. היום יום ע' מז. לקו"ד כ"ג תסא, סע"ב. 2) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זה"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 3) מיכה ה, ד. סוכה נב, ב. 4) תו"א מקץ לג, ג ואילך.

פון איין זייט זאגט מען אז ער איז באין ערוך העכער מכל העם, ביז בלשון המשנה[5]"אין על גביו אלא ה' אלקיו", און דאס איז דאך אויך דער פירוש הפשוט פון "נשיא" - אז ער איז מנושא און העכער פון דעם פאלק (כנ"ל).

מאידך גיסא - דערפון גופא וואס ער איז דער נשיא פון דעם עם איז מוכח אז ער האט עפעס א שייכות מיט זיי. און ווי דער רמב"ם שרייבט אין ספרו יד החזקה[6], אז - המלך איז "לבו הוא לב כל קהל ישראל", וואס אין דעם לב איז דאך אפהענגיק די גאנצע מציאות האדם; עס קען ניט זיין א מציאות חי אן א לב אפי' לרגע, כידוע די שקו"ט בזה בשו"ת החכם צבי וכו' וכו'[8], און נאכמער - ווי רש"י שרייבט בפירושו עה"ת[9] [וואס דאס מיינט אז אזוי איז דאס אויך בעולם הפשט, עולם העשי'[10], בגלוי] אז "הנשיא הוא הכל", ניט נאר דער לב, נאר אויך דער ראש מיטן כבד[11], ביז כל הרמ"ח אברים ושס"ה גידים - "הכל".

עס איז אבער ניט דער פשט אז דער מלך ונשיא איז מעלה׳ דער צירוף הפרטים פון דעם עם, נאר דער פשט איז אז עס ווערט א מציאות חדשה וואס איז באי"ע צו דעם עם, ווי עס שטייט דער לשון[12] "משכמו ומעלה גבוה מכל העם", וואס דער וואדט "גבוה" וויבאלד ער שטייט אין תורת אמת, מיינט עס א גבהות אמיתית שבאי"ע, און דאס איז מכל העם, אפי' פון די התאחדות פון די ראשי העם. און דאס איז משכמו - עאכו"כ מראשו וואס דאס איז עיקר המלך, ביז צו "מלך ביפיו תחזינה עיניך"[13] - דער כתר המלך וואס איז לגמרי באי"ע פון דעם עם.

און דעם זעלבן ענין געפינט מען אויך ביים בעש"ט, כידוע די אגדה פון ר' מענדל'ע הארדאקער[14] אז "אחד הי' וכו'", ועד"ז מובן בפשטות בנוגע צו משיח'ן.

ג. דער צד השוה שביניהם - איז מובן פון דער אגדת הקודש הידועה פון בעש"ט[15] אז משיח האט אים געענטפערט אויף זיין שאלה "אימתי קאתי מר" - "לכשיפוצו מעינותיך חוצה".

וואס דערפון זעט מען דאך אז ע"י הפצת תורת הבעש"ט,

- וואס -

------------

5) הוריות י, א. 6) הל' מלכים פ"ג ה"ו. 7) סע"ד.
8) ראה סה"מ תשי"א ע' 186 בהערה. 9) עה"פ חקת כא, כא.
10) ראה ע"ח (הובא בנו"מ בתחלתו. נהר שלום בהקדמה רהובות הנהר בסופה). מ"ה מס' חיוב הנשמות פ"א מ"ב. לקו"ד כ"ד תשעא, א. 11) ראה זח"ב קנג, א. 12) ש"א ט, ב. 13) ישעי' לג, יז. 14) נדפסה בספרו פרי הארץ (זיטאמיר תרכ"ז ע' 60).
15) נדפסה ג"כ בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו.

וואס דאס איז מהותו של הבעש"ט, קומט דער ענין פון משיח, און אין דערויף גופא - "אתי מר", גילוי המשיח, וואס דאס איז עיקר ענינו.

און דורך וועמען האט זיך אויפגעטאן בפועל דער ענין פון הפצת המעיינות חוצה - האט מען דאך געזעהן בעיני בשר אז דאס האט זיך אויפגעטאן דורך נשיא דורנו וואס ער האט געהאט מסירת נפש בפועל אויף הפצת המעיינות הוצה כולל דעם ענין גופא (אז הפצת המעיינות ברענגט צו "אתי מר"), און ער האט דאך אויך מגלה געווען דעם ענין וואס דער בעש"ט האט מגלה געווען אז דאס איז משיח'ס סעודה.

ד. בנוגע צו סעודת משיח - האט מען דאך גערעדט כמ"פ דעם ענין בזה. און דאס איז, אז אע"פ וואס ענינו של משיח וועט זיין אז "ילמד תורה את כל העם כולו"[16], און ווי ס'שטייט אין קה"ר[17] אז תורת עוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח, און דער לימוד וועט זיין אין הכלית השלימות ביז אין אן אופן של ראי', כידוע[18], וועט דאס אבער זיין פארבונדן מיט הבנה וידיעה - דער חידוש פון סעודת משיח איז, אז מ'האט די ענינים אין אן אופן פון אכילה ביז עס ווערט דם ובשר כבשרו.

וואס אין דערויף איז דא אן ענין נפלא וואס מ'זעט דוקא בנוגע צו אכילת מצה בחג הפסח: עס שטייט אין חסידות[19] (אין חכמת האמת) דער לשון אז ווען מ'עסט מצה עסט מען אלקות. לכאו' איז ניט מובן: עס איז דאך ידוע תורה האריז"ל[20] עה"פ[21] "כי לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי ה' יחי' האדם" אז דאס מיינט דעם מוצא פי ה', דעם ניצוץ אלקי (די נקודה פון אלקות), שבלהם. איז דאך יעדער זאך וואס מ'עסט - עסט מען דעם ניצוץ הקדושה? - פונדעסטוועגן שטייט דער לשון - אז מ'עסט מצה עסט מען אלקות - נאר בנוגע צו מצה.

נאר דער ענין בזה: בנוגע צו מצה שטייט אין זהר[22] אז דאס איז "מיכלא דמהימנותא" - א מאכל פון אמונה.

וואס אמיתית ענין האמונה איז נאר אין עצמות ומהות אליין. כל הארות וגילויים - וואו ס'איז נאר דא א הארה וגילוי - איז שייך צו ברענגען ראיוח ע"ד, עכ"פ געפינען עפעס א שייכות ועדך דערצו; דוקא עצמות ומהות וואס איז באי"ע לגמרי און ס'איז אין דעם אינגאנצן ניט שייך דער

- ענין -

---

16) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 17) פ"ב, א. פי"א, ח. 18) שער האמונה פ"ס. סה"מ תרצ"ט ס"ע 207 ואילך. 19) וככה תרל"ז פ"ס. 20) ל"ת להאריז"ל פ' עקב. הובא בלקו"ת שם יג, ב. 21) עקב ח, ג. 22) ראה זח"ב מא, א. קפג, ב.

ענין פון הבנה והשגה והפיסא - דארט איז דא בלויז דער ענין האמונה.

בכלל איז דאך מבואר אין לקו"ת ד"ה וידעת[23] [ועד"ז אין די דרושים אויף וידעת שלאח"ז] אז ס'איז דא ענינים וואס פריער איז דא אין זיי אמונה און לע"ל וועט עס זיין אין אן אופן פון ידיעה; און לעתיד גופא שטייט מען דאך אין אן עלי' תמידית - ווי די גמרא זאגט בסיום מס' ברכות אז "ת"ח אין להם מנוחה כו' בעוה"ב שנאמר[24] ילכו מחיל אל היל גו'" - דאס איז אבער שייך בלויז אין גילויים וואס אין זיי איז שייך השגה, שינוי והתחלקות; משא"כ אין עצמות ומהות וועט שטענדיק (אין דער גאנצער השתלשלות הדורות) זיין בלויז דער ענין האמונה.

עד"ז לאידך גיסא - די אמונה אין עצמות ומהות איז דא אלעמאל ביי יעדער אידן באיזה מצב שיהי' און ס'איז ניט שייך אז ס'זאל ניט זיין ח"ו די אמונה אין עצמות ומהות, ביז וואנעט אז אפי' פאר מ"ת, אין מצרים, ווען אידן זיינען געשטאנען אין תכלית השפלות[25], זאגט מען אויף יעדן אידן, אז ער איז ניט נאר "בני מאמינים" נאר ער איז אויך "מאמינים"[26] [וואס דאס איז אויך שייך צו פסח - ווארום "בזכות האמונה נגאלו אבותינו ממצרים"[27]], ועד"ז איז דאס לעולם ביי יעדער אידן באיזה מצב שיהי' ביז אז "גם בשעה החטא היתה באמנה אתו"[28], באמנה - לשון אמונה, כמובן ופשוט.

וואס דאס איז דער ענין פון "לא שניתי"[29] ווי דאס איז ביי אידן דא למטה, אז די אמונה ווערט ניט נשתנה וכו'.

ה. עס קען דאך אבער זיין אז די אמונה זאל בלייבן באופן מקיף און זאל ניט פועל'ן אויף די כחות פנימיים ועאכו"כ בנוגע צו מחשבה דיבור ומעשה - וואס המעשה הוא העיקר[30] - און דער תכלית איז, עס זאל זיין "ורעה אמונה"[31], ממשיך זיין די אמונה אין א פנימיות; כמבואר אין די דרושים[32] -

איז דאס איז דער ענין פון אכילת מצה, אז מ'עסט די מצה, מיכלא דמהימנותא, ביז אין אן אופן, ווי ער זאגט דעם לשון אין המשך וככה[33], אז עס ווערט דם ובשר כבשרו.

און דאס איז דער ענין וואס וועט זיין לע"ל - אז "כולם ידעו אותי למקטנם ועד גדולם"[34], ד.ה. אע"פ אז עס

- וועלן -

---

23) ואתחנן ז, ב ואילך. 24) תהלים פד, ח. 25) ראה ז"ח ר"פ יתרו. 26) שבת צז, א. 27) ראה יל"ש בשלח רמז רמ. ועוד. 28) תניא ספכ"ד. 29) מלאכי ג, ו. 30) אבות פ"א מי"ז. 31) תהלים לז, ג. 32) לקו"ת שם ד, ב. 33) שם. 34) ירמי' לא, לד.

וועלן זיין חילוקים פון "קטנם" ביז "גדולם", ווי עס שטייט דער לשון במ"א[35] אז משיח וועט לערנען תורה מיט די אבות ומשה רבינו, איז דאך מובן אז דאס איז ניט בדומה די השגה פון משה והאבות צו וכו׳: דאס איז אבער שייך נאר אין ענינים שבהשגה - דארט וועט אבער (אויך) זיין די ידיעה אין "אותי" - עצמות ומהות - אין אן אופן שוה לכולם, ידיעה ניט מל׳ השגה נאר אמונה אין אן אופן פון ידיעה - אז ער זעט עס קלאר.

זיינען אין דערויף דא צוויי פרטים: פון איין זייט וועט דאס זיין "כמים לים מכסים"[36], כיסוי אחד לכולם - באופן מקיף; פון דער צווייטער זייט אבער ווערט דאס צוגעגליכן צו דעם ים וואס ער איז מכסה אין אן אופן אז די נבראים שבים ווערן אינגאנצן דורכגענומען און איין זאך מיט מציאות הים, ביז ווי שיטת רשב"ג וכו׳[37], וכמבואר[38] בנוגע צו נבראים פון עלמא דאתכסיא (וואס אויף זיי איז דער משל פון דגים שבים).

ומזה מובן אויך בנוגע צו אכילת "מיכלא דמהימנותא", אז די אמונה ווערט נמשך בפנימיות ביז עס ווערט דם ובשר כבשרו.

ו. ועד"ז איז מובן בנוגע צו אכילת מצה בכל ימי הפסח, ביז אין די ימים אחרונים של פסח - וואס "הכל הולך אחר החתום"[39].

ואע"פ אז דער חיוב פון אכילת מצה איז דאך לכאו׳ נאר בלילה הראשונה, און נאר א כזית וכו׳[40], איז דאס נאר בנוגע עיקר המצוה והחיוב - אבער אויך מיט אכילת מצה פון כל שבעת הימים איז מען מקיים א מצוה[41], און אויך בנוגע צו דער אכילת מצה שטייט אז מ׳עסט אלקות (- עס שטייט ניט אז דאס איז נאר בנוגע צו כזית הראשון וכו׳).

און ווי מ׳געפינט בכמה מצוות וואס דער חיוב שלהם איז בזמן מסוים; מען איז אבער מקיים די מצוה אויך ווען מ׳טוט עס בזמן אחר.

ולדוגמא: בנוגע די מצוה פון תלמוד תורה וואס דער ענין פון תורה איז אויך נכלל אין "כמים לים מכסים" - לפי

- המובן -

------------

35) שער האמונה פנ"ו. סה"מ ה׳תש"ט ע׳ 128. 36) ישעי׳ יא, ט. 37) ראה לקו"ש חגה"פ ש.ז. הע׳ 42. 38) ראה ד"ה וראיתי אני תרס"ב. 39) ברכות יב, א. 40) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתע"ה סל"ב. 41) נקבצו הדעות בזה בתו"ש ח"א מילואי מילואים סכ"ז. הגדה שלמה ע׳ 159 ואילך.

המובן דערפון וואס דער רמב"ם ברענגט דעם פסוק בסיום הל׳
תשובה[42] לגבי דעם וואס בימות המשיח "תרבה הדעה וההכמה"],
זאגט דאך די גמרא[43] [ווי געבראכט אין פריערדיקן
פארברייינגען[44]] אז מ׳איז יוצא מיט א פרק אחד שחרית ופרק
אחד ערבית. ס׳איז אבער ח"ו צו זאגן אז אויב מ׳לערנט נוסף
אויפן פרק א׳ שחרית וכו׳ איז דאס אן ענין של רשות, א מצוה
דרבנן, אדער א הידור מצוה. דאס איז די זעלבע מצוה מיטן
זעלבן תוקף[45].

עד"ז איז אויך בנוגע צו מצות תפילין, וואס בזמננו
לייגט מען תפילין נאר לק"ש ותפלת שחרית; ס׳איז אבער מובן
אז אויך ווען מ׳לייגט די תפילין נאכאמאל בזמן אחר ביום,
אפי׳ לאחר תפלה מנחה, איז מען מקיים א מ"ע מה"ת[46].

ואדרבה: דורך דעם וואס די מצוה איז אן ענין של רשות,
ס׳איז ברשותו, זעט מען אויף וויפל ער איז פארקאכט אין איר
וכו׳.

און נאר בערך צום תוקף החיוב בזמן החיוב - ווערט דער
קיום המצוה בזמן זה אנגערופן רשות.

ומכ"ז מובן, אז דער ענין וואס מצה איז מיכלא
דמהימנותא, איז עד לרגע האחרון של פסח. ווי ס׳איז אויך
ידוע דער דיוק[47] אין דעם וואס עס שטייט[48] "מצות יאכל את
שבעת הימים" און ניט "בשבעת הימים" - אז די מצה איז מאכיל
די ז׳ ימים וכו׳.

ז. און דאס איז דער ענין פון משיח׳ס סעודה - אז פונקט
ווי כללות ענין המצה בפסח איז פארבונדן מיט אמונה אין
עצמות ומהות וואס אין דעם זיינען כולם בשוה, כנ"ל,

איז אזוי אויך בסעודתו של משיח דער ענין פון אכילה
דוקא, מעשה דוקא, וואס דאס איז ביי אלעמען בשוה.

און אין דער אכילת מצה ליגט דער טיפסטער ענין, דאע"פ
וואס מ׳זאגט[49] אז דאס איז פארבונדן מיט "קטנות אבא" - ליגט
אין דעם "גדלות אבא"[50] ביז גדלות שני און נאך העכער.
וההוכחה לזה (אז אין קטנות אבא איז דא נאך העכער אפי׳ פון

- גדלות -

---

42) פ"ט ה"ב. 43) מנחות צט, ב. וראה הל׳ ה"ת לאדה"ז
פ"ג ס"ד. 44) י"א ניסן. 45) ראה אוה"ת ראה ס"ע תשמב -
שמביא דוגמא זו ממצות ה"ת לאכילת מצה כל שבעה. 46) ראה
טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סל"ז ס"ב. 47) לקו"ת צו יב, א.
סידור רחצ, ב. 48) בא יג, ז. 49) ראה לקו"ת שם.
50) המשך וככה הנ"ל פנ"ה.

גדלות שני) איז דערפון גופא וואס מ'זאגט אז אין די קטנות געפינט זיך די גדלות ביז גדלות שני, וואס דאס איז שייך נאר וויבאלד אז אין דערויף געפינט זיך אויך פון נאך העכער פון גדלות שני.

און אין דערויף ברענגט מען די ראי' פון דעם וואס "אין התינוק יודע לקרות אבא עד שיטעום טעם דגן[51] (וי"ג[52] פת)", ד.ה. מ'ברענגט ניט קיין ראי' פון א בה דעת, אפי' ניט פון קיין "מופלא הסמוך לאיש"[53], אפי' ניט פון קיין קטן שהגיע להינוך;

ואע"פ וואס "בוצין בוצין מקטפי ידיע"[54] – איז דאך דאס אבער אלץ ווען דער קטן איז שייך צום ענין הידיעה – דא ברענגט מען אבער די ראי' פון א תינוק וואס יכול לטעום טעם דגן (אדער פת), וואס דאס איז א סאך לפנ"ז –

וואס דאס איז ווייל דאס איז שייך צו דעם ענין האמונה פון "כולם ידעו אותי" וואס אין דעם זיינען אלע בשוה.

וואס דעריבער איז עס פארבונדן מיט דער מעשה פון אכילת הסעודה – וואס אין ענין המעשה זיינען אלע אידן בשוה; וכמדובר כמ"פ – אז משה רבינו און א פשוט'ער איד לייגן די זעלבע פאר תפילין מיט די זעלבע פרשיות ובתים ורצועות. בנוגע צו כוונה קענען זיין חילוקים מן הקצה אל הקצה, פון למעלה מעלה ביזן קצה ההפכי; בנוגע אבער צו מעשה זיינען אלע גלייך.

ח. און דאס איז דער חידוש וואס דער רבי נשיא דורנו האט מגלה געווען אז דער בעש"ט האט מגלה געווען אז אחש"פ זאל מען עסן משיח'ס סעודה.

דלכאו': זאל מען לערנען די מדרשי רז"ל וואס זיינען מבאר סעודתו של משיח מיטן שור הבר ולויתן וכו'?

נאד די ענינים פון שור הבר ולויתן זיינען ענינים של גילויים וואס אין זיי איז דא התחלקויות ודרגות, כמובן מהמבואר בדרושים המבארים ענינים אלו; דער חידוש פון סעודה משיח איז אז אלע עסן די זעלבע מצה, מיכלא דאסותא[55] וואס דאס עפענט די וועג, גרייט צו און ברענגט צום עיקר – מיכלא דמהימנותא – בשוה.

ט. ובנוגע לענינו – מ'שטייט דאך אין עקבתא דמשיחא וכו',

- און -

------------

51) בדכות כ, סע"א. 52) ראה ב"ר פט"ו, ז. 53) נזיר כט, ב. ועוד. 54) ברכות מה, א. 55) זה"ב קפג, ב.

און דא קומט מען און מ'זאגט אז מ'עסט צוזאמען מיט משיח'ן און דעם בעש"ט און נשיא דורנו וואס האט געהאט מס"נ אויף הפצת המעיינות, און מ'זאגט מיט א ברייטקייט אז מ'עסט מיט זיי דעם זעלבן כזית (אדער מער פון א כזית וכו'), וואס ווי קען עס זיין?

וויבאלד אבער אז תורה איז תורת אמת, איז אלץ וואס תורה זאגט איז אמת פון א' ביז ת' וואס דאס זיינען כל אותיות הא"ב ווי עס שטייט אין ירושלמי[56] "אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים"[57], איז דאך אזוי מבואר אין די שיחות פון נשיא דורנו, ומזה מובן אז אזוי איז דער אמת.

ויהי רצון אז ראס זאל ממהר זיין מ'זאל עסן מיט משיח'ן נשמה בגוף, און מ'וועט גיין בעגלא דידן מקבל זיין פני עצמות ומהות - אויף וויפל ס'איז שייכות דער ענין הקבלה דארטן; אבער אויף וויפל דאס איז יע שייך - זאל זיין די קבלה,

ובעגלא דידן, ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו גו'[58], נשמות בגופים, ונגאלין מיד.

* * *

י. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות.

* * *

יא. מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון סעודתו של משיח וואס איז פארבונדן מיט אכילת מצה - מיכלא דמהימנותא, כולל די אמונה פון "כולם ידעו אותי".

עד"ז איז אויך ידוע דער מנהג[59] וואס איז איינגעפירט געווארן דורך א נשיא בישראל און איבערגעגעבן געווארן אונד דורך א נשיא בישראל - אז בסעודה דו זאל מען ניט נאר עסן מצה וואס איז פארבונדן מיט אמונה, נאר אויך טרינקען יין, און ד' כוסות, כמבואר בכ"מ[60] ובכמה זמנים ואין הענין דורש לכפול הדברים.

וועט מען מסתמא זיכער מקיים זיין דעם מנהג פון טרינקען ד' כוסות, וכמדובר כמ"פ[61] אז די ד' כוסות זיינען כנגד די ד' כוסות וואס וועלן זיין לע"ל, וואס דאס איז פארבונדן מיט ימים אחרונים של פסח, ווי געבראכט (בהמאמר)

- פון -

---

56) סנהדרין פ"א ה"א. 57) ישעי' מד, ו. 58) שם מ, ה.
59) היום יום שם. 60) ראה לקו"ש ח"ז ס"ע 276 ואילך.
61) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1299.

פון שער האמונה[62] אז דער ענין פון קרי"ס איז מעין פון לע"ל.

וע"פ המבואר בסהמ"צ להצ"צ[63] בנוגע צו משיח'ן אז אין אים איז דא דרגת רב ודרגת מלך - קען מען זאגן די הסברה בדא"פ אז כנגד די ב' ענינים שבמשיח - זיינען די צוויי ענינים אין סעודתו של משיח:

כנגד דעם ענין וואס משיח איז א מלך - איז דער ענין פון אכילת מצה; און כנגד ענין הרב שבו - איז די שתיית היין, ווארום יינה של תורה איז דאך כולל כל חלקי התורה, בפרט ווי זיי גיבן זיך ארויס דורך תורת הבעש"ט (וואס זי איז תורתו של משיח), ובפרט ווי די קומט אראפ אין אן אופן פון "יתפרנסון"[64] דורך חסידות חב"ד.

ועוד ענין בזה: די עבודה דארף דאך זיין מתוך שמחה וטוב לבב[65], כידוע הורת הבעש"ט[66] אויף "עזוב תעזוב עמו"[67], ניט אין אן אופן פון סיגופים ותעניות און פייניקן דעם גוף - נאר עס דארף זיין דער קצה השני אין קו השמחה, כמ"ש עבדו את ה' בשמחה[68], וכמבואר אויך אין תניא[69] גודל ענין השמחה בכל מקום ובכל זמן.

איז דעריבער ווען מ'שטייט אין אהרון של פסח, תכלית השלימות אין דעם ענין האמונה אין אן אופן פון "רעה אמונה", אז די אמונה זאל אראפקומען אין א פנימיות - איז אויך די צייט צו טרינקען ד' כוסות של יין, וואס ער איז "סועד את הלב" (ווי דער דין בזה[70]), וגם ועיקר - "יין ישמח גו'"[71];

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות[72] אז ענין היין איז לגלות את הדבר הנעלם, וואס די פנימיות פון א אידן איז דאך גוט, מערניט וואס ביי כמה מהם איז עס בהעלם והסתר - איז דורך "נכנס יין" ווערט "יצא סוד"[73], עס ווערט נתגלה די פנימיות.

און פון פסח איז מען דאס ממשיך על כל השנה כולה, כידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[74] אז דער אלטער רבי האט ניט איינגעשטעלט בסידורו די ווערטער "חסל סידור פסח" ווייל פסח ענדיקט זיך ניט, און דאס ווערט נמשך בכל ימות השנה (נאכמער[75] ווי ימים טובים ושבתות).

- יב. -

---

62) רפט"ז. 63) דרמ"צ קיא, רע"א. 64) תקו"ז ת"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206. 65) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 66) כש"ט הוספות אות טז. וש"נ. 67) משפטים כג, ה. 68) תהלים ק, ב. 69) פכ"ו. ועוד. 70) ברכות לה, ב. שו"ע אדה"ז הל' פסח סתע"א ס"ב. 71) תהלים קד, טו. 72) לקו"ת סוכות עט, ד. ובכ"מ. 73) עירובין סה, סע"א. 74) סה"ש תש"ג ע' 75. 75) ראה לקו"ש ח"ה ע' 173 ובהערות שם.

יב. ובנוגע למעשה בפועל:

אזוי ווי מ'האט דאך איצטער מסיים געווען דעם ענין פון "מבצע פסח", דאל מען פון דעם קומען צו "מבצע חינוך". ווי גערעדט באריכה בההתוועדות הקודמת[64] די שייכות פון ענין החינוך צו חגה"פ,

וכמובן בפשטות דערפון וואס בעת יציאת מצרים איז געווען די לידה פון עם ישראל (כמבואר אין יחזקאל[76]), וואס נאך דעם וואס א קינד ווערט געבארן דארף מען אים דערנאך מחנך זיין און מחזק זיין און מרגיל זיין וכו' ביז צו תכלית השלימות, אנהויבנדיק פון ענין האמונה, וואס דאס איז בליל א' דפסח וכל ימי הפסח וואס זיינען פארבונדן מיט אמונה, כנ"ל, און דערנאך, ווען ער ווערט עלטער, אין אן אופן פון הבנה והשגה.

דערנאך קומט "מבצע אהבת ישראל" וואס איז אויך פארבונדן מיט יציאת מצרים, ווי עס שטייט[77] "זכרתי לך חסד נעוריך גו'", וואס דאס איז דער חסד פון אידן צום אויבערשטן, וואס הסד איז דאך דער לבוש וחיצוניות פון ענין האהבה; עד"ז איז אויך מלמעלה למטה שטייט דאך[78] "אהבתי אתכם אמר ה'" כאהבת האב לבנו הקטן כו'; און דער יו"ט פסח איז דאך כנגד אברהם אבינו[79] וואס ער איז "אברהם אוהבי"[80].

דער תכלית פון יצי"מ איז געווען - "תעבדון את האלקים על ההר הזה"[81], מהן תורה, איז דאך די הכנה צו מ"ת מעין הענין, וואס דערפאר זיינען דאך געווען אלס הכנה צו מ"ה די מצווה שנתנו להם במרה[82], ביז נאך פריער, ווען מ'איז נאך געווען אין מצרים פאר דער גאולה, איז געזאגט געווארן א פרשה ארוכה בתורה, מיט דער הדגשה "בארץ מצרים לאמר"[83], וואס דאס איז די פרשה החודש הזה לכם, דער אנהויב פון אלע גאולות ביז צו דער גאולה העתידה - וואס מכ"ז איז מובן די שייכות צו "מבצע תורה".

עד"ז במבצע תפילין איז מובן בפשטות הקשר ליצי"מ - דבפרשיות קדש און והי' כי יביאך איז דא דער תוכן פון יצי"מ.

עד"ז מבצע מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש וטהרת המשפחה - ווי גערעדט (בההתוועדות שלפנ"ז[64]) באריכה די שייכות פון די אלע ענינים צו חודש ניסן וכו'.

דאל זיין די התעסקות בכל ענינים אלו ביתר שאת וביתר

- עוז -

---

76) קאפיטל טז. וראה במפרשים שם. 77) ירמי' ב, ב.
78) מלאכי א, ב. 79) זח"ג רנז, ב. 80) ישעי' מא, ח.
81) שמות ג, יב. 82) ראה סנהדרין נו, ב. 83) בא יב, א.

עוז, ובפרט נאך דעם וואס מ׳טרינקט די ד׳ כוסות וואס יעדערער פון זיי איז א רביעית[84], "כוסי רוי׳"[85] - וואס דאס איז די הכנה צום ענין פון "כוסי רוי׳" לע"ל[86] - גייט מען דאך ארויס מכל מדידות והגבלות, ובמילא דארף זיין די התעסקות אין די מבצעים באופן של למעלה ממדידה והגבלה.

נאך א נקודה בזה: נאך פסח קומט דאך אן דער זמן הקיץ, וואס דעמולט ענדיקן זיך די לימודים בבתי הספר - איז דאס דער זמן המתאים אויף סאך ביתר שאת אין דעם ענין החינוך עם הזולת; ועד"ז אויך בחינוך עם עצמו, אז דער קיץ זאל זיין ניט אין דעם צווייטן קו וכו׳ נאר אין אן אופן אז דעמולט שטייט "שמש[87] ומגן ה׳ אלקים" בגילוי[88], כמדובר ע"י רבותינו נשיאינו.

והמעשה הוא העיקר - מ׳זאל מקיים זיין דעם מנהג ישראל תורה הוא[89], וואס איז שוין נתפרסם געווארן בכ"מ, צו טרינקען ד׳ כוסות,

און מיטנעמען די מבצעים הנ"ל, וואס "מפקחין על צ"צ בשבת"[90] אויך ווען ס׳איז יו"ט שח"ל בשבת,

און עס זאל זיין מתוך שמחה ועונג, וואס דאס איז דער ענין פון שבת ויו"ט[91].

* * *

יג. בהמשך להמדובר וועגן מבצע תורה וכו׳ - איז דאך דא דער מנהג פון מאכן א "כינוס תורה" אינעם טאג פון "אסרו חג בעבותים"[92], וכנהוג אויף זאגן א ענין אלס השתתפות אין דעם - וועט מען זאגן אן ענין בקיצור - כפי רשיון הזמן.

שוין גערערט כמ"פ אז נוסף אויף די ענינים וואס זיינען בשוה בכל השנים, איז דא דער חידוש ולימוד פון דער קביעות פון יעדן יאר באזונדער, ועד"ז בנוגע לשנה זו, אז היינטיקן יאר איז חג הפסח חל להיות בשבת.

ובנוגע לזה האט מען גערעדט[93], אז אע"פ אז דער ענין

- פון -

------------

84) שו"ע אדה"ז שם סתע"ב סי"ז. 85) תהלים כג, ה.
86) ראה ירושלמי פסחים פ"י ה"א. 87) תהלים פד, יב.
88) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 4. 89) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.
90) שבת קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו (סי"א).
91) ראה שו"ע אדה"ז רסרמ"ב. לקו"ת צו יא, ד ואילך.
92) ל׳ הכתוב - תהלים קיח, כז. וראה שו"ע אדה"ז הל׳ פסח סתכ"ט סי"ז. 93) בהברכה להת׳ שיחיו, בעת ביקורו לפני עריכת הסדר בתו"ת ליל א׳ דחגה"פ ה׳תשל"ח (נדפס בלקו"ש מכתבים כלליים לחגה"פ).

פון תוספת מחול על הקודש איז (ווי דער אלטער רבי ברענגט עס אראפ[94]) א מצות עשה "בכל מקום שנאמר שבות", פונדעסטוועגן איז אין דערויף דא א יתדון אין שבת לגבי יו"ט (וזוהי מעלה קביעות ש.ז. שהיו"ט חל בשבת).

אע"פ אז אין גמרא[95] איז דער עיקר הענין פון תוספת מחול על הקודש לערנט מען אפ בא יוהכ"פ [וואס די קביעות פון יוהכ"פ ווערט דורך דעם וואס "ישראל קדשינהו לזמנים"[96], דורך די קביעות פון ר"ה ווייסט מען ווען איז "בעשור לחודש"[97], אבער אין יוהכ"פ איז דא (אויך) דער ענין אז ער ווערט אנגערופן "שבת שבתון"[98], און ס'איז אויך ניטא ביוהכ"פ דער היתר למלאכת אוכל נפש, כבשאר יו"ט], און פון דעם לערנט מען אפ בנוגע צו שבת ויו"ט, פונדעסטוועגן איז דער ענין התוספת שבשבת גרעסער ווי ביי יו"ט.

יד. והביאור בזה:

א) לשיטת הרס"ג - איז דער ענין פון תוספת מחול על הקודש דוקא ביוהכ"פ ובשבת א חיוב מן התורה; משא"כ ביי יו"ט איז עס אדער מדרבנן אדער אינגאנצן ניטא.

דעם הכרח לזה זיינען מבאר אחרונים[99] - על יסוד וואס דער רס"ג[100] זאגט אז דער ענין פון "לא אד"ו ראש, לא בד"ו פסח" איז אדער מן התורה אדער עכ"פ מימות משה רבינו - און איז מבאר די סיבה פארוואס "לא אד"ו ראש", ווייל מ'וויל ניט שבת ויוהכ"פ זאלן אויספאלן בסמיכות, ווארום דעמולט וועט מען ניט קענען מקיים זיין די מצוה פון תוספת שבת ויוהכ"פ סיידן מ'וועט גורע זיין מקדושת היום פון שבת דורך דעם וואס מ'וועט זיך נוהג זיין בזמן זה א איסור מלאכה מצד יוהכ"פ.

פרעגן אויף דעם אנדערע[101] - אז אויב אזוי איז דאך דא דער ענין בכל יו"ט הסמוך לשבת?

זיינען מבאר אחרונים[99] אז לויטן רס"ג איז דער חיוב אויף תוספה מערניט ווי ביי שבת ויוהכ"פ; משא"כ בנוגע ליו"ט איז ניטא דער ענין. ובמילא איז מובן אז ביו"ט הסמוך לשבת איז דער יו"ט ניט מגרע פון קדושת השבת ווייל ס'איז ניטא קיין חיוב פון הוספה יו"ט, און די תוספת פון שבת איז

- ניט -

---

94) שו"ע אדה"ז הל' שבת סרס"א ס"ד. הל' יוהכ"פ סתר"ח ס"א. 95) ר"ה ט, א. יומא פא, ב. 96) ברכות מט, א. 97) אמור כג, כז. 98) שם, לב. 99) ביאור להרי"פ פערלא לסהמ"צ רס"ג מ"ע לד-לז (רצט, ג ואילך). 100) הובא ביסוד עולם שער ד' פ"ו. 101) רבינו יצחק ב"ר ברוך - הובא ביסוד עולם שם.

ניט מגרע פון דעם יו"ט נאר אדרבה, זי מאכט נאכמער די קדושה היום.

וכמבואר באחרונים הנ"ל ווי דאס איז בהאים מיט סוגיות הש"ס.

ב) עד"ז לערנען אנדערע אין שיטת הרמב"ם - וואס דער רמב"ם ברענגט דעם דין פון תוספת נאר אין הל' שביתת עשור[102], און ניט אין הל' שבת אדער הל' יו"ט.

וואס אין גמרא[95], ועד"ז לפנ"ז אין תו"כ[103] שטייט דער דין סיי בנוגע יוהכ"פ סיי בנוגע שבת סיי בנוגע יו"ט, און אזוי נעמען אן גדולי הפוסקים, דער רי"ף ורא"ש ובי"י און דער אלטער רבי וכו'[104]; משא"כ דער רמב"ם אין ספר היד ברענגט דעם דין נאר בנוגע צו הל' יוהכ"פ.

איז נוסף צום ביאור[105] אז דער רמב"ם האלט טאקע ניט אז ביי שבת ויו"ט איז דא א חיוב תוספה ועוד ביאור[106], איז דא א דריטער ביאור אין אחרונים[107], אז דער רמב"ם האלט אזוי ווי דער רס"ג.

ד.ה. דער רמב"ם האלט טאקע אז בשבת איז אויך דא א חיוב הוספת, ער פארלאזט זיך אבער אין הל' שבת אויף דעם וואס ער שרייבט אין הל' שביתה עשור בנוגע יוהכ"פ - ווארום מ'קען אפלערנען שבת פון יוהכ"פ בק"ו [וויבאלד אז שבת איז המור פון יוהכ"פ בנוגע עונשים (דיוהכ"פ בכרת ושבה בסקילה), שכזה מובן בנוגע להומר הענין שעליו בא העונש].

ובפרט ע"פ הידוע אין כללי הרמב"ם[108] אז ער ברענגט ניט קיין דינים מהודשים וואס זיינען ניט מפורש בש"ס, און דאס איז אויך ניט קיין ענין המוכרח צו ברענגען, ווייל עס איז דאך מובן בק"ו פון יוהכ"פ - איז מובן פארוואס ער ברענגט עס ניט אין הל' שבת.

משא"כ בנוגע יו"ט וואס ער איז קיל פון יוהכ"פ, איז מאקע דארטן ניטא דער חיוב פון תוספת.

און ווי די אחרונים זיינען מסביר ווי דאס שטימט מיט סוגיות הש"ס.

טו. דער פס"ד איז דאך אבער, ווי עס פסק'נט דער אלטער רבי

- גענומען -

------------

102) פ"א ה"ו. 103) עה"פ אמור כג, לב. 104) נסמנו בלקו"ש ואתהנן תשל"ו הע' 20. 105) מ"מ. לה"מ להרמב"ם שם. ב"י לטור או"ח סרס"א וסתד"ה. ועוד. וראה גם שו"ע אדה"ז סרס"א בקו"א ג'. 106) שו"ת הרדב"ז ח"ב לשונות הרמב"ם סקי"ג. 107) רי"פ פערלא שם ר. א. 108) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ב'.

- געגומען פון רי"ף רא"ש וב"י - אז אויך ביי יו"ט איז דא א חיוב הוספה -

איז אבער דא לכל הדעות שיטה המכילתא בזה.

וואס די מכילתא[109] שטעלט זיך אויף דעם וואס אין עשרה הדברות שטייט אין די לוחות ראשונות "זכור את יום השבת גו'"[110] און אין לוחות שניות "שמור גו'"[111] - און איז מבאר "זכור מלפניו ושמור מלאחריו, מכאן אמרו מוסיפין מחול על הקודש". וואס דער לימוד איז דא נאר ביי שבת און ניט ביי יו"ט.

דער דרש איז דא נאך בכ"מ[112] - דער חידוש פון מכילתא איז, אז דער לימוד שטייט צווישן דרשות שאינם אסמכתא, וכהם - שמהם למדים דינים מן התורה *, ובכילא איז א דוחק גדול צו לערנען אז דער לימוד איז בלויז אן אסמכתא.

וואס איז דער אויפטו פון די מכילתא? איז דאס מובן פון דעם משל וואס די מכילתא לייגט צו "משל לזאב שהוא טורף מלפניו ומלאחריו" [וואס דער משל פון א זאב שטייט אין תורה בנוגע צו בנימין - "בנימין זאב יטרף"[115], און עס ברענגט זיך אויך בכ"מ דער ענין אין וועלכן בנימין איז נמשל לזאב - וכדלקמן].

דער פירוש פון דעם משל איז: דאס וואס ביי שבת איז דא א תוספת איז דאס אזוי ווי א זאב וואס ער אליין איז טורף מלפניו ומלאחריו, און ניט אז אנדערע ברענגען אים; ועד"ז בשבת איז ניט אז אנדערע זיינען מוסיף אויפן שבת נאר דער שבת אליין איז טורף.

ד.ה. דער חיוב פון תוספה וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין גמרא און תו"כ, איז א חיוב על האדם, ער זאל נעמען

- אויף -

---

*) בדרשה שלפנ"ז במכילתא: "זכור ושמור שניהם נאמרו בדבור אחד וכו'", ומזה נלמד דכל שישנו בשמירה ישנו בזכירה[113], וכן בשאר הדוגמאות שבמכילתא שם - שמזה נלמד דהמיד בשבת, יבום, וכלאים בציצית הוהרו וכו'. בדרשה שלאח"ז: "ההא זוכרו באחד בשבה שאם יתמנה לך מנה יפה ההא מתקנו לשם שבת" - כדעה ב"ש[114]: ושלאח"ז ר' יצחק אומר כו' - שזכירת השבת בכל השבוע היא מ"ע מה"ת, כמובן מהרמב"ן עה"פ (הובא בשו"ע אדה"ז ס"ס ס"ד).

---

109) עה"פ יתרו כ, ה. 110) יתרו שם. 111) ואתחנן ה, יב. 112) הובאו בהו"ש עה"פ יתרו שם אות רכו. 113) ראה ברכות כ, ב. 114) ביצה טז, א. 115) ויחי מט, כז.

אויף זיך א תוספת; משא"כ מצד לימוד המכילתא טוט עס אויף דער שבת אליין *.

והנפק"מ: מצד דעס לימוד פון גמרא וכו׳, איז אויב ער האט ניט מוסיף געווען און ער טוט א מלאכה איז ער ניט עובר אויף די ל"ת פון עשיית מלאכה, מערניט אויף דער עשה וואס ער האט ניט מקיים געווען - להוסיף מחול על הקודש, ובלשון פון דאגאטשאווער[116]: "דזה הוה גדר מצוה לא גדר איסור". דאס איז אויך א מ"ע וואס איז גלייך בכל שבת ויו"ט.

משא"כ מצד לימוד המכילתא איז ביי שבת דער שבת אליין טורף (ע"ד ווי משל הזאב), ובמילא איז ניט קיין נפק"מ צי דער אדם נעמט אן די תוספת צי ניט - ער מוז זיין אפגעהיט פון טאן א מלאכה במשך א זמן מסוים, צי ס׳האט עפעס א שיעור אדער ס׳האט ניט קיין שיעור, עכ"פ א משהו[117], רגע כמימרא כמכה בפטיש - און אויב ער האט זיך ניט געהיט, איז ער עובר אויף א ל"ת.

וואס דער חילוק צווישן מ"ע און מל"ת איז בנוגע צו די ד׳ חלוקי כפרה[118] ווי אראפגעבראכט אין אגה"ת[119], ועוד כמה חילוקים.

טז. ווי דערמאנט פריער, איז דער משל פון א זאב שטייט בנוגע צו בנימין אז "בנימין זאב יטרף".

וואס אויך בנדו"ז איז דאס ניט דער פשט אז מ׳גיט איס, נאר ער אליין איז טורף, און ווי דער דאגאטשאווער[120] שטעלט דאס צו· צום משל שבמכילתא אז א זאב איז טורף מלפניו ומלאחריו, וואס אזוי איז אויך בנחלת בנימין, כדאיתא בתוספתא[121], אז במקום א׳ איז דאס מקדים לעשות פירות לפני נחלות שאר השבטים, ובמקום אחר איז דאס מאחר פון כל השבטים. וואס אויך אין דעם משל הייסט דאך דאס אז די נחלה אליין איז טורף.

- עס -

---

*) ועכצ"ל דהש"ס פליג על המכילתא (כהל׳ שבתות מניך), וכן הוא פסק ההלכה; אף שאפ"ל שגם המכילתא ס"ל - דעל האדם להוסיף בעיו"כ ויו"ט.

---

116) צפע"נ להרמב"ם שם. 117) ראה שו"ע אדה"ז סרס"א ס"ה. סתר"ח ס"ג. 118) ראה לקו"ש אחרי ש.ז. ס"ג. וש"נ. 119) בתחלתו. 120) צפע"נ עה"ת עה"פ ויגש מד, לד. ויחי שם. 121) שביעית פ"ז ה"י. וראה ג"כ ב"ר פצ"ט, ג.

עס פעלט נאך אבער ביאור: דער פירוש אז "זאב יטרף" גייט אויף נחלתו של בנימין, שטייט אין תוספתא כנ"ל; עס איז אבער דא נאך א ביאור ווי דער ראגאטשאווער פארבינדט עס מיט דער גמרא[122] אז דער מזבח איז געווען בנחלתו של בנימין, וואס דער מזבח ווערט אנגערופן "זאב" ווי די גמרא זאגט בסיום מס' סוכה[123], און ווי דער ראגאטשאווער ברענגט דארטן אז עיקר הקרבנות איז געווען די תמידים, "את הכבש האחד תעשה בבוקר גו'"[124], וואס דאס איז שייך צו א זאב.

דארף מען פארשטיין: לויטן פירוש אז דאס גייט אויפן מזבח [ווי די שיטות שבזה[125]: צי "מדבחא" אדער "מקדשא - מקום המקודש לדמים"] - איז וואו איז דא דער ענין פון "טורף מלפניו ומלאחריו"?

יז. וי"ל הביאור בזה בפשטות:

דער עיקר ענין המזבח איז דאך ענין הקרבנות, ואפי' לפי התרגום ירושלמי[126] "בית מקדשא", האט מען דאך גערעדט במ"פ[127] וואס דער רמב"ם[128] זאגט אז עיקר ענינו פון ביהמ"ק איז א "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"; עאכו"כ לויט דער דעה "מדבחא", ובפרט לויט דער דעה "מקום המקודש לדמים" - וואס דאס איז דאך שייך צו קרבנות דוקא.

בנוגע לקרבנות שטייט דאך[129] "ביום צוותו גו'", אז מ'מעג מקריב זיין קרבנות נאר ביום און ניט בלילה[130].

און דאס איז דער ענין וואס דער מזבח איז טורף לאחריו, אז די חלבים ואברים איז מען מקריב אויפן מזבח במשך הלילה[131], וואס דאס איז אן ענין פון "טורף" זיין נוסף אויף זיין זמן. עד"ז לפניו - איז דא דער ענין פון תרומת הדשן וואס קומט מחצות לילה ואילך אדער משקרא הגבר[132], עכ"פ - לפני הקרבת תמיד של שחר, וואס דאס איז תחלת עבודת היום.

וואס דא איז אויך די הדגשה אז דאס קומט ניט מבחוץ, נאר דער מזבח אליין איז טורף - ווארום דאס וואס מ'פארברענט חלבים ואברים כל הלילה איז דאך ווייל דער מזבח איז עס טורף, ע"ד ווי "כל הראוי למזבח אם עלה (עליו) לא ירד"[133];

- עד"ז -

---

122) זבחים נד, א. 123) ראה פרש"י סוכה נו, ב ד"ה לוקוס. 124) פינחס כח, ד. 125) זבחים שם. 126) עה"פ ויחי שם. 127) לקו"ש חי"א ע' 116 ואילך. 128) ריש הל' ביהב"ח. 129) צו ז, לח. 130) זבחים צח, א. רמב"ם הל' מעה"ק רפ"ד. 131) משנה ריש ברכות. פסחים סח, ב. מגילה כ, ב. ועוד. חו"כ עה"פ שם ו, ב. רמב"ם שם ה"ב. 132) יומא כ, א במשנה. רמב"ם הל' תו"מ פ"ב הי"א. 133) משנה זבחים רפ"ט.

עד"ז תרומת הדשן איז דאך א חלק והתחלה עבודת היום, כמסופר אין מס' תמיד[134], און ווי תוס'[135] זאגט בנוגע דעם ענין פון "אביי הוה מסדר סדר המערכה משמא דגמרא ואליבא דאבא שאול כו'" - וואס דאס זאגן דאך אויך איצטער כל ישראל לפני התפלה.

יח. ויה"ר ס'זאל מקוים ווערן אז כל העוסק בתורת קרבנות כאילו הקריב כו'[136], וואס עד"ז איז אויך בנוגע למזבח, ועד"ז בנוגע צו נחלת בנימין וואס זי איז א נחלה אין ארצנו הקדושה, ארץ אשר גו' עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה[137].

וכמבואר אין תנחומא[138] אז דער אויבערשטער האט געזאגט יחזקאל'ן מען זאל לערנען "צורת הבית גו'"[139] און דעמולט איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית", און אז יחזקאל האט געפרעגט, מ'געפינט זיך דאך בתחלת הגלות איז צי דען איז איצטער דער זמן המתאים לזה, האט דער אויבערשטער געענטפערט אז אדרבה, דאס איז דער אופן וואס וועט ברענגען בנין ביהמ"ק.

ובפרט אז איצטער איז דאך שוין לכו"ע כלו כל הקיצין[140], וועט דער דיבור וועגן דעם ענין ברענגען ס'זאל זיין בעגלא דידן "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו",

כולל די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ספירת העומר וכו',

און דורך די ענינים פון עבודת האדם וואס זיינען פארבונדן מיט יציאת מצרים וואס איז דומה לנר[141] (כמבואר אין מאמר[142]), וועלן מעשינו ועבודתנו ברענגען צו דער גאולה העתידה וואס איז דומה לשמש[141], וכפי שיתבאר לקמן.

יט. ווי ס'איז לעצטן'ס איינגעפירט, וועט מען צוטיילן דעם פארברייינגען אויף צוויי חלקים, איין חלק איצטער, און דער צווייטער חלק וועט זיין בסיום חודש ניסן, וואס דאס איז אויך מוצאי שבת, ור"ח (און צווישן וועט זיין דער כינוס תורה באסרו חג), וועט מען דעמולט משלים זיין די שאר הענינים.

און דערווייל זאל מען טרינקען די ד' כוסות, און עס

- זאלן -

------------

134) משנה ספ"א. 135) ד"ה אביי - יומא לג, א. 136) מנחות קי, א. 137) עקב יא, יב. 138) צו יד. וראה גם ויק"ר פ"ז, ג. יל"ש יחזקאל רמז שפב. 139) יחזקאל מג, יא. 140) סנהדרין צז, ב. 141) ראה מדרש תהלים ויל"ש עה"פ תהלים לו, י. 142) ד"ה כי בחפזון ה'תש"ח פ"ב (סה"מ ע' 153). ד"ה כימי צאתך פי"ב (שם ע' 164).

זאלן זיך אפטאן די אלע ענינים, בלשון הידוע - ממשיך זיין אלע המשכות וואס זיינען פארבונדן כיט אחרון של פסח, שמיני,

ביז ביאת משיח צדקנו וואס איז פארבונדן מיט מספר שמונה וואס דערפאר וועט דעמולט זיין דער כנור של שמונה נימין[143],

און מ'וועט זעהן בעיני בשר ממש די אלע ענינים, כמבואר אין שער האמונה[144], ביז אין אן אופן אז עס וועט ניט זיין קיין פלא,

און עס וועט זיין דער כפלים "זה" "הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו גו'"[145], וכאו"א מראה באצבעו ואומר זה[146], בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן והיא שעמדה. על אחה. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הד' - ג"פ). ניע זשוריצי. האפ קאזאק.

ברך ברכת המזון. מעריב. הבדלה. וחילק לכאו"א מכוס של ברכה.

סרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

---

143) ערכין יג, ב. וראה לקו"ת תזריע כא, ד. 144) פכ"ה. 145) ישעי' כה, ט. וראה שמו"ר ספכ"ג. פרש"י ד"ה מראה באצבעו - תענית בסופה. 146) שמו"ר שם.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ אחרי, מבה"ח ועש"ח אייר ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. בשעת ס'קלייבן זיך צוזאמען אידן מכל הסוגים, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - איז דאך נישט דער טייטש אז יעדערער פון זיי בלייבט א באזונדער סוג, נאר דאס איז איין אן אופן פון "כולכם" (ווי התחלת הכתוב[1]"אתם נצבים היום כולכם", און דערנאך איז ער ממשיך בפרטיות אלע סוגים).

וואָרום וויבאלד אז "אתם נצבים גו' לפני ה' אלקיכם", אומעטום וואו א איד געפינט זיך, און אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, שטייט ער אין אן אופן פון "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם", וואָרום ער האט א "חלק אלקה ממעל"[2], און ווי דער אלטער רבי[3] איז מפרש ומפרט און מבאר אז דאס איז "ממש", וואס דער "חלק אלקה" איז אלעמאל אין אן אופן פון "באמנה אתו"[4]-

איז דאך פארשטאנדיק, אז די אלע חילוקים וואס זיינען דא צווישן אידן, קענען נישט אנרירן ח"ו דעם ענין פון "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם", וואס וויבאלד אז ער איז "אחדות הפשוטה", שטייען זיי אלע צוזאמען, "כולכם".

וואָרום "דבר אלקינו יקום לעולם"[5], און קבוע לא בטל[6] ובפרט אז דאס איז קבוע און קדוש, מיט אלע פרטים וואס זיינען דא אין דערויף; דער ענין פון ביטול איז שייך נאר ווען די זאך מישט זיך צוזאמען מיט אן אנדער זאך, אבער בשעת דאס שטייט בפ"ע, איז אפי' אויב בכמות איז דאס מערניט ווי א משהו, בלייבט דער "משהו" בתקפו, וויבאלד אז ער איז "קבוע" -

איז פארשטאנדיק, אז ס'איז נישט שייך קיין תערובת אמיתית צווישן "חלק אלקה ממעל ממש" מיט עניינים וואס זיינען פארבונדן מיט "נבראים" (אפי' מיטן טוב שבנבראים), וואָרום דאס איז לגמרי שלא בערך, דאס איז "בורא" און דאס איז "נברא",

און וויבאלד אז אידן זיינען "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם" (זייענדיק "חלק אלקה ממעל ממש"), וואס ער איז

- אחדות -

------------

1) נצבים כט, ט. 2) איוב לא, ב. 3) תניא רפ"ב. 4) ראה הניא ספכ"ד. 5) ישעי' מ, ח. 6) ראה תוד"ה אלא - זבחים עג, ב.

אהדות הפשוטה, שטייען זיי אויך אין אן אופן פון "כולכם" (כנ"ל).

און דערפאר איז אע"פ אז ס'שטייט "אתם נצבים", לשון רבים, איז דאס אבער צוזאמען דערמיט אין אן אופן פון "כולכם", אז ס'ווערט איין מציאות פון "כולכם". און דערנאך טראגן אידן אראפ דעם "נצבים" און דעם "כולכם" אין די אלע פרטים (ווי זיי שטייען דערנאך אלס פרטים) ופרטי פרטים (ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך).

ב. דעם ענין (אז פון איין זייט איז דאס אחדות הפשוטה, און לאידך, קומט דאס ארויס אין התחלקות און פרטים) זעט מען אויך אין נבראים:

דער אויבערשטער האט דאך געוואלט אז נבראים זאלן ניט שטיין אין אן אופן פון אחדות הפשוטה, אן קיין חילוק צווישן זיי, נאר אדרבה, זיי זאלן זיין אין אן אופן של ריבוי, און א ריבוי עצום, ביז אז מ'זאגט אויף דעם "מה רבו מעשיך ה'"[7], ריבוי בכמות; און אויף יעדערן פון זיי זאגט מען "מה גדלו מעשיך ה'"[8], אז דאס איז ניט קיין דבר הבטל וטפל, נאר אז יעדערער פון זיי האט אין זיך די גדלות פון מעשי ה'.

ווי אזוי ווערט אבער דער ריבוי פון די נבראים - איז מבואר בארוכה אין תורת חיים פון דעם מיטעלן רבי'ן[9], און אויך אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז[10], אז דוקא פון אחדות הפשוטה קומט ארויס ריבוי ההתחלקות, ביז צו התחלקות אין אן אופן פון בלי גבול.

וואס אע"פ אז ווען די התחלקות קומט ארויס בפועל אין נבדאים, איז דאס אין אן אופן פון מדידה והגבלה, ווארום די נבראים זיינען במדידה והגבלה, איז ווי גרויס דער גבול זאל נאר זיין, איז דאס אלץ א דבר המוגבל -

פונדעסטוועגן, מצד דערויף וואס אין זיי איז דא דער כח הפועל בנפעל, ביז אז דאס קומט ארויס בגילוי אין אן אופן אז אין זיי זעט זיך אן דער "מה גדלו מעשיך ה'" - איז דאס אן ענין פון א"ס ווי דאס קען זיין אין נבראים. ובפרט מצד דערויף וואס זיי האבן דעם כח לעשות פירות ופירי פירות עד א"ס, כמבואר בארוכה אין ספר החקירה להצ"צ[11] ובכו"כ דרושים.

- ג. -

---

7) תהלים קד, כד. 8) שם צב, ו. 9) תו"ח נח ד"ה ויהי כל הארץ פכ"ז ואילך. 10) ראה בהנסמן בלקו"ש ראה תשל"ו הע' 32. 11) לה, ב ואילך.

ג. עד"ז בנוגע לענינגו - וועז אידן קלייבן זיך צוזאמען:

פון איין זייט, איז דא א ריבוי פון אידן, און אין אן אופן אז אין דעותיהם שוות און אין פרצופיהן דומין זל"ז, מיט אלע פרטים וואס מ'רעכנט אויס אין סנהדרין[12] און אין אבות דר"נ[13] ובכמה מדרשי רז"ל[14]; און לאידך, האט דער אויבערשטער באשאפן אלע בני אדם במטבע אחת ובחותם אחד, "בחותמו של אדה"ר"[15], בדוגמא צו אדם וחוה.

און וויבאלד אזביידע ענינים זיינען אין איין נברא - אז פון איין זייט, איז ער באשאפן געווארן בחותמו של אדה"ר, אין דעם זעלבן חותם, און לאידך, איז תורת אמת מעיד אז איין נברא קען נים זיין גלייך צום צווייטן נברא בכל הפרטים ופרטי פרטים - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז נים קיין סתירה (אע"פ אז לכאו' איז דאס נים נאר א סתירה, נאר נאכמער: ס'איז צוויי הפכים) -

ווארום ביידע ענינים נעמען זיך פון אחדות הפשוטה, וואס ער איז "נמנע הנמנעות"[16], און וויבאלד אז ער איז נמנע הנמנעות, קומט ארויס בגילוי אז ס'זיינען דא נמנעות, און זיי געפינען זיך בענין אחד ובמקום אחד וברגע אחד - און דערפאר קען זיין אז אלע מענטשן זאלן באשאפן ווערן בחותמו של הקב"ה, ולאידך, זאל קיין נברא נים זיין בשוה ממש צום צווייטן נברא בכל הפרטים, אין דיעותיהם שוות וכו'.

ד. דעם ענין פון נמנע הנמנעות, האט מען געזעהן בגילוי דארטן וואו מ'האט געזעהן אלקות בגילוי - אין ביהמ"ק, וואס אויפן ביהמ"ק זאגט דער אויבערשטער אז דאס איז דער "ביה אשר תבנו לי" און דאס איז דער "מקום מנוחתי"[17] [וואס דער פירוש אין דעם איז[18] אז דאס איז נים קיין תמיהה, נאר בניחותא, אז ס'איז בכחו פון א אידן בויען א ביהמ"ק וואס דארטן זאל זיין "מקום מנוחתי"] - וואס אין "מקום מנוחתי" איז געווען דער פנים און פנים דפנים, ביז צום קודש הקדשים, און אין דערויף גופא דער פנימיות שבזה, וואס דאס איז געווען דער ארון, און דארטן האט מען געזעהן בגילוי דעם ענין פון "נמנע הנמנעות":

ע"פ דין ההורה דארף דער קודש הקדשים זיין במדה מסוימת (אין כשכן באופן כזה, און אין מקדש באופן כזה),

- עד"ז -

------------

12) לח, א. 13) ספ"ד. 14) ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ט. ברכות נח, רע"א. ועוד. 15) סנהדרין שם. לז, סע"א במשנה. ירושלמי שם. 16) ראה שו"ת הרשב"א סתי"ח. הובא בספר החקירה להצ"צ לד, ב. 17) ישעי' סו, א. 18) ראה לקו"ש ח"ג ע' 894.

עד"ז דארף דער ארון אויך זיין במדה מסוימת, אדכו ודהבו וקומתו[19] - און צוזאמען דערביי זאגט מען אז "מקום הארון אינו מן המדה"[20]; בשעת מ'האט מודד געווען דעם קודש הקדשים ממזרחו וממערבו ומצפונו ומדרומו של הארון, איז געווען עשר אמות מכל צד (אין מקדש, און אין משכן חמש אמות), וואס דאס איז אן ענין פון "נמנע הנמנעות".

און וויבאלד אז ענינו פון דעם ביהמ"ק איז אז "משם אורה יוצאה לעולם"[21], האט דאס באלויכטן די גאנצע וועלט, אז אויך אין די ענינים פון וועלט וואו מ'זעט דאס ניט בגלוי, איז וויבאלד אז דאס איז אויך א דירה לו ית' בתחתונים, זאל מען אנערקענען אז באמיתיות הענינים איז דאס אויך אין דעם זעלבן אופן ווי אין ביהמ"ק,

ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער האט געוואלט אז ס'זאל שטיין אין אן אופן פון העלם והסתר, כדי אז א איד זאל באווייזן אז "היא חכמתכם ובינתכם"[22], אז ער פארשטייט די אמיתיות ופנימיות הענינים, און כדי אז ער זאל טאן את כל התלוי בו אז דאס זאל ארויסקומען בגילוי לעיני בשר.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך די עבודה פון תומ"צ, וואס דורך דערויף איז ער משמש את קונו, און ער פירט אויס דעם ענין פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

און אע"פ אז איצטער זעט מען נאך ניט בגילוי ווי אזוי די עבודה פון תומ"צ איז מגלה די אחדות הפשוטה וואס איז דא אין וועלט - ווערט אבער די פעולה אויפגעטאן, והראי', אז די ענינים וואס וועלן נתגלה ווערן לע"ל, ווערן אויפגעטאן דורך די עבודה פון תומ"צ וואס מ'טוט איצטער[23].

ה. אויב מ'זעט דעם ענין אפי' אין עניני העולם (כנ"ל ס"ב), איז עאכו"כ אז אזוי איז דאס בנוגע צום מענטשן אליין:

א מענטש באשטייט פון רמ"ח אברים ושס"ה גידים, וואס יעדערן פון זיי האט דער אויבערשטער באשאפן אז ער זאל זיין אן ענין בפ"ע; דער עין - לראות (ניט לשמוע), דער אוזן - לשמוע (ניט לראות), דער אף - לריח, דער פה - לדיבור, ועד"ז שאר האברים, און יעדער אבר האט זיין תפקיד און ער דארף ניט משנה זיין תפקידו.

אין זמנים מיוחדים קען טאקע זיין אן ענין פון "רואין את הנשמע ושומעין את הנראה"[24] - דאס איז אבער אן

- ענין -

---

19) תרומה כה, י. 20) יומא כא, א. וש"נ. 21) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. 22) ואתחנן ד, ו. 23) ראה תניא רפל"ז. 24) מכילתא עה"פ יתרו כ, טו. וראה לקו"ש ת"ו ע' 120 הע' 6-5.

ענין וואס איז יוצא מן הכלל, און די כוונה בזה איז, כדי צו נעמען כח אויף צו טאן דערנאך די עבודה אין אן אופן פון תמידין כסדרן.

זעט מען דאך אז ס'איז דא א ריבוי אברים, וואס יעדער אבר איז א באזונדער אבר, און האט זיין תפקיד מיוחד - און לאידך, פון דעם צירוף פון אלע אברים צוזאמען, ווערט אויסגעשטעלט איין מענטש, אן אדם הבריא און אויך אן אדם השלם, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דוקא פון דעם צירוף ואיחוד פון אלע אברים צוזאמען.

ועאכו"כ ווען א איד קלייבט זיך צוזאמען און ווערט נהאחד מיט נאך אידן - וואס ערשט דעמולט ווערט זיין שלימות, ווען ער איז זיך מתאחד מיט נאך אידן, ביז אז ער איז זיך מתאחד מיט כל עם ישראל.

וואס דער ענין אז ער איז זיך מתאחד מיט כל עם ישראל, ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס ער איז מקבל אויף זיך די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך".

וואס דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" איז דאך ניט קיין ענין פון גזירה גזדתי, נאר כמבואר אין ירושלמי[25] אז כללות עם ישראל איז איין גוף, א קומה אחת שלימה[26], און פונקט אזוי ווי יעדער אבר פון דעם גוף איז איין זאך מיטן גאנצן גוף, וויבאלד אז ער איז א חלק פון דעם גוף, איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו כללות עם ישראל, אז יעדער איד איז איין זאך מיט אלע איבעריקע אידן (וויבאלד אז כללות עם ישראל איז א קומה אחת שלימה), און דערפאר דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך".

ו. דאס איז אויך וואס ס'שטייט אין כתבי האריז"ל[27] און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בסידורו, וואס דער ענין פון דעם סידור איז א דבר השוה לכל נפש, צו אלעמען גלייך אז בהתחלת היום וואס התחלת היום הויבט זיך אן מיט דעם ענין פון תפלה, ווארום קודם התפלה טאר ניט זיין דער ענין פון אכילה ושתי' און עשיית כל צרכיו וכל עניניו[28] דארף מען זאגן "הריני מקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך", ד.ה. אז ער נעמט אויף זיך און טוט כל התלוי בו אויף צו זיך כולל זיין מיט כלל ישראל, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס ער איז מקבל אויף זיך די מצוה פון "ואהבת לרעך - כמוך" -

------------

25) נדרים פ"ט ה"ד. 26) ראה לקו"ה ר"פ נצבים. דרמ"צ מצות אהבת ישראל. 27) פע"ח ש"ג פ"ב. 28) ראה שו"ע אדה"ז ספ"ט ס"ד-ה.

כמוך". וכמבואר בכ"מ[29] רער ביאור פארוואס דאס דארף זיין קודם התפלה.

און וויבאלד אז די כוונה פון תפלה איז (ניט אז נאכן דאווגען זאל ער פארגעסן ח"ו אויף דעם גאנצן ענין, נאר) אז דאס זאל נמשך ווערן במשך כל היום כולו, אז בכל עניניו זאל זיין ניכר אז דאס טוט א איד וואס האט געדאווענט, און האט געדאווענט אין אן אופן ווי מ׳דארף דאווגען - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" וואס דארף זיין אלס הקדמה צום ענין התפלה, דארף נמשך ווערן אויף א גאנצן טאג, און אויף אלע ענינים וואס ער טוט במשך פון דעם טאג.

ובמכ"ש וק"ו: מה-דאך אז מ׳דארף האבן דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" אלס הקדמה צום ענין התפלה, וואס דאס איז אן ענין פון עבודת ה׳ - איז ווען ס׳רעדט זיך וועגן התעסקות אין עניני העולם, אכילה ושתי׳ און כללות הענין פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[30], איז עאכו"כ אז דארטן איז נוגע ובולט דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" (צוזאמען מיט דער תוצאה וואס קומט דערפון ארויס).

ד.ה. אז נאך דערויף וואס ער איז אויף זיך מקבל די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך" קודם התפלה, גייט ער דערמיט אוועק אויף עבודת כל היום, אז די אחדות וואס ער האט גע׳פועל׳ט ביי זיך און וואס ער האט זיך פאראייניקט מיט אלע צען סוגים פון אידן, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך, טראגט ער דאס אראפ באכילתו ובשתיתו ובמשאו ומתנו מיט די אלע פרטים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס אין הל׳ דעות[31],

און דורך דערויף וואס ער פועל׳ט דעם ענין בעבודתו - איז ער מגלה דעם ענין פון אחדות הפשוטה וואס איז דא אין דער גאנצער וועלט.

ז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳קומט צו נאך א טאג וואס אידן לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות, און זיינען מברר די ניצוצי קדושה, דורך דערויף וואס מ׳פאראייניקט זיי מיט מקורם ושרשם וואס דאס איז אחדות הפשוטה - ווערט די וועלט צוגעגרייט (און ניט נאר צוגעגרייט, נאר אויך אויפגעטאן) צו דעם ענין פון גילוי האחדות (אע"פ אז בגילוי לעיני בשר וועט דאס זיין ערשט בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש),

- ועד"ז -

---

29) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 201. ח"ח ע׳ 47 ואילך. 30) ברכות לה, ב. 31) רפ"ה.

ועד"ז ווערט די אחדות פאדשפרייט אלץ מערער בכל פרטי העולם - און בשעת אז מ'וועט דאס אינגאנצן פארענדיקן, וועט זיין "מיד הן נגאלין"[32], וויבאלד אז מ'האט פארענדיקט די שליחות און די עבודה פון זמן הגלות.

און וויבאלד אז די עבודה באשטייט אין דעם וואס אלקות נעמט דורך עניני הרשות ביז צו גשמיות העולם, וואס דער ענין פון אלקות איז אחדות הפשוטה - איז פארשטאנדיק, אז סוכ"ם הויבט אן גשמיות העולם וכל המציאות שבעולם צו מאנען אז דער ענין האחדות זאל זיין ניכר אויך אין עניני הרשות, כולל אויך אין מחשבת הרשות.

ד.ה. אז ווען מ'טראכט וועגן אן ענין של מסחר עד"מ, איז אפי' אויב בשנים שלפנ"ז האט זיך ניט געמאנט (אויף אזוי פיל) מצד דעם ענין המסחר אליין אז דער מסחר זאל געמאן ווערן אן מחלוקת און השגת גבול, און אן גזילה וגניבה, אפי' ניט אבק שלהם (ואדרבה, דער ענין המסחד מצ"ע האט <u>געמאנט</u> די ענינים), איז וויבאלד אז ס'איז דורכגעגאנגען נאך א דור און נאך א יאר און נאך א טאג וואס מ'האט געטאן אין עבודת הבירורים - זעט מען בגלוי אז הועלה המסחר אליין מאנט אז מ'זאל זיין אויסגעהיט פון ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פירוד. און ניט ווי דער יצה"ר קען איינרעדן אז דאס וועט שאטן צום ריוח - ווי מ'זעט בגלוי אז אדרבה, דאס ברענגט גאר א <u>תועלה</u> אין דעם רווח.

וואס דא זעט מען א דבר פלא: בה בשעה וואס אין דורות הקדמונים איז געווען דער סדר אין עניני מסחד אז יעדערער איז געווען פאר זיך - איז וואס מער מ'איז זיך מתקדם אין עניני מסחר, זוכט מען אלץ וועגן ווי אזוי מ'זאל זיך מתאחד זיין איינער מיטן צווייטן, און ווי אזוי מ'זאל מאחד זיין סניפי המסחר וכו'. וואס דוקא דורך דערויף באקומט מען רווחים גדולים יותר, ווארום דורך דעם ווערט פארקלענערט די הוצאה און די הכנסה ווערט פארגרעסערט, מיט נאך כו"כ ביאורים בזה אין דרך הטבע.

ועאכו"כ אז ווען ס'רעדט זיך וועגן ענינים טבעיים וגשמיים מצ"ע, וועלכע זיינען ניט פארבונדן מיט פרנסה, כדוה שבלב וכיו"ב, נאר זיי זיינען מער פארבונדן מיט ענינים פון הכמה, הבנה והשגה - איז זיכער אז מדור לדור ווערט גרעסער די נפי' צו באטדאכטן יעדער ענין <u>ניט</u> ווי אן ענין בפ"ע, נאר כשהדל זיין צו געפינען א צד השוה און א נקודה משותפת מיט נאך כמה ענינים, און נאכמער: מאחד זיין

- די -

------------

32) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

די חלקים וואס זיינען דא אין די חכמות וואס זיינען ניט חכמת התורה, חכמות חיצוניות,

- זיי ווערן סאקע אנגערופן חכמות חיצוניות, דערפאר וואס זיי זיינען ניט חכמה התורה, אבער ח"ו צו זאגן אז זיי זיינען מחוץ לממשלת הקב"ה, דאס איז א חלק פון בריאה העולם וואס דער בורא העולם האט באשאפן;

ער האט דאס אבער באשאפן אין אן אופן אז איידער מ'פארנעמט זיך דערמיט, דארף מען האבן א הכנה והקדמה, כמבואר אין ספרי מוסר, און נאכמער ובגלוי (נאר אין געציילטע ווערטער) אין ספר התניא[33], וואס דארטן זאגט ער אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "עושה אותן קרדום לחתוך בהן", אדער נאכמער: "שיודע להשתמש בהן לעבודת ה' או לתורתו", אז דערפון גופא קומט צו אין ענינים פון חשבון קדה"ח, תכונה, רפואה וכיו"ב[34] (ווי ער איז מבאר דארטן אין געציילטע ווערטער, אבער אין אן אופן פון מועט המחזיק את המרובה),

איז בשעת מ'פארנעמט זיך דערמיט באופן הרצוי (וע"י ההכנה המתאימה), זעט מען דעמולט ווי אזוי דאס איז א חכמה אמיתית, ביז אז אין איר ווערט נתגלה ניט נאר דער ענין הבריאה סתם, נאר די חכמה שבבריאה - וכאמור לעיל, אז אין די ענינים של חכמה והבנה והשגה, זעט מען נאכמער אז מזמן לזמן ווערט גרעסער די השתדלות צו געפינען א צד השוה און מאחד זיין כמה חלקים וענינים.

ח. וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'ווערט נענטער צו דעם זמן וואס דעמולט וועט זיין "ה' אחד ושמו אחד"[35], "כשם שאני נכתב כך אני נקרא"[36] - אז "כשם שאני נכתב", וואס דאס האלט דאך יעדערער פאר זיך, וועט זיין "כך אני <u>נקרא</u>", אזוי וועט דאס אויסגערופן ווערן, אין אן אופן אז אלע וואס געפינען זיך ארום אים וועלן דאס הערן, ביז אז דאס וועט דערהערט ווערן אין דער גאנצער וועלט -

אז אין דער גאנצער וועלט וועט דערהערט ווערן דער ענין פון "ה' אחד", אז דאס איז ג-טליכקייט ווי ס'טוט זיך אן אין וועלט, ווי דער סמ"ק[37] איז מסביר דעם הוכן פון "אחד", אז דער ח' איז מרמז אויף די ז' רקיעים וארץ, און דער ד' איז מרמז אויף ד' רוחות העולם, און פאר דעם ח'

- מיסן -

---

33) ספ"ח. 34) ראה לקו"ש חי"ב ע' 197 ואילך. 35) זכרי' יד, ט. 36) ראה פסחים נ, א. 37) הובא בב"י לטאו"ח סס"א.

מיטן ד׳ שטייט דער א׳, וואס דאס איז מרמז אויף אלופו של עולם[38], און דער א׳ ווערט דער ראש התיבה פון דעם גאנצן ווארט (אויך דער ח׳ מיטן ד׳).

וכמבואר אין זהר[39] אז "בשית מאה שנין לשתיתאה [ווי מפרשים[40] זיינען מסביר אז דאס גייט אויף שנת השש מאות פון דעם אלף הששי] יתפתחון תרעי דחכמתא לעילא ומבועי דחכמתא לתתא כו׳", ד.ה. אז דעמולט וועט זיין א ריבוי אין אלע חכמות, וואס דאס איז פארבונדן און עס נעמט זיך דערפון וואס ס׳וועט זיין א ריבוי אין דער חכמה האמיתית, חכמת התורה,

און דער ריבוי איז ניט קיין ריבוי וואס ברענגט צו פילוג והתחלקות, נאר אדרבה, ס׳איז א ריבוי וואס ברענגט צו התאחדות אויך בפשטות, כאמור לעיל אז מ׳פאראייניקט כמה ענינים נפרדים אע"פ אז אין פרצופיהם דומין זל"ז וכו׳.

וכאמור, אז דאס איז פארבונדן און עס נעמט זיך דערפון וואס מ׳ווערט נענטער צו דעם זמן וואס דעמולט איז "תרבה הדעת וההחכמה" (כלשון הרמב"ם[41]), בביאת משיח צדקנו.

ט. אויב דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו עניני העולם, איז עאכו"כ (אלם התחלת הענין) אז בשעת אידן קלייבן זיך צוזאמען, און מ׳קלייבט זיך צוזאמען אין א מקום תפלה און א מקום תורה, אין ביהכ"נ און ביהמ"ד, און מ׳קלייבט זיך צוזאמען כדי צו חזר׳ן א ווארט פון תורה, און כדי צו אנעמען א החלטה טובה בנוגע צו עשיית המצוות -

ווערט דעמולט נאכמער נתגלה דער ענין האחדות, ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ס׳קלייבן זיך צוזאמען אידן מכל הסוגים, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך, און אין דיעותיהם שוות (אפי׳ צווישן ראשיכם גופא, און צווישן שואב מימיך גופא) - ווארום אלעמען נעמט דורך (און דאס איז ביי זיי אן עיקר) דער ענין פון "נצבים גו׳ לפני ה׳ אלקיכם" אין אן אופן פון "<u>כולכם</u>".

וואס דורך דעם ווערט דער ענין פון "לעברך בברית ה׳ אלקיך"[42], וואס דער ענין הברית כפשוטו איז[43], אז מ׳גייט דורך צווישן א דבר שלם וואס מ׳האט אים פאנאנדערגעשניטן אויף צוויי חלקים, כדי צו באווייזן אז אזוי ווי די צוויי חלקים זיינען איין זאך, איז אזוי אויך בנוגע צו די וואס

- גייען -

------------

38) ראה לקו"ת תזריע כג, ג. 39) ח"א קיז, א. וראה לקו"ש נח ש.ז. 40) ראה מק"מ לזהר שם. 41) הל׳ תשובה פ"ט ה"ב. 42) נצבים שם, יא. 43) ראה לקו"ת נצבים מד, ב.

גייען דורך "בין הבתרים"[44] - ווערט דער ענין פון "לעברך בברית ה' אלקיך", אז מ'גייט דורך אין "בריה ה'" וואס ער ווערט "אלקיך", כוחך וחיותך[45].

און ס'איז פארשטאנדיק ווי אזוי קענען אידן ווערן איין זאך מיטן אויבערשטן (וואס דאס איז דער ענין פון "לעברך בברית ה' אלקיך") - וויבאלד אז זיי זיינען "חלק אלקה ממעל (אין אן אופן פון) ממש".

י. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם זמן אין וועלכן מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן - אז דאס איז א זמן וואס האט אין זיך כו"כ פרטים, וואס לכאו', איז יעדער פרט אן עולם בפ"ע, און אעפ"כ ווערן זיי אלע נתאחד. והביאור בזה:

לכל לראש איז דאס זמן הנבדא, וואס דאס איז א דבר השוה בכל הזמנים - און אין זמנים גופא איז דאך אויך דא כמה סוגים והתחלקות, שטייט מען אין דעם זמן פון (א) מוצאי שבת, (ב) ר"ח, (ג) ר"ח אייר.

אין אלע דריי ענינים הנ"ל זעט מען אז ס'איז דא א חיבור פון צוויי הפכים (און דערנאך קומט צו דער חיבור פון אלע דריי ענינים). והביאור בזה:

בנוגע צו מוצאי שבת: וויבאלד אז דאס ווערט אנגערופן "מוצאי <u>שבת</u>", איז פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות צו שבת, ובפרט לויט ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו[46] אז דעמולט איז מען מלוה את המלך, און מ'איז מלוה די מלכה[47], וואס דאס גייט אויף דעם שבת - וואס ווען איז שייך צו זאגן אז מ'איז מלוה דעם מלך (דעם שבת), דוקא ווען מ'געפינט זיך <u>צוזאמען</u> מיטן מלך (ווארום אויב דער מלך געפינט זיך במקום אחד, און ער געפינט זיך במקום אחר, איז ניט שייך צו זאגן אז ער איז מלוה דעם מלך), ד.ה. אז דער ענין פון מוצאי שבת האט א שייכות מיט שבת;

אבער לאידך, איז דאס שוין <u>לאחרי</u> השבת, נאך הבדלה (וואס ערשט דעמולט איז די צייט פון מלוה מלכה), און ס'איז שוין יום הראשון פון ימות החול - וואס חול מיט שבת זיינען (ניט נאר צוויי באזונדערע זאכן, נאר) <u>הפכיות'דיקע</u> זאכן. ד.ה. אז אין דעם ענין פון מוצאי שבת זעט מען א חיבור פון צוויי הפכים, ימות החול מיט שבת.

- עד"ז -

---

44) ראה פרש"י לך לך טו, י. 45) דאה טושו"ע או"ח ס"ה. תו"א יתרו סז, ב. 46) ס"ש ס"ב. 47) ראה שיחת מוצאי ש"פ וארא ש.ז. ס"א ואילך.

עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון ר"ח: אין איין פרט איז ר"ח דער היפך הענין פון ימות החול מיט שבת, ווארום דער ענין פון ימות החול מיט שבת איז פארבונדן מיטן "שמש", משא"כ דער ענין פון ר"ח וואס ער איז פארבונדן מיט דער "לבנה"[48],

וואס "שמש" און "לבנה" זיינען הפכים זמ"ז, ווארום "שמש" איז משפיע אור צו דער "לבנה", און די "לבנה" איז מקבל אורה פון דעם "שמש" (מיט נאך כו"כ חילוקים וואס זיינען דא צווישן שמש און לבנה) - איז דערפון פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון ר"ח זעט מען א חיבור פון הפכים, שמש און לבנה (ווארום ר"ח איז דאך אדער בימות החול אדער בשבת).

עד"ז אויך אין דעם ענין פון ר"ח אייר: יום הראשון פון ר"ח אייר איז אויך דער יום השלשים פון חודש ניסן, ד.ה. אז ער איז מחבר די צוויי חדשים ניסן און אייר - וואס ניסן און אייר זיינען (ניט נאר באזונדערע חדשים, נאר) בכמה פרטים אויך הפכים:

ס'איז מבואר אין תורת החסידות[49], אז די עבודה פון חודש ניסן איז דער ענין פון אתכפיא, און די עבודה פון חודש אייר איז דער ענין פון אתהפכא.

וכמובן אויך בפשטות הענינים - ווארום חודש ניסן איז חודש הגאולה[50], וואס דער ענין הגאולה איז שייך דוקא ווען ס'איז דא די מציאות פון גלות, ווארום אויב ס'איז ניטא די מציאות פון גלות, איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון גאולה (וואס דאס איז ע"ד הענין פון אתכפיא):

משא"כ חודש אייר, וואס ער איז ניט דער חודש הגאולה (ער קומט ערשט נאך דעם חודש וואס ער איז "ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[51]) - אין דעם גאנצן חודש איז מען טאקע געווען אין א מעמד ומצב של גאולה, ס'איז אבער געווען א גאולה אין אן אופן אז ס'איז אינגאנצן ניט געווען שייך דער ענין הגלוה,

ווארום בשעת קי"ס איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים"[52] - כן תהי' לנו - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט איז שוין ניט געווען שייך דער ענין הגלוה, ווארום דער מקור אויף אלע ענינים של גלוה איז פון מצרים, ווי ס'שטייט אין מדרש[53] "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל", איז וויבאלד אז ביי קי"ס איז געווען

- "מצרים -

------------

48) ראה ג"כ שיחה ש"פ משפטים תשל"ד ס"ו. 49) לקו"ת במדבר ג, א. ובכ"מ. 50) ראה שמו"ר פט"ו, יא. 51) בא יב, א. 52) בשלח יד, ל. 53) ב"ר פט"ז, ה.

"מצרים (אלע ענינים פון מיצרים כו׳) <u>מת</u> על שפת הים", איז פארשטאנדיק אז בחודש אייר איז מען געשטאנען אין א מעמד ומצב אז ס׳איז אינגאנצן ניט שייך דער ענין הגלות (וואס דאס איז ע"ד הענין פון אההפכא).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ניסן און אייר זיינען הפכים זמ"ז - און אין דעם ערשטן טאג פון ר"ח אייר, ווערט דער חיבור פון ניסן מיט אייר (וויבאלד אז א׳ דר"ח אייר איז דער יום השלשים פון חודש ניסן), חיבור הפכים.

דערנאך קומט צו אין דעם שבת נאך אן ענין: כמדובר כמ"פ אז שבת איז מעלה ומשלים ניט נאר די ששה ימים שלפניו, נאר ער איז אויך מוסיף אין דעם יום השבת שלפניו.

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז, וויבאלד אז דער ענין השבת איז אז "מיני׳ מתברכין כולהו יומי"[54], אז די ששת ימי השבוע באקומען א ברכה און כח וחוזק פון יום השבה שלפניהם, איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳קומט דער שבת שלאח"ז, וואס ער איז מעלה אלע ששה ימים שלפניו, איז ער אויך מעלה די ברכה מיטן נתינת כח וואס דער שבת שלפניו האט אריינגעגעבן אין ימי השבוע, ובמילא איז פארשטאנדיק אז יום השבה איז מוסיף אויך אויף דעם שבה שלפניו.

וואס דאס איז אויך איינער פון די טעמים אויף וואס מ׳האט געזאגט[55] אז די השלמה פון דער ההוועדות פון אחש"פ וועט זיין במוצאי שבת שלאח"ז (אין דעם מוצאי שבת), וויבאלד אז יום השבת האט א שייכות און איז מוסיף אויף דעם שבת שלפניו.

יא. וכאמור לעיל אז אין דעם זמן זיינען דא כמה ענינים נפרדים, ובכמה פרטים זיינען זיי אויך הפכים זמ"ז, און אעפ"כ ווערן זיי נתאחד און זיי קומען אלע צוזאמען - וואס ע"פ ההקדמה האמורה לעיל, איז פארשטאנדיק, אז בפנימיותם ולאמיתתם זיינען זיי א נקודה אחת און אן ענין אחד.

ואדרבה, אין דערויף ווייזט זיך ארויס די גרויסקייט פון תורה ומצוותי׳, און די גרויסקייט פון א אידן אלס פרט, עאכו"כ די גרויסקייט פון אידן אלס כלל - אז מ׳פועל׳ט דעם ענין האחדות ניט נאר צווישן צוויי זאכן, נאר צווישן א ריבוי מופלג פון ענינים; און מ׳פועל׳ט דעם ענין האחדות ניט נאר צווישן ענינים וואס זיינען מעדניט ווי נפרדים זמ"ז, נאר אויך צווישן ענינים וואס לעיני בשר זיינען זיי <u>הפכים</u> זמ"ז - דורך דערויף וואס מ׳איז מגלה די נקודה

- המשותפת -

---

54) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 55) שיחת אחש"פ סי"ט.



<u>הנחת הת׳ בלהי מוגה</u>

המשותפת און די נקודה הפנימית וואס איז דא אין יעדער ענין שבנברא, וואס דאס איז דער כח הפועל בנפעל, די ג-טליכקייט שבזה,

וואס בשעת אז די ג-טליכקייט שבנברא קומט ארויס בגילוי - איז דאס גובר אויף די אלע ענינים של פירוד, און עס טוט אויף אז דער פירוד ווערט בטל, און אלע פרטים ווערן נתאחד און נכלל זב"ז, ואדרבה, די אלע פרטים זיינען גאר מוסיף אין דעם ענין האחדות.

יב. פון יעדער ענין וויל מען דאך ארויסנעמען א הוראה בנוגע לפועל - איז די הוראה דערפון:

ווען מ'גייט ארויס פון דעם "חודש של גאולה" און מ'גייט אריין אין "חדשי השנה"[56] (חדשי, לשון רבים) - דארף מען מיטנעמען פון חודש הגאולה דעם ענין הגאולה, א גאולה פון אלע מיצרים וגבולים, כולל אויך די מיצרים וגבולים דלמעלה, ביז צו מיצרים וגבולים באופן הכי נעלה, וואס העכער פון זיי איז דער ענין פון אחדות הפשוטה,

און דערנאך טראגט מען דאס אראפ און מ'טראגט דאס אריין בכל עניניו, אין אן אופן אז דאס זאל דורכנעמען כל עניניו פון תחלת היום ביז סוף היום, ובכל ענין גופא מתחלתו ועד סופו - אז אין זיי זאל זיין ניכר דער ענין פון "ה' אחד ושמו אחד".

וואס דאס קומט אראפ בפרטיות ובמיוחד דורך דעם ענין פון "אהבת ישראל" - ווארום וויבאלד אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית"[57], איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס ס'ווערט אחדות ביי אידן (וואס דאס איז דער ענין פון אהבת ישראל (כנ"ל ס"ה)), ווערט בדרך ממילא דער ענין האחדות אין שמים וארץ וכל צבאם.

און וויבאלד אז ווען ס'קומט ארויס בגילוי דארף מען טאן אין יעדער ענין באזונדער - איז פארשטאנדיק אז פון "אהבת ישראל" דארף דאס אראפקומען אין אלע איבעריקע ענינים, אז פון "אהבת ישראל" נעמט מען זיך גלייך צום ענין החינוך, וואס דער חינוך איז מיוסד אויף דעם ענין פון תורה,

און דער לימוד איז מביא לידי מעשה[58] - קומט דאס אראפ אין דעם ענין פון קיום המצוות, אנהויבנדיק פון מצות תפילין וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[59], און דערנאך

- אויך -

------------

56) דאה ד"ה החודש ה'ש"ת רפ"ה. 57) פרש"י ר"פ בראשית.
58) קידושין מ, ב. 59) שם לה, א.

אויך אין מצות מזוזה וואס זי איז שקולה כנגד כל המצוות[60],

און מ'האט אויף דערויף דעם עזר מלמעלה - דורך דעם ענין הצדקה, ביז אז ביי אים ווערט דער ענין פון "בית מלא ספרים", אז זיין גאנצער בית, זיין גאנצע מציאות, איז מלא ספרים, ווי גערעדט בארוכה כמ"פ.

וואס דאס טוט זיך אויף דורך דעם וואס מ'באלייכט די גאנצע וועלט (אנהויבנדיק פון דער אייגענער הויז) מיט נרות שבת קודש, וואס זיי זיינען דולק מערב שבת לערב שבת[61], ווארום דאס איז א כשר'ע הויז און א ריינע הויז, וואס דורך דערויף ווערט דאס אויך א הייליקע הויז, אז דארטן ווערט "ושכנתי בתוכם"[62] - דורך דעם ענין פון כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה.

און פון דער אייגענער הויז ווערט דאס נהפשט בכל העולם כולו, אז די גאנצע וועלט ווערט א דירה לו ית' בתחתונים,

און ס'ווערט דער ענין פון "אז אהפך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[63], במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

יג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ובראשי חדשיכם גו'.

* * *

יד. כמדובר כמ"פ אז דער עיקר איז אז ס'זאל אראפקומען בפועל ממש, כמאמר חכמינו במשנתם[64] "המעשה הוא העיקר", ד.ה. אז ס'איז ניט גענוג דאס וואס מ'טראכט במחשבה און מ'רעדט בדיבור, נאר עס דארף אראפקומען אין מעשה בפועל.

ובנוגע לפועל: אזוי ווי אין ארה"ב (ובמדינות דומות לה) איז איצטער התחלת הקיץ, וואס דעמולט הויבט זיך אן א זמן חדש אין סדר הלימודים, און עס הויבן זיך אן די הכנות צו מחנות קיץ, עלטערן הויבן אן פארשרייבן זייערע קינדער אין מחנות קיץ (מחוץ לעיר, און על כל היום, אדער באיזה אופן שיהי') - דארף מען דעמולט באווארענען אז די עלטערן זאלן פארשרייבן די קינדער אין א בית-ספר וואס איז על טהרת הקודש, ועאכו"כ אין א מחנה קיץ על טהרת הקודש.

- וכמובן -

---

60) סידור דהע, א. 61) ראה פרש"י חיי שרה כד, סז. לקו"ש ח"ש תשל"ו. 62) תרומה שם, ח. 63) צפני' ג, ט. 64) אבות פ"א מי"ז.

וכמובן אז נאך דערויף וואס די עלטערן זיינען שוין מחליט אין וועלכן בית-ספר אדער מחנה קיץ זיי זאלן פארשרייבן זייערע קינדער, איז שוין שווער צו איבערמאכן, וואס דערפאר דארף מען דאס באווארענען נאך איידער זיי פארשרייבן די קינדער.

און ווען ס'איז דא א ספק אויף איינעם צי מ'דארף אים באווארענען ער זאל פארשרייבן זיינע קינדער אין ערשטער וואס זיינען על טהרת הקודש, איז וויבאלד אז ביי יעדער ספק דארף מען גיין לחומרא, דארף מען אים באווארענען אויך על הספק.

וכאמור אז א מחנה קיץ על טהרת הקודש איז נאכמער נוגע ווי א ביה-ספר על טהרת הקודש, ווארום אין דעם זמן וואס די קינדער געפינען זיך אין דעם מחנה קיץ, איז ביי זיי ניטא דער ענין פון לימודי חול (עכ"פ ס'איז ניטא קיין חיוב צו לערנען לימודי חול), איז אויב דער מחנה קיץ איז ווי עס דארף צו זיין, קען מען דעמולט דורכנעמען דעם קינד (דעם אינגעלע אדער די מיידעלע) מיט לימודי קודש און מיט הנהגה קדושה ע"פ השו"ע במשך כל היום כולו, אן קיין ההערבות פון א חינוך וואס איז פארבונדן מיט ענינים וואס זיינען היפך דערפון, אפי' ניט קיין עניני הרשות, ווארום דער קינד געפינט זיך לגמרי אונטער דעם רשות פון הנהלת המחנה קיץ.

וואס דערפאר איז א מחנה קיץ נאכמער נוגע פון א בית-ספר, ווארום אין דעם בית-ספר געפינט מען זיך מערניט ווי שעות ספורות, משא"כ א מחנה קיץ וואס דארטן האט מען דעם קינד במשך כל היום כולו - איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען דאס איז א מחנה קיץ כדבעי, קען מען (במשך פון דער צייט וואס ער געפינט זיך אין דעם מחנה קיץ) מאכן פון דעם קינד א ברי' <u>הדשה</u> - אין דעם ענין פון תורה, וואס זי דארף זיין אין אן אופן פון "בכל יום ויום יהיו בעיניך <u>חדשים</u>"[65], ועד"ז במצוותי', עליהם נאמר "וחי בהם"[66].

- וואס דער פסוק "וחי בהם" שטייט אין דער פרשה וואס מ'האט געלייענט בשבת זו, און אין דעדויף זיינען דא צוויי פירושים:

א) דער פירוש הפשוט, אז ווען לעבט א איד הייס ראויים לשמם, אן אמה'ער אידישער לעבן - ווען דער לעבן איז "(וחי) <u>בהם</u>", אין תורה ומצוותי' (וואס וועגן דערויף רעדט זיך בתחלת הכתוב);

- ב) ווי -

------------

65) פרש"י תביא כו, טז. וראה ג"כ פרש"י יתרו יט, א. עקב יא, יג. 66) אחרי יח, ה.

ב) ווי דער מגיד[67] טייטשט אפ דעם פסוק, און דער צ"צ[68] איז דאס מבאר בארוכה, אז "וחי בהם" מיינט אז א איד כאפט לעבעדיק די מצוה אליין; ווען ווערט די מצוה (תפילין, ציצית, ס"ת וכיו"ב) לעבעדיק אין אן אופן פון חיים בשלימותם - ווען א איד טוט אן די תפילין, און ער טוט אן דעם ט"ק אדער ט"ג, און ער לערנט אין דער ס"ת (אדער אין די ספרים וואו ס'איז געדרוקט ענינים של תורה), וואס דוקא דעמולט ווערט די תורה אדער די מצוה בשלימותה.

טו. דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל ס'דארף זיין די השתדלות אין דעם ענין החינוך, סיי בנוגע צו בתי-ספר, ועאכו"כ בנוגע צו מחנות קיץ (כנ"ל), כמדובר כמ"פ בנוגע צו דעם זמן פון ההחלת הקיץ, ועד"ז אויך בנוגע לשנה זו.

ואדרבה, בש.ז. איז דאס נאכמער נוגע, ווארום וויבאלד אז ס'איז געווארן מיט א יאר נענטער צו דער גאולה וואס "מיד הן נגאלין", איז דעמולט א הכרח אז ס'זאל ניט בלייבן קיין איין אידישעד קינד אין דעם גלות פון חינוך בלתי רצוי.

וואס אפי' אויב ס'רעדט זיך ניט וועגן א חינוך וואס האט ענינים הסותרים, מערניט ווי עניני הרשות (ניט דער היפך ח"ו) - איז דאס אבער נאך אלץ ניט דער חינוך הרצוי, ווארום וויבאלד אז יעדער איד איז דאך בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה [כידוע תורת הבעש"ט בזה[69]], איז פארשטאנדיק, אז א בן מלך בכלל, עאכו"כ בנו יחידו של המלך, עאכו"כ בנו יחידו של ממ"ה הקב"ה, דארף באקומען אלץ וואס מ'קען אים נאר צושטעלן (אין דעם ענין החינוך) ווי עס פאסט פאר א בן מלך,

וואס דעמולט איז אפי' אויב מ'גיט אים א סעודה כסעודת שלמה בשעתו, איז דאס אויך ניט מספיק, כפס"ד המשנה[70], עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן ענינים רוחניים, בנוגע צו מזון הגוף והנשמה גם יחד, וואס דאס איז אידישקיים, תורה ומצוותי'.

ובפרט אין דעם זמן פון ימי הילדות, וואס דעמולט איז דער ענין החינוך נוגע ביותר, ביז צו דעם זמן וואס "כי יזקין", אז בשעת ער וועט באקומען א חינוך כדבעי, איז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[71].

און ווי מ'זעט בפשטות, אז בשעת מ'זייט איין א גרעין בארץ, איז יעדער קליינע הטבה (ווי עס ווייזט זיך אויס אז

- ס'איז -

---

67) או"ת להה"מ לח, ג. 68) אוה"ת אחרי ע' ק. 69) כש"ט (קה"ת) הוספות אות קלד. 70) ב"מ פג, א. 71) משלי כב, ו.

ס'איז מערניס ווי א קליינע הטבה) וואס ווערט אין דעם גרעין, ברענגט א שינוי גדול ועיקרי אין דעם אילן וואס וואקסט אויס פון דעם גרעין, און אין די פירות ופירי פירות וואס וועלן וואקסן פון דעם אילן.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין החינוך פון ימי הילדות, אז יעדער קליינע הטבה אין דעם חינוך, ברענגט דערנאך צו א שינוי גדול ווען דער קינד וואקסט אויס[72].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל ההשתדלות וואס דארף זיין אין דעם ענין החינוך, אפי' ווען ס'ווייזט זיך אויס אז דאס וועט פועל'ן מערניס ווי אויף די דריי וואכן (אדער אויף א גרעסערן זמן, אדער אפי' אויף א קלענערן זמן) פון דעם מחנה קיץ, און אפי' אז בלאה"כ וואלט ער אריינ-געגעבן דעם קינד אין א מחנה קיץ וואס איז ניט אין אן אופן הפכי, ס'איז מערניס וואס אין דעם מחנה קיץ וועט זיין א הטבה און א הוספה אין דעם חינוך -

דארף מען וויסן אז אל תהי בז ליום קטנות[73], מ'זאל ניט קוקן אויף דעם ווי עס ווייזט זיך אויס אז דאס איז מערניס ווי א הטבה קטנה, ווארום ס'רעדט זיך דאך וועגן אן ענין פון תורה ומצוותי', איז "לא תהא יושב ושוקל במצוותי' של תורה"[74], ווארום ס'קען זיין אז די קלה שבקלות איז נאכמער נוגע ווי די חמורה שבחמורות; ועאכו"כ אז לויט די דוגמא האמורה פון א גרעין, איז פארשטאנדיק, אז א קליינע הטבה אין דעם חינוך קען פועל'ן און ס'פועל'ט א שינוי עיקרי לכשיגדל ויזקין.

טז. עד"ז איז אויך בנוגע צו אלע איבעריקע ענינים פון אידישקייט, תורה ומצוותי' - וואס בשעת מ'רעדט מיט זיך וועגן די ענינים, שטייט מען אין א מעמד ומצב אז דער ראש שלו איז משפיע ומהנך אלע איבעריקע אברים אז זיי זאלן זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין (ע"ד ענין החינוך), דארף זיין אין דערויף די השתדלות נאכמער ווי ס'איז געווען ביז איצטער.

וואס דאס איז בנוגע צו דעם ענין פון אהבת ישראל, און בנוגע צו דעם ענין החינוך, ועד"ז בנוגע צו אלע צען ענינים כלליים, וואס דערנאך טיילן זיי זיך פאנאנדער אויף כל עניני טוב וקדושה.

וכאמור אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין החינוך (וויבאלד ער איז מהנך אלע אברים אז זיי זאלן זיך פירן ווי

- עס -

------------

72) ראה שיחת עשרה בטבת ס"י. וש"נ. 73) ראה זכרי' ד, י. 74) דב"ר פ"ו, ב. תנחומא עקב ב.

עס דארף צו זיין) - עאכו"כ ווען מ'רעדט וועגן דעם און מ'טוט מיט א צווייטן אידן, וואס דעמולט איז נאכמער בהדגשה דער ענין החינוך.

יז. און מ'האט אויף דערויף א סיוע מיוחד - וויבאלד אז מ'קומט ערשט פון ימי הפסח:

דער ענין פון "פסח" איז, אז דעמולט איז געווען "ופסח ה'"[75], דער אויבערשטער האט איבערגעשפרונגען אויף אלע ענינים; און וויבאלד אז "צדיקים דומים לבוראן"[76], און "ועמך כולם צדיקים"[77], איז פארשטאנדיק אז מ'גיט יעדער אידן דעם כח צו מאכן א שפרונג פון זיין הרגל בלתי רצוי, און אפי' פון דעם הרגל רצוי וואס איז ביי אים שוין געווארן א טבע (דאס איז א הנהגה טבעית טובה),

ווארום וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן עניני טוב וקדושה, וואס זיי האבן ניט קיין הגבלה, ווארום זיי זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן וואס ער איז א"ס, איז פארשטאנדיק, אז אלעמאל קען זיין דער ענין פון "מעלין בקודש"[78], און וויבאלד אז ס'קען זיין דער ענין פון "מעלין בקודש", דארף זיין דער ענין פון "מעלין בקודש",

ביז אין אן אופן אז די עלי' איז ניט קיין עלי' מדרגא לדרגא, נאר אן עלי' אין אן אופן פון דילוג וקפיצה, אן עלי' אין אן אופן וואס איז שלא בערך, בדוגמא ווי ס'איז געווען בפסח, אז מ'איז ארויסגעשפרונגען פון ארץ מצרים, ערות הארץ[79], צום מעמד ומצב פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[80], און אין אן אופן פון "לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה"[81].

און וויבאלד אז מ'גיט אויף דערויף די כחות, איז נוסף לזה וואס ער דארף דאס טאן דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי אנגעזאגט, קומט נאך צו דער ענין וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן כחות מיוחדים, וואס אויב ער טוט דאס ניט, אדער ער טוט דאס ניט בשלימות, קומט אויס אז די כחות נוספים וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן ווערן ניט אויסגענוצט, וואס דאס באווייזט אויף העדר הכבוד והעדר היחס והערכה צום אויבערשטן וואס ער האט אים געגעבן די כחות כדי ער זאל זיך משתמש זיין דערמיט.

און וויבאלד אז יעדער איד איז בחזקת כשרות[82], ובפרט קומענדיק פון פסח וואס דעמולט איז געווען לידת עם ישראל,

- כמבואר -

------------

75) בא שם, כג. 76) ב"ר פס"ז, ח. ועוד. 77) ישעי' ס, כא. 78) ברכות כח, א. וש"נ. 79) מקץ מב, יב. 80) בשלח שם, ח. 81) ירמי' ב, ב. 82) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

כמבואר אין נבואת יחזקאל בארוכה[83], איז דעמולט יעדער איד כקטן שנולד דמי[84] - איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ער איז איצטער געווארן א ברי' חדשה, דארף ער זיך אינגאנצן ניט רעכנען מיטן עבר, און ער קען גייז לבטח דרכו, און גייז אין אן אופן פון עלי' מחיל אל חיל, ביז צו אן עלי' אין אן אופן וואס איז שלא בערך.

יח. און דעמולט האט מען א געזונטן און הצלחה'דיקן און פריילעכן זומער, ווארום דאס איז א אידישער זומער,

און מ'פארבינדט דאס גלייך דערמיט וואס אין דעם ערשטן שבת שלאחרי הפסח (שבתות הקיץ) הויבט מען אן זאגן "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב"[85], וואס דאס איז פארבונדן (ווי מ'זאגט גלייך אין התחלת פרק הראשון פון פרקי אבות) מיט די שלשה דברים שעליהם העולם עומד, תורה עבודה און גמ"ח, וואס דאס זיינען די ענינים כלליים וועלכע זיינען כולל כל התורה ומצוותי', און אויך דעם ענין פון "כל[86] מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל[87] דרכיך דעהו"[88].

און מ'רערשרעקט זיך ניט דערפון וואס ס'איז דא אזויפיל תורה און מצווה (וואס לכאו' קען ער טראכטן ווי אזוי וועט ער זיך אויספראווען מיט אזויפיל תומ"צ) - ווי מ'איז מסיים לאחרי אמירה הפרק מיט דער משנה[89] "רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תומ"צ", ד.ה. אז דער ריבוי פון די תומ"צ איז "<u>לזכות</u> את ישראל", ס'איז אן ענין של זכות פאר אידן, כמבואר בארוכה אין מפרשי המשנה[90].

און דעמולט גייט מען מקבל זיין די תורה - ווארום דאס זיינען דאך די ימים שבין פסח לעצרת, וואס אנהויבנדיק פון יצי"מ הויבט זיך שוין אן די הכנה צו מ"ת, ווי ס'שטייט[91] "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", און דערנאך גייט דאס אין איין המשך פון "שבע שבתות תמימות תהיינה"[92] - וואס די הכנה צום "תעבדון את האלקים על ההר הזה" (דער ענין פון כ"ת) איז שוין אויך אן ענין פון עבודת אלקים (ווען די הכנה איז באופן המתאים).

וכן יהי' לנו - אז אזוי וועט זיין הנהגה כאו"א,

- אנהויבנדיק -

---

83) קאפיטל טז. וראה במפרשים שם. 84) ראה לקו"ש חגה"פ ש.ז. ס"ב ובהע' 6. 85) סנהדרין רפי"א. 86) אבות פ"ב כי"ב. 87) משלי ג, ו. 88) ראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז סקנ"ו ס"ב. 89) מכות כג, רע"ב במשנה. 90) פרש"י שם ד"ה לזכות את ישראל. 91) שמות ג, יב. 92) אמור כג, טו.

אנהויבנדיק פון התחלת ימות החול, און דערנאך אין המשך ימות החול, ביז צו אלע "שבע שבתות", אז זיי וועלן זיין אין אן אופן פון "תמימות", און אין אן אופן פון "לכם", אז א איד פילט אז דאס איז זיינע א זאך, וואס דעמולט נעמט דאס אים דורך אינגאנצן.

און דעמולט האט מען אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון מ"ה וואס איז דא בכל יום ויום, ווי דער לשון הברכה "נותן התורה", לשון הווה[93], וכמרז"ל[94] "כל ה"ח שקורא ושונה הקב"ה קורא ושונה כנגדו", אז ווען א איד לערנט תושב"כ ("קורא") אדער תושבע"פ ("שונה"), איז הקב"ה קורא ושונה כנגדו, דער אויבערשטער לערנט און גיט נאכאמאל תושב"כ און תושבע"פ.

יט. און בקרוב ממש וועט מען זעהן די הוצאה וואס קומט ארויס דערפון - אז "אם בחוקותי תלכו (שתהיו עמלים בתורה) ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם"[95], וועלן דעמולט מקוים ווערן אלע ברכות וואס מ'רעכנט אויס אין די פסוקים שלאח"ז, ביז צו דער ברכה העיקרית "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[96], וואס "שלום שקול כנגד הכל"[97], אז וואו א איד געפינט זיך וועט זיין דער ענין פון שלום, עאכו"כ אין "בארץ" כפשוטה, אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[98].

וואס דאס ווערט דורך דעם וואס א איד פירט זיך אין אן אופן פון "קוממיות" מצד דערויף וואס "ואולך אתכם קוממיות"[99], דער אויבערשטער וויל און גיט כח יעדער אידן ער זאל שטיין אין אן אופן פון "קומה זקופה"[100], אז ער ווערט ניט נתפעל פאר אלע רוחות המנשבות בעולם, און ווערט ניט נתפעל פאר אלע שטותים והבלים וואס "רגשו גוים ולאמים יהגו ריק"[101], נאר ער האלט זיך אן אין דעם אויבערשטן, אין אן אופן פון "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם"[102],

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "ונפלו אויביכם לפניכם"[103], ביז צו דעם ענין פון "וחרב לא תעבור בארצכם"[96], אפי' חרב של שלום[104].

און ס'וועט זיין דער ענין פון שלימות הארץ לגבולותי',

- לויט -

---

93) לקו"ת תזריע כג, א. ובכ"מ. 94) ראה תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד. 95) בחוקותי כו, ג ובפרש"י. 96) שם, ו. 97) תו"כ ופרש"י עה"פ. 98) עקב יא, יב. 99) בחוקותי שם, יג. 100) פרש"י שם. 101) תהלים ב, א. 102) בחוקותי שם, יב. 103) שם, ח. 104) תענית כב, ב.

לויט ווי אה"ק איז געגעבן געווארן אין אן אופן פון נחלת עולם צו יעדער אידן און אלע אידן, מיט אלע גבולות כמבואר אין תורתנו "תורת אמת" - און דאס וועט נאך זיין אין די לעצטע טעג פון גלות,

און צוזאמען מיט דעם ענין פון שלימות התורה, אז אידן וועלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם", שלימות התורה ומצוותי', און צוזאמען מיט דעם ענין פון שלימות העם,

וואס די דריי שלימות'ן, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די שלשה עמודים שעליהם העולם עומד, וועלן ברענגען די עמידה און דעם קיום ותוקף העולם, ווי ער איז מסיים דעם ערשטן פרק פון פרקי אבות "על שלשה דברים העולם קיים", נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות - וואס דאס איז די איינציקע וועג צו פועל'ן דעם ענין פון שלום בעולם נאך אין זמן הגלות.

און דאס וועט זיין די הכנה צו דער גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו - דורך דערויף וואס אידן האלטן זיך (נאך זייענדיק אין גלות) אין אן אופן פון "קוממיות",

בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז נאך זייענדיק אין מצרים זיינען אידן געשטאנען "ביד רמה", וואס דערפאר איז געווען "ובנ"י יוצאים ביד רמה", אז די יציאה גופא איז געווען אין אן אופן פון "ביד רמה",

כן תהי' לנו, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה.

כ. כאן הזמן אויף משלים זיין עכ"פ א חלק פון די נקודות וואס האבן זיך גערעדט אין דער התוועדות פון אחש"פ:

בנוגע צו דעם מאמר (ד"ה כימי צאתך) - האט מען דאך געפרעגט: וואס איז דער קשר צווישן דעם ענין וואס מ'האט דערבאנט אז דער סיפור פון יצי"מ דארף זיין "בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך"[105], מיט די ענינים וואס האבן זיך גערעדט אין דעם מאמר?

איז דער ביאור בזה: כללות הנקודה פון דעם מאמר איז אויף דעם ענין פון "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[106],

- וואס -

------------

105) נוסח ההגדה ממכילהא עה"פ בא יג, ח. 106) מיכה ז, טו.

וואס אין זהר[107] טייטשט ער אפ אז "כימי צאתך גו'" גייט אויף אלע טעג שלאחרי ט"ו ניסן בשנה הראשונה לצאתם מארץ מצרים, ביז צו דער גאולה העתידה - וואס די אלע טעג פארגלייכט מען צו דעם ענין פון "אראנו נפלאות" וואס וועט זיין אין דער גאולה העתידה.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק אז אין "ימי צאתך מארץ מצרים" ווערן אויך נכלל די טעג פון זמן הגלות - איז ווי קען מען פארגלייכן דעם זמן הגלות וואס דעמולט איז א חושך כפול ומכופל, צו דעם ענין פון "אראנו נפלאות" וואס וועט זיין לע"ל?

איז דער ביאור בזה: אויך אין זמן הגלות, און אין דעם חושך כפול ומכופל, זיינען דא ענינים פון נסים, ס'איז מערניט אז דאס איז אין אן אופן פון "אותותינו לא ראינו"[108], וואָרום דאס איז אין אן אופן פון "עושה נפלאות (גדולות) לבדו"[109], דאס זיינען נסים ונפלאות אין אן אופן אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו"[110], נאר דער אויבערשטער אליין, "(עושה נפלאות (גדולות)) לבדו", ווייסט דערפון.

ד.ה. אז באמת זיינען דא נסים ונפלאות (בדוגמא ווי ס'איז געווען אין יצי"מ) בכל יום ויום [ביז אז דאס וואס מ'זאגט אין דער הגדה[111] אז "בכל דור ודור" איז דא דער ענין פון יצי"מ, איז בפרטיות יותר, מיינט מען אויך "בכל יום ויום"[112]], נאר זיי זיינען אין אן אופן אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו", נאר "עושה נפלאות (גדולות) לבדו".

און דערפאר קען מען זאגן אז דאס וואס מ'לערנט אפ פון "ימי צאתך מארץ מצרים" אויף לע"ל ("כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"), גייט אויך אויף די טעג פון זמן הגלות, און חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא - וואָרום אויך דעמולט זיינען דא נסים ונפלאות (נאר זיי זיינען אין אן אופן פון "עושה נפלאות (גדולות) לבדו").

ואדרבה, ס'איז גאר דא א מעלה אין די נסים המלובשים בטבע, וואס אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו, נאר "עושה נפלאות (גדולות) לבדו", לגבי די נסים וואס זיינען למעלה מהטבע (ע"ד די נסים וואס זיינען געווען ביי יצי"מ) - וויבאלד אז די נסים המלובשים בטבע נעמען זיך פון "לבדו", פון עצמות ומהות.

- כא. -

---

107) ח"ג קעו, א. 108) תהלים עד, ט. 109) שם עב, יח. 110) נדה לא, א. 111) מפסחים קטז, ב במשנה. 112) ראה תניא רפמ"ז.

כא. האמור לעיל (אז אויך בזמן הגלות זיינען דא נסים וואס זיינען מלובש אין טבע, וואס זיי נעמען זיך פון "לבדו") קומט ארויס און איז ניכר אין עבודת האדם, אין דעם תנאי און הגדרה פון "בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך". והביאור בזה:

לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן דעם ענין פון "מצה ומרור מונחים לפניך"; ס׳איז דאך דא א כלל אין תורה (און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין שו"ע שלו[113]) אז "כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה"[114], און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[115] דאס וואס ס׳שטייט אין מדרש תנחומא[116] אז דורך דעם וואס מ׳איז זיך עוסק אין "צורת הבית ותכונותיו ומוצאיו ומובאיו גו׳"[117], איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית" -

איז צוליב וואס דארף מען האבן "מצה ומרור מונחים לפניך", לכאו׳ איז גענוג אז ער וועט לערנען וועגן מצה און מרור (מיטן גאנצן שטורעם ווי מ׳דארף לערנען תורה), און וויבאלד אז "כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה", איז עד"ז אויך בנוגע צו מצה און מרור, איז צוליב וואס דארף מען האבן "מצה ומרור מונחים לפניך" בפועל?

ובפרט ע"פ המבואר אין קו"א[118] אז "כשתופס האתרוג כו׳ ה"ז תופס ממש חיותו המלובש בו מנוקבא דאצילות כו׳", און דערנאך איז ער מוסיף אז עד"ז איז אויך "בלימוד הלכות אתרוג", אז דורך דעם איז ער "משיג ותופס האתרוג ממש כו׳",

[ניט אזוי ווי בשעת ער איז מכוון די כוונות פון אתרוג, וואס דעמולט איז "איננו משיג ותופס כו׳ אלא מציאותה ולא מהותה", משא"כ ווען ער לערנט די הלכות פון אתרוג, וואס דעמולט איז ער "משיג ותופס האתרוג ממש"], ועד"ז אויך ווען ער לערנט "סודות המצוה", ווארום דאס איז פונקט ווי ער לערנט די הלכות פון דער מצוה - און ווי ער זאגט דארטן אז דורך לימוד ההלכות איז ער "משיג ותופס המהות ומעלה עליו כאילו קיים בפועל ממש כמ"ש זאת התורה כו׳";

און אעפ"כ, איז מען מדגיש אז סיפור יצי"מ דארף זיין דוקא "בשעה שיש פסח מצה ומרור מונחים לפניך", וואס דאס איז געווען בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים[119], און אין זמן הגלות איז עכ"פ "מצה ומרור מונחים לפניך" - און ס׳איז ניט גענוג

- אז -

---

113) או"ח מהדו"ב ס"א ס"ט. מהדו"ק ס"א סי"א. ועוד.
114) מנחות קי, א. 115) שיחת אחש"פ סי"ח. 116) צו יד. וראה ג"כ ויק"ר פ"ז, ג. יל"ש יחזקאל רמז שפב.
117) יחזקאל מג, יא. 118) קנו, ב. 119) שבה"ל סרי"ה.

אז מ'וועט לערנען וועגן מצה און מרור.

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק דערפון גופא וואס דער אלטער רבי ברענגט די ראי' דערפון וואס ס'שטייט "זאת התורה":

ווען זאגט מען אז "כל העוסק בתורה עולה כאילו הקריב עולה" - דוקא ווען ער האט ניט קיין מעגליכקייט צו מקריב זיין עולה בפועל.

ביז אז אפי' ווען ער האט ניט די מעגליכקייט צו מקריב זיין בפועל און ער איז זיך עוסק בתורת עולה, זאגט אבער די גמרא[120] אז ר"י "כתב על פנקסו כו' לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ר"י האט דאך זיכער געלערנט די הלכות פון חטאת, איז צוליב וואס דארף ער דערנאך (כשיבנה ביהמ"ק) ברענגען חטאת שמינה, דער לערנען הלכות חטאת איז דאך "כאילו הקריב חטאת"? - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט "כאילו הקריב עולה", איז דוקא ווען ס'איז ניטא קיין מעגליכקייט צו מקריב זיין עולה; ווען ס'וועט אבער זיין די מעגליכקייט, דארף ער גיין און מקריב זיין בפועל, און ס'איז ניט גענוג וואס ער האט געלערנט תורת עולה[121].

וואס דער ביאור בזה (פארוואס מ'דארף טאקע אנקומען צו דער הקרבה בפועל, און ס'איז ניט גענוג דאס וואס ער לערנט תורת עולה) איז פארשטאנדיק פון די דרושים וואס זיינען מבאר די מעלה וואס איז דא אין דעם ענין פון גשמיות דוקא, מעלת הגוף על הנשמה, די מעלה וואס איז דא אין גשם העולם לגבי די גשמיות פון א אידן וואס דערפאר זאגט מען "כי לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי ה' (וואס איז דא אין דעם לחם) יחי' האדם"[122], אע"פ אז ס'איז דא דער "מוצא פי ה'" אין דעם אדם אליין[123] - און די מעלה וואס איז דא אין די נסים המלובשים בטבע (אין גשמיות), וואס זיי זיינען אין אן אופן פון "עושה נפלאות (גדולות) לבדו", לגבי די נסים הגלויים.

און דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון דעם ענין פון "בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך", מיטן תוכן המאמר, וואס דארטן רעדט זיך וועגן די מעלה פון די נסים המלובשים בטבע - ווארום די מעלה פון די נסים המלובשים בטבע (אז זיי

- נעמען -

---

120) שבת יב, ב. 121) ראה שו"ת לב חיים (לר"ח פאלאג'י) ח"א או"ח סכ"ס. 122) עקב ח, ג. 123) ראה לקו"ת צו יג, ב. ובכ"מ.

נעמען זיך פון "לבדו", עצמות ומהות) איז פארבונדן מיט מעלת הגשמיות (ווארום די נסים זיינען מלובש אין טבע, אין גשמיות), און די מעלה פון גשמיות קומט ארוים בפועל אין דעם ענין פון "בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך" בפועל, און ס'איז ניט גענוג דער לימוד וועגן מצה ומרור, כנ"ל בארוכה.

כב. האמור לעיל (וועגן די מעלה וואס איז דא אין דעם ענין הגשם) איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס ס'האט זיך גערעדט אין דעם מאמר, אז די הכנה צו זעהן מהות הנס בגילוי, האט זיך אויפגעטאן דורך דעם קושי הגלות פון גלות מצרים:

ס'איז מבואר אין די דרושים[124] דער הכרת הענין פון גלות מצרים און כור הברזל, אז דורך דערויף האט מען מברר געווען און מזכך געווען גשמיות העולם, און דאס האט גע'פועל'ט אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון מ"ת, אין אן אופן אז ס'זאל דורכנעמען (אויך) גשמיות העולם.

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער מעלה וואס איז דא אין דעם ענין הגשמיות - און דערפאר איז דאס די הכנה צו זעהן מהות הנס בגילוי, ווארום די מעלה וואס איז דא אין די נסים המלובשים בטבע, וואס דארפן זעט מען מהות הנס בגילוי, איז פארבונדן מיט מעלת הגשמיות (כנ"ל סכ"א).

וואס דער ביאור איז נוסף להמבואר בכ"מ, אז דוקא דורך דעם ענין היגיעה קען מען צוקומען צו אמיתית נקודת החכמה, כמרז"ל[125] "יגעתי (דוקא) ומצאתי", וכמבואר בארוכה אין המשך תרס"ו[126] אז דוקא דורך דעם ענין פון יגיעה, "איגון דרחקין למלה דחוכמתא"[127], קומט מען צו צו דעם ענין פון "עדן" וואס "עין לא ראתה אלקים זולתך"[128] -

וואס דער ענין היגיעה איז בדוגמת קושי הגלות וואס איז געווען אין גלות מצרים, ועד"ז אויך איצטער - דורך דער יגיעה אין "חומר דא ק"ו, ובלבנים דא ליבון הלכתא"[129], כמבואר בארוכה אין תו"ת ר"פ שמות[130] אויף דעם פסוק[131] "ואנכי אעלך גם עלה".

כג. מ'האט מבאר געווען אין דעם מאמר, אז די נסים המלובשים בטבע, ביז אין אן אופן וואס "אפילו בעל הנס אינו מכיר

- בנסו" -

------------

124) תו"א יתרו עד, סע"א ואילך. ובכ"מ. 125) מגילה ו, ב. 126) ע' עח. וראה ג"כ המשך תער"ב ח"ב פ' שסג.
127) זח"א קל, ב. 128) ישעי' סד, ג. 129) זח"ג קנג, א.
130) א, ב ואילך. תו"א ואוה"ת ר"פ שמות. 131) ויגש מו, ד.

בנסו", נאר "עושה נפלאות (גדולות) לבדו", ער אליין ווייסט
דערפון, נעמען זיך פון עצמות ומהות.

וואס עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען
מעלים זיין אויף א נס וואס נעמט זיך פון עצמות ומהות? איז
דער ביאור בזה: אז דארטן איז מהות הנס בגלוי, ווארום ער
פארשטייט בשכלו ווי אזוי איז געווארן דער נס, משא"כ אין
די נסים שלמעלה מהטבע, וואס דארטן איז נאר מציאות הנס
בגלוי, אבער ניט מהות הנס, ווארום ער פארשטייט ניט בשכלו
ווי אזוי האט דער למעלה מהטבע גע'פועל'ט אין דעם טבע.

האט מען אויף דערויף מעורר געווען, אז לכאו' איז נאך
אלץ ניט פארשטאנדיק: אע"פ אז מהות הנס איז בגלוי (ווארום
ער פארשטייט ווי אזוי איז געווארן דער ענין), איז דאך
אבער דער טבע מכסה אויף דעם ענין הנס שבזה, ווארום עס
ווייזט זיך אויס אז דאס איז אן ענין טבעי, בלייבט לכאו'
די שאלה ווי אזוי קען דער טבע מכסה זיין אויף א נס וואס
נעמט זיך פון עצמות?

איז דער ביאור בזה: דער פרט אז דאס איז א "נס", איז
דאס ניט דער ענין פון עצמות; דער ענין פון עצמוה איז דאס
וואס ס'איז דא דער ענין במציאות כך וכך, אבער דאס וואס
דאס איז אין אן אופן של נס אדער אין אן אופן של טבע, איז
דאס פארבונדן מיט גילויים והארות (ניט מיט עצמות).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון טבע
איז מכסה נאר אויף דעם פרט וואס דאס איז א נס, אבער עצם
ומהות הענין, וואס דאס איז דער ענין פון עצמות, אויף
דערויף קען מען ניט מכסה זיין, און דאס שטייט בגילוי
(ס'איז מערניט אז ס'איז דא א נפק"מ אין גילויים, צי דאס
קומט באופן ניסי אדער דאס קומט באופן טבעי).

און עפ"ז איז פארשטאנדיק די מעלה וואס איז דא אין
נסים המלובשים בטבע לגבי די נסים שלמעלה מהטבע: די נסים
שלמעלה מהטבע, נסים גלויים, זיינען אין אן אופן של
"נפלאות", ד.ה. אז דער מהות פון דעם נס איז נפלא ומופרש
ומובדל פון ידיעתו והשגתו, ער ווייסט נאר די מציאות פון
דעם נס, אבער ניט דעם מהות; משא"כ אין די נסים המלובשים
בטבע, וואס דארטן איז מהות הנס בגילוי (ווארום דער טבע
איז מכסה מערניט אויף דעם פרט וואס דאס איז א נס (אן ענין
של גילויים), אבער מהות הנס, דער ענין פון עצמות, איז
בגילוי).

ועד"ז געפינט מען אויך אין כללות התהוות היש, אז
ס'איז דא דער ענין וואס דער יש נעמט זיך פון עצמות,

- כמבואר -

כמבואר אין אגה"ק[132] אז דוקא "מהותו ועצמותו של המאציל ב"ה שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו . . הוא לבדו בכחו ויכלתו לברוא יש מאין כו׳"; און דערנאך זיינען דא די פרטים פון דעם יש (ניט עצם התהוותו), וואס זיי זיינען פארבונדן מיט ענינים וואס זיינען נידעריקער פון עצמות ומהות,

בדוגמא ווי געררעדט פריער אז ס׳איז דא דער עצם המציאות פון דעם נס, וואס דאס נעמט זיך פון עצמות ומהות (ע"ד ווי עצם ענין ההתהוות), און דערנאך איז דא דער אופן ווי דאס קומט ארויס בפועל, צי באופן נסי אדער באופן טבעי, וואס דער ענין איז פארבונדן מיט אן ענין של גילויים, ניט מיט דעם ענין פון עצמות.

כד. דרך אגב - וויבאלד מ׳האט דערמאנט אז אין דעם ענין ההתהוות זיינען דא צוויי ענינים (עצם ההתהוות, און די פרטים שבזה) - איז דא אין דערויף א דבר נפלא:

ס׳איז מבואר בכ"מ אז אין יעדער ענין וואס איז נתהווה געווארן זיינען דא צוויי ענינים: ס׳איז דא דער ענין פון "בדבר ה׳ שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם"[133], און ס׳איז דא דער ענין פון "כל אשר חפץ ה׳ עשה"[134].

ס׳איז אבער דא א נפק"מ ווי דער ענין ווערט נתבאר אין דרושי חנוכה לגבי ווי דאס ווערט נתבאר אין דרושי פורים:

אמאל[135] איז מבואר, אז אזוי ווי אין יעדער נברא זיינען דא די צוויי ענינים פון חומר וצורה - איז דער חומר פון דעם נברא געווארן "בדבר ה׳" - דורך דעם מאמר "יהי רקיע"[136] איז באשאפן געווארן דער חומר פון דעם רקיע, ועד"ז כיו"ב; אבער די צורה פון דעם נברא איז באשאפן געווארן (ניט פון "דבר ה׳", ווארום אין דעם דיבור "יהי רקיע" שטייט דאך ניט ווי אזוי זאל זיין די צורה פון דעם רקיע, נאר) פון "כל אשר חפץ ה׳ עשה", פון "חפץ ה׳".

אבער במקום אחר[137] איז מבואר באופן הפכי: דער חומר פון דעם נברא איז נתהווה פון "חפץ ה׳" - ווארום זיין ההוות איז אין אן אופן פון "יש מאין", און דער ענין ההתהוות יש מאין קען זיין דוקא דורך עצמות ומהות וואס

- "אין -

------------

132) ס"כ (קל, ב). 133) תהלים לג, ו. 134) שם קלה, ו. 135) תו"א ד"ה נר חנוכה (מא, ד ואילך). אוה"ת חנוכה (כ"ה) תתקמד, ב ואילך. 136) בראשית א, ו. 137) תו"א מג"א צב, ב ואילך. שערי אורה עח, א ואילך. הוספות לאוה"ת מגילת אסתר ע׳ ט ואילך.

"אין לו עילה וסיבה שקדמה לו ח"ו" - וואס דאס שטייט בגילוי אין "חפץ ה׳" און דאס איז בשמים ובארץ בשוה, ווי ס׳שטייט[138] "את השמים ואת הארץ אני מלא", וואס דאס גייט אויף דער ההוות פון סוכ"ע, וואס איז בשמים ובארץ בשוה[139];

משא"כ די פרטים שבההתהווה, די צורה וכו׳ - דאס ווערט ווען ס׳קומט אראפ אין מלכות, וואס דערפון קומט ארויס די ההחלקות פון אלע פרטים וואס זיינען דא אין שמים וארץ וכו׳, וואס דאס איז דער ענין פון "דבר ה׳" (דיבור - מלכות).

און אין דערויף זעט מען א דבר פלא: אין דרושי חנוכה (אנהויבנדיק פון דרושי חנוכה שבתו"א[135]), איז אלעמאל מבואר כאופן הא׳ (אז די התהוות החומר איז פון "דבר ה׳", און התהוות הצורה פון "חפץ ה׳"), און דערפון ווערט אויך נמשך אין קונטרס עה"ח[140] (ובדרושי רבותינו נשיאינו וואס זיינען מבאר די ענינים);

און אין דרושי פורים (ד"ה יביאו לבוש מלכות[137]), איז אלעמאל מבואר כאופן הב׳.

כה. מ׳האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[141] וועגן דעם ענין פון תוספת שבת - אז אין גמרא[142] (ועד"ז ווערט אויך אראפגעבראכט דער פס"ד אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע[143]) לערנט מען אפ דעם ענין פון תוספת שבת פון דער הוספה וואס דארף זיין ביוהכ"פ (וואס דארטן דארף זיין די הוספה סיי מלפניו און סיי מלאחריו), און וויבאלד אז דארטן שטייט "מערב עד ערב תשבתו שבתכם"[144], איז פארשטאנדיק, אז די הוספה מחול על הקודש קומט דורך פעולת האדם, "תשבתו";

אבער אין מכילתא[145] לערנט מען אפ דעם ענין פון הוספת שבת דערפון וואס ס׳שטייט בנוגע צו שבת "זכור" און "שמור" - "זכור מלפניו ושמור מלאחריו, מכאן אמרו מוסיפין מחול על הקודש", און דערנאך איז ער ממשיך "משל לזאב שהוא טורף מלפניו ומלאחריו" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוספה מחול על הקודש איז ניט מצד פעולת האדם (וואס ער איז מוסיף מחול על הקודש), נאר מצד עצם ענין השבת, אז דער שבת אליין איז "טורף מלפניו ומלאחריו", ברוגמת הזאב וואס ער אליין איז טורף מלפניו ומלאחריו.

וכמדובר לעיל באריכה אז ס׳איז דא צוויי ענינים אין

- הוספה -

---

138) ירמי׳ כג, כד. 139) שערי אורה עז, ב. ובכ"מ.
140) ע׳ 15 ואילך. 141) שיחת אחש"פ סי"ג ואילך.
142) ר"ה ט, א. יומא פא, ב. 143) הל׳ שבת סרס"א ס"ד. הל׳ יוהכ"פ רסתר"ח. 144) אמור כג, לב. 145) עה"פ יתרו כ, ח.

הוספה מחול על הקודש: א) דאס וואס דער אדם איז מוסיף מחול על הקודש, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין שו"ע[143] "כצות עשה מן התורה להוסיף מחול על הקודש כו'"; ב) דאס וואס שבת אליין איז "טורף מלפניו ומלאחריו".

וואס מצד די גמרא און די מכילתא אליין (ניט וויסנדיק וואס ס'שטייט אין פוסקים), וואלט מען געקענט זאגן אז מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי:

די גמרא האלט אויך אז שבת מצ"ע איז "טורף מלפניו ומלאחריו", און דאס וואס די גמרא פרעגט "שבתות מניין" און ענטפערט "שנאמר כו'", איז דער טייטש, אז ס'איז אויך דא א חיוב על האדם להוסיף * מחול על הקודש (נוסף ע"ז וואס שבת איז "טורף" מצ"ע) **; און די מכילתא האלט אויך אז ס'איז דא א חיוב על האדם להוסיף * מחול על הקודש.

וויבאלד אבער אז אין שו"ע ווערט אפגע'פסק'נט אז "מצות עשה מן התורה להוסיף מחול על הקודש", אז דער אדם דארף מוסיף זיין מחול על הקודש, און ס'ברענגט זיך ניט אראפ קיין חיוב אז מ'מוז זיך אפהיטן פון מלאכה, דערפאר וואס שבת אליין איז טורף מלפניו ומלאחריו - איז פארשטאנדיק, אז דער פס"ד איז ניט אזוי ווי די מכילתא, דערפאר וואס ס'איז דא אן אנדער דעה, וואס דאס איז דעת הברייתא וואס ווערט געבראכט אין גמרא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז גדולי ישראל, מפרשי הש"ס, האבן געלערנט אז דער לשון הברייתא "שבתות מניין" איז שולל דעם פירוש המכילתא (אז שבת מצ"ע איז "טורף מלפניו ומלאחריו"), נאר ס'איז דא דער חיוב על האדם להוסיף מחול על הקודש.

כו. כמדובר כמ"פ אז אין יעדער ענין דארף זיין א נפק"מ לפועל - איז עד"ז אויך בעניננו:

ווי גערעדט פריער[146] אז אויב דאס איז א מ"ע על האדם

- להוסיף -

------------

*) היינו, לקדש הוס' זו, ע"ד שצ"ל "לקדשו" דשבת עצמו אף דמקודש וקיים (דאא"פ לומר שנוסף למה שהשבת טורף מצ"ע ישנו חיוב על האדם להוסיף, (כי כל הכתוב מדבר בהוספה על העיקר ולא על תוספת).

**) אלא שפי' זה דוחק הוא - דלפי"ז הפי' בהוספה מחול על הקודש דשבת אינו כמו ביו"ס, דביו"ס הרי"ז הוספה ממש, ובשבת - רק לקדש התוס' שהשבת טורף מצ"ע.

------------

146) שיחה הנ"ל סס"ו.

להוסיף מהול על הקודש, איז בשעה ער האט ניט מוסיף געווען מחול על הקודש און האט געטאן א מלאכה, האט ער עובר געווען נאר אויף דער מצוה עשה, משא"כ אויב מ'נעמט אן אז שבה מצ"ע (אן פעולה האדם) איז "טורף מלפניו ומלאהריו", איז אויב ער האט געטאן א מלאכה אין דעם זמן פון הוספה שבה, האט ער עובר געווען אויף א ל"ה.

[בשעה ער איז מוסיף מחול על הקודש און טוט דערנאך א מלאכה, האט דאס א גדר פון מצות ל"ת, עס האט טאקע ניט דעם זעלבן חומר ווי א ל"ת שבעצם יום השבה, אבער דאס איז אויך א ל"ת; משא"כ אבער אויב ער האט ניט מוסיף געווען מחול על הקורש, און האט געטאן א מלאכה, האט ער עובר געווען נאר אויף דער מ"ע].

די נפק"מ הנ"ל איז נאר בנוגע צום אופן התשובה (אויף וואס פאר אן אופן ער זאל השובה טאן) - דערנאך איז אבער אויך דא א נפק"מ בנוגע לפועל:

ווען ס'קומט דער רגע האחרון פון ערב שבת, און ער קען טאן א מלאכה דורך וועלכע ס'וועט צוקומען אין דעם ענין פון עונג שבת; מבשל זיין א תבשיל נוסף, אדער אריינברענגען א כלי צי א מאכל מרה"ר לרשוהו (רה"י), וואס דורך דעם וועט צוקומען אין דעם ענין פון עונג שבה, ביז צו דעם ענין פון הדלקת נר שבת (אויב מאיזה סיבה שתהי' האט ער ניט אנגעצונדן נר שבה ביז צו סמוך לבין השמשות) -

איז אויב ער האט מקבל געווען אויף זיך הוספת שבה, טאר ער ניט אנצינדן דעם נר שבה, און ער טאר ניט טאן קיין מלאכה, אפי' א מלאכה וואס וועט ברענגען צו עונג שבת; אויב אבער ער וויל ניט מקבל זיין אויף זיך הוספת שבה, איז ער טאקע עובר אויף דער מ"ע, אבער ווען ס'קומט צו דעם ענין פון נר שבה, האט ער א חיוב אנצינדן נר שבה *, אע"פ וואס ביי א צווייטן אידן איז דאס שוין סמוך לבין השמשוה, וואס דאס איז דער שיעור הכי קצר בנוגע צו הוספת שבה.

וואס דאס איז נאר לדעה הש"ס (אז די הוספה מחול על הקודש איז תלוי אין דעם אדם), משא"כ אבער לדעת המכילתא אז

- שבת -

------------

*) דכשאינו רוצה להוסיף מחול על הקודש - מוהר לו לעשוה כל מלאכה (ראה ס' הוספת שבה סרס"א סקי"ג - הובא בביאור הדי"פ פערלא לסהמ"צ רס"ג ח"א קצט, סע"ג).

ומה שהובאו דוגמאות הנ"ל - כי גם כשרוצה להוסיף מחול על הקודש - צ"ע מאי עדיף - עונג נמשך דש"ק (אף דנש"ק דרבנן, אבל עונג בכלל עיקרו מההורה), או הוספה רגע לרגע זו. וכן י"ל נפק"מ בכ"ע מה"ת - החזרה אבידה מרה"ר לרה"י. ועוד.

שבה מצ"ע איז "טורף מלפניו ומלאחריו", איז ניט קיין נפק"מ צי ער האט מקבל געווען אויף זיך תוספת שבת צי ניט, ווען ס'קומט דער שיעור הכי קטן פון תוספת שבת, טאר ער ניט אנצינדן נר שבת, און ער טאר ניט טאן קיין מלאכה, אפי' א מלאכה וואס איז פארבונדן מיט עונג שבת, וויבאלד אז דער שבת האט שוין טורף געווען דעם זמן.

כז. ויה"ר - אזוי ווי מ'קומט דאך פון דער הוספה וואס איז געווען אין דעם שבת דאזלינן מיני', ובפרט אז מ'געפינט זיך במוצאי שבה, וואס דעמולט איז מען מלוה את המלך ואת המלכה, איז דאך דאס פארבונדן מיט כבוד השבת, ועאכו"כ אז מ'קומט פון אחש"פ, וואס דעמולט איז געווען סיי דער ענין פון שבת און סיי דער ענין פון יו"ט,

ובפרט אז פון דעם שבת גייט מען אריין אין ר"ח - וואס אע"פ אז מ'געפינט ניט דעם ענין פון תוספת בנוגע צו ר"ח, איז אבער י"ל אז אויך בר"ח איז שייך אן ענין של הוספה, כמובן במכש"כ וק"ו: מה-דאך אז ביי ת"ב איז לכמה דעות[147] דא אן ענין של הוספה (אע"פ אז מ'לערנט דאס ניט אפ פון א פסוק), איז עאכו"כ בנוגע צו ר"ח, וואס דעמולט איז דא דער מנהג פון נשי ישראל הכשרות ניט טאן קיין מלאכה[148], ביז אז ס'ווערט אראפגעבראכט אין פרדר"א[149] דער גודל הענין שבזה - איז יש מקום לומר אז בר"ח איז שייך אן ענין של הוספה מלפניו ומלאחריו *.

- און -

------------

*) במג"א ר"ס תי"ט הביא מהשל"ה דאין לר"ח תוס' - אך זהו ע"פ הפס"ד אשר ע"פ הברייתא דר"ה ויומא דהוס' הוא בכ"מ שנאמר <u>שבות</u> (והועתק בשו"ע אדה"ז)*, ולכן איננו בת"ב (ות"צ)** ור"ח - משא"כ למ"ד[147] דיש תוס' בת"ב, מובן במכ"ש בנוגע לר"ח, כנ"ל.

------------

*) אף שבב"ח לטואו"ח ר"ס תר"ד כתב דברייתא הנ"ל היא אליבא דר"י ואנן פסקינן כר"ע, הרי בשו"ע אדה"ז מפורש שהמקור - הברייתא. וכ"מ קצה בב"י ר"ס תרח (שהוא הכ"מ לשו"ע שלו) שמציין ליומא ותו לא (משא"כ בב"ח). אך ראי' גמורה איננה - די"ל דסומך על הזכירו לאח"ז נ"כ הרמב"ם. אבל בסהד"ר כהב שי"ל כהב"ח, שהסור פסק כר"ע. ואדה"ז בשו"ע (ר"ס תר"ח) מתרץ קושית הב"י (שהוא כל היסוד מכריחה הי"ל").

**) ובפרט שמודגש בשו"ע אדה"ז פעמיים שההוספה היא "על הקודש" - וכאי קדושה איכא בה"ב ות"צ?

------------

147) ראה ב"י לטואו"ח סו"ס תקנג. וראה צפע"נ כללי ההוהכ"צ כע' הוס' ובהנסמן שם. 148) ראה השב"ץ ח"ג סרמ"ד. שו"ע או"ח רסתי"ז. 149) פמ"ה. הובא בטואו"ח סהי"ז.

און ווי מ'זעט אויך בפועל, אז ווען ערב ד"ה איז חל בשבת, זאגט מען ניט "צדקתך צדק" צו מנחה, מצד דעם ענין פון ר"ה וואס קומט גלייך לאח"ז[150], וואס דערפון זעט מען אז ר"ה פועל'ט אויך אויף דעם זמן שלפניו - הוספה מלפניו (אף שאי"ז שייך בדיוק לכאן - כיון שזהו כמה שעות לפני התוספת).

– איז פון די אלע הוספות זאל מען קומען בקרוב ממש צו דער הוספה וואס "ביום ההוא יוסיף אד' ידו שניה גו'"[151], אז דער אויבערשטער וועט ארויסנעמען אידן פון גלות, כמבואר אין נבואת הגאולה,

און ער וועט מוסיף זיין אויף א"י, לויט דער הבטחה[152] אז "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות" - וואס אויך לע"ל וועט א"י גופא זיין במעמד ומצב נעלה יותר, ווי ער זאגט אין דעם זעלבן מארז"ל "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י", וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק דער גודל העילוי ווי ירושלים וועט נתעלה ווערן לע"ל.

וואס בנוגע צו די אלע הוספות - איז אזוי ווי "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[153], איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער אויבערשטער הייסט אידן אז זיי זאלן מוסיף זיין מחול על הקודש, איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער דארף מוסיף זיין מן הגלות על הגאולה,

און לאחרי כל השקו"ט והפלפולים - איז דאך ידוע דער וואדט וואס דער רבי מהר"ש האט געזאגט צום צ"צ[154], אז מיר דארפן האבן א גאולה כפשוטה, למטה מעשרה טפחים, און א גאולה ממש, נשמות בגופים,

און ארויסגיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו"[155] ביז אין אן אופן פון "לא תשאר פרסה"[156], צו דער גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "מיד"[32], און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

כח. ס'איז דא א נקודה נוספת אין דעם מוצאי שבת (נוסף על המדובר לעיל[157]) - אז דאס איז מוצאי שבת פ' אחרי (אדער ווי די סדרה ווערט אנגערופן "אחרי מות").

וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין אין תורה האט אין זיך א הוראה, און א הוראה נוספת ווען ס'טרעפט זיך צוזאמען מיט

- נאך -

---

150) מטאו"ח סרצ"ב. מג"א שם סק"ג. טו"ע אדה"ז שם ס"ז.
151) ישעי' יא, יא. 152) ראה פס"ר פ' שבת ור"ה. יל"ש ישעי' רמז תקג. 153) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט.
154) לקו"ש ח"ו ע' 80 הע' 70. 155) בא י, ט. 156) שם. כו. 157) ס"י.

נאך כמה ענינים, ע"ד ווי געדעדט פריער[157] אז דער שבת איז דער סיום פון חודש ניסן און דער אנהויב פון חודש אייר, און דאס איז דער שבת וואס קומט גלייך נאך אחש"פ, מיט אלע פרטים וואס מ'האט פריער אויסגערעכנט - איז עד"ז דארף אויך זיין א הוראה דערפון וואס דאס איז מוצאי שבת פ' אחרי.

וכמדובר כמ"פ תורת הבעש"ט[158] אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק גיט ארויס דעם תוכן און די נקודה עיקרית פון דעם ענין - איז עד"ז אויך בעניננו, אז לויט מנהג ישראל (וואס "תורה הוא"[159]) ווערט די פרשה פון היינטיקן שבת אנגערופן "אחרי", און אין דערויף גיט זיך ארויס דער תוכן און די נקודה העיקרית פון דער פרשה.

וואס לכאו', וואס פאר א הוראה קען מען דערפון ארויסנעמען, און מיט וואס איז דאס פארבונדן מיט חודש ניסן, און מיט דעם ענין הגאולה וכו'? - איז אפי' בהתבוננות קלה, באקומט מען דערפון א הוראה נפלאה און א הוראה גדולה ועיקרית:

יעדער ענין וואס מ'האט נאר אפגעטאן, אפי' אויב מ'האט דאס געטאן בתכלית השלימות - דארף מען גלייך טראכטן וואס עס טוט זיך "אחרי", וואס וועט זיין נאך דערויף.

וואס דאס זעט מען אין פ' אחרי: מ'דארף ניט האבן קיין גרעסערע שלימות ווי ס'איז געווען ביי בני אהרן "בקרבתם לפני ה'"[160], ביז ווי רש"י[161] ברענגט אראפ אז אויף דערויף שטייט "בקרובי אקדש"[162], נאכמער ווי דורך משה ואהרן.

ובפרט אז מ'זעט די אריכות נפלאה אין אוה"ח הקדוש[163], וואס ער איז מבאר דעם גודל העילוי וואס איז געווען אין דעם ענין פון מיתה שני בני אהרן, ווי ער זאגט דארטן די אלע לשונות "נעימות עריבות ידידות חביבות נשיקות מתיקות כו'" (ווי דער מיטעלער רבי ברענגט אראפ אין זיינע שערים[164] ניט אנווייזענדיק דעם מ"מ כדרכו בכל המאמרים שלו);

און אעפ"כ, איז אפי' בנוגע צו נדב ואביהוא (ניט נאר בנוגע צו אלע אידן), זאגט מען אז ס'איז דא דער ענין פון "אחרי מות", וואס קומט נאך דעם ענין פון "מות", אע"פ אז ער איז שוין צוגעקומען צו תכלית השלימות, "בקרבתם לפני ה'".

כט. דעם ענין זעט מען אויך פון כללות הסדרה:

- א' -

---

158) שעהיוה"א בהתלתו. 159) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 160) אחרי טז, א. 161) עה"פ שמיני י, ג. 162) שמיני שם. 163) ר"פ אחרי. 164) ד"ח שער התפלה פל"ב (מ, ב). וראה גם מאמרי אדה"ז אתהלך - לאזניא ע' לג ואילך. ד"ה אחרי מות תרמ"ט פי"ב. המשך תער"ב ח"ב ע' תתקסז.

אין דער סדרה ווערט דערציילט וועגן עבודת יוהכ"פ, וואס עבודת יוהכ"פ איז געווען "אחת בשנה"[165], יום המיוחד בשנה, דער יום הקדוש פון כל השנה כולה, און אין קודש הקדשים - דער מקום המקודש מכל המקומות[166], און דורך דעם כה"ג, וואס ער איז דער קודש הקדשים[167] אין נשמות פון אידן.

איז לכאו׳, וויבאלד ער האט געלערנט די פרשה פון עבודת יוהכ"פ, און תורת אמת זאגט דאך אז כל העוסק בתורת כו׳ כאילו הקריב כו׳[114], איז ביי אים געווען דער ענין פון יוהכ"פ - איז וואס האט ער צו טאן מערער דערפון?!

זאגט מען אים אז די גאנצע פרשה ווערט אנגערופן "אחרי", ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דער שלימות צו וועלכע ער האט דערגרייכט, ער האט מסיים געווען דעם גאנצן ענין פון עבודת יוהכ"פ, און אין אן אופן פון "זאת התורה", אז דאס איז "כאילו הקריב כו׳" - זאגט מען אים אז ער שטייט נאך אין א מעמד ומצב וואס ער דארף טראכטן וועגן "אחרי", וואס קומט נאך דערויף.

און מ׳זאגט אים אז דאס וואס ער האט געלערנט ביז איצטער איז געווען נאר די התחלה פון פ׳ אחרי, ס׳זיינען אבער דא נאך כמה ענינים אין פ׳ אחרי.

קען ער דאך טראכטן אז ער דארף זיך באווארענען מערניט ווי פון ענינים וואס זיינען דקות שבדקות - זאגט מען אים, ניין! ערשט דארף מען באווארענען די אלע ענינים וועגן וועלכע ס׳רעדט זיך אין פ׳ אחרי, ביז צו די ענינים וואס רעדן זיך בסיום הפרשה, "כמעשה ארץ מצרים גו׳ לא תעשו וגו׳"[168].

וואס דאס איז לכאו׳ א תמיהה הכי גדולה: בשעת א איד שטייט אין יוהכ"פ, און ס׳איז שוין לאחרי חצות היום, ער האט שוין אויך געדאווענט תפלת מוסף, און ער גייט דאווענען תפלת מנחה, און גלייך דערנאך תפלת נעילה,

איז שטייענדיק ביוהכ"פ, דער יום הקדוש, און נאך דערויף וואס ער האט זיך געפירט ווי אן אדם קדוש, און האט זיך געפונען במקום קדוש - איז ווען ס׳קומט צו תפלת מנחה פון יוהכ"פ, לייענט מען דעמולט צו קריאת התורה א טייל פון פ׳ אחרי, ניט די התחלה פון פ׳ אחרי, וואו עס רעדט זיך וועגן עבודת יוהכ"פ, נאר די ענינים וועלכע ס׳שטייען נאך דערויף - זאלסט וויסן זיין אז "כמעשה ארץ מצרים גו׳ לא תעשו".

- וואס -

---

165) אחרי שם, לד. 166) ראה כלים פ"א מ"ט. 167) ראה רה"א כג, יג. לקו"ש ח"ח ע׳ 325 בהע׳. 168) אחרי יח, כג.

וואס לכאו', איז דאס א געוואלד - ער שטייט ביוהכ"פ, און שטייט אין א קיטל, און שטייט בתוך רבים מישראל, און ער גרייט זיך שוין צו נעילה - און אעפ"כ, באווארענט מען אים ער זאל וויסן אז אין דעם מעמד ומצב דארף ער זיין אפגעהיט פון "מעשה ארץ מצרים" און "מעשה ארץ כנען"!

וואס דערפון זעט מען אויף וויפל דער ענין פון "אחרי" איז נוגע - וואס ער קען טראכטן אז דאס איז מערניט ווי אן ענין של הידור מצוה; ער האט געלערנט די גאנצע פרשה פון עבודת יוהכ"פ, און האט געלערנט מיטן גאנצן שטורעם, און ער האט די הבטחה פון תורת אמת אז די ענינים האבן זיך אויפגעטאן - איז אמת טאקע אז ס'איז דא דער ציווי (וואס איז מרומז אין שם הפרשה) אז ער דארף זיך מתבונן זיין וואס קומט נאך דערויף, "אחרי", קען ער אבער טראכטן אז ער האלט נאך ניט ביי דעם הידור וואס קומט צו דורך דעם ענין פון "אחרי",

זאגט מען אים, אז אויב ביי אים וועט ניט זיין דער ענין פון "אחרי", ער וועט ניט ליינען די ענינים פון פ' אחרי וואס שטייען נאך עבודת יוהכ"פ - וועט ער ניט וויסן אז ער דארף זיך אויסהיטן פון כו"כ ענינים, ביז צו די ענינים פון "כמעשה ארץ מצרים גו' לא תעשו גו'"; דערצו איז נוגע די הוראה פון "אחרי".

ל. דערפון זעט מען ווי אזוי יעדער ענין אין תורה איז אין אן אופן פון בל"ג - וואס אע"פ אז "אחרי" איז מערניט ווי דער שם הפרשה, און מערניט ווי אן איין און איינציקערווארט, אעפ"כ, האט מען דערפון ארויס כו"כ ענינים (כנ"ל בארוכה).

ווארום וויבאלד אז תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[169], הורה איז בל"ג, איז פארשטאנדיק, אז יעדער נקודה אין תורה איז אין אן אופן פון בל"ג - כמבואר אין ספר החקירה, און אזוי איז פארשטאנדיק אויך בפשטות, אז אויב כ'וועט צוזאמענשטעלן א ריבוי גבולים, וועט דערפון ניט ווערן קיין בל"ג, עס קען זיין אלף אלפים ורבוא רבבות, אבער ניט קיין ענין של בל"ג; בל"ג איז דער טייטש, אז יעדער נקודה שבו איז בל"ג [ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו "יום שכולו ארוך", אז "גם בהחלהו הוא ארוך"[170], ד.ה. אז פון דעם ערשטן רגע איז דאס אין אן אופן פון "ארוך"].

שרייט אבער א איד, ווי אזוי קען ער כאכן אז זיין

- פעולה -

------------

169) איוב יא, ט. 170) תו"א הולדוה יה, סע"ד.

פעולה, לייגן תפילין אדער געבן צדקה וכיו"ב, זאל זיין אן
עניין פון בל"ג; ער איז טאקע מקיים די מצוה לויט ווי עס
שטייט אין שו"ע, און ער ווייסט כוונת המצוה ע"פ הסוד וכו',
דאס איז אבער אלץ אן עניין של גבול?

זאגט מען אים, אז ווִיבאלד ער מאכט דאך ברכת המצוות,
און ווייסט דעם פירוש המילות פון דער ברכה, וואס דארטן
שטייט "אשר קדשנו במצותיו וצונו", איז "במקום שרצונו של
אדם שם הוא נמצא"[171] ער באהעפט זיך מיטן אויבערשטן, וואס
דער אויבערשטער איז בל"ג. און אע"פ אז בעיני בשר דא למטה
זעט ער מערניט ווי ד' פרשיות וואס זיינען אין א בית וואס
איז אצבעיים על אצבעיים (וואס דאס איז דער שיעור הכי
מהודר ע"פ הורה[172]) - שטייט אבער אין דערויף דער בל"ג
האמיתי פון דעם וואס "קדשנו במצותיו וצונו". ועד"ז איז
אויך פארשטאנדיק בנוגע צו אלע ענינים פון "כל מעשיך יהיו
לשם שמים"[86] און "בכל דרכיך דעהו"[87].

און וויבאלד אז די ענינים פון תומ"צ זיינען אין אן
אופן פון בל"ג, איז פארשטאנדיק, אז וואו נאר א איד האלט,
אפי' אויב ער האלט ביי די עבודה פון יוהכ"פ, קען ער האבן
נאך א גרעסערן בל"ג, ביז אין אן אופן אז דער גרעסערער
בל"ג לגבי דעם פריערדיקן בל"ג איז ע"ד ווי בל"ג לגבי גבול,
כמבואר בכ"מ.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס ס'איז דא
דער עניין פון "בכל מאדך - מאד שלך"[173], וואס אע"פ אז ביי
אים איז דאס אן עניין של בל"ג, איז דאס אבער ביי א צווייטן
אן עניין של גבול. וכמובן אז ס'איז ניט דוקא ביי א צווייטן
מענטשן, נאר אויך ביי אים אליין, אז ווען ער איז מעלה
בקודש, איז דער עניין וואס נעכטן איז דאס ביי אים געווען
"מאדך", ווערט היינט אן עניין של גבול.

לא. וואס דאס איז כללות ההוראה וואס מ'באקומט פון דעם
עניין פון "אחרי" - אז בשעת מ'גייט ארויין אין התחלת הקיץ
(וואס דעמולט הויבט מען אן זאגן פרקי אבות[174]), און מ'גייט
אוועק אין די אלע עשרה מבצעים - מ'גייט אוועק פון די
אייגענע ישות ומציאות און מ'גייט מאכן פון דער וועלט א
דירה לו ית' -

- זאגט -

------------

171) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לח ובהע' 42 שם.
172) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סל"ב סוס"ג. וש"נ. 173) תו"א
מקץ לט, ד. דרמ"צ קכג, ב. ועוד. 174) ראה לקו"ש ח"ז
ע' 175 הע' 1-2.

זאגט אים סאקע תורה אמת אז ער האט מצליח געווען, און האט אויפגעטאן גדולות ונפלאות - דאס איז אבער ניט קיין הצדקה אז דערפאר דארף ער זיך אפשטעלן. ואדרבה, דעמולט דארף זיין דער ענין פון "אחרי" (די עבודה אין די מבצעים וואס קומט לאח"ז) באופן נעלה יותר, נאכמער פון דער עבודה פון "אחת בשנה", וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם "אחד" שבישראל, דער כה"ג, אין דעם "אחד" במקום, דער קודש הקדשים.

און דעם כח אויף אלע ענינים האמורים - איז וויבאלד אז תורה מאנט דאס, איז א זיכערע זאך אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[175], ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט געגעבן דעם כח אויף די אלע ענינים.

און דעם ענין איז מען ממשיך על כל השנה כולה.

און דער אויבערשטער נעמט ארויס יעדער אידן און אלע אידן פון אלע מיצרים וגבולים (פון אלע ענינים המבדילים), און ס'ווערט א חירות אמיתית, וואס "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בת"ת"[176],

וואס דעמולט קען ער טאן אין די אלע ענינים האמורים אין אן אופן פון "ופרצת" - ווארום ער האט ניט קיינע הגבלות, ער האט אלע ענינים וואס ער דארף האבן, כולל אויך בני חיי ומזוני ובכולם רויחי, במילא קען ער טאן אין אלע ענינים האמורים.

און ס'ווערט א געזונטער זומער און א פריילעכער זומער און א הצלחה'דיקער זומער און א ברייטער זומער, ביז צו מרחב העצמי, ביז צו דער הרחבה פון "והבאתי אתכם אל הארץ"[177] די "ארץ טובה ורחבה"[178], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

*     *     *

לב. בהמשך להמדובר לעיל אז אפי' נאך דעריויף וואס מ'האלט שוין אין תכלית השלימות, איז לאחרי כ"ז דארף מען ערשט אנהויבן די עבודה פון "אחרי" -

איז פארשטאנדיק, אז ה"ו צו מבלבל זיין דעם ענין השלימות - וואס ס'זיינען דא אידן וואס בלאנדזשען און זיינען מבלבל דעם ענין פון שלימות התורה, דורך מאכן פארשידענע פשרות, וכמדובר כמ"פ אז זיי זיינען אין א מעמד

- ומצב -

---

175) במדב"ר פי"ב, ג. 176) אבות פ"ו מ"ב. 177) וארא ו, ח. 178) שמות ג, ח.

ומצב פון הינוק שנשבה לבין העכו"ם, ובמילא דארף מען מיט זיי אנהויבן דעם ענין החינוך מתחלתו, אבער דערווייליע זיינען זיי מבלבל צו שלימות התורה,

ועד"ז זיינען דא אידן וואס זיינען מבלבל צו שלימות העם - דורך דעם ענין פון מיהו יהודי, וואס דאס איז א ווילדער ענין וואס האט קיין ארט ניט אפי' אין שכל הגשמי והחומרי, ס'איז מערניט ווי אן ענין של נצחנות (ניט רעכנענדיק זיך מיט דער סכנה הכי גדולה וואס דאס קען ברענגען), ווארום מצ"ע האט דאס קיין אחיזה ניט, און קיינער וויל דאס ניט האבן, אפי' ניט די וואס שרייען אז אזוי דארף זיין, ווארום א גיור שלא כהלכה איז כל יתר כנטול דמי[179], ס'איז מערניט וואס מ'האט דאס אנגעטאן אין ווילדע טפשות'דיקע ערקלערונגען, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וביחד ע"ז - איז דא אן ענין עיקרי אין שלימות העם, אז מ'מוז אויך האבן די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל, אנהויבנדיק פון די אידן וואס געפינען זיך אין רוסלאנד, וואס רוב הישיבות און רוב מקומות התורה, סיי נגלה און סיי פנימיות התורה, שטאמען פון די אידן וואס זיינען געבארן געווארן און געלערנט דארטן (ארער וואס לערנען דארטן אויך איצטער) -

איז כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון שלימות העם, דארף מען האבן אז אויך די אידן זאלן שטיין אין אן אופן פון חירות אמיתי, אויך בגשמיות, למטה מעשרה טפחים, בנעריהם ובזקניהם בבניהם ובבנותיהם.

ועד"ז זיינען דא אידן וואס זיינען מבלבל צו דעם ענין פון שלימות הארץ (מצד סיבות שונות ומשונות, וואס מ'טוט זיי אן אין הסברות שאין להם מקום כלל), וואס אין כאן המקום להאריך בזה -

וכמדובר כמ"פ[180] אז אלע גדולי ישראל אין די דורות שלפנ"ז (וואס פון זיי שטאמען די אלע גדולי ישראל איצטער, אדער די וואס רעכנען אז זיי זיינען גדולים) האבן געזאגט א דבר ברור וועגן דעם ענין פון שלימות הארץ, ביז אז בנדו"ד איז דאס א פס"ד ברור אין תורה, אז בשעת מ'האט א ידיעה אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", איז א פס"ד ברור אין שו"ע[181] אז מ'דארף נעמען כלי נשק, און אוועקשטעלן זיך על הגבולים, און פארמאכן די גבולים, מיט אלע פרטים וואס מ'דארף דערצו האבן.

- און -

---

179) חולין נח, ב. 180) שיחת מוצאי ש"פ משפטים ש.ז. סכ"ר. 181) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם.

און אין דערויף איז ניט שייך דער ענין פון "אל התגרה בגוי קטן"[182], ווארום תורה האט דאך געוואוסט אז ס'איז דא דער ענין פון "אל תתגרה בגוי קטן" (עאכו"כ בגוי גדול), און הורה האט געוואוסט אז ס'שטייט "ודרשו את שלום העיר גו'"[183], און אז "דינא דמלכותא דינא"[184], און אעפ"כ האט תורה אפגע'פסק'נט אז ווען מ'האט א ידיעה אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין וכו'".

וכמדובר כמ"פ אז בנוגע צו פקו"נ דארף מען ניט האבן קיין ידיעה ברורה, ס'איז גענוג א ידיעה וואס איז בגדר ספק, ווארום ספק פקו"נ איז לחומרא, און ניט נאר א ספק אחד, נאר אפי' א ספק ספיקא[185], ביז מאה ספיקות [מ'מיינט ניט דוקא מאה און ניט מאה ואחד, נאר דאס איז בדרך גוזמא, וואס דאס איז שוין כולל כל המספרים];

עאכו"כ אז איצטער איז דאס ניט קיין ידיעה וואס איז בגדר ספק, נאר מ'האט א ידיעה ברורה אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", און ניט נאר אז מ'האט א ידיעה ברורה, נאר נאכמער: בשעה מ'האט זיך געפירט ניט לויטן פס"ד ברור פון תורה - ווייסט מען די תוצאות וואס זיינען ארויסגעקומען דערפון, וויפל קרבנות רח"ל דאס האט אפגעקאסט, וואס אפי' נפש אחת מישראל איז אויך אן עולם מלא[186], עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן כו"כ נפשות מישראל.

און די אלע וואס שפילן זיך דערמיט, און מפני טעמים שונים ומשונים זאגן זיי באופן אחר - איז עכ"פ מכאן ולהבא זאלן זיי וויסן אז דאס איז ניט סתם א שאלה אין או"ח, יו"ד, אה"ע און חו"מ, נאר דאס איז א שאלה וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש לכמה מעשרה ספהים היל"ת!

און אלע איבעריקע טעמים וואס זיינען דא אין דערויף - זיינען זיי אלע בטל ומבוטל, און מכאן ולהבא וועט מען זיך זיכער רעכנען מיטן דין התורה, און יעדערער וועט זאגן לויט ווי זיין יצ"ט וועט אים הייסן.

וכאמור לעיל, אז עכ"פ מצידי, און זיכער אז אזוי האלטן אויך די אלע וואס געפינען זיך דא - איז א פס"ד ברור אין שו"ע, אז בכל מקום וואו אידן געפינען זיך, סיי אין אה"ק און סיי אין חו"ל, איז בשעה מ'דערהערט אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", אפי' אז דאס איז מערנים ווי "על עסקי תבן וקש", און אפי' אז ס'איז מערנים ווי א ספק וספק ספיקא

- (וכאמור) -

------------

182) ראה פסחים קיג, א. ירושלמי הרומה ספ"ח. ועוד. 183) ירמי' כט, ז. 184) גיטין י, ב. וש"נ. 185) ראה שו"ע אדה"ז שם ס"ג. 186) סנהדרין לז, א במשנה.

(וכאמור לעיל אז איצטער איז יעדער דער מצב אז ס'איז ניט קיין ספק, נאר מ'האט א ידיעה ברורה, ובפרט אז מ'האט שוין געזעהן בפועל מערער פון דריי מאל מיט וועמען מ'האט צוטאן) – איז א פס"ד ברור אין שו"ע אז "יוצאים עליהם בכלי זיין כו'", "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם", מיט די גאנצע אחריות וואס איז דערמיט פארבונדן.

וכמדובר כמ"פ אז הורת אמת – וואס די איז אויך הורה חיים, הוראה בחיים – שטעלט אוועק אלס הקדמה צום גאנצן שו"ע, דעם ענין פון "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים"; מ'וועט מלעיג זיין אויף אים אז ער איז א בטלן, ער האט ניט קיין שייכות צו קיין מפלגה, ער האט ניט קיין ארמיי אונטער זיך, ער לערנט חסידות, און ווייסט ניט וואס עס טוט זיך אין דער ישיבה וואו מ'לערנט אויף חסידות, וכו' וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה –

פסק'נט אפ דער שו"ע אז "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים", צי דאס איז א ליטוואק צי א עולמ'שער צי סתם א איד, ארער אפי' א חסיד וכיו"ב – און מ'האט די הבטחה אז ס'וועט זיין "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים".

וואס דער ענין פון "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד"[187] – כמובן דערפון וואס דער רמ"א האט אריינגעשטעלט ביידע עניינים בחדא מחתא, אין דעם זעלבן סעיף,

– וכידוע דער רמז פון גדולי ישראל בדור הרמ"א ולאח"ז[188], אויף "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[80], אז אין דערויף איז אויך מרומז אז "ובנ"י יוצאים ביד <u>רמ"א</u>", אז מ'גייט נאך דעם פס"ד פון רמ"א.

ובפרט אז דאס איז אפגע'פסק'נט געווארן אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע, וואס ער איז דאך געווען א פוסק סיי אין נגלה דתורה און סיי אין נסתר דתורה, אין אן אופן פון "שני אור", ביי אים איז דאס געווארן איין זאך[189] – אבער אפי' די וואס דערהערן ניט דעם ענין, דערהערן זיי אבער זיכער דעם פס"ד ברור פון רמ"א אין התחלת השו"ע, אין סעיף הראשון פון דעם סימן ראשון פון, דעם חלק הראשון פון אלע ד' חלקי השו"ע – אז "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים".

וואס דאס ווערט די הקדמה צום גאנצן שו"ע, כולל אויך

- הל' -

---

187) ישעי' ו, ג. 188) ראה שו"ת שואל ומשיב מהדורא חמישאה סח"י. לקו"ש ח"ב ע' 522. 189) ראה לקו"ש ח"ו ע' 37 ובהע' 17 שם.

הל׳ ת"ת און הל׳ תפלה און הל׳ שבת, און כולל אויך די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט דינא דמלכותא דינא - וואס דארסן (אין דעם שו"ע) איז אויך דא דער דין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ, אז בכל מקום וואו אידן געפינען זיך, סיי אין אה"ק און סיי אין חו"ל, און ס׳איז אן "עיר הסמוכה לספר" [וואס איצטער איז דאס יעדער ישוב פון בנ"י], איז בשעת מ׳באקומט א ידיעה (אפי׳ על הספק) אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", און אפי׳ אז דאס איז נאר "על עסקי תבן וקש" - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין וכו׳".

און ס׳איז א זיכערע זאך אז יעדער איד און אלע אידן וועלן זיך פירן לויטן פס"ד פון שו"ע, און מ׳וועט זיך פירן אין אן אופן פון "קדושים תהיו"[190] (ווי מ׳האט אנגעהויבן ליינען שבת צו מנחה), און ניט נאר "קדושים" ווי די קדושה פון נבראים, נאר "כי קדוש אני"[191], דערפאר וואס מ׳איז פארבונדן מיט קדושתו של הקב"ה[191], וואס דעמולט וועלן נמשך ווערן אלע ברכות וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

לב. כדי אז דאס זאל אראפקומען בשמחה ובטוב לבב - וועט מען איצטער זינגען דעם ניגון "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[192];

די עצה און די דברים פון אוה"ע, ווייסט מען שוין לאנג אז "רגשו גוים ולאומים יהגו (איז מערניט ווי) ריק"[101], מ׳דארף נאך אבער באווארענען דעם "עוצו עצה" און "דברו דבר" פון די וואס גייען נגד דעם פס"ד ברור פון תורה (מאיזה טעם שיהי׳) -

וועט דער אויבערשטער זיכער באווייזן, בחסד וברחמים ובשמחה וטוב לבב, ובטוב הנראה והנגלה, ווי אזוי "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום (דערפאר וואס) כי עמנו א-ל".

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט שוין זיין דער עניך פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[193].

און די אלע ענינים וועלן זיין אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער" - ווארום שבת איז "מיני׳ מתברכין כולהו יומין"[54], כולל אויך דער יום ההולדת פון דעם רבי׳ן מהר"ש, וואס דעמולט איז דאך כזלו עוזר לו[194] - און ס׳איז דאך ידוע דער ניגון שלו "מלכתחילה אריבער", און זיין פתגם בזה[195],

- מיט -

------------

190) קדושים יט, ב. 191) ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 321.
192) ישעי׳ ח, י. 193) ויצא כח, יד. 194) ראה קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח. 195) לקו"ש ח"א ע׳ 124. ועוד.

מיט זיין הנהגה בהתרחבות הכי גדולה נאך אין זמן הגלות,

- כן תהי׳ לנו, דורך דעם וואס "נלכה באורחותיו" און מ׳וועט לערנען תורתו, וואס זי איז מיוסד און איז כולל אין זיך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" פון תורת הבעש"ט,

וואס דורך דעם וועט זיין דער ענין פון "מלכתחילה אריבער" אין די אלע ענינים נאך אין זמן הגלות, און אין אן אופן אז "ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון"[196], אז אידן וועלן זיך פארנעמען מיט לימוד התורה וקיום מצוותי׳, אין אן אופן פון שלימות התורה און שלימות העם, וואס דאס וועט ברענגען אויך שלימות הארץ.

ומתוך שמחה וטוב לבב וועט מען זיך גרייטן - בתוככי כלל ישראל - מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "בחוקותי תלכו (שתהיו עמלים בתורה) ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם"[95],

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

צוה לנגן עוצו עצה. ופרצת. לכתחילה אריבער.

ברך ברכת המזון. ואח"כ חילק לכאו"א מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

---

196) בשלח יד, יד.

## בס"ד. מה שאמר כ"ק אדמו"ר שליט"א
## להת' השלוחים שיחיו לישיבת „מגדל אור"
## במגדל העמק, ארה"ק ת"ו.
## יום א' פ' קדושים, אדר"ח אייר ה'תשל"ח.

דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן פון אייך, און אייך אלעמען צוזאמען, אין אויספירן די שליחות אויף מגדיל זיין די ישיבה פון מגדל העמק (סניף פון תומכי תמימים), אין אן אופן פון להגדיל תורה ולהאדירה' בכמות ובאיכות —

דורך אליין מוסיף זיין אין התמדה ושקידה אין אייער לימוד, סיי אין נגלה און סיי אין חסידות, און אין הנהגה חסידותית.

און אויך אויפטאן אין די אנדערע תלמידים און אין אנשי העיר אז זיי זאלן זיך אויך אזוי פירן:

— דורכדעם וואס יעדערער וועט זיך פארנעמען מיט צוויי (אדער עכ"פ מיט איינעם) פון זיי.

אבער בעיקר — דורך זיין א דוגמא חי', באווייזן מיט זיך אליין ווי מ'דארף זיך פירן.

און מ'זאל אלץ זיין בהצלחה רבה ומופלגה.

אויסלייזן דורכדעם דעם טייל פון ארץ ישראל און אויעקשטעלן אים למעלה ממיצרים וגבולים.

און דאס זאל זיין א התחלה טובה אויף ארויסנעמען גאנץ ארץ ישראל¹ פון מיצרים וגבולים.

און דאס אלץ זאל זיין א הכנה קרובה צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

• • •

בדי: א) צו מאכן אייך או אחיזה אין ענינים גשמיים² — וועט מען געבן יעדערן פון אייך צוויי שטרות — איין שטר וועט איר געבן אויף צדקה דארטן (אין מגדל העמק), און דעם צווייטן — ביים כותל המערבי

— איר זאלט זיך צוזאמענרעדן ווען צו פארן צום כותל המערבי כולכם ביחד —

און מיטנעמען אייך דעם ראש הישיבה און הרב ג. שיחי', מיט אלעמען וועלכע זיינען שייך דערצו, און דארטן (באם כותל) חזר'ן ענינים אין נגלה און ענינים אין חסידות, און אייך געבן דארט צדקה.

[נתן לכאו"א מהשליחים שיחיו: שטר של עשר ל"י, ושטר של חמשים ל"י].

---

1) ראה [illegible]

2) ראה [illegible]

3) [illegible]

ב) צו מקשר זיין דאָס אויך מיט כל השנה כולה — געבן אן ענין כללי (דכל השנה) [נתן לכאו״א לקו״ש מכתבים הכלליים לחגה״פ ש.ז.].

• • •

אח״כ נתן להבא־כח של הקבוצה כנ״ל, ואמר: איבערגעבן דאָס בשם כולכם להרב ג. שיחי׳, מסתמא (כנ״ל) וועט ער מיט אייך פאָרן צום כותל המערבי,

און אויך אָפגעבן אים דעם בקבוק משקה ער זאָל מאַכן דאָרט א חסידישן פאַר־ברייינגען, אין מגדל העמק אין ישיבה, און איינלאדן דאָרט אויך די מענטשן פון שטאָט, און דאָרטן וועט איר איבער־חזר׳ן נקודות פון די ענינים וואָס עס האָט זיך דאָ גערעדט,

און דער עיקר —

די אלע ענינים זאָלן זיין מיט א פנימיות און מיט א חיות, ביז אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור.

פאָרט געזונטערהייט, און מ׳זאָל הערן פון אייך בשורות טובות.

(אח״כ אמר להבא־כח הנ״ל):

מסתמא וועסטו שרייבן א דו״ח ווי ס׳איז געווען דער פאָרן, דער קומען, און דער מילוי פון דער שליחות פרטית און פון דער שליחות כללית,

און גיין (כנ״ל — כאו״א וכולכם ביחד) — מחיל אל חיל[4].

---

4) ראה ברכות בסופה. שו״ע אדה״ז רסקנ״ה. ועוד.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ אמור, אור לי"ד אייר, פסח שני ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה להבין ענין פסח שני.

* * *

ב. ע"פ האמור לעיל אין דעם מאמר (וואס ער איז מיוסד אויפן מאמר אין אוה"ת פ' בהעלותך) - איז לכאו' דא א תמיהה אויף כללות הענין פון "פסח שני" בזמן הזה:

דער גאנצער ענין פון "פסח שני" איז שייך דוקא ווען ס'איז ניט געווען דער פסח ראשון (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון זיין נאמען - "פסח שני"), ד.ה. אז בזמן שביהמ"ק הי' קיים, און ס'איז געקומען י"ד בניסן, און צוליב געוויסע סיבות (ווי מ'רעכנט זיי אויס אין פסוק[1]) האט ער ניט געקענט מקריב זיין דעם קרבן פסח - גיט מען אים דעם טאג פון י"ד אייר, פסח שני, ער זאל קענען דעמולט מקריב זיין דעם קרבן פסח.

אבער בזמן הזה (ווען ס'איז ניטא דער ביהמ"ק) - טוט מען דאך די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח (דאס וואס מ'קען טאן בזמן הזה) בפסח ראשון,

- וואס אין דערויף זיינען דא ענינים וואס זיינען מדרבנן, און אויך ענינים וואס זיינען מן התורה: דער ענין פון סיפור יצי"מ (דער חיוב מיוחד וואס איז דא בליל הסדר דערציילן וועגן יצי"מ) איז מן התורה[2]; עד"ז בנוגע צו דעם ענין פון "מצה ומרור מונחים לפניך"[3], איז "מצה" אויך בזמן הזה א חיוב מן התורה, און "מרור" איז עכ"פ מדרבנן[4];

עד"ז בנוגע צו די ענינים השליליים וואס זיינען פאר-בונדן מיט פסח - דער ענין פון "בל יראה" און "בל ימצא", איז דאס מדאורייתא, ביז וואנעט אז אין דערויף איז נוגע אפי' א "משהו"[5] -

איז וויבאלד אז מ'האט שוין געטאן בפסח ראשון די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח, און מ'האט דאס געטאן מיטן גאנצן שטורעם - איז צוליב וואס דארף מען דעמולט האבן דעם גאנצן ענין פון "פסח שני"?

און אעפ"כ, זעט מען אז "מנהג ישראל תורה הוא"[6] - אז - מ'דריקט -

------------

1) בהעלותך ט, י. 2) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' ע' טו. 3) נוסח ההגדה ממכילתא עה"פ בא יג, ח. 4) פסחים קכ, א. רמב"ם הל' חומ"צ רפ"ו. פ"ז הי"ב. 5) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח רסתמ"ז. 6) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.

מ׳דריקט אוים דעם ענין פון "פסח שני" מיט מנהגים מיוחדים, אע"פ אז בפסח ראשון האט מען שוין געטאן די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח (וכאמור, סיי ענינים וואס זיינען מדאורייתא, און סיי ענינים וואס זיינען עכ"פ מרבנן - וואס דאס איז שלא בערך פון א "מנהג ישראל").

ג. ע"פ נגלה וואלט מען דאס געקענט פארענטפערן:

ס׳איז ידוע די שקו"ט אין אחרונים[7], צי מ׳וועט דארפן מקריב זיין פסח שני אויב דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן בין פסח דאשון לפסח שני - אע"פ אז בפסח ראשון איז נאך דער ביהמ"ק ניט געווען, קען מען ראך זאגן אז די סיבה וואס ער האט ניט מקריב געווען פסח ראשון איז ניט געווען תלוי אין אים, נאר ווייל ס׳איז ניט געווען קיין ביהמ"ק. און לכמה דעות (ביז רוב הדעות) וועט מען דארפן מקריב זיין פסח שני.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווי ס׳איז דורכגעגאנ-גען פסח ראשון אין א מעמד ומצב וואס דער ביהמ"ק איז ניט געווען קיים - איז וויבאלד אז "אחכה לו בכל יום שיבוא", איז גלייך נאך ערב פסח (וואס דעמולט איז דער זמן ההקרבה פון דעם קרבן פסח) איז שוין חל אויף אים א חיוב ער זאל זיך צוגרייטן מקריב זיין פסח שני - מצד דער תקוה חזקה אז במהדה בימינו (פאר פסח שני) יבנה ביהמ"ק.

און דערנאך ווען ס׳קומט י"ד באייר (אזוי ווי בשנה זו) און דער ביהמ"ק איז נאך ניט געבויט געווארן - בלייבט נאך איבער עכ"פ אן ענין של מנהגים מיוחדים וואס זיינען פארבונ-דן מיט פסח שני, מצד דעם חיוב וואס ער האט גענומען אויף זיך גרייטן זיך צו מקריב זיין פסח שני ווען דער ביהמ"ק וועט געבויט ווערן - און דערפאר איז "מנהג ישראל תורה הוא" צו פארבינדן דעם ענין פון פסח שני מיט מנהגים מיוחדים.

ד. יעדער ענין דארף זיך דאך אפשפיגלען אין עבודת האדם - קומט דא צו אן[*]ענין נגלה און אן עבודה נעלית (ע"פ המובן פון דעם דרוש פון פסח שני, מיט די דריי הקדמות):

אפי׳ ווען דער ענין פון פסח ראשון איז ביי אים געווען בתכלית השלימות (כפי מעמדו ומצבו בי"ד ניסן), ער האט דאס געטאן "כמצות רצונך", מיט אלע פרטים ופרטי פרטים, בתכלית השלימות, ווארום דער ביהמ"ק הרוחני וואס איז דא ביי יעדער אידן, דער "ושכנתי בתוכם"[9] - "בתוך כל אחד ואחד"[10], איז קיים;

- איז -

---

7) ראה מנחת חנוך מצוה שפ. שו"ת יוסף אומץ (להחיד"א) ס"ו. לקו"ש חי"ב ע׳ 218 ואילך. 8) אוה"ת בהעלותך ע׳ שסז ואילך. 9) תרומה כה, ח. 10) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.

איז וויבאלד אז ער האט דעם ציווי אז גלייך נאך דערויף דארף ער טראכטן וועגן "מעלין בקודש"[11], און ער נעמט אן אויף זיך די החלטה, און דאס דארף אראפקומען בפועל, אז ס'זאל זיין דער "מעלין בקודש" - דארף ביי אים ווערן א נייער ביהמ"ק, וואס איז שלא בערך צום ביהמ"ק וואס איז געווען ביי אים זייענדיק בדרגתו הקודמת, און דעמולט דארף זיין דער ענין פון פסח שני.

וכמובן בפשטות אז אין דעם ביהמ"ק גופא זיינען געווען חילוקי דרגות - ווארום בשעת ס'איז געווען א חידוש אין די כהנים, "חדשים לקטורת בואו והפיסו"[12], איז געווארן א חידוש אויך אין דעם ביהמ"ק,

[ובמכש"כ וק"ו דערפון וואס אפי' ביי א בית כפשוטו, ועאכו"כ א ביהכ"נ און ביהמ"ד, איז וואס מערער מ'לערנט און מ'דאווענט אין אים, קומט צו מערער קדושה אין די אבנים און אין די עצים און אין דעם עפר פון דעם בית[13] - ועאכו"כ אז בנוגע צום ביהמ"ק זיינען געווען חילוקי דרגות].

וכמובן אז ס'זיינען דא חילוקים אין די בתי מקדשות - ווי ס'שטייט אין עזרא[14] בנוגע צום ביהמ"ק השני "ורבים מהכהנים והלוים וראשי האבות הזקנים אשר ראו את הבית הרא-שון גו' בוכים בקול גדול", ביז וואנעט אז ס'איז דא די מעלה פון ביהמ"ק השלישי לגבי ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני.

ד.ה. אז בשעה עס ווערט א חילוק אין אן אופן וואס איז באין ערוך - ווערט דעמולט א נייער ביהמ"ק, וואס דער פריער-דיקער ביהמ"ק איז שלא בערך צו אים.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום ביהמ"ק הרוחני (וואס ער איז בקיומו ובשלימותו ביי יעדער אידן) - אז אויך נאך דערויף וואס ס'האט זיך געענדיקט די עבודה פון פסח ראשון (ס'האבן זיך געענדיקט די שבעה ימי הפסח, און אויך דער יום השמיני, יו"ט שני של גלויה), און ער האט אפגעטאן אלע ענינים בשלימות -

ווערט דעמולט ביי אים א תשוקה הכי גדולה צו דערגרייכן צו א נייעם דילוג (וואס דאס איז דער כללות הענין פון "פסח שני" - א נייער דילוג, ווי ער איז מבואר אין דעם מאמר), און אויפבויען א נייעם ביהמ"ק, ביז אין אן אופן אז דאס וועט זיין שלא בערך צום "ושכנתי בתוכם" וואס איז ביי אים געווען ביז דעמולט. וואס דאס איז דער כללות הענין פון "פסח שני".

- ה. -

---

11) ברכות כה, א. וש"נ. 12) יומא כו, א במשנה.
13) ראה לקו"ש ח"ו ע' 168. 14) ג, יב.

ה. און ס'איז ניט קיין סתירה צו פשטות הכתובים, וואס אין פשטות הכתובים שטייט אז דער ענין פון "פסח שני" איז פארבונדן מיט "איש כי יהי' טמא לנפש או בדרך רחוקה לכם"ו (און ניט אז ס'קומט צו א העכערע דרגא אין קדושה, א נייעם ביהמ"ק) -

כמובן פון דעם דין[15] אז "טבל לחולין הותזק לחולין אסור למעשר", אז בנוגע צו מע"ש איז ער "טמא" (אדער לויט די צווייטע דעה[16] אז "חולין ומעשר כהדדי נינהו", איז ער עכ"פ "אסור לתרומה"), ועד"ז "טבל לתרומה הותזק לתרומה אסור לקודש, טבל לקודש הותזק לקודש אסור לחטאת" (דער אפר פון די פרה אדומה);

וואס דערפון זעט מען אז אע"פ אז "הותזק לקודש", ער קען ברענגען קרבנות אין ביהמ"ק - איז בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן קדושת פרה אדומה, ווערט ער אנגערופן ע"פ דין התורה בשם "טמא", ווארום ס'רעדט זיך וועגן א העכערע דרגא אין קדושה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בעניננו, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א נייעם ביהמ"ק, א העכערע דרגא אין קדושה - קען ער אנגערופן ווערן (לגבי די העכערע דרגא) בשם "טמא". און דערפאר איז דאס קיין סתירה ניט צו פשטות הכתו-בים אז "פסח שני" איז פארבונדן מיט "איש כי יהי' טמא גו'", ווארום לגבי די קדושה פון דעם נייעם ביהמ"ק, ווערט ער אנגערופן בשם "טמא" - און דעמולט איז ער מקריב "פסח שני".

ו. פון יעדער ענין דארף מען דאך האבן א "בכן" בנוגע צו עבודה בפועל - ועד"ז בעניננו:

אע"פ אז די ענינים פון פסח ראשון זיינען ביי אים געווען בשלימות - דארף ער שטרעבן צוקומען צו א העכערע דרגא, אז זיינע "חולין" זאלן זיין אין אן אופן פון "חולין שנעשו על טהרת הקודש (וואס דעמולט זיינען זיי) כקודש" (ווי די גמרא[17] איז מאריך בזה בנוגע לכמה דינים).

און דערנאך זאגט מען אים אז דאס איז נאך אלץ ניט מספיק - פון די "חולין" דארף ער מאכן "תרומה", וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין פון "הרמה" למעלה כמדריגתם[18]; און דערנאך דארף ער מאכן פון די "תרומה" - "קודש".

און דערנאך זאגט מען אים אז דאס איז נאך אלץ ניט

- מספיק -

---

15) חגיגה יח, ריש ע"ב במשנה. 16) ראה (בגמרא) שם יט, ב. 17) חגיגה שם. 18) ראה אוה"ת תרומה ע' א'שפא. ועוד.



הנחה הת' בלתי מוגה

מספיק, ווארום דאס זיינען די ד׳ דרגות וועלכע זיינען פאר-בונדן מיט סדר השתלשלות - נאר ער דארף צוקומען צו די קדושה פון פרה אדומה (וואס אויף דערויף זאגט מען אז "נתכרכמו פניו של משה"[19]).

וואס דערפון קומט ארויס דער פירוש און דער "בכן" פון דעם מאמר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[20], אז "פסח שני ענינו איז - עס איז ניטא קיין "פארפאלן", מען קען אלעמאל פאריכטן. אפי׳ מי שהי׳ טמא, מי שהי׳ בדרך רחוקה, און אפי׳ "לכם", אז דאס איז געווען ברצונו, פונדעסטוועגן קען מען מתקן זיין" (און וויבאלד אז מ׳קען - מוז מען דאס מתקן זיין) -

איז דער פירוש הפנימי בזה: א איד קען ביי זיך טראכטן, אז דער מעמד ומצב אין וועלכן ער שטייט איז א מעמד ומצב שאין למעלה הימנו, ובמילא האט ער ניט וואס צו הארעווען און אויפטאן - זאגט מען אים אז אפי׳ ווען ער האלט אין דער דרגא פון "קודש", וואס דאס איז כנגד עולם האצילות (כמבואר בארוכה אין די דרושים[21] אז די ד׳ דרגות, חולין, מע"ש, תרומה און קודש, זיינען כנגד די ד׳ עולמות אבי"ע) - דארף ער וויסן זיין אז ס׳איז נאך דא די דרגא החמישית, וואס אין עולמות איז דאס כנגד עולם הא"ס.

וכמבואר בארוכה אין די דרושים אין לקו"ת[22] אז ס׳איז ניט דער פשט אז עולם האצילות, ועאכו"כ עולמות הא"ס, געפינט זיך ערגעץ וואו - נאר ווי ער ברענגט די דוגמא אין די דרושים, אז בשעת משה רבינו האט גערעדט מיט פרעה מלך מצרים, איז וויבאלד אז "משה משה לא פסיק טעמא בגווייהו"[23], האט גערעדט "אצילות" מיט פרעה, וואס ער איז נאך נידעריקער פון עולם העשי׳.

און ווי ער ברענגט אויך די ראי׳ (אז ס׳איז שייך אז אצילות זאל זיין דא למטה) - דערפון וואס מ׳זעט ביי אן אדם למטה, אין דעם כח המחשבה שלו, אז דארטן שטייען אלע דרגות בבת אחת וכו׳, כמבואר אין די דרושים פון ר"ה.

ד.ה. אז אפי׳ בשעת א איד שטייט בתכלית השלימות, ער האט געטאן אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פסח, און האט געמאכט די אלע ברכות, וואס דאס איז א הוכחה גבורה ע"פ דין אז אין דערויף איז ניטא "שום ספק וספק ספיקא" אז דער ענין איז בשלימותו, כמבואר אין אגה"ת[24] -

- זאגט -

------------

19) במדב"ר פי"ט, ד. תנחומא חקת ו. קה"ר פ"ה, א (ה).
20) היום יום ע׳ נג. 21) ראה לקו"ת נצבים מט, ב. המשך תרס"ו ע׳ רסז. 22) נצבים שם. 23) זח"ג קפז, ב.
24) פי"א (ק, א).

זאגט מען אים, אז גלייך נאך דערויף, דארף ער זיך גרייטן צו "פסח שני" - ווארום ער דארף דערגרייכן צו אזא דרגא אין קדושה, אז די פריערדיקע דרגא איז אן ענין של טומאה לגבי די העכערע דרגא (דרגת הקדושה פון פרה אדומה).

ביז וואנעט אז אפי' א "צדיק גמור עובד ה' ביראה ואהבה בתענוגים", וואס דאס איז דער ענין פון עולמות הא"ס ווי דאס איז אין אצילות גופא - איז ער אבער א מציאות און א יש פון עולמות, ער איז א "יש מי שאוהב", כמבואר אין תניא[25] - ובמילא, געפינט ער זיך "בדרך רחוקה", און דאס איז אין אן אופן פון "לכם", ווארום ס'איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט די מציאות פון זיין רצון וכו' - און דערפאר איז גלייך ווי עס ענדיקט זיך די עבודה פון פסח ראשון, הויבט זיך אן די עבודה פון "פסח שני".

ז. די אלע ענינים האמורים, מאנט תורת החסידות [וואס אין "תורת אמת" גופא איז דאס דער חלק הסוד שבתורה, ווי דאס ווערט נתפרש אין אן אופן פון "יתפרנסון"[26] דורך תורת החסידות[27]] פון יעדער אידן בנוגע לעצמו;

ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א צווייטן אידן - ווארום בשעת ס'רעדט זיך בנוגע לעצמו, איז ידע איניש בנפשי' דעם חשבון צדק וכו', משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א צווייטן אידן, האט מען דאך דעם ציווי "אל תבט אל מראהו"[28], און "הוי דן את כל האדם לכף זכות"[29], ובפרט ע"פ המבואר אין תניא[30], און נאכמער בארוכה אין די ביאורים אויף מצות אהבת ישראל[31] - איז א זיכערע זאך אז די הנהגה דארף זיין אין אן אופן פון "אל תבט אל מראהו", און צוגרייטן אים צו דעם ענין פון "פסח שני", מיטן גאנצן עילוי שבזה, כנ"ל בארוכה.

וואס דערפון קומט ארויס דער "בכן" בנוגע לפועל, אז אפי' אויב מ'האט שוין געטאן אין די אלע ענינים בתכלית השלימות, ביז אין אן אופן של דילוג, למעלה ממדידה והגבלה - טאר מען זיך ניט באגנוגענען דערמיט, נאר אין דעם דילוג גופא דארף מען צוקומען צו א דילוג שני ("פסח שני"). און צו וועלכן דילוג ער זאל נאר צוקומען - דארף ער וויסן אז ס'איז דא נאך א העכערער דילוג דערפון.

ובדוגמא ווי מ'געפינט בנוגע צו ג"ע, אז אע"פ אז

- בכללות -

---

25) פל"ה (מד, סע"א ואילך). 26) תקו"ז ת"ו בסופו. 27) ראה לקו"ש ח"ז ע' 206. 28) ל' הכתוב - ש"א טז, ז. 29) אבות פ"א מ"ו. 30) פל"ב. 31) ראה בארוכה קונטרס אהבת ישראל.

בכללות ווערט דאס איינגעטיילט אין צוויי מדריגות, ג"ע התחתון און ג"ע העליון, אעפ"כ, בפרטיות יותר, זיינען דא אין דערויף ריבוי דרגות עד א"ס, ווי ער ברענגט אראפ אין אגה"ק[32] אז ס'איז דא ריבוי דרגות אין ג"ע, און דאס איז דער ענין וואס "ת"ח אין להם מנוחה כו' שנאמר[33] ילכו מחיל אל חיל"[34];

ועאכו"כ ווען מ'געפינט זיך אין עוה"ז, וואס ער איז למעלה ממדידה והגבלה - וואס דערפאר איז מצות התשובה בשלימותה דוקא אין עוה"ז (משא"כ אין ג"ע וואס איז במדידה והגבלה[35]) - איז א זיכערע זאך אז "בשעתא חדא ביומא חדא ברגע חדא"[36] קען ער צוקומען צו א דילוג נעלה יותר, וואס דער דילוג וועט זיין א הכנה והקדמה צו נאך א העכערן דילוג.

וואס דאס איז בדוגמת האמור לעיל (ס"ה) אז אפי' ווען כ'רעדט זיך וועגן חולין וואס זיינען בתכליה השלימות, "חולין שנעשו על טהרת הקודש" - קומט דאס אבער ניט צו די קדושה פון מע"ש, און מע"ש קומט ניט צו דעם ענין פון תרומה, און תרומה קומט ניט צו דעם ענין פון קודש (וואס דאס איז אויך כולל דעם "קודש" פון יוהכ"פ), און דאס קומט ניט צום קודש פון "חטאת" (פרה אדומה).

ה. ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז די כוונה בכל הנ"ל איז, כ'דאל כוסיף זיין אין אלע מבצעים כלליים, און דערפון דאל אויך אראפקומען אין אלע פרטים פון הפצת היהדות, תורה ומצוותי'.

וכמדובר כמ"פ אז מצד גודל חשיבות הענין, דארף מען דערמאנען די "מבצעים" בשמם:

"מבצע חינוך", וואס דאס הויבט זיך אן פון זיך אליין, און דערנאך ווערט דאס נמשך לכל מקום שידו מגעת,

"מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש",

און "מבצע טהרת המשפחה" - וואס דאס האט א שייכות מיוחדת להמדובר לעיל אז ס'זיינען דא כו"כ דרגות אין דעם ענין הטהרה, ביז וואנעט אז ער ווערט טהור אויך לגבי דעם מעמד ומצב פון "חטאת".

- און -

------------

32) סו"ס יז. 33) תהלים פד, ח. 34) סיום מס' ברכות ומו"ק. 35) לקו"ת פינחס עה, ג. יוהכ"פ ע, א. ועוד. 36) ה"א קמט, סע"א.

און ווי ער זאגט אין דעם "שער" פון ספר התניא - אז מ׳זאל וויסן אז "לא נפלאת היא ממך ולא רחוקה היא לא בשמים היא גו׳ ולא מעבר לים היא גו׳ כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[37] - ובפרט אז דאס קומט אראפ אין "לעשותו", וואס "המעשה הוא העיקר"[38].

* * *

ט. אויף צו באנייען דעם ענין פון לימוד פרש"י אויף חומש, אויף דער סדרה פון פרשת השבוע וואס מ׳האט געלייענט דעם שבת - ובפרט אז ס׳האט א שייכות להמדובר לעיל, און ס׳איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון ספה"ע, וואס איצטער געפינט מען זיך אין די טעג פון ספה"ע.

נאך דערויף וואס דער פסוק[39] זאגט "וספרתם לכם גו׳", ביז צו שלימות הענין פון ספה"ע, דער ענין פון חגה"ש - זאגט דער פסוק[40]: "ובקוצרכם את קציר ארצכם לא תכלה פאת שדך בקוצרך ולקט קצירך לא תלקט לעני ולגר תעזוב אותם אני ה׳ אלקיכם".

וואס אין דעם פסוק ווערט גלייך א שאלה: דער זעלבער ענין (נאר מיט קליינע שינויים) שטייט שוין פריער אין פ׳ קדושים[41], איז צוליב וואס דארף מען דאס איבער׳חזר׳ן דא נאכאמאל?

וכמדובר כמ"פ אז רש"י מוז באווארענען יעדער קושיא וואס איז דא אין פשש"מ, ביז וואנעט אז ווען ס׳איז ניטא קיין הסברה אין דרך הפשט, זאגט רש"י "לא ידעתי"[42] - וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק, אז דארטן וואו רש"י זאגט ניט "לא ידעתי", איז דא א הסברה אין פשש"מ, נאר דאס איז אזוי-פיל פארשטאנדיק אין פשש"מ ביז וואנעט אז רש"י דארף דאס אפי׳ ניט מפרש זיין; און דארטן וואו דער בן חמש למקרא פאר-שטייט דאס ניט מעצמו, דארף דאס רש"י מסביר זיין אז ס׳זאל זיין פארשטאנדיק אין פשש"מ -

איז כדי צו פארענטפערן די קושיא הנ"ל (וואס דארף מען איבער׳חזר׳ן נאכאמאל דעם זעלבן ענין וואס שטייט שוין אין פ׳ קדושים) - זאגט רש"י: "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין".

און דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות אז דאס איז ניט קיין איבעריקע זאך - ווארום דורך דעם וואס מ׳זאגט אז מ׳איז עובר אויף דערויף "בשני לאוין", באווייזט דאס אויף

- דעם -

---

37) נצבים ל, יא-יד. 38) אבות פ"א מי"ז. 39) פרשתנו כג, טו. 40) שם, כב. 41) יט, ט-י. 42) נסמן בלקו"ש ח"ה ע׳ 1 בשוה"ג הא׳ להע׳ 2.

דעם תומר ותשיבות הענין - און דערפאר דארף דאס די הורה - מלשון הוראה[43] - דערציילן אונז.

דערנאך איז רש"י ממשיך: "אמר רבי אבדימי ברבי יוסף מה ראה הכתוב ליתנן באמצע הרגלים, פסח ועצרת מכאן וראש השנה ויום הכיפורים וחג מכאן, ללמדך שכל הנותן לקט שכחה ופאה כראוי, מעלין עליו כאילו בנה בית המקדש והקריב עליו קרבנותיו בתוכו".

און ס'איז ניט קיין תמיהה פאר וואס איז רש"י מעתיק פון דעם פסוק מערניט ווי דעם ווארט "ובקוצרכם" - כמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י איז מפרש א גאנצן ענין (ניט נאר דעם לשון הכתוב), איז רש"י מעתיק פון פסוק מערניט ווי איין ווארט, און שרייבט אפי' ניט "וגו'", ווארום דא איז ניט נוגע דער לשון הכתוב, נאר דער תוכן הפסוקים - ווי מ'געפינט דאס אין פרשת האפוד והחושן[44], ועוד.

י. דארף מען פארשטיין:

א) כמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י וויל זאגן צוויי ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן זעלבן פסוק, זיי האבן אבער ניט קיין קשר צווישן זיך - זאגט דאס רש"י אין צוויי באזונדערע ד"ה'ס; ער ברענגט צוויי מאל דעם פסוק, איין מאל זאגט ער דעם ערשטן ענין, און דעם צווייטן מאל זאגט ער דעם צווייטן ענין.

ובנדו"ד - זאגט רש"י צוויי באזונדערע ענינים וואס האבן ניט קיין קשר צווישן זיך: פריער איז ער מבאר פארוואס איז "חזר ושנה", און דערנאך איז ער מבאר "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים";

וואס אפי' ווען ס'וואלט ניט געווען "חזר ושנה" (דאס וואלט געשטאנען צום ערשטן מאל), בלייבט אויך די קושיא "מה ראה ליתנם באמצע הרגלים" (דאס האט געדארפט שטיין אדער אין פ' בהר, וואו ס'רעדט זיך וועגן עבודת האדמה און דער ענין פון שמיטה, אדער אין פ' קדושים וואו ס'רעדט זיך וועגן צדקה און עזר לעניים וכיו"ב, אבער ניט "באמצע הרגלים") - איז דאך דאס ניט פארבונדן דערמיט וואס רש"י איז מבאר פאר-וואס איז "חזר ושנה" - און אעפ"כ שרייבט רש"י דיביידע ענינים אין איין ד"ה?

ב) אין דעם פסוק שטייט "לא תכלה <u>פאת</u> שדך בקוצרך <u>ולקט</u> קצירך לא תלקט", פאה און לקט - און רש"י איז מוסיף אויך "שכחה", ולכאו', שכחה - כאן דכר שמי'?!

- ג) אז -

------------

43) זח"ג נג, א. 44) ראה פרש"י תצוה כח, ו.

ג) אז מ׳גיט א קוק אין תו"כ, זעט מען אז דארטן שטייט מאקע אויך "שכחה"; אבער דארטן שטייט אויך "מעשר עני" - איז אויב רש"י וויל מעתיק זיין דעם לשון פון תו"כ, האט ער געדארפט זאגן אויך "מעשר שני"?

ד) רש"י איז משנה דעם סדר הכתוב: אין פסוק שטייט "לא תכלה פאת גו׳ ולקט גו׳", פריער פאה און דערנאך לקט, און רש"י איז מהפך דעם סדר און שרייבט "לקט (און איז מוסיף "שכחה") ופאה", פריער לקט און דערנאך פאה?

ה) רש"י ברענגט דא אראפ דעם נאמען פון בעל המאמר - "אמר רבי אברימי ברבי יוסף". וכמדובר כמ"פ בארוכה[45] אז בשעת ס׳איז דא א קושיא וואס א תלמיד היוצא מן הכלל, תלמיד ממולח, קען איר פרעגן (ניט קיין קושיא פון א בן חמש למקרא סתם - וואס רעמולט דארף דאס רש"י באווארענען בפירוש) - באווארענט ראס רש"י דערמיט וואס ער זאגט דעם נאמען פון דעם בעל המאמר.

דארף מען פארשטיין: וואס וויל דא רש"י באווארענען, און ווי אזוי ווערט דאס באווארענט וויסנדיק אז דער בעל המאמר איז "רבי אבדימי ברבי יוסף"?

ו) אז מ׳גיט א קוק אין תו"כ, ווערט נאך א גרעסערע קושיא אויף רש"י:

אין תו"כ שטייט: "ללמדך שכל מי שהוא מוציא לקט שכחה ופאה ומעשר עני מעלים עליו כאילו ביהמ"ק קיים והוא מקריב קרבנותיו לתוכו" (ניט אז ער בויעט דעם ביהמ"ק, נאר דער ביהמ"ק איז קיים, און ער איז "מקריב קרבנותיו לתוכו") - און רש"י זאגט: "מעלין עליו כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו" (אז ער בויעט דעם ביהמ"ק)?

וואס בפשטות דארף מען זאגן אז רש"י האט געפונען אזא גירסא, ווארום וויבאלד אז רש"י ברענגט דאס בשם אומרו, וועט ער דאך ניט זאגן א זאך וואס יענער האט ניט געזאגט;

ס׳איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: דערפון וואס די גירסא שברוב הספרים איז לויט ווי ס׳איז דערגאנגען צו אונז, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז די גירסא הכי נפוצה,

ווי מ׳זעט בפשטות מידי יום ביום, אז ווען ס׳ווערן נתגלה נייע כתבים, כתבי-יד אדער אלטע דפוסים, געפינט מען דארטן נייע גירסות וואס ביז איצטער האט מען פון זיי ניט געוואוסט, ווארום די מעתיקים נעמען די גירסא וואס איז דא ברוב הכתבי-יד, ד.ה. די גירסא הכי נפוצה,

- ווי -

45) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 191. 204. ח"י ע׳ 191.

- ווי מ׳געפינט דאס אויך אין אדר"נ[46] און אין מסכת סופרים[47], אז בשעה ס׳איז געווען א ספק ווי דארף זיין די גירסא אין הנ"ך, אין צוויי ספרים איז געווען איין נוסח, און אין איין ספר איז געווען א צווייטער נוסח - האט מען אנגעשריבן לויט ווי ס׳שטייט אין די צוויי ספרים,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די גירסא וואס איז דערגאנגען צו אונז, איז די גירסא הכי נפוצה,

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט רש"י אויסגעקליבן דוקא די גירסא וואס איז נים קיין נפוצה?

מוז מען זאגן אז רש"י האלט אז אין דרך ההלכה טוט אויף דער קיום פון מצות לקט שכחה ופאה מערניט ווי "כאילו ביהמ"ק קיים והוא מקריב קרבנותיו לתוכו", משא"כ אין דרך הפשט, טוט ער אויף נאכמער (ווי די צווייטע גירסא) - "כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו לתוכו".

ז) דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף דעם וואס ס׳שטייט "(לעני ולגר) תעזוב", און טייטשט אפ: "הנח לפניהם והם ילקוטו, ואין לך לסייע לאחד מהם".

איז ניט פארשטאנדיק (כקושיית המפרשים[48]): רש"י אליין זאגט דאך אז אין דעם פסוק איז מערניט ווי "חזר ושנה כו׳" - האט דאך רש"י געדארפט מפרש זיין דאס וואס ס׳שטייט "לעני ולגר העזוב" צום ערשטן מאל וואו דאס שטייט, אין פ׳ קדושים, פארוואס איז דאס רש"י מפרש ערשט ווען "חזר ושנה"?

מיט נאך כמה דיוקים - וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

יא. ס׳איז דאך אויך נהוג צו זאגן אן ענין אין דעם טאטן׳ס הערות אויפן זהר - ברענגט ער אראפ[49] דעם זהר פון פ׳ אמור אין פ׳ המועדים[50], וואס דארטן שטייט: "א"ר יוסי הני ארבע כסי דההוא ליליא אמאי א"ר אבא כו׳ לקביל ד׳ גאולות כו׳", און ער איז דאס מבאר אין די הערות.

וכמדובר כמ"פ אז מצד דערויף וואס ער האט ניט געהאט קיין טינט, און האט ניט געהאט קיין פאפיר אויף וואס צו שרייבן, נאר ער האט געדארפט שרייבן על גליון הזהר - האט ער געשריבן מערניט ווי די דברים המוכרחים, און די איבעריקע זאכן - האט ער זיך פארלאזט אז מ׳וועט זיך אליין כאפן אויף זיי.

- ובנוגע -

------------

46) נוסחא ב׳ פמ"ו - הובא בתו"ש משפטים פ׳ כד אות כט.
47) פ"ו ה"ד. וראה ירושלמי תענית פ"ד ה"ב. ועוד.
48) שפ"ה עה"פ. 49) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ שכ ואילך.
50) ח"ג צה, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ובנוגע לעניננו - דארף מען פארשטיין: וואס איז דער חידוש וואס מ'טוט אויף אין תורת הנסתר אז די ד' כוסות זיינען כנגד ד' לשונות של גאולה - דאס שטייט בפירוש אין מד"ר אין בראשית[51] וואו ס'רעדט זיך וועגן די ד' כוסות (אנהויבנדיק פון די כוסות של פרעה), און ס'ווערט אויך אראפגעבראכט בכמה מדרשים[52]?

און אויך: וואס איז דער "בכן" דערפון אין עבודת האדם - כמדובר כמ"פ אז פון יעדער ענין דארף ארויסקומען א "בכן" אין עבודת האדם.

יב. כרגיל אויך אפלערנען א משנה אין דעם פרק פון היינטיקן שבת - פרק שלישי [שהוכפל בו כי טוב[53], טוב לשמים וטוב לבריות[54]] - וועט מען זיך אפשטעלן אויף דער משנה "הכל צפוי והרשות נתונה ובטוב העולם נדון והכל לפי רוב המעשה"[55].

וואס דער רמב"ם אין פיהמ"ש זאגט אויף דעריף "זה המאמר כולל דברים גדולים מאד" - און איז מסביר אז "הכל צפוי" מיינט, אז מלמעלה זעט מען כל פרט ופרט וואס עס טוט זיך;

מ'זאל אבער ניט א טעות האבן און מיינען אז וויבאלד "הכל צפוי" נעמט מען צו די בחירה ביים מענטשן - איז די משנה ממשיך "והרשות נתונה",

דערנאך איז די משנה ממשיך "ובטוב העולם נדון", אז די וועלט איז נדון לויט מדת הרחמים און מדת החסד,

און דערנאך זאגט די משנה "והכל לפי רוב המעשה" - אז בשעת ער קען געבן דעם זעלבן סכום אויף צדקה, ער גיט דאס אבער בכו"כ נתינות, ביז ווי די דוגמא וואס דער רמב"ם ברענגט "שהתנדב אלף זהובים באלף פעמים", איז דוקא דורך דעריף ווערט נחקק בנפשו די תכונה פון געבן צדקה, נאכמער ווי דאס איז אין דעם "מעשה אחד הגדול" פון געבן אלף זהובים מיט איין מאל, ווארום דאס איז טאקע א פעולה גדולה, אבער דערמיט ווערט ניט נחקק בנפשו דער ענין פון מעשה הצדקה אז דאס זאל ביי אים ווערן א טבע והרגל, משא"כ ווען ער גיט דאס באלף פעמים, "רוב המעשה", וואס דעמולט איז "כפל מעשה הנדיבות אלף פעמים והגיע לו קנין הזק".

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אגה"ק[56] דעם

- פירוש -

---

51) פפ"ח, ה. 52) שמו"ר פ"ו, ד. ועוד. ירושלמי פסחים פ"י ה"א. 53) פרש"י בראשית א, ז. 54) קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשיה לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד. 55) כט"ו. 56) סכ"א (קלג, ב).



הנחת הת' בלתי מוגה

פידוש פון דעם רמב"ם אויף "הכל לפי רוב המעשה", און ער איז מסביר בארוכה (ע"ד החסידות והקבלה) דעם יחוד וואס ווערט אויפגעטאן למעלה פון יעדער מעשה.

[און נאכמער איז דאס מודגש אין גירסת הרמב"ם (אע"פ אז דער אלטער רבי ברענגט ניט אראפ די גירסא) "הכל לפי רוב המעשה ולא לפי גודל המעשה", ד.ה. אז ס'איז מודגש ניט נאר דער צד החיובי, "רוב המעשה", נאר אויך דער צד השלילי - "ולא לפי גודל המעשה"].

וכמדובר כמ"פ אז בשעת עטליכע זאכן שטייען אין איין משנה, מוז מען זאגן אז ס'איז דא א שייכות צווישן זיי, ווארום דאס איז א רישא וסיפא און מציעתא פון איין משנה;

ובנדו"ד - איז דאך דער ענין וואס "בטוב העולם נדון", און "הכל לפי רוב המעשה", צוויי באזונדערע ענינים וואס האבן ניט קיין קשר צווישן זיך?

און אפי' די צוויי ענינים פון "הכל צפוי" און "הרשות נתונה" (וואס דער רמב"ם איז מבאר זייער קשר, כנ"ל) - איז אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער קשר דערפון מיט דעם וואס די משנה איז ממשיך "ובטוב העולם נדון והכל לפי רוב המעשה"?

וכפי שיתבאר לקמן.

יג. אויף אומקערן זיך להמדובר לפנ"ז - און דערווייל וועט מען קענען טראכטן וועגן די קושיות וואס מ'האט געפרעגט - איז דאך דאס דער שבת וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי"[57], אלע ששה ימים שלאח"ז, אנהויבנדיק גלייך פון מוצאי שבת, וואס דעמולט הויבט זיך שוין אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו"[58] - וואס דערפאר זאגט מען במוצאי שבת "אל תירא עבדי יעקב"[59].

[וואס אע"פ אז אין נוסח חב"ד זאגט מען דאס ניט - טראכט מען אבער וועגן דעם, ועכ"פ מ'ווייסט דערפון - וויבאלד אז עס ווערט נתבאר אין לקו"ת[60] עניינו אין עבודת האדם].

וואס נאך דעם וואס מ'האט שוין גערעדט וועגן דעם ענין פון פסח שני, וואס הויבט זיך אן גלייך במוצאי שבת - איז בהמשך צו דעם וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי", איז נאך פסח שני קומט דער ענין פון ל"ג בעומר.

- וואס -

------------

57) זח"ב סג, ב. פח, א. 58) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. 59) ישעי' מד, ב. ועוד. 60) לקו"ת בלק עב, ב. וראה ג"כ סד"ה בראשית ברא דמוצאי שבת בראשית ש.ז.

וואס דאס איז איינער פון די טעמים אויף דער התוועדות - כדי צו דערמאנען נאכאמאל און מזרז זיין וועגן אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר.

וכמדובר כמ"פ דאס וואס רשב"י האט געזאגט (צוזאמען דערמיט וואס ער רעדט דארטן די מעלה פון צדיקים נסתרים, און צדיקים שעליהם העולם עומד) אז "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין"[61] - וואס דערפון גופא איז דאך פארשטאנדיק אז ס'רעדט זיך וועגן א מעמד ומצב וואס ס'איז דא א קס"ד אז ס'זאל זיין מדת הדין - לייגט ער זיך אדיין אין דערויף, און זאגט אז "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין".

ד.ה. אויף וואס נוצט אויס רשב"י זיין גדלות, דאס וואס "ראיתי בני עלי' והן מועטין כו' אם שנים הן אני ובני"[61], און "ואם חד הוא אנא הוא"[62] - נוצט ער דאס אויס אויף "לפטור את כל העולם כולו מן הדין".

וכמדובר כמ"פ אז תורה דערציילט ניט קיין סיפורים סיידן אז אין דערויף איז דא א הוראה, כמבואר בארוכה אין זהר פ' בהעלותך[63] ובכ"מ. און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אפי' צו א בן חמש למקרא - ווארום וויבאלד אז "משה קבל תורה מסיני" (ווי מ'זאגט אין פרק ראשון פון פרקי אבות), איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת דער אויבערשטער זאגט אן ענין, איז דאס אן ענין הכי גדול, און ניט קיין סיפור יפה בעלמא, אפי' ניט קיין סיפור וועגן א צדיק - נאר אין דערויף מוז זיין א הוראה.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם וואס די משנה זאגט "הכל צפוי כו'" - וואס דער ענין פון פרקי אבות איז ניט צו מבאר זיין יסודי התורה (ע"ד ווי דער רמב"ם איז מבאר אין הל' יסוה"ת דעם ענין פון אמיתית המציאות און דעם ענין האחדות, און דערנאך ברענגט ער די הלכות וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן), נאר דאס איז אן ענין פון "מילי דחסידותא"[64], ד.ה. אז יעדער ענין וואס שטייט אין פרקי אבות, דארף דערפון ארויסקומען (ניט נאר אן ענין של תידוק אין קיום הדין, נאר) אן ענין פון "מילי דחסידותא", לפנים משורת הדין.

וככובן בפשטות אז "הכל צפוי" איז אן ענין וואס איז נוגע צו "מילי דחסידותא", ועד"ז "הרשות נתונה" און "בטוב העולם נדון" און "הכל לפי רוב המעשה", איז דאס אלץ ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "מילי דחסידותא";

- איז -

---

61) סוכה מה, ב. 62) ב"ר פל"ה, ב. 63) קנב, א. 64) ראה ב"ק ל, א.

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם סיפור וואס רשב"י האט געזאגט "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין" - אז אע"פ אז דערפון זעט מען דאך די גדלות העבודה פון רשב"י, אעפ"כ, דארף אין דערויף זיין א הוראה לכאו"א.

יד. די הוראה דערפון איז:

בשעת מ'טרעפט א אידן, וועלכער איד ס'זאל נאר זיין (אויב ס'איז א איד וואס שטייט אין א העכערע דרגא פון אים, דארף ער דאך זיכער עפעס לערנען פון אים, ווארום "איזהו חכם הלומד מכל אדם"[65], און) אפי' א איד וואס איז נידעריקער פון אים, ביז צו א איד וואס דארף אנקומען צו דעם זכות פון רשב"י - דערציילט מען אים אז רשב"י (וואס "אם חד הוא אנא הוא") האט זיך אראפגעלאזט כדי צו מציל זיין דעם אידן.

ביז וואנעט אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן אזא וואס "נתן בו עיניו ונעשה גל של עצמות"[66], ער איז געווארן אויס מציאות - איז ער אויך געווען אין דעם כלל פון דעם "עולם" (וואס "יכול אני לפטור את כל <u>העולם</u> כולו מן הדין"), ווארום די מעשה (פון "נתן בו עיניו כו'") איז געווען לאח"ז - לאזט זיך אראפ רשב"י אויף צו מציל זיין אזא אידן.

און בשעת ער קוקט זיך ארום און זעט די וועלט, ווייזט זיך אים אויס (און אפשר איז טאקע אזוי) אז ס'איז אן עולם מלשון העלם והסתר[67] - איז ווען ס'קומט ל"ג בעומר, זאגט מען אים אז דאס איז יום שמחתו פון דעם רשב"י[68], און רשב"י וויל אז אלע זאלן זיך דעמולט פרייען בשמחתו.

וואס לכאו' איז דאס א דבר פלא: בל"ג בעומר איז ביי רשב"י געווען די עלי' הכי נעלית, ביז אז "בחד קטירא אתקטרנא בי' בקוב"ה" מיט די גאנצע הפלאה וואס ווערט דער-ציילט אין אדר"ז[69];

און צוליב דערויף דארף א פשוט'ער איד בזמננו אלו (וואס בערך צו "ראשונים כמלאכים", און אפי' בערך צו די "אחרונים" וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין דער סוגיא פון שבת[70] - איז יעדער איד א "פשוט") פרייען זיך מיט א שמחה מופלגה בשמחתו של רשב"י!

און ווי ס'שטייט אין ספרים א דבר פלא - אז די וואס

- זיינען -

------------

65) אבות רפ"ד. 66) שבת לד, א. 67) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 68) מ"ח מס' אייר פ"א כ"ו. וראה פע"ח שכ"ב פ"ז. 69) האזינו רפה, א. וראה ג"כ שם רצו, ב. סידור שער הל"ג בעומר רש, סע"ב ואילך. 70) קיב, ב. וראה הנסמן בלקו"ש וישלח תשל"ז הע' 14.

זיינען געווען בל"ג בעומר אין מירון, האבן געפילט אן איבערגעוויינליכע שמחה, אז ס'איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק אין דרך הטבע; אזוי איז דער הרגש האדם דארטן בפשטות. און פארוואס איז דאס - דערפאר וואס דעמולט איז ביי רשב"י געווען דער ענין פון "בחד קטירא אתקטרנא כו'", ביז אז ער איז צוגעקומען לשרשו ומקורו, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון ל"ג בעומר.

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז - ע"ד המבואר אין תניא[71] בנוגע צו משה רבינו, אז "אף כי מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו לגשת כו'" גלייכן זיך צו משה רבינו, אעפ"כ, "אפס קצהו ושמץ מנהו כו' מאיר לכללות ישראל בכל דור ודור", וויבאלד אז ענינו איז אז ער איז א "רועה נאמן", ביז אין אן אופן אז דאס קומט אראפ בפועל - וואס דערפאר[72] זאגט מען "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה"[73], אז מצד בחי' משה שבכאו"א, איז ביי אים דער ענין פון יראה א "מילתא זוטרתי"[74];

איז עד"ז אויך בנוגע צו רשב"י - כמבואר אין זהר בכ"מ[75] אז רשב"י איז געווען בדוגמא צו משה רבינו בדורו, און דערפאר איז ענינו דא ביי יעדער אידן.

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם דור פון עקבתא דמשיחא, וואס זיי האבן א שייכות מיוחדת צו רשב"י, ווארום "בגין דעתידין ישראל למטעם מאילנא דחיי דאיהו האי ספר הזוהר יפקון בי' מן גלותא ברחמי"[76] - וואס א איד, ובפרט רשב"י וואס ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו"[77], איז מחוייב צו מגלה זיין הורתו צו אנדערע אידן, ביז אין אן אופן פון "מצוה לגלות זאת החכמה"[78], און ס'ווערט אויף אים דער חיוב פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון".

סו. עד"ז איז דא א הוראה מיוחדת צו קטנים וקטנות און צעירים וצעירות:

בל"ג בעומר איז געווען דער ענין וואס הלמידי ר"ע פסקו למות[79], ד.ה. אז ל"ג בעומר ברעכט איבער דעם גאנצן

- ענין -

---

71) פמ"ד (סג, א). 72) שם רפמ"ב. 73) עקב י, יב. 74) ברכות לג, ב. 75) ראה הגה"ה בסוף הקדמת הזהר (יד, סע"ב). סדה"ד סוף ערך רשב"י. סידור שם. 76) זח"ג קכד, ב. 77) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 78) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב). 79) טושו"ע (ואדה"ז) הל' פסח סתצ"ג ס"ב (ס"ה).

ענין הפכי, און ניט נאר אז ס'ווערן בטל די ענינים וואס באווייזן אויף היפך הטוב, און מ'איז שולל דעם ענין פון "לא נהגו כבוד זה לזה"[80], נאר נאכמער: מ'איז דאס גאר מהפך ביז אז ס'קומט ארויס אן ענין של שמחה גדולה ביותר.

וכמדובר כמ"פ[81] אז דאס וואס מ'זאגט אויף תלמידי ר"ע אז "לא נהגו כבוד זה לזה", מיינט דאס ניט בפשטות ח"ו, ווארום מ'רעדט דאך וועגן "תלמידי ר"ע" - נאר מצד דעם ענין פון "קנאת סופרים תרבה חכמה"[82], האבן זיי שולל געווען דעם דרך העבודה און דעם דרך הלימוד פון דעם צווייטן;

דערציילט מען היינטיקע תלמידים, אז זיי זאלן וויסן אז אפי' אזא ענין פון "לא נהגו כבוד זה לזה", האט אויך געבראכט צו אן ענין של היפך המציאות - און מ'דערציילט דאס צו היינטיקע תלמידים ותלמידות, כדי אז זיי זאלן וויסן ווי אזוי מ'דארף זיך פירן.

וואס דאס איז בכללות דער ענין פון מצוות שבין אדם לחבירו.

דערנאך איז אויך דא דער ענין פון ל"ג בעומר ווי ס'איז פארבונדן מיט ענינים שבין אדם למקום - כאמור לעיל אז ענינו של רשב"י איז געווען אז "תורתו אומנתו", וואס דאס איז דער כללות הענין פון בין אדם למקום.

ובפרט אז עיקר ענינו של רשב"י איז געווען דער לימוד פון סודות התורה, און אין חלק הסוד גופא - רזין דרזין; און דער לימוד איז געווען מערניט ווי מיט יחידי סגולה, ווארום דעמולט איז נאך ניט געקומען די צייט אויף דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" (ניט ווי דער לימוד פון חלק הפשט וואס איז שייך אפי' צו א בן חמש למקרא) - וואס דאס איז אן ענין וואס איז בינו לבין קונו.

וואס דאס זיינען די צוויי ענינים כלליים - דער ענין פון בין אדם למקום, און דער ענין פון בין אדם לחבירו - וואס מ'דארף מסביר זיין צו יעדער קטן וקטנה, צעיר וצעירה, דאס וואס זיי דארפן מיטנעמען פון דעם טאג פון ל"ג בעומר;

און ניט נאר בנוגע צו א קטן וקטנה, נאר אויך בנוגע צו זיך אליין, ווארום לגבי זיין מעמד ומצב ווי ס'וועט זיין מארגן, ווען ביי אים וועט צוקומען אין "רוב ימים" - איז ער היינט א צעיר ותלמיד, און ער דארף נאך לערנען "מכל אדם".

- טז. -

------------

80) יבמות סב, ב. 81) ראה לקו"ש ח"ז ע' 342 ואילך. ובהערות שם. 82) ב"ב כא, א.

טז. ובנוגע לפועל:

אזוי ווי יעדער זאך דארף דאך זיין אין אן אופן מסודר, זאל מען מאכן די הכנות הכי מסודרות בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר,

וואס אע"פ אז בשנה זו מאכט מען ניט קיין תהלוכה הכי גדולה, דערפאר וואס די עיקר קינדער וועלכע מ'דארף מקרב זיין זיינען פארנומען מצד חוקי המדינה, ועד"ז זיינען דא די שיעורים קבועים בכמה ישיבות ות"ת'ס - איז אע"פ אז מ'קען ניט צוזאמענקלייבן כולם ביחד, בלייבט אבער געגוג צייט במשך היום אויף צוזאמענקלייבן זיך יעדער בית-ספר, ת"ת, מיטוואך-שעה וכו' במקומו, באופן האפשרי ובאופן הכי גדול,

זאל מען צוזאמענקלייבן די קינדער, און מסביר זיין זיי בדברים היוצאים מן הלב, סיי דעם ענין פון בין אדם לחבירו (אז ס'זאל ניט זיין די הנהגה אין אן אופן פון "לא נהגו כבוד זה לזה"), און סיי דעם ענין פון בין אדם למקום (דער ענין פון לימוד התורה).

וואס דאס קומט אויך בהמשך להמדובר אין די פריערדיקע התוועדויות, אז בכל מקום ומקום זאל מען מוסיף זיין סיי אין דעם ענין פון לימוד התורה, און סיי אין דעם ענין הצדקה (גמ"ח).

וואס דאס זיינען די צוויי ענינים (תורה און צדקה) אויף וועלכע מ'זאגט[83] "ציון במשפט (דער ענין פון "תורה" - ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[84]) תפדה ושבי' בצדקה".

און ס'וועט זיין דער ענין פון "יפקון בי' מן גלותא ברחמי" - "מיד הן נגאלין"[85], אין אן אופן פון "ברחמי", בעגלא דידן ממש.

* * *

יז. דער ביאור אין פרש"י:

בשעת דער בן חמש למקרא לערנט אין פ' אמור דעם פסוק "ובקוצרכם את קציר ארצכם וגו'" (ניט וויסנדיק אז דאס שטייט שוין דעם צווייטן מאל) - איז ביי אים ניט קיין קושיא פאדוואס שטייט דאס דא, ווארום ס'איז פארשטאנדיק בפשטות:

וויבאלד אז אין דער פרשה רעדט זיך וועגן די מצווה

- וואס -

---

83) ישעי' א, כז. 84) לקו"ת ד"פ דברים. 85) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון קציר, אנהויבנדיק פון "כי תבואו אל הארץ אשר אני נותן לכם וקצרתם את קצירה והבאתם את עומר ראשית קצירכם"[86], און דערנאך שטייט "והקרבתם מנחה חדשה לה'"[87] (און ווי רש"י טייטשט אפ: "היא המנחה הראשונה שהובאה מן החדש, וא"ת הרי קרבה מנחה העומר, אינה כשאר כל המנחות שהיא באה מן השעורים");

קען מען דאך מיינען אז בשעת ער ברענגט "ראשית קצירכם" פון שעורים, און "מנחה חדשה" פון חטים, האט ער שוין מקיים געווען די אלע מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט "וקצרתם את קצירה" - באווארענט דער פסוק אז "ובקוצרכם את קציר ארצכם (זיינען דא נאך כמה מצוות -) לא תכלה פאת שדך בקוצרך ולקט קצירך לא תלקט גו'".

אבער בשעת רש"י זאגט אז ס'איז ניט דעם ערשטן מאל וואו ס'שטייט דער ענין, דאס שטייט שוין פריער אין פ' קדושים, און דא איז "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין" - ווערט דעמולט ביים בן חמש למקרא א שטודעם'דיקע קושיא: "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים"; וויבאלד אז מ'ווייסט שוין וועגן די מצוות פון פאה און לקט, און ס'איז מערניט ווי "חזר ושנה כו'", האט דאס געדארפט שטיין דארטן וואו ס'רעדט זיך וועגן עניני שדה, וואס דעמולט פאסט דער ענין פון "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין" - פארוואס שטייט דאס אבער "באמצע הרגלים"?

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק דער קשר פון די צוויי ענינים וואס רש"י זאגט (אז "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין", און "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים") - ווארום די קושיא "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים", ווערט ערשט נאך דערויף וואס מ'ווייסט אז ס'איז ניט דעם ערשטן מאל וואס ס'שטייט דער ציווי (וואס דעמולט וואלט די קושיא ניט געווען, כנ"ל), נאר "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין". און דערפאר שרייבט דאס רש"י מיט איין המשך און אין איין ד"ה.

יח. אויף צו פארענטפערן די קושיא "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים" - ברענגט רש"י פון תו"כ, "ללמדך שכל הנותן לקט שכחה ופאה כראוי מעלין עליו כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו".

וואס אין דערויף איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

א) צוליב וואס דארף רש"י מעתיק זיין די גאנצע אריכות

- הקושיא -

------------

86) פרשתנו שם, י. 87) שם, טז.

הקושיא פון תו"כ, ער האט געקענט זאגן נאר "מה ראה הכתוב ליתנם באמצע הרגלים", צוליב וואס דארף ער ברענגען אויך די פרטים אז "פסח ועצרת מכאן ור"ה ויוהכ"פ וחג מכאן" (דאס קען מען אליין זעהן אין דעם פסוק)? ובפרט אז אין תו"כ שטייט ניט "חג"?

ב) אויף "ללמדך שכל הנותן לקט שכחה ופאה כראוי מעלין עליו כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו לתוכו", דארף מען ניט משנה זיין דעם סדר הפשוט, און מפסיק זיין "באמצע הרגלים" מיט דיני קצירה - ווען ס'וואלט געשטאנען בסמיכות צו פרשת הרגלים, וואלט מען אויך געקענט פרעגן וואס איז דער קשר דערפון צו פרשת הרגלים, און פארענטפערן "ללמדך כו' כאילו בנה ביהמ"ק כו'"?

יט. וועט מען דאס פארשטיין בהקדים נאך א קושיא:

רש"י זאגט דאך אז "חזר ושנה לעבור עליהם בשני לאוין", ד.ה. אז דא איז ניט די ערשטע מאל וואו ס'שטייט דער ציווי פון לקט כו', נאר "חזר ושנה כו'";

איז בשעת דער בן חמש למקרא גיט א קוק אין פ' קדושים (וואו דער ציווי שטייט צום ערשטן מאל), זעט ער אז דארטן שטייט אויך "וכרמך לא תעולל ופרט כרמך לא תלקט"[88] - ווערט ביי אים א קושיא: פארוואס שטייט דאס ניט בפרשתנו?

בפשטות קען מען פארענטפערן, אז אויף "כרמך לא תעולל גו'" איז ניטא קיין "שני לאוין", און דערפאר איז ניט "חזר ושנה" - אבער דאס גופא דארף האבן א ביאור מאי טעמא, און וואו איז דאס דער פסוק מסביר?

און די קושיא ווערט פארענטפערט דערמיט וואס דער פסוק שטייט "באמצע הרגלים", און מיט די גאנצע אריכות וואס רש"י ברענגט "פסח ועצרה מכאן ור"ה ויוהכ"פ והג מכאן" (ניט ווי די גירסא אין תו"כ אז ס'שטייט ניט "והג"). והביאור בזה:

בשעת מ'האלט נאך פסח און שבועות, האט מען דעמולט בודאי מערניט ווי "קציר ארצכם" פון שדה, ווארום בפסח ברענגט מען "ראשית קצירכם" פון שעורים, און בשבועות ברענגט מען "מנחה חדשה" פון חטים - און דערפאר שטייט דא נאר "לא הכלה פאת שדך בקוצרך ולקט קצירך לא הלקט", און ניט "וכרמך לא העולל גו'", ווארום עבודת הכרם קומט ערשט אין דעם זמן פון "חג האסיף", וואס ערשט דעמולט דארף מען באווארענען ווען די לאוין וואס זיינען פארבונדן מיט עבודת הכרם.

- און -

---

88) קדושים שם, י.

און דאס איז וואס רש"י איז מדייק און שרייבט "מה ראה הכתוב ליהנם באמצע הרגלים, פסח ועצרה מכאן ור"ה ויוהכ"פ והג מכאן" - ווארום דערמיט פארענטפערט ער פארוואס דער פסוק איז ניט "חוזר ושנה" אויך בנוגע צו כרם, דערפאר וואס דא רעדט זיך ערשט נאך פסח און שבועות און פאר ר"ה ויוהכ"פ וחג, וואס דעמולט איז דא בודאי מערניט ווי עבודת השדה, און ניט עבודת הכרם, און דערפאר שטייט דא ניט וועגן די חיובים וואס זיינען פארבונדן מיט כרם.

און וויבאלד אז בפרשתנו ווערן ניט איבערגע'חזר'ט די חיובים פון כרם, איז פשיטא אז דארטן זיינען ניטא קיין צוויי לאוין (ועד"ז בנוגע צו שכחה וואס שטייט ניט בפרשתנו) - ע"ד רוב חיובי לאוין וואס האבן מערניט ווי לאו אחד. און ס'איז קיין קושיא ניט פארוואס זיינען ניטא אין דערויף קיין צוויי לאוין - דמצינו יתירה מזו: מ'געפינט א לאו שני בכרם בנוגע צו עוללות[89], און מ'געפינט דאס ניט בנוגע צו פרט כרמך.

און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס דער פסוק "ובקוצרכם גו'" מוז שטיין "באמצע הרגלים" - ווארום וויבאלד מ'איז מחוייב געבן פאה און לקט (בלאו אחד), מוז שטיין דער ציווי ע"ד (אפי' אן דעם ציווי בנוגע לכרם) קודם שנתחייב בו, לפני החג (וואס דעמולט איז גמר אסיפתו[90], און נאך לפנ"ז - תחלת אסיפתו, וואס דאס איז לאחרי התחלת קציר חטים - חג השבועות), און דערפאר שטייט דער ציווי קודם ר"ה.

כ. דער ביאור פארוואס זאגט רש"י אויך "שכחה", אע"פ אז אין פסוק ווערט דאס ניט דערמאנט:

דער ענין המיוחד וואס איז דא אין פאה און לקט איז - אז דאס בלייבט ביי דעם עני, בדוגמא ווי דער ענין פון צדקה, וואס ער גיט דאס אוועק דעם עני און באקומט דאס ניט אויף צוריק. ד.ה. ניט דער ענין פון הלואה, אע"פ אז הלואה איז אויך אן ענין של צדקה, ואדרבה, "שמונה מעלות יש בצדקה זו למעלה מזו, מעלה גדולה שאין למעלה ממנה זה המחזיק ביד ישראל שמך ונותן לו מתנה או הלואה"[91] - אבער ביי הלואה באקומט ער דאס אויף צוריק, משא"כ אין דעם ענין הצדקה, וואס דעמולט בלייבט דאס ביי דעם עני. ועד"ז בנוגע צו פאה און לקט, אז דאס בלייבט ביי דעם עני, און ער טאר ניט נעמען קיין געלט דערפאר וכיו"ב.

וואס דערמיט זיינען מפרשים[92] מסביר דעם קשר דערפון

- מיט -

------------

89) תצא כד, כא. 90) פרש"י השא לד, כב. 91) רמב"ם הל' מת"ע פ"י ה"ז. שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ו. 92) ראה גו"א עה"פ.

מיט "והקריב עליו קרבנותיו בהוכו": דא רעדט מען וועגן דעם ענין הקדבן ווי דאס בלייבט אין ביהמ"ק, "בתוכו", ניט וועגן דעם וואס ער נעמט פון דעם קרבן צו זיך אין דער היים אויף צו עסן (ווי ביי קרבן שלמים); און דאס איז דער קשר מיט פאה און לקט - אז דאס איז אזוי ווי צדקה וואס עס בלייבט ביי דעם עני, ער באקומט דאס ניט אויף צוריק, און ער טאר אויך ניט נעמען קיין געלט דערפאר.

נאך אן ענין איז דא ביי פאה און לקט: בשעת ער גיט אפ פאה און לקט, האט ער ניט דערפון אפי׳ קיין טובת הנאה (ע"ד ווי ס׳איז ביי תדומה וכיו"ב, אז די בעלים קענען אויסקלייבן וועמען צו געבן דאס, האבן זיי דערפון טובת הנאה), ער איז אינגאנצן אוים בעה"ב אויף צו געבן וועמען עד וויל. און ווי רש"י טייטשט אפ אויף "לעני ולגד תעזוב" - "הנח לפניהם והם ילקטו ואין לך לסייע לאחד מהם".

און וויבאלד אז אין דעם זמן פון פסח און עצדת, וואס דעמולט איז מען קוצר פון שדה די שעורים און חטים, איז אויך דא דער ענין פון שכחה; און שכחה האט אויך די זעלבע גדרים פון פאה און לקט הנ"ל (אז דאס איז אזוי ווי צדקה, אז ס׳בלייבט ביי דעם עני, און אז ער האט ניט דערפון קיין טובת הנאה) - דערפאר זאגט רש"י אז אויך שכחה גייט אריין אין דעם כלל (אזוי ווי פאה און לקט).

און דאס וואס ס׳ווערט ניט דערמאנט דער ענין פון שכחה אין פסוק - איז דאס כדרך הכתובים אז מ׳בדענגט ניט אראפ אלע פרטים; אדער דערפאר וואס מ׳ווייסט שוין די פרטים, אדער וועז דער ציווי ווערט געזאגט בפעם הראשונה, כמובן דערפון וואס כו"כ ציוויים ווערן איבערגע׳חזר׳ט אין דער תורה צוליב די פרטים וואס קומען צו דארטן.

כא. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס איז רש"י משנה דעם סדר הכתוב, און זאגט "לקט שכחה ופאה" (אע"פ אז אין פסוק שטייט פריער פאה און דערנאך לקט):

כאמור לעיל אז אין די פסוקים רעדט זיך לויט דעם סדר הזמנים, אז אין דעם זמן וואס איז לאחרי שבועות, איז דא מערנים ווי "ראשית קצירכם" פון שדה (משא"כ "כרם" וואס וועט זיין עדשט בחג האסיף) - און דערפאר שרייבט רש"י דעם סדר פון די דריי מצוות ("לקט שכחה ופאה") לויט ווי זיי ווערן געטאן במציאות:

די ערשטע מצוה וואס קומט בתחלת הקצירה, איז די מצוה פון "לקט", ווארום גלייך ווי ער מאכט דעם ערשטן שניט, קען אדאפפאלן "לקט", איז שוין דא די מצוה פון "לקט קצירך לא תלקט";

- דערנאך -

דערנאך קומט דער ענין פון "שכחה" - וואס דאס קען ניט זיין גלייך בהתחלת הקצירה: "שכחה" איז שייך נאך דערויף וואס ער האט שוין אנגעהויבן קוצר זיין די תבואה, קען זיין ער זאל פארגעסן אויף אן "עומר", און דעמולט איז דא די מצוה פון "שכחה";

און ערשט דערנאך ווען ער קומט צו די ענדע פון דער שדה, בגמר הקצירה, דעמולט האט ער דעם חיוב פון "לא תכלה פאת שדך" - און דערפאר זאגט רש"י דעם סדר "לקט שכחה ופאה", וויבאלד אז דאס איז דער סדר אין וועלכן די מצוות ווערן געטאן.

און דאס וואס דער סדר הכתוב איז "לא תכלה פאת שדך בקוצרך ולקט קצירך לא תלקט" (פריער פאה און דערנאך לקט) - איז דאס דערפאר וואס "פאה" איז א חיוב ודאי, משא"כ "לקט" וואס דאס איז נאר אויב ס'פאלט אראפ, און ניט מער ווי צוויי[93], כמובן בפשטות.

כב. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס ברענגט ניט רש"י אויך מעשר עני (ע"ד ווי ס'שטייט אין תו"כ):

בפשטות האט מען געגעבן אלע מעשרות צוזאמען, און וויבאלד אז דער עיקר הענין פון מעשר איז פארבונדן מיט "(דגנך) תירושך ויצהרך"[94] [אויך "דגנך", אבער דערנאך קומט "תירושך ויצהרך"], ענינים פון "כרם"; און אין דעם זמן שלאחרי שבועות איז דא מערניט ווי "ראשית קצירכם" פון "דגנך" (תבואת השדה), און ניט די ענינים פון "כרם" ("תירושך ויצהרך") וואס קומען ערשט בחג האסיף - דערפאר שטעלט רש"י ניט אריין דעם ענין פון מעשר עני, וויבאלד אז דאס וועט זיין ערשט בחג האסיף (ע"ד האמור לעיל (סי"ט) אז דער פסוק תזר'ט ניט איבער די חיובים וואס זיינען פארבונדן מיט "כרם", וויבאלד אז זיי זיינען נאך ניטא אין דעם זמן פון עצרת).

און אויך: דער ענין פון מעשר עני איז ניט גלייך צו לקט שכחה ופאה, ווארום ביי לקט שכחה ופאה האט ניט דער בעה"ב קיין טובה הנאה דערפון, ווארום ער קען דאס ניט געבן צו וועמען ער וויל (כנ"ל ס"כ), משא"כ ביי מעשר עני וואס ער האט דערפון א טובה הנאה, ער קען דאס געבן וועלכן עני ער וויל - און וויבאלד אז דאס איז ניט דומה צו לקט שכחה ופאה, שטעלט דאס רש"י ניט אריין צווישן זיי.

ועוד ועיקר: דער ענין פון מעשר עני איז ניט ווען די

- הבואה -

---

93) פרש"י קדושים שם, ט. 94) שופטים יח, ד.

תבואה געפינט זיך בשדה, נאר דוקא לאחרי האסיפה לביה וכו׳, וואס דאס איז ערשט לאחרי הקיץ[95] - משא"כ לקט שכחה ופאה וואס זייער חיוב איז ווען די תבואה איז בשדה.

וע"פ כל הנ"ל ווערן פארשטאנדיק די אלע דיוקים האמורים.

עס בלייבט נאך אבער די שאלה פארוואס ברענגט רש"י דעם נאמען פון בעל המאמר (וואס דערמיט וויל ער פארענטפערן א קושיא וואס א תלמיד ממולח קען פרעגן) - וכפי שיתבאר לקמן.

כג. דער ביאור אין דער משנה פון פרקי אבות:

א איד קען ביי זיך טראכטן אז וויבאלד ס׳זיינען דא זאכן וואס זיינען א חיוב מן התורה, און ס׳זיינען דא זאכן וואס זיינען מערניט ווי מדרבנן, און זאכן וואס זיינען מער-ניט ווי א מנהג, און זאכן וואס זיינען נכלל אין דעם ענין פון "בכל דרכיך דעהו"[96], ביז צו זאכן וואס זיינען מערניט ווי אין דעם גדר פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[97] - במילא וועט ער זיך ניט קאכן אין א מצוה קלה כבחמורה, ועאכו"כ אז ער וועט זיך ניט קאכן אין א "מנהג ישראל" פונקט אזוי ווי אין חמורה שבחמורות.

אויף דערויף איז די הוראה אין "מילי דחסידותא" פון פרקי׳ אבות - "הכל צפוי": דער אויבערשטער, מלך מלכי המלכים הקב"ה, קוקט זיך צו אויף זיין הנהגה אין אלע פרטים ופרטי פרטים ("הכל צפוי"), און ווי דער רמ"א[98] ברענגט אראפ פון מו"נ[99] (און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו[100]) אז מלך מלכי המלכים הקב"ה שטייט לצדו פון יעדער אידן, ר.ה. ניט אין רקיע השביעי, נאר ביי אים אין צימער לעבן זיין זייט, און ער זעט צי ער גיט זיך א קער לצד ימין צי לצד שמאל;

איז וויסנדיק דעם ענין - וועט אים איינפאלן טראכטן צי דער דין פון שו"ע איז מן התורה צי דאס איז מערניט ווי מדרבנן?! - ער שטייט "באימה וביראה וברתת ובזיע"[101] אויף צו מכוון זיין צום רצון פון מלך מלכי המלכים הקב"ה.

טענה׳ט ער אבער: אן ענין וואס איז מדאורייתא, איז טאקע א דבר חשוב ביים אויבערשטן, במילא קוקט ער אויף דערויף צו מ׳טוט דאס וכו׳, אבער אן ענין וואס איז מערניט

- ווי -

---

95) פרש"י משפטים כג, טז. וראה פרש"י נח ח, כב.
96) משלי ג, ו. 97) אבות פ"ב מי"ב. 98) או"ח רס"א. ד"מ לטור או"ח שם סק"א. 99) ח"ג פנ"ב. 100) מהדו"ק ס"א ס"א-ב. מהדו"ב שם ס"ד-ה. 101) ראה ברכות כב, א.

ווי מדרבנן, אדער א מנהג קל, ווער רעדט נאך אן עניין פון "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך יהיו לשם שמים" - דער אויבערשטער קוקט ניט אויף דערויף,

און ער טענה׳ט: דער אויבערשטער האט, כביכול, מערניט וואס צוטאן, נאר צוקוקן זיך צו א קלייינער איינגעלע, צי ער גיט צדקה איינדערפרי, צי ער מאכט א ברכה איידער ער גייט עסן, אדער אז פריער איז ער ממלא תאותו און דערנאך גיט ער אוועק דעם "פעני" אויף צדקה!

זאגט אויף דערויף די משנה - "הכל צפוי": דער אויבערשטער פארלאזט אלע ענינים (בלשון פון דעם אלטן רבי׳ן אין תניא[102] - "מניח העליונים ותחתונים"), און קוקט זיך צו ווי דער פיצל קינד פירט זיך בשעת ער שטייט אויף פון שלאף; ווי ער זאגט "מודה אני", ווי ער וואשט זיך נעגל-וואסער, ווי ער מאכט א ברכה וכו׳ - און דאס איז אן עניין וואס איז כביכול נוגע צו מלך מלכי המלכים הקב"ה (און נאכמער) בכבודו ובעצמו.

וואס דאס איז ניט סתם א דבר גדול, נאר - בלשון הרמב"ם אין פיהמ"ש - "זה המאמר כולל דברים גדולים <u>מאד</u>".

כד. דערביי דארף מען אבער באווארענען אז "והרשות נתונה":

וויבאלד אז ער געפינט זיך צוזאמען מיט מלך מלכי המלכים הקב"ה, איז ער דאך אויס מציאות, ובמילא האט ער ניט קיין רשות און קיין מעגליכקייט צו טאן אנדערש ווי דער אויבערשטער וויל - זאגט אויף דערויף די משנה: "והרשות נתונה", אז דער אויבערשטער גיט אים רשות ער זאל זיך קענען פירן און טאן לויט זיין בחירה.

און דאס איז דער דיוק הלשון "הרשות <u>נתונה</u>" (ניט "הרשות ישנה", אז מ׳האט רשות, וכיו"ב, נאר "נתונה"):

כדי ער זאל האבן "רשות" צו טאן ע"פ בחירתו, דארף מען האבן א <u>נתינה</u> מלמעלה - ווארום מצד דערויף וואס דער אויבערשטער איז "מלא את כל הארץ ממש בזמן ומקום"[103] (דער אויבערשטער געפינט זיך בכל מקום ובכל נקודה ובכל רגע), דארף ער געבן א רשות מיוחדת מ׳זאל בכלל קענען עפעס טאן, ועאכו"כ אז מ׳זאל קענען טאן היפך רצון ה׳ - און דערפאר דארף מען האבן דעם עניין פון "<u>נתתי</u> לפניך היום את החיים ואת הטוב גו׳"[104], "הרשות <u>נתונה</u>", וואס דוקא דעמולט קען זיין דער עניין פון "<u>ובחרת</u> בחיים"[105], אז דאס איז אן עניין וואס ער טוט בבחירתו.

- און -

---

102) רפמ"א. 103) שעהיוה"א פ"ז (פב, ב). 104) נצבים ל, טו. 105) שם, יט.

און בשעת אז א קינד דערהערט אז עצמות ומהות האט אים געגעבן בחירה, און האט אים געגעבן "הרשות נתונה" ער זאל אליין קענען אויסקלייבן ווי צו פירן זיך (אז ס'זאל זיין "ובחרת בחיים") – פארשטייט מען מיט וואס פאר אן אהבה און מסירה ונתינה וועט דאס א קליין קינד טאן, ועאכו"כ ווען ער קומט שוין לכלל דעת וכו'.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז דעמולט וועט ער זיך ניט באגנוגענען מיט פירן זיך ע"פ שורת הדין (א נארמאלער מענטש וועט דאס ניט טאן!) – נאר ער וועט זיך זיכער פירן לפנים משורת הדין.

און ווי דער רמב"ם איז מבאר באריכה אין הל' תשובה[106] און אין די שמונה פרקים[107] [וואס דאס קומט אלס הקדמה צו פרקי אבות – און אין פירושו אויף פרקי אבות אויף דער משנה, צייכנט ער צו דעם וואס ער שרייבט אין די שמונה פרקים], אז ס'קען טאקע זיין אז מצד הבריאה איז ער באשאפן געווארן אין א מזג פון מרה לבנה, און ער איז שטענדיק בשמחה גדולה, וואס דערפאר איז אים שווער צו מתרכז זיין זיך אין לימוד התורה (ווי מ'זעט בפועל אז דער וואס איז בטבעו א פריילעכער, איז אים שווערער אריינלייגן זיך און לערנען בהתעמקות הכי גדולה, ווארום דאס פאדערט פון אים א צמצום);

ועד"ז לאידך גיסא, אז ס'קען זיין אז מצד הבריאה איז זיין מזג א מרה-שחורה'ניק, וואס דעמולט איז ביי אים שווערער דער ענין פון צדקה –

איז דער רמב"ם מבאר אז ס'איז מערניט וואס מצד המזג שלו האט ער אזא נטי' – אבער "הרשות נתונה", כ'האט אים געגעבן רשות און כח און יכולת ער זאל דאס איבערקומען, און טאן היפך טבעו. און דערפאר איז שייך אין דערויף דער ענין פון שכר, מיטן גאנצן שטורעם וואס איז דא בזה (ועד"ז אויך דער ענין הפכי וכו').

כה. דערנאך זאגט די משנה אז מ'דארף באווארענען נאך אן ענין:

וויבאלד אז מ'זאגט "הכל צפוי והרשות נתונה" – איז דאך דאס א מורא'דיקע אחריות, און ס'איז "כלו כל הקיצין", ווא-רום אפי' "מאן דמחוה במחוג קמי מלכא"[108] איז אַחת דתו היפך החיים – און ידע איניש בנפשי' צי ער פירט זיך בכל רגע ורגע אין אן אופן ווי ס'דארף זיין מצד דערויף וואס "שויתי ה' לנגדי תמיד"[109] (ווי דער רמ"א ברענגט אין דער התחלה פון

- אלע -

---

106) פ"ה. 107) פ"ח. 108) ראה חגיגה ה, ב.
109) תהלים טז, ח.

אלע ד׳ חלקי השו"ע אלס א פשוט׳ן דין, ניט קיין ענין פון לפנים משורה הדין).

אויף דערויף זאגט די משנה "ובטוב העולם נדון":

דער חשבון הנ"ל איז בנוגע צו מלחמת האדם מיט זיין יצה"ר; ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן משפט׳ן א צווייטן אידן - וואס דערפון נעמט זיך אויך ווי אזוי מ׳וועט אים משפט׳ן[110] - זאגט די משנה אז "בטוב העולם נדון";

דער אויבערשטער נעמט אין באטראכט אז ער האט צוטאן מיט א בשר ודם, קרוץ מחומר, וואס "יסודו מעפר וסופו לעפר"[111] - וואס דאס זיינען דאך ענינים וואס "הורת אמת" זאגט אויפן מענטשן, איז דאך פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער נעמט דאס אין חשבון (ועאכו"כ אז ער דארף דאס נעמען אין חשבון ווען ער גייט משפט׳ן די וועלט ארום זיך).

אמת טאקע אז ס׳איז א דבר ברור אז יעדערער האט דעם רשות און דעם כח ער זאל קענען זיין א גרויסער מתמיד און צוזאמען דערמיט אויך א פזרן לצדקה (אע"פ אז מצד טבע האדם זיינען דא צוויי ענינים הפכיים) - ווארום ער קען איבערקו- מען וועלכן מזג ס׳זאל נאר זיין, און "לשנות טבע מדותיו" אדער "מדותיו הטבעיים" (ווי די צוויי גירסאות בזה[112]);

ווען ס׳קומט אבער צו דעם ענין פון דין - זאגט דער אויבעדשטער אז "בטוב העולם נדון", ווארום וויבאלד אז ער איז מלא רחמים, געפינט ער אלע-ערליי לימודי זכות אויפן מענטשן: ער איז א בשר ודם, און ער געפינט זיך אין עומק הגלות, און אין עקבתא דמשיחא, און ער איז ארומגערינגלט מיט מלעיגים, און אים פעלט אין בני חיי ומזוני רויחי - און וואו איז דא א איד וואס ביי אים פעלט דאס ניט, זייענ- דיק בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה (כידוע דער ווארט פון דעם בעש"ט[113] אז יעדער איד איז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה).

כו. דערנאך איז די משנה ממשיך - "והכל לפי רוב המעשה":

א איד קען טענה׳ן אז ער האט ניט אזויפיל געלט צו געבן אויף צדקה, אדער אז אים ווייזט זיך אויס אז ער טאר ניט געבן מערער פון א סכום מסוים;

- ועד"ז -

------------

110) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות פה, פט.
111) פיוט במוסף דר"ה ויוהכ"פ. 112) לקו"ד כרך א׳ נו, א ואילך. הובא ונתבאר בהתמים חו"ג ע׳ סו ואילך. 113) כש"ט (הוצאה קה"ת) הוספות אות קלג.

ועד"ז בנוגע צו לימוד התורה - ער האט מערניט ווי אזויפיל צייט אויף לימוד התורה, און די איבעריקע צייט, איז לויט די שיעורים הקבועים אין הל' ת"ת, טאר ער ניט אוועקגעבן אויף דעם ענין פון לימוד התורה, ווארום ער דארף מפרנס זיין בני ביתו.

זאגט אים די משנה אז ער האט דערצו אן עצה - "הכל לפי רוב המעשה":

דעם זעלבן סכום וואס ער גיט אויף צדקה, קען ער דאס פאנאנדערטיילן אויף כו"כ נתינות, כאמור לעיל אז ווען ער גיט אלף דינרים אויף צדקה, קען ער דאס געבן באלף נתינות, וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן דער יחוד וואס טוט זיך אויף דורך דער מצוה - אלף פעמים, ווי געבראכט פריער (סי"ב) דאס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק, ווארום "הכל לפי <u>רוב</u> המעשה (ולא לפי גודל המעשה)".

ועד"ז בנוגע צו דעם זמן וואס ער גיט אפ אויף דעם ענין פון לימוד התורה - אז אע"פ אז ער האט אויף דערויף מערניט ווי די שעות הקבועות ע"פ הלכות ת"ה, איז אין דעם רגע וואס ער לערנט קען ער שטיין אין אן אופן של עמקות וכו', ביז אז דער לימוד קען זיין אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", כמדובר כמ"פ בארוכה[114].

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער קשר ושייכות פון די אלע פרטים וואס שטייען אין דער משנה.

און אין דערויף זעט מען צוויי קצוות:

פון איין זייט זאגט מען אז דער אדם איז א בריאה הכו-ללת גאנץ סדר ההשתלשלות, און ער געפינט זיך למעלה מעלה, ביז וואנעט אז "הכל צפוי", יעדער קליינע באוועגונג פון דעם מענטשן איז נוגע, און דער אויבערשטער קוקט זיך צו אויף דעם;

ולאידך גיסא, יעדעד קלייניקייט וואס מ'גיט אים, קען ער דאס פאנאנדערטיילן אויף אלף חלקים, וואס דעמולט ווערט דורך זיין פעולה אלף יחודים עליונים, ווארום "הכל לפי רוב המעשה".

כז. דער ביאור אין די הערה אויפן זהר:

בנוגע צו דעם ענין פון ד' כוסות, געפינט מען א דבר והיפוכו: אויף יעדער כוס מאכט מען ברכה בורא פרי הגפן,

- וואס -

---

114) ראה לקו"ש חי"ב ס"ע 229 ואילך.

וואס דאס באווייזט אז יעדער כוס איז אן ענין בפ"ע; ולאידך, די ברכה אהדונה מאכט מען ערשט לאחרי כוס רביעי (ניט אויף יעדער כוס באזונדער), און דאס האט א שייכות אויך צום כוס ראשון, אע"פ אז ס'איז שוין לאחרי ברכת המזון[115], וואס דאס באווייזט אז אלע ד' כוסות זיינען איין ענין, איין מצוה.

ועד"ז זעט מען אויך בנוגע צו די ד' גאולות וועלכע זיינען כנגד די ד' כוסות:

אין יעדער גאולה איז געווען א באזונדער נס, א באזונדער אופן של הנהגה: ביי יצי"מ זיינען געווען נסים גלויים, "במסות באותות ובמופתים גו' ובמוראים גדולים"[116]: דער נס פון גלות מדי ופרס איז געווען באופן אחר, ווארום אין חנוכה און פורים זיינען געווען נסים מלובשים אין דרך הטבע, מ'האט געדארפט אנקומען צו אן ענין של מלחמה, צו דער השתדלות פון אסתר וכו'[117]; און דערנאך זיינען דא די נסים וואס וועלן זיין אין דער גאולה פון דעם גלות האחרון, וואס זיי וועלן זיין אין אן אופן של "נפלאות" אפי' לגבי די נסים וואס זיינען געווען אין יצי"מ[118].

אבער אעפ"כ, ווערן זיי אלע אנגערופן בשם "גאולה", וואס דאס איז פארבונדן מיט דער ספירה האחרונה, ספירת המלכות, וואס די ווערט אנגערופן "המלאך הגואל" (ווי ער איז מבאר אין זהר דארטן) - און דאס איז אויך פארבונדן מיט די איבעריקע ספירות, ווארום "לא אקרי גואל אלא ע"י דדרגא אחרא עלאה דקיימא עלה ונהיר לה", וואס דאס איז ספירת היסוד, און "ודא לא אפיק לה נהורא אלא באלין תרין דרגין דעלי'", דער ענין פון או"א (חו"ב) - וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי אלע גאולות זיינען דא אין דער גאולה פון מצרים.

און ווי דער רמ"ק איז מבאר אין אוה"ח[119] אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ר' יוסי האלט אז דער יחוד ווערט אויפגעטאן בלילה, ניט ווי דעת ר' אחא אז דער יחוד איז ערשט בבוקר, און בלילה איז מערניט ווי די הכנה לזה, דער ענין פון קישוטין וכו' - ווארום וויבאלד אז "יוסי" איז בגימט' "כוס", דער ענין פון ספירת המלכות (ווי דער טאטע שרייבט אין דער הערה[120]), וויל ער האבן אז אלע גאולות זאלן שטיין אין ספירת המלכות. וואס דאס איז דער יחוד פון אלע ספירות וואס ווערט שוין אויפגעטאן בלילה, כמבואר אין אוה"ח.

- כח. -

---

115) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתע"ד, ס"ב-ג. 116) ואתחנן ד, לד. 117) ראה לקו"ש פורים ש.ז. ס"י ובהנסמן שם. 118) ראה אוה"ת נ"ך (כרך א) ע' תפו (ס"ג וס"ח). 119) עה, ג. 120) ע' שכא.

כח. דערפון איז די הוראה:

אין יעדער פסח, איז גלייך אין דער ערשטער נאכט פון פסח, ווען ס'איז א מצוה לספר ביצי"מ, איז מען שוין מסיים "לשנה הבאה בירושלים", וואס דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה.

און נאך פאר דערויף – אין ברכת "אשר גאלנו" (וואס לכמה דעות[121] איז דאס ברכת הנסים), זאגט מען שוין "כן ה' אלקינו ואלקי אבותינו יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתנו לשלום כו' ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", וואס דאס גייט אויף דער גאולה האמיתית והשלימה.

ועד"ז גלייך ווען מ'זאגט אז "מזכירין יצי"מ בלילות", זאגט מען שוין "להביא לימות המשיח"[122] – וואס דאס זאגט מען גלייך אין התחלת ההגדה, איידער מ'איז מקיים די אלע איבע-ריקע מצוות וועלכע זיינען פארבונדן מיט דער גאולה פון מצרים.

וואס דער ביאור בזה בכללות איז: וואס גיט א אידן דעם כח אז ס'זאל קענען זיין "בכל דור ודור ובכל יום ויום חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים"[123], אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון יצי"מ בשעת ער זאגט ק"ש פעמיים בכל יום[124] – איז דאס דער ענין הגאולה פון מצרים, און אויך דער בטחון גמור והחלטי אז דער גלות איז מערניט ווי לשעה, און ס'איז מערניט ווי מחוסר זמן צו דער גאולה העתידה, און "אחכה לו בכל יום שיבוא" – דאס גיט אים דעם כח אויף דעם ענין פון יצי"מ שבכל יום [ע"ד ווי גערעדט פריער (אין דעם מאמר) וועגן אתכפיא און אתהפכא].

כט. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "כאילו <u>בנה</u> ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו":

מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"כ) אז דער ענין פון צדקה איז בדוגמת הבאה קרבן אין ביהמ"ק, ווארום בשעת ער גיט צדקה, באקומט ער דאס ניט אויף צוריק (אזוי ווי ביי הלואה), נאר דאס בלייבט ביי דעם עני, ועד"ז איז ביי א קרבן, אז דאס בלייבט אין ביהמ"ק.

עס איז אבער דא א מעלה אין דעם ענין פון פאה און לקט לגבי צדקה סתם:

דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[125] אז ס'איז דא דער

- אופן -

---

121) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' ע' לב. וש"נ.
122) ברכות יב, ב במשנה. 123) קטז, ב במשנה. תניא רפמ"ז.
124) תניא שם. 125) פל"ז (מח, סע"ב).

אופן פון "צדקה שאדם נותן מיגיע כפיו", וואס דעמולט איז "כל כח נפשו החיונית מלובש בעשיית מלאכתו", און ווען ער גיט דאס אוועק לצדקה, איז "כל נפשו החיוניה עולה לה׳"; דערנאך איז אבער דא דער אופן פון נהינת צדקה, אז דאס זיינען ניט קיין געלט אויף וועלכע ער האט געהארעוועט, ס׳איז מערניט וואס "במעות אלו הי׳ יכול לקנות חיי נפשו החיונית", וואס דערפאר קומט אויס אז "נותן חיי נפשו לה׳".

און ווי דער בן חמש למקרא זעט בפועל, אז זיין פאטער (אדער א עלטערער ברודער וכיו"ב) הארעוועט טאקע אויף זיין פרנסה, ס׳איז אבער ניט דער טייטש אז יעדער טאג הארעוועט ער עד מיצוי הנפש ממש, דאס טרעפט מערניט ווי מזמן לזמן, אין אן אופן וואס איז יוצא מן הכלל.

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן "לא תכלה פאת שדך בקוצרך וגו׳" - איז דאס זיכער אן ענין וואס איז פארבונדן מיט זיין יגיעה, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז "בזעת אפך תאכל לחם"[126], עס גייט טאקע א רעגן, און ס׳זיינען דא ווינטן וכו׳, אבער כדי אז די תבואה זאל וואקסן, מוז מען אויך האבן זיין יגיעה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אוועקגעבן דעם עני פאה און לקט פון דער שדה, איז שווערער ווי געבן אים צדקה סתם, ווארום צדקה סתם איז ניט אלעמאל פארבונדן מיט זיין יגיעה (אז ער האט געהארעוועט אויף די געלט), משא"כ בנוגע צו דער שדה וואס איז אלעמאל פארבונדן מיט זיין יגיעה, און אעפ"כ גיט ער דאס אוועק דעם עני.

נאכמער: ניט נאר אז נאך דערויף וואס "תאכל לחם" גיט ער אויך דעם עני, נאר אדרבה, פריער דארף ער אוועקגעבן דעם עני, און ערשט דערנאך קען זיין "תאכל לחם" - ווארום בשעת הקציר איז שוין דא דער חיוב פון לקט און פאה, און דערנאך דארף דורכגיין א משך זמן ביז ער וועט מאכן דערפון קמח און סולת, און דערפון וועט ער מאכן לחם, וואס ערשט דערנאך וועט זיין "תאכל לחם".

וואס דערפון זעט מען אז דער ענין פון פאה און לקט איז פארבונדן מיט א יגיעה עצומה: נאך די יגיעה פון "בזעת אפך" (וויבאלד אז "וקוץ ודרדר תצמיח לך"[127]) אז די תבואה זאל וואקסן, און נאך די עבודות וואס זיינען פארבונדן דער-מיט, זאגט מען אים אז ער דארף אויך געבן דעם עני; און פריער דארף ער געבן דעם עני, און ערשט דערנאך קען זיין "תאכל לחם" - וואס דאס איז א גרעסערע יגיעה ווי ביי צדקה סתם.

- וואס -

------------

126) בראשית ג, יט. 127) שם, יח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער ענין פון צדקה איז בדוגמה הבאת קרבן אין ביהמ"ק, און דער ענין פון פאה און לקט (וואס איז א גרעסערע יגיעה ווי דער ענין הצדקה) איז מערער פון נתינת צדקה סתם - איז דער ענין פון פאה און לקט "כאילו בנה ביהמ"ק כו׳", ווייל זיין עמל ויגיעה ווערט פאררעכנט אזוי ווי די יגיעה אין בנין ביהמ"ק (ניט נאר ווי ברענגען א קרבן אין א פארטיקן ביהמ"ק - ע"ד ענין הצדקה סתם); דורך דעדויף וואס ער האט זיך איבערגעמאכט אינגאנצן (דורך אזא גרויסע יגיעה), בויעט ער אויף א ביהמ"ק, דער ביהמ"ק הרוחני, אויף וועלכן מ׳זאגט "ושכנתי בתוכם".

און בנוגע צו כרם - איז ניט ברור ע"ד הפשט אויב דאס ווערט פאררעכנט "כאילו בנה ביהמ"ק כו׳", ווארום בפשטות איז די יגיעה ביי א שדה א סאך גרעסער פון דער יגיעה ביי א כרם, וואס דארטן איז די נטיעה וכו׳ אחת לכו"כ שנים וכו׳.

ל. ובהמשך לזה זאגט רש"י אויף "לעני ולגר תעזוב אותם" - "הנח לפניהם והם ילקטו ואין לך לסייע לאחד מהם" [וואס נוסף לזה וואס דאס ווערט איבערגע׳חזר׳ט לעבור עליו בשני עשין[128] - איז דאס אויך בהמשך צום תוכן המדובר לפנ"ז]:

בשעת מ׳זאגט א אידן אז ער דארף אוועקגעבן פאה און לקט צום עני - זאגט ער אז ער וועט דאס טאקע אפגעבן דעם עני, ער וויל דאס אבער געבן צו "עבדך ואמתך"

[ווי מ׳געפינט בנוגע צו דעם ענין המועדים[129], אז ס׳איז דא "בנך ובתך עבדך ואמתך", וואס זיי זיינען די "ארבעה שלך", און דערנאך זיינען דא די "ארבעה שלי"[130] - "הלוי והגר והיתום והאלמנה"],

ווארום "עבדך ואמתך" האבן באארבעט די פעלד, און זיי זיינען אויך עניים, זיי האבן ניט קיין אייגענע - איז בשעת ער דארף געבן פאה און לקט, איז פארוואס זאל ער דאס געבן "לעני ולגר" סתם, בשעת ער קען דאס געבן צו "עבדך ואמתך", אזא עני וואס האט געהארעוועט אז די שדה זאל געבן יבולה; פריער וועט ער זיי געבן, און דערנאך אויב ס׳וועט איבער־בלייבן, וועט ער געבן "לעני ולגר" סתם, און אפי׳ אויב ס׳וועט ניט בלייבן, האט ער אויך מקיים געווען די מצוה, ווארום "עבדך ואמתך" זיינען אויך עניים -

אויף דעדויף זאגט מען אים "לעני ולגר העזוב אותם" - "הנח לפניהם והם ילקטו ואין לך לסייע לאחד מהם":

- וויבאלד -

---

128) ראה פרש"י תשא לד, כג. 129) ראה מז, יא. 130) פרש"י עה"פ שם, יא.

וויבאלד אז די פסוקים זיינען מדגיש שלילת (הנאת) עצמו, כמובן דערפון וואס ער דארף אוועקגעבן א צווייטן אן עניי וואס ער האט אויף דערויף געהארעוועט ביגיעה גדולה, און אפגעבן דעם צווייטן נאך איידער ער האט הנאה דערפון - איז מסתבר צו זאגן אז דער המשך הפסוק איז אויך עד"ז, אז "לעני ולגר תעזוב אותם", און "אין לך לסייע לאחד מהם", אז ער האט ניט אין דערויף אפי׳ א טובת הנאה, ער זאל דאס קענען אוועקגעבן צו אן עני וואס איז פון זיינע קרובים אדער ידידים.

און דוקא דער אופן הנתינה פון פאה און לקט, איז בתכלית השלימות, ביז וואנעט אז דאס ווערט פאררעכנט "כאילו בנה ביהמ"ק כו׳" - וויבאלד אז דאס איז אן עניין וואס איז פארבונדן מיט א יגיעה נפשית גדולה; ער זאל אוועקגעבן א צווייטן (נאך איידער ער נעמט פאר זיך) אן עניין וואס ער האט אויף אים שווער געהארעוועט, און ניט האבן אין דערויף אפי׳ א טובת הנאה, ער זאל דאס קענען געבן וועלכן עני ער וויל.

לא. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט אראפ דעם נאמען פון בעל המאמר:

דער בן חמש למקרא (אויב ער איז א תלמיד ממולח) פרעגט נאך אבער א שאלה: אמת טאקע אז אפגעבן פאה און לקט איז אן עניין וואס איז פארבונדן מיט א יגיעה נפשית גדולה (כנ"ל בארוכה), אבער סוכ"ס איז דאך דאס מערנים ווי "לקט", דאס וואס פאלט אראפ (ניט די גאנצע פעלד, און אפי׳ ניט קיין האלבע פעלר), ועד"ז "פאה", וואס אין פשש"מ האט דאס ניט קיין שיעור, און אפי׳ דער שיעור וואס שטייט אין דערויף[131], איז אויך ניט קיין שיעור גדול, ס׳איז א סאך ווייניקער פון א האלבע פעלד -

איז וואס מאכט מען דערפון א גאנצן שטורעם, אז דאס איז ניט נאר כאילו ווי ער איז מקריב א קרבן אין ביהמ"ק, נאר נאכמער: "כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו"?!

און אויף צו באווארענען די קשיא - ברענגט רש"י דעם נאמען פון בעל המאמר. והביאור בזה:

דער נאמען פון בעל המאמר איז "ר׳ אברדימוס בר׳ יוסף". - אין אונזער גירסא אין רש"י שטייט "ר׳ אבדימי", אבער אין כמה כתבי-יד פון רש"י (ועד"ז אויך אין תו"כ) שטייט "ר׳ אברדימוס", און ניט "אבדימי". - וואס -

---

131) פאה פ"א מ"ב ובמפרשים שם.

וואס בשעת ס'זיינען דא שינויי גירסאות, און מ'וויל וויסן וועלכע איז מער קרוב אל האמת - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז די גירסא אויף וועלכע מ'קען געפינען א הסברה ווי אזוי האט מען איך איר א טעות געהאט:

אויב ס'איז געשטאנען "אבדימי", איז היפך טבע האדם אז מ'זאל א טעות האבן און שרייבן "אברדימוס" אנשטאט "אבדימי", ווארום דער נאמען "אברדימוס" געפינט מען אין ש"ס מערניט ווי אין צוויי ערטער[132], משא"כ דער נאמען "אבדימי" וואס איז א שם רגיל אין ש"ס און מדרשים - במילא לייגט זיך ניט צו זאגן אז ס'איז געשטאנען "אבדימי", און דער בחור הזעצער (אדער דער וואס האט מעתיק געווען די כתבים) איז איינגעפאלן אז דאס איז א טעות, און ס'דארף שטיין "אברדימוס".

וואס דערפאר איז מסתבר צו זאגן אז אין די כת"י איז געשטאנען "אברדימוס", און וויבאלד אז דאס איז א נאמען וואס איז ניט רגיל, האט דער בחור הזעצער געטראכט אז אפשר איז דאס א טעות, ווייל ער האט קיינמאל ניט געהערט אזא נאמען,

ובפרט נאך אויב דער כת"י איז ניט געווען אזוי ברור, וועד רעדט נאך אויב ער איז געווען א קורץ-זיכטיקער, האט ער געקענט טראכטן אז אפשר איז דאס ניט קיין וא"ו און אפשר איז דאס ניט קיין סמ"ך, נאר דאס מאכט "אבדימי" (ניט אברדימוס) - במילא האט ער אנגעשריבן א נאמען וואס איז בדומה, "אבדימי", וואס דער נאמען האט אויך אן אל"ף, א בי"ת, א דל"ת וכו'.

וואס בנוגע צו ר' אברדימוס, ווערט דערציילט אין ירו-שלמי אין שביעית[133] עס שטייט אויך אין נדרים[134], און אין ירושלמי[135] - אבער מיט אן אנדער נוסח: "יהודה איש הוצי סמר במערתא תלהא יומי בעי למיקם על הדין טעמא מניין שחיי עיר הזאת קודמין לחיי עיר אחרת, אתא לגבי רבי יוסי בן חלפתא וואס סתם ר' יוסי (וואס ברענגט זיך אין פרש"י בפרשתנו) איז ר' יוסי בן חלפתא[136] א"ל הן הוית, א"ל עבדית במערתא תלתא יומין כו', קרא לר' אברדימס ברי' א"ל אגיב הדין טעמא כו' א"ל תהיינה הערים האלה תהיינה עיר ועיר ואח"כ ומגרשי' סביבותי'"[137] *.

- וואס -

---

*) הטעם שמביא הפסוק דיהושע, ואינו מביא הפסוק[138] שממנו

---

132) שבת קיח, ב (ורדימס). נדרים פא, א (ורדימוס).
133) פ"ח ה"ה. 134) שם. 135) נדרים פי"א ה"א.
136) פרש"י ד"ה ורב שרביא - זבחים נח, סע"ב. 137) כא, מב.
138) בשפטים כב, כד.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האט ר' יוסי בן חלפתא געדופן זיין זון ר' אברדימוס, ער זאל אים ענטפערן אויף דער שאלה, לכאו' האט ער אים אליין געקענט זאגן אז אזוי שטייט אין פסוק?

איז דערפון פארשטאנדיק, אז ר' אברדימוס האט זיך געקאכט בעיקר אין דער הלכה אז "חיי עיר הזאת קודמין לחיי עיר אחרת" - און דערפאר ווען מ'האט געדארפט ענטפערן יענעם אין אן אופן אז ס'זאל זיין דברים היוצאים מן הלב וואס דעמולט זיינען זיי נכנסים אל הלב - האט ער גערופן זיין זון ר' אברדימוס, וויסנדיק אז ער קאכט זיך אין דער הלכה. און ער האט אים געזאגט אז אזוי שטייט אין פסוק; ניט קיין ענין של סברא אויף וועלכע מ'קען זיך דינגען און פרעגן קשיות, נאר אז אזוי שטייט אין פסוק.

און וויבאלד אז ר' אברדימוס האט זיך געקאכט אין דעם ענין פון "חיי עיר הזאת קודמין", וואס דאס איז אן ענין וואס נעמט זיך פון קדושה, ווארום ס'איז א בפירוש'ער פס"ד, אזוי שטייט אין פסוק - און דא זאגט מען אים אז ס'איז דא אן אויסנאם, בנוגע צו פאה און לקט, אז "לעני ולגר תעזוב אותם", "אין לך לסייע לאחד מהם", מ'טאר ניט געבן קיין קדימה צו עניי עירך (אע"פ אז מצד דעם וואס "חיי עניי עיר הזאת קודמין" וואלט ער דאס געדארפט אוועקגעבן צו "עבדך ואמתך", עניי עירך) -

איז בשעת אז ער פירט זיך אין אזא אופן, ער איז משנה דעם טבע און מדות דקדושה - איז פארשטאנדיק אז אזא יגיעה ווערט פאררעכנט "כאילו <u>בנה</u> ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו".

און דערפאר ברענגט רש"י דעם נאמען פון בעל המאמר - ר' אברדימוס בר' יוסי, ווארום דוקא דער וואס קאכט זיך אין דעם ענין פון (עניי) עירך קודמין, ער קען מדגיש זיין גודל החשיבות וואס איז דא אין לקט און פאה - דער שינוי פון מדות און טבע דקדושה *.

- לב. -

------------

למדו בבבלי[139] הדין דעניי עירך קודמין, או הפסוק[140] שממנו למדו[141] שחייך קודמין - בפשטות, כי יש דרשות אחרות בכתובים הנ"ל. וראה הערה הבאה.

------------

*) ועפי"ז יובן (בנדו"ד) מדוע מביא הפסוק דיהושע (נוסף

------------

139) ב"מ עא, א. 140) בהר כה, לו. 141) ב"מ סב, א.

לב. דער ענין קומט בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון "מילי דחסידותא" פון פרקי אבות, און בהמשך להמדובר לעיל (סט"ו) וועגן דעם וואס ס'שטייט אויף תלמידי ר"ע אז "לא נהגו כבוד זה בזה", אז ס'רעדט זיך ניט וועגן ענינים וואס זיינען היפך הדין (ח"ו צו חושד זיין תלמידי ר"ע אין אזוינע ענינים) - נאר וועגן ענינים וואס זיינען לפנים משורת הדין - איז עד"ז אויך בנדו"ד:

מ'זאגט א אידן אז ס'איז דא א דין אין תורה אז "חיי עיר הזאת קודמין", און דערנאך זאגט מען אים אז "תורת אמת" זאגט אז אין דעם פאל (ביי פאה און לקט) דארף מען זיך פירן אין אן אופן וואס איז יוצא מן הכלל (און זאגט ניט קיינע טעמים) - דארף ער טאן ביידע ענינים מיטן זעלבן קאך.

וואס אפי' ווען ער איז ניט שייך צו קיין גרויסע הבנה והשגה, און איז ניט שייך צו קיין התבוננות גדולה - ער ווייסט אבער פון דעם פסוק וואס ווערט אראפגעבראכט אין פוסקים אלס הלכה למעשה, און ער ווייסט דעם קיצור פון דעם דין, אז "חיי עיר הזאת קודמין"; און ער ווייסט אויך א צווייטן דין (אין די זעלבע הלכות צדקה) אז בנוגע צו פאה און לקט דארף זיין די הנהגה פון "לעני ולגר תעזוב אותם" -

קאכט ער זיך אין א מצוה קלה און אין א מצוה חמורה, אין א מצוה וואס איז לפי טבעו און אין א מצוה וואס איז ניט לפי טבעו - מיטן <u>זעלבן</u> קאך.

און בשעת ער פירט זיך אין אזא אופן, אז ער איז משנה טבע מדותיו דקדושה - דעמולט זאגט מען אז דאס איז "כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בהוכו".

לג. ויה"ר אז ס'זאל זיין דער רצון (און נתינת כח) אז מ'זאל האלטן ביי דער דרגא פון לימוד התורה וקיום מצוותי' אין אן אופן פון לשנות טבע מדותיו, אפי' טבע מדותיו דקדושה,

אבער ביחד ע"ז, איז וויבאלד אז "בטוב העולם נדון" - ווערט זיך דער אויבערשטער ניט רעכנען מיט קיינע חשבונות און קיינע זאכן, נאר "<u>בטוב</u> העולם נדון", אין דעם טוב העצמי פון דעם עצם הטוב, וואס טבע הטוב להטיב,

במילא ווערט ער ניט ווארטן זעהן וואס דער ווערט טאן

- און -

-------------

על האמור בהערה הקודמת) - עפמשנ"ת השייכות דעבדך לפאה השדה <u>שעבר בה</u>, ובכ"ז "לעני ולגר <u>תעזוב</u>" - דזה אין ללמוד משלילה "העני עמך" לבד, מאחר שלא התייגע בזה יוהר מאחר, אלא מהפסוק ביהושע, שישנו טורח יוהר בעיר מאשר במגרשי'.

און וואס דער צווייטער וועט טאן וכו׳, נאר צום אלעם ערשטן איז "יבנה מקדש במקומו", און דערנאך וועלן אידן זיכער מקריב זיין "קרבנותיו בתוכו".

וואס וויבאלד אז אידן בעטן דעם ענין, איז דאס שוין אויך גענוג, ווארום "ונשלמה פרים שפתינו"[142], וואס דורך דעם איז "כאילו בנה ביהמ"ק והקריב עליו קרבנותיו בתוכו", און גלייך נאך דערויף ווערט דער ענין פון "מיד הן נגאלין"[143], און מ׳האט דעם ביהמ"ק השלישי, אפי׳ ווען דאס איז בלילה,

אז ס׳קומט משיח צדקנו, און איז מקריב "קרבנותיו בתוכו", אין דעם ביהמ"ק השלישי, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון תרומת הדשן וואס ווערט געטאן בלילה[144], ועכ"פ די הכנות פון די קרבנות וואס אלי׳ הנביא ברענגט[145], ועכ"פ די הכנה צו עבודת היום וואס הויבט זיך שוין אן בחצות הלילה (וואס איצטער האלט מען שוין דערביי).

ומתוך שמחה וטוב לבב, וועט מען גיין "ביד רמה"[146], בעגלא דידן ממש, אין דער גאולה האמיתית והשלימה, ביחד עם משיח צדקנו.

צוה לנגן הניגון של רשב"י (הנה מה טוב ומה נעים). לכתחילה אדיבער.

לד. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. אני מאמין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

און גדייסן זיך טאן אין אלע מבצעים: אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה והכבי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרה המשפחה",

און מבטל זיין דעם ווילדן חוק פון "מיהו יהודי",

- און -

------------

142) הושע יד, ג. 143) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 144) יומא כ, א ואילך. וראה הוד"ה אביי - שם לג, א. 145) ראה עש"מ מאכ"ח ח"ג סכ"ג. וראה ג"כ מדרש - הובא בטור או"ה סק"כ, שמיכאל מקריב כו׳. 146) בשלח יד, ח.

און גרייטן זיך צו דעם מבצע הכי גדול פון דעם אויבערשטן אליין - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני"[147], בקרוב ממש,

און מקבל זיין פני משיח צדקנו, און ארויסגיין פון גלות אין אן אופן פון "כי בשמחה תצאו ובשלום תובלון ההרים והגבעות יפצחו לפניכם רנה וכל עצי השדה ימחאו כף"[148].

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

147) ישעי' כז, יב. וראה פרש"י עה"פ נצבים ל, ג.
148) שם נה, יב.

בס"ד.

קטע משיחת מוצאי ש"פ אמור,
אור לי"ד אייר, פסח שני ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. איידער מ'גייט זינגען "עוצו עצה והופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[1], דארף מען מסביר זיין (עכ"פ איין א פאר ווערטער) וועגן וואס עס רעדט זיך בעיקר – וואס דאס איז: אזוי ווי כ'געפינט זיך איין א חושך כפול ומכופל, האט דער אויבערשטער רחמנות, און באווייזט גלייך די שוועריקייטן (איך וויל ניט זאגן דעםווארט "צרות") וואס מ'האט דערפון וואס מ'גיט נאך א לחץ (כדלקמן).

מ'האט שוין גערעדט כמ"פ בנוגע צו דעם ענין פון שלי-מות הארץ, אז מ'האט גלייך געדארפט באזעצן דעם גאנצן גבול המזרחי פון אה"ק, און ניט מאכן קיין פלענער אויף יארן, אז מ'וועט דארטן בויען אזויפיל שטעט (דריי שטעט, פיר שטעט, זעקס שטעט וכיו"ב), וואס אויף דערויף דארף מען האבן כמה שנים, און דערווייל געפינט מען זיך אין א סכנה רח"ל.

וכמדובר כמ"פ אז מ'קען דאס אפטאן בשעהא חדא וברגע הדא, ס'זיינען דא גענוג מענטשן אויף דעם, און מ'האט גענוג נשק, און ס'איז ניטא קיין ההנגדוה פון קיינעם – סיידן פון "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו"[2], די עטליכע אידן מבולבלים, וואס מצד דערויף וואס זיי געפינען זיך אין א טיפן גלות פנימי, קענען זיי ביי זיך ניט פועל'ן שטיין בקומה זקופה און ניט נתפעל ווערן פאר אן "עלה נדף"[3], וויבאלד אז דער "עלה נדף" איז איבערגעקערט געווארן דורך א גוי.

און כ'וויל זיך איינרעדן אין ענינים של שטות – וואס איינע פון די שטויות איז – אז אויב מ'וועט שטיין בקומה זקופה, וועט מען איינ'רוגז'ן דעם גוי הגדול, משא"כ אויב כ'וועט שטיין אין אן אופן פון "<u>שה</u> פזורה"[4] – ניט אין דעם צד המעלה שבדבר, נאר ווי א "שה" וואס איז כאסקופה הנדרסה רח"ל פאר גויים (ניט פאר קיין אידן געדאכט), דעמולט וועט דער גוי ניט זיין ברוגז, און דעמולט וועט מען ביי אים אלץ פועל'ן (עכ"פ ער זאל ניט טאן קיין ענינים וואס זיינען נוגע אין ענינים כבדים) – דורך דערויף וואס כ'וועט אים באווייזן אז כ'גייט ניט ווייטער, און כ'טוט ניט דעם ענין היוני וואס כ'דארף טאן!

און כ'האט איינגערעדט אזוינע וואס זיינען אויך

– דערשראקענע –

------------

1) ישעי' ח, י. 2) שם מט, יז. 3) ל' הכתוב – בחוקותי כו, לו. 4) ישעי' נ, יז.

דערשראקענע, אדער אזוינע וואס ווערן נתפעל פון די מלעיגים, אדער אזוינע וואס ווערן נתפעל פאר די וואס האבן א גרעסערן קול בגשמיות במילא שרייען זיי העכער - אז כדי ניט איינ'רו-גז'ן דעם גוי, וועט מען דאס אפלייגן, מ'וועט זאגן אז מ'מאכט א פלאן בויען במשך הזמן ערים גדולות, וואס יעדער פלאן דארף נעמען כמה חדשים ושנים, און דערווייילע וועט בלייבן דער חלק הגבול אין אן אופן פתוח - און דערפאר איז מען בטוח אז אוה"ע וועלן עכ"פ ניט טאן אזוינע זאכן וואס זיי האבן ביז איצטער ניט געטאן!

ב. וכמדובר כמ"פ אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צום בטחון פון דריי מיט א האלבן מליאן אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק - ווי ס'האט געזאגט דער וואס איז א מומחה לעניני צבא בשם כל הצבא, אז אויב מ'וועט אפגעבן א שטח, איז ניטא קיין מעגליכקייט מגין זיין על כל הארץ כולה.

און אפי' די וואס האבן דערפון געמאכט א טומל - איז דער טומל ניט געווען אז דאס איז ניט ריכטיק: הכל מודים אז ער איז דער מומחה אין די ענינים, און ער האט געזאגט ווי דער אמת איז מצד בטחון, דער טומל איז געווען צי ער האט געהאט רעכט צו זאגן דאס, אדער אז ער האט געדארפט שווייגן.

עס רעדט זיך וועגן הגנה אויף דריי מיט א האלבן מליאן אידן - טראכט מען צי לויטן פראטאקאל האט ער רעכט צו זאגן דאס, אדער אז ער דארף דאס פארשווייגן, און טראגן אויף זיך די אחריות אויף דער הגנה על הגבולות! - לא היתה כזאת ניט נאר ביי אידן נאר אפי' ביי ניט אידן!

וכאמור, הכל מודים אז ער איז דער מומחה, און ער האט געזאגט ווי דער אמת איז - און אעפ"כ האלט מען זיך אין איין דינגען: דער זאגט אז דאס איז א פאליטישע זאך, און דער זאגט אז דאס איז אן ענין של בטחון; דער זאגט אז דאס דארף זאגן א מיניסטער, און דער זאגט אז דאס דארף זאגן א גענעראל, א רמטכ"ל וכו'.

וואס איצטער האט ער דאס געזאגט בגלוי, אבער ס'טומל'ט זיך שוין וועגן דערויף חדשים נאכאנאנד - און ניט דערפאר וואס איימיצן איז איינגעפאלן אז <u>ער</u> איז א מומחה אין עניני בטחון, נאר מ'האט דאס געהערט פון <u>אלע</u> מומחים אין עניני בטחון, ס'איז ניט געווען קיין איין און איינציקער וואס זאל זאגן אז מצד בטחון מעג מען אפגעבן א שעל פון א שטח.

און די וואס האבן געזאגט אז מ'דארף זיך מיישב זיין - זאגן איצטער אז מ'זאל ניט באזעצן די גבולות כדי ניט איינ'רוגז'ן דעם גוי, און דורך דעם וועט מען אפשר קענען עפעס פועל'ן ביי אים אז ס'זאל עכ"פ ניט זיין שווערער; און

- דערנאך -

דערנאך דינגט מען זיך צי מ׳דארף דאס זאגן בגלוי אדער מ׳דארף שווייגן, צי דאס דארף זאגן דער אדער אז דאס דארף זאגן א צווייטער.

ג. ס׳איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, ביז אז אפי׳ א בן חמש פארשטייט דאס אויך - אז בשעת מ׳באווייזט דעם גוי אז מ׳ווערט נתפעל און מ׳האט מורא פון אים, רעכנט ער אז ער האט די געלעגנהייט צו פאדערן נאכמער, ס׳איז מערניט וואס ער דארף באווייזן א גרעסערע תקיפות.

און ווי מ׳זעט דאס בפועל: מ׳האט געזאגט אז גאנץ יהודה ושומרון געהערט צו אידן; און בבת אחת און בחדא מחתא האט מען געזאגט, אז מ׳וועט ניט באזעצן די גבולות, מ׳וועט פירן אונטערהאנדלונגען, מ׳וועט זיך מיישב זיין וואס זאגט די קאמיטע, און וואס זאגט יענע קאמיטע וכו׳.

און שלא כדעת הטועים אז דורך דערויף וועט מען נושא חן זיין ביים גוי, און דערפאר וועט ער עפעס נאכגעבן, אדער ער וועט עכ"פ ניט מאכן קיין ערגערע זאכן - האט מען געזעהן בפועל אז דורך דערויף האט מען מזמין געווען אויף זיך א לחץ נוסף, ביז אין אן אופן אז מ׳האט געזאגט אז אויב מ׳וויל באקומען נשק, איז דאס פארבונדן מיט געבן נשק צו די שונאי ישראל רח"ל! דאס איז די ערשטע מאל וואס מ׳בינדט צוזאמען, אז אויב מ׳וויל באקומען נשק, דארף מען געבן נשק אויך די שונאי ישראל!

און ווען איז דאס געווארן - ווען מ׳האט געהערט א דבר והיפוכו: פון איין זייט זאגט מען אז יהודה ושומרון געהערט צו אידן, און בנוגע למעשה האט מען מורא זיך רירן פון ארט, און מ׳איז געבליבן ביים זעלבן מעמד ומצב פונקט ווי ס׳איז געווען מיט כמה חדשים לפנ"ז, און מ׳איז מכריז בגלוי אז מ׳וועט זיך ניט רירן פון ארט,

און בשעת מ׳האט זיי צוגעדריקט צום וואנט - האבן זיי געזאגט אז מ׳וועט מאכן א תכנית ווי אזוי צו בויען גרויסע שטעט, וואס אויף דערויף דארף מען דאך האבן צענדליקער טויזנטער מענטשן, דארף מען ווארטן ביז מ׳וועט האבן דעם מספר אנשים וכו׳ וכו׳.

איז אנשטאט דעם וואס זיי האבן געוואלט איינרעדן זיך און אנדערע אז דאס איז די דרך הנכונה צו שלום, עכ"פ צו הכנה לשלום, ועכ"פ ניט מאכן גרעסער די סכנה רח"ל - האט מען געזעהן בפועל דאס וואס די כוכחים לעיניני בטחון האבן געזאגט מיט חדשים ושנים צוריק, אז יעדער סימן של פחד ושל היסוס - מאכט גרעסער דעם לחץ.

- ד. -

ד. און דערפאר דארף מען טאן דעם מעשה בפועל - וואס דורך דעם וועט מען זעהן אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת, אז גאנץ א"י לגבולותי' איז איצטער אן ענין של בטחון ממש פאר דריי מיט א האלבן מליון אידן.

וואס אמת טאקע אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[5] - וויל אבער דער אויבערשטער אז מ'זאל אויך טאן בדרך הטבע, מיט אן אצבע קטנה עכ"פ, ווי ער האט אנגעווייזן בתורתנו הק-דושה "תורת אמת", אז בשעת מ'דערהערט אז עכו"ם זאגן אז זיי ווילן קומען אפי' על עסקי קש ותבן, איז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ארט וואס דורך דעם קען זיין אז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללים עליהם את השבת"[6].

און דעמולט האט מען די הבטחה אז דער לחץ וועט בטל ווערן - ווי מ'האט דאס שוין געזעהן בכמה ענינים אויף וועל-כע מ'האט זיך געשטעלט מיט א תוקף.

וכאמור, דאס איז ניט קיין שאלה וואס איז פארבונדן מיט איסור והיתר אדער טומאה וטהרה - דאס איז א שאלה פון פקו"נ ממש, וואס דאס איז די מיינונג פון אלע מומחים לעניני צבא ובטחון בלי יוצא מן הכלל.

און אפי' דער גענעראל וואס האט געזאגט אנדערש - האט ער גלייך מוסיף געווען אז דאס וואס מ'וועט אפגעבן דעם שטח וועט טאקע מגדיל זיין די סכנה פון פקו"נ, ס'זיינען אבער דא חשבונות (אז מ'דארף נושא חן זיין ביים גוי וכו') וואס צוליב זיי דארף מען איינשטעלן בסכנה כמה נפשות מישראל (ווי ס'איז געווען רח"ל אין די חדשים שעברו), אבי אז מ'זאל פרואוון גיין אויף דעם וועג.

- וואס אויף דער וועג האט מען שוין געפרואווט גיין כמ"פ: נאך יעדער מלחמה פון די מלחמות וואס זיינען געווען בעבר, האט מען זיך געפרואווט אויף דער וועג - און יעדער מאל האט זיך דאס אויסגעלאזט מיט קרבנות פון נפשות מישראל בפועל ממש.

ה. וכאמור לעיל (ס"א) אז מצד דעם חושך כפול ומכופל, באווייזט דער אויבערשטער אלץ בגלוי - האט מען לאחרונה געזעהן צוויי זאכן:

א) דאס וואס אלע צייטונגען האבן געדרוקט, אז דער וואס שטייט בראש פון די עניני בטחון (לויט ווי דאס איז

- ע"פ -

---

5) תהלים קכא, ד. 6) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו.

ע"פ דרך הטבע) האט געזאגט דברים גלויים וברורים (נאכמער דערפון וואס מ'האט עדלויבט דרוקן אין די צייטונגען), אז מ'זאל וויסן אז יעדער שטח על הגבול וואס בלייבט ניט קיין פארנומענער, איז דאס א פירצה, און אויב מ'וועט אפגעבן בפועל דעם שטח, נעמט מען צו די מעגליכקייט פון הגנה אויף דריי מיט א האלבן מליון אידן כ"י וואס געפינען זיך אין אה"ק.

ב) מ'זעט דאס וואס עס האט געבראכט די שיטה אין וועלכע מ'איז געגאנגען ביז איצטער [זאגן בדיבור דעם אמת, אז דאס געהערט צו אידן, און אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט בטחון, וביחד ע"ז ניט רידן זיך פון ארט חדשים נאכאנאנד, און מ'זאגט אז מ'וועט ניט לאזן אנדערע אידן באזעצן זיך דארט] -

איז די תוצאות וועלכע זיינען דערפון ארויסגעקומען זיינען - אז מ'האט מחליט געווען און געזאגט בגלוי אז טאמער אידן ווילן באקומען נשק אויף מגין זיין אויף זיך, איז דאס פארבונדן מיט געבן נשק צו צוררי ישראל רח"ל!

און בשעה מ'האט געמאכט דערפון א גאנצן טומל - האט מען מבטיח געווען אז אין פיר-פינף יאר ארום וועט מען געבן נאך 25 אוירונים! און דערנאך וויל מען איינרעדן דעם עולם אז דאס איז א הישג עצום, מ'וועט באקומען נאך 25 אוירונים - דערנאך איז מען אבער מוסיף בלחש אז דאס וועט ערשט זיין אין פיר-פינף יאר ארום!

וואס דאס איז בדוגמא צו דער תכנית פון בויען ערים גדולות - וואס מ'איז גלייך מוסיף אז דאס דארף געטאן ווערן אין אן אופן מהוכנן און אין אן אופן מסודר, און מ'קען זיך ניט היילן, ווייל פריער דארף מען צוגרייטן די פלענער, און דערנאך דארף מען צוגרייטן די וועגן, און צוגרייטן די דראטן וכו' - וואס דאס וועט דאך נעמען כמה שנים, און דערנאך וועט מען באזעצן אידן אין די זעקס ערטער!

ו. וכמדובר כמ"פ[7] - נאר מ'האט דערפון ניט געוואלט מאכן א טומל - אז ווען מ'האט געוואוסט ארויסטרייבן די מחבלים פון לבנון, האט מען זיי פארטריבן פון אומעטום, מ'האט זיי אבער ניט פארטריבן פון די שטאט "צור", וואס אלע (וואס האבן זיך אינטערעסירט אין דעדויף) ווייסן אז דאס איז פון די שטארקסטע נעסטן פון די מחבלים!

- מ'רעדט -

------------

7) ראה קטע משיחה מוצאי ש"פ שמיני ס"ה.

מ׳רעדט ניט וועגן דעם וואס די גמרא[8] איז מבטיח אז "אם מלאה זו חרבה זו", און "לא נתמלאה צור אלא מחורבנה של ירושלים"[9] - דאס איז אן ענין וואס שטייט אין תורה; מ׳רעדט וועגן אן ענין גשמי וחומרי: אלע ווייסן אז אין "צור" זיינען דא די שטארקסטע נעסטן פון די מחבלים.

איז ניט נאר וואס מ׳האט געלאזט אפן די רוח רביעית, כדי אז זיי זאלן קענען אנטלויפן - ווי גערעדט אין א פריער-דיקע התוועדות אז דאס האט אן ארט אין הלכה, כדי אז יענער זאל זיך ניט אוועקשטעלן מיט דער גאנצער מס"נ, וואס דאס קען ברענגען צו מערער קרבנות רח"ל (אע"פ אז ס׳איז א ספק גדול צי דער חשבון שטימט בנדו"ד - ווארום די מחבלים זיי-נען געוואלדיקע פחדנים, און זיי וואלטן זיך זיכער אונטער-געגעבן און ניט מלחמה געהאלטן; אבער בכל אופן, אין דעריף קען מען זיך דינגען, און מ׳האט ניט קיין ידיעות ברורות ווי אזוי מ׳האט געדארפט טאן) -

נאר נאכמער: מ׳האט ניט איינגענומען די שטאט, און ניט איינגענומען סביבות העיר - און ניט דערפאר וואס מ׳האט דאס ניט געקענט איינעמען, ווי איינער האט געוואלט זאגן אז ס׳זיינען געווען גרויסע שטיינער אויפן וועג - דאס איז שטויות ובורות, ס׳זיינען ניט געווען קיין שטיינער וואס זאלן קענען מונע זיין איינעמען די שטאט; מ׳האט געהאט אלע מעגליכקייטן אויף איינעמען די שטאט (וואס דעמולט וואלטן אלע מחבלים אנטלאפן פון דארטן, פונקט ווי ס׳האבן געטאן א טייל פון זיי).

ביז וואנעט אז צו די מחבלים איז אנגעקומען א ידיעה אז זיי קענען בלייבן דארטן, ווייל מ׳וועט ניט איינעמען די שטאט!

אויף דעריף איז ניט געווען קיין לחץ פון וואשינגטאן - ס׳איז מערניט צוליב דעם פחד פון די וואס האבן געהאט די דעה אין יענער צייט.

און אז מ׳האט ביי זיי געפרעגט: היתכן אז מ׳האט ניט איינגענומען צור?! - האבן זיי געענטפערט אז מ׳האט אזוי אפ-גערעדט. - מיט וועמען האט מען דאס אפגערעדט - מיט די מחב-לים אדער מיט באי כחם!

און דערנאך האט מען געוואלט איינשמועסן אז מ׳וועט דאס פארנעמען דורך דער "חרב של שלום", די אזוי גערופענע "יו-ען" - ולפועל האט מען געזעהן וואס זיי (די "יו-ען") - האבן -

---

8) פסחים מב, ב ובפרש"י. 9) פרש"י תולדות כה, כג.

האבן דארטן אויפגעטאן: בשעת די מחבלים האבן זיך געשטעלט אנטקעגן, האבן די פראנצויזן געזאגט אז זיי קענען ניט שטעלן בסכנה זייערע אנשי צבא, ובמילא וועט מען אפטרעטן, און מ'וועט זיצן אין די פאזיציעס, ביז וואנעט די מחבלים וועלן מסכים זיין אויף דעם וואס זיי ווילן.

וכאמור אז פון וואנעט איז "תפתח הרעה"[10], פון וואנעט שטאמען די אלע צרות - איז דאס דערפון וואס מ'האט ניט איינגענומען "צור". וואס ווען מ'וואלט דאס איינגענומען, וואלט מען געזעהן אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת, כמדובר כמ"פ בנוגע צו אנדערע ענינים.

פאר די פחדנים האט מען סיי-ווי ניט יוצא געווען, ווא-רום מ'האט דאך איינגענומען דעם גרעסטן טייל דארטן, וואס דאס איז אויך געווען היפך דעתם פון די פחדנים - און אעפ"כ האט מען סוכ"ס איבערגעלאזט א מקום של פורעניות בגשמיות וברוחניות, ווי מ'זעט דאס איצטער בגלוי.

וכאמור לעיל אז מ'געפינט זיך אין אזא חושך כפול ומכו-פל, אז אפי' ווען מ'זעט בעיני בשר אז מ'האט געטאן א נאריש-קייט, טוט מען אפ די זעלבע נארישקייט אויף מארגן אינדערפרי.

ז. וכאמור, ס'איז שוין דורכגעגאנגען כמה ימים זינט מ'האט געזאגט בגלוי, אז געבן נשק אידן וועט איצטער זיין פארבונדן מיט געבן נשק צו צוררי ישראל - און גלייך דערנאך איז מען ארויסגעגאנגען מיטן גאנצן שטורעם, אז דאס רירט ניט אן די פריינדשאפט, און דאס רירט ניט אן די הספקת נשק, און בעבר האט מען געגעבן כך וכך, און מ'וועט ווייטער אויך געבן, מיט אלע ענינים וואס מ'זאגט בדיבור, און בנוגע למע-שה האט דאס ניט צוטאן!

און די איינציקע הבטחה וואס מ'וויל איינשמועסן אז דאס איז א גרויסער הישג אין מעשה, איז - אז אין פיר-פינף יאר ארום וועט מען געבן נאך 25 אוירונים! - קיינער ווייסט ניט ווער (וועלכע פארטיי, און וועלכער מענטש) וועט זיין דער בעה"ב אין פיר-פינף יאר ארום, און קיינער ווייסט אפי' ניט וואס וועט זיין אין א יאר ארום;

והעולה על כולנה - דאס איז אלץ וואס מ'רעדט מיט איין צד, מ'ווייסט אבער אינגאנצן ניט וואס מ'רעדט מיט די מחבלים,

מ'ווייסט נאר דאס וואס זיי טוען - זיי רעכנען זיך ניט מיט וואשינגטאן, ניט מיט די פראנצויזן, און ניט מיט

- די -

---

10) ל' הכתוב - ירמי' א, יד.

די וואס געפינען זיך ביחד עמהם, נאר זיי טוען וואס זיי ווילן!

ביז וואנעט אז ס'איז געווען די הכרזה גלוי' אז די פראנצויזן האבן זיך באהאלטן ביז וואנעט אז די דיפלאמאטן וועלן דורכקומען צווישן זיך, און זייער טעם איז ברור - זיי ווילן ניט שטעלן זיך אין סכנה; און דערנאך קומען די מחבלים און פארנעמען נאך אן ארט און נאך אן ארט - דאס איז ווי זיי טוען במעשה בפועל.

ח. און דאס איז אן ענין וואס מ'זעט בגלוי - און מ'רעדט שוין וועגן דעם חדשים נאכאנאנד, "ובחנוני נא בזאת"[11], מ'קען אויספרואוון גיין אויף דער וועג.

וכאמור אז מ'האט שוין געזעהן אין אלע פריערדיקע מלח-מות, די תוצאות וואס זיינען ארויסגעקומען דערפון וואס מ'איז נתפעל געווארן און מורא געהאט פאר גויים.

און דאס וואס מ'טענה'ט אז אין די פריערדיקע מלחמות זיינען געווען אנדערע תנאים - איז דאס ניט ריכטיק: ס'זיי-נען געווען די זעלבע אידן און די זעלבע ניט אידן, און ס'איז געווען דער זעלבער מעמד ומצב;

אויב ס'איז יע געווארן א שינוי, איז דאס אין דעם פרט וואס מ'איז שוין נענטער צום מעמד ומצב אז ס'מוז זיין דער ענין התשובה, און משיח צדקנו מוז קומען.

אבער דערווייל, כל זמן אז מ'געפינט זיך אין די לעצ-טע טעג פון גלות - איז דא דער פס"ד ברור אז מ'דארף זיך פירן לויט די הוראות פון דעם מומחה לעניני בטחון, וואס ער האט שוין געזאגט זיין דעה, און מ'האט דאס מפרסם געווען און אפגעדרוקט,

און מ'האט דאס געדרוקט ניט דערפאר וואס מ'האט דאס געוואלט דרוקן, נאר דערפאר וואס מ'האט קיין ברירה ניט גע-האט, מ'האט געזעהן אז מ'קען מערנ_יט באהאלטן דעם אמת, אז ס'איז שוין חדשים און יארן נאכאנאנד וואס מ'געפינט זיך אין דעם זעלבן מעמד ומצב (און ס'איז א נס גלוי אז מ'האט דאס ניט אויסגענוצט רח"ל אין אן אופן בלתי רצוי יותר) -

א מעמד ומצב פון פחדנות, און א גלות פנימי, וואס דאס איז דער ערגסטער גלות וואס קען נאר זיין, וואס אפי' דער חושך כפול ומכופל פון דעם איצטיקן גלות (גלות הדביעי) - קומט דאס ניט צו דעם גלות וואס א איד בנפשו פנימה געפינט

- זיך -

------------

11) ל' הכתוב - מלאכי ג, י.

זיך אין גלות, און ווען ער דארף עפעס טאן אפי' באצבע קטנה, פאלט אים איין גלייך וואס וועט זאגן אויף דעריף א גוי, און וואס וועט זאגן אויף דעריף אן "עלה נדף" וואס א גוי וועט איבערקערן!

און מ'האט געזעהן בפועל צו וואס דאס האט געבראכט: מ'האט געזאגט אז נשק צו אידן איז פארבונדן מיט נשק צו צוררי ישראל, און די גאנצע הבטחה (אויף וועלכע מ'בויט) איז, אז אין פיר-פינף יאר ארום וועט מען געבן נאך 25 אוי-רונים - בה בשעה וואס דעם נשק צו די צוררי ישראל, וועט מען שיקן נ̲י̲ט̲ אין פיר-פינף יאר ארום; יש אומרים אז מ'האט דאס שוין געשיקט, און אפי' אויב דאס איז א פחד שוא - זאגט מען בפירוש אז מ'וועט דאס שיקן בהקדם הכי האפשרי.

וכאמור אז בנוגע לפועל דארף מען טאן לויט די הוראות פון דעם מומחה לעניני בטחון - וואס אלע האלטן אז ער איז דער מומחה, און אז ער האט געזאגט דעם אמת; די איינציקע דינגעניש וואס איז דא אין דעריף איז - צי ער האט געהאט רשות זאגן דאס, און צי ער האט דאס געדארפט זאגן איצטער, אדער געדארפטווארטן און זאגן באופן כך וכך, וואס די גאנ-צע שקו"ט מאכט ניט קלענער (לדאבוננו) דעם פקו"נ שבדבר.

ט. און ווי געבראכט פריער די דוגמא דערפון וואס איז גע-ווען בנוגע צו "צור" - וואס איצטער מעג מען דאס שוין מגלה זיין (ווייבאלד אז מ'וועט ניט דערמאנען קיין נעמען):

א גענעראל פון א"י איז געקומען אהערצו אויף השתלמות, און ער האט זיך דא געטראפן מיט א גענעראל, א מומחה לעניני צבא, פון דעם אמעריקאנער צבא, און יענער האט ביי אים געפ-רעגט: היתכן אז מ'האט ניט איינגענומען "צור"? און ער האט אים געענטפערט, אז מ'האט מורא געהאט פאר א לחץ, אדער אז ס'איז געווען א לחץ (איך ווייס ניט גענוי וואס ער האט אים געזאגט).

האט אים דער אמעריקאנער גענעראל געזאגט - אז דאס וואס מ'האט זיך ארייגעלאזט אין פאליטיק, און מ'האט ניט געטאן דאס וואס אנשי הצבא (סיי אין א"י, און סיי אין ארה"ב, ועד"ז בשאר המקומות) האבן געזאגט, אז מ'דארף איינע-מען צור - איז דאס פונקט אזוי ווי ס'איז געווען אין ארה"ב, אין דער מלחמה מיט וויעטנאם:

ווען מ'לאזט די אנשי הצבא טאן לויט ווי זיי פארשטייען, וואלט מען פארענדיקט די מלחמה דארטן מיט א נצחון גמור, במשך פון גאר א קורצע צייט, אבער אזוי ווי די פאליטיקער האבן גענומען די ההלטה בדבר, דערפאר האט ארה"ב געהאט דארטן א מפלה.

- וואס -

וואס בשעת ס'רעדט זיך וועגן ארה"ב - קענען זיי זיך ערלויבן האבן א מפלה אין וויעטנאם, וויבאלד אז זיי זיינען געגוג גרויס און שטארק, און דאס געפינט זיך מעבר לכמה ימים, איז דאס ניט אויף אזויפיל נוגע; אויב מ'וועט האבן א נצחון איז גוט, און אויב ניט, האט מען זיך געפרואווט און מ'איז דורכגעפאלן;

אין אה"ק איז אבער דער מעמד ומצב אז מ'טאר זיך ניט ערלויבן קיין דורכפאל רח"ל - ווארום עס רעדט זיך וועגן "ארץ צבי"[12], ווי די גמרא[13] זאגט "מה צבי זה אין עורו מחזיק את בשרו, אף א"י בזמן שיושבין עלי' רווחא ובזמן שאין יושבין עלי' גמדא":

כדי אז א"י זאל שטיין אין א מעמד ומצב פון "רווחא", מיט א ברייטקייט - דארף מען האבן אז אידן זאלן דארטן שטיין מיט א ברייטקייט און מיט א שטארקייט, ובמילא טאר מען זיך ניט ערלויבן קיין ענין של דורכפאל רח"ל!

עאכו"כ וועו מ'זעט בגלוי אז נאך די אלע דריי מלחמות, נאך יעדער נצחון וואס מ'האט געהאט אין יעדער מלחמה - האט מען נאכגעגעבן און מ'איז גלייך געגאנגען אויף צוריק, און דערנאך האט מען געזעהן אז דאס האט דערפירט צו די מלחמה שלאח"ז.

ועד"ז איצטער - דערוויילע זעט כען דאס אין דעם ענין פון נשק (כנ"ל בארוכה), און רח"ל ס'איז עוד ידם נטוי'!

י. ויה"ר אז אזוי ווי מ'געפינט זיך בכוצאי שבת, און אין א טאג וואס מ'זאגט ניט קיין תחנון, און אין א חודש וואס זיין ר"ת באווייזט אויף דער מרכבה[14] - וואס בפנימיות שטיי-ען אלע אידן אין אן אופן פון א מרכבה להקב"ה -

זאלן אלע ענינים זיין בחסד וברחמים, ובקרוב ממש, אז מ'וועט נעמען כלי זיין, און מ'וועט באזעצן דעם גאנצן גבול, ובפרט דעם גבול המזרחי, אין אן אופן פון "בדרכי נועם", אבער בשעתא חדא וברגע חדא,

וואס דאס איז די איינציקע וועג דורך וועלכע מ'באוויי-זט אז מ'כיינט דאס מיט אן אמת, ובמילא איז דאס די איינציקע וועג דורך וועלכע מ'וועט פועל'ן - ווי כ'האט דאס געזעהן בעבר, אז אין די זאכן אויף וועלכע מ'האט זיך געשטעלט ניט נאר בדבורים, נאר אויך <u>במעשה</u> - האט מען זיך ניט געדונגען, ואדרבה, כ'האט נאך צוגעהאלפן אין דערויף.

- וכן -

---

12) ירמי' ג, יט. 13) גיטין נז, א. 14) מאו"א מע' א' אות פד. ב"ש לאה"ע סקב"ו ס"כ.

וכן תהי' לנו, אז בקרוב ממש און בשעתא חדא וברגע חדא איז יערה עליהם רוח ממרום - און מ'וועט ניט איינרעדן דעם גאנצן עולם מיט תכניות וואס וועלן זיין אין דריי יאר ארום, צוויי יאר ארום, א יאר ארום, און אפי' א חודש ארום - נאר מ'וועט באזעצן דעם גבול המזרחי תיכף ומיד,

באזעצן מיט לעבעדיקע אידן, און פארבינדן זיי מיט דער לעבעדיקער תורה, וואס איז געגעבן פון "ה' אלקים חיים", בארץ הלזו הגשמית, אין אה"ק, וואס פון דארטן ווערט נמשך דער ענין פון השגחה פרטית אויף אלע אידן בכל הארצות, אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל".

און דעמולט וועט גלייך בטל ווערן דער לחץ, ואדרבה, ס'וועט זיין "גם אויביו ישלים אתו"[15], און זיי וועלן נאך נתהפך ווערן למסייעים, אין די ענינים אין וועלכע מ'דארף מסייע זיין אידן.

און ס'וועט זיין שלימות הארץ לגבולותי', צוזאמען מיט שליכות התורה, לימוד התורה און קיום המצות, צוזאמען מיט דעם ענין פון שלימות העם, וואס דאס איז כולל דעם ביטול פון דער גזירה פון "מיהו יהודי", און צוזאמען דערמיט זיך ניט מייאש זיין פון קיין אידן, ווארום "אע"פ שחטא ישראל הוא"[16], און "בודאי סופו לעשות תשובה"[17], און וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין די לעצטע טעג פון גלות - וועט ער זיכער תשובה טאן בקרוב ממש.

און מ'וועט טאנצן מקבל זיין פני משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

------------

15) משלי טז, ז. 16) סנהדרין מד, רע"א. 17) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג. תניא ספל"ט.

בס"ד. שיחת ל"ג בעומר ה'השל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך ידוע דער "דבר מלכות" פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו וואס ער האט געזאגט אין א שיחה פון "ויהי בשלושים שנה" - אין שנת תש"ח[1], וואס איז שוין אויך אפ-געדרוקט, און דארטן שטייען אלע ענינים בדיוק ובפרטיות, אז א ההוועדות (און אזוי אויך בכלל) איז "פותחין בדבר מלכות" - מיט א ווארט פון דעם רבי'ן דער נשיא וואס "מאן מלכי רבנן"[2], עאכו"כ אז ער איז נשיא <u>דורנו</u> - וואס דאס גופא אז "פותחין בדבר מלכות" איז זיינער א ווארט.

וואס בשעה אז מ'הויבט אן זוכן - הויבט מען אן גלייך זוכן אין דברי רבותינו נשיאינו - זעט מען אז די ערשטע אגרת פון די אגרות קודש אדער ווי בני המחבר[3] האבן דאס אנ-גערופן ווען מ'האט דאס אפגעדרוקט צום ערשטן מאל - "<u>אגרת</u> הקודש", לשון יחיד[4] הויבט זיך אן מיט "פותחין בברכה".

און דערנאך איז ער דארטן ממשיך "להודיע לבני האדם גבורתה של תורה שבע"פ וכחה עוז", און ער איז מבאר דעם פסוק[5] "חגרה בעוז מתני'".

וואס דאס האט א שייכות מיוחדה צו ל"ג בעומר - ווארום ענינו של רשב"י איז דאך געווען "תורתו אומנתו"[6], און די אגה"ק פון "פותחין בברכה" איז אויך פארבונדן מיט "להודיע לבני האדם (אן ענין אין תורה, ובפרט) גבורתה של תורה שבע"פ וכחה עוז".

ב. האמור לעיל (אז ענינו של רשב"י איז "תורתו אומנתו") איז אויך פארבונדן מיטן סיפור וואס ווערט דערציילט אין זהר וועגן רשב"י

וואס דער ספר הזהר ווערט דאך אנגערופן "חיבורא <u>דילך</u>"[7] פון רשב"י, ביז אז ס'איז מבואר אין רוקח[8] ובכ"מ, אז אזוי ווי יעדער מחבר איז מרמז זיין נאמען בתחלת ספרו, איז אזוי אויך בנוגע צום זהר - אז דער ספר הזהר הויבט זיך אן מיטן ווארט "בריש", וואס דאס איז אויך דער ר"ת פון רשב"י[9] -

וואס דער סיפור ברענגט זיך אראפ אין כמה מאמרים[10] וואס

- זיינען -

------------

1) שיחת י"ב תמוז תש"ח - נדפסה בסה"מ תש"ט ע' 199.
2) ראה גיטין סב, סע"א. 3) בהסכמתם לתניא (ג, א).
4) ראה ליקוט פירושים וכו' לאגה"ק ס"א אות ב. 5) משלי לא, יז. 6) שבת יא, א. 7) זח"ג קכד, ב (ברע"מ). 8) בהקדמתו בתחלתה. 9) ראה הגה"ה בסוף הקדמת הזהר (יד, סע"ב).
10) מאמרי אדה"ז - אתהלך לאזניא ע' רי ואילך. סה"מ תרכ"ז ע' רסז ואילך. וראה גם אוה"ת ויקרא ע' רנד ואילך.

זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר – וואס התחלתם איז מיטן סיפור פון דעם זהר:

אין זהר[11] ווערט דערציילט: "תניא א"ר יוסי זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא אתו לקמי' דר"ש כו' פתח ואמר שיר[12] המעלות הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד כו'" און דורך דעם איז "אתי מיטרא".

וכמבואר אין די מאמרים הנ"ל אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ענינו של רשב"י איז "תורתו אומנתו" – וואס תורה פועל'ט אז ס'זאלן נמשך ווערן אלע השפעות וואס מ'דארף האבן דא למטה.

ביז וואנעט אז אפי' אויב דער מטה געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס "צריכא עלמא למיטרא" און ס'גייט ניט קיין רעגן – וואס בדרך הטבע, איז ווען ס'קומט דער זמן וואס "צריכא עלמא למיטרא", ווערט דער ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם"[13], אבער דא שטייט די וועלט אין א מעמד ומצב וואס "צריכא עלמא למיטרא" און מ'דארף האבן א פעולה וואס זאל ממשיך זיין דעם ענין הגשמים (ווארום ס'איז דא א דבר המעכב) –

וואס בכלל איז דער סדר הרגיל בזה (ווען מ'דארף טאן א פעולה אויף ממשיך זיין דעם ענין הגשמים) אז מ'טוט דאס אויף דורך דעם ענין התפלה, ווי עס ווערט דערציילט אין מסכת תענית[14], און ס'ווערט אויך אראפגעבראכט אין פוסקים[15] – אויך אין די פוסקים וואס רעדן נאר וועגן הלכות וואס זיינען נוגע למעשה בפועל, וויבאלד אז דאס איז אויך נוגע צו זמנים אלו;

אבער ביי רשב"י האט זיך דאס אויפגעטאן דורך דעם ענין פון תורה – ער האט ניט געדארפט האבן קיינע הקדמות און קיין השתדלות מיוחדת, ער האט נאר געזאגט תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", האט ער אויפגעטאן דעם ענין פון גשמים. וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ענינו של רשב"י איז "תורתו אומנתו".

ג. כמדובר כמ"פ אז אפי' א סיפור וואס ווערט דערציילט אין תורה, איז אויך אן ענין של הוראה, און ניט סתם קיין סיפור ח"ו[16] – ווארום תורה דערציילט דעם סיפור פארלאזנדיק

- זיך -

------------

11) ח"ג נט, ב. 12) ל' הכתוב – תהלים קלג, א.
13) בחוקותי כו, ד. 14) יט, א במשנה. שם כג, א ואילך.
15) רמב"ם הל' תעניות ספ"ב. פ"ג ואילך. טושו"ע או"ח סתקע"ה. 16) ראה זח"ג קנב, א. ועוד.

זיך אז ס'וועט זיין "תן לחכם ויחכם עוד"[17], אז נוסף לזה וואס ער ווייסט דעם סיפור, וועט דאס ביי אים אראפקומען אלס הוראה בפועל בנוגע לכמה ענינים, ביז אז דאס וועט אראפ-קומען אין ענינים וואס זיינען למטה מטה בגשמיות, און למטה מטה ברוחניות, ביז צו א מעמד ומצב אז "צריכא עלמא למיטרא", און מ'דארף גיין צו רשב"י ער זאל ממשיך זיין דעם ענין הגשמים בעולם.

וואס דא ווערט די שאלה הידועה: וואס פאר א הוראה קען מען ארויסנעמען פון א סיפור וואס ווערט דערציילט בנוגע צו יחידי סגולה?

מ'זעט דאך אז בשעת די גמרא[6] רעדט וועגן דעם ענין פון "הורתו אומנתו", ברענגט זי גלייך אראפ די דוגמא לזה "כגון רשב"י וחבריו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "תורתו אומנתו" איז נים קיין דבר הרגיל, וואס דערפאר דארף מען זוכן א ביישפיל ביי וועמען מ'געפינט דעם ענין, ביז וואנעט אז אפי' בדורו של רשב"י איז דאס אויך נים געווען קיין דבר הרגיל, מערנים ווי ביי רשב"י וחבריו,

און ווען מ'קומט צו די דורות האחרונים, ביז צו אחרוני האחרונים - שטיים אין שו"ע[18] אז איצטער איז נים שייך דער ענין פון "תורתו אומנתו", דאס איז אן ענין וואס איז געווען מערנים ווי ביי רשב"י וחבריו.

און אעפ"כ, דערציילט די תורה כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמים וואס ביי רשב"י איז געווען "תורתו אומנתו" - ובמילא גיים דאס אריין און עס ווערט א טייל פון תורה,

ד.ה. נים נאר אז דערמים איז מען יוצא י"ח לימוד התורה, פונקט ווי מ'איז יוצא י"ח לימוד התורה דורך דעם וואס מ'לערנט די עשרת הדברות,

ואדרבה, ס'איז גאר דא א קדימה ועדיפות צו די סיפורים הנ"ל וואס ווערן דערציילט אין תושבע"פ, לגבי דעם לימוד פון תושב"כ - ווארום עיקר הלימוד אין אן אופן פון הבנה והשגה (וואס דאס איז דאך דער ענין התורה - "היא חכמתכם ובינתכם"[19]) איז (בעיקר) אין תושבע"פ און נים אין תושב"כ[20].

ביז ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין הל' ת"ת[21], אז

- דער -

---

17) ל' הכתוב - משלי ט, ט. 18) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ר-ה. 19) ל' הכתוב - ואתחנן ד, ו. 20) ראה מג"א (ושו"ע אדה"ז) או"ח ס"נ סק"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ג. 21) קו"א פ"ג ס"א.

דער וואס קען לערנען תושבע"פ מיט דער גאנצער שקו"ט און עמקות וואס איז דא אין דערויף,

[וואס אין דערויף געפינט מען אויך א הפלאה מיוחדת בנוגע צו רשב"י, ווי די גמרא[22] דערציילט אז לאחרי ענין המערה איז "כי הוה מקשי רפב"י קושיא הוה מפרק לי' רשב"י עשרין וארבעה פירוקי", און ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין הל' ת"ת אין קו"א[23] די הפלאה וואס איז געווען ביי רשב"י אין דעם ענין פון שקו"ט און פלפול אין תושבע"פ דוקא,

ביז ווי ער ברענגט אראפ אין לקו"ת[24] אז "בכל פרק מפרקי המסכתות שבש"ס נזכר ר"ש", אז אומעטום ווערט דערמאנט אן ענין פון רשב"י - וואס דעם ענין זאגט מען ניט אויף קיין תנא, אפי' בנוגע צו די תנאים שלפניו אדער בדורו] -

איז ער ניט יוצא י"ת לימוד התורה ווען ער לערנט תושב"כ, אדער אפי' ווען ער לערנט תושבע"פ אבער ניט אין אן אופן של עמקות ושקו"ט וכו'] -

נאר מ'זאגט אים אז דאס ווערט א חלק פון תורה - וואס "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[25], ד.ה. אז דערפון דארף ער ארויסנעמען א הוראה בנוגע למעשה בפועל.

איז בשעת ער לערנט א <u>הלכה</u> וואס רשב"י האט געזאגט, איז קיין שאלה ניט וואס קען ער דערפון אפלערנען בנוגע למעשה - ווארום "הלכות" איז אן ענין פון "הליכות עולם"[26], דאס איז אן ענין וואס קומט אראפ ביז אין עניני העולם, ואדרבה, "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה", ער דארף זיך פירן בפועל לויט דער הלכה וואס רשב"י האט געזאגט.

ועד"ז ווען ער לערנט די סיפורים והנהגות פון רשב"י וועלכע זיינען ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון "תורתו אומנתו", נאר מיט אנדערע ענינים וואס זיינען געווען ביי אים - ענינים וואס זיינען געווען ביי נאך כו"כ, און דאס קען זיין אויך בדורנו זה - איז אויך פארשטאנדיק אז דאס ווערט ביי אים א הוראה בנוגע לפועל אז ער דארף זיך פירן באופן כזה;

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן א סיפור אויף רשב"י וואס איז פארבונדן דערמיט וואס ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו" (ע"ד ווי דער סיפור הנ"ל וועגן ירידת גשמים), וואס דער ענין פון "תורתו אומנתו" איז געווען די הפלאה

- פון -

------------

22) שבת לג, ב. 23) שם. 24) אחרי כח, א. וראה בהערות שבסו"ס לקו"ת הוצאת קה"ת עא, ב. 25) קידושין מ, ב. 26) ל' הכתוב - חבקוק ג, ו. וראה מגילה כח, סע"ב. וש"נ.

פון רשב"י אפי׳ לגבי די תנאים וואס זיינען געווען בדורו - וואס דערפון פארשטייט מען אויף וויפל דאס איז שלא בערך לגבי דורנו זה -

איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן אז דער סיפור (וואס איז פארבונדן דערמיט וואס ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו") ווערט א חלק פון תורה, וואס "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה", און אין אן אופן אז "התורה היא נצחית"[27], ד.ה. ניט נאר אין דעם דור פון רשב"י, און ניט נאר אין די דורות הסמוכים אליו (וואס דעמולט זיינען נאך געווען חבריו און תלמידיו), נאר אויך אין דעם דרא דעקבתא דמשיחא - דארף מען לערנען (ניט נאר ליינען) דעם סיפור, און ארויסנעמען דערפון דעם "בכן" בנוגע לפועל.

און דערנאך זאגט מען אויף דערויף (אזוי ווי אויף אלע עניני התורה) אז "לא נפלאת היא ממך ולא רחוקה היא לא בשמים היא וגו׳"[28] נאר "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[29] - אז בכל זמן ובכל מקום, און ביי יעדער אידן צו וועמען דער סיפור איז דערגאנגען, דארף דאס ווערן אין אן אופן פון "בפיך ובלבבך לעשותו", און מ׳זאגט אז "קרוב אליך הדבר מאד" - איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: היתכן אז מ׳זאל קענען זאגן אזא זאך?!

ובפרט אז ידע איניש בנפשי׳ מעמדו ומצבו - ביז וואנעט אז די גמרא[30] זאגט אז מ׳קען זיך ניט גלייכן אפי׳ צו די אחרונים פון זמן הש"ס, ועאכו"כ צו די ראשונים, ועאכו"כ גלייכן זיך צו רשב"י, וואס אפי׳ בדורות הראשונים גופא איז ער געווען א מיוחד,

ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס רשב"י איז געווען פון די חמשה תלמידים של ר"ע וואס דורך זיי איז נבנה העולם נאך דערויף וואס "הי׳ העולם שמם"[31], און צווישן די חמשה תלמידים גופא איז רשב"י געווען א מיוחד, ווי ס׳שטייט אין ירושלמי[32] אז ר"ע האט אים געזאגט "דייך שאני ובוראך מכירין כוחך" -

וואס נאך דערויף וואס דער ענין שטייט בגלוי אין תושבע"פ, ווייסט דאך יעדערער אז דאס איז אן ענין וואס אין דערויף איז ניטא קיין ספק, ווארום דאס איז אן ענין וואס שטייט אין "תורת אמת" - האט מען דערפון די מסקנא, אז אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן די חמשה תלמידים פון ר"ע, זאגט ר"ע

- צו -

-------------

27) תניא רפי"ז. 28) נצבים ל, יא-יב. 29) שם, יד. 30) ראה עירובין נג, א. וראה ג"כ שבת קיב, ב. 31) יבמות סב, ב. 32) סנהדרין פ"א ה"ב.

צו רשב"י "דייך שאני ובוראך מכירין כוחך", ד.ה. ניט נאר אז זיין כח איז באופן נעלה ביותר, נאר אפי' דער ענין פון "מכירין כוחך" (וויסן זיין כח), איז אויך מערניט ווי "אני ובוראך" - וואס דאס באווייזט אויפן גודל העילוי און ריחוק הערך צווישן רשב"י מיט די איבעריקע תלמידים פון ר"ע (אפי' די תלמידים פון "תיקון" - פון ל"ג בעומר און לאחרי ל"ג בעומר) -

איז לכאו', וואס פאר א הוראה קען ארויסנעמען יעדער איד פון די סיפורים וואס מ'דערציילט וועגן רשב"י אז ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו"?

ד. איז דער ביאור בזה:

מ'האט גערעדט פריער[33] אז בנוגע צו משה רבינו שטייט אין תניא[34] אז "אף כי מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו לגשת להשיג אפילו חלק אחד מני אלף ממדריגת אהבת רעיא מהימנא", פונדעסטוועגן, מצד דערויף וואס ער איז דער רועה פון בנ"י, איז דא א ניצוץ פון אים ביי יעדער אידן[35], ביז וואנעט אז דער ניצוץ פועל'ט און סוף אויף אויך בנוגע לפועל, אז דער ענין היראה זאל ביי אים זיין א "מילהא זוטרתי"[36] - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו רשב"י, אז שמץ מנהו איז שייך אויך ביי יעדער אידן.

דער ביאור איז אבער נאך ניט מספיק - ווארום דאס וואס ביי אים איז דא א ניצוץ פון משה רבינו, איז דאך דאס אן ענין וואס מ'גיט אים מלמעלה, ס'איז ניט קיין ענין אויף וועלכן ער האט געהארעוועט - אזוי ווי "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'"[37] צו אלע אידן עד סוף כל הדורות, און צו אים אויך בכלל, האט ער א ניצוץ פון משה רבינו, ביז אז ער האט א כח פון משה, ביז אז ביי אים זיינען דא פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט דרגת משה -

און הסידות איז דאך מבאר אז תכלית ושלימות הכוונה איז ניט אין די ענינים וואס מ'גיט אים מלמעלה, נאר אין ענינים וואס ער הארעוועט אליין, ביז וואנעט אז דאס ווערט זיינער אן ענין.

וכמדובר כמ"פ אז דאס קומט אראפ ביז אין הלכה בפועל - אז "אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו"[38], ד.ה. אפי' ווען ס'איז מערניט ווי איין "קב", איז וויבאלד אז דאס איז "קב" -

------------

33) שיחת מוצאי ש"פ אמור סו"ס יד. 34) פמ"ד (סג, א). 35) תניא רפמ"ב. 36) ברכות לג, ב. תניא שם. 37) אבות רפ"א. 38) ב"מ לח, א.

"קב שלו", ווייל ער דאס מערער פון "תשעה קבים של חבירו" - דאס איז דער טבע האדם וואס אזוי האט אין אים דער אויבערשטער מטביע געווען[39], וכאמור אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט הלכות בפועל, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון מציאה

וואס דער ענין המציאה איז כללות עבודת האדם - געפינען די ניצוצי קדושה וועלכע זיינען פארלארן געגאנגען מצד דערויף וואס "בונה עולמות ומחריבן"[40], וואס צוליב דערויף קומט אראפ די נשמה דא למטה, אויף צו געפינען די ניצוצות, און מחזיר זיין די אבידה לבעלי', אומקערן זיי צו זייער שורש ומקור - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די ביאורים אין דעם ענין המציאה ווי דאס איז אין עבודת האדם[41].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף צו די ענינים וואס מ'גיט אים מלמעלה, דארף מען אויך האבן זיין עבודה - וואס אע"פ אז דאס איז מערניט ווי א טייל פון די ענינים וואס מ'גיט אים מלמעלה, ס'איז מערניט ווי איין "קב" (משא"כ די ענינים וואס מ'גיט אים מלמעלה וואס זיי זיינען "תשעה קבים"),

וואס דער חילוק איז ניט נאר אין כמות, נאר אויך אין איכות, כמדובר כמ"פ אז אין עניני קדושה, איז בשעת אז ס'קומט צו אין כמות, מוז אויך צוקומען אין איכות,

וכמובן אויך דערפון וואס "ברוב עם הדרת מלך"[42] - אז בשעת ס'קומט צו אין כמות פון "רוב עם" (אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "עם", מלשון גחלים עוממות[43]), קומט צו אין איכות פון "הדרת מלך" -

וואס דער גאנצער ענין פון "הדרת מלך" איז אן ענין של איכות, ווארום "הדרת מלך" מיינט ניט אז מ'גיט אים כסף וזהב און מתנות יקרות וכו', נאר "הדרת מלך" מיינט אז ער ווערט מרומם אויפן עם, אן ענין של איכות - און דורך וואס ווערט גרעסער דער ענין פון "הדרת מלך", דורך דעם וואס ס'קומט צו אין כמות פון "רוב עם",

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז דאס איז "קב שלו", איז "אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו" - דער אויבערשטער

- האט -

---

39) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' (קה"ת תשל"ו) ע' שדמ בשוה"ג הא'. 40) קה"ר פ"ג, יא. וראה גם ב"ר פ"ג, ז. פ"ט, ב. 41) ראה המשך וככה תרל"ז פס"ח קרוב לסופו. סה"מ קונטרסים ח"ב שסב, א-ב. 42) ל' הכתוב - משלי יד, כח. וראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו. 43) שעהיוה"א רפ"ז.

האט באשאפן דעם אידן [וואס דער עיקר ביי א אידן איז דאך דער "נפש השנית בישראל היא חלק אלוקה ממעל ממש"[44] איז אן אופן אז ער (די נשמה) זאל ווערן "קב שלו" מערער פון "תשעה קבים של חבירו", וואס דאס ("חבירו") גייט אויפן אויבערשטן, ווי רש"י ברענגט אראפ אין מסכת שבת[45] אז "רעך ורע אביך אל תעזוב - זה הקב"ה".

ה. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז מ'ווייסט אז ל"ג בעומר איז יום שמחתו של רשב"י[46], וואס ער האט געוואלט און געבעטן און צוגעזאגט אז מ'זאל זיין שמח בשמחתו,

ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[47]) - סיי אין דעם ענין וואס מ'זאגט ניט קיין תחנון[48], און סיי אין דעם ענין וואס דעמולט מאכט מען כו"כ ענינים של שמחה, ביז צו דער שמחה הכי גדולה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון א חתונה אז מ'מאכט חתונות בל"ג בעומר אע"פ אז ס'איז אינמיטן די טעג פון ספה"ע[49]

[וואס דער ענין פון א חתונה איז דאך דער גילוי פון כח הא"ס[50] - וויבאלד אז עס ווערן געבארן קינדער, זרעא חייא וקיימא, וואס זיי זיינען קיים דורך די קינדער וואס זיי וועלן האבן, א.ז.וו. עד אין סוף][51] -

איז דאס נאך אלץ ניט גענוג - נאר מ'דארף אויך האבן זיין עבודה, אז ער זאל זיך משתדל זיין אין דערויף עכ"פ אין אן אופן פון איין "קב", ועאכו"כ אויב ער קען טאן מערער דערפון,

וואס דורך דערויף איז ער מגלה ביי זיך די ענינים וואס מ'האט אים געגעבן מלמעלה - ביז אין אן אופן אז דאס ווערט זיינער אן ענין, ווארום וויבאלד אז "כל הנותן בעין יפה נותן"[52], ווערט דאס זיינער אן ענין.

ו. און דאס איז די הסברה בנוגע להאמור לעיל אז מ'קען אויפטאן שמץ מנהו פון די פעולות וואס רשב"י האט אויפגעטאן - ניט קוקנדיק אויף גודל ההפלאה פון דעם רשב"י, ביז אז מ'זאגט אז אפי' וויסן די הפלאה מיטן כח פון רשב"י איז

- מערניט -

------------

44) תניא רפ"ב. 45) לא, א - ד"ה דעלך. וראה גם פרש"י עה"פ משלי כז, י. שמו"ר רפי"ז. 46) פע"ח שכ"ב פ"ז. מ"ח מס' אייר פ"א מ"ו-ז. 47) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 48) שו"ע או"ח סקל"ו ס"ו בהגה"ה. סתצ"ג ס"ב בהגה"ה. שו"ע אדה"ז סתצ"ג ס"ה. 49) שו"ע אדה"ז שם. 50) לקו"ת שה"ש כ, א. ד"ה שמח תשמח תדנ"ז ע' 7. וראה גם ד"ה כל הנהנה תרנ"ב. 51) לקו"ת שם. 52) ראה ב"ב נג, א. סה, סע"א.

מערנים וואס "אני ובודאך מכירין כותך", פונדעסטוועגן זאגט מען אז "לא נפלאת היא ממך ולא דחוקה היא לא בשמים היא גו' ולא מעבר לים היא", נאר "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו", אין עשי' בפועל אין עולם העשי' (ווי עס ברענגט זיך אויך אראפ אין דעם שער פון דעם ספר תניא קדישא).

וכן תהי' לנו - און אין דעם אופן העבודה פון רשב"י, ניט אין אן אופן פון תעניות וסיגופים, נאר אין אן אופן של שמחה, דורך דעם ענין התורה בכלל,

ובפרט דורך דעם יחוד ותיבור פון נגלה דתורה מיט רזי תורה, פנימיות התורה - וואס זי איז אראפגעקומען אין אן אופן של לימוד בהבנה והשגה אין תורת חסידות חב"ד[53], חכמה בינה דעת, וואס דוקא דורך דעם אופן הלימוד אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה ותפיסא, וועדט דער ענין פון "ותודתך בתוך מעי"[54], כמבואר בארוכה אין תניא[55].

און דעמולט ווערט דער ענין פון "חגרה בעוז מתני' ותאמץ זרועותי'"[5] - וואס דאס איז דאך איינע פון די מעלות פון "אשת חיל", וואס דאס גייט אויף "כנסת ישראל", וואס זי איז דער מקור פון נשמת כל אחד ואחת מישראל[56].

ביז אז דאס קומט אראפ אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - ווארום ס'איז דא דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס ברענגט דעם "אתי מר"[57] דא מלכא משיחא, ובעגלא דידן.

* * *

ז. מ'האט גערעדט פריער אז מצד דערויף וואס ביי יעדערן איז דא א ניצוץ פון רשב"י, פארבינדט דאס אים מיט רשב"י, ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין אן ענין של מעשה בפועל - דורך דערויף וואס ער טוט דעם "קב שלו", ביז וואנעט אז אויך די "תשעה קבים של חבירו" וואס מ'גיט אים מלמעלה, ווערן זיי אויך פארבונדן מיטן "קב שלו", און עס ווערט פארעכנט פונקט ווי אלע עשרה קבים וואלטן געווען אינגאנצן זיינע (דורך זיין עבודה).

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון עבודת ה', דארף דאך דאס ניט זיין אין אן אופן של נס, נאר דאס דארף זיין אין אן אופן

- וואס -

---

53) ראה לקו"ש ח"ז ע' 206. 54) ל' הכתוב - תהלים מ, ט. 55) פ"ה (ט, סע"ב ואילך). 56) קה"י ערך כנס"י. וראה סה"מ תרנ"ט ע' ב. 57) אגה"ק של הבעש"ט - נדפסה גם בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו.

וואס איז פארשטאנדיק אין שכל האדם, ווי אזוי טוט זיך אויף דער ענין וכו׳.

ע"ד ווי ס׳איז געווען ביי רשב"י - אז דער ענין וואס דורך דעריף וואס "תורתו אומנתו" האט ער געקענט פועל׳ן דעם ענין פון ירידת גשמים כפשוטו אין גשמיות עוה"ז התחתון, איז דאס אן ענין וואס איז מובן ומושג ע"פ שכל העליון, און דערנאך ווערט דאס פארשטאנדיק אין דעם שכל פון נה"א, און די גיט דאס צו פארשטיין אויך דעם נפש השכלית, ביז וואנעט אז ס׳איז אויך פארשטאנדיק אין דעם שכל פון נה"ב.

וואס די הסברה בזה בפשטות איז: וויבאלד אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל ישראל שנקראו ראשית"[58], איז פארשטאנדיק, אז דורך דעריף וואס א איד איז ממלא תפקידו און לערנט תורה, פועל׳ט דאס אויך אין שמים וארץ, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[59] אז דאס מיינט מען אויך - ובעיקר - די שמים וארץ הגשמיים.

און ווי כ׳זעט דאס אויך אין יעדער ענין, סיי אין ענינים פשוטים און סיי אין ענינים נעלים - אז בשעת ס׳איז דא א זאך וואס איז באשאפן געווארן צוליב א געוויסן תכלית, איז בשעת דער תכלית ווערט נתמלא, גיט דאס א חיזוק און ס׳איז מתקן ומשלים די זאך וואס איז געמאכט געווארן צוליב דעם תכלית, עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א זאך וואס איז נתהווה געווארן מאין ליש צוליב דעם תכלית.

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן א אידן וואס געפינט זיך אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, איז ווי קען מען זאגן אז דורך דעריף וואס ער לערנט תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", פועל׳ט ער דעם ענין פון גשמים כפשוטו, אויך בזמן הזה און אין חו"ל - אויף דעריף דארף מען דאך האבן דעם ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", און ער האלט נאך ניט (עכ"פ לע"ע) אין דער דרגא פון "תורתו אומנתו"?!

אמת טאקע אז מצד דעריף וואס די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל ישראל שנקראו ראשית" פועל׳ט דאס אויך אין שמים וארץ הגשמיים - אבער אין זמן הגלות ובפרט אין עקבתא דמשיחא, און אין חו"ל, זעט זיך דאס ניט אן בעיני בשר, ד.ה. אז דערפון קומען ניט ארויס אזוינע השפעות וואס מ׳זעט זיי בעיני בשר.

ח. די שאלה בזה איז א גרעסערע:

- אפי׳ -

------------

58) פרש"י ר"פ בראשית. ועוד. 59) שבת סג, א. וש"נ.

אפי׳ בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, האבן ניט אלע אויפגעטאן דעם ענין פון ירידת גשמים ע"י אמירת תורה (אזוי ווי רשב"י) - ווי מ׳געפינט בנוגע צו חוני המעגל (וואס ער איז געווען בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים[60]), אז בשעת ער האט געוואלט אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים, האט ער געדארפט אנקומען צו דעם ענין התפלה, ביז אין אן אופן אז "עג עוגה וכו׳"[61] (וואס דאס איז דאך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס ער ווערט אנגערופן "חוני המעגל"[62]).

און אפי׳ בנוגע צו ר"ע (וואס ער איז געווען רבו של רשב"י[63]) - דערציילט די גמרא אין מסכת תענית[64] אז ווען ער האט געוואלט אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים, האט דאס געדארפט זיין אין אן אופן וואס איז פארבונדן מיט תפלות וכו׳ - און ניט דורך דעם ענין פון אמירת תורה (אזוי ווי רשב"י).

וואס אע"פ אז ר"ע האט דאך געלערנט תורה כל היום כולו[65], ער האט געהאט א ישיבה און האט געדארפט אנפירן מיט אזוי פיל תלמידים[66] - זיינען אבער ביי אים געווען (נוסף לזה) נאך ענינים, ווי עס ווערט דערציילט[67] אז ער פלעגט ארומפארן און באזוכן ישובי ישראל, אפי׳ די ישובים וואס זיינען געווען אין מדינות הכי רחוקות.

און דערפאר איז אע"פ אז "כולהו אליבא דר"ע"[68], אפי׳ דער לימוד התורה פון רשב"י - איז אבער רער ענין פון "תורתו אומנתו" (אז דאס איז זיין איין און איינציקע אומנות) געווען מערנים ווי ביי רשב"י.

און ווי ס׳איז מבואר אין חסידות[69] אז דוקא רשב"י האט געקענט אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים ע"י אמירת תורה, משא"כ חוני המעגל ועד"ז די אנדערע תנאים וואס ווערן דערמאנט אין מסכת תענית, וואס זיי האבן דאס נים געקענט אויפטאן ע"י אמירת תורה [ווען ס׳וואלט אזוי ניט געשטאנען אין חסידות, וואלט קיינער ניט געהאט די בדייטקיים צו זאגן אזא זאך, אבער אזוי שטייט אין חסידות], נאר זיי האבן געמוזט אנקומען צו דעם ענין התפלה, מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, כולל דעם ענין פון תעניות וכו׳ -

- דער -

---

60) ראה ירושלמי תענית פ"ג ה"ט. 61) תענית יט, א במשנה. שם כג, א. 62) פרש"י ד"ה דעגיל - מנחות צד, ב. 63) ראה מנחות עב, א ובפרש"י שם ד"ה רבו. 64) כה, ב. 65) ראה פסחים קט, א. 66) ראה יבמות שם. 67) ראה תולדות תו"א (היימאן) ס"ע 994 ואילך. 68) סנהדרין פו, רע"א. 69) המשך תער"ב ח"א ע׳ תקעט. וראה גם אוה"ת שם ע׳ רנו. ועוד.

דער איינציקער וואס האט דאס געקענט אויפטאן דורך דעם ענין פון אמירת תורה, איז געווען רשב"י, דערפאר וואס ביי אים איז געווען "תורתו אומנתו".

איז דאך ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז בדורנו זה קומט מען צוגיין צו א פשוט'ן אידן, און מ'זאגט אים אז ווען ער לערנט אין תורה די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט רשב"י, כולל אויך דעם סיפור אז דורך דעם וואס רשב"י האט געזאגט תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים וגו'" האט ער גע'פועל'ט דעם ענין פון ירידת גשמים - איז דאס אן ענין וואס האט א שייכות צו אים, וויבאלד אז דאס איז אן ענין אין לימוד התורה וואס "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה" - אז ביי אים קען אויך זיין דער ענין פון "אתי מיטרא" בפועל?!

ער האלט דאך ניט ביי דער דרגא פון "תורתו אומנתו", און ס'זיינען דא כמה סיבות וואס צוליב זיי קען דאס ניט יעדערער אויספירן בימינו אלו - במכש"כ וק"ו דערפון ווי ס'איז געווען אפי' בזמן התנאים, אז עבודתו ופעולתו פון חוני המעגל איז ניט געווען אין דעם ענין פון "תורתו אומנתו", וואס דערפאר האט ער געדארפט אנקומען צו דעם ענין התפלה אויף פועל'ן גשמים, ועד"ז בנוגע צו ר"ע, ועד"ז בנוגע צו כו"כ פון תלמידי ר"ע, כולל אויך די חמשה תלמידים וואס פון זיי איז נבנה העולם נאך דערויף וואס "הי' העולם שמם" -

און אעפ"כ, ווען ס'רעדט זיך וועגן אן אדם פשוט לכאו' (ביז אפי' אן אדם פשוט באמת) - זאגט מען אז בשעת ער לערנט אין תושבע"פ דעם סיפור אז רשב"י האט אויפגעטאן דעם ענין פון ירידת גשמים דורך אמירת תורה,

[און ער לערנט דעם סיפור בפשטות, ניט נאר אז ער וו[ייס]ט דעם פירוש המילות, נאר ער פארשטייט אויך דעם תוכן הסיפור (ווארום דאס איז דאך אן ענין פון תושבע"פ, במילא דארף דאס אראפקומען אין הבנה והשגה), עכ"פ ווי דאס איז בפשטות, ווארום ער איז א איד וואס האט א שייכות מערניט ווי צו עולם הפשט, במילא פאדערט זיך פון אים די שלימות אין דעם לימוד ע"ד הפשט, בפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן ל"ג בעומר, ועד"ז אין די ימים שלאחרי ל"ג בעומר וואס אין זיי איז נאך דא די המשכה פון ל"ג בעומר],

קען ער אויך אויפטאן דעם ענין פון "אתי מיטרא" בפועל - וואס דאס איז דער ענין וואס ער לערנט אין דעם סיפור, וואס איז אויך א הוראה.

און מ'קען ניט זאגן אז דאס איז אן ענין של נס, אז דורך דערויף וואס ער וועט דאס טאן, דארף ער זיך סומך זיין

- אז -

אז ס'וועט זיכער זיין א נס – ווארום תורה רעדט ניט וועגן אן ענין פון הנהגה נסית, ואדרבה, תורה זאגט אז "אין סומכין על הנס"[70],

מוז מען דאך זאגן אז דאס איז אן ענין וואס איז פארשטאנדיק אין דרך הטבע, ביז וואנעט אז דער טבע פון נה"ב קען אויך פארשטיין (דורך דעם שכל פון נה"ב) – אז אויך ווען ס'רעדט זיך וועגן א פשוט'ן אידן וואס געפינט זיך בימינו אלו, און אין חו"ל, און הנהגתו איז ניט אין דעם קו פון יששכר, נאר אין דעם קו פון זבולון, וואס דאס איז דאך רוב העם (ועאכו"כ אז ער איז ניט פון דעם מיעוט צווישן די וואס הנהגתם איז אין דעם קו פון יששכר גופא – אין דעם אופן פון "תורתו אומנתו") – קען ביי אים אויך זיין דער ענין בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י, ביז אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך" ביז אין אן אופן פון "לעשותו".

ס. והביאור בזה:

יעדער איד ווייסט דאך אז ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו" – און וויבאלד אז "תלמוד גדול שהתלמוד מביא לידי מעשה" [אדער ווי די צווייטע גירסא[71] "גדול לימוד תורה שהלימוד מביא לידי מעשה"], איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס ער לערנט וועגן דעם אופן הלימוד פון "תורתו אומנתו", איז אן ענין וואס דארף אראפקומען אין מעשה בפועל אויך ביי אים.

וואס אע"פ אז ער האלט ניט אין דער דרגא פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו" [ניט דערפאר וואס ס'איז דא א חסרון בעבודתו, נאר דערפאר וואס ער איז שייך צו דעם קו פון זבולון, אדער אפי' ווען ער איז שייך צו דעם קו פון יששכר, איז ער אבער ניט שייך צו דעם אופן פון "תורתו אומנתו"] – פונדעסטוועגן קען ביי אים אויך זיין דער ענין פון "תורתו אומנתו" בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י.

דער ביאור אין דעם: דער פירוש פון "תורתו אומנתו" איז דאך כפשוטו (וואס דאס איז אויך דער פירוש בנוגע להלכה למעשה), אז ער האט ניט קיין אנדער אומנות (קיין אנדער באשעפטיקונג), און מצד כל כחות נפשו, כח העשי', כח הדיבור וכו', איז זיין איינציקע אומנות – "תורתו אומנתו", ביז אז ער איז ניט מפסיק אין דעם ענין פון לימוד התורה [ווי ער ברענגט אראפ אין תניא[72] בנוגע צו דעם וואס ביי אים איז ניט

– "תורתו –

---

70) פסחים סד, ב. 71) ב"ק יז, א. וראה גם מגילה כז, א. 72) פכ"ג (כט, א).

"תורתו אומנתו", אז ער איז "מפסיק ומבטל בלא"ה" - אבער דער וואס "תורתו אומנתו" איז ניט מפסיק אין דעם ענין פון לימוד התורה.

וואס אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א אידן וואס דאס איז ניט זיין דרגא, ביז וואנעט אז ס׳קען גאר זיין אז ס׳איז ניט ביכלתו צוקומען צו דער דרגא -

איז ער אבער א בעה"ב אויף זיך, און ער קען פועל׳ן ביי זיך דעם ענין, אז ווען ער לערנט זיינע שיעורים בתורה, אפי׳ ווען דאס איז מערניט ווי פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית

וואס דאס איז אן ענין אין תושבע"פ, משא"כ ק"ש וואס איז פון תושב"כ - וואס דערפאר ווערט אראפגעבראכט די דוגמא פון "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית"[73], אן ענין אין תורה שבעל פה -

קען ער פועל׳ן אויף זיך (ביז וואנעט אז "קרוב אליך הדבר מאד") אז דער לימוד זאל זיין אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", אז דעמולט איז בעולמו ניטא קיין אנדער ענין, מערניט ווי דער ענין התורה[74].

ער טראכט ניט וועגן אנדערע ענינים, און ניט אין אן אופן אז ער דארף אנקומען צו א השתדלות אז ער זאל ניט טראכטן וועגן אנדערע ענינים, דורך דערויף וואס ער האט מלחמה מיט די מחשבות וועגן אנדערע ענינים - נאר ער שטעלט זיך אוועק אין אזא מעמד ומצב, אז אין דעם זמן וואס ער לערנט דעם פרק אחד שחריה ופרק אחד ערבית, איז ביי אים די גאנצע וועלט מערניט ווי דער "פרק אחד".

און ווי מ׳זעט בפועל בנוגע צו כמה ענינים, אז בשעת א מענטש איז מחליט בתוקף אז אין די פאר מינוט, די פערטל שעה, אדער די שעה, זאל ער זיך אפגעבן מערניט ווי מיט דעם איין און איינציקן ענין - קען ער דאס ביי זיך פועל׳ן, ביז אז "קרוב אליך הדבר מאד", און מ׳דארף אויף דערויף ניט זיין קיין גרויסער בעל מדריגה, וכאמור אז מ׳זעט דאס בא יעדער מענטשן, און אפי׳ (להבדיל) ביי ניט אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער האט דעם רצון תקיף און די החלטה אמיתית, אז אין די רגעים אדער אין די שעות, זאל ער זיך אפגעבן מערניט ווי מיט דעם ענין פון לימוד התורה, ווערט דאס ביי אים אין אן אופן אז אין די רגעים אדער שעות איז "תורתו אומנתו".

- ׳ -

---

73) מנחות צט, סע"ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 74) ראה לקו"ש חי"ב ס"ע 229.

י. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

ווי אזוי קען מען זאגן אז אין דעם זמן איז "תורתו אומנתו", וויסנדיק אז א רגע לפנ"ז (פאר די רגעים וואס ער לערנט) און א רגע לאח"ז, שטייט ער אין א מעמד ומצב אחר לגמרי?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק בפשטות, דערפון וואס דער אלטער רבי זאגט אין תניא[75] אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד":

בשעת א איד טוט אן עניין פון תורה ומצוותי׳, ער לייגט תפילין (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[76]) וכיו"ב, איז אפי׳ נאך דערויף וואס ע"פ תורה טוט ער אויס די תפילין (וואס דעמולט איז ער ניט מניח תפילין בפועל), זאגט מען אז דער יחוד וואס האט זיך אויפגעטאן דורך דער מצוה איז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", אפי׳ ווען ער טוט דערנאך אנדערע ענינים.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די רגעים אדער שעות וואס ער לערנט תורה, אז מצד דערויף וואס "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", איז ביי אים "תורתו אומנתו", אפי׳ ווען לפנ"ז און לאח"ז שטייט ער אין אן אנדער מעמד ומצב.

וכמובן בפשטות דאס וואס "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" - ווארום ווייבאלד אז זמן ומקום זיינען נבראים, און זיי זיינען באשאפן געווארן צוליב דעם עניין פון תורה ומצוותי׳, איז דערפון א הוכחה פשוטה אז תומ"צ מצ"ע זיינען העכער פון דער מדידה והגבלה פון זמן ומקום.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ווען א איד איז מקיים די מצוה, איז ער דאס טאקע מקיים אין א זמן קבוע (ניט לפנ"ז און ניט לאח"ז), וואס אזוי דארף זיין ע"פ תורה - אבער אעפ"כ, מצד דערויף וואס די מצוה איז העכער פון דער מדידה והגבלה פון זמן ומקום (ואדרבה, די מציאות פון זמן ומקום איז באשאפן געווארן דורך און צוליב דער מצוה), איז דער יחוד וואס ווערט אויפגעטאן דורך דער מצוה אין אן אופן פון "נצחי לעולם ועד".

דאס וואס דא למטה איז דער יחוד ניט קיין נצחי, איז דאס דערפאר וואס דער אדם העובד ומקיים המצוה האט די שליחות אז נאך דער מצוה דארף ער זיך פארנעמען מיט אן

- אנדער -

---

75) פכ"ה (לב, א). 76) קידושין לה, א.

אנדער מצוה, ביז וואנעט אז ער דארף מקיים זיין אלע תרי"ג מצוות, און לערנען כל התורה כולה, כמבואר אין הל׳ ת"ת[77] - ובמילא דארף ער מפסיק זיין פון קיום מצוה זו און פארנעמען זיך מיט אן אנדער מצוה, און דערפאר איז דאס ניט אין אן אופן נצחי;

אבער וויבאלד אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד" (וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז פארשטאנדיק בפשטות אויך צום שכל פון נה"ב) - איז פארשטאנדיק, אז דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "תורתו אומנתו" (אין די רגעים אדער שעות וואס ער פארנעמט זיך מיט לימוד התורה), פועל׳ט ער דעם ענין פון ירידת גשמים -

ווארום אלע המשכות ווערן נמשך פון מקור הברכות למעלה, וואס למעלה איז דאס אין אן אופן וואס איז העכער פון זמן ומקום - איז וויבאלד אז ער טוט אן ענין וואס איז אויך למעלה פון זמן ומקום ("תורתו אומנתו"), און אזא ענין וואס האט א שייכות צו דעם ענין פון ירידת גשמים (אמירת תודה עה"פ "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד"[78]), ווערט נמשך פון מקור הברכות דער ענין הגשמים (אע"פ וואס למטה קומט דאס אראפ אין א זמן מסוים, ווארום אויב ס׳גייען גשמים נאכאנאנד, "רוב טובה", קען מען דאס ניט מקבל זיין דא למטה[79]).

יא. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

נוסף לזה וואס יעדערער האט זיינע שיעורים הקבועים אין לימוד התורה - זאל זיך יעדערער משתדל זיין מוסיף זיין אין די שיעורים, ד.ה. ער זאל לערנען ניט נאר "כדת הניתנה לכל אחד ואחד בהלכות תלמוד תורה", ווי ער זאגט אין תניא[80], נאר ווי ער איז דארטן ממשיך אז "אם ירחיב ה׳ לו עוד אזי טהור ידים יוסיף אומץ וכו׳", אז ער וועט מוסיף זיין אין די שיעורים בתורה.

וואס דער ענין פון "ואם ירחיב ה׳ לו עוד", איז תלוי אין אים אליין - ד.ה. אז דורך דעם וואס נאך איידער "ירחיב ה׳ לו עוד" איז ער שוין מוסיף אין די שיעורים בתורה לויט ווי ס׳קען זיין אין דעם מעמד ומצב פון "ירחיב ה׳ לו עוד" - פועל׳ט דאס אז ס׳זאל טאקע ווערן דער ענין פון "ירחיב ה׳ לו עוד".

וואס דאס איז בדוגמא ווי מ׳זאגט[81] בנוגע צו א"י, אז

- בשעת -

---

77) לאדה"ז פ"א ס"ד. 78) ראה ד"ה א"ר יוסי זכנא חדא דהתוועדות זו. 79) תענית כג, א. 80) פל"ד (מג, ריש ע"ב). 81) גיטין נז, א.

בשעת ס׳קומען צו מערעד אידן וואס לעבן אין א"י, ווערט זי "ארץ צבי" - זי ווערט דעמולט גרעסער בגשמיות.

און דער לימוד פון די שיעורים בתורה זאל זיין אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", אז אין דעם זמן וואס ער פארנעמט זיך מיט לימוד התורה, איז ביי אים ניטא קיין אנדער זאך אויסער דעם ענין התורה - "תורתו אומנתו".

ווען ס׳קלינגט דער טעלעפאן, ענטפערט ער ניט, ווארום איצטער איז ביי אים בדוגמא צו שבת, און ווען דער טעלעפאן קלינגט בשבת, איז דאך ח"ו אז דאס זאל אים מבלבל זיין פון דעם ענין השבת - ועד"ז ווען ער לערנט תורה, געפינט ער זיך ניט אין דער וועלט פון וואכעדיקייט, ביי אים איז איצטער שבת! און דאס וואס ס׳קלינגט דער טעלעפאן, איז מערניט ווי א בלבול וואס דער "קלוגינקער" וויל אים מבלבל זיין, וואס די כוונה בזה איז, אז ער זאל באווייזן אז ער איז א קלוגער, און ווערט ניט נתפעל פאר דעם "מלך זקן וכסיל"[82].

ועד"ז ווען ס׳קומען צו אים בני ביתו [וואס אין דערויף ווערן נכלל כל אחד ואחת מבנ"י, ווארום אלע אידן זיינען דאך "קומה אחת שלימה"[83], און ווי ס׳שטייט[84] "כל איש ישראל גו׳ כאיש אחד חברים"] און מ׳וויל רעדן מיט אים וועגן ענינים טובים און ענינים רצויים - דארף ער זיי טאקע ענטפערן בדרכי נועם ובדרכי שלום, און מיטן כבוד הראוי (מיט אלע באווארעניש אז ס׳זאל זיין נהגו כבוד זה לזה וכו׳[85]), אבער דער תוכן פון דעם ענטפער דארף זיין, אז איצטער לערנט ער תורה, ער איז תורה, זיי רעדן מיט תורה, תורה לערנט תורה!

וואס בשעת ער זאגט דאס אין אן אופן פון דברים היוצאים מן הלב, דאס ווערט געזאגט מיט דער גאנצער עדנסט־קייט און תמימות ויושר וצדק שבדבר - איז נכנסים אל הלב[86], דאס ווערט ביי זיי אנגענומען, און דעמולט איז ניט נאר אז מ׳איז אים ניט מבלבל פון לימוד התורה, נאר אדרבה, מ׳איז גאר מונע פון אים כמה בלבולים, כדי ער זאל קענען דורכפירן רצונו הטוב, פארנעמען זיך מיט לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

יב. און בשעת ער פירט זיך אין אזא אופן - אז נוסף אויף

- די -

---

82) ל׳ הכתוב - קהלת ד, יג. וראה זח"א קעט, סע"א ואילך. 83) לקו"ת ר"פ נצבים. דרמ"צ מצות אהבת ישראל. 84) שופטים כ, יא. 85) ראה יבמות שם. 86) ראה ספר הישר לר"ת שי"ג. של"ה שער האותיות אות ל.

די שיעורים בתורה אין וועלכע ער איז מחוייב ע"פ הל' ה"ת, שטעלט ער זיך אוועק אין א מעמד ומצב פון "ירחיב ה' לו עוד", און איז מוסיף אין די שיעורים, און דערנאך ווען ס'ווערט טאקע דער "ירחיב ה' לו עוד", דערמאנט ער זיך אז ס'איז דא א הלכה אין הורה אז די הנהגה דארף זיין אין אן אופן פון לפנים משורת הדין[87], און ער איז מוסיף אין די שיעורים נאכמער -

דערציילט מען אים די הוראה וואס מ'האט פון דעם סיפור וואס רשב"י האט אויפגעטאן דעם ענין פון ירידת גשמים דורך אמירת תורה - אז ס'איז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך", ס'זאל ארויסקומען דער "לעשותו" אין השפעת גשמים כפשוטו (דורך דערויף וואס דער לימוד התורה איז אין אן אופן פון "תורתו אומנתו").

און ווי דער רמב"ן איז מבאר בארוכה אויפן פסוק[13] "ונתתי גשמיכם בעתם", אז דער ענין הגשמים איז דער מקור והתחלה פון אלע ברכוה און ס'איז כולל אלע ברכות - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד ער טוט אויף דעם ענין פון ירידת גשמים, ווערט ער אויך געבענטשט אין בני חיי ומזוני, ובכולם - אין אן אופן פון רויחי, וואס דעמולט האט ער נאכמער צייט אויף פארנעמען זיך מיט לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

יג. און כללות הענין פון לימוד התורה, ובפרט דער אופן פון לימוד התורה ווי ס'איז געווען ביי רשב"י, דער חיבור פון נגלה דתורה מיט פנימיות התורה, כמבואר בכ"מ[88] - איז מקרב וממהר, אין אן אופן פון "בעתה אחישנה"[89], דעם ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[90],

און ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין דעם סיום וחותם פון ספרו "יד החזקה", און ראשון גופא - אין דעם סיום פון הל' מלכים, אז לע"ל [און בדוגמת זה קען אויך זיין איצטער - ווען מ'שטעלט זיך אוועק אין א מעמד ומצב של גאולה] וועט זיין "עסק כל העולם . . לדעת את ה' בלבד . . וישיגו דעת בוראם", ביז אין אן אופן פון "כמים לים מכסים", אזוי ווי דגים שבים[91] וואס זייער מציאות איז דאך די מים[92].

וכן תהי' לנו, נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, - און -

---

87) ראה ב"מ כד, ב. וש"נ. וראה רמב"ם הל' רעות פ"א ה"ה. 88) ראה אוה"ת שם ע' רנז. ועוד. 89) ל' הכתוב - ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 90) ישעי' יא, ט. 91) ראה ברכות סא, ב. 92) ראה מקואות פ"ו מ"ז. נת' בד"ה וראיתי אני, תרס"ב.

און דאס וועט זיין די הקדמה והכנה און א כלי רחבה צו דעם ענין כפשוטו ממש, למטה מעשרה טפחים, אז בקרוב ממש וועט קומען משיח צדקנו, וילמד תורה את כל העם כולו[93], וכמבואר בכ"מ[94] דער גודל ההפלאה וואס וועט זיין אין לימוד תורתו של משיח, אז דאס וועט זיין אין אן אופן פון ראי',

און ס'וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

יד. מ'האט גערעדט פריער אז ביי יעדער אידן קען זיין דער לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו" - אפי' אויב לימוד התורה שלו איז מערניס ווי פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית, אעפ"כ, מאנט מען פון אים און מ'גיט אים דעם כח לזה, אז אין זמן הלימוד זאל ער שטיין אין א מעמד ומצב פון "תורתו אומנתו".

ביז וואנעט אז מ'זאגט אים אז ביי אים קען זיין דער זעלבער ענין בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י - אז דורך דעם ענין פון לימוד התורה האט ער גע'פועל'ט דעם ענין פון ירידת גשמים, און מ'זאגט אים אז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך (ביז אין אן אופן פון) לעשותו".

עאכו"כ וועט ס'רעדט זיך וועגן די וואס מצד התעסקותם און מצד זייער מעמד ומצב אין ענייני עוה"ז זיינען זיי נענטער צום אופן הלימוד פון "תורתו אומנתו" - וואס בכללות זיינען דאס די "יושבי אוהל",

וואס מצד דערויף וואס זיי האבן ניט קיין דאגות הפרנסה (ס'איז מערניס וואס מ'איז מגרה דעם יצר ער זאל דאגה'נען וועגן פרנסה, אע"פ אז פרנסהו מצוי') - זיינען זיי נענטער און ביי זיי מאנט זיך מערער דער לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

וואס אין דערויף ווערן נכלל רבנים, ראשי ישיבות, מלמדים, תלמידי הישיבות, תלמידי החדרים (מיט וואס פאר א נאמען מ'זאל דאס נאר אנרופן), ועאכו"כ תלמידים און חברי הכולל.

וואס ענינם איז דאך, אז מ'נעמט פון זיי אראפ אלע דאגות שונות ומשונות, און מ'שטעלט זיי אוועק אין ד' אמות

- של -

---

93) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. סה"מ תש"ס ע' 128. 94) שער האמונה פ"ס. סה"מ תרצ"ט ס"ע 207 ואילך.

של תורה [ניט אין אן אופן נסי, נאר אין דרך הטבע - מ'שטעלט אים אוועק אין א מעמד ומצב וואס מ'גיט אים כל צרכיו וואס ער דארף האבן, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און מ'זאגט אים אז תפקידו ושליחותו און זיין אומנות איז - ער זאל זיצן און לערנען תורה],

איז דאך פארשטאנדיק, אז ביי זיי איז דא א נהינת כח בגלוי אז זייער לימוד התורה זאל זיין אין אן אופן פון "תורתו אומנתו" - ובמילא דארף דאס ביי זיי אראפקומען אין מעשה בפועל.

טו. און דערפאר איז א פליאה הכי עצומה - ווען מ'זעט אז א תלמיד ישיבה אדער א חבר הכולל פארנעמט זיך מיט עסקנות ציבורית, און מיט נאך כמה ענינים וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ער קומט צוגיין אין שול, און הויבט אן טומלען וועגן עסקנות ציבורית, און ער וויל אז ס'זאל זיין קולו נשמע, ד.ה. ניט נאר אז מ'זאל אים לאזן רעדן און רעדן באריכות, נאר אז מ'זאל אים אויך פאלגן,

און ער טענה'ט אז וויבאלד ביי אים איז "תורתו אומנתו" - זאגט ער א דעה וועגן מסר, און וועגן עסקנות ציבורית, און ער זאגט ווי אזוי ס'דארף זיך פירן א רב, א מלמד, אן עסקן און א סוחר וכו' - איז ווי קומט דאס אז אין קולו נשמע?!

און גלייך גייט ער אריין אין התלהבות און תוקף המדות (וואס דאס איז דאך היפך כללות הענין פון ספה"ע, וואס עיקרו איז דער בירור המדות[95]), און מיט אלע תוצאות וענינים וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן.

וואס די תמיהה און דער כאב לב און דער צער שבדבר, איז ניט בנוגע צו ענינים וואס זיינען אסור ע"פ שו"ע - צי דער ענין פון הלבנת פני חבירו ברבים, צי דער ענין פון גאוה וישות, צי דער ענין פון גסות הרוח [אדער עכ"פ ווי דער אלטער רבי איז מסביר[96] דעם לשון פון תורת אמת "גסות רוח", אז ער האט "רוחניות" ("רוח"), נאר די רוחניות איז (ניט אין אן אידעלן אופן, נאר) אין אן אופן פון "גסות (רוח)"] - ווארום "לאו בשופטני עסקינן"[97], איז דאך א זיכערע זאך אז ער וועט ניט טאן קיין ענין וואס איז היפך השו"ע (וואס ליידער, טרעפט אמאל בזמן מן הזמנים, אז ער

- ווערט -

------------

95) ראה לקו"ת ויקרא ג, א. ועוד. 96) לקו"ת ר"ה סב, רע"א. 97) ראה ב"ק פה, רע"א ועוד.

ווערט ניט דערשראקן פון אן ענין פון הלבנת פני חבירו ברבים רח"ל) -

נאר דער צער הכי גדול איז אויף כללות הענין: וויבאלד אז מ'האט דיר אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב אז דו זאלסט לערנען תורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", איז וואס מישסטו זיך אין דעם וואס ס'טוט זיך וועגן מילך און פלייש, וואס מישסטו זיך אין עסקנות ציבורית, און ניט נאר וואס דו מישסט זיך אין דערויף, נאר דו קאכסט זיך אין דערויף מערער ווי דו קאכסט זיך אין לימוד התורה!

וואס אפי' אויב בפנימיות קאכסטו זיך אין דערויף - איז וואס דארפסטו באווייזן בגלוי אין וואס פאר א מעמד ומצב רו געפינסט זיך!

און א גרעסערער פלא דערפון איז - אז די עומדים סביבו לאזן זיך ארייך אין דעם עצם שקו"ט וועגן מילך און פלייש וכיו"ב, און מ'פארגעסט אויפן עיקר הענין אז זיין שליחות באשטייט אין דעם וואס ער דארף זיצן און לערנען תורה.

דער ענין פון כשרות האכו"ש איז א דבר הכי גדול, און אויף דעם דארף מען האבן א רב המכשיר, און מ'דארף האבן א משגיח וכו', און לא היתה כזאת בישראל אז מ'זאל זיך פאר-לאזן אויף א בעה"ב וואס איז אן אמת'ער ירא שמים, נאר מ'דארף האבן א משגיח;

דעם משגיח איז אבער ממנה ניט א תלמיד פון ישיבה (לא היתה כזאת בישראל!), דעם משגיח איז ממנה דער רב, וואס ער האט סמיכה פון רבנים וואס זיינען געווען בדור הקודם, וואס פון זיי באקומט ער דעם כח אויף מסמיך זיין און באשטימען ווער זאל זיין דער משגיח.

און ניט נאר אז ממנה זיין א משגיח איז ניט עניננו פון דעם תלמיד הישיבה, נאר דער גאנצער ענין האט ניט קיין שייכות צו אים - און וויבאלד אז דאס האט ניט קיין שייכות צו אים, איז פארשטאנדיק אז ווען ער מישט זיך אין דערויף, קומט ביי אים ארויס דרכים עקלקלות, ער זאגט אין אן אופן שלא כדבעי, ביז אין אן אופן וואס איז היפך פון "תורת אמת".

וכאמור, אז די פליאה איז, אז די עומדים סביבו דינגען זיך מיט אים וועגן דער בהמה און וועגן (להבדיל) דעם שוחט - און מ'זאגט אים ניט וואס איז דיר נוגע וואס עס טוט זיך מיט דער בהמה און דעם משגיח וכו', וואס טוסטו בכלל אין די ד' אמות, נעם א גמרא אדער א מאמר חסידות און זעץ זיך לערנען!

וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו תלמידי הישיבה, חברי הכולל, דער ראש ישיבה און מנהל הישיבה, און אפי'

- בנוגע -

בנוגע צום שוחט אליין – אז דאס איז ניט זייער הפקיד, זיי דארפן הערן פון רעס רב דאס וואס זיי דארפן טאן בפועל, אבער ניט אז זיי זאלן זאגן א דעה אין דעם.

וואס דאס איז ניט קיין קיין הנהגה וואס דארף זיין נאר מצד "מילי דחסידותא" פון מסכת אבות[98], נאר אזוי איז געווען די הנהגה אין אלע דורות קדמוניות, און אויך בדור הזה – אז ווען מ'דארף אויסקלייבן א רב וכיו"ב, איז דאס אן ענין וואס האט א שייכות צו די ז' טובי העיר, און ס'האט ניט קיין שייכות צו הלמידי הישיבה און חברי הכולל, ווארום זייער ענין איז – לימוד התורה.

טז. און אע"פ אז מ'האלט אין איין שטורעמען אז מ'דארף טאן אין די "מבצעים", און מ'דארף טאן אין "ואהבת לרעך כמוך"[99], אין "מבצע אהבת ישראל" וכו', וואס צוליב דערויף דארף מען ארויסגיין פון די ד' אמות פון דער ישיבה און כולל, און ארויסגיין אין גאס און פועל'ן אויף א אידן ער זאל לייגן תפילין וכיו"ב – וואס לכאו' איז דאך דאס היפך האמור לעיל אז זייער תפקיד איז דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו"?

איז דאס לגמרי ניט קיין סתירה, ווארום ביידע ענינים זיינען ע"פ הוראה רבותינו נשיאינו, וואס דאס איז מיוסד אויף דעם פס"ד ברור אין שו"ע (ניט נאר אין דעם חסידישן שו"ע, נאר אין שו"ע כפשוטו):

ענינו איז טאקע דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", ס'איז אבער דא די צייט וואס דעמולט באקומט ער א פקודה פון נשיא דורנו (פון כ"ק מו"ח אדמו"ר – בע"פ, אדער דורך זיינע כתבים ותורות) ער זאל ארויסגיין אין גאס, ארויסגיין אין רה"ר (היפך פון רה"י), און דארטן זאל ער געפינען א אידן און אפגעבן צייט און מרץ און כחות נפשיים אויף רעדן מיט אים וועגן אל"ף בי"ת כפשוטו, און וועגן אל"ף בי"ת פון אידישקייט;

מ'מאנט אבער פון אים אז ער זאל דאס טאן ניט דערפאר וואס דאס ווערט "אומנתו", נאר דערפאר וואס מ'האט אים געמאכט א שליח אויף צו טאן דעם ענין, ער איז זיך אבער מצטער אויף דעם וואס ער דארף נעמען אויף דערויף פון דער צייט וואס ער דארף לערנען תורה.

און דעמולט טוט ער דאס ניט אין אן אופן אז ער קוקט

– אויפן –

---

98) ראה שם ל, א. 99) קדושים יט, יח.

אויפן זייגער ווען וועט ער שוין קענען פארמאכן דעם ספר און ארויסגיין טאן אין די מבצעים - נאר ער קוקט אויפן זייגער אויף צו וויסן ווען איז די צייט וואס ער דארף ממלא זיין די שליחות פון ארויסגיין און טאן אין די מבצעים.

יז. וואס דאס איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס מ׳זאגט אז די התעסקות אין די מבצעים דארף זיין אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב,

ביז וואנעט אז דאס איז נוגע צו הצלחה אין די מבצעים, אז ווען קען מען מצליח זיין אין דערויף - דוקא ווען מ׳טוט דאס אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב, און אין אן אופן אז בשעת מעשה טראכט מען ניט וועגן אנדערע ענינים,

ובלשון החסידות[100] אז א "פנימי" איז דער וואס בשעת ער טוט א געוויסע זאך, ליגט ער אין דערויף אינגאנצן, ד.ה. אז דאס איז ביי אים ניט קיין ענין חיצוני, נאר במשך פון די רגעים ליגט ער מערניט ווי אין דעם ענין (ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ס-י) אז אין דעם זמן וואס א איד איז מקדיש צו לימוד התורה, דארף דאס דעמולט זיין אין אן אופן פון "תורתו אומנתו") -

ווארום דאס וואס ער לערנט תורה, איז דאס דערפאר וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[101], וואס זייך אופן העבודה פון "לשמש את קוני" איז דורך "תורתו אומנתו" - איז דערפון פארשטאנדיק, אז ווען מ׳זאגט אים אז אין די רגעים ושעות דארף ביי אים זיין דער "לשמש את קוני" דורך דערויף וואס ער וועט רעדן מיט א אידן וועגן אל"ף בי"ת כפשוטו און וועגן אל"ף בי"ת פון אידישקייט - טוט ער דאס בשמחה וטוב לבב, אין דעם זעלבן אופן ווי ער איז זיך מתעסק מיט "תורתו אומנתו", וויסנדיק אז אין דעם זמן איז דער "לשמש את קוני" דורך דערויף וואס ער פארנעמט זיך מיט א צווייטן אידן.

אזוי ווי ער איז נאך אבער ניט אינגאנצן אויסגעטאן פון די רצונות פון דער נה"ב - קאכט ער זיך בעיקר אין דעם ענין פון לימוד התורה (משא"כ מצד נה"א, וואס ער קאכט זיך אין ביידע ענינים בשוה), וויבאלד אז "תורתו אומנתו".

יח. און ניט נאר אז די התעסקות אין די מבצעים איז ניט קיין סתירה צו לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", נאר אדרבה, דאס איז גאר מסייע צו דעם ענין פון לימוד התורה:

- בשעת -

---

100) ראה תו"ש ע׳ 39. 101) קידושין בסופה.

בשעת ער איז זיך מתגבר אויף זיין רצון און אויף זיינע מדות, וואס זיי ליגן אין דעם ענין פון "תורתו אומנתו", און ער גייט ארויס אויף צו מקיים זיין רצונו של הקב"ה, וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[102], ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז מ'מוז טאן אין הפצת היהדות,

אנהויבנדיק פון די עשרה ענינים כלליים: אהבת ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה -

ד.ה. אז ער איז משנה טבע מדותיו, אז זיינע מדות ווערן אויסגעלייטערט (וואס דאס איז דאך כללות העבודה פון ספה"ע), און זיי טוען לויט השפעת המוחין, וואס מצד השפעת המוחין דארף זיין דער ענין פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך" אפי' פון קדושה, "אל הארץ אשר אראך", וואס אין עבודה איז דאס דער ענין הביטול[103], בדוגמת "ארץ" וואס "הכל דשין עלי'"[104] -

פועל'ט דאס אז דער לימוד התורה שלו זאל אויך זיין אין אן אופן פון ביטול, אז דער לימוד התורה איז אין אן אופן פון "תען לשוני אמרתך"[105] - וכמבואר אין די מאמרים[106] אז דאס איז געווען דער אויפטו פון רשב"י אין דעם ענין פון "תורתו אומנתו", ביז וואנעט אז דורך דערויף ווערט אויפגע-טאן דער ענין פון ירידת גשמים כפשוטו.

יט. דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו תלמידי הישיבה און חברי הכולל, אז אויב מ'קאכט זיך אין די "מבצעים" אין דעם זמן וואס מ'דארף זיך קאכן אין שקו"ט פון תורה - איז דאס לגמרי ניט מתאים מיט דער כוונה, עס טויג ניט פאר די מבצעים, און עס טויג ניט פאר דעם ענין פון לימוד התורה.

ולאידך גיסא, אין דעם זמן וואס ער דארף גיין אויף די מבצעים, מאנט מען ביי אים אז ער זאל דאס טאן מיטן חשק הכי גדול - מצד זיין ביטול צום משלח, וואס דער משלח איז דער אויבערשטער אליין, דורך "עבדיו הנביאים", ביז צו נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס דערפאר איז ווען ס'רעדט זיך וועגן די זמנים פון סדרי הישיבה והכולל, דארף מען זיך דעמולט קאכן אין לימוד

- התורה -

------------

102) ל' הכתוב - עמוס ג, ז. 103) ראה סד"ה לך לך תרס"ז (המשך תרס"ו ע' שצז ואילך). לקו"ש ח"א ע' 17 ואילך. 104) מ"כ לב"ר פמ"א, ט. 105) ל' הכתוב - תהלים קיט, קעב. וראה תו"א יתרו סז, ב. לקו"ת סוכות פא, ג. ועוד. 106) ראה אוה"ת שם ע' רנו.

התורה, און ניט קאכן זיך וועגן דער בהמה מיטן משגיח וכיו"ב, און אפי׳ ניט קאכן זיך (להבדיל) אין די "מבצעים", ווארום דער זייגער באווייזט אז איצטער איז דער זמן וואס ער דארף זיך פארנעמען מיט לימוד התורה, און אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

וכאמור, אז דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו" איז ניט קיין סתירה צו דער התעסקות אין די "מבצעים", ואדרבה, ווען ער גיט זיך איבער בשלימות צו דעם ענין פון "תורתו אומנתו", איז פעולתו און מילוי שליחותו אין די "מבצעים" אויך בתכלית השלימות; משא"כ אבער ווען ביי אים פעלט דער ענין פון פאלגן א צווייטן (עאכו"כ ווען דער צווייטער איז דער שו"ע) בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, פעלט ביי אים אויך אין פאלגן דעם צווייטן בנוגע צו דער התעסקות אין די "מבצעים".

כ. האמור לעיל וועגן דעם ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", איז דאך פארבונדן מיט כללות הענין פון ל"ג בעומר, וויבאלד אז דער אויפטו פון רשב"י איז געווען אז "תורתו אומנתו".

וואס דאס האט אויך א שייכות צו דער אגה"ק "פותחין בברכה" (כנ"ל ס"א) - וויבאלד אז דארטן שטייט "להודיע לבני האדם גבורתה של תורה שבע"פ וכחה עוז", און ווי ער איז דארטן מבאר אז ס׳איז דא דער ענין פון "חגרה בעוז מתני׳", וואס "מהניים" גייט אויף דעם ענין האמונה, וואס דאס איז דער "דבר המעמיד ומקיים את הראש הוא השכל כו׳", און ער איז ממשיך אז דורך דעם "עסק ולימוד הלכות בתורה שבע"פ" ווערט אויפגעטאן דער "כח ועוז לבהי׳ מתניים להעמיד ולקיים הראש והזרועות",

און אלס הקדמה דערצו דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה, כמבואר אין דער אגה"ק אז "עת וזמן החיזוק ואימוץ הזרועות והראש היא שעת תפלת השחר כו׳", וכמבואר בכ"מ[107] אז ס׳דארף זיין די הכנה פון עבודת התפלה, ווארום דוקא דורך דעם איז דער לימוד אין אן אופן פון "תען לשוני אמרתך", דער לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

און דורך דערויף קומט דערנאך ארויס א הוספה אין אלע פעולות פון די "מבצעים" - וואס "דערנאך" מיינט ניט דעם טאג פון ל"ד בעומר, נאר אויך אין דעם טאג פון ל"ג בעומר גופא, אז אין דעם זמן וואס ער דארף טאן אין די "מבצעים", טוט ער דאס בחיות וכו׳, ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

- כא. -

------------

107) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. ועוד.

כא. דער "בכן" מכל האמור לעיל:

דאס וואס עס טוט זיך מיט די בהמות, און מיט די משגיחים וכו׳, איז דאס אן ענין וואס איז שייך צו רבנים,

וואס א רב איז ניט דער וואס האט געלערנט אויף "יורה יורה" (אדער אפי׳ אויף "ידין ידין"), נאר א רב מוז האבן סמיכה פון א רב פון דעם פריערדיקן דור, און דער עיקר איז, אז ער דארף האבן שימושה של תורה - וואס שימושה של תורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ונפשי כעפר לכל תהי׳", וואס דאס איז די הכנה אז בשעת ער וועט לערנען לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, זאל ער ניט נכשל ווערן ח"ו אין פסק׳נען בפועל ניט ע"פ הלכה.

און אויב ביי אים פעלט אין שימושה של תורה, דארף ער זיך אין דערויף ניט מישן, ווארום דאס איז ניט זיין מקצוע - און וויבאלד אז דאס איז ניט זיין מקצוע, איז פארשטאנדיק וואס קומט ארויס דערפון וואס ער מישט זיך אין דערויף, אפי׳ ווען ער רעדט אין אן אופן פון "קול ענות חלושה", עאכו"כ ווען ער רעדט אין אן אופן פון "קול ענות גבורה"[108].

און דאס וואס ער טענה׳ט אז וויבאלד ער דארף טרינקען די מילך און עסן די פלייש, דארף ער דאך זיין זיכער אז דאס איז כשר, און ניט סתם כשר נאר בתכלית ההידור - דארף ער גיין צום רב און פרעגן ביי אים וואס ער קען עסן און טרינקען, און דערנאך וועט ער טאן לויט ווי דער רב האט אים געהייסן,

ער קען אים זאגן אלע זיינע טעמים וכו׳; אבער אויב ער טוט באופן אחר, איז ער א "תלמיד שלא הגיע להוראה ומורה", וואס וועגן דעם איז דא א דין אין הלכות הוראה[109] - אבער "לאו בשופטני עסקינן".

וכאמור לעיל (סט"ו) אז די וואס עומדים סביבו, דארפן זיך ניט ארייינלאזן אין דער שקו"ט (אין זייטיקע ענינים - וואס בנדו"ד איז דאס) בנוגע צו דער השגחה אויף דער בהמה וכו׳, נאר וועגן עיקר הענין - אז זיין תפקיד איז זיצן און לערנען תורה.

וכאמור, אז דאס איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס ער וויל מדקדק זיין און מהדר זיין אין כשרות האכו"ש בתכלית השלימות, און ער וויל אויך אז אזוי זאלן אויך טאן אלע אידן ארום אים - ווארום אויף דערויף האט ער די עצה ער זאל

- גיין -

---

108) ל׳ הכתוב - תשא לב, יח. 109) סוטה כב, סע"א. רמב"ם הל׳ ת"ת פ"ה ה"ד. טושו"ע יו"ד סרמ"ב סי"ג.

גיין צום רב, און זאגן אים אלץ וואס ער האט צו זאגן; ער דארף דאס אבער ניט זאגן צו א צווייטן בעה"ב, און ער דארף דאס ניט זאגן ברבים, און נאך אין אן אופן אז ס'זאל זיין קולו נשמע – ס'קען ניט זיין קולו נשמע ווען דאס איז ניט זיין ענין.

ועוד – וגם זה עיקר: צוזאמען מיטן גאנצן שטורעם אז מ'דארף פועל'ן ביי א צווייטן אידן אז ביי אים זאל זיין נאך א מעשה אחד, דיבור אחד, מחשבה אחת, ע"פ תורה און יהדות, וואס דערפאר דארף מען רעדן מיט א אידן וועגן אל"ף בי"ת כפשוטו און וועגן אל"ף בי"ת פון אידישקייט, וכמדובר כמ"פ אז דאס איז מקרב די גאולה –

דארף דאס אבער זיין דוקא אין די זמנים וואס זיינען אפגעשטעלט געווארן אויף דערויף דורך דעם עומד על גביו, וואס דאס איז זיין ראש ישיבה אדער זיין משפיע וכיו"ב, וואס זיי האבן געהעדט די כללים ווי אזוי דארף זיין די הנהגה אין דערויף פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו וכיו"ב.

און דעמולט איז דער לימוד התורה בשלימות, און דער קיום המצוות איז בשלימות, און אלע ענינים ווערן אויפגעטאן בשלימות – בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י, אז דורך דערויף וואס ער האט געזאגט תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים גו'", איז צוגעקומען אן ענין אין לימוד התורה, ס'איז צוגעקומען אן ענין אין קיום המצוות, און ס'האט זיך אויפגעטאן א טובה צו אלע אידן וואס זיינען געווען אין דעם עולם וואס האט געדארפט אנקומען צום מטר, אז ס'זאל זיין דער ענין פון השפעת הפרנסה וכו'.

כב. האמור לעיל איז אויך א ביאור אויף דעם חלק הסיפור וואס איז געווען ביי רשב"י (וואס דאס ווערט טאקע ניט געבראכט אין די מאמרים, כערניט ווי ברמז, אבער אין דערויף איז אויך דא א כלל גדול בתורה), אז ווען מ'איז געקומען צו רשב"י בעטן ביי אים ער זאל אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים, האט זיי רשב"י געזאגט "אי לדא אתיתין גבאי תיבו ואי לאורייתא אתיתון שרי גבאי" – אויב זיי זיינען געקומען פועל'ן מיטרא בעלמא זאלן זיי בלייבן ביי אים און דאס וועט זיך אויפטאן, און אויב זיי זיינען געקומען לערנען אן ענין אין תורה, זאלן זיי אויך בלייבן ביי אים, און ער וועט זיי מגלה זיין ענינים בתורה.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

דער סיפור הויבט זיך אן דערמיט אז וויבאלד ס'איז געווען א כעבד וכצב וואס "צריכא עלמא למיטרא", זיינען די תלמידים געקומען צו רשב"י בעטן ביי אים ער זאל פועל'ן דעם

– ענין –

ענין פון גשמים - איז ווי איז שייך אז דערנאך זאל ווערן א ספק צוליב וואס זיי זיינען געקומען, און ביי וועמען זאל ווערן דער ספק - ביי דעם צו וועמען מ'איז געקומען בעטן ער זאל פועל'ן דעם ענין פון ירידת גשמים?

לכאו' איז דאך דאס א דבר והיפוכו: מ'גייט צו רשב"י בעטן ביי אים ער זאל פועל'ן דעם ענין פון ירידת גשמים (און פועל'ן דאס דורך אמירת תורה, אן דייטיקע ענינים, וויבאלד אז "תורתו אומנתו"), וואס ביי די תלמידים איז ניט געווען קיין ספק צוליב וואס גייען זיי צו רשב"י, זיי זיינען צו אים געגאנגען רערפאר וואס "צריכא עלמא למיטרא" - און אעפ"כ, ווען זיי קומען צו רשב"י זאגט ער זיי אז אויב מ'איז געקומען צוליב בעטן גשמים זאלן זיי בלייבן ביי אים, און אויב מ'איז געקומען צוליב הערן דברי תורה זאלן זיי אויך בלייבן ביי אים.

כג. איז דער ביאור בזה:

אן אמת'ער מלמר, אן אמת'ער מורה ומדריך, אן אמת'ער רבי - זעט די פנימיות פון דעם תלמיד נאכמער ווי דער תלמיד אליין פילט זיין פנימיות.

און ווי מ'זעט אויך בפשטות, ניט נאר ביי א תלמיד קטן, נאר אפי' ביי א תלמיד גדול, אז מצד דערויף וואס ער איז פארקאכט אין א געוויסן ענין, פארזעט ער אמאל די נקודה וואס ער וויל אין דערויף בפנימיות נפשו;

משא"כ דער רב ומשפיע שלו, וואס מסר נפשו אין דעם ענין ההשפעה צום תלמיד - איז דורך דערויף וואס ער זעט ווי דער תלמיד פירט זיך וכו' און ער ווייסט תכונות נפשו, קען ער זיך פאנאנדערקלייבן וואס איז פנימיות נפשו פון דעם תלמיד (אע"פ אז דער תלמיד אליין זעט ניט וואס עס טוט זיך בפנימיות נפשו, מצד זיין סירדא אין דעם ענין של פועל וכיו"ב).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען די תלמידים פון רשב"י האבן געזעהן אז "צריכא עלמא למיטרא", און זיי האבן ניט געקענט פארטראגן אז ס'פעלט אין שלימות העולם, עאכו"כ ווען ס'פעלט אין מזונות העולם כפשוטו - זיינען זיי גלייך געלאפן צו רשב"י בעטן אז ס'זאל זיין מטר;

ווען זיי זיינען אבער געקומען צו רשב"י, צו זייער שורש ומקור - איז ביי זיי געווארן צוויי ענינים: איין ענין וואס "צריכא עלמא למיטרא", און דער צווייטער ענין אז מ'דארף הערן אן ענין אין תורה.

ווער האט דאס אבער געקענט דערזעהן - דוקא רשב"י,

- וויבאלד -

וויבאלד אז ער האט געקענט זעהן דאס וואס ס'טוט זיך בפנימיות נפשם, האט ער דערזעהן אז בפנימיות נפשם זיינען זיי געקומען דערפאר וואס זיי ווילן הערן דברי תורה.

ובדוגמא ווי דאס איז בגשמיות, אז ווען איינער קאכט זיך אין מסחר, קאכט ער זיך בפועל אין דעם ענין המסחר, ווי אזוי ער זאל פירן דעם געשעפט, מיט דער גאנצער שקו"ט וואס איז דא אין דערויף - אבער דער וואס ווייסט פנימיות הענינים, ווייסט אז זיין פנימיות הרצון איז דער רווח וואס ער וועט האבן פון דעם מסחר, און אע"פ אז בפועל קאכט ער זיך וואס פאר א פרייז זאל ער שטעלן, און אין וואס פאר א לשון ער זאל רעדן כדי אז מ'זאל ביי אים קויפן די סחורה, איז אבער פנימיות רצונו ניט דער ענין המסחר, נאר דער רווח וואס ער וועט דערפון ארויסקריגן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צום סיפור הזהר, אז ס'איז קיין סתירה ניט: מ'קען זיך קאכן אין דעם ענין וואס "צריכא עלמא למיטרא", און דער אמת איז אז מצד פנימיות הנפש קאכט מען זיך אין אן ענין פון לימוד התורה.

כד. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

בשעת מ'זאגט א אידן ער זאל זיך משתדל זיין אין "צריכא עלמא למיטרא", ער זאל משפיע זיין בעולם "תורה" וואס ווערט אנגערופן "מים", ווי די גמרא זאגט אין תענית[110] אז די תורה איז נמשל געווארן צו מים וואס "מניחין מקום גבוה והולכין למקום נמוך", און מ'זאגט אים אז ער זאל זיך משתדל זיין אז ביי אלע אידן זאל זיין דער ענין פון "בחוקותי תלכו - שתהיו עמלים בתורה"[111] און "ואת מצותי תשמרו" (וואס דעמולט איז "ונתתי גשמיכם בעתם") - איז דאס קיין סתירה ניט דערצו אז ער זאל זיך קאכן אין ווערן א גרעסערער למדן כפשוטו.

וואס לכאו', איז דאך דאס אן ענין של ישוה, וואס ארט אים אז ער זאל ווערן א גרעסערער למדן, ווען ס'רעדט זיך וועגן מקיים זיין רצון הבורא -

וויל אבער דער אויבערשטער אז דער סדר העבודה זאל זיין אין אן אופן אז "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה"[112], וואס דער טבע העולם איז אז כ'מוז אנהויבן מיט דעם ענין פון שלא לשמה.

און ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' תשובה[113],

- ובארוכה -

---

110) ז, א. וראה תניא פ"ה (ה, ב). 111) בחוקותי שם, ג ובפרש"י. 112) פסחים נ, ב. 113) פ"י.

ובארוכה  אין פיהמ"ש[114], אז דער סדר פון לימוד התורה איז, אז פריער לערנט מען אין אן אופן פון שלא לשמה, און ערשט דערנאך קען מען צוקומען צו תכלית השלימות אין עבודה, וואס דאס איז די דרגא פון "אברהם אוהבי"[115].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס די התחלה דארף זיין אין אן אופן פון שלא לשמה, איז דאס ניט קיין ענין בלתי רצוי וואס דארף זיין מצד טבע האדם, נאר דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער באשאפן דעם מענטשן, אז די התחלה זאל זיין אין אן אופן פון שלא לשמה.

וכידוע[116] דער פירוש הפנימי אין "מתוך שלא לשמה בא לשמה", אז דער "תוך" און פנימיות פון דעם שלא לשמה (וואס דאס איז סיבתו און שרשו ומקורו) איז דער ענין פון לשמה - ע"ר ווי ס'איז מבואר אין לקו"ת לג' פרשיות (ווי ס'איז שוין אפגעדרוקט אין אוה"ת[117]) דער ענין פון "להבין דבר מתוך דבר".

וואס דעמולט האט ער ביידע ענינים בבת אחת: סיי דעם ענין פון לימוד התורה אלס אן ענין וואס דאס איז דער רצון הקב"ה, און סיי דאס וואס ער באקומט דערפון, אז ער ווערט א גרעסערער למדן וכיו"ב -

בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י, אז דורך אמירת התורה האט זיך אויפגעטאן סיי אן ענין אין לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", און סיי דער ענין פון המשכת מטר בעולם.

כה. בנוגע צו רשב"י געפינט מען נאך אן ענין וואס איז בדוגמא להאמור לעיל:

ס'איז ידוע דער ווארט פון דעם אלטן רבי'ן, וואס ר' הלל פאריטשער ברענגט[118] אז ער האט געהערט פון רבו ר' זלמן זעזמער אז דער אלטער רבי האט געזאגט אז ביים רשב"י איז ניט געווען דער ענין התורבן.

וואס דאס איז דאך א דבר הכי מפליא - ווארום מ'געפינט דאך אז צווישן די תלמידים פון ר"ע האט רשב"י געהאט די מערסטע צרות דורך דעם חורבן, ביז וואנעט אז ביי אים איז געווען דער צער המעדה י"ב שנה, און דערנאך אויך די 13'סטע

- יאר -

---

114) סנהדרין פ' חלק ד"ה וכת חמישית. 115) ל' הכתוב - ישעי' מא, ח. רמב"ם הל' תשובה שם ה"ב. פיהמ"ש שם. 116) לקו"ש ח"ח ע' 167. 117) בראשית (כרך ג') תרכד, ב ואילך. 118) פלח הרמון שמות ע' 7.

יאר [119] (וואס אע"פ אז דורך דערויף זיינען ביי אים צוגעקומען כמה ענינים של הפלאה[120] - איז דאך דאס אבער אן ענין פון צער) - וביחד ע"ז זאגט מען אז ביי אים איז ניט געווען דער ענין החורבן.

וואס דערפון זעט מען אז ס'איז קיין סתירה ניט - אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם זעלבן אידן, קענען ביי אים זיין צוויי ענינים הפכיים: ער האט געהאט דעם צער המערה, וביחד ע"ז זאגט מען אז ביי אים איז ניט געווען דער ענין החורבן -

ביז וואנעס אז פוןביידע ענינים (סיי פון דעם צער המערה, סיי דערפון וואס ביי אים איז ניט געווען דער ענין החורבן) קומען ארויס תוצאות ביז אין מעשה בפועל, כמובן דערפון וואס ר' הלל פאריטשער איז מבאר וואס מ'קען אפלערנען דערפון וואס ביי אים איז ניט געווען דער ענין החורבן, ועאכו"כ דאס וואס מ'קען אפלערנען פון דעם ענין פון צער המערה.

כו. און דאס איז דער קשר להאמור לעיל - אז ווען א איד קוקט זיך צו צו זיין שורש ומקור (ווען ער קומט צו רשב"י - וואס עצם ההליכה צו רשב"י איז אן ענין פון "הוי רץ למצוה"[121]), זעט ער (ווי רשב"י זאגט אים) אז ער דארף וועלן און ער וויל צוויי ענינים (וואס ביידע טוען זיך אויף דורך דעם ענין פון תורה):

ער וויל פועל'ן דעם ענין פון מטר בעולם, וואס דער ענין הגשמים איז כולל אלע ברכות (כנ"ל סי"ב), און ער וויל אז ביי אים זאל צוקומען ענינים חדשים אין תורה.

און די צוויי ענינים ווערן אויפגעטאן דורך דעם ענין התורה - בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י, אז דורך אמירה תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים וגו'", האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון מטר בעולם, און ס'זיינען נתגלה געווארן ענינים חדשים אין תורה, ביז צו דורנו זה.

כז. ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן איבער'חזר'ן נאכאמאל אויף די אלע ענינים בלהי רצויים וואס מ'האט דערמאנט פריער, און כ'זאל רעדן מערניט ווי וועגן דעם ענין פון גיין "מחיל אל חיל" אין קדושה גופא.

וואס דאס וועט אויך זיין די הכנה והקדמה צו דער הנהגה וואס וועט זיין לע"ל - כמבואר אין אגה"ק[122] אז

- וויבאלד -

---

119) שבת לג, ב. 120) ראה שבת שם. 121) אבות פ"ד מ"ב. 122) סכ"ו.



הנחה הה' בלתי מוגה

וויבאלד אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[123], וועט די עבודה זיין אין אן אופן פון עלי' אין קדושה גופא, אז מ'זאל ווערן אלץ מערער קדוש און מערער טהור, ווי גערעדט אין דער התוועדות שלפנ"ז[124].

און מ'זאל טאן בכל ענינים אלו אין אן אופן של שמחה גדולה ביותר, ווי רשב"י האט געגעבן דעם כח אויף דערויף, ביז וואנעט אז מ'וועט זעהן די שמחה בפועל בעיני בשר,

וואס דאס וועט פורץ זיין די גדרים[125] פון די לעצטע טעג פון גלות, און ס'וועט דורכטרעטן די וועג צום "יעלה הפורץ לפניהם"[126], ווי ס'שטייט אין מדרש[127] אז דאס גייט אויף משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

כח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה תניא א"ר יוסי זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא כו'.

* * *

כט. מ'האט גערעדט פריער וועגן דער הוראה בנוגע למעשה בפועל וואס דארף ארויסקומען פון דעם ענין פון ל"ג בעומר - אז לכל לראש איז דאס פארבונדן מיט דעם ענין פון "תורתו אומנתו":

ניט קוקנדיק אויפן גודל העילוי פון דעם ענין פון "תורתו אומנתו", זאגט מען אז א מעין דערפון און א שמץ מנהו איז שייך ביי יעדער אידן, וויבאלד אז מ'האט אים געגעבן דעם כח אז אין דעם זמן וואס ער פארנעמט זיך מיט לימוד התורה, זאל ער זיך אוועקשטעלן אין אן אופן אז דעמולט איז ביי אים די גאנצע וועלט מערניט ווי דער ענין פון לימוד התורה, וואס דעמולט איז אים קיין זאך ניט מבלבל צו לימוד התורה, ווארום ער געפינט זיך אין אן אנדער וועלט, ביי אים איז "תורתו אומנתו".

און דערנאך קומט דאס אויך אראפ אין ענינים גשמיים - בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי רשב"י אז ער האט אויפגעטאן דעם ענין פון ירידת גשמים בעולם דורך אמירת תורה (וואס דעם סיפור פארבינדן רבותינו נשיאינו מיט דעם ענין פון ל"ג בעומר, וואס דערפאר האבן זיי געזאגט בל"ג בעומר כמה

- מאמרים -

------------

123) זכרי' יג, ב. 124) שיחת מוצאי ש"פ אמור ס"ה. 125) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 126) ע"פ מיכה ב, יג. 127) ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י.

מאמרים וואס הויבן זיך אן מיט דעם סיפור פון זהר הקדוש).

וואס דאס איז א תידוש הכי גדול: ס'איז דאך ידוע גודל ההפלאה פון תורה, ביז וואנעט אז בשעת דוד המלך האט געזאגט "זמירות היו לי חקיך"[128], האט אים דער אויבערשטער געזאגט "אתה קורא אותן זמירות (בתמי')"[129], אז מ'האט דאס פאר אים גערעכנט אלס אן ענין בלתי רצוי, כמבואר בארוכה אין אגה"ק ד"ה דוד זמירות קרית להו[130] - און דא זאגט מען אז מ'נוצט דעם ענין פון אמירת תורה אויף צו אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים בעולם.

וואס וויבאלד אז דאס איז א סיפור וואס מ'דערציילט אויף רשב"י, איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הוראה אין תורה, ווארום כל עניניו פון דעם רשב"י זיינען געווען דער ענין התורה,

[בדוגמת הסיפור הידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט[131] בשם אביו, אז די צוגרייטונג צו דער בר-מצוה איז געווען באופן כזה אז ער האט מרגיל געווען זיין גוף ער זאל טאן <u>מעצמו</u> דאס וואס ס'שטייט אין שו"ע.

וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין געפינט מען אויך אין נגלה דתורה (ברמז אדער בגלוי) - געפינט מען אין גמרא[132] אז ר' מתניא האט געזאגט אז ווען ס'קומט צו מודים איז "מנפשי' כרע"[133], ער דארף ניט אנקומען צו אן ענין של התבוננות, דער גוף דערהערט אז מ'זאגט מודים, שטייט ער אין א מעמד ומצב של כריעה, אזוי איז טבע הגוף.

ועד"ז געפינט מען נאך כו"כ סיפורים אין מדרשי חז"ל, ביז אויך אין דורות האחרונים - כידוע דער סיפור פון דעם רבי'ן נ"ע[134] (דער פאטער פון כ"ק מו"ח אדמו"ר) אז ער האט געזאגט אין א אסיפה פון גדולי התורה, אז ער שטעלט אויף א הנחה וואס לייגט זיך ביי אים אין קאפ, ווי גערעדט וועגן דערויף כמ"פ].

ל. און דאס איז כללות ההוראה וואס מ'לערנט אפ פון רשב"י, אז ס'דארף זיין דער ענין פון "תורתו אומנתו", ס'זאל צוקומען חיות אין לימוד התורה - און ס'זאל אויך צוקומען אין די ענינים וואס זיינען בין אדם לחבירו, וואס בכללות

- איז -

-------------

128) תהלים קיט, נד. 129) סוטה לה, סע"א. במדב"ר פ"ד, כ. 130) קו"א קס, סע"א ואילך. 131) סה"ש תש"ג ע' 4. 64. 132) ירושלמי ברכות פ"ב סה"ד. 133) ראה תודה"ה עיון - שבת קיח, ב. 134) ספר התולדות - אדמו"ר הריי"צ ס"ע 90.

איז דאס דער ענין פון הפצת המעיינות און הפצת היהדות תורה ומצוותי' בכלל,

ביז אין אן אופן אז דאס דערגייט אויך אין דער וועלט, אין א וועלט וואס איז דארשטיק צו "מטר השמים", וואס "לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע את דברי ה'"[135] – אז מ'זאל אהאפברענגען דבר ה', דורך לימוד התורה וקיום המצוות, למטה מעשרה טפחים, אין עולמנו זה, בכל זמן ובכל מקום.

וואס כדי צו מרווה זיין דעם צמאון פון וועלט, איז ניט גענוג אז ער וועט שטיין במקומו, נאר עס דארף זיין אין אן אופן פון "אתו לקמי'" (ווי דער לשון אין סיפור הזהר (כנ"ל ס"ב)), אז ס'זאל זיין אין אן אופן של הליכה, ביז צו "הוי רץ למצוה" – וואס דאס איז דער כללות הענין וואס מ'רעדט שוין א משך זמן ארוך וועגן די התעסקות אין די "מבצעים".

וואס די צוויי ענינים (לימוד התורה אין אן אופן פון "תורהו אומנתו", און די ההעסקות אין די מבצעים) זיינען פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות,

כמובן פון פס"ד הרמב"ם[136] "צריך כל אדם שיראה עצמו כו' וכן כל העולם חציו זכאי וחציו חייב כו', עשה מצוה אחת (מעשה אחד, דיבור אחד אדער מחשבה אחת) הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

ובפרט וועט ס'רעדט זיך וועגן דרא דעקבתא דמשיחא, ווי נשיא דורנו האט געזאגט[137] אז ס'איז שוין "הנה זה עומד אחר כתלנו משגיח מן החלונות מציץ מן החרכים"[138], מ'דארף נאר פארענדיקן די לעצטע בירורים, ובלשון הידוע[139] – צופוצן די קנעפלאך, ד.ה. אז דער לבוש איז שוין דא, און די קנעפלאך זיינען אויך דא, און זיי געפינען זיך במקומם, און זיי זיינען שוין אויך פארשפילעט – די איינציקע זאך וואס עס פעלט איז, אז ס'זאל זיין אפגעפוצט אויך בחיצוניות,

וואדוס מצד די פנימיות, איז דאך אויך "בשעת החטא היתה באמנה אתו"[140], עאכו"כ וועט מ'שטייט שוין אויך בגלוי אין דעם אופן המתאים, און דער גאנצער ענין החטא איז שוין ניטא, עאכו"כ נאך דערויף וואס רשב"י האט געזאגט "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין"[141] –

- ס'איז -

------------

135) עמוס ח, יא. 136) הל' תשובה פ"ג ה"ד. 137) ב"קול קורא" (נדפס בהקוה"ק סיון תש"א). 138) ל' הכתוב – שה"ש ב, ט. 139) שיחת שמח"ת תרפ"ט. 140) תניא ספכ"ד. 141) סוכה מה, ב.

ס'איז מערניט וואס מ'דארף מוסיף זיין אז מ'זאל אויך זעהן בעיני בשר ווי די חיצוניות שיינט, ביז אין אן אופן פון "וספרתם לכם"[142], ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[143] אז דאס איז מלשון "אבן ספיר" - וואס דעם ענין דארף מען פארענדיקן, און וויסן אז דורך דערויף איז "אתי מר" דא מלכא משיחא.

און וויבאלד אז דאס דארף דורכנעמען כל פרטי האדם - דארף מען טאן ניט נאר אין איין ענין, נאר אין צען ענינים כלליים, וואס פון זיי ווערן דערנאך נמשך אלע תרי"ג מצוות וכל סעיפיהם, כמדובר כמ"פ, ביז וואנעט אז דערפון ווערט אויך נמשך דער ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[144].

לא. עפ"ז קען מען אויך מבאר זיין א מאמר תמוה פון רשב"י אין מסכת מגילה (וכמדובר כמ"פ אז מ'וויל פארבינדן יעדן ענין אין נגלה דתורה מיט פנימיות התורה - ביז אז ס'איז דא אן ענין אין נגלה דתורה וואס איז לכאו' ניט פארשטאנדיק, און מ'קען דאס מסביר זיין ע"פ פנימיות הענינים) - וואס וויבאלד אז ס'איז יום שמחתו פון רשב"י, וועט מען דאס פארבינדן מיט א מאמר פון רשב"י וואס הויבט זיך אן "תניא ר"ש בן יוחי אומר כו'".

[וואס דער מאמר פון ר"י אז "זימנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא", הויבט זיך אויך אן מיטן ווארט "תניא",

וכידוע[145] וואס חסידים דערציילן בשם חסידים הראשונים, פארוואס האט דער אלטער רבי אנגעהויבן ספרו מיטן ווארט "תניא", אע"פ אז די גירסא המקובלת אין ש"ס איז "דרש ר' שמלאי" - אז ס'איז מבואר אין ספרי קבלה אז ס'איז דא א קליפה וואס הייסט מיטן נאמען "תניא", און כדי צו מבטל זיין די קליפה, האט ער אנגעהויבן ספרו מיטן ווארט "תניא".

ועד"ז דער מאמר פון ר"י "זימנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא" הויבט זיך אן מיטן ווארט "תניא" - ועד"ז דער מאמר פון רשב"י אין מגילה, הויבט זיך אויך אן מיטן ווארט "תניא"].

די גמרא[146] זאגט: "תניא ר"ש בן יוחי אומר בוא וראה כמה חביבין ישראל לפני הקב"ה שבכל מקום שגלו שכינה עמהן, גלו למצרים שכינה עמהן שנאמר[147] הנגלה נגליתי לבית אביך

- בהיותם -

------------

142) ל' הכתוב - אמור כג, טו. 143) לקו"ת אמור לה, ב. וראה גם היום יום ע' נב. 144) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה טושו"ע או"ח סרל"א. 145) ראה ליקוט פירושים וכו' להניא פ"א. 146) מגילה כט, א. 147) ש"א ב, כז.

בהיותם במצרים וגו׳, גלו לבבל שכינה עמהן שנאמר[148] למענכם שולחתי בבלה, ואף כשהן עתידין להגאל שכינה עמהן שנאמר[149] ושב ה׳ אלקיך את שבותך, והשיב לא נאמר אלא ושב, מלמד שהקב"ה שב עמהן מבין הגליות".

וואס אין דערויף איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק:

א) וויבאלד אז די גמרא זאגט "בכל מקום שגלו שכינה עמהן", איז צוליב וואס דארף מען דערנאך מפרט זיין "גלו למצרים שכינה עמהן" און "גלו לבבל שכינה עמהן"?

ב) אפי׳ אויב מ׳וועט זאגן אז די גמרא וויל ברענגען ראיות פון פסוקים - האט געקענט שטיין "בכל מקום שגלו שכינה עמהן, שנאמר הנגלה נגליתי לבית אביך בהיותם במצרים, ואומר למענכם שולחתי בבלה" - צוליב וואס דארף מען מפרט זיין "גלו למצרים שכינה עמהן" און "גלו לבבל שכינה עמהן"?

ג) וואס איז דער חידוש אז "אף כשהן עתידין להגאל שכינה עמהן":

דער גאנצער ענין וואס די שכינה געפינט זיך אין גלות איז דאך מערנים דערפאר וואס אידן געפינען זיך אין גלות, איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת אידן גייען ארויס פון גלות, גייט אויך ארויס די שכינה פון גלות - איז לכאו׳, מאי קמ"ל אז "אף כשהן עתידין להגאל שכינה עמהן",

ביז וואנעט אז ער דארף ברענגען א ראי׳ לזה דערפון וואס ס׳שטייט "ושב ה׳ אלקיך את שבותך", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז לולא די ראי׳ פון פסוק וואלט מען געקענט זאגן באופן אחר (ועאכו"כ אז ווען רשב"י וואלט דאס ניט געזאגט וואלט מען דערפון ניט געוואוסט) - לכאו׳, איז דאך דאס א דבר הפשוט?

דער זעלבער ענין שטייט אויך אין ירושלמי[150], וואס דארטן שטייט: "תני רשב"י בכל מקום שגלו ישראל גלת השכינה עמהן", און דערנאך רעכנט ער אויס בפרטיות, "גלו למצרים וגלת השכינה עמהן", און ער ברענגט א ראי׳ פון פסוק, "גלו לבבל וגלת שכינה עמהן" און ער ברענגט א ראי׳ פון פסוק, "גלו למדי (וואס דאס איז עילם, ווי ער זאגט דארטן אין ירושלמי) וגלת השכינה עמהן" און ער ברענגט א ראי׳ פון פסוק, "גלו ליון וגלת השכינה עמהן" און ער ברענגט א ראי׳ פון פסוק, "גלו לרומי וגלת השכינה עמהן" און ער ברענגט א ראי׳ פון פסוק.

- וואס -

------------

148) ישעי׳ מג, יד. 149) נצבים ל, ג. 150) תענית פ"א סה"א.

וואס דא זעט מען אז מ'ברענגט ניט נאר דעם ענין פון גלות מצרים און גלות בבל (מיט די ראיה פון די פסוקים), נאר מ'ברענגט אלע גליות - וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מ'זאגט "בכל מקום שגלו ישראל גלת השכינה עמהן", איז צוליב וואס דארף מען אויסרעכנען יעדער גלות בפרטיות?

לב. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

לג. דער ביאור אין דעם:

דער חילוק צווישן די אלע גליות, איז פארשטאנדיק דערפון וואס ס'איז מבואר אין כתבי האריז"ל[151], אז גלות מצרים איז געווען די התחלה און דער מקור פון אלע גליות, וואס דערפאר זעט מען אז אין גלות מצרים זיינען אלע ענינים פון אידן געווען אין גלות, ביז וואנעט אז ס'האט געדארפט זיין "לקחת לו גוי מקרב גוי"[152], און דערפאר איז דער קרבן פסח אין אן אופן פון "ראשו על כרעיו ועל קרבו"[153].

ד.ה. אז דער ענין פון גלות מצרים איז דער כתר דלעו"ז, וואס דאס איז העכער פון סדר השתלשלות - און דערנאך קומט ראס אראפ אין השתלשלות פון גלות: אנהויבנדיק פון גלות בבל, "רישא דדהבא"[154], דער ראש פון די קליפות פון גלות (ווי דאס איז שוין אין השתלשלות), און דערנאך קומען די גליות שלאח"ז, גלות מדי, גלות יון און גלות רומי, כמבואר אין כתבי האריז"ל[155] די ד' דרגות פון די ד' גליות, און דערנאך איז דא דער כתר דלעו"ז, וואס דאס איז דער ענין פון גלות מצרים (כנ"ל).

און וויבאלד אז יעדער גלות האט עניננו הפרטי - איז נאך דערויף וואס רשב"י זאגט "יכול אני לפטור את העולם כולו מן הדין" (וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ביי יעדער אידן איז דא דער "ושכנתי בתוכם"[156], "שכינה עמהן"), זאגט ער אז צום אלעם ערשטן איז דא דער ענין פון "בכל מקום שגלו", דער כתר הכללי פון לעו"ז וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין הגלות, און אויך דערויף זאגט מען אז "שכינה עמהן" - דער כתר הכללי פון שכינה.

און דערנאך דארף מען דאך האבן אז ס'זאל זיין דער

- בירור -

---

151) ל"ת פ' תצא. ס' הליקוטים שם. וראה ב"ר פט"ז, ה. 152) ואתחנן ד, לד. 153) בא יב, ט. 154) דניאל ב, לח. וראה שמו"ר פל"ה, ה. 155) ל"ת וס' הליקוטים שם. 156) תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.

בירור פון פרטי הגליות - וואס דערפאר רעכנט ער אויס אלע פרטים וואס זיינען דא אין דעם ענין הגלות:

"גלו למצרים", וואס דאס איז דער ענין פון כתר דלעו"ז, דער כתר הפרטי ווי ער שטייט אין כהר גופא (כללות ענין הגלות), וואס דאס איז ווי כתר איז שוין פארבונדן מיט ראשית ההשתלשלות, און דערנאך קומען די אלע ד׳ גליות שלאח"ז, וואס דאס זיינען די ד׳ דרגות פון השתלשלות.

וואס ביי יעדער ענין של גלות דארף מען האבן אן עבודה פרטית בפ"ע וואס איז פארבונדן במיוחד מיט דעם גלות - און אויף דערויף ברענגט ער די פסוקים וואס שטייען אין תורה אז אין יעדער גלות פרטי איז "שכינה עמהן", וואס דער ענין אז אזוי שטייט אין תורה, גיט דאס דעם כח אויף דער עבודה פרטית וואס איז פארבונדן מיט דעם גלות פרטי, וויבאלד אז תורה איז משנה די מציאות פון וועלט.

וואס אין בבלי באגנוגנט מען זיך דערמיט וואס מ׳ברענגט די צוויי ענינים כלליים פון גלות, "גלו למצרים" און "גלו לבבל", וואס גלות מצרים איז דער כללות ענין הגלות ווי דאס איז למעלה פון השתלשלוה, און גלות בבל איז דער ראשית ההשתלשלות פון גלות, וואס דערפון קומען ארויס דערנאך שאר הגליות שלאח"ז; משא"כ אין ירושלמי ברענגט מען אלע ד׳ גליות הפרטיים.

און אויף יעדער ענין של גלות ברענגט מען א פסוק פון תורה אז "שכינה עמהן", וואס דערפון האט מען דעם כח אויף דער עבודה פרטית וואס איז פארבונדן מיט דעם גלות פרטי (כנ"ל).

לד. והביאור בזה:

בשעת א איד געפינט זיך אין גלות, איז אע"פ אז די נשמה איז טאקע ניט געגאנגען אין גלות[157], געפינט זיך אבער דער גוף אין גלות, ד.ה. אז כללות ענין הגוף געפינט זיך אין גלות, און דער בעה"ב אויף אים איז דער שר פון דער מדינה.

וואס דאס איז די הנחה וואס מ׳האט זייענדיק אין גלות, אז וויבאלד מ׳לעבט צווישן אוה"ע און אין אן אופן של גלות (ניט נאר די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל, נאר אפי׳ די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק) - איז די הנחה פון דעם גוף אז ער דארף זיך פירן ווי דער גוף פון א צווייטן, וואס דער צווייטער איז ניט קיין איד.

- וואס -

------------

157) לקו"ד כרך ד תרצב, א.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "גלו למצדים", אז ער שטעלט זיך אריין אין מדידה והגבלה, אין דער הנהגה פון מצרים - עכ"פ בנוגע צום גוף.

און אויף דערויף זאגט מען אים, אז נאך איידער ער טוט מיט זיך ער זאל ארויסגיין פון גלות, איז שוין "שכינה עמהן", מ׳לאזט אים ניט איבער פאר זיך, וואס דעמולט קען ער טראכטן ווי אזוי וועט ער זיך קענען איינקערן מיט די גאנצע וועלט - נאר מלכתחלה איז שוין "שכינה עמהן".

און דערנאך קומט דאס אראפ אין די פרטים פון דעם גוף - ווי ס׳זאל זיך פירן די קאפ פון דעם גוף, ווי ס׳זאל זיך פירן דער חלק האמצעי שבגוף, וואס דאס איז פארבונדן מיטן רגש שבלב, און ווי דער גוף זאל זיך פירן בנוגע צו מעשה בפועל - וואס דאס זיינען די פרטי הגליות פון גלות בבל, מדי, יון און רומי, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

און אויף דערויף זאגט מען אז "הקב"ה עוזרו"[158], ובמילא האט ער די הנחה אז ער געהערט ניט צו דעם ענין הגלות, און וויבאלד אז "שכינה עמהן", איז אזוי ווי ער איז בטוח אז דער אויבערשטער וועט ארויסגיין פון גלות, איז ער אויך בטוח אז ער וועט ארויסגיין פון גלות.

און וויסנדיק אז דאס איז מערניט ווי אן ענין זמני, און מ׳וועט זיכער ארויסגיין פון גלות - טוט מען אין דערויף מיט מער מרץ און מיט מער בטחון, וויסנדיק אז ס׳איז א זיכערע זאך אז מ׳וועט מצליח זיין אין דערויף.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין יעדער פרט באזונדער: אין דעם שכל, און אין דעם רגש שבלב, און אין דעם שכל ורגש וואס זיינען פארבונדן מיט א מסקנא בנוגע לפועל, ביז אין מעשה בפועל - אז ביי יעדער ענין באזונדער איז "שכינה עמהן".

וואס דאס פועל׳ט אויף אים ער זאל ניט ווערן משוקע (און בטל) אין גלות, נאר אדרבה, ער זאל שטיין בתוקף, און טאן כל התלוי בו אויף מקרב זיין די גאולה.

לה. דערנאך זאגט מען א גרעסערע זאך: "ואף כשהן עתידין להגאל שכינה עמהן". והביאור בזה:

דאס איז א דבר הפשוט אז וויבאלד אידן געפינען זיך שוין ניט אין גלוה, איז די שכינה אויך ניט אין גלות, ווארום דער גאנצער ענין וואס די שכינה איז געווען אין גלות איז מערניט רערפאר וואס "שכינה עמהן" און אידן

- זיינען -

---

158) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב.

זיינען געווען אין גלות - נאר דא זאגט מען א גרעסערע זאך:

דורך דער עבודה פון אידן אין זמן הגלות, פועל'ט מען אז "כשהן עתידין להגאל שכינה עמהן . . הקב"ה שב עמהן כו'", אז די שכינה גייט ארויס פון גלות אין דעם זעלבן אופן ווי אידן גייען ארויס פון גלות.

ד.ה. ניט אז די שכינה גייט ארויס פון גלות בדרך ממילא, וויבאלד אז אידן געפינען זיך שוין ניט אין גלות, במילא דארף די שכינה אויך ניט זיין דארטן - נאר די שכינה גייט ארויס פון גלות אין אן אופן ווי דער גלות וואלט געווען מצ"ע (ניט מצד אידן) און דערנאך איז געקומען די גאולה.

און פארוואס גייט ארויס די שכינה פון גלות - ניט מצד עצמה ובדרך ממילא, נאר דערפאר וואס "שכינה עמהן", ד.ה. אז א איד טוט אויף דורך עבודתו ניט נאר אז ער נעמט זיך ארויס פון גלות, נאר אפי' דאס וואס די שכינה גייט ארויס פון גלות, פון דעם העלם והסתר וואס איז דא אויף ג-טליכקייט, דערפאר וואס מ'געפינט זיך אין אן "עולם" מלשון העלם והסתר[159], עאכו"כ ווי דאס איז בזמן הגלות - איז ווער טוט אויף אז די שכינה זאל ארויסגיין פון דעם גלות, ווער איז מגלה ג-טליכקייט אין וועלט - טוט דאס אויף א איד ע"י עבודתו.

און דערפאר איז דער געפיל און דער מעמד ומצב פון שכינה, פונקט אזוי ווי זי וואלט געווען אין גלות מצ"ע, און דערנאך איז זי ארויסגעגאנגען פון דעם גלות.

וואס דאס איז וואס מ'זאגט "ושב ה' אלקיך את שבותך", אז "הקב"ה שב עמהן", אין דעם זעלבן אופן ווי דאס איז ביי אידן,

ד.ה. אז אזוי ווי ביי אידן איז דא דער גודל השמחה דערפון וואס מ'גייט ארויס פון דעם גלות, כמשל פון דעם "בן מלך שהי' בשבי' וטוחן בבית האסורים" מיט אלע לשונות וואס ער זאגט אויף דערויף אין תניא[160], און דערנאך איז ער "יצא לחפשי אל בית אביו המלך", ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם ענין הגלות, אז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה געפינט זיך אין גלות, איז דאך פארשטאנדיק דער גודל השמחה וואס וועט ווען מ'גייט ארויס פון דעם מעמד ומצב פון חושך כפול ומכופל פון דעם גלות, צו א חירות אמיתית וואס וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה -

- איז -

---

159) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 160) פל"א (מ, סע"א ואילך).

איז עד"ז ווען ס׳רעדט זיך וועגן "ושב ה׳ אלקיך את שבותך", איז דאס אין דעם זעלבן אופן ווי דאס איז ביי אידן, מיט דער זעלבער שמחה, און מיטן זעלבן דילוג וקפיצה, מצד דערויף וואס עס ווערט נתגלה ג-טליכקייט אין וועלט.

לו. און דאס גיט א חיזוק נוסף און א נתינת כח נוספת אין עבודת האדם:

אפי׳ אויב ער איז מוותר ח"ו און שרייט וואס איז אזוי דער געוואלד אז ער וועט בלייבן נאך א רגע אין גלות, ביז וואנעט אז כדי צו באווארענען מ׳זאל ניט בלייבן נאך איין רגע אין גלות דארף ער זיך אנשטריינגען און משנה זיין טבעו, און טאן אין ענינים פון יהדות סיי בנוגע צו זיך אליין, און סיי דער ענין פון הפצת היהדות והתורה בנוגע צו א צווייטן אידן,

נאך דערויף וואס מ׳געפינט זיך שוין אין גלות 19 הונדערט יאר, ארט אים ניט אז ער וועט זיין נאך א רגע אין גלות, אבי ער זאל קענען שלאפן רואיק אין די לעצטע רגעים פון גלות, ער וויל זיך ניט אנשטריינגען, ער האט שוין גענוג געהארעוועט, איצטער וויל ער שלאפן,

ובמילא - טענה׳ט ער - זאל מען אים ניט מאטערן און זאגן אז ער מוז צונעמען צייט פון זיין שלאף און לערנען תורה, ער מוז מקיים זיין מצוות בהידור, וואס דערפאר דארף ער אפגעבן נאך א פאר דאלאר אויף ענינים פון תומ"צ, און ער דארף טאן מיט א צווייטן אידן מיט א גרעסערן קאך, כדי אז די גאולה זאל קומען וואס פריער - איצטער וויל ער זיך אפ-רוהען, ער איז א פארמאטערטער איד פון די 19 הונדערט יאר פון גלות, במילא זאל מען אים לאזן שלאפן רואיק אין די לעצטע טעג פון גלות, כדי אז ער זאל אויפשטיין צו ביאת משיח צדקנו אן אפגעפרישטער און אן אויסגעשלאפענער.

ער איז מוחל אז די גאולה זאל קומען מיט א רגע פריער, אים ארט ניט אז ס׳זאל זיין מיט א רגע שפעטער - אבער די לעצטע רגעים פון גלות וויל ער הנאה האבן פון דער רחבות וואס איז דא אין ארה"ב, ער וויל הנאה האבן פון זיינע געלט.

די געלט נוצט ער ניט אויס, ס׳איז מערניט וואס ער זיצט און ציילט די פאפירלאך, און מאכט א חשבון וויפל דאלאר׳ס ער האט אין באנק - וואס פאר א הנאה האט ער דערפון?!

אויף צדקה גיט ער מערניט ווי כך וכך, אויף פרנסת בני ביתו גיט ער אויס מערניט ווי כך וכך - ווארום ער קען דאך ניט עסן כל היום כולו אלע מאכלים טובים, אפי׳ אויב ער וועט וועלן, ער מוז זיך אפרוהען צווישן איין סעודה מיט דער צווייטער סעודה, אזוי איז טבע הגוף, קען ער דאך ניט

- אויסגעבן -

אויסגעבן זיינע גאנצע געלט אויף פרנסה בני ביתו,

אפי' אז ער וועט וועלן האבן די לבושים הכי יקרים, קען ער ניט האבן מערער ווי 18 לבושים - ווי דער דין איז אין הל' שבת[161] אז דער גרעסטער צאל לבושים וואס מ'קען ארויסטראגן בשבת (דורך דערויף וואס מ'טוט זיי אן) איז מערניט ווי 18 לבושים, איז בשעת ער האט אזוי פיל דאלאר'ס און ער וויל קויפן 36 לבושים, וועט דאס אים ניט העלפן, ווארום ער קען ניט אנטאן מערער פון 18 לבושים -

איז וואס האט ער פון זיינע גאנצע געלט - מערניט אז ס'קומט צו נאך אן אפס, נאך א "זירא" (ווי עם ווערט אנגע-רופן איצטער), ס'קומט ניט צו נאך אן ענין של פועל, ס'קומט צו מערניט ווי א "זירא", וואס דעמולט ווערט ער רייכער צען מאל אזוי פיל, און ער שרייט שישו בני מעי!

- וואס האסטו פון דיינע דאלאר'ס, נוץ דאס אויס פאר א דבר טוב! - זאגט ער, ניין! ער מוז זיין א גביר. - וואס וועסטו האבן דערפון וואס דו וועסט זיין א גביר, אז דו וועסט האבן אזוי פיל "זירא'ס" נאכן איינס?! - דאס איז זיין חוש, און צוליב דערויף פארגינט ער זיך ניט נוצן זיינע דאלאר'ס פאר זיך, און פארגינט ניט א צווייטן אידן וכו' וכו'.

לז. זאגט מען אים אז אע"פ אז ער האט א רצון הנאה האבן פון זיינע געלט וכו', און דערפאר ארט אים ניט בלייבן אין גלות, און ער איז מוותר אויף אלע ענינים וכו' - אבער באלד קומט צוגיין משיח, און דעמולט וועט דער דאלאר ניט תופס מקום זיין!

שרייען די גבירים: היתכן, ער האט אזוי פיל געהארעוועט אויף אנקלייבן דאלארן, און ער האט זיי באהאלטן אין א באנק וואס באצאלט אזוי פיל פראצענט (מיט א פראצענט מערער וויפל ס'באצאלט דער צווייטער באנק) - און מיט אמאל קומט צוגיין משיח און זיין גאנצע מציאות וועט ניט האבן קיין תפיסת מקום, ווארום דעמולט וועט מען ניט דארפן האבן די דאלאר'ס, וויבאלד אז דעמולט וועט זיין "לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע את דברי ה'" - מ'וועט אים זאגן, דו האסט אזוי פיל דאלאר'ס, ווער דארף דאס איצטער האבן?! ס'איז געווארן אויס מטבע מהלכות!

במילא שרייט ער אז מ'זאל אים לאזן נאך א ביסעלע אין גלות, ווארום ער וויל הנאה האבן פון זיינע געלט, אז די

- וואס -

------------

161) שבת קכ, א במשנה.

וואס גיבן ארויס די רשימה וויפל מיליאנערן זיינען דא אין ארה"ב, זאלן זיי אים אויך אריינשטעלן אין דער רשימה - צוליב דערויף איז אים כדאי דער גלות!

ווער רעדט נאך ווען דאס איז פארבונדן דערמיט אז ער וועט האבן מיט א "קאר" מערער פון דעם צווייטן, און ניט אז ער וועט אליין דרייוון, נאר אויף דערויף האט ער א משרת, וואס ער פארפירט אים, און איז אים מזיק און צוהאקט די קאר וכו׳, דער עיקר איז אבער אז ער זיצט פון אונטן; דער דרייווער זיצט פון פראנט, און אים האט מען אוועקגעזעצט פון אונטן, אין דערויף באשטייט דער כבוד אז ער זיצט פון אונטן, און שרייט שישו בני מעי, איך בין דער גביר!

ער פילט גארניט ווי ער געפינט זיך אין גלות, ווארום בשעת מ׳האט דעם אמת׳ן געפיל וואס איז "חירות", קען מען האבן דעם אמת׳ן געפיל וואס איז "גלות" - אבער ער איז מלכתחלה געבארן געווארן אין אזא מעמד ומצב, און מ׳האט אים איינגערעדט אז זיין חירות באשטייט אין דעם וואס ער וועט האבן נאך א דאלאר; אז ער וועט האבן נאך א דאלאר וועט ער ווערן נאכמער בחירות, אז ער וועט האבן נאך צוויי דאלאר וועט ער ווערן נאכמער פרייער, און אז ער וועט האבן נאך דריי דאלאר, איז ער שוין אן אדם המורם מעם!

וואס בשעת ער שטייט אין אזא מעמד ומצב, ער בעט זיך און וויל נאך בלייבן אין גלות, כדי ער זאל קענען הנאה האבן פון זיינע געלט וכו׳ - איז מצד דערויף וואס דער אויבערשטער איז עצם הטוב און טבע הטוב להטיב[162], גיט ער אים נאך, וכידוע דער פירוש וואס פשטנים[163] טייטשן אפ דאס וואס ס׳שטייט[164] "פותח את ידך ומשביע לכל חי רצון", אז דער אויבערשטער גיט נאך דעם רצון פון יעדער בעל חי, אפי׳ ווען דאס איז א קרומער רצון, גיט אים דער אויבערשטער נאך.

לח. אבער אזוי ווי ס׳איז דאך פארט א רחמנות אויף אים, און סוכ"ס דארף מען אים ארויסנעמען פון זיין גלות (ביי די דאלארן) - דערציילט מען אים אז יעדער רגע וואס ער געפינט זיך אין גלות איז "שכינה עמהן", דער אויבערשטער געפינט זיך אין גלות צוזאמען מיט אים, וויבאלד אז ער געפינט זיך אין גלות.

וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו - דאס איז ניט קיין ענין של דרוש, ניט קיין פשט׳ל, און ניט קיין ענין וואס

- מ׳וויל -

---

162) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד.
163) מצו"ד עה"פ. 164) תהלים קמה, טז.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

מ׳וויל איינרעדן איימיצן כדי אז אים זאל ווערן רואיקער אויפן הארצן - דאס איז אן ענין וואס שטייט אין "תורת אמת", אז בשעת א איד געפינט זיך אין גלות, האלט ער די שכינה אין גלות צוזאמען מיט זיך, ער האלט אין גלות דעם "חלק אלוקה ממעל ממש"[165].

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[166] בנוגע צו אן עבירה, אז אפי׳ ווען דאס איז מערניט ווי "לפי שעה", איז דאס "כמשל האוחז בראשו של מלך ומורידו למטה וטומן פניו בתוך וכו׳".

זאגט מען דעם אידן, אז אפי׳ אויב זיין רצון און זיין שיטה איז, אז האבן נאך א "זירא" אין געלט איז גאר א גרויסע זאך, עס ווערט צען מאל אזוי פיל, און ער ברענגט א ראי׳ אז אזוי זאגט זיין "אקאונטענט", אזוי זאגט דער באנק, און אזוי זאגט דער "דאו און בראדסטריט" וואס שיקט פאנאנדער די פאפירן מיט די ידיעות אז מ׳זאל וויסן ווער איז א גביר און ווער איז א גדעסערער גביר, וואס דערפאר קען ער באקומען א גדעסערע הלואה (דאס איז דער אויפטו דערפון וואס ער איז א גרעסערער גביר - אז ער קען באקומען א גרעסערע הלואה!) - דארף ער אבער וויסן אז דורך דערויף האלט ער אין גלות דעם אויבערשטן!

וואס דעמולט איז מצד מענטשליכקייט אליין (ניט מצד פרומקייט) ווערט ער אויך מוותר זיין אויף דעם געשמאקן שלאף וואס ער האט ווען ער לייגט זיך שלאפן אויף א קישן וואס איז געמאכט געווארן פון דאלאר׳ס, וואס דערפאר וויל ער שלאפן, און אז משיח זאל אים ניט מבלבל זיין פון הנאה האבן פון זיינע דאלאר׳ס - זאגט מען אים: האב רחמנות אויפן אויבערשטן! די שכינה געפינט זיך צוזאמען מיט דיר בכל מקום, בשעת דו גייסט אין באנק, בשעת דו זיצט אונטער דעם דרייוועו און דו האסט הנאה פון ענינים של מה בכך, געפינט זיך דער אויבערשטער צוזאמען מיט דיר כביכול -

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער דערוויסט זיך אז דאס איז פארבונדן מיט ארויסנעמען דעם אויבערשטן פון גלות׳רגע אחד קודם - איז אויב ער האט אין זיך עפעס א חוש פון מענטש-ליכקייט, ווערט ער מוותר זיין אויף זיין געשמאקן שלאף וואס אים ווייזט זיך אויס אז אין דערויף באשטייט זיין נחת אמיתי, און ער ווערט טאן כל התלוי בו צו ווערן א לעבעדיקער איד, דורך תורת חיים ומצוותי׳ עליהם נאמר[167] "וחי בהם".

לס. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין אז ס׳ווערט

- זיין -

---

165) תניא דפ"ב. 166) ספכ"ד. 167) אחרי יח, ה.

זיין דער עסק בתורה כדבעי, וואס דעמולט וועט מען זיין דער אמת'ער "בן חורין", ווי ס'שטייט אין דער משנה פון "קנין תורה" (אין דעם סיום וחותם פון פרקי אבות) אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה"[168].

ובנוגע לפועל:

יעדערער זאל אנעמען אויף זיך ריכטיקע החלטות בנוגע צו הוספה אין לימוד התורה, און הוספה אין קיום המצוות, און הוספה אין הפצת היהדות און אין די "מבצעים",

און ווי גערעדט פריער בארוכה, אז אויך "יושבי אוהל" דארפן טאן אין אלע מבצעים און אין הפצת היהדות בכלל, נאר אין די זמנים וואס נשיא דורנו האט איינגעשטעלט אז דעמולט דארף מען לערנען תורה, דארפן זיי דעמולט לערנען תורה בהתמדה ושקידה, און אין אן אופן פון "תורתו אומנתו".

וואס דורך דעם וועט מען בקרוב ממש פארענדיקן די עבודה פון ספה"ע נאך באמצע ימי הספירה, אז יעדער איר וועט שטיין אין אן אופן פון "אבן ספיר" (ווי דער אלטער רבי טייטשט אף דעם ענין פון ספה"ע), אז זיין אידישקייט וועט שיינען, און ניט נאר בנוגע לנשמתו וגופו, און ניט נאר בנוגע ללבושיו, נאר אפי' די קנעפלאך וועלן אויך שיינען.

און דעמולט וועט מען ארויסגיין בקרוב ממש ובשמחה וטוב לבב מקבל זיין פני משיח צדקנו, און מ'וועט ארויסגיין פון דעם גלות, צוזאמען מיט דער שכינה - וואס די שכינה וועט ארויסגיין פון גלות (ניט דערפאר וואס זי האט שוין דארטן אפגעטאן אלץ, נאר) דערפאר וואס אידן גייען ארויס פון גלות, ווי ס'שטייט "ושב ה' אלקיך את שבותך", אז "הקב"ה שב עמהן מבין הגליות",

בקרוב ממש, ובעגלא דידן, ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן הושיעה את עמך. עוצו עצה ותופר. ופרצת. פרזות תשב ירושלים. לכתחילה אריבער. אתה בחרתנו. דעם שמח"ת ניגון (ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל). ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

168) אבות פ"ו מ"ב.

בס"ד. קטע משיחת ל"ג בעומר ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. דאס וואס אידן געפינען זיך אין גלות, איז מערניס (ווי מ'זאגט אין תפלת המוסף פון יו"ט) "מפני חטאינו גלינו מארצנו", ווארום לולא זאת קען ניט זיין קיין מציאות אז א גוי זאל זיין א בעה"ב אויף א אידן, און ס'קען ניט זיין אז אידן זאלן גולה זיין פון א"י.

ווי ס'שטייט אין מדרש[1] אז דער אויבערשטער זאגט אז ער האט אויסגעקליבן אידן פון אלע אוה"ע, "אתה בחרתנו מכל העמים", און ער האט אויסגעקליבן א"י מכל הארצות, און דערפאר גיט ער די ארץ הנבחרת צום עם הנבחר.

און וויבאלד אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[2] - קען ניט זיין קיין מציאות פון "גלינו מארצנו", ועאכו"כ אז ס'קען ניט זיין "ונתרחקנו מעל אדמתנו", ד.ה. ניט נאר אן ענין של גלות, נאר אין דערויף גופא - אן ענין של ריחוק.

ב. ובפרט לויט דעם וואס רש"י זאגט בתחלת פירושו עה"ת (וואס דאס איז די התחלה אויף אלע ענינים), אז ס'שטייט אין מדרש[3] אז ס'וועט קומען א צייט וואס אוה"ע וועלן טענה'ן אז א"י געהערט צו זיי,

ביז וואנעט אז ס'גייט מן הקל אל הכבד - פריער זאגט מען אז דער שטיקל פון א"י געהערט צו זיי, יענער שטיקל פון א"י געהערט צו זיי, און דערנאך זאגט מען אז גאנץ א"י געהערט צו זיי,

און זיי זאגן אז זייער טענה (אז א"י געהערט צו זיי) איז ניט נגד היושר ח"ו, נאר אדרבה, אין דערויף באשטייט צדק ויושר: אזוי ווי מ'טאר ניט טאן קיין עולה, און מ'טאר ניט זיין קיין גזלן, טענה'ן זיי אז "לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים" (וואס זיי זיינען כללות כל השבעים אומות).

ד.ה. זיי טענה'ן אז ניט זיי ווילן עפעס צונעמען, צי טאן אן עולה, נאר אדרבה: מ'איז אנשים צדיקים, מ'יאגט זיך נאך שלום, און מ'וויל דוקא שלום, וואס שלום איז פארבונדן דערמיט וואס מ'טוט ניט קיין עולה א צווייטן מענטשן - בכילא טענה'ן זיי צו אידן "לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים".

זאגט רש"י צו א תינוק, א בן חמש למקרא, אז אויב מ'וועט טענה'ן די טענה, דארף מען זיי ענטפערן: "כל הארץ של הקב"ה היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו, ברצונו

- נתנה -

------------

1) תנחומא ראה ח. 2) ישעי' מ, ח. 3) ב"ר פ"א, ב.

נתנה להם ובדצונו נטלה מהם ונתנה לנו", וואס דאס איז דער ענטפער פון "תורת אמת" - אז אויב מ'וויל מציל זיין יענעם פון דעם ענין פון היפך הקיום שלו, דארף מען זעהן אז ער זאל זיך ניט אוועקשטעלן נגד רצון הבודא וואס "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", צו בנ"י עם קרובו, איך אן אופן פון "נחלת עולם".

און אז אידן הויבן אן טענה'ן אז וויבאלד מ'דארף זיך פירן ע"פ צדק, און מ'טאר ניט טאן קיין עולה, איז ווי קומט דאס אז מ'זאגט אז מ'וועט ניט אפגעבן "אף שעל" - דארף מען וויסן אז מ'גייט אנטקעגן "תורת אמת" וואס זי ווערט אנגערופן "תורת חיים", א הוראה בחיים ווי אזוי מ'דארף זיך פירן בחיי היום-יום, עאכו"כ אין אן ענין וואס איז נוגע לרבים.

און אז מ'וויל באווארענען אז דער צד שכנגד זאל ניט האבן די גרעסטע ענינים בלתי רצויים - דארף מען זיי באווארענען אז זיי זאלן ניט גיין אנטקעגן דעם רצון פון דעם אויבערשטן וואס ער האט באשאפן "את השמים ואת הארץ".

ג. און ווען איז מען מצליח פועל'ן אז דער ענטפער זאל נתקבל ווערן ביים גוי - דוקא ווען מ'זאגט אים דעם אמת, משא"כ ווען מ'הויבט אים אן ענטפערן אנדערע זאכן, וואס וויבאלד אז דאס איז ניט אמת, ס'איז ניט דער ענין פון "אמת מארץ תצמח"[4], איז דעמולט ניטא דער ענין וואס פארן אמת ווערן אלע בטל.

וואס דערפאר דארף מען זיי ענטפערן דעם ענטפער וואס רש"י האט שוין געזאגט מיט הונדעדטער יאדן לפנ"ז - און עד האט געזאגט אז אזוי האט געזאגט ר' יצחק - און האט דאס געזאגט ע"מ אז מ'זאל דאס מפרסם זיין.

ביז וואנעט אז רש"י האט דאס מפרסם געווען בזמנו, וואס דעמולט איז געווען א זמן פון גזירות הכי גדולות דח"ל, האט רש"י געוואוסט וואס א ניט איד איז - און ער האט געזאגט ווי אזוי מ'קען דערנעמען דעם גוי מיט א טענה ע"פ תורה.

וואס רש"י האט דאך געלעבט אין דעם זמן פון די מסעות וכו', וואס דעמולט זיינען געווען די אלע ענינים וואס מ'האט אפגעטאן אידן, בדוגמא ווי ס'איז געווען בדורנו זה אין דייטשלאנד הימ"ש (וואס דאס איז דאך אויך געווען אין דייטשלאנד, און אין די מדינות הסמוכות לה, פראנקרייך וכו') -

- זאגט -

---

4) תהלים פה, יב.



הנחה הה' בלתי מוגה

זאגט רש"י צו א פינף יאריקן קינד, אז אזוי ווי דו האסט צוטאן מיט גוים, איז בשעה אז א גוי וועט דיר זאגן "לסטים אתם", איר האט צוגענומען א שטח אדמה ביים "קאזאק הנגזל" - זאל ער אים ענטפערן (ניט מיט סתם ענינים, נאר ענטפערן) דאס וואס ס'שטייט אין תורה, אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[5], ווי רש"י ברענגט אראפ בתחלת פירושו על התורה.

וואס דער פירוש פון רש"י איז דאך נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, און רש"י איז אנגענומען געווארן אלס ראש הפשטנים, ביז ווי דאב"ע רופט אים אן בשם "פרשנדתא"[6], אז ער האט מפרש געווען דת ישראל,

ביז צום פס"ד ברור אין שו"ע[7] בנוגע צו שנים מקרא ואחד תרגום, אז מ'איז יוצא דעם עניך פון תרגום מיט פרש"י, עאכו"כ ווי דער של"ה[8] זאגט בנוגע צו פרש"י אז דארטן זיינען דא "נפלאות", און ווי נשיא דורנו האט אונז איבערגעגעבן דעם ווארט פון דעם אלטן דבי'[9] אז פרש"י עה"ת איז "יינה של תורה" -

ברענגט רש"י אראפ בפירושו דאס וואס מ'דארף ענטפערן דעם גוי אויף זיין טענה, און זאגט דאס צו א בן חמש למקרא, און ער זאגט אים אז דאס איז שייך צו אים ניט נאר ווען ער געפינט זיך אין "חדר" אדער בביתו אדער אין רחוב היהודים, נאר ער דארף וויסן וואס צו ענטפערן צו אלע אוה"ע וואס וועלן קומען ביי אים פרעגן,

און וויבאלד אז "תורת אמת" זאגט אז מ'זאל ענטפערן דעם ענטפער - איז א דבר ברור אז סוכ"ס וועט דאס מצליח זיין.

ד. וכמדובר כמ"פ אז אלע טענות שונות ומשונות וואס מ'קען נאר ענטפערן, האט מען שוין געענטפערט - אויסער די איין און איינציקע טענה וואס שטייט אין תורה, וואס אפי' א פינף יאריקער קינד ווייסט דערפון, און ס'איז שוין א מעשה פון הונדערטער יארן וואס דאס איז שוין געדרוקט, און כו"כ דורות פאר דערויף איז דאס שוין געווען בכתב - און דאס ווייסט יעדערער, אפי' דער וואס האט ניט געלערנט אין א ישיבה אדער א כולל, ער איז אבער געגאנגען אין "חדר", האט מען אים גלייך געזאגט דעם ענטפער וואס ער דארף ענטפערן דעם גוי.

- און -

------------

5) תהלים קיא, ו. 6) שה"ג להחיד"א מע' ש' אות לה.
7) אדה"ז סרפ"ה ס"ב. 8) במס' שבועות שלו (קפא, א).
9) היום יום ע' כד.

און אעפ"כ - איז דאס דער איינציקער ענטפער וועלכן מ'שעמט זיך ענטפערן!

און עד כדי כך איז דער חושך כפול ומכופל פון גלות, אז ס'קומען צוגיין די מבולבלים, און טענה'ן אז ראס וואס מ'רעדט וועגן אפגעבן א שטח פון א"י צו א גוי, איז דאס דער דרך הצדק והיושר, און דאס איז די וועג וואס וועט ברענגען צום שלום - בשעת אז דער אויבערשטער זאגט אז דורך דעריף מאכט מען פון דעם גוי א גזלן,

ווארום בשעת מ'וועט האלטן א"י ביי זיך, איז דער גוי מקיים דעם רצון הבורא וואס "נטלה מהם ונתנה לנו" - שפארט מען זיך מאכן פון דעם גוי א גזלן, אז ער זאל האלטן א זאך וואס געהערט ניט צו אים!

וכמדובר כמ"פ אז דאס האט ניט קיין שייכות צו "עלי' בחומה", און ס'האט ניט קיין שייכות צו די ג' שבועות[10] - רש"י האט געוואוסט פון די ג' שבועות, און אעפ"כ זאגט ער צום בן חמש למקרא אז בשעת דער גוי וועט ביי אים א פרעגטאן די שאלה, זאל ער אים ענטפערן כך וכך.

און רש"י זאגט ניט אז די שאלה וועט ביי אים פרעגן א גוי'שער קינד - די שאלה וועלן פרעגן אוה"ע:

עס זיצן 140 גוים, און "רגשו גוים ולאומים יהגו"[11], און די טענה וואס זיי טענה'ן בחיצוניות איז - אז מ'קען ניט פארטראגן קיין ענין וואס איז ניט ע"פ יושר!

- דאס זיינען די איינציקלאך פון די וואס זיינען געגאנגען אין די מסעות וכו', און ווי ס'איז אויך געווען בדורנו רח"ל היל"ת (לא תהי' פעמיים צרה), און זיי פירן זיך אין זייערע דרכים. וואס דאס איז ניט קיין ענין וואס איז געבליבן ביי זיי במחשבה אדער בדיבור, נאר מ'האט דאס געטאן בפועל ממש, ווי ס'איז געווען מיט עטליכע וואכן צוריק, און ווי ס'איז געווען מיט א יאר צוריק, און מיט צוויי יאר צוריק, און איצטער זאגט מען נאך אכלתי ואוכל עוד!

געפינען זיך אבער אזוי פיל אידן וואס זיינען אראפגעפאלן ביי זיך, און קענען ביי זיך ניט פועל'ן אפדרוקן דעם אמת איין מאל פאר אלעמאל און פאנאנדערשיקן צו אלע 140 גוים, און זאגן זיי אז מ'גיט זיי איבער א דבר ברור וואס איז געדרוקט געווארן בדפוס פלוני און במקום פלוני (אין איין מדינה און אין א צווייטע מדינה וכו'), און אויף

- דעריף -

---

10) כתובות קיא, רע"א. 11) תהלים ב, א.

דערויף איז מען אויפגעהאדעוועט געווארן, ווארום דאס איז די ההחלה וואס מ'הויבט אן לערנען מיטן קינד.

און דאס איז דאך ניט פון די ענינים פון תורה אויף וועלכע מ'זאגט אז "אין מוסרין ד"ת לעכו"ם"[12], נאר דאס איז פון די ענינים וואס מ'דארף זאגן די גוים[13].

ה. און דערנאך קומען אידן צוגיין און זאגן אז דאס איז א סימן פון אתחלתא דגאולה - ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא גלות:

א איד וואס האט געלעבט אין א קליין שטעטל ערגעץ-וואו אין רוסלאנד, אין פולין אדער אין גאליציע, און האט רח"ל ניט געהאט אויף דער הוצאה, און יעדער טאג האט ער ניט געוואוסט וואס פאר א גזירה וועט דער ראש העיר (וואס איז געווען ניט קיין איד) גוזר זיין בנוגע צו מסים וכו' (וואס אין להאריך בזה) - איז בשעת ס'איז געקומען צו ענטפערן דעם גוי דאס וואס רש"י זאגט, האט ער געהאט ביי זיך די שטאלצ-קייט ענטפערן דעם גוי, און דאס איז ביי אים ניט געווען קיין אויפטו, ווארום אז רש"י זאגט א זאך וועט ער זיך מיט אים דינגען?!

וואס דאס איז געווען זייענדיק אין א מעמד ומצב אז דערנאך ארויסגייענדיק אין גאס, האט ער געציטערט צי ער וועט טרעפן דעם פאליסמאן און יענער וועט זיין מיט א פנים שוחקות, און וועט אים לאזן דורכגיין די גאס אן א שמיץ, אדער אז דער פאליסמאן האט געהאט עפעס א אי נעימות, וועט ער דאס אויסלאזן אויף אים און וועט אים געבן א שמיץ.

און לאידך, בשעת דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב אז דער פאליסמאן איז אן אייגענער, אויך א איד - שטייט ער אין א מעמד ומצב אז ווען ער דערזעט א גוי ווערט ער פאר אים בטל;

וואס הייסט ער זאל זאגן דעם גוי דאס וואס רש"י זאגט אז אויב ער וועט נעמען א חלק פון א"י וועט ער זיין א גזלן?! - וועט ס'רעדט זיך וועגן א גוי, וועגן איינעם פון די "פ.ל.או.", וועגן אראפאט, דארף מען אים זאגן אז ער איז א צדיק וישר, און דאס וואס ער מאנט איז בצדק, ס'איז מערנים וואס מ'דארף מיט אים אויסנעמען הנאים, דערפאר זאל ער זאגן כך וכך - וואס יענער זאגט בפירוש דעם היפך דערפון, און אעפ"כ לויפט מען אים נאך, און מ'וויל ביי אים נושא חן

- זיין -

------------

12) חגיגה יג, א. 13) ראה שד"ח כרך ז ע' א'תקטו ואילך.

זיין, און מ׳זאגט א צווייטן אידן "אל ההגרה בגוי קטן"[14],
ווער הייסט דיר רייצן זיך מיט אים!

– בשעת דו ווילסט אים מאכן פאר א גזלן (אז ער זאל האלטן אן ענין וואס געהערט ניט צו אים), הייסט דאס אז דו רייצט זיך מיט אים!

ו. וכאמור לעיל אז דער ענטפער וואס מ׳דארף ענטפערן דעם גוי איז געדרוקט אין אלע חומשים, אפי׳ אין די חומשים וואס אויסער פירוש רש"י איז דארטן ניטא קיין אנדערע מפרשים, ווארום מ׳איז נאך ניט שייך צו אנדערע פירושים, מערניט ווי צו פירוש רש"י.

און ס׳איז ניט דער טייטש אז אין דערויף איז דא א מחלוקת צווישן רש"י מיט אנדערע מפרשים, אדער צווישן ר"י מיט אנדערע תנאים ואמוראים – דאס איז די דעה אחת ויחידה פון אלע אידן לומדי תורה ומתנהגים ע"פ תורה, ביז צו די וואס זיינען אין דעם סוג פון בן חמש למקרא, און הויבן ערשט אן לערנען חומש מיט פרש"י.

און אעפ"כ, געפינט מען זיך אין אזא חושך כפול ומכופל, אז מ׳דארף מסביר זיין א אידן ער זאל וויסן זיין אז אידן זיינען ניט קיין גזלנים, ווארום "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו".

און ער טענה׳ט – אז מ׳מוז מסביר זיין אז דאס איז טאקע אן ענין של גזילה, נאר מ׳דארף באווארענען אז דערפון זאלן ניט ארויסקומען קיין ענינים בלתי רצויים – וואס דאס וועט זיין דורך דערויף וואס דער צווייטער צר וועט חתמ׳נען א פאפירל, און וועט חתמ׳נען א פאפירל בשם פון דעם צווייטן גוי.

הכל מודים אז מצרים האט ניט קיין רעה און קיין בעה"ב׳שקייט אין סורי׳ און אין ירדן וכו׳, ועאכו"כ אז ער האט ניט קיין דעה אויף סעודי׳, ווארום אדרבה, "אין אדם מעיז פניו בפני בעל חובו"[15], אלע ווייסן אז ער האלט זיך אויף די געלט וואס סעודי׳ שיקט אים – און אעפ"כ וויל מען זיך איינרעדן אז ער האט בכח צו חתמ׳נען און זאגן א דעה צו סעודי׳ אין וואס פאר אן אופן זאלן זיי נוצן די כלי נשק וואס מ׳וועט זיי געבן, און צי זיי זאלן רעדן באופן כך אדער באופן כך.

ועד כדי כך – אז מ׳מאכט א שטורעם און מ׳פארביטערט

– אידן –

---

14) ראה פסחים קיג, א. 15) ב"מ ג, סע"א. וש"נ.

אידן דעם לעבן, און מ׳וויל אז אידן זאלן טאן היפך הצדק והיפך היושר בנוגע צו זיך און בנוגע צו זייערע קינדער און קינדס-קינדער, און עניין פון היפך הבטחון - כדי אז מ׳זאל אים לאזן שטיין (ניט נאר אין א מצב פון פחד, נאר) אין א מצב של ביטול כאסקופה הנדרסת לגבי א גוי,

און אזא גוי וואס אלע ווייסן אז ער קען ניט חתמ׳נען און צוזאגן בנוגע צו א צווייטן גוי - און אעפ"כ זאגט מען אז דערוויילע זאל מען אים אפגעבן אלץ וואס ער וויל, כדי אז ער זאל געבן א גוטן שמייכל, ובפרט אז ס׳קען נאך זיין אז נוסף צום שמייכל וועט ער זאגן בפ"ע א גוטן ווארט, און ס׳קען נאך זיין אז מ׳וועט מצליח זיין אים משחד זיין און איינרעדן אז ער זאל חתמ׳נען אויף א פאפיר אז ער איז מבטיח אז בשעת ס׳וועט זיין אן עת רצון, וועט ער רעדן מיט סעודי׳ און מיט ירדן און מיט סורי׳, און וועט רעדן מיט אלע אומות וכו׳ - ווי סנדיק אז דאס וועלן זיין מערניט ווי דברים בעלמא, ווארום אויסער דעם רעדן קען ער גארניט אויפטאן, און ס׳איז גאר א ספק צי ער וועט בכלל רעדן!

און אעפ"כ טענה׳ט מען אז דערוויילע זאל מען אים אפ-געבן אלץ וואס ער וויל - וכמדובר כמ"פ אז דאס איז אן עניין וואס רירט אן גלייך (ניט אין יארן לאח"ז) דעם בטחון און פקו"נ פון כו"כ מבנ"י.

און א איד וואס שטייט אין אזא מהלך רוח - שרייט ער און זאגט אז ער איז דער מנהיג פון כו"כ מבנ"י, און ער איז דער וואס מ׳דארף טאן לויט ווי ביי אים קומט אויס, און ער איז דער וואס וועט ברענגען צום שלום!

ס׳קען ניט זיין קיין שלום של קיימא ווען דאס איז געבויט אויף גזל, און ס׳קען ניט זיין קיין שלום של קיימא וואס איז געבויט אויף אן עניין וואס שטעלט איין אין סכנה אפי׳ איין אידן, עאכו"כ כו"כ מבנ"י היל"ת,

און ס׳קען ניט זיין קיין שלום של קיימא ווען ס׳איז ניטא קיין צווייטער צד מיט וועמען צו רעדן - ווארום מיט סעודי׳ רעדט מען ניט, און די אלע וואס שטייען אין צד המזרחי איז ניט נאר אז מ׳רעדט ניט מיט זיי בפועל, נאר זיי זאגן אז זיי ווילן גארניט רעדן; דער איינציקער וואס רעדט איז נאר דער וואס געפינט זיך אין צד המערבי, וואס אפי׳ אז ער וועט רעדן און חתמ׳נען בשם דעם צד המזרחי, האט דאס קיין ממשות ניט, ובפרט אז ס׳איז גאר א ספק גדול צי ער וועט בכלל רעדן און חתמ׳נען בשמם.

ז. און דעם מעמד ומצב רופט מען אן "זעלבסטשטענדיקייט" און "עצמאות" - בשעת אז דאס איז א גרעסערער גלות פון דעם

- גלות -

גלות איך וועלכן ס'האט זיך געפונען א איד אן ארימאן רח"ל אין א קליין שטעטל אין רוסלאנד אדער אין פולין,

וואס יענער האט געציטערט פאר א גוי, עאכו"כ פאר א גוי וואס איז נאך געווען מיט א קנעפל (ווי מ'פלעגט דאס דעמולט אנרופן) - אבער דער ציטערן האט געהאט עפעס א ממשות, ווארום ווען דער גוי וואלט אים געוואלט געבן א שמיץ, וואלט ניט געווען ווער ס'זאל אים קענען אפהאלטן;

אבער איצטער איז מען מזמין דעם גוי ער זאל קומען צום אידן, און דארטן זאל ער ווערן א בעה"ב, און דארטן וועט מען זיך אויס'טענה'ן מיט איס, און אין וואס באשטייט די טענה - אז "אחינו אתה",

דו ביסט אן איש צדק ויושר, דו האסט א טענה צודקת, מ'האט אבער קיין ברירה ניט און מ'דארף עפעס באווארענען וכו' - איז גיב לכה"פ א שמייכל, און מ'פארלאנגט פון דיר נאכמער: זאלסט זאגן בדיבור אז דו ביסט צופרידן, און מ'פארלאנגט פון דיר נאכמער: זאלסט געבן נשק צו די מדינות שמסביב און געבן אידן לכה"פ א דריטל דערפון!

וואס אלע ווייסן אז נאך אלע הפלאות וואס מ'האט געגעבן צו אידן כלי נשק, האט מען געגעבן כמ"פ ככה צום צד שכנגד - ס'איז מערניט וואס מ'דערציילט ניט וועגן דעם, ביז וואנעט אז ווען ס'האט זיך געפונען איינער פון אנשי הצבא וואס האט זיך ארויסגעכאפט מיט א ווארט (וואס מכחיש זייך איס קען מען דאך ניט, ווארום ער האט דאך געזאגט דעם אמת) - מאכט מען א טומל אז ער האט ניט געהאט קיין רשות זאגן אזא זאך!

ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון פקו"נ - דינגט מען זיך צי מ'מעג דאס מגלה זיין, אדער אז מ'דארף איינרעדן אז שלום עליך, און ווי אזוי וועט זיין א שלום של קיימא - דורך דערויף וואס מ'וועט אפגעבן נאך א שטח פון א"י, נאך אן ענין פון תורת ישראל, און נאך אן ענין פון בנ"י!

ח. וכמדובר כמ"פ אז בשעת מ'געפינט זיך אין א גלות בנפשו פנימה - קומט ארויס דער ענין הגלות אין זיין טראכטן וכו', אז ער טראכט אין א קרומע וועג ווי ס'דארף טראכטן "גלות", און ניט ווי ס'דארף טראכטן א איד, אַפי'ָא איד וואס געפינט זיך אין גלות.

וואס א איד קען זיך געפינען אין גלות, און בשעת מעשה זאל ער שטיין אין א מעמד ומצב פון חירות אמיתי, ווארום "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה"[16], ווארום דער

- ענין -

---

16) אבות פ"ו מ"ב.

ענין הגלוה קען אנרירן מערניס ווי דעם גוף, אבער ניט די נשמה.

וכידוע דער ווארט פון דעם רבי'ן נ"ע וואס איז איבער-געגעבן געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[17], אז די נשמה איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות, מערניס ווי דער גוף, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט דער נשמה, מיט אידישקייט, איז קיינער ניט קיין בעה"ב אויף א אידן.

וואס דעם ענין האט מען געזאגט ווען דער צאר איז נאך געווען בתקפו הכי גדול, און מ'האט דאס דערנאך איבערגע'-חזר'ט אונטער דער ממשלה פון די קאמוניסטן ווען מ'איז געווען במאסר (ניט נאך דערויף וואס מ'איז ארויסגעגאנגען להירוה), און ביי זיי גופא איז דאס נאך געווען ווייניק - איז בשעת מ'איז ארויס פון דער סכנה פון עונש מות און מ'איז געשטאנען פאר דעם עונש פון זיין שלש שנים אין גלות, האט מען בינתיים געזאגט דעם ענין;

און בשעת דער אויבערשטער האט געהאלפן בחסדו הגדול סיי די אידן וואס געפינען זיך במדינה זו, סיי די אידן וואס געפינען זיך בכמה מדינוה, און סיי די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק - האט מען זיך ארייגגעזעצט אין א גלות, אז בשעת מ'דערהערט אז א גוי איז ניט צופרידן, דארף מען גיין נגד תורת אמת, און מודה זיין אז מ'מוז אומקערן א טייל פון א"י דערפאר וואס דאס איז ניט אונזערע (וויסנדיק דעם אמת אז "ברצוננו נטלה מהם ונתנה לנו") -

וואס בשעת מ'זאגט אז ס'איז ניט אונזערע, נאר ס'איז אן ענין של גזילה - ווייסט דאך יענער אז דער טבע פון א גזלן איז אז ער גלויבט ניט אז מ'וועט אים מוחל זיין די גזילה, און ער שטייט אלעמאל הכן באווארענען אז יענער זאל ניט קענען צונעמען די גזילה!

און דערנאך שיקט מען שלוחים, און מ'איז זיך משתדל דורכקריכן מיט א טענה שאינה אמיתית - שעמענדיק זיך און ניט האבנדיק ביי זיך דעם תוקף צו זאגן די טענה האמיתית, וואס די טענה האמיתית איז - אז "ברצוננו נטלה מהם ונתנה לנו".

וכמדובר כמ"פ אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, וואס פקו"נ איז דוחה את כל הענינים, וואס דעם ענין נעמען אן אויך ניט אידן. ס'איז ניט קיין חידוש פון תורה וואס איז

- ניט -

---

17) לקו"ד כרך ד תרצב, א.

ניט נמשך געווארן אין וועלט, נאר אויך די שבעים אוה"ע האלטן אז אן עניין פון פקו"נ איז דוחה אלע חשבונות - און אעפ"כ זאגט מען ניט די טענה.

ס. והעולה על כולנה - אז כמה פחדנים צווישן אידן זיינען זיך מתאחד צוזאמען, און זיי זאגן אז די טענה פון אוה"ע (אז "לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים") איז אויסגעהאלטן לויט אידישקייט, און אזוי דארפן רעדן אידן!

און וויסנדיק אז דאס איז די וועג וואס וועט פירן צו א מלחמה רח"ל בעתיד הקרוב היל"ת - איז "שמים חושך לאור ומר למתוק"[18], און מ'זאגט אז דאס איז די וועג צו שלום!

און בשעת מ'פרעגט ביי זיי: מיט וועמען גייט איר מאכן שלום, מ'וויל דאך מיט אייך ניט רעדן? ענטפערט מען: רעדווילע זאל מען אלץ אפגעבן, און דערנאך אז די גוים וועלן דערזעהן אז אידן פירן זיך בדרך הצדק והיושר, און מ'גיט אלץ אפ ניט באקומענדיק קיינע זאכן - וועט דאס פועל'ן אויפן גוי אז ער וועט ניט זיין ברוגז, און אז ער וועט זיך ניט פילן געטראפן, און וועט מסכים זיין אנהויבן רעדן וועגן שלום!

און צוליב דערויף - זאל מען איינשטעלן בסכנה רח"ל דריי מיט א האלבן מיליאן מענטשן, וואס דריי מיליאן פון זיי זיינען אידן!

וכאמור לעיל אז וויבאלד ער געפינט זיך אין א גלות בנפשו פנימה, הויבט ער אן טראכטן ווי "גלות" טראכט, וואס דער גלות איז דער שוחד וואס איז מטה זיין שכל, זיין חב"ד, ער זאל טראכטן באופן כזה, און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם רגש שבלב, ער האט אזוי פיל אנגעשראקן אנדערע ביז וואנעט אז ער האט אליין אנגעהויבן דערשרעקן זיך, ביז וואנעט אז דערנאך קומט דאס אראפ אין זיין מחשבה דיבור ומעשה.

און ס'איז דאך ניטא קיין צייט (און ס'איז א שאד די צייט) צו גיין באווארענען די אלע ענינים, אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד, אדער אין אן אופן אז פריער זאל מען משנה זיין דאס וואס ער געפינט זיך בגלות בנפשו פנימה, און דערנאך וועט ווערן בדרך ממילא א שינוי לטובה אין כח השכל שלו, אין זיינע מדות, ביז אין זיינע מחשבה דיבור ומעשה.

ובפרט אז צווישן מענטשן גופא, זיינען דא אזוינע וואס

- מצד -

---

18) ל' הכתוב - ישעי' ה, כ.

מצר היותם אנשים שכליים, איז דער עיקר פוסק ביי זיי - דער שכל, און מענטשן וואס זיינען מער פארבונדן מיט רגש - וואס ביי זיי איז דער עיקר פוסק דער רגש שבלב, און מענטשן וואס זיינען מער פראקטישע [ווי מ׳זאגט רא "פראגמאטיק"], וואס ביי זיי איז רער עיקר פוסק ווי דער ענין קומט אראפ אין מחשבה דיבור ומעשה.

*

*

*

# תיקון טעות

<u>לשיחת מוצאי ש"פ אמור</u>

בע' א, שו"ה אויפן, נדפס: איז לכאו' דא,
וצ"ל: ווערט פארענטפערט.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ בחוקותי, מבה"ח סיון ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבת קודש מברכים חודש סיון (וויבאלד אז ס'איז מוצאי שבת קודש).

וואס יעדער שבת מברכים האט א לימוד מיוחד, א ספעציעלע אפלערנונג און א הוראה, וואס איז פארבונדן מיטן תוכן פון דעם חודש, וואס דער לימוד והוראה איז ניטא אין אלע איבערי- קע שבת מברכים.

וואס דאס איז דער ביאור און דער תוכן פנימי פון דעם מארז"ל[1] "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה", אז אין עולם בכלל, ועאכו"כ אין די ענינים פון תומ"צ, איז ניטא קיין איין פרט וואס איז "לבטלה" - ובמילא מוז מען זאגן אז אין יעדער ענין איז דא א דבר חדש וואס איז ניטא אין די אנדערע ענינים (אע"פ אז זיי זיינען בדומה צו דעם ענין).

ועד"ז בעניננו - אז יעדער שבת מברכים האט א תוכן מיוחד וואס איז פארבונדן מיט עינינו של חודש זה, און דערפון איז דא א הוראה מיוחדת צו דעם שבת מברכים החודש - ועד"ז איז אויך בנוגע צו שבת מברכים סיון.

ב. דער תוכן מיוחר פון שבת מברכים חודש סיון איז פארבו- נדן מיט כללות ענין התורה:

חודש סיון ווערט דאך אנגערופן "ירחא תליתאי"[2], דער דריטער חודש פון חודש ניסן וואס ער איז "ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[3] - און אין מסכת שבת וואס "דכו"ע בשבת ניתנה תורה"[4] אין דער סוגיא פון מ"ת[2] פארבינדט די גמרא דעם ענין פון "ירחא תליתאי" מיט "אוריאן תליתאי", וואס איז געגעבן געווארן "לעם תליתאי", און דאס איז געווען "ביום תליתאי", ווי ס'שטייט[5] "ויהי ביום השלישי".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז חודש סיון - דער חודש וועלכן מ'איז מברך אין דעם שבת - האט א תוכן מיוחד וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה, און ווי תורה איז פארבונדן מיט אידן,

וואס אע"פ אז "אלפים שנה קדמה תורה לעולם"[6], עאכו"כ צום זמן ווען תורה איז געגעבן געווארן צו אידן - אעפ"כ

- איז -

------------

1) שבת עז, ב. 2) שם פח, א. 3) בא יב, ב. 4) שבת פו, ב. 5) יתרו יט, טז. 6) ראה ב"ר פ"ח, ב. מדרש תהלים עה"פ צ, ד.

איז תודה גלייך פארבונדן מיט "עם תליתאי", מיט אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז שבת מברכים חודש סיון האט אן ענין כללי וואס איז כולל אין זיך אלע שבת מברכים פון כל השנה כולה:

דער ענין פון "תורה" (דער תוכן הפנימי פון חודש סיון) איז דאך מלשון הוראה[7], ווי אזוי עס דארף זיין די הנהגה פון אידן, וואס דאס איז דער ענין המצוות שבתורה, כולל אויך די מצוה פון קידוש החודש, און כולל אויך דעם "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[8]) פון שבת מברכים החודש.

קומט דאך אויס אז דער כללות הענין פון שבת מברכים החודש פון כל השנה כולה, איז געגעבן געווארן אלס א הוראה פון "אוריאן תליתאי" - אין "ירחא תליתאי", אין חודש סיון, וואס ער ווערט געבענטשט אין דעם שבת מבדכים.

ג. די הוראה דערפון (פון כללות הענין פון שבת מברכים):

בזמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס דעמולט האט מען מקדש געווען די חדשים ע"פ הדאי' (און אפי' לאח"ז - אין דעם זמן וואס מ'האט נאך מקדש געווען ע"פ הראי'), איז דער קידוש החודש געווען אין דעם טאג פון ר"ח, ווען די עדים זיינען געקומען אין ב"ד און האבן בעזאגט אז זיי האבן געזעהן דעם מולד הלבנה, האט ב"ד געזאגט "מקודש החודש מקודש"[9] - אבער אין דעם שבת שלפנ"ז האט מען נים געוואוסט אין וועלכן טאג וועט זיין ד"ח, וואס דאס איז תלוי אין די עדים וכו'.

משא"כ אבער משחדב ביהמ"ק, און ס'איז בטל געווארן דער ענין פון קידוש החודש ע"פ הראי', וואס דעמולט האט הלל הנשיא קובע געווען דעם חשבון התדשים[10] עד ביאת מודה צדק, משיח צדקנו, און ער האט מלכתחלה קובע געווען אין וועלכן טאג וועט זיין ד"ת - איז אדויסגעקומען די הוספה אז בשבת שלפנ"ז קען מען שוין בענטשן דעם טאג פון ר"ח (ווארום מ'ווייסט אין וועלכן טאג וועט זיין ר"ח), און מ'איז אים מבדך בברכת כל הקהל כולו, אין א מקום קדוש, און לאחדי קדיאת התודה, מיט אלע פרטים שבדבר.

איינע פון די הוראות דעדפון איז: לכאו' איז דאך דער ענין הגלות מערנים ווי אן ענין שלילי, "גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו" - עס קען דאך אבער נים זיין אין

- וועלט -

---

7) זח"ג נג, ב. 8) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 9) ד"ה כה, ב במשנה. 10) סדה"ד בערכו. תולדות תו"א (היימן) ערך הלל האחדון.

וועלט אן ענין וואס איז כולו שלילי בשעת אז די גאנצע וועלט איז מעשה ידיו של הקב"ה, נאר אין דערויף מוז אויך זיין אן ענין טוב;

איז ע"פ האמור לעיל, זעט מען אז פון דעם ענין השלילי פון דעם גלות (ביז אין תוקף הגלות, אז מ'קען ניט מקדש זיין דעם חודש ע"פ הראי') - קומט ארויס אן ענין טוב;

אז מ'ווייסט שוין פון פריער ווען וועט זיין ר"ח, במילא קען מען זיך שוין צוגרייטן צו ר"ח באופן המתאים (און ניט אין דער לעצטער מינוט),

ועוד - והוא העיקר: בשבת שלפנ"ז בענטשט מען שוין דעם חודש אז ער זאל זיין מבורך מיט אלע ששה ענינים וועלכע מ'רעכנט אויס אין ברכת החודש, וואס זיי זיינען ענינים כלליים, ביז צו דעם ענין פון "לישועה ולנחמה",

און אז די ענינים זאלן נמשך ווערן ניט נאר אויף דעם חודש, נאר דערפון זאל דאס אויך נמשך ווערן על כל השנה כולה.

ובדוגמא להמדובר כמ"פ[11] בנוגע צו דעם וואס מ'זאגט בפסח "לשנה הבאה בירושלים", אז ס'איז ניט דער טייטש אז מ'דארף אויף דערויף ווארטן א גאנצן יאר ח"ו, נאר אז ס'וועט זיין "מיד הן נגאלין"[12], וועט מען בדרך ממילא זיין "לשנה הבאה בירושלים" -

איז עד"ז אויך בעניננו: ווען ס'וועט זיין דער ענין פון "ישועה ונחמה" אין חודש סיון (און נאכמער: דאס וועט נאך זיין אין די טעג שלפני ר"ח סיון) - וועט בדרך ממילא נמשך ווערן דער ענין פון "ישועה ונחמה" (ועד"ז די איבעריקע פיר ברכות וואס מ'זאגט לפנ"ז) על כל חדשי השנה, ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

ובפרט אז דערנאך איז מען מסיים "ונאמר אמן" - כמדובר כמ"פ בארוכה[13] [מיוסד אויף דברי רבותינו נשיאינו[14], און מיוסד אויפן מארז"ל[15] "גדול העונה אמן יותר מן המברך"] דער גודל המעלה וואס איז דא אין "אמן", אז דאס איז מאמת און באשטעטיקט די זאך, אין אן אופן אז ס'איז א זיכערע זאך אז דאס וועט מקויים ווערן בשלימות.

- ובפרט -

---

11) לקו"ש ח"ב ע' 543. וראה סה"מ תש"י ע' 185.
12) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 13) שיחת יו"ד שבט ש.ז. סכ"ו. מוצאי ש"פ בשלח ס"ד-ה. ט"ו בשבט ס"י ואילך.
14) אוה"ת עקב ע' תקיח. ועוד. 15) נזיר בסופה.

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות[16] אז "אמן" איז די גימט' פון די צוויי שמות הוי' און אד' - וואס דאס איז ממשיך אלע ענינים למטה מעשרה טפחים.

ד. ויה"ר אז דערפון וואס מ'רעדט דעם ענין בדיבור, ולפנ"ז - ווי דער ענין איז נאך במחשבה, וואס דאס איז דאך מיוסד אויף מאמרי חז"ל וואס זיינען שוין געשריבן און אפ-געדרוקט, וואס דאס איז אן ענין של מעשה - זאל ארויסקומען דער מעשה בפועל, אז ס'זאל זיין די "ישועה ונחמה" בתכלית השלימות, וואס דאס איז דער ענין פון נחמת ציון וירושלים, דורך דער גאולה האמיתית והשלימה, מיט דער ישועה שלימה, ע"י משיח צדקנו,

אין אן אופן פון "ונאמר אמן", בפשטות למטה מעשרה טפחים, אין עולם העשי' הזה הגשמי,

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש, ובל' הרמב"ם[12] "מיד הן נגאלין" - ובדרך ממילא וועט כל השנה כולה זיין שנת "ישועה ונחמה".

ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז מ'מיינט די גאולה מידית, די גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט מען זוכה זיין לערנען תורתו של משיח,

- וואס אע"פ אז מ"ת איז געווען מערניט ווי איין און איינציקן מאל[17], "בירחא תליתאי ביומא תליתאי" - שטייט דאך אבער אין מדרש[18] אז "תורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח" -

ביז אז "לא ילמדו עוד איש את רעהו כי כולם ידעו אותי למקטנם ועד גדולם"[19],

דורך דער הכנה לזה אין די לעצטע טעג פון גלות - משתדל זיין זיך אז ס'זאל זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[20], דורך הפצת המעיינות חוצה, וביחד עם זה (ולפנ"ז ולאח"ז) הפצת היהדות און הפצת התורה ומצוותי' בפשטות, ביז צו די אל"ף בי"ת פון יהדות - אין אן אופן פון "כמים לים מכסים",

- וואס -

---

16) אוה"ת בראשית (כרך ג) תקסו, א. עקב שם. הובא בד"ה באתי לגני דיו"ד שבט ש.ז. שיחת מוצאי ש"פ בשלח הנ"ל ס"ה. 17) ראה המשך תרס"ו ע' כג. תקמו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. ועוד. 18) קה"ר פי"א, ח. וראה גם שם רפ"ב. 19) ירמי' לא, לג. 20) ישעי' יא, ט.

וואס דאס וועט ממהר זיין דעס "בעתה אחישנה"[21] - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

* * *

ה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה והתהלכתי בתוככם גו׳.

* * *

ו. מ׳האט דאך גערעדט פריער (בהמאמר) אז יעדער ענין וואס מ׳וויל אויפטאן למעלה, דארף מען טאן למטה אן ענין וואס איז דוגמתו.

וכידוע דער פירוש פון דעם מגיד[22] און פון דעם אלטן רבי׳ן[23] אויף דער משנה[24] "דע מה למעלה ממך", אז אלע ענינים וואס זיינען "למעלה", איז דאס אלץ "ממך", דאס הייגנט אפ אין דעם וואס א איד טוט דא למטה.

וואס דער ענין וואס ער דארף טאן למטה - דארף זיין בדוגמת הענין וואס ער וויל אויפטאן למעלה, וואדום די גמרא[25] (און נאכמער אין מדרש[26]) זאגט דאך אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו".

בדוגמא ווי מ׳געפינט בנוגע לכמה מצוות אז זיי האבן אן ענין מיוחד וואס זיי טוען אויף,

וואס אע"פ אז אלע מצוות איז ענינם "<u>בחוקותי</u> תלכו"[27], דער ענין פון חוקים, וכידוע[28] אז אע"פ אז בפרטיות טיילן זיך די מצוות אין דריי סוגים: חוקים, עדות און משפטים, דארף אבער זיין דער קיום פון <u>אלע</u> מצוות אין אן אופן פון חוקים, "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"[29], ווי מ׳זאגט אין דעם נוסח פון ברכת המצוות, אז ער איז מקיים די מצוה דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו" -

זאגט דאך אבער תורה אז "האומר סלע זו לצדקה בשביל שיחי׳ בני כו׳ הרי"ז צדיק גמור"[30], ד.ה. אז דער קיום פון מצות צדקה, האט א שייכות מיוחדת צו אויפטאן דעם ענין פון "יחי׳ בני"[31], ועד"ז בנוגע צו אנדערע מצוות.

- און -

------------

21) שם ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 22) לקו"א נ, סע"ג. או"ח קיב, ב. 23) סה"ש תש"ד ע׳ 23. היום יום ע׳ נג. 24) אבות פ"ב מ"א. 25) סוטה ח, ב במשנה. 26) תנחומא בשלח ב. שמו"ר פכ"ה, ט. ועוד. 27) ל׳ הכתוב - פרשתנו כו, ג. 28) סה"מ קונטרסים ח"א קפ, סע"א. תרפ"ת ע׳ קנא. ה׳ש"ת ס"ע 57. ועוד. 29) במדב"ר פי"ט, א. שם, ח. תנחומא חקת ג. שם, ח. 30) פסחים ח, סע"א. 31) ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 271.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון אונזער סדרה[32] אז דורך קיום מצות שמיטה (מיט אלע פרטים שבדבר), פועל'ט מען אז מ'זאל זיין אין א"י אין אן אופן פון תכלית השלימות, ביז אין אן אופן פון "ושכבתם ואין מחריד"[33].

און ווי ס'שטייט אויך אין דער משנה פון היינטיקער פרק[34] אז ס'זיינען דא כמה ענינים וואס ברענגען דעם ענין הגלות, און כדי צו שולל זיין דעם ענין הגלות, דארף מען זיך אפהיטן בתכלית פון די ענינים, און זיין נזהר אפי' פון "אבידרייהו" פון די ענינים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף סאקע מקיים זיין אלע מצוות דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו", אבער צוזאמען דערמיט איז דא דער ענין וואס דער אויבערשטער זאגט צו, אז בשעת ער וועט מקיים זיין די מצוה, וועט ער אים געבן אן ענין וואס איז בדומה לזה.

ז. בקשר צו דעם ענין פון "והתהלכתי בתוככם"[35] – איז כאן המקום להזכיר ולהדגיש נאכאמאל דאס וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ וועגן דערויף אז ס'זיינען דא מצוות התלויות ברגלים, ווי ער רעכנט אויס אין ספר חרדים כמה פרטים בדבר, ביז צו דעם ענין פון "הוי רץ למצוה"[36], ווי עס ווערט אויך אראפ־געבראכט אין שו"ע[37].

וואס דאס איז אויך כולל דעם מנהג וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איינגעפירט, אז ס'זאל זיין דער ענין פון הליכה צו אידן אין בתי כנסיות ובתי מדרשות (און צו אידן בכלל), אויך בימות החול, גיין און זוכן און געפינען אידן, און אריינציען זיי און העלפן זיי אז זיי זאלן ווערן לומדי תורה ומקיימי מצוותי'.

און אין דערויף גופא איז דא דער "מנהג ישראל תורה הוא" – ובפרט לויט ווי ס'איז איינגעפירט געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר – באזוכן אידן אין בתי כנסיות ובתי מדרשות אין "מועדים לשמחה", ועד"ז ביום השבת, ווי ס'שטייט אין ספרי[38] "וביום שמחתכם אלו השבתות" [במדובר כמ"פ[39] דעם ביאור בזה] – אויף משמח זיין זיי אין א שמחה אמיתית, וואס דאס איז די שמחה פון תורה ומצוותי',

און דערנאך זאל דאס אויך נמשך ווערן אין שמחה כפשוטה,

– אז –

---

32) כו, לד. וראה פרש"י שם, לה. 33) שם, ו. 34) פ"ה מ"ט. 35) פרשתנו שם, יב. 36) אבות פ"ד מ"ב. 37) או"ח (ואדה"ז) ס"צ סי"ב (סי"ג). 38) עה"פ בהעלותך י, י. 39) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1090 הע' 31. לקו"ש חי"ג ע' 25 ובהע' 13 שם.

אז אלע ענינים זאלן ביי זיי זיין אין אן אופן של שמחה, ובמילא וועלן זיי אויך זיין מתוך הרחבה, ווארום דער ענין השמחה איז היפך המדידה והגבלה[40], ועאכו"כ אז ס'איז היפך ענין המיצר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל הענין און גודל הזכות וואס האבן די אלע וואס זיינען זיך משתתף אין דער הליכה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס ס'שטייט אין דער משנה פון היינטיקן פרק[41], אז ס'זיינען דא "ארבע מדות בהולכי בית המדרש", און די גרעסטע מעלה איז "הולך ועושה" - אז זיי גייען אפי' אין א מקום רחוק (דער מקום רחוק שטעלט זיי נים אפ פון גיין אהינצו), אויף צו ארויסנעמען א אידן וואס געפינט זיך לע"ע "בדרך רחוקה", און ברענגען אים דערצו אז ער זאל מקריב זיין "פסח שני", כמדובר בארוכה אין דער התוועדות פון פסח שני.

ח. און דערפאר גים מען אפ א יישר-כח צו די אלע וואס האבן זיך משתתף געווען אין דערויף (אויף וויפל ס'איז שייך אפגעבן א יישר-כח ווען א איד טוט אן ענין של מצוה),

און מערער דערפון - איז דאס א נתינת כח און א בקשה אז מ'זאל דאס אויך טאן אין "זמן מתן תורתנו" (וואס דאס איז שוין פארבונדן מיט שבת מברכים פון "ירחא תליתאי") -

אז ס'זאל זיין דער ענין פון "הוי רץ למצוה", אז מ'זאל גיין ברגלים, אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב, כדי צו ברענגען שמחה וטוב לבב צו די אידן וואס מ'וועט צו זיי גיין (און אויך צו די אידן וואס מ'וועט באגעגענען אויפן וועג), און מסביר זיין זיי דעם ענין פון מ"ת -

אז וויבאלד "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[42], איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער אויבערשטער האט געזאגט "אנכי ה' אלקיך"[43] - איז געווארן דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך" ביי יעדער אידן (ווארום אלע נשמות פון אלע אידן זיינען געווען בשעת מעמד הר סיני, ווי ער זאגט אין פרדר"א[44]),

ד.ה. אז "אנכי", וואס "לא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל"[45] - ווערט "הוי'", אז ער איז מהוה די גאנצע מציאות פון דער וועלט, עאכו"כ אז ער איז מהוה דעם אידן וואס ער

- איז -

---

40) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 41) פ"ה מי"ד. 42) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 43) יתרו כ, ב. 44) פמ"א. 45) לקו"ת פינחס פ, ב. וראה זח"ג רנז, ב.

איז דער תכלית פון דער גאנצער בריאה, ווארום די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית"[46],

ביז וואנעט אז "אנכי" ווערט "אלקיך" - "כחך וחיותך"[47], ווי ער טייטשט אפ אין שו"ע[48] אלם הלכה למעשה, אז דער פירוש פון "אלקים" איז "בעל היכולת ובעל הכחות כולם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין "זמן מתן תורתנו" איז דער ענין ההליכה (המדובר לעיל) נוגע ביתר שאת וביתר עז.

ט. און דערפון איז פארשטאנדיק די ברכת ה׳ וואס קומט ארוים דערפון - כמובן פון פשטות הכתובים פון אונזער סדרה, אז ווען ס׳וועט זיין "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו", וועלן נמשך ווערן כל הברכות המנויות בפרשה,

אז מ׳וועט נמשך ווערן ברכה והצלחה אין דעם ענין פון לימוד התורה, ביז אין אן אופן פון "עמלים בתורה"[49], ביז וואנעט אז ס׳וועט ווערן א שנת תורה,

דורך דעם וואס ס׳וועט זיין די הכנה לזה לפנ"ז, כולל אויך די פעולה אין "זמן מתן תורתנו" גופא - דער ענין ההליכה אויף באזוכן אידן (אין "מועדים לשמחה" בכלל, ובמיוחד) אין "זמן מתן תורתנו",

ביז אין אן אופן אז מ׳וועט דערנעמען אפי׳ א אידן וואס געפינט זיך לע"ע אין "מדבר העמים", ווארום ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם, און ער געפינט זיך אין דעם "מדבר הגדול והנורא נחש שרף ועקרב גו׳"[50] - וועט מען אים מעורר זיין און אויפוועקן דעם ענין וואס געפינט זיך ביי אים בשלימות, ס׳איז מערניט וואס מ׳דארף אראפנעמען דעם כיסוי והעלם (וואס איז דא מצד סיבות שונות ומשונות) וואס דעקט צו זיין עצם,

און דעמולט טוט ער שוין בכח עצמו, ביז וואנעט אז ער ווערט אויך א "מהלך", אז ער ווערט א טופח ע"מ להטפיח, ער ווערט א משפיע אין זיין גאנצע סביבה - ווי מ׳האט דאס שוין געזעהן בפועל, די וואס האבן זיך מתעסק געווען אין דערויף.

י. והמעשה הוא העיקר[51] - די נתינת יישר-כח על העבר בשם כל הנאספים וכל המתוועדים, און אויך די נתינת כח אויף להבא - אז מ׳זאל טאן אין די אלע ענינים ביתר שאת וביתר עז.

- וכמדובר -

---

46) פרש"י ר"פ בראשית. 47) ראה לקו"ת ר"פ ראה. אוה"ת יתרו ע׳ תתצט ואילך. 48) או"ח ס"ה. 49) פרש"י ריש פרשתנו. 50) עקב ח, טו. 51) אבות פ"א מי"ז.

וכמדובר כמ"פ אז דאס דארף ניט אנרירן (ובמילא טאר דאס ניט אנרירן) די סדרים הקבועים פון "תורתו אומנתו", און דער קיום המצוות בהידור בנוגע לעצמו,

ואדרבה, די צוויי ענינים זיינען מסייע זה את זה, אז דאס איז נאכמער מוסיף אין דעם ענין פון "הוי רץ למצוה".

וכאמור, אז דורך דערויף פועל'ט מען ביי די אלע אידן וועמען מ'גייט משמח זיין, אז ביי זיי זאל אויך זיין דער ענין פון "הוי רץ למצוה", אז זיי זאלן אויך ווערן משפיעים אין די ענינים, און אויך בכל הענינים כולם.

יא. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

יב. אויף אריבערגיין צו ענינים המשמחים, וואס דאס זיינען "פיקודי ה' ישרים משמחי לב"[52] - ובפרט ע"פ המנהג הרגיל אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת, אפלערנען א פסוק אין פרשת השבוע מיט פרש"י.

וועט מען זיך אפשטעלן אויף א פסוק אין דער פרשה פון ערכין - וואס דאס איז דער סיום וחותם פון פרשת בחוקותי.

ובדרך אגב: ס'זיינען דא כמה מצוות וואס אין זיי איז מודגש אז אלע אידן גלייכן זיך אויס, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך" - וואס איינע פון די מצוות איז מצות ערכין:

בנוגע צו מצות ערכין זאגט די תורה אז דאס הייננגט אפ נאר אין מספר השנים: אויב ער איז "מבן חודש ועד בן חמש שנים"[53], איז ערכו כך וכך, און ס'איז ניט קיין נפק"מ צי ס'רעדט זיך וועגן א קינד פון "ראשיכם שבטיכם" אדער א קינד פון "חוטב עציך ושואב מימיך".

וואס בנוגע צו "מבן חודש ועד בן חמש שנים", וואלט מען געקענט זאגן אז וויבאלד ער אליין איז ניט קיין בר דעת, קען מען ניט זאגן אז זיין ערך זאל זיין גרעסער מצד דעם יחוס פון זיין פאטער -

זאגט אבער תורה אז אזוי איז אויך ווען ס'רעדט זיך וועגן "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה"[54] - וואס דעמולט ווערט ער שוין "בן עשרים לרדוף"[55], עאכו"כ אז ער איז שוין מחוייב במצוות, און אנהויבנדיק פון בן חמש האט ער שוין געלערנט מקרא, ביז אז ער איז געווארן "בן חמש עשרה לגמרא",

- און -

---

52) תהלים יט, ט. 53) פרשתנו כז, ו. 54) שם, ה.
55) אבות פ"ה מכ"ב.

און דערנאך איז ביי אים געווען שלימות הלימוד במשך פון חמש שנים[56], ביז אז ער איז געווארן בן עשרים שנה,

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א זון פון "ראשיכם שבטיכם" - האט אים זיין פאטער זיכער מחנך געווען אין אן אופן פון תכלית השלימות, און ער איז א למדן גדול וכו', משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א זון פון "חוטב עציך ושואב מימיך" - און אעפ"כ, זאגט מען אז בנוגע צו מצות ערכין איז קיין נפק"מ ניט צי דאס איז א זון פון "ראשיכם שבטיכם" אדער א זון פון "חוטב עציך ושואב מימיך". ועד"ז אויך בנוגע צו "בן עשרים שנה ועד בן ששים שנה"[57], אז ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן "ראשיכם שבטיכם" מיט "חוטב עציך ושואב מימיך".

יג. אויפן פסוק "ואם מבן ששים שנה וגו'"[58], זאגט רש"י: "כשמגיע לימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש לפיכך האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה, דאמרי אינשי סבא בביתא פחא בביתא (ווי ער טייטשט אפ אין שפ"ח אז דאס איז מלשון "פח יקוש"[59]) סבתא בביתא סימא בביתא ("אוצר טוב ומטמוני מסתרים"[60]) וסימנא טבא בביתא".

וואס וויבאלד אז רש"י זאגט ניט "אמרו רבותינו" וכיו"ב, איז פארשטאנדיק אז דער גאנצער פירוש איז מוכרח אין פשוטם של כתובים,

[און דאס וואס ס'ווערט געצייכנט אין היינטיקע דפוסים צו מסכת ערכין[61] - איז דאס א הוספה וואס איז געווארן אין די דורות שלאח"ז - וואס דערפאר זעט מען טאקע אז אין די דפוסים הראשונים, און אין די דפוסים וואס זיינען איבער-געדרוקט געווארן פון די דפוסים הראשונים, ועאכו"כ בנוגע צו די כתבי-יד, איז דארטן ניט צוגעצייכנט צו מסכת ערכין].

בשעת מ'קוקט זיך צו אין דעם פרש"י, זעט מען אז דער גאנצער פירוש איז ניט פארשטאנדיק מתחלתו ועד סופו - מ'וועט אבער דערמאנען מערניט ווי א טייל פון די שאלות:

א) אויב מ'דארף באווארענען אין פשש"מ (וואס דאס איז ענינו של רש"י) דעם טעם פארוואס ווערט נשתנה דער ערך פון בן ששים, אז דער ערך פון א זכר איז "חמשה עשר שקל" אנשטאט "חמשים שקל", און דער ערך פון א נקבה איז "עשרה שקלים" אנשטאט "שלשים שקל" -

- האט -

---

56) ראה פרש"י בהעלותך ח, כד. 57) פרשתנו שם, ג. 58) שם, ז. 59) ל' הכתוב - תהלים צא, ג. הושע ט, ח. 60) שפ"ח. 61) יט, רע"א.

האט רש"י אויך געדארפט מבאר זיין דעם טעם פארוואס איז דער ערך פון א זכר "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה" - "עשרים שקלים", און "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" איז ערכו "חמשים שקל", ד.ה. אז ביז עשרים שנה איז ערכו מערער פון א דריטל לגבי ערכו ווען ער איז לאחרי עשרים שנה; משא"כ ביי א נקבה וואס "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה" איז ערכה "עשרת שקלים", און "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" איז ערכה "שלשים שקל", ד.ה. אז ביז עשרים שנה איז ערכה מערניט ווי א דריטל לגבי ערכה ווען זי איז לאחרי עשרים שנה,

איז ניט פארשטאנדיק: אויב רש"י דארף באווארענען פארוואס "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה" - האט ער דאס געדארפט באווארענען צום ערשטן מאל וואס מ'זעט א שינוי אין דעם ערך צווישן א זכר מיט א נקבה, אז "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה", איז דער ערך פון א זכר מערער פון א שליש לגבי ערכו לאחרי עשרים שנה, און דער ערך פון א נקבה איז מערניט ווי א שליש לגבי ערכה לאחרי עשרים שנה?

ב) פארוואס הויבט אן רש"י אז "כשמגיע לימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש" - למאי נפק"מ צי די איז "קרובה להחשב כאיש" אדער ניט, דא איז נוגע מערניט אז "סבא בביתא פחא בביתא" און "סבתא בביתא סימא בביתא וכו'", וואס דערפאר איז "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה" - איז פארוואס זאגט רש"י אז "כשמגיע לימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש"?

ג) די הסברה וואס רש"י ברענגט אז "אמרי אינשי סבא בביתא פחא בביתא סבתא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא" - איז ניט נאר אז דאס איז ניט קיין ביאור אויף דעם וואס "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה", נאר דערפון דארף גאר ארויסקומען אן אנדער מסקנא:

וויבאלד אז "סבא בביתא פחא בביתא", דאס איז אן ענין פון "פח יקוש", ער איז גאר א מוקש בבית, דארף ער אינגאנצן ניט האבן קיין ערך; און וויבאלד אז "סבתא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא", דארף איר ערך זיין שלא בערך מערער פון דעם ערך פון דעם "סבא" -

און לפועל איז דאך דער דין אז אויך דעמולט (לאחרי ששים שנה) איז דער ערך פון א זכר מערער פון ערך הנקבה, ווי ס'שטייט אין פסוק "ואם מבן ששים שנה ומעלה אם זכר והי' ערכך חמשה עשר שקל ולנקבה עשרה שקלים" [ס'איז מערניט וואס "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת

- אלא -

אלא שליש בערכה", אבער אויך ווען ער איז "פוחת יותר משליש בערכו", איז דיין ערך נאך אלץ מערער פון ערך הנקבה;

ועפ"ז שטימט דאס ניט, לכאו', מיט דער הסברה וואס רש"י ברענגט אז "סבא בביתא פחא בביתא, סבתא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא", וואס לויט דער הסברה דארף אויס-קומען אז דער ערך הנקבה זאל זיין שלא בערך מערער פון ערך הזכר, וויבאלד אז ער איז א מוקש בבית, "פח יקוש", משא"כ די סבתא איז אן "אוצר טוב" בבית?

ד) וואס איז דער דיוק "דאמרי אינשי" - וויבאלד אז דאס איז א ביאור און א הסברה אויף א דין וואס שטייט אין תורה, האט רש"י געדארפט זאגן סתם, אז "סבא בביתא פחא בביתא, סבתא בביתא סימא בביתא וכו'" - וואס איז דא נוגע די הדגשה אז דאס איז אן ענין "דאמרי אינשי"?

ה) וואס איז דער דיוק אז "סבא בביתא פחא בביתא, סבתא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא" - אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן בית דוקא?

ו) אין רוב הדפוסים פון רש"י שטייט "סבתא בביתא סימא בביתא (און אויך) וסימנא טבא בביתא", משא"כ אין גמרא אין ערכין[61] שטייט מערניט ווי "סבתא בביתא סימא בביתא".

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז אע"פ אז רש"י צייכנט ניט צו די גמרא אין ערכין, אבער אעפ"כ (וויבאלד אז מ'ווייסט אז דאס איז גענומען פון ערכין) ווען רש"י ניט מחדש זיין אן ענין וואס שטייט ניט דארטן - מוז מען דאך זאגן אז רש"י האט געהאט א גירסא וואס דארטן איז געשטאנען "סימא בביתא וסימנא טבא בביתא";

ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט רש"י אויס-געקליבן די גירסא שאינה נפוצה, און האט געשריבן "סימא בביתא וסימנא טבא בביתא", בשעת אז די גירסא הרגילה איז מערניט ווי "סימא בביתא"?

ס'זיינען טאקע דא דפוסי רש"י[62] וואס דארטן שטייט ניט "וסימנא טבא בביתא" - אבער כמדובר כמ"פ אז בשעת ס'זיינען דא צוויי גירסאות, און מ'וויל וויסן וועלכע איז די ריכטיקע, דארף מען טראכטן וואס איז דער אופן הכי מסתבר צו מבאר זיין ווי אזוי איז געווארן א טעות:

אויב מ'וועט זאגן אז די ריכטיקע גירסא איז אז רש"י האט געשריבן מערניט ווי "סימא בביתא", איז אינגאנצן ניט

- פארשטאנדיק -

------------

62) ראה "רש"י עה"ת" (ברלינר).

פארשטאנדיק ווי אזוי איז געווארן אזא טעות אז מ'זאל מוסיף זיין אין רש"י נאך אן ענין: "וסימנא טבא בביתא"?! - "לאו ברשיעי עסקינן"[63] אז מ'זאל גיין מאכן א טעות אויף צו-להכעיס!

מוז מען דאך זאגן אז די ריכטיקע גירסא אין רש"י איז "סימא בביתא וסימנא טבא בביתא", וואס דעמולט איז פארשטאנדיק ווי אזוי ס'איז געווארן דער טעות אז מ'זאל שרייבן נאר "סימא בביתא":

אזוי ווי דער בחור-הזעצער (אדער דער וואס האט מעתיק געווען פון דעם כת"י) איז געווען א למדן, און ער האט געוואוסט פון דער גמרא אין ערכין - איז דערזעהנדיק אז אין ערכין שטייט מעדניס ווי "סימא בביתא" [און אים ווייזט זיך אויס אז ער קען לערנען אזוי ווי רש"י; עכ"פ נאך דערויף וואס ער האט שוין געלערנט פרש"י, קען ער לערנען אזוי ווי רש"י], איז אים איינגעפאלן אז מסתמא איז דאס א טעות, ווארום רש"י וועט זיך ניט קריגן אויף דער גמרא, האט ער ארויסגענומען פון רש"י די דריי ווערטער "וסימנא טבא בביתא".

דארף מען פארשטיין: וואס קומט צו אין דעם ענין פון "סימנא טבא בביתא", עד כדי כך אז צוליב דערויף קלייבט אויס רש"י די גירסא שאינה רגילה, אנשטאט די גירסא הרגילה - "סימא בביתא" (כנ"ל)].

ז) אין זהר חדש פ' בראשית[64] שטייט דער לשון "<u>סבא</u> בביתא סימנא טבא בביתא", וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס איז די גירסא הרגילה אין גמרא "סבתא בביתא סימא בביתא" (און ניט "וסימנא טבא בביתא"), ווארום "סימנא טבא בביתא" איז (ניט נאר ביי א סבתא, נאר) אויך ביי א סבא;

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: ווי זאגט רש"י "סבתא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא" בניגוד צו "סבא בביתא", בשעת מ'זעט אז ביי א סבא איז אויך דא דער ענין פון "סימנא טבא בביתא" (ווי ס'שטייט אין זהר חדש)?

מיט נאך כמה דיוקים - וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

יד. בנוגע צו די הערות פון לקוטי לוי"צ אויפן זהר פון היינטיקע סדרה:

אין לקוטי לוי"צ[65] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס שטייט אין זהר[66] "ומאן דאעבר על פתגמי אורייתא כאילו פגים כו' ועל דא אם בחוקותי תלכו דא תורה שבע"פ ואת משפטי תשמרו דא

- תושב"כ -

------------

63) ראה יומא ו, א. וש"נ. 64) כו, רע"א. 65) ע' שלד ואילך. 66) ח"ג קיג, א.

תושב"כ כו׳" - און ער פרעגט: "למה כפל עוד הפעם לומר ועל דא אם בחוקותי כו׳, הרי כבר פירש כל זה לעיל"?

און ער איז מבאר אז אין דערויף איז ער מרמז אז "אפילו עבר על פתגמי אורייתא ופגם בשמא קדישא . . יש עצה לזה שיעסוק בתורה שבע"פ ובתורה שבכתב", וואס דעמולט איז ניט גענוג דער ענין פון תשובה סתם, נאר "מפני שעבר על פתגמי אורייתא, אז צריך לכפול לימודו, שאם הי׳ רגיל לקרות דף אחד (בתושב"כ) יקרא ב׳ דפים, לשנות פרק אחד (בתושבע"פ) ישנה ב׳ פרקים, כמ"ש באגרת התשובה פ"ט בשם תנא רבי אלי׳", און ער פירט אויס "זהו בתוקותי לשון רבים ב׳ פרקים בתושבע"פ, משפטי לשון רבים ב׳ דפים בתושב"כ". וכפי שיתבאר לקמן.

ובדרך אגב - געפינט מען דא א מארנע זאך: אין זהר ברענגט זיך דער פסוק "אם בחוקותי תלכו ואת משפטי תשמרו", אבער בפרשתנו שטייט "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" (ניט "ואת משפטי תשמרו")?

שטעלט זיך אויף דערויף דער רח"ו אין זיינע הגהות וואס זיינען געדרוקט אין זהר גופא, און ער זאגט אז די כוונה איז צום פסוק אין פ׳ בהר[67] וואס דארטן שטייט "ועשיתם את חוקותי ואת משפטי תשמרו".

עפ"ז ווערט אבער אן אנדער שאלה: אין פ׳ בהר שטייט "ועשיתם את חוקותי גו׳", און ניט "אם בחוקותי תלכו גו׳", וואס באווייזט אויף דעם ענין ההליכה וכו׳?

געפינט מען מאקע אז אין אוה"ת[68] ברענגט זיך פון דעם רח"ו אז "אין ספק" אז די כוונה איז צום פסוק אין יחזקאל[69] "אשר בחוקי תלכו ומשפטי תשמרו".

וואס דאס איז א דבר פלא: אין איין ארט זאגט דער רח"ו אז די כוונה איז צום פסוק אין פ׳ בהר, וואס דעמולט בלייבט דאס נאך אלץ ניט גלאטיק, און אין׳ א צווייטן ארט זאגט ער אז די כוונה איז צום פסוק אין יחזקאל, וואס דער פסוק אין יחזקאל איז אינגאנצן א גלאטער. ואין כאן המקום להאריך בזה.

טו. בנוגע צו א משנה אין פרקי אבות:

אין דעם פרק פון היינטיקן שבת (פ"ה) - שטייט אין משנה טז: "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר, בטל דבר בטלה אהבה, ושאינה תלוי׳ בדבר, אינה בטלה לעולם".

- וואס -

---

67) כה, יח. 68) צא, א. 69) לז, כז.

וואס דער פירוש הפשוט בזה איז - אז ווען די אהבה איז תלוי׳ בדבר, איז בשעת דער דבר ווערט בטל, ווערט בטל די אהבה, אבער אויב דער דבר איז קיים, מאכט ניט אויס אז די אהבה איז תלוי׳ בדבר, ווארום וויבאלד אז דער דבר איז קיים, ווערט די אהבה ניט בטל.

וואס דאס איז מתאים מיט דער גירסא פון דעם רע"ב, וואס ער איז גורס אין דער משנה: "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר בטל, בטל דבר בטלה אהבה" [ס׳איז מערניט וואס דער בחור-הזעצער האט געזעהן אז ס׳שטייט צוויי מאל "בטל" ("כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר בטל, בטל דבר כו׳"), האט ער אראפגענומען און געשריבן דעםווארט "בטל" מערניט ווי איין מאל] -

און ווי ער טייטשט אפ, אז וויבאלד דער דבר איז א דבר "שאינו מתקיים, כשיתבטל הדבר שהי׳ סיבה לאותה אהבה, גם האהבה בטלה. וכל אהבה שאינה תלוי׳ בדבר בטל אלא בדבר קיים, כגון אהבת הצדיקים והחכמים, אינה בטלה לעולם, כשם שהדבר שהוא סיבה לאותה אהבה אינו בטל, כך אין האהבה בטלה".

און ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק פון פירוש הרמב"ם (אע"פ אז מ׳ווייסט ניט צי ער איז אויך גורס ווי דער רע"ב "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר בטל") - וואס ער זאגט "פירוש הדברים כך הוא, אתה יודע שאלו הסבות הגשמיות יבטלו ויסורו, ויתחייב סור המתחדש בסור סבתו, ומפני זה כשתהי׳ סבת האהבה ענין אלקי, והוא המדע האמיתי, האהבה ההיא אי אפשר שתסור לעולם מפני שסבתה מתמדת המציאות", וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען די אהבה איז תלוי׳ בדבר קיים, ווערט די אהבה ניט בטל, וויבאלד אז סיבת האהבה איז קיים.

דער אלטער רבי בסידורו האט אבער אריינגעשטעלט די גירסא "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר, בטל דבר בטלה אהבה", און ניט ווי גירסת הרע"ב "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר בטל, בטל דבר בטלה אהבה" (וואס דער אלטער רבי האט זיכער געוואוסט פון גירסת הרע"ב, און אעפ"כ האט ער אריינגעשטעלט בסידורו די אנדערע גירסא) -

איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן בפשטות אז "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר", מוז די אהבה בטל ווערן - עס קען דאך זיין אז דער דבר וואס אין אים איז תלוי די אהבה איז א דבר קיים, וואס דעמולט וועט די אהבה ניט בטל ווערן, נאר זי וועט זיין אן אהבה קיימת?

טז. דערנאך איז די משנה ממשיך: "איזו היא אהבה שהיא תלוי׳ בדבר, זו אהבת אמנון ותמר, ושאינה תלוי׳ בדבר, זו אהבת דוד ויהונתן".

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען ברענגען א

- דוגמא -

דוגמא וואס איז אן "אהבה שהיא תלוי' בדבר" און וואס איז אן אהבה "שאינה תלוי' בדבר" - דאס איז אן ענין וואס איז מובן מעצמו (פון דעם אפטייטש פון די ווערטער גופא),

ביז וואנעט אז דער "בן עשר למשנה" זעט ביי זיך אליין בחייו, אז אין די זאכן וועלכע ער האט ליב, זיינען דא זאכן וועלכע זיינען תלוי בדבר, ס'איז דא א טעם פארוואס ער האט ליב די זאך, און ס'זיינען דא זאכן וואס זיינען ניט תלוי בדבר - איז צוליב וואס דארף די משנה ברענגען דוגמאות אויף "אהבה שהיא תלוי' בדבר" און אהבה "שאינה תלוי' בדבר"?

ונוסף לזה: אפי' אויב די משנה וויל ברענגען דוגמאות לזה, איז צוליב וואס דארף מען אנקומען צו דער דוגמא פון אהבת אמנון ותמר, און אהבת דוד ויהונתן - אין תנ"ך זיינען דא כו"כ סיפורים פאר די סיפורים פון אמנון ותמר און דוד ויהונתן, וואס פון זיי קען מען אויך ברענגען דוגמאות אויף "אהבה שהיא תלוי' בדבר" און אהבה "שאינה תלוי' בדבר"?

עד"ז איז ניט פארשטאנדיק לאידך: בשעת די משנה זאגט אז די דוגמא אויף "אהבה שהיא תלוי' בדבר" איז "אהבת אמנון ותמר", און די דוגמא אויף אן אהבה "שאינה תלוי' בדבר" איז "אהבת דוד ויהונתן" - ווערט די שאלה: צו וועלכן סוג געהערן די אלע אהבות וועלכע זיינען <u>צווישן</u> אהבת אמנון ותמר און אהבת דוד ויהונתן?

יז. אויך דארף מען פארשטיין:

א) וואס איז די שייכות פון דער משנה "כל אהבה שהיא תלוי' בדבר וכו'" מיט דער משנה שלפני'[70] "ארבע מדות ביושבים לפני חכמים וכו'", און מיט דער משנה שלאחרי'[71] "כל מחלוקת שהיא לשם שמים וכו'"?

ב) פרקי אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[72], ד.ה. אז די משנה דערציילט ווי אזוי מ'דארף זיך פירן לפנים משורת הדין (וואס ע"פ דין וואלט געקענט זיין די הנהגה באופן אחר, און מצד "מילי דחסידותא" זאגט מען אז די הנהגה דארף זיין באופן כזה) - דארף מען פארשטיין: וואס איז די שייכות פון דער משנה "כל אהבה שהיא תלוי' בדבר וכו'" צו דעם ענין פון "מילי דחסידותא"?

ג) די גרעסטע קשיא - דערפון וואס ס'שטייט אין אונזער סדרה:

אין היינטיקע סדרה שטייט "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי

- תשמרו -

------------

70) מט"ו. 71) מי"ז. 72) ראה ב"ק ל, א.

תשמרו ועשיתם אותם", איז דער אויבערשטער מבטיח אז "ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳"[73], מיט אלע ברכות המנויות בפרשה -

ווערט דאך א שטורעמ׳דיקע קשיא: וויבאלד אז אין דער משנה שטייט "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר, בטל דבר בטלה אהבה" - וועט ער טענה׳ן אז ער איז מוותר אויפן שכר פון "ונתתי גשמיכם בעתם" וכו׳, און מ׳זאל אים באפרייען פון דעם עול פון תורה ומצוותי׳ - און ס׳איז דאך א זיכערע זאך אז מ׳דארף מקיים זיין תומ"צ דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו", ניט קוקנדיק אויפן שכר וואס ער וועט באקומען דערפאר (כמדובר כמ"פ) - איז ווי שטימט דאס דערמיט וואס ס׳שטייט "אם בחוקותי תלכו וגו׳", וועט זיין "ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

יח. ויה"ר אז ס׳זאל זיין דער לימוד פון מסכת אבות, "מילי דחסידותא", און דאס זאל אראפקומען אין הנהגה בפועל, אז די הנהגה וועט זיין אין אן אופן פון "מילי דחסידותא" -

וואס דעמולט פירט זיך אויך דער אויבערשטער אין אן אופן אז ער איז "אביו הרחמן והצדיק <u>וחסיד</u>",

וכידוע דער דיוק פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[74] בנוגע צו דעם וואס שטייט אין אגה"ק[75] דער לשון "אב רחמן חכם וצדיק המכה בנו", און ס׳שטייט ניט ווי דער לשון שלפנ"ז "אביו הרחמן והצדיק <u>וחסיד</u>", ועד"ז ווען ער רעדט וועגן דעם ענין פון "רחץ ה׳ צואת בנות ציון"[76] (וואס אויף דערויף דארף מען האבן מים חמים וכו׳), שטייט דער לשון "מלך גדול ונורא", און ניט דער לשון "חסיד" (ווי ס׳שטייט פריער) - וואדום[77] וועט קען מען אנרופן דעם אויבערשטן בשם "חסיד", דוקא וועט ער נעמט אראפ די אלע ענינים בלתי רצויים דורך חסדים גלויים -

איז פון דער הנהגה למטה אין אן אופן פון "מילי דחסידותא" - זאל מען קומען צו דעם ענין אז דער אויבערשטער וועט זיך אויך פירן אין אן אופן פון אן אב "הרחמן והצדיק <u>וחסיד</u>",

און דער אויבערשטער זאל ניטווארטן אויף דער אתעדל"ת, נאר ס׳זאל זיין אין אן אופן אז "<u>למעני</u> אעשה"[78] - אז די

- הנהגה -

---

73) פרשתנו כו, ד. 74) סה"ש הש"ד ע׳ 15. 75) סכ"ב (קלד, ב). 76) ישעי׳ ד, ד. 77) ראה גם שיחת ש"פ מסו"מ תשל"ז ס"ד. 78) ישעי׳ כה, יא.

הנהגה מלמעלה איז מלכתחלה אין אן אופן פון א מלך חסיד און אן אב חסיד - וואס דעמולט נעמט מען אראפ די אלע ענינים בלתי רצויים דורך חסדים, און אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה.

און דעמולט וועלן אידן זיין בשמחה וטוב לבב אין די לעצטע רגעים פון גלות, ביז אז ס׳וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה מתוך שמחה וטוב לבב.

וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן[79] אז דער אויבערשטער גיט אידן גשמיות, און אידן מאכן פון די גשמיות רוחניות;

איז וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל אז ס׳זאל זיין דער ענין הרוחניות, און רוח של קדושה, בכל העולם כולו - דארף ער געבן אידן א סאך גשמיות, ביז אין אן אופן פון "והריקותי לכם ברכה עד בלי די - עד שיבלו שפתותיכם מלומר די"[80], זאל דאס זיין נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און דעמולט וועלן אידן זיכער מאכן פון די גשמיות - רוחניות.

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו מתוך שמחה וטוב לבב, ובעגלא דידן.

* * *

יט. דער ביאור אין פרש"י:

רש"י בפירושו איז ניט אויסן מבאר זיין דעם טעם אויף דעם וואס מ׳איז קובע דעם סכום הערך באופן כך וכך - ווארום אין פשש"מ דארף מען ניט האבן קיין ביאור אויף דעם, פונקט ווי מ׳דארף ניט האבן קיין ביאור אויף דעם וואס מ׳דארף געבן פאר אן עבד "שלשים שקלים"[81], און אויף דעם וואס מ׳דארף געבן "חמשה בקר ישלם תחת השור וארבע צאן תחת השה"[82], ועד"ז אין אנדערע ענינים של קנסות, "מאה כסף"[83] וכיו"ב (וואס א טייל פון די זאכן האט שוין דער בן חמש למקרא געלערנט, און א טייל - וועט ער דערנאך לערנען).

וכמובן בפשטות אז פשש"מ פארלאנגט ניט קיין ביאור פארוואס האט דער אויבערשטער געהייסן אז ס׳זאלן זיין ד׳ פרשיות בתפילין (און ניט ג׳ אדער ה׳), און ד׳ כנפות אין ציצית, וכיו"ב.

עד"ז דארף רש"י ניט מבאר זיין ווי קומט דאס אז דער

- ערך -

---

79) ראה היום יום ע׳ צא. 80) מלאכי ג, י. שבת לב, סע"ב. וש"נ. 81) משפטים כא, לב. 82) שם, לז. 83) תצא כב, יט.

ערך פון "ראשיכם שבטיכם" איז דער זעלבער ווי דער ערך פון "חוטב עציך ושואב מימיך" - ווארום עד"ז געפינט מעֹ אויך בנוגע צו די "שלשים שקלים" פון אן עבד, אז ס'איז ניט קיין נפק"מ צי דאס איז אן עבד נוקב מרגליות, אדער אן עבד וואס טוט מערניט ווי מלאכות הכי פשוטות - פאר ביידן דארף מען געבן "שלשים שקלים". ועד"ז אין נאך כמה ענינים.

די שאלה וואס ווערט ביי רש"י דוקא ווען מ'קומט צו "ואם מבן ששים שנה גו'" - איז:

אין אלע דריי זמנים, "מבן חודש ועד בן חמש שנים", "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה", "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" - זעט מען אז דער ערך פון א נקבה ווערט קלענער, אויך פראפארציאנעל, לגבי ערך הזכר:

"מבן חודש ועד בן חמש שנים" איז "ערכך הזכר <u>חמשה</u> שקלים כסף ולנקבה ערכך <u>שלשת</u> שקלים כסף"; דערנאך ווען ס'קומט צו "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה" - איז "ערכך הזכר <u>עשרים</u> שקלים ולנקבה <u>עשרת</u> שקלים", ד.ה. אז דער ערך פון א זכר ווערט פיר מאל אזוי פיל (אנשטאט "חמשת שקלים" ווערט "עשרים שקלים"), אבער דער ערך פון א נקבה ווערט ניט פיר מאל אזוי פיל (וואס דעמולט וואלט ערכה געדארפט זיין 12 שקלים, אנשטאט 3 - 12), נאר מערניט ווי "עשרת שקלים";

און דערנאך ווען ס'קומט צו "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" איז דער ערך פון א זכר "<u>חמשים</u> שקל" און דער ערך פון א נקבה "<u>שלשים</u> שקל" - ד.ה. אז דער ערך הזכר איז א סאך מערער פון ערך הנקבה.

ווען ס'קומט אבער צו "מבן ששים שנה ומעלה" - דעמולט ווערט דער ערך הזכר "<u>חמשה עשר</u> שקל ולנקבה <u>עשרת</u> שקלים", ד.ה. אז איר ערך ווערט <u>נענטער</u> צום ערך הזכר, נענטער ווי דאס איז אין דעם זמן פון "עד ששים שנה".

און דאס איז וואס רש"י זאגט "כשמגיע לימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש" - ווארום די גאנצע שאלה וואס איז דא ביי רש"י'ן איז (ניט וועגן דעם עצם סכום וואס "לנקבה עשרת שקלים", נאר) דאס וואס עס ווערט נשתנה דער יחס פון ערך הזכר והנקבה - און דערפאר הויבט אן רש"י פירושו אז "כשמגיע לימי הזקנה האשה <u>קרובה</u> להחשב כאיש".

כ. עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

אויב רש"י דארף באווארענען דאס וואס עס ווערט נשתנה דער יחס פון ערך הזכר והנקבה, דארף ער ניטווארטן ביז מ'קומט צו "מבן ששים שנה ומעלה", נאר ער האט זיך געדארפט שטעלן אויף "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה", וואס דארטן

- זעט -

דעם מען אויך אז דער יחס צווישן ערך הזכר והנקבה איז קלענער ווי דער יחס צווישן זיי איז "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה":

דער חילוק אין ערך הזכר צווישן "בן חמש שנים ועד בן עשרים שנה" לגבי ערכו "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" איז – אז "בן חמש שנים וגו'" איז ערכו "עשרים שקלים" און "מבן עשרים שנה וגו'" איז ערכו "חמשים שקל" (מערניט ווי 2½ מאל לגבי ערכו זייענדיק "בן חמש שנים וגו'"); משא"כ ביי א נקבה, וואס דער חילוק אין ערכה זייענדיק "חמש שנים וגו'" לגבי ערכה זייענדיק "עשרים שנה וגו'" איז – אז צו "חמש שנים וגו'" איז ערכה "עשרת שקלים" און צו "עשרים שנים וגו'" איז ערכה "שלשים שקל" (3 מאל אזוי פיל לגבי ערכה זייענדיק "בן חמש שנים וגו'")?

כא. איז דער ביאור בזה:

א) דער חילוק אין דעם יחס הערך וואס ווערט "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה", 30 לגבי 50 (לגבי דער יחס הערך פון "בן חמש שנים ועד בן עשרים שנה" – 10 לגבי 20) – איז קלענער בכמות לגבי דעם חילוק אין יחס הערך וואס ווערט "מבן ששים שנה ומעלה", 10 לגבי 15 (לגבי יחס הערך פון "בן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" – 30 לגבי 50) – און דערפאר שטעלט זיך רש"י מערניט ווי אויף "מבן ששים שנה ומעלה".

ב) דעם ערשטן מאל וואס מ'זעט אז דער יחס הערך צווישן זכר און נקבה ווערט קלענער, קען מען זאגן אז דאס איז ניט קיין ענין וואס איז דורש ביאור; ווען מ'זעט דאס אבער צוויי מאל נאכאנאנד (אז דער יחס הערך צווישן זכר און נקבה ווערט קלענער), און אין ביידע אופנים: סיי אין דעם גיל פון עלייה האדם ("מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" לגבי ווי דאס איז געווען "מבן חמש שנים ועד בן עשרים שנה"), און סיי אין דעם גיל פון ירידתו ("מבן ששים שנה ומעלה") – דעמולט איז דאס שוין אן ענין וואס איז דורש ביאור.

ג) והעיקר: דער ענין פון ערכין איז דאך אן ענין של נדבה, און דערפאר איז חזקתו אז דאס איז (ע"ד נדבת המשכן –) בשלימות, ד.ה. המרובה, דער גרעסטער סכום, ביי א זכר "חמשים שקל" און ביי א נקבה "שלשים שקל", וואס דאס איז דער ערך ע"ד הרגיל (וע"ד ווי דאס איז ביי קרבנות, אז צום אלעם ערשטן איז דא דער קרבן "מן הבקר"[84], דער מרובה, און ערשט דערנאך – צאן און עוף).

- ועפ"ז -

------------

84) ויקרא א, ב.

[ועפ"ז יומתק: א) דאס וואס דער פסוק הויבט אן מיט "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" וואס דעמולט איז "ערכך חמשים שקל כסף . . ואם נקבה . . שלשים שקל"; ב) דער לשון פון רש"י "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה", "ערכו" און "ערכה" סתם, אע"פ אז ס'רעדט זיך נאר וועגן זייער ערך "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" -

וויבאלד אז ווען מ'רעדט וועגן דעם ערך פון א מענטשן סתם, איז דאס דער גרעסטער סכום וואס קען זיין אין דערויף - "חמשים שקל" פאר א זכר און "שלשים שקל" פאר א נקבה, וואס דאס איז דער ערך "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז קיין קשיא ניט אויפן ערך פון "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה", פארוואס איז דער ערך פון א זכר "חמשים שקל" (לגבי "עשרים שקלים" פון "בן חמש שנים ועד בן עשרים שנה") און דער ערך פון א נקבה "שלשים שקל" (לגבי "עשרה שקלים" פון "בן חמש שנים ועד בן עשרים שנה") - ווארום דער יסוד צו אלע ערכין איז דער ערך הכי מרובה, דער ערך פון "בן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" ("חמשים שקל" פאר א זכר און "שלשים שקל").

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס דער ערך פון "בן חודש ועד בן חמש שנים" איז "הזכר חמשה שקלים כסף ולנקבה ערכך שלשת שקלים כסף" - מתאים צום ערך "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה", "חמשים שקל" פאר א זכר און "שלשים שקל" פאר א נקבה (3-5 און 30-50).

די איינציקע שאלה וואס ווערט (איידער מ'קומט צו "בן ששים שנה ומעלה") איז - בנוגע צו "בן חמש שנים ועד בן עשרים שנה": פארוואס איז דער ערך הנקבה מערניט ווי "עשרה שקלים", לכאו', וויבאלד אז ערך הזכר איז "עשרים שקלים", פיר מאל אזוי פיל לגבי די "חמשה שקלים" פון "בן חודש ועד בן חמש שנים" - האט ערך הנקבה אויך געדארפט זיין פיר מאל אזוי פיל לגבי ערכה "מבן חודש ועד בן חמש שנים", 12 שקלים און ניט "עשרה שקלים"?

אבער די קשיא פארענטפערט ניט רש"י - פונקט ווי ער איז ניט מפרש דעם פיחות פון ערך הנקבה בכלל לגבי ערך הזכר (מערניט ווי הפכו, די עלי' וואס "האשה קרובה להחשב כאיש").

ווען מ'קומט אבער צו "מבן ששים שנה ומעלה", וואס דא זעט מען אז דער יחס הערך צווישן זכר און נקבה איז א סאך קלענער פון דעם יחס ווי דאס איז "מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה" (10 און 15 לגבי 30 און 50) - דארף רש"י מבאר זיין דעם טעם בזה - און דערפאר זאגט ער אז "כשמגיע לימי

- הזקנה -

הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש, לפיכך האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה".

כב. ביים בן חמש למקרא ווערט אבער א שטורעם'דיקע קשיא:

דער בן חמש למקרא ווייסט דערפון וואס ער האט געלערנט פריער, אז גדולי ישראל זיינען אלעמאל געווען פון זקני ישראל, ווי מ'זעט דאס דערפון וואס משה רבינו האט אויס-געקליבן "זקני ישראל" פאר סנהדרין[85], וואס "זקנים" מיינט מען זקנים כפשוטו - ווארום דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט אז "זקן" מיינט "אין זקן אלא מי שקנה חכמה"[86] *.

און מ'זעט דאך אז אומעטום האבן זכרים א מעלה והשיבות לגבי נקבות - ווי מ'זעט דאס אויך דערפון וואס די דיינים זיינען געווען זכרים (ניט קיין נקבות), ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם חשבון וואס רש"י[88] מאכט וויפל "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי עשרות" זיינען געווען, וואס דעם חשבון מאכט ער אויף "שש מאות אלף" אידן, וואס דאס איז מספר הזכרים אויסער נשים וטף[89].

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער ווערט א "זקן", דארף ער באקומען א גרעסערע חשיבות פון דער חשיבות וועלכע ער האט געהאט פון פריער - ווארום נוסף אויף אלע מעלות וואס ער האט געהאט ביז איצטער, "בן עשרים לרדוף, בן שלשים לכח, בן ארבעים לבינה וכו'"[90], איז ביי אים צוגעקומען אויך די מעלה פון "בן ששים לזקנה" - דארף דאך זיין ערך ווערן שלא בערך מערער פון א נקבה, איז פארוואס זאגט מען אז "כשמגיע לימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש"?

און אויף צו פארענטפערן די קשיא, איז רש"י מדייק און זאגט: "סבא <u>בביתא</u> פחא <u>בביתא</u>", ד.ה. אז דאס וואס מ'זאגט אז "בימי הזקנה האשה קרובה להחשב כאיש", וויבאלד אז "סבא" איז אן ענין של "פחא" - איז דאס מערניט ווי בשעת ס'רעדט זיך וועגן "ביתא":

ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן

- מיט -

------------

*) ומ"ש רש"י בפ' קדושים עה"פ[87] "והדרת פני זקן" - "אין זקן אלא שקנה חכמה" - הרי מפרש רש"י <u>דממעט</u> מזה "זקן אשמאי", ולא דמרבה "יניק וחכים".

------------

85) שמות ג, טז. ד, כט. 86) קידושין לב, ב. 87) יט, לב. 88) עה"פ יתרו יח, כא. 89) ראה ג"כ פרש"י עה"פ דברים א, יג. 90) אבות פ"ה מכ"ב.

מיט ביהכ"נ, אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דיינים, "שרי אלפים וגו׳" - קומט צו ביים "זקן" א גרעסערע מעלה לגבי מעלתו איידער ער איז געווארן א "זקן"; ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן "ביתא", איז "סבא בביתא פחא בביתא", מ׳קען ניט האבן פון אים קיין תועלת אין עניני בעה"ב׳שקייט, משא"כ "סבתא בביהא" איז "סימא בביתא וסימנא טבא בביתא".

כג. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם דיוק הלשון "אמרי אינשי":

דער בן חמש למקרא פרעגט נאך אבער א שאלה: ווי קען מען דאס מחלק זיין צווישן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט תורה (אז מצד דערויף האט א "זקן" א גרעסערע מעלה) מיט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "ביתא"?!

זאגט אים רש"י - אז דאס איז אן ענין "דאמרי אינשי": ווען ס׳וואלט זיך גערעדט וועגן "זקני ישראל", וועגן די סנהדרין וכיו"ב, וואס דיי איז נוגע (בעיקר) ניט דער "בית", נאר דאס וואס ס׳טוט זיך אין "סנהדרין" וכו׳ - וואלטן זיי טאקע געזאגט אנדערש;

וויבאלד אז ס׳רעדט זיך אבער וועגן "אמרי אינשי", וואס דאס איז רוב העולם - ווארום חוץ פון "ראשיכם שבטיכם זקניכם" זיינען אויך דא "כל איש ישראל . . וגרך אשר בקרב מחניך מחוטב עציך עד שואב מימיך" - וואס דיי ("אינשי") איז נוגע בעיקר דאס וואס ס׳טוט זיך "בביתא", און דארטן איז "סבא בביתא פחא בביהא, סבהא בביתא סימא בביתא וסימנא טבא בביתא".

און דאס איז ניט קיין ענין וואס איז היפך התורה ח"ו - ווארום הנהגת הבית איז אויך אן ענין וואס איז נוגע אין תורה, אז הנהגת הבית דארף זיין לויט ווי דאס דארף זיין ע"פ תורה, ד.ה. ניט נאר אז די הנהגה פון די סנהדרין אין ב"ד דארף זיין ע"פ תורה, נאר הנהגת הבית דארף אויך זיין ע"פ תורה -

ובמילא, דארף זיין דער "עזר כנגדו"[91], ס׳דארף זיין דער ענין פון "וברך את לחמך ואת מימיך"[92], די ענינים פון אכו"ש, ס׳דארף זיין "שש שנים הזרע שדך גו׳ ואספת את תבואתה"[93], און ס׳דארף זיין "ונתתי גשמיכם בעתם" ביז וואנעט אז רש"י[94] איז מדגיש אז דאס איז "בלילי שבתות שהכל

- מצויין -

---

91) בראשית ב, כ. 92) משפטים כג, כה. 93) בהר כה, ג.
94) עה"פ עקב יא, יד. וראה ג"כ פרש"י עה"פ פרשתנו כו, ד.
- נתבאר בארוכה בלקו"ש עקב תשל"ז.

מצויין <u>בבתיהם</u>" - אויך אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן [בית] וכיו"ב;

די נפק"מ איז נאר - אז ביי א דיין, איז מערער נוגע דאס וואס עס טוט זיך אין סנהדרין, משא"כ ביי "אינשי" סתם, וואס זיי איז מערער נוגע דאס וואס עס טוט זיך "בביתא" - אבער ביידע ענינים זיינען ע"פ תורה.

כד. עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק: אויב דער פירוש פון "פחא" איז (כפירוש השפ"ח) מלשון "פח יקוש", ד.ה. אז ער איז אן ענין של מוקש בבית - דארף ער אינגאנצן ניט האבן קיין ערך, איז ווי קומט דאס אז ער האט פארט אן ערך (און נאכמער פון ערך הנקבה)?

איז דער ביאור בזה:

אין פשש"מ קען מען ניט זאגן אז דער פירוש פון "פחא" איז מלשון "פח יקוש" (כפירוש השפ"ח) - ווארום וויבאלד אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט דעם פסוק "מפח יקוש", איז אויב רש"י מיינט דעם פסוק, האט ער דאס געדארפט זאגן בפירוש,

[ע"ד ווי רש"י טייטשט אפ אין פרשת ק"ש אויפן פסוק[95] "אשר אנכי מצוך היום" - "לא יהיו בעיניך כדיוטגמא ישנה כו׳", און ער טייטשט גלייך אפ "דיוטגמא מצות המלך הבאה במכתב", וויבאלד אז דער בן חמש למקרא ווייסט ניט וואס מיינט "דיוטגמא" - האט רש"י אויך געדארפט אפטייטשן דעם ווארט "פחא" אז דאס איז מלשון "פח יקוש"].

ווען מ׳קוקט אבער אין ערכין, זעט מען אז רש"י טייטשט אפ דעם ווארט "פחא" אויף צוויי אופנים:

"פאחא - שבר שאינו אלא למשא. ל"א פחתא גרסינן, לשון ערום וערי׳, דמתרגמינן לערום פחית בתרגום של נביאים"[96].

ובנוגע צו פרש"י בפרשתנו - קען מען ניט זאגן ווי דער צווייטער פירוש פון רש"י אין ערכין (אע"פ אז ס׳זיינען דא גירסאות[97] אין פרש"י בפרשתנו וואס זיינען גורס "פחתא" (ניט "פחא") אזוי ווי אין ערכין) - ווארום:

וויבאלד אז אויף דעם פירוש דארף מען אנקומען צו א ראי׳ פון "תרגום של נביאים" (וואס דערפאר ברענגט דאס רש"י אלס פירוש <u>שני</u>, וויבאלד אז מ׳מוז אנקומען צו די ראי׳ פון

- תרגום -

------------

95) ואתחנן ו, ו. 96) ישעי׳ כ, ב-ג. 97) כת"י ה"א ר"ל. דפוס שני.

תרגום, משא"כ אין פירוש הא׳ וואס אויף אים דארף מען ניט ברענגען קיין ראי׳) – איז אויב רש"י מיינט דעם פירוש, האט ער געדארפט אויך בפרשתנו ברענגען די ראי׳ פון "תרגום של נביאים".

וואס דערפאר דארף מען זאגן דעם פירוש בזה – ווי דער ערשטער פירוש (און דאס איז די גירסא הנכונה אין פרש"י), אז "פחא" מיינט "שבר".

כה. דערמיט איז פארשטאנדיק אז אע"פ אז "סבא בביתא פחא בביתא", אעפ"כ האט ער אבער אן ערך (ניט כפירוש השפ"ח אז ער איז א מוקש בבית, וואס עפ"ז דארף אויסקומען אז ער האט ניט קיין ערך):

ווען ס׳איז דא א כלי יקר וואס מ׳נוצט אים אויף כמה ענינים טובים, איז בשעת דער כלי צוברעכט זיך, איז ניט דער טייטש אז מ׳קען דערפון ניט האבן קיין תועלת; מ׳קען אים טאקע ניט נוצן אין דעם זעלבן אופן ווי מ׳האט אים גענוצט ווען ער איז געווען בשלימותו, אבער אעפ"כ, וויבאלד ס׳איז געבליבן א טייל פון אים (ובפרט אויב ס׳איז געבליבן א גרויסער טייל פון אים), קען דאס אויך גענוצט ווערן אויף געוויסע ענינים *.

ועד"ז אויך בנוגע צו "סבא בביתא פחא (שבר) בביתא": ער איז טאקע ניט אין דעם זעלבן אופן ווי ער איז געווען איידער ער איז געווארן א "סבא" (ווען ער איז געווען בשלימותו איידער ער איז געווארן "פחא", א שבר), און מ׳קען ניט האבן פון אים די זעלבע תועלת וואס מ׳האט געהאט פון אים פריער, אבער אעפ"כ, אויך ווען ער איז א "סבא", קען מען האבן פון אים א תועלת (וואס דערפאר האט ער אן ערך אויך זייענדיק "פחא בביתא").

און ווי דער בן חמש למקרא זעט בחיי יום יום, אז ער האט א זיידן מיט א באבען, און ער זעט ווי זיי פירן זיך – איז אז כ׳וועט אים זאגן אז דער זיידע איז "פחא בביתא", א מוקש בבית, איז דאס היפך הכציאות (עכ"פ אין פשוטם של ענינים), ווארום ער זעט אז ס׳איז ניט אזוי: דער זיידע דערציילט אים א מעשה, דער זיידע לערנט מיט אים תורה, און

- העלפט -

---

*) ולשון רש"י "שבר שאינו אלא לכשא" – צע"ג, שהרי"ז היפך המציאות.

וגם ע"פ הלכה, הרי אע"פ שנטהר כטומאתו (כשנשבר) כיון שאין זה כעין מלאכתו הקודמת, אבל מכאן ולהבא, כשהתקנו למלאכה אחרה – הרי"ז כלי.

העלפט אים ארויס אין כמה ענינים, איז פארשטאנדיק בפשטות אז אין פשש"מ קען מען ניט זאגן אז "סבא בביתא פחא בביתא" מיינט אז ער איז א מוקש בבית, נאר דער פירוש איז כנ"ל.

כו. ולחידודא - קען מען זאגן באופן אחר:

דער פירוש אז "פחא" איז מלשון "שבר", איז דאך אויך ניט קיין גלאטער, והראי׳, אז אין ערכין דארף דאס רש"י אפטייטשן, איז לכאו׳, אויב כוונת רש"י בפרשתנו איז צום לשון "שבר", האט ער דאס געדארפט אפטייטשן בפירוש, אזוי ווי אין ערכין?

וואס דערפאר קען מען זאגן אז רש"י דארף אינגאנצן ניט אפטייטשן דעם ווארט "פחא", דערפאר וואס ס׳איז דא א ווארט אויף לה"ק (וואס דער בן חמש למקרא האט דאס שוין געלערנט) וואס איז בדומה צום ווארט "פחא", וועט זיך דער בן חמש למקרא אליין כאפן אז דאס איז דער פירוש פון דעם ווארט "פחא":

עס שטייט[98] "ויפח באפיו נשמת חיים", וואס דער ווארט "ויפח" איז בדומה צום ווארט "פחא" - פארשטייט מען אליין אז דער פירוש פון "פחא" איז פארבונדן מיטן ווארט "ויפח". והביאור בזה:

דער חילוק צווישן אן ענין פון "ויפח" ביז אן ענין של עשי׳ איז - אז פון עשי׳ קען מען האבן א גרעסערע תועלת, מערער פון דער תועלת וואס מ׳קען האבן פון דעם ענין פון "ויפח" - אן ענין של דיבור.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענייננו: "סבא בביתא פחא בביתא" - ד.ה. אז מ׳קען פון אים ניט האבן די זעלבע תועלת וואס מ׳האט געהאט פון אים פריער, ווען ער איז געווען שייך צו ענינים של מעשה, נאר איצטער איז ער מערניט ווי "פחא בביתא", די תועלת וואס מ׳קען פון אים האבן באשטייט מערניט ווי אין "פחא", אין דעם ענין פון "ויפח" - מערניט ווי אין ענינים של דיבור.

וואס עפ"ז ווערט אויך פארענטפערט די שאלה הנ"ל ווי קומט דאס אז ער האט אן ערך זייענדיק "פחא בביתא" - ווייל מ׳האט פון אים א תועלה, ס׳איז מערניט וואס די תועלה איז נאר אין ענינים של דיבור.

כז. דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז מוסיף "וסימנא סבא בביתא":

- ווייבאלד -

------------

98) בראשית ב, ו.

וויבאלד אז סו"ס ברענגט דער "סבא בביתא" אויך א תועלת (כנ"ל בארוכה אז אויך א "שבר" פון א כלי ברענגט א געוויסע תועלת) - איז וואס איז פארט די מעלה פון "סבתא בביתא" לגבי א "סבא" עד כדי כך אז "האיש פוחת בהזדקנו יותר משליש בערכו, והאשה אינה פוחתת אלא שליש בערכה" (וואס אע"פ אז די איז א "מטמון", וואס בפשטות ברענגט דאס מערער תועלת - איז דאך דאס תלוי אין גודל המטמון)?

און דערפאר איז רש"י מוסיף "וסימנא טבא בביתא" - אז איר פעולה באשטייט אין דעם וואס זי טוט אויף "סימנא טבא בביתא", ע"ד ווי מ'האט שוין געלערנט[99] בנוגע צו רבקה אז זי האט גע'פועל'ט צדקה בביתא, זי האט ממשיך געווען ברכה אין דער הויז. וואס דאס איז די הסברה אין דעם וואס "האשה קרובה להחשב כאיש".

און דאס וואס ס'שטייט אין זהר תדש אז "סבא בביתא סימנא טבא בביתא" - איז דער ביאור בזה, אז דארטן רעדט זיך בנוגע צו השפעת יר"ש (ע"ד די פעולה פון א צדיק בעלמא, אז "צדיקא בדרא סבא הוי בעלמא").

כח. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

אין דער הערה איז ער דאך מבאר אז דאס וואס ער איז כופל אין זהר דעם ענין פון "בחוקותי תלכו וגו'", איז פארבונדן מיט עבודת התשובה (אז ס'רעדט זיך וועגן דעם וואס "אעבר על פתגמי אורייתא כו'").

וואס עפ"ז ווערט פארענטפערט א שאלה:

לכאו', בשעת מ'זאגט "אם בחוקותי תלכו" - "שתהיו עמלים בתורה", און "ואת מצותי תשמרו - הוו עמלים בתורה על מנת לשמור ולקיים"[100], און מ'איז מסיים אז דורך דערויף וועט מען צוקומען צו תכלית השלימות דלע"ל, אז ס'וועט זיין "ואולך אתכם קוממיות"[101] - בלייבט אין דערויף א שאלה:

ס'איז דאך ידוע דער מארז"ל[102] "אין ישראל נגאלין אלא בתשובה", וכמבואר בכ"מ אז די גאולה העתידה איז פארבונדן (ניט אזוי מיט קיום התומ"צ, נאר) בעיקר מיט עבודת התשובה,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז "משיח·אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[103], ד.ה. אז דער אויפטו פון משיח איז דער ענין התשובה, אפי' בנוגע צו "צדיקייא" [עיקר ענינו של משה

- רבינו -

------------

99) חיי שרה כד, יד. שם, סז. ובפרש"י. 100) פרש"י עה"פ. 101) פרשתנו כו, יג. 102) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. וראה סנהדרין צז, סע"ב. 103) ראה זח"ג קנג, ב.

רבינו איז דער ענין התורה, ווי ס'שטייט [104] "זכרו תורת משה עבדי", אבער עיקר ענינו של משיח איז דער ענין התשובה -

איז לכאו', וויבאלד אז מ'זאגט אז ס'וועט זיין "והתהלכתי בתוככם", און "ואולך אתכם קוממיות", וואס דאס איז תכלית השלימות דלע"ל - ווערט די שאלה: וואו ווערט דא דערמאנט דער ענין פון עבודת התשובה (וועלכע ברענגט צו תכלית השלימות דלע"ל)?

איז דאס פארשטאנדיק לויט דעם וואס דער טאטע איז מבאר אין די הערות אז אין זהר איז ער כופל דעם ענין פון "אם בחוקותי תלכו וגו'", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון עבודת התשובה:

פריער איז דא דער ענין פון "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" כפשוטו, "שתהיו עמלים בתורה", און אז דער לימוד זאל זיין "על מנת לשמור ולקיים"; דערנאך איז ער מוסיף אין זהר (ניט קיין צווייטער פירוש, נאר בהדא מתתא) אז ס'איז דא דער ענין פון "אם בחוקותי תלכו וגו'" וואס איז פארבונדן מיט דעם וואס "אעבר על פתגמי אורייתא", וואס ער דארף אנקומען צו עבודת התשובה -

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אפי' די וואס ביי זיי איז געווען דער ענין פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" (וואס דאס איז צום ערשטן מאל) בתכלית השלימות - דארפן זיי אויך אנקומען צום המשך שבדבר - וואס דאס איז דער ענין פון עבודת התשובה.

כט. דער ביאור אין דער משנה (עכ"פ בקיצור):

אין דער משנה שלפנ"ז רעדט זיך וועגן "ארבע מדות ביושבים לפני חכמים", ועד"ז אין דער משנה שלפני' [105] רעדט זיך וועגן "ארבע מדות בהולכי בית המדרש", וואס דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה.

ועד"ז אין דער משנה שלפני' [106] רעדט זיך וועגן "ארבע מדות בנותני צדקה", וואס דאס איז פארבונדן מיט כללות הענין פון קיום המצוות, ווארום אע"פ אז אין ענין יוצא מידי פשוטו, אז דאס גייט אויף מצות הצדקה, אעפ"כ, ע"פ המבואר אין אגה"ק [107] אז דער ענין הצדקה איז כולל כל המצוות כולם, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז פארבונדן מיט כללות הענין פון קיום המצוות.

- און -

------------

104) מלאכי ג, כב. וראה שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ.
105) מי"ד. 106) מי"ג. 107) סל"ב (קנג, רע"א). וראה גם תניא פל"ז (מח, ב).

און וויבאלד אז מ׳ווייסט דעם גודל הענין פון עבודה מאהבה, ווי דער רמב"ם [108] פסק׳נט אז עבודה מאהבה איז א סאך העכער פון עבודה מיראה, ובפרט ווען ס׳רעדט זיך וועגן "מילי דחסידותא" (מסכת אבות) - איז פאדשטאנדיק, אז סיי רער ענין פון "ארבע מדות בנותני צדקה", סיי דער ענין פון "ארבע מדות בהולכי בית המדרש", און סיי רער ענין פון "ארבע מרות ביושבים לפני חכמים" - וואס דאס איז דער כללות הענין פון לימוד התורה וקיום המצוות - דארף געטאן ווערן אין אן אופן פון עבודה מאהבה.

און דערפאר דארף די משנה שלאח"ז באווארענען אין וואס פאר אן אופן דארף זיין די אהבה - און אויף דעדויף זאגט די משנה "כל אהבה שהיא תלוי׳ בדבר וכו׳":

די משנה הויבט ניט אן מיט דעם ענין פון אהבה שאינה תלוי׳ בדבר - ווארום תחלת העבודה קען ניט זיין גלייך אין אן אופן פון אהבה שאינה תלוי׳ בדבר, ווי דער רמב"ם איז מאריך אין סוף הל׳ תשובה אז התחלת העבודה איז אין אן אופן פון שלא לשמה און ערשט דערנאך קען ער צוקומען צו דער דרגא פון עבודה מאהבה וואס דאס איז "מעלת אברהם אבינו שקראו הקב"ה אוהבו" [109].

און ווי דער רמב"ם איז מבאר באריכה אין פיהמ"ש [110] בנוגע צו דעם אופן הלימוד מיט א תינוק (וואס דערפון איז אויך פאדשטאנדיק בנוגע צו א תינוק בידיעה), אז פריער לערנט ער צוליב ענינים של ממון, דערנאך לערנט ער צוליב כבוד וכו׳, ביז אז ער לערנט צוליב דעם שכר וואס ער וועט באקומען אין עוה"ב - וואס דאס איז נאך אלץ אן ענין פון שלא לשמה; און ערשט דערנאך קען ער צוקומען צום אופן העבודה פון לשמה, עבודה מאהבה.

וואס דאס איז וואס התחלת המשנה איז מיט "אהבה שהיא תלוי׳ בדבר" - ווארום ס׳איז ניטא קיין אנדער וועג; התחלת העבודה מוז זיין אין אן אופן פון "אהבה שהיא תלוי׳ בדבר" - אז "אם בחוקותי תלכו וגו׳" איז "ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳".

מ׳באווארענט אים אבער עד זאל וויסן זיין אז וויבאלד ס׳איז אן "אהבה שהיא תלוי׳ בדבר" (אין דעם ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם" וכיו"ב) - איז ווען "בטל דבר בטלה אהבה".

וואס נאך דערויף וואס ביי אים איז שוין דא דער ענין

- פון -

-------------

108) הל׳ תשובה פ"י. 109) שם ה"ב. 110) סנהדרין פ׳ חלק ד"ה והכת החמישית.

פון "בחוקותי תלכו וגו׳" (אפי׳ ווען דאס איז אין אן אופן פון שלא לשמה) - זעט ער שוין רעם "טעמו וראו כי טוב ה׳"[111], ער זעט שוין דעם יוקר שבדבר, און ער זעט אז "לקח טוב נתתי לכם (וואס דאס איז) תורתי (און דערפאר -) אל תעזובו"[112] - ובמילא דארף ער שוין באווארענען אז ס׳זאל נים זיין "בטל דבר בטלה אהבה", וואס די עצה לזה איז, אז ס׳זאל זיין אן אהבה "שאינה תלוי׳ בדבר", וואס דעמולט איז "אינה בטלה לעולם".

וואס לכאו׳, קען ער טענה׳ן: ווי איז שייך ס׳זאל זיין אן אהבה שאינה תלוי׳ בדבר, עס מוז דאך זיין א סיבה אויף דער אהבה, ווי ס׳שטיים[113] "לאהבה את ה׳ אלקיך (דערפאר וואס) כי הוא חייך"? - זאגט די משנה אז ס׳איז דא אן אהבה "שאינה תלוי׳ בדבר", וואס דוקא דעמולט איז "אינה בטלה לעולם".

און וויבאלד אז ער ווייסט אז ס׳איז דא אן אהבה "שאינה תלוי׳ בדבר" (וואס "אינה בטלה לעולם") - איז אפי׳ איידער ער האלט ביי דער דרגא פון "אברהם אוהבי"[114], זיין עבודה איז נאך שלא לשמה, איז אע"פ אז מ׳זאגט[115] "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה" (ווי דער אלטער רבי איז מאריך בזה אין הל׳ ת"ת[116] אין קו"א) - זאגט אים "מילי דתסידותא" אז ער דארף באווארענען אז ס׳זאל נים זיין "בטל דבר בטלה אהבה".

און ער דארף וויסן אז ס׳איז דא אן אהבה "שאינה תלוי׳ בדבר" וואס "אינה בטלה לעולם" (ע"ד כללות ענין התורה וואס "התורה היא נצחית"[117]) - וואס דעמולט איז אפי׳ ווען עבודתו איז נאך צוליב דעם שכר (צי שכר אין עוה"ז, אדער עכ"פ אין עוה"ב, ביז אין די העכסטע דרגות פון עוה"ב) - איז ער שואף און וויל צוקומען צו דער דרגא אז לימוד התורה וקיום המצוות זאל ביי אים זיין אין אן אופן פון "לא שניתי"[118], אז ס׳זאל זיין אן אהבה "שאינה תלוי׳ בדבר" וואס "אינה בטלה לעולם".

ל. און די משנה איז ממשיך: "איזו היא אהבה שהיא תלוי׳ בדבר, זו אהבת אמנון ותמר, ושאינה תלוי׳ בדבר, זו אהבת דוד ויהונתן". והביאור בזה:

אין דער דוגמא פון "אמנון ותמר" זעט מען, אז אפי׳ די

- אהבה -

------------

111) תהלים לד, ט. 112) משלי ד, ב. וראה אבות פ"ו סוף מ"ג. 113) נצבים ל, כ. 114) ל׳ הכתוב - ישעי׳ מא, ח. 115) פסחים נ, ב. 116) פ"ד סוס"ג. 117) תניא רפי"ז. 118) ל׳ הכתוב - מלאכי ג, ו.

אהבה פון "אמנון ותמר", וואס "הוא אמר ויהי זו אשה"[119], און זיי זיינען אח ואחות - פונדעסטוועגן הייסט דאס אן "אהבה שהיא תלוי' בדבר".

וואס דערפון האט מען א לימוד בנוגע צו דעם ענין פון אהבה מסותרת וכו' - אז דאס איז אלץ אן "אהבה שהיא תלוי' בדבר".

און אין דער דוגמא פון "דוד ויהונתן" זעט מען, אז אפי' די אהבה פון "דוד ויהונתן", וואס דוד האט אים געבעטן ער זאל אים מציל זיין[120], און יהונתן - ער זאל זיין משנהו[121], פונדעסטוועגן הייסט דאס אן אהבה "שאינה תלוי' בדבר".

לא. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: ווי קען מען זאגן בפשיטות אז יעדער "אהבה שהיא תלוי' בדבר" איז "בטל דבר בטלה אהבה" - עס קען דאך זיין אז סיבת האהבה זאל זיין אן "ענין אלקי והוא המדע האמיתי", וואס דאס איז א דבר וואס ווערט ניט בטל (און ווי געבראכט פריער (סט"ו) גירסת הרע"ב "כל אהבה שהיא תלוי' בדבר <u>בטל</u> וכו'", משא"כ ווען די אהבה איז תלוי' אין א דבר שאינו בטל)?

איז דער ביאור בזה - ע"פ המבואר אין חסידות בכ"מ אז תכלית השלימות אין עבודת ה' איז "לעשות לו ית' דירה בתחתונים", וואס די כוונה פון דירה בתחתונים איז אין עצמות.

און דאס וואס ער מאכט א דירה לו ית' בתחתונים, איז דאס נאר דערפאר וואס דאס איז דער רצון הבורא, ד.ה. ניט אז ס'איז תלוי אין אן אנדער זאך, נאר ער טוט דאס אין אן אופן של עבודת עבד, דערפאר וואס אזוי איז דער רצון הבורא.

וכמבואר בארוכה אין המשך תרס"ו[122] בנוגע צו עבודת העבד, אז אן עבד האט ניט קיין מציאות לעצמו, נאר כל מציאותו איז מציאות האדון: ער האט תענוג, און האט רצון, שכל, מדות, מחשבה דיבור ומעשה, און האט אלע ענינים בשלימות, ווארום עס רעדט זיך וועגן אן עבד ווי אן עבד דארף זיין; זיין תענוג איז אבער דער תענוג האדון, זיין רצון איז דער רצון האדון וכו', ער איז ניט קיין מציאות לעצמו, מציאותו איז מציאות האדון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען עבודתו איז פארבונדן מיטן "מדע האמיתי", און דאס איז סיבת האהבה - אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז ניט דער אופן העבודה פון

- עבודת -

-------------

119) שבת קנב, א - הובא בתניא פמ"ט (סט, ב). 120) ש"א כ, ה ואילך. 121) שם כג, יז. 122) ד"ה ע' שכו ואילך.

עבודת עבד, מערניט ווי "לעשות לו יה׳ דירה בתחתונים" דערפאר וואס אזוי איז דער רצון הבורא - איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט גילויים, ניט מיט עצמות, און דערפאר זאגט מען אז דאס איז אן "אהבה שהיא תלוי׳ בדבר", ווארום ס׳איז פארבונדן מיט אן ענין של גילויים.

לב. און דעמולט זאגט מען אז "בטל דבר בטלה אהבה" - והביאור בזה:

ס׳איז דאך ידוע דער מארז"ל[123] אז לע"ל וועלן אלע מועדים נתבטל ווערן. פרעגט חסידות[124] א שטורעם׳דיקע קשיא: ווי קען מען זאגן אז די מועדים וועלן בטל ווערן, ס׳איז דאך א מצוה אין תורה, און "התורה היא נצחית"?

איז מען מבאר בזה - אז די מועדים וועלן טאקע זיין, זיי וועלן אבער נתבטל ווערן מצד דעם ענין פון "שרגא בטיהרא מאי אהני"[125], ד.ה. אז די גילויים פון די מועדים וועלן זיין אזוי ווי "שרגא בטיהרא" לגבי די גילויים דלע"ל, און דערפאר זאגט מען אז די מועדים וועלן בטל ווערן לע"ל.

ועד"ז בעניננו: ס׳איז ניט דער טייטש אז דער דבר ווערט בטל; ס׳איז דא דער ענין פון "ונתתי גשמיכם בעתם", ס׳איז דא דער שכר פון ג"ע וכו׳ - נאר דאס איז "בטל" מצד די העכערע ענינים דערפון,

ע"ד ווי דער רמב"ם זאגט בסיום הל׳ מלכים אז לע"ל וועלן זיין "כל המעדנים מצויין כעפר" - ס׳וועלן זיין "כל המעדנים", זיי וועלן אבער זיין "כעפר", דערפאר וואס "לא יהי׳ עסק כל העולם אלא לדעת את ה׳ בלבד", מ׳וועט ליגן אין השגת "דעת בוראם",

און ניט מצד דערויף וואס דאס איז אן ענין פון "דעת", אן ענין של "מדע" - נאר ווי חסידות[126] איז מבאר אז "דעת" איז מלשון חיבור, ווי ס׳שטייט[127] "והאדם ידע את חוה" און "והיו לבשר אחד"[128]; די ידיעה איז אין אן אופן אז ער ווערט איין זאך מיט מציאות העצמות כביכול.

לג. און דאס וואס ס׳שטייט אין אונזער סדרה "אם בחוקותי תלכו וגו׳ ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳" - באווארענט דאס דער רמב"ם אין הל׳ תשובה[129]:

- דער -

------------

123) יל"ש משלי רמז תתקכד. 124) דאה תו"א צד, א-ב. אוה"ת מג"א ע׳ ב׳שלה. סה"מ תרכ"ו ע׳ לד. 125) חולין ס, ב. אוה"ת וסה"מ תרכ"ו שם. 126) תניא ספ"ג. 127) בראשית ד, א. 128) שם ב, כד. 129) רפ"ט.

דער רמב"ם איז מבאר, אז די אלע יעודים גשמיים וואס די תורה זאגט צו פאר קיום התומ"צ, איז דער פירוש בזה, אז דער אויבערשטער וועט אראפנעמען אלע מניעות ועיכובים וואס קענען זיין מצד די דברים גשמיים, כדי אז מ'זאל קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות מתוך מנוחה (אן קיינע בלבולים), ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

ס'איז א זיכערע זאך אז דער רמב"ם איז ניט שולל דעם ענין פון די יעודים גשמיים ווי דאס שטייט אין פשש"מ, ווארום "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[130] [ :דאס איז א כלל אין הלכה, חוץ פון ג' מקומות ], ובפרט אז דער רמב"ם[132] פסק'נט אפ "לעולם יעסוק אדם בתורה ואפילו שלא לשמה", דארף מען דאך האבן די אלע פסוקים וואס רעדן וועגן די יעודים גשמיים -

דער רמב"ם איז אבער מבאר אז אין דערויף איז דא דער פנימיות'דיקער פירוש אין דערויף, אז די יעודים גשמיים וואס תורה זאגט צו, זיינען כדי צו אראפנעמען די אלע מניעות ועיכובים, אז אידן זאלן קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות בתכלית השלימות [ע"ד ווי גערעדט פריער (סכ"ח) בנוגע צום זהר, אז דער פירוש הפנימי בנוגע צו "בחוקותי תלכו וגו'", איז פארבונדן מיט אראפנעמען ענינים המעלימים ומסתירים].

לד. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

אע"פ אז מ'האלט נאך מערניט ווי ביי דער דרגא פון שלא לשמה, און ס'קומט צוגיין דער קלוגינקער און הויבט אן מסביר זיין אז דאס איז אן עבודה וואס איז ניט שייך לאנשים כערכנו;

ווי קען מען האלטן אין דער דרגא פון "תורתו אומנתו" בשעת ס'שטייט אין שו"ע[133] אז דאס איז אן ענין וואס איז שייך מערניט ווי ביי רשב"י וחבריו; און ווי קען מען האלטן אין דער דרגא אז ס'זאל ניט זיין נוגע דער ענין השכר, אפי' ניט דער שכר פון ג"ע העליון ווי דאס איז בתכלית השלימות - מ'קען ניט האלטן אין אזא דרגא.

איז כמדובר כמ"פ[134] דער מאמר פון דעם אלטן רבי'ן וואס ער האט געזאגט זיין ברודער ר' לייבל יאנאוויטשער, אויף דעם וואס ס'שטייט[135] "והסירותי את לב האבן מבשרכם", און ס'שטייט ניט "מוח האבן" -

- אז -

---

130) שבת סג, א. וש"נ. 131) סוטה מז, א. 132) שם פ"י ה"ה. 133) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 134) שיחת אחש"פ תשל"ה קרוב לתחלתה. 135) יחזקאל לו, כו.

אז בנוגע צו "לב האבן", דארף מען אנקומען צום "והסירותי", דאס דארף דער אויבערשטער מסיר זיין - און דאס וואס עס ווערט פארלאנגט פון א אידן ער זאל אליין טאן איז, בנוגע צו זיין שכל, ובנדו"ד - אז ער זאל זיך מתבונן זיין אין דער טייערקייט פון דער עבודה לשמה.

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[136] אז במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא - וואס אפי' אויב ער קען נים שטיין א גאנצן טאג אין דעם רצון (אז ביי אים זאל זיין די עבודה לשמה), איז ע"ד ווי געדעדט[137] בנוגע צו דעם ענין פון "תורתו אומנתו", אז די שעות ורגעים וואס ער לערנט תורה, איז דאס ביי אים דעמולט אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", איז עד"ז אויך בענינגו, אז ער דארף האבן א געווויסן זמן ביום וואס דעמולט איז רצונו ער זאל האלטן ביי דער עבודה לשמה, וואס דעמולט זאגט מען אז במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא, און דאס איז משפיע על עבודתו במשך כל היום כולו.

ובפרט לויט דעם פירוש הפנימי[138] אין "מתוך שלא לשמה בא לשמה", אז דער "תוך", די נשמה ופנימיות, פון דעם "שלא לשמה" איז - "לשמה", ווארום נאך די אלע טעמים והסברות וואס ער איז מסביר אז צוליב דערויף לערנט ער תורה און איז מקיים מצוות, איז מצד יחידה שבנפש, טוט ער דאס דערפאר וואס "יחידה ליחדך", דערפאר וואס זי איז פארבונדן און איז מקבל פון יחידו של עולם[139], ווי דער אויבערשטער איז נאך העכער פון בחי' "אחד", נאר ווי ער איז "יחיד", יחידו של עולם;

ס'איז מערנים וואס דערנאך דארף דאס אראפקומען דורך די דרגות שלמטה מזה, חי', נשמה, רוח און נפש, און דערנאך דארף דאס אראפקומען אין דעם גוף ונה"ב - וואס צוליב זיי דארף מען אנקומען צו דער הסברה אז דאס איז שלא לשמה.

לה. והמעשה הוא העיקר - אז מ'זאל זיך גרייטן בשמחה ובטוב לבב צו דעם ענין פון "הוי רץ למצוה" (כנ"ל ס"ז),

און טאן אין די אלע ענינים וואס זיינען מכשיר און גרייטן צו אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", צו דעם ענין פון קבלת התורה,

און ווי דער רבי נשיא דורנו פלעגט אלעמאל בענטשן און

- ווינטשן -

------------

136) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לח בהערה.
137) שיחת ל"ג בעומר ס"ט ואילך. 138) לקו"ש ח"ח ע' 167.
139) לקו"ת ראה כה, א. וראה סה"מ תרפ"ח ע' קיז. סה"מ ה'ש"ה ריש ע' מא.

ווינטשן און געבן כח אז ס'זאל זיין "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות",

אנהויבנדיק פון די עשרה מבצעים הכלליים, אז די התעסקות אין זיי זאל זיין מתוך שמחה שלמעלה ממדידה והגבלה -

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל" - וואס דאס איז פארבונדן מיט דער אהבה פון דעם אויבערשטן צו אידן, וואס אין דערויף האט דער אויבערשטער באוויזן (דער ערשטער) דעם ענין פון אהבה שאינה תלוי' בדבר, ווארום די אהבה פון דעם אויבערשטן צו אידן איז ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון תומ"צ, נאר ווי ס'שטייט[140] "יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה", און "אהבתי אתכם אמר ה'"[141] - נאר דערנאך ווערט דאס אויך נמשך אין אן אופן פון אהבה התלוי' בדבר, וואס דערפאר גיט דער אויבערשטער צו אידן תומ"צ, און גיט זיי דעם כח אויף מקיים זיין תומ"צ, ביז אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

און דערפון קומט ארויס דער ענין פון "מבצע חינוך" - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דער אויבערשטער איז מחנך יעדער אידן און אלע אידן, וואס דער עיקר ענין החינוך האט זיך אנגעהויבן ביי מ"ת, כמדובר כמ"פ.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם וואס דער אויבערשטער גיט אונז: "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", וואס דאס איז דער כללות הענין וואס "נתן לנו את תורתו" און "קדשנו במצותיו וצונו",

עאכו"כ די מבצעים וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט נשי ובנות ישראל - וואס די התחלה איז דאך (ניט מיט "תגיד לבני ישראל", נאר) מיט "כה תאמר לבית יעקב - אלו הנשים"[142]: נרות שבת קודש ויו"ט, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה.

וואס דאס וועט ברענגען בקרוב ממש דעם ענין פון "וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם"[143], און "אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם וכו'"[144] - וואס דאס איז "מקוה ישראל ה'"[145], ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון היינטיקן שבת,

- וואס -

---

140) תהלים מז, ה. 141) מלאכי א, ב. 142) יתרו יט, ג ובפרש"י. 143) יחזקאל שם, כה. 144) יומא פה, ב במשנה. וראה ד"ה ארע"ק אשריכם (אוה"ת יוהכ"פ ע' א'תקעו ואילך). לקו"ש אחרי תשל"ו ס"ו ואילך. 145) ירמי' יז, ג. יומא שם.

וואס די הכנה לזה איז דורך דעם ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים" - דורך דעם ענין פון הפצת המעיינות און הפצת היהדות חוצה, דורך דער אתעדל"ת וואס א איד טוט אין "מבצע אהבת ישראל" און אין אלע צען מבצעים (וואס קומען ארויס דערפון - כמדובר כמ"פ).

און טאן בכל הנ"ל מתוך שמחה, וואס "שמחה פורץ גדר"[40], ובמילא טוט מען אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה והגבלה,

וואס דעמולט וועט דער אויבערשטער פורץ זיין גדרי הגלות, און וועט ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה אן קיינע חשבונות -

מתוך שמחה וטוב לבב, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"[146], ובעגלא דידן.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. אתה בחרתנו.

אח"כ אמר: די אלע וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

צוה לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

------------

146) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

בס"ד. קטע משיחה מוצאי ש"פ בחוקותי, מבה"ח סיון ה׳השל"ח.

<u>הנחה הת׳ בלתי מוגה</u>

א. בהמשך צו דעם ענין פון "וההלכתי בתוככם", וואס דאס קומט נאך די פסוקים שלפנ"ז - איז כאן המקום אפשטעלן זיך אויף אן ענין שהזמן גרמא.

[לײדער, זײנען דא אזוינע צווישן די וואס געפינען זיך דא (אײנער, צי צוויי, אדער מערער - וואס אפי׳ אײנעם, דארף מען אויך באווארענען) וואס כל זמן אז זיי הערן ניט עפעס וועגן אן ענין של פאליטיקע, פעלט ביי זיי די "זאלץ" פון דעם גאנצן פארברײנגען - במילא זיצט ער די גאנצע צייט (ווייל ער האט ניט קיין ברירה) און ווארט אויף אן ענין וואס איז אן עיקר בעיני בשר שלו - וואס וועט מען זאגן אויף אן ענין וואס טוט זיך אין וואשינגטאן.

וכמדובר כמ"פ אז א אידן איז דאס בכלל ניט נוגע; א איד דארף זיך עוסק זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, און זעהן צוציען וואס מערער אידן אז זיי זאלן אויך ווערן לומדי תורה ומקיימי מצוות;

אבער אזוי ווי מ׳קען דאך ניט ווארטן ביז וואנעט יענער וועט זיך אוועקשטעלן אויפן ריכטיקן מעמד ומצב, ווארום יעדער רגע איז דאך טייער - ובפרט אז מ׳קען דערמיט באווארענען די וואס קענען אין דערויף עפעס טאן, סיי אין חו"ל, ועאכו"כ אין אה"ק - האט מען ניט קיין ברירה, און מ׳דארף צונעמען צייט אויך אויף דעם ענין].

ובפרט אז דאס איז געווארן אן ענין פון פקו"נ רח"ל פון כו"כ בני ובנות ישראל וואס געפינען זיך אין אה"ק - וואס אע"פ אז דאס איז אן "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[1], און מ׳האט די הבטחה אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[2] - ווייל אבער דער אויבערשטער אז מ׳זאל אויך טאן אין דרך הטבע (ווי ער האט אנגעוויזן אין דער תורה).

ב. וואס דאס איז דער ענין וואס מ׳האלט אין איין רעדן וועגן אים - אז מ׳זעט בגלוי ממש, אז יעדער רגע וואס מ׳שטייט אין א מעמד ומצב אז מ׳שרעקט זיך טאן אן ענין וואס מ׳דארף טאן - איז ניט נאר אז דורך דערויף איז מען ניט נושא חן בעיני הגוים, נאר אדרבה, דורך דערויף איז מען מזמין א לחץ נוסף, אז דער גוי זאל פאדערן נאכמער און נאכמער.

- ווי -

------------

1) עקב יא, יב. 2) תהלים קכא, ד.

ווי מ'האט דאס אויך געזעהן בנוגע צו "צור": מצד די מדינאים וואס האבן זיך דערשראקן פון גוים, האט מען געטאן היפך דעתם פון אנשי הצבא, און מ'האט ניט אנגערירט צור - און איצטער האט מען צרות צרורות פון צור וסביבותי', ביז וואנעט אז מ'האט קיין ברירה ניט און מ'מוז שיסן אהינצו, ווי ס'איז שוין געווען בימים האחרונים.

וואס דערפון זעט מען אז מ'האט גארניט אויפגעטאן דורך דעם, ואדרבה, דערמיט האט מען מזמין געווען א לחץ נוסף, משא"כ ווען מ'וואלט דעמולט געטאן כדעת אנשי הצבא, וואלט מען פארשפארט די אלע-עניינים וכו'.

און דאס וואס אידן ווילן ניט טאן המוטל עליהם אין אן אופן פון בקומה זקופה, נאר מ'שיקט שלוחים מאחורי הפרגוד זאגן אז מ'וועט זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין, און מ'וועט אלץ אפגעבן וכו' - איז ניט נאר אז דאס האט ניט געבראכט ס'זאל ווערן שטיל, נאר ווי מ'האט געזעהן אין דעם מאורע הכי אחרון וואס איז געווען אין ירושלים עיה"ק וואס אע"פ אז דאס איז געווען אין ירושלים החדשה, איז דאך דאס אבער סמוך ונראה צו ירושלים העתיקה[3], וואס אפי' א נפש אחת מישראל איז אויך אן "עולם מלא"[4], עאכו"כ אז ס'איז געווען כמ"פ ככה רח"ל!

וואס דאס איז א תוצאה ישירה (אן קיינע אנדערע סיבות) דערפון וואס מ'האט זיך דערשראקן און ניט געוואלט אנרירן צור, און ניט אנגערירט די מחבלים וואס האבן זיך געפונען דארטן - און מ'האט מבטיח געווען אז מכאן ולהבא וועט מען זיין שא-שטיל, און מ'וועט ווארטן אפשר וועט דער גוי ווערן (אוים גוי, ער וועט ווערן) פון חסידי אוה"ע - זעט מען די תוצאות וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען.

וכמדובר כמ"פ אז דא רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אידן (ניט ווי די וואס מאכן זיך תמ'וואטע און ווילן פארדרייען אז ס'רעדט זיך וועגן אן אנדער ענין) - וואס דערפאר איז געווען א דבר המוכרח טאן לויט ווי אנשי הצבא האבן געוואלט, אז מ'זאל טאן מיט צור די זעלבע זאך וואס מ'האט געטאן ארום צור, ואדרבה, דארטן געפינט זיך דער מטה הראשי, די אנפירער פון די מחבלים.

נאר די מדינאים, די וואס שרעקן זיך פאר "מה יאמרו הגוים", האבן דאס ניט צוגעלאזט, און מיט א כוונה טובה - אז דורך דערויף וואס מ'וועט באווייזן דעם גוי אז מ'שלאגט

- ניט -

------------

3) ראה מגילה ב, ב. קונטרס פורים קטן ש.ז. סי"ג.
4) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

ניט אויף צוריק, וועט איס נמאס ווערן שלאגן - זעט מען אבער די תוצאות וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען, פונקט תוצאות הפוכות:

ניט נאר אז מ'האט גארניט אויסגעפירט, נאר אדרבה, תמורת זה וואס מ'האט דאס געקענט טאן פריער מתוך הרחבה און אן קיינע סכנות, מוז מען דאס איצטער טאן מתוך סכנה ומתוך מיצר וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

ג. ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון באזעצן די גבולות - ניט בויען שטעט, נאר באזעצן מיט עניינים של בטחון אלע גבולות, ובפרט דעם גבול המזרחי - וואס יעדער רגע וואס מ'טוט דאס ניט און מ'האלט דאס אפ, שטעלט מען כו"כ מבנ"י אין א סכנה פון פקו"נ היל"ת.

און ס'איז א ביטערע רחמנות אויף די וואס קענען דאס טאן - נאר זיי שרעקן זיך פאר די וואס שרעקן זיך פאר א "קול עלה נדף"[5], און זיי האבן ניט די שטארקייט צו דורכפירן דעם ענין, אע"פ וואס מיום ליום זעט מען בעיני בשר אז ס'איז א הכרח גמור -

איז ניט נאר אז מ'האט גארניט אויפגעטאן דורך זיצן און שווייגן און שרעקן זיך פארן גוי, און שיקן שלוחים אז מ'וועט ניט באזעצן און מ'וועט ניט לאזן אידן באזעצן זיך דארטן, און אריינעמען דארטן נאך אן איש צבא, כדי צו נושא חן זיין ביי דעם גוי - נאר אדרבה, דאס האט גלייך גורם געווען אז מ'האט צוגעזאגט געבן נשק צו די מדינות וואס זיינען דער יסוד און זיי גיבן געלט צו די מחבלים, סיי בעבר, און סיי בהוה, און הלואי זאלן זיי דאס מערניט טאן בעתיד.

ביז וואנעט אז אפי' דער ביי וועמען מ'וויל בעיקר נושא חן זיין - איז ווען ער האט געזעהן אז זיין הפחדה האט מצליח געווען, און מ'האלט זיך אפ צו טאן א דבר הכרחי (לויט דער מיינונג פון אנשי הצבא), באזעצן דעם גאנצן גבול המזרחי (און דערנאך אויך די איבעריקע גבולות וואו די סכנה איז א קלענערע), איז דאך א סימן אז דער לחץ האט געהאלפן - האט ער געטאן נאך כמה עניינים של לחץ,

ביז וואנעט אז ער האט אריינגעטראגן א החלטה אז מ'זאל זיך אויסדריקן אויף אידן אז זיי זיינען שולדיק וכו', און אפי' אז מ'האט דאס דערנאך אפגעשריען, איז דאס אויך "חלשות-טראפן"; ס'איז ניט דער טייטש אז דורך דעם איז דער היזק

- ניט -

---

5) ל' הכתוב - בחוקותי כו, לד.

ניט געטאן געווארן - אלע ווייסן אז ער האט געגעבן אזא הצעה, ד.ה. ניט נאר אז די זאך איז ביי אים ניט כופרן, נאר דאס גייט אריין אין זיין תכנית,

ס'איז מערניט וואס מ'האט געשריען און געדריקט וכו', האט ער געטאן א טובה און האט דאס דערוויילע אפגעהאלטן, לאחרי הפרסום הכי גדול אז זיין הצעה איז אז כל העמים וואס געפינען זיך במקום פלוני זאלן אנעמען די פארדאמונג, וכאמור, אפי' אז מ'האט דאס אפגעשריען, האט זיך ביי אים ניט געביטן דער מהלך המחשבה, ס'איז מערניט וואס רערוויילע האט ער זיך דערפון אפגעהאלטן.

ד. וכמדובר כמ"פ אז די עצה לזה איז - אפטאן דאס במעשה בפועל, וואס דעמולט איז "אין אחר מעשה כלום"[6], דורך דערויף וועט מען באווייזן אז מ'קען ניט אויספירן מיט קיין לחץ.

בשעת אבער אז נאך יעדער לחץ דערשרעקט מען זיך נאכמער, און אויב מ'איז אליין ניט דערשראקן, שרעקט מען זיך וואס וועט טאן א צווייטער איד, אע"פ וואס מ'ווייסט אז בטבע איז יענער א שרעקעדיקער פון א "קול עלה נדף" (אויב דער "עלה נדף" האט א שייכות מיט א גוי, ווי מ'האט געזעהן בעבר) - זעט מען בעיני בשר ווי אזוי די סכנה ווערט אלץ גרעסער און גרעסער.

ואין פוצה פה ומצפצף - אז מ'זאל באזעצן בעוד מועד יעדער נקודה פון דעם גבול המזרחי מיט עניינים של בטחון - וואס דעמולט וואלט מען מסתמא ניט געקומען צו דעם ענין וואס איז געווען אין ירושלים!

מ'דארף זיך דאך אבער אויסהיטן פון באשולדיקן א אידן אין א דבר המבהיל - דארף מען רעדן בעיקר בנוגע צום עתיד, אז מ'מוז באזעצן די אלע גבולות בשעתא חדא וברגעא חדא,

ווארום די אלע תירוצים והסברות וואס מ'האט געזאגט אז דאס וועט שטערן צו שלום וכו' - האט זיך ארויסגעוויזן אז ס'איז פונקט להיפך, דאס איז די איינציקע וועג אויף דעם עניין פון בטחון - דורך דעם וואס מ'וועט וויסן אז אידן האבן מחליט געווען "לעמוד על נפשם"[7].

ה. און ניט ווי ס'איז געווען רח"ל בעבר - אז מצד דערויף וואס מ'האט מורא געהאט קריגן זיך מיט וואשינגטאן, האט מען צוגעלאזט די אלע גזירות האיומות; ס'זיינען ארומגעלאפן אידן און האבן געזאגט שא-שטיל, מ'טאר זיך ניט קריגן מיט רוזוועלט!

- און -

---

6) ראה ב"מ יז, סע"א. 7) ל' הכתוב - אסתר ח, יא.

און אז מ'האט זיך מיט זיי גע'טענה'ט: היתכן, אידן שטייען דאך אין סכנה, עס פארן פאיעזדן וכו' וכו' - האבן זיי געזאגט "אל תתגרה בגוי קטן"[8], ביז וואנעט אז מ'האט געפונען אזעלכע רבנים וואס וויבאלד אז מ'האט זיי דערציילט דעם מצב באופן מסולף, האבן זיי געזאגט אז ע"פ דין טאר מען זיך ניט קריגן מיט וואשינגטאן.

און דאס האט אפגעהאלטן אז מ'האט ניט באמבארדירט די וועגן - ווי ס'איז שוין איצטער געדרוקט און נתפרסם געווארן פון דאקומענטן וואס אין להרהר אחריהם, אז מ'האט געקענט באמבארדירן די וועגן וכו', און ס'זיינען געווען אזוינע וואס האבן לוחץ געווען אויף דעם - און אעפ"כ זיינען אידן ארומגעלאפן און האבן געזאגט אז מ'טאר זיך ניט קריגן מיט וואשינגטאן!

און ליידער, זיינען דא עטליכע פון די מנהיגים, און עטליכע פון זייערע תלמידים, וואס האבן אויך איצטער השפעה אויף דער הנהגה דא און אין א"י, און זיי שעמען זיך ניט און נוצן זייער השפעה אויף דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען דעמולט.

און אז מ'זאגט אים ער זאל זעהן וואס ער האט אויפגעטאן, ובמילא איז הכבר ושב במקומך, ווארום וויפל תעניות ער זאל נאר פאסטן, וועט דאס ניט זיין געענוג אויף צו מכפר זיין אויף דעם וואס ער האט גורם געווען דורך זיין השפעה, זאגנדיק אז מ'זאל ניט זאגן קיין ווארט אנטקעגן וואשינגטאן - איז ניט נאר אז דאס העלפט ניט, נאר ער איז ממשיך אין דעם ענין פון "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו"[9].

ו. וכאמור לעיל אז מ'דארף ניט רעדן וועגן ענינים וואס זיינען היפך התענוג לגמרי - ס'איז בעסער רעדן וועגן דעם הוה און וועגן דעם עתיד:

ס'איז א הכרח גמור אז דער וואס פילט אז ער איז "הירא ורך הלבב", איז "ילך וישוב לביתו ולא ימס את לבב אחיו כלבבו"[10].

ווארום וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן א זמן וואס מ'גרייט זיך צו א מצב של מלחמה, איז ניטא קיין צייט פאר-נעמען זיך מיט אים און מאכן ער זאל ווערן אויס "ירא ורך הלבב"; מ'ווייסט ניט צי מ'וועט מצליח זיין אין דערויף, און ניט איצטער איז די צייט אויף דעם - מ'פארלאנגט אבער

- פון -

---

8) ראה פסחים קיג, א. ועוד. 9) ישעי' מט, יז.
10) שופטים כ, ח.

פון אים אז "ילך וישוב לביתו וגו׳".

אבער ווען יענער טוט אן עולה וואס איז נוגע צו מליון׳ען אידן, און ער איז ממשיך אין דערויף מיט אלע תוצאוה שבדבר, כולל אויך די וואס האבן זיך אנגעטשעפעט אז "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן דער ממשלה פון מדינה זו, וואס "בשלומה יהי׳ לכם שלום"[11], ס׳איז א ממשלה של חסד -

איז קיין פלא ניט אז זיי קענען מאכן א טעות אין דעם חשבון - במכש"כ וק"ו דערפון וואס ס׳איז דא א איד וואס מאכט א טעות אין דעם חשבון!

און נאכמער: מ׳קען ניט פארלאנגען פון איינעם, אפי׳ פון א אידן, ער זאל זיך ארייינלייגן אין אן ענין עד מיצוי הנפש ווען דער ענין איז אים ניט אויף אזוי פיל נוגע - משא"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן איינעם וואס דאס איז זיינער אן ענין, ס׳איז נוגע צו אים, ס׳איז נוגע צו בני ביתו, צו תלמידיו וכו׳, וואס דעמולט דארף ער זיך ארייינלייגן אין דערויף עד מיצוי הנפש.

וואס אין כאן המקום להאריך בכל זה - וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן אזוינע וואס ווייסן וועגן דעם גאנצן ענין, ס׳איז מערניט וואס זיי ווילן דאס פארדרייען, כדי צו גורם זיין ח"ו (ברצון צי שלא ברצון) דאס וואס ס׳האט איצטער געטראפן אין ירושלים היל"ת! וואס דערפאר איז דער איבער׳חזר׳ן דאס נאכאמאל - ללא כל תועלה.

ז. וכמדובר כמ"פ אז דאס איז א פס"ר ברור אין שו"ע[12] ווי אזוי מ׳דארף זיך פירן (וואס לײדער, זיינען איצטער דא די אלע הנאים וואס ווערן דארטן אויסגערעכנט), און אין דערויף איז ניטא קיין מחלוקת הפוסקים - דער דין איז, אז "יוצאים עליהם בכלי זיין", מגין זיין אויף די ערטער וואס פון דארטן קען זיין אז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם"[13], ווארום דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ, און אפי׳ ווען ס׳איז א ספק וספק ספיקא פון פקו"נ[14], דארף מען אויך טאן אזוי.

ס׳איז מערניט וואס ס׳איז דא עכ"פ איין איד אדער צוויי אידן, וואס שרעקן זיך פאר גוים, מצד דערויף וואס ער איז "הירא ורך הלבב", דאס איז זיין טבע, ער איז איינגעוואוינט געווארן צו באקומען כבוד פון גוים, און ער

- האט -

---

11) ירמי׳ כט, ז. 12) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם. 13) ל׳ אדה"ז שם. 14) טושו"ע ואדה"ז שם ס"ג.

האט זיך איינגערעדט אז תכלית שלימותו בעולם איז, אז א גוי זאל אים זאגן אז ער איז א גוטער מענטש, א גוטער מנהיג מיט אלע פרטים שבדבר.

און אז מ'זאגט אים ער זאל זעהן דאס וואס ער האט שוין גורם געווען בעבר מיט זיין הנהגה, און איצטער איז דער מצב שווערער היל"ת - איז בשעת עס רעדט זיך וועגן "הירא ורך הלבב", איז דערצו ניטא קיין עצה, ווארום ס'איז ניטא קיין צייט גיין מחנך זיין אים ער זאל ווערן אויס "ירא ורך הלבב" (אפי' אויב ער וועט זיך לאזן מחנך זיין).

וואס לכאו', וויבאלד אז אין אונזער סדרה שטייט אז אויב ס'פעלט אין דעם עניין פון "בחוקותי תלכו וגו'", מאכט דער אויבערשטער אז מ'זאל זיך דערשרעקן פאר א "קול עלה נדף" - איז ווי קען מען האבן טענות צו אים, ס'איז "אני הכבדתי את לב פרעה"[15];

מ'דארף פועל'ן אויף אים עד זאל ווערן אן עמל בתורה, און מקיים זיין מצוות בשלימות - וואס דעמולט וועט בטל ווערן די סיבה, ובמילא וועט אויך בטל ווערן דער מסובב, אז עד וועט זיך ניט דעדשרעקן פאר א "קול עלה נדף" - איז כאמור, אויף דערויף איז ניטא קיין צייט;

מ'דארף זיך טאקע פארנעמען מיט אים מאכן פון אים א לומד תורה ומקיים מצוות, ביז אין אן אופן אז ער וועט ווערן אן עמל בתורה - אבער בכל רגע ורגע וואס מ'באזעצט ניט יעדער נקודה פון גבול המזרחי (ועד"ז דער גבול הצפוני (וואס דארטן איז מערער באווארענט מצד די צדות וואס זיינען דארטן געווען), ועד"ז בכל הגבולות), שטעלט מען איין אידן אין סכנה פון פקו"נ רח"ל.

און די וואס קענען טאן אין דערויף, נעמען זיי אויף זיך די אחריות אויף דעם עניין - וכמדובר כמ"פ אז זיי קענען דאס דורכפירן בשעתא חדא וברגעא חדא.

און דאס וואס ס'שטייט אין תורה אז בשעת עס פעלט אין לימוד התורה וקיום מצוותי' איז קיין פלא ניט אז מ'שרעקט זיך פאר א "קול עלה נדף" - העלפט ארויס דער זכות פון די אלע אויף וועמען מ'איז מגין, און דער זכות פון די מגינים - וואס דורך דעדויף וועלן זיי זיין אין א מצב בטוח יותר עכ"פ, אדער אין א מצב בטוח לגמרי - וואס דער זכות איז גענוג אויף מבטל זיין אלע ענינים המונעים,

כולל אויך דאס וואס זיי האבן זיך מחנך געווען, און

- ווילן -

------------

15) בא י, א.

ווילן דאס משפיע זיין אויך אויף אנדערע, אז מ׳זאל זיך שרעקן פאר א "קול עלה נדף" - ניט קוקנדיק אויף דעם וואס מ׳זעט איך א מאורע אחר מאורע, ווי אזוי די הנהגה פון שרעקן זיך פאר א "קול עלה נדף" ברענגט צו די אלע תוצאות וועלכע מ׳האט אויסגערעכנט פריער, און צו די ענינים וועלכע מ׳וויל זיי ניט אויסרעכענען, וויבאלד אז לא נתפרסמו, איז בעסער אז מ׳זאל וועגן זיי ניט רעדן, מצד "אל תפתח פה וכו׳"[16].

ובפרט איך א זמן פון מוצאי שבת קודש, וואס דעמולט דארף זיין דער ענין התענוג, ווארום מוצאי שבת איז דאך א המשך צום יום השבת, אויף וועלכן מ׳זאגט[17] "וקראת לשבת עונג", במילא דארף מען רעדן וועגן ענינים של תענוג.

ח. ויה"ר אז מ׳זאל עכ"פ נוצן די מאורעות בלתי רצויים - אויף טאן דאס וואס מ׳האט געדארפט טאן בלאה"כ,

און ווי מ׳זעט איצטער דעם הכרח הכי גמור - אז יעדערער וואס איס איז נוגע און ביי איס איז טייער א נפש אחת מישראל, אים איז נוגע זיין פקו"נ כפשוטו (אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך על הספק וספק ספיקא) - זאל ער טאן כל התלוי בו, אויב ער קען אליין טאן אין דערויף, און טאן כל התלוי בו אין משפיע זיין אויף אנדערע, אז בשעתא חדא וברגעא חדא זאל מען באזעצן כל הגבולות.

וכמדובר כמ"פ אז אויף דעדויף דארף מען ניט האבן קיינע הכנות - ס׳איז שוין הכל מוכן: סיי די אנשי הצבא, און סיי די אנשי ההתיישבות (ווי מ׳רופט דאס אן דארטן), און סיי די כלי נשק, און די אלע ענינים (של רשות - ניט קיין כלי נשק) וואס מ׳דארף האבן כדי צו באזעצן זיך אין די אלע נקודות.

וכאמור, אז יעדער רגע וואס מ׳טוט דאס ניט אפ בפועל, ווערט אויסגעטייטשט (און ליידער, איז דאס טאקע אזוי) אז דאס קומט מצד מורך לב פון דעם וואס קען טאן אין דעם, און אפי׳ אויב ביי אים אליין איז דאס ניט אזוי, איז דאס מצד דער השפעה וואס אנדערע בעלי מורך לב האבן אויף אים - ווייסנדיק אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו בטחון כפשוטו, למטה מעשרה טפחים.

און דורך דערויף וואס מ׳נעמט כלי נשק, אין דעם אופן המתאים און אין דעם זמן המתאים (וואס יפה שעה אחת קודם) -

- שרעקט -

------------

16) ראה ברכות יט, א. 17) ישעי׳ נח, יג.

שרעקט דאס אפ, און דאס באווייזט אז מ'גיט זיך ניט אונטער פארן לחץ -

וואס דער לחץ איז דאך, ווי יענע זאגן קלאר אז דאס איז פארבונדן מיט אפגעבן חברון, מערת המכפלה, ירושלים העתיקה, מיט כל השטחים, והעיקר - אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ פון כו"כ אידן, ווי מ'זעט וואס עס קומט ארויס דערפון וואס כ'האלט אפ דעם ענין פון באזעצן די אלע גבולות.

ט. ויה"ר אז מ'זאל מער ניט דארפן רעדן וועגן די ענינים -

וואס די איינציקע וועג ווי אזוי עס קען אראפגענומען ווערן דער חיוב גמור פון יעדער אידן רעדן און טאן אין דערויף איז - דורך דערויף וואס מ'וועט פארנעמען די אלע נקודות אין אלע גבולות, און באזעצן זיי מיט אנשי בטחון.

וואס כל זמן אז דאס וועט ניט געטאן ווערן - טראגן אויף דערויף די אחריות די אלע וואס קענען טאן אין דערויף, עאכו"כ די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק און קענען טאן אין דערויף - ווארום עס איז א ציווי פון תורהנו "תורת חיים", הוראה בחיים, צו באווארענען פקו"נ אפי' פון איין אידן, עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א ריבוי פון אידן.

און מ'זאל טאן אין דערויף בקרוב ממש, ויפה שעה אחת קודם, און ניט רוהען ביז וואנעט אז מ'וועט באזעצן בפועל אלע גבולות,

וכאמור, אז דאס איז די איינציקע וועג אויף צו באווארענען דעם לחץ פון דעם עבר, און אויך באווארענען דעם לחץ פון נייע ענינים היל"ת, ענינים וועלכע קענען זיין מארגן אדער איבער-מארגן היל"ת, וואס אין כאן המקום לדבר בענינים המצערים.

*

*

*

בס"ד. שיחה יום א׳ פ׳ במדבר, כ"ח אייר ה׳השל"ח - בהכינוס של אגודת נשי ובנות חב"ד התיינה.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

א. די נקודה פיט וועלכע היינטיקער קאנוועגשאן איז פאר-בונדן, איז - דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות"[1]: זיין גוט צום אויבערשטן, סאן זאכן צוליב דעם אויבערשטן (זאכן וואס דער אויבערשטער וויל), און זיין גוט צו מענטשן.

[דער ענין פון "טוב לבריות" מיינט אויך אלע באשעפענישן וואס דער אויבערשטער האט באשאפן - ווי דער ווארט "בריות" ווערט אמאל געטייטשט[2] - א זאך וואס דער אויבערשטער האט באשאפן.

און ווי עס ווערט דערציילט וועגן גדולי ישראל ווי אזוי זיי זיינען געווען אפגעהיט אין דעם ענין פון צער בעלי חיים - ניט פארשאפן קיין צער צו קיין לעבעדיקער באשעפעניש (אפי׳ בהמות וחיות), און ניט נאר צו א בע"ח, נאר אויך צו א "צומח"[3] - ניט קאליע מאכן א פלאנץ, וואס דאס איז אויך איינגעשלאסן אין דעם אנזאג פון "בל תשחית"[4], אז מ׳טאר ניט פארניכטן אדער קאליע מאכן א זאך וואס דער אויבערשטער האט באשאפן].

וויבאלד אז "טוב לשמים וטוב לבריות" איז אויסגעקליבן געווארן בהשגחה פרטיה דורך אידישע טעכטער ווי א הויכפונקט פון זייער צוזאמענקום (וואס זיי קומען זיך צוזאמען (ניט קוקנדיק אויף די פארשידענע באשעפטיקונגען) כדי צו באטראכטן דעם ענין) - איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף ליגט א ספעציעלע הוראה אין לעבן פון אידן און אידישקייט,

וואס אידישקייט איז געבויט און ווערט ארויסגענומען פון די לערנונגען וואס ווערן דערציילט אין תורה - כלשון הוראה[5], אן אנווייזונג, און זי ווערט אנגערופן "תורה חיים" - א לערנונג וועלכע באווייזט ווי אזוי מ׳זאל לעבן דעם טאג-טעגליכן לעבן.

ב. לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער אויפטו פון תורה אין דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" - דאס איז דאך א זאך וואס איז אנגענומען געווארן אויך צווישן אלע מענטשן פון אלע אנדערע פעלקער?

- און -

---

1) קידושין מ. א. 2) תניא פל"ב (מא, ב). 3) ראה לקו"ד כ"א ע׳ 168 ואילך. 4) שופטים כ, יט. וראה שו"ע אדה"ז חו"מ הל׳ שמירת גוף ונפש ובל תשחית סי"ד. 5) זח"ג נג, ב.

און ווי מ׳זעט אז צווישן די זיבן מצוות וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט (פאר מ"ת) צו בני נח[6] (צו אלע מענטשן פון אלע פעלקער אויף דער וועלט) - זיינען דא מצוות וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן (ווי די מצוה פון גלויבן אין דעם אויבערשטן און ניט צו דינען ע"ז), און מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט מענטשן (ווי די מצוה פון גזל (און "דינים") - ניט בא׳עולה׳ן א צווייטן מענטשן און ניט צונעמען ביים צווייטן א זאך וואס געהערט צו אים) -

וואס דאס זיינען די יסודות׳דיקע מצוות וואס טיילן אפ און כאראקטעריזירן די צוויי סוגים פון מצוה - מצוות וואס זיינען "בין אדם למקום", און מצוות וואס זיינען "בין אדם לחבירו", אדער - "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער אויפטו פון תורה אין דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות"?

ג. איינע פון די ערקלערונגען אין דעם איז:

דער אויפטו פון תורה באשטייט ניט נאר אין אפהיטן און מהדר זיין און טאן דאס מעגליכסטע אז מ׳זאל מקיים זיין די מצוה וואס זיינען "טוב לשמים" און די מצוות וואס זיינען "טוב לבריות" מיט דער פולסטער שלימות - נאר אז מ׳זאל פון זיי מאכן איין זאך (ווי אלע זאכן פון תורה און אידישקייט וואס זיינען אין אן אופן פון אחדות).

אין איינפאכע ווערטער: ווען א איד פארנעמט זיך און גיט זיך אפ מיט ענינים וואס זיינען (מערניט ווי) "בין אדם למקום"; ער שטעלט זיך דאוונען צום אויבערשטן, אדער די מצוות פון אמונת ה׳ (גלויבן אין דעם אויבערשטן), אהבת ה׳ (האבן ליבשאפט צום אויבעדשטן) און יראת ה׳ (מורא האבן פון דעם אויבערשטן - און דערפאר אויספאלגן אלע אנזאגן פון דעם אויבערשטן) - וואס דאס זיינען ענינים וועלכע זיינען "בין אדם למקום", "טוב לשמים",

דארף א איד וויסן אז צוזאמען דערמיט וואס ער טוט אן ענין וואס איז "טוב לשמים", ער דאווענט צום אויבערשטן - און נאכמער: אלס א צוגרייטונג צום דאוונען - דארף אויך זיין דער ענין פון "טוב לבריות",

ווי באוואוסט די אנווייזונג פון גדולי ישראל[8] [ב]יז אז

- דער -

---

6) סנהדרין נו, סע"א ואילך. וש"נ. רמב"ם הל׳ מלכים רפ"ט.
7) ראה רמב"ן עה"ת עה"פ וישלח לד, יג. 8) כ"א רסמ"ו. שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס מו - משער הכוונות בהחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סידור האריז"ל בבקומו. שו"ע האריז"ל ריש הל׳ ביהכנ"ס.

דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בסידורו - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין איז שייך נאך איידער מ'הויבט אן לערנען תורה[9], גלייך ווען ער האלט ביי זאגן "מודה אני" און "הודו לה'" אז פארן דאווענען דארף א איד זאגן אז ער נעמט אן אויף זיך די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך"[10], ער שליסט זיך איין צוזאמען מיט אלע אידן[11] און נעמט זיי מיט זיך ביים דאווענען, און אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך", ער האט ליב דעם צווייטן אידן, און ניט סתם א ליבשאפט, נאר "כמוך" - פונקט ווי ער האט ליב זיך אליין,

און ערשט נאך דעריוף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", "טוב לבריות" - זאגט ער "מה טובו" און "הודו לה'", ער שטעלט זיך דאווענען, וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לשמים".

אזוי איז אויך אין דעם צווייטן טייל - "טוב לבריות": ווען מ'טוט א טובה א צווייטן מענטשן, און מ'היט זיך אפ (אין דער העכסטער מאס) ניט צו פארשאפן אים קיין צער - איז דערביי ניט גענוג דער געפיל פון "טוב לבריות" אליין, אז ער טוט דאס דערפאר וואס ער האט א ווייכע הארץ, אדער דערפאר וואס ער איז א גערעכטער מענטש וויל ער ניט טאן קיין עולה א צווייטן מענטשן -

ווארום דעמולט איז מען ניט זיכער אז ער וועט זיך פירן אויפן זעלבן אופן אויך ווען ער וועט דערפאר דארפן פארבויגן אויף אן ענין וואס איז נוגע צו זיך, עס קען זיין אז דעמולט וועט ער אנרירן דעם צווייטן אבי אז אים זאל ארויסקומען א טובה.

ווען קען מען זיין זיכער אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", "טוב לבריות", וועט אפגעטאן ווערן אין דער פולקאמענסטער מאס - דוקא ווען ס'איז באגריינדעט און דורכגענומען מיט דעם ענין פון "טוב לשמים", אז ער ווייסט אז ער טוט דאס דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן.

וואס דעמולט איז אפי' אז בשעת מעשה (ווען ער טוט א טובה דעם צווייטן) עכ"פ קען ער ניט טראכטן וועגן דער אייגענער טובה אדער וועגן דער טובה פון זיינע בני בית - איז וויבאלד ער איז דורכגענומען מיט "טוב לשמים", ער ווייסט אז דערמיט איז ער מקיים דעם אויבערשטנ'ס אן אנזאג, איז פארשטאנדיק, אז די אייגענע טובה, אדער אפי' די טובה פון זיינע קינדער (וואס איז נוגע נאכמער ווי די אייגענע - טובה) -

------------

9) ראה לקו"ש ח"ב ע' 298. 10) קדושים יט, יח.
11) ראה שעה"כ, פע"ח, ושו"ע האריז"ל שם.

טובה[12], וועט אים ניט אפהאלטן פון מקיים זיין דעם אויבערשטנ׳ס אנזאג אין דער פולסטער מאס, אפי׳ ווען עס רירט אן זיין פערזענליכע טובה.

ד. און דאס איז דער אויפטו וואס תורה טוט אויף אין דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות":

"טוב לשמים" און "טוב לבריות" זיינען ניט קיין צוויי באזונדערע ענינים, א טייל פון דעם טאג טראכט ער וועגן "טוב לשמים", וועגן הימל׳דיקע זאכן, וועגן דעם אויבערשטן, און פארגעסט אויף א צווייטן אידן, און א טייל פון דעם טאג פארנעמט ער זיך מיט "טוב לבריות", און פארגעסט ח"ו אויפן אויבערשטן -

זאגט תורה, וואס ווערט אנגערופן "תורה אחת", א פאר-איינציקטע תורה, אלע אירע טיילן זיינען טיילן פון אן איין און איינציקע זאך, און וואס איז געגעבן געווארן פון ה׳ אחד, דער איין און איינציקער באשאפער, וואס ער האט געגעבן די תורה צום פאלק וואס ווערט אנגערופן "גוי אחד בארץ"

[כאטש דער פאלק באשטייט פון פארשידענע טיילן, פון "ראשיכם שבטיכם", די אידן וואס זיינען די "קעפ" (די אנפירער) פון דעם אידישן פאלק, ביז צו "שואב מימיך"[13], די אידן וואס זייער ארבעט באשטייט מערניט ווי אין צושטעלן וואסער צו די וואס נויטיקן זיך (וויבאלד אז צו קיין העכערע זאך זיינען זיי דערווייל נאך ניט שייך, מאיזה סיבה שתהי׳) - איז דאך פארשטאנדיק דער אונטערשייד צווישן די סוגים וואס זיינען דא אין דעם אידישן פאלק,

פונדעסטוועגן, ווערן אידן אנגערופן "גוי אחד" - דאס איז א פאלק וואס איז פאראייניקט אלס אן איין און איינציקער פאלק.

ביז וואנעט אז אפי׳ ווען מ׳איז "מפוזר ומפורד בין העמים"[14] - וואס בזמן הגלות געפינען זיך אידן אין פארשידענע לענדער, וואס זיי טיילן זיך אויס איינע פון די צווייטע אין דער שטארקסטער מאס - איז זייענדיק "מפוזר ומפורד בין העמים" (אין צוגאב דערצו וואס ביי אידן גופא זיינען דא פארשידענע סוגים, ווי דערמאנט פריער), זיינען אידן "עם אחד", אן איין און איינציקער פאלק] -

אז די צוויי ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות", דארפן זיין אן איין און איינציקע אויפפירונג:

- בשעת -

------------

12) ראה לקו"ש שם ע׳ 436. 13) ר"פ נצבים. וראה לקו"ה שם. 14) ל׳ הכתוב - אסתר ג, ח.

בשעת א איד איז פארנומען מיט "טוב לשמים", הימל׳שע זאכן, דארף ער אויך דעמולט זיין דורכגענומען מיט "אהבת ישראל", געדיינקען וועגן א צווייטן אידן און (ניט נאר געדיינקען וועגן אים, נאר) ליב האבן אים, ביז אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך", אזוי ווי ער האט ליב זיך אליין.

און אזוי אויך אין דער צווייטער ריכטונג: בשעת ער טוט א אידן די גרעסטע טובה וואס קען נאר זיין, און טוט דאס מיט א געשמאק, מיט פריילעכקייט און לעבעדיקייט - קען ער דאך טראכטן אז ער קען זיך פארלאזן אויף זיין גוטע הארץ, אז מצד זיין נאטור וועט ער זיך פירן ווי ס׳דארף צו זיין און וועט ניט אנרירן דעם צווייטן - זאגט מען אים אז דאס דארף זיין דורכגענומען מיט "טוב לשמים", ווארום דוקא דעמולט איז דא די זיכערקייט אז ער וועט זיין אויסגעהיט פון ניט טאן דעם צווייטן ניט קיין גוטע זאך (ווי גערעדט פריער בארוכה).

ה. שוין גערעדט מערערע מאל אז יעדער ענין אין וועלט, יעדער פאסירונג און יעדער פעולה, איז ניט קיין איינצעלנע זאך, נאר ס׳איז פארבונדן מיט נאך פארשידענע אומשטענדן - ס׳איז א המשך, א תוצאה, פון פריערדיקע פאסירונגען, און דאס ברענגט אויך צו נאך מערער ענינים.

צום ביישפיל: ווען מ׳שטעלט זיך דאווענען פארן אויבערשטן - איז דא די צוגרייטונג דערצו, כולל אויך (ווי דערמאנט פריער) דעם ענין פון "טוב לבריות", אז ער נעמט אן אויף זיך די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך" - און ס׳זיינען אויך דא די תוצאות וואס קומען ארויס פון דעם דאווענען;

ווען ער גייט ארויס (נאכן דאווענען) אין וועלט, אויף צו טאן אלע זיינע זאכן און באדערפענישן - גייט ער ארויס אינגאנצן אויף אן אנדער אופן[15], ווארום ער איז דאך אט-ערשט געשטאנען פארן אויבערשטן ("דע לפני מי אתה עומד"[16]) און האט פאר אים אויסגעגאסן זיין הארץ[17] - איז דאך פארשטאנדיק, אז דעמולט גייט ער ארויס אין וועלט אויף אן אנדער אופן וואס איז אינגאנצן שלא בערך (מ׳קען דאס גאר ניט פארגלייכן), ווארום ער האט דאך ערשט גערעדט (כביכול) מיט מלך מלכי המלכים הקב"ה, מיטן אויבערשטן אליין. און ווי עס שטייט אין ההחלת השו"ע[18] אז "אין ישיבת האדם כו׳ והוא לבדו בביתו כישיבתו וכו׳ והוא לפני מלך גדול".

- און -

------------

15) ראה לקו"ש ח"א ע׳ 6 ואילך. 16) ראה ברכות כח, ב. ועוד. 17) ראה תניא פ"ל (לח, ב). טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סצ"ח ס"א. 18) רמ"א או"ח רס"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. מהדו"ב שם ס"ה.

און דאס באווייזט אים די גרויסקייט וואס ער קען אויפ-טאן אין וועלט - וויבאלד אז ער האט ערשט געהאט די מעגליכ-קייט אויסגיסן זיין הארץ פאר אויבערשטן, וואס ער איז דער בעה"ב פון דער גאנצער וועלט, און ער גיט אים דעם כח (און צוזאמען דערמיט - אויך די אחריות) אז ווען ער גייט ארויס אין וועלט, זאל ער זיך פירן ניט ווי סתם א מענטש פון גאס, נאר ווי א שליח פון דעם אויבערשטן, ווי א מענטש וואס האט זוכה געווען צו רעדן מיטן אויבערשטן אליין כביכול.

אזוי איז אויך אין בנוגע צו דער נקודה פון היינטיקער קאנוועקשאן - דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" - אז דאס קומט אין פארבינדונג און אלס המשך דערפון וואס דער ערשטער טאג פון יאר, ראש השנה, איז געווען ביום השלישי (דער דריטער טאג פון דער וואך), ווי גערעדט מערערע מאל אין פארלויף פון דעם יאר[19].

וואס דעמולט זאגט מען דאך "היום יום שלישי בשבה", דאס איז דער דריטער טאג פון וואך, פונקט ווי דער דריטער טאג פון די זיבן טעג אין וועלכע די וועלט איז באשאפן געווארן[20]

[וואס דערפאר איז דער קאפיטל תהלים וואס מ'זאגט צו "שיר של יום" פארבונדן מיט די פאסירונגען וואס זיינען געווען אין דעם טאג בשעת בריאת העולם[21]; ביום ראשון זאגט מען דעם קאפיטל תהלים אין וועלכן עס ווערט דערציילט דאס וואס איז געווען ביום ראשון פון בריאה העולם, א.ז.וו.],

וואס בנוגע צום דריטן טאג פון בריאת העולם, זאגט תורה[22] אז דעמולט איז "הוכפל בו כי טוב", און ווי מ'טייטשט אפ[23] אז דאס מיינט "טוב לשמים וטוב לבריות", זיין גוט צום אויבערשטן און זיין גוט צו מענטשן.

און ווען ס'קומט דער יום השלישי אין יעדער וואך - דארף מען זיך דערמאנען מיט א פארשטארקטע לעבעדיקייט וועגן די אנווייזונגען וואס יעדער איד האט פון דער תורה (וואס ווערט אנגערופן "לקח טוב"[24]), אז ס'דארף זיין "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות".

און וויבאלד אז דער ראש השנה פון היינטיקן יאר איז

- געווען -

------------

19) ראה שיחת מוצאי ש"פ נח סי"ד. מוצאי ש"פ חיי שרה בל"ו. ועוד. 20) ראה לקו"ת שה"ש כה, א. ועוד. 21) ראה ר"ה לא, א. 22) פרש"י בראשית א, ז. 23) אוה"ת בראשית לג, ב. בשמים ע' א'קנז. ועוד. 24) ל' הכתוב - משלי ד, ב. וראה אבות פ"ו מ"ג בסופה.

געוועז ביום השלישי - וואס "ראש השנה" איז דאך דער "קאפ" פון דעם יאר

[וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "ראש השנה" און ניט תחלת השנה[25]: אזוי ווי די "קאפ" פירט אן מיטן גאנצן גוף, ווארום אלע אברים פון דעם גוף, אפי' די פיס, פירן זיך לויט די באשלוסן וועלכע ווערן אנגענומען אין "קאפ", אזוי איז אויך בנוגע צו "ראש השנה", אז ער פירט אן מיטן גאנצן יאר, ווארום אין דעם טאג פון "ראש השנה" נעמען אן אידן אויף זיך דעם אויבערשטנ'ס מלוכה, צו ערפילן דעם אויבערשטנ'ס אנווייזונגען במשך פון אלע טעג פון דעם גאנצן יאר (לויט די באשלוסן וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך בראש השנה)] -

איז פארשטאנדיק, אז די גוטע באשלוסן וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך בראש השנה ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" - גיבן א ספעציעלן כח און לעבעדיקייט אז מ'זאל זיך אזוי אויפפירן במשך כל השנה כולה, אין אלע טעג פון דעם גאנצן יאר.

און דערפון האט מען א ספעציעלע פארשטארקונג און ברכה פון דעם אויבערשטן, אז מ'זאל מצליח זיין אויספירן די גוטע באשלוסן וועלכע מ'האט אנגענומען אויף זיך ביי דער קאנווענשאן אין איינקלאנג מיט "טוב לשמים וטוב לבריות" - וויבאלד אז דער "קאפ" פון דעם גאנצן יאר איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, "טוב לשמים וטוב לבריות".

ו. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

איינע פון די הויפט-צוועקן פון תורת החסידות איז - אריינגעבן אין אידישקייט א צוגאב פון לעבעדיקייט און פריילעכקייט און א שטארקן בטחון אין דעם אויבערשטן.

און תורת החסידות האט א ספעציעלן "ראש השנה", וואס דאס איז דער טאג פון י"ט כסלו (ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו ערקלערט דאס אין זיינע רשימות[26]) - איז דער "ראש השנה" פון תורת החסידות אין היינטיקן יאר, אויך געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[27].

ז. עס קומט צו נאך א טאג - וואס איז פארבונדן במיוחד מיט דער קאנווענשאן - וואס פאלט אויך אויס ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב:

- דעד -

------------

25) ראה לקו"ת הבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו. 26) ראה קונטרס ומעין ע' 15 ואילך. 27) ראה שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה סל"ז. ועוד.

דער טאג פון ר"ח סיון, דער "קאפ" פון דעם חודש אין וועלכן מ'האט געגעבן די תורה - קומט אויס אין היינטיקן יאר אויך ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב. וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט היינטיקן קאנווענשאן - ווייבאלד אז כ'געפינט זיך איצטער נאך שבת מברכים פון (ראש) חודש סיון.

וואס ראש חודש סיון האט א ספעציעלע שייכות מיטן טאג פון מ"ה - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס בשעת די תורה דערציילט ווי אזוי עס האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון מ"ת, הויבט מען ניט אן דערציילן דאס וואס ס'איז געווען אין "שלשת ימי הגבלה" (דריי טעג פאר מ"ת), נאר מ'הויבט אן דערציילן דאס וואס ס'איז געווען בר"ח סיון, וואס דעמולט זיינען אידן אנגעקומען און זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן הר סיני[28].

און ווי ערקלערט אין מדרשי רז"ל[29], אז די פנימיות'דיקע און נשמה'דיקע הכנה צו מקבל זיין די תורה, האט זיך שוין אנגעהויבן גלייך ווען מ'איז געקומען צום בארג סיני.

און די צוגרייטונג דעמולט איז שוין געווען אין אזא שטארקער און ערנסטער מאס, ביז וואנעט אז מ'זאגט (אין הגדה של פסח - וואס מ'האט ערשט געזאגט אין די סדרים פון פסח) "אילו קרבנו לפני הר סיני ולא נתן לנו את התורה דיינו". דער קומען און שטעלן זיך בקירוב צום בארג סיני, אפי' ווען דערנאך וואלט ניט געווען דער ענין פון מ"ה, איז שוין אויך "דיינו" -

ווארום מיטן עצם שטיין אנטקעגן הר סיני, מיט דער צוגרייטונג אז מ'איז גרייט מקבל זיין די תורה (ניט נאר אויף לערנען איר ווי א ווויסנשאפט און א חכמה גדולה, נאר כדי אז ס'זאל זיין דער "נעשה" - מ'זאל זיך דערנאך אויפפירן לויט די אנווייזונגען פון תורה) - איז שוין דער גאנצער אידישער פאלק און יעדער איינצעלנער פון דעם אידישן פאלק (מענער און פרויען, עלטערע און אינגערע, ביז אפי' "טף", פיצלאך קינדער) געשטאנען ווי איינס, ויחן[30], לשון יחיד, נגד ההר (בר"ח), וואס דורך דעם[31] זיינען זיי געווארן א כלי צו תורה, און געווארן דורכגענומען מיט דעם גייסט פון דער תורה און אירע מצוות.

און ווייבאלד אז מ'האט דעם שבת געבענטשט ר"ח סיון, און מ'האט געזאגט אז ר"ח סיון וועט זיין "ביום השלישי הבא

- עלינו -

---

28) פרש"י עה"פ יתרו יט. א. שבת פו. ב. 29) ראה גם הו"א ר"פ יתרו. 30) יתרו שם. ב. 31) ראה ויק"ר פ"ט. ט. דא"ז פ' השלום.

עלינו לטובה" - אונטערשטרייכט דאס נאכאמאל מיט נאך א גרעסערע שטארקייט דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות".

ח. אין צוגאב דערצו וואס דער ענין פון תורה איז - ווי מ'זאגט "ונתן לנו את תורתו", ס'איז ניט סתם א גוטע, גרויסע און וויכטיקע לערנונג, נאר דאס איז "תורתו", די זעלבע תורה וואס דער אויבערשטער אליין לערנט, און פירט אן מיט דער וועלט לויט ווי ס'איז אנגעוויזן געווארן אין תורה[32] -

האט דער אויבערשטער געגעבן די תורה יעדערן פון אונז און אלעמען פון אונז אלס א גאנצן פאלק, און גיט דאס פון דאס-נייי יעדער טאג[33], ובפרט אין "זמן מתן תורתנו", אין חג השבועות.

און די צוגרייטונג פון אידן דערצו - הויבט זיך אן פון ר"ח סיון[34] (ווי געזאגט פריער), וואס דער טאג פון ר"ת סיון ווערט געבענטשט דורך יעדער אידן און אלע אידן אין דעם שבת שלפנ"ז - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די טעג וואס זיינען צווישן דעם שבת מיט ר"ח סיון, זיינען דורכ-גענומען מיט דעם גייסט פון בענטשן ר"ת סיון און צוגרייטונג צו מ"ת.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי ס'איז געווען צום ערשטן מאל ווען אידן זיינען געקומען אין הר סיני, איז אזוי אויך יעדער יאר אין דעם זעלבן זמן, אז א איד גרייט צו זיך און אלע ארום זיך, זיי זאלן זיין דורכ-גענומען מיט דעם גייסט וואס איז געווען דעמולט ווען "ויחן שם ישראל נגד ההר"[30]:

זייער שטיין לעבן הר סיני איז ניט געווען אזוי ווי זיי וואלטן געווען צוויי באזונדערע זאכן, נאר "ויחן שם ישראל נגד ההר" - זיי האבן זיך דארטן אפגעשטעלט וויסנדיק אז דאס איז "נגד ההר", דער בארג וואס אויף אים וועט געגעבן ווערן תורה[35] פאר זיי און פאר זייערע קינדער און קינד'ס קינדער עד סוף כל הדורות - און אזוי דארפן זיך אידן גרייטן צו מ"ת יעדער יאר.

ט. די תורה ווערט אנגערופן "חמדה גנוזה"[36], דאס איז די

- טייערסטע -

------------

32) ראה ב"ר רפ"א. זח"ב קסא, ב. 33) ראה לקו"ת תזריע כג, א. ועוד. 34) ראה שו"ע אדה"ז סוף הל' פסח. 35) ראה רשב"ם עה"פ. 36) שבת פח, ב.

טייערסטע זאך וואס דער אויבערשטער האט, צו וועלכע דער אויבערשטער גלוסט, און ס'איז ביי אים אזוי פיל טייער ביז אז דאס איז "(חמדה) גנוזה" - א טייערע זאך וועלכע מ'האלט באהאלטן,

ווי מ'זעט דאס אויך ביי א מענטשן, אז די טייערסטע זאך זיינע האלט ער באהאלטן און צוגעדעקט, כדי אז קיינער זאל דאס ניט אנרירן און די זאך זאל ח"ו ניט געמינערט און ניט גע'ניזק'ט ווערן,

וואס "לה' הארץ ומלואה"[37], צו אים געהערט די גאנצע וועלט און אלץ וואס איז דא אין דער וועלט - אבער צווישן די אלע זאכן האט דער אויבערשטער א "חמדה גנוזה", וואס דאס איז די תורה.

און די תורה האט דער אויבערשטער אפגעגעבן צו יעדער אידן און אלע אידן - איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז ניטא קיין גרעסערע זאך דערפון!

צוזאמען דערמיט זאגט אבער תודה אליין אז דער תנאי און די צוגרייטונג צו באקומען די תורה איז געווען דורך דערויף וואס אידן האבן געזאגט "נעשה ונשמע"[38]:

דאס וואס מ'האלט טייער א ספר תורה (און אפי' א ספר וואו ס'רעדט זיך וועגן תורה), און מ'היט זיך אפ מיט אלע אפהיטונגען וואס מ'דארף האבן אז מ'זאל דאס ניט מבזה זיין ח"ו - איז דאס נאך ניט די העכסטע שטופע דורך וועלכע מ'באווייזט די טייערקייט פון תורה;

די טייערקייט פון תורה באווייזט מען דוקא דורך דערויף וואס מ'פירט זיך במעשה בפועל אין טאג-טעגליכן לעבן לויט די אנווייזונגען פון תודה, ד.ה. אפי' ווען ער טוט זיינע גשמיות'דיקע זאכן, זאכן וואס זיינען פארבונדן מיטן גוף און מיט "בריות", טוט ער דאס לויט די אנווייזונגען פון תורה, ביז וואנעט אז מ'דערקענט[39] אז דאס טוט א מענטש וואס האט געלערנט תורה און איז דורכגענומען מיט תורה.

און דער ענין פון "נעשה ונשמע", איז געווען די הקדמה, צוגרייטונג און תנאי, אויף נתינת התודה דעמולט, און אויך אויף נתינת ההורה נאכאמאל פון דאס-ניי יעדער טאג, ובפרט אין חודש סיון -

וואס די ברכה אויף דעם חודש האט מען באקומען אין דעם

- שבת -

------------

37) תהלים כד. א. 38) ראה שבת שס. פח, סע"א. 39) ראה רמב"ם הל' דעות רפ"ה.

שבת וואס איז געווען מיט א טאג פריער - און דאס ווערט אנטפלעקט בר"ח סיון (וואס וועט זיין ביום השלישי), און נאכמער אנטפלעקט - אין "זמן מתן תורתנו", אין די טעג פון שבועות וואס וועלן קומען נאך דערויף.

י. אויב די אלע זאכן זיינען ריכטיק און אמת'דיק (ווארום זיי ווערן דערציילט אין תורה) בנוגע צו יעדער אידן און אלע אידן - האט דאס נאך א ספעציעלע וויכטיקייט ווען ס'רעדט זיך וועגן נשי ובנות ישראל (אידישע פרויען און טעכטער):

שוין גערעדט מערערע מאל[40] אז בשעת מ"ת האט דער אויבערשטער אנגעזאגט צו משה רבינו "כה תאמר לבית יעקב - אלו הנשים"[41], אז צום אלעם ערשטן זאל ער צוגרייטן די אידישע פרויען און טעכטער אז זיי זאלן נעמען אויף זיך און זיין גרייט צו טאן און אויפפירן זיך לויט ווי תורה וועט זיי אנווייזן ("נעשה ונשמע"), און ערשט דערנאך "ותגיד לבני ישראל" - ער זאל רעדן מיט די מאנסביל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען עס חזר'ט זיך איבער דער ענין פון מ"ת יעדער יאר

וואס אע"פ אז מ'זעט דאס ניט בעיני בשר (מיט פליישיקע אויגן) - זעט מען דאס אבער און מ'פילט דאס מיט דער נשמה, וואס ביי (א בעל שכל בכלל, ובפרט ביי) א אידן איז דאך דער עיקר (ניט דער גוף, נאר) די נשמה[42] -

איז די צוגרייטונג דערצו צום אלעם ערשטן דורך "כה תאמר לבית יעקב", צוגרייטן אידישע פרויען און טעכטער (אין אלע אויבנגעזאגטע איינצלהייטן) - און דאס ווערט א הקדמה אז מ'זאל דאס דערנאך דורכפירן אויך ביי די מאנסביל,

ווי דערציילט אין תורה אז כדי מ'זאל זיין זיכער אז ביי די מאנסביל וועט זיין דער ענין פון "נעשה ונשמע" - הייבגט דאס אפ אן דערויף וואס נשי ובנות ישראל וועלן אויף זיך אנעמען דעם ענין פון "נעשה ונשמע" אין דער פולסטער מאס,

וואס דאס האט א ווירקונג אויף זייערע מענער, אויפן פאטער, אויף די עלטערע ברידער, און זיכער - אויף די אינגערע ברידער.

און דעמולט קומט מען צום "נעשה ונשמע" וואס אלע אידן

- זאגן -

------------

40) ראה לקו"ש ח"ב ע' 573 ואילך. ועוד. 41) מכילתא הובא בפרש"י יתרו שם, ג. 42) ראה תניא פל"ב (מא, א).

זאגן צוזאמען – מענער און פרויען, אלט און יונג, ביז צו
פיצלאך קינדער.

און דאס איז די הכנה וואס גרייט צו דעם גאנצן אידישן
פאלק צו "קבלת התורה בשמחה ובפנימיות" (ווי כ"ק מו"ח
אדמו"ר נשיא דורנו פלעגט בענטשן), מיט אן אמת'ע פריילעכ-
קייט וואס נעמט דורך דעם גאנצן מענטשן, ביז אז דאס ווערט
דער גאנצער אינהאלט פון זיין אינעווייניקסטן און אמת'ן
לעבן.

און דערפון נעמט מען און מ'גייט דערמיט אוועק אין
אלע טעג פון דעם גאנצן יאר – אז ס'זאל זיין א "שנת תורה",
און א יאר וואס איז דורכגענומען מיט "טוב לשמים וטוב
לבריות".

יא. ווי גערעדט מערערע מאל איז "המעשה הוא העיקר"[43]: די
כוונה און שלימות און תכלית פון די אלע ענינים וועגן
וועלכע מ'האט גערעדט איז – אז יעדערע פון אייך און איר
אלע צוזאמען זאלט אויסנוצן אייער השפעה און ווירקן אויף
נשי ובנות ישראל צו וועלכע מ'קען נאר דערגרייכן,

וואס דורך דערויף וועט אויך זיין דער "והגיד לבני
ישראל". אז מ'וועט דורכנעמען אלע אידישע מענער און קינדער –

און דעמולט וועט מען אלע צוזאמען מקבל זיין די תורה,
און מקיים זיין די תורה – אין די טעג וואס זיינען געבליבן
ביז שבועות, אין די טעג פון שבועות, און דערנאך אויך אין
די טעג פון דעם גאנצן יאר.

יב. און דעמולט האט מען די הבטחה פון תורה (וואס מ'האט
געליינט אין תורה אין דעם שבת מברכים) אז "אם בחוקותי
תלכו"[44], בשעת יעדערע פון אייך און אלע צוזאמען וועלן גיין
אין די געזעצן פון תורה, ווי רש"י[45] טייטשט אפ אז מ'וועט
לערנען תורה אין אן אופן פון "עמלים בתורה" (מ'וועט
הארעווען אין לערנען כדי צו פארשטיין דאס בשלימות), וואס
דערפון וועט במילא ארויסקומען דער ענין פון "ואת מצותי
תשמרו ועשיתם אותם" (מ'וועט אפהיטן אלע מצוות. און ניט
נאר אפהיטן זיי, נאר "ועשיתם אותם" – ווי געזאגט פריער אז
דער עיקר איז אז ס'זאל אראפקומען אין מעשה בפועל) –

וועט מען דעמולט האבן אלע ברכות פון דעם אויבערשטן,
ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין דער פרשה, ביז צו די

– גרעסטע –

------------

43) אבות פ"א מי"ז. 44) בחוקותי כו, ג. 45) עה"פ.

גרעסטע ברכה און שליכות הברכה - אז בקרוב ממש וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה, אז יעדער איד און אלע אידן וועלן ארויסגיין פון גלוה, ע"י משיח צדקנו.

וואס די הכנה און צוגרייטונג דערצו איז - דורך דערויף וואס יעדער איד טוט אלץ וואס עס הייבגט אפ אין אים אויף ארויסנעמען זיך אליין פון דעם גלות און ניט-אידישקייט וואס איז דא אין וועלט ארום אים,

ד.ה. טראץ דעם וואס ער ווייסט אז אידן זיינען "המעט מכל העמים"[46], אין כמות איז ער וויינקער פון דער ניט-אידישקייט וואס איז דא אין דער גאנצער וועלט - רעכנט ער זיך אינגאנצן ניט דערמיט, און פירט זיך אין א אידישן וועג, גלייך זינט ער כאפט זיך אויף פון שלאף ביז צו דער לעצטער מינוט פון טאג,

ביז אז אפי' ווען ער שלאפט, ווייסט מען און מ'אנערקענט אז עס שלאפט א איד וואס האט זיך געפירט (במשך פון דעם טאג) ווי א איד דארף זיך פירן - וואס דעמולט שלאפט ער אויף א גוטן אופן, און האט ניט קיין חלומות וואס דארפן ניט זיין, און אויף מארגן אינדערפרי שטייט ער אויף אן אויסגערוטער,

אזוי ווי ס'איז געווען ביי מ"ת - ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[47] אז "שינה של עצרת (די נאכט פאר מ"ת) עריבה", ס'איז געווען א געשמאקער שלאף, וואָרום ס'איז געווען א שלאף וואס האט געמאכט אז זיי זאלן זיין אויסגערוט אויף צו קענען מקבל זיין די תורה.

יג. און זיכער וועט יעדערע פון אייך און אלע צוזאמען טאן וואס עס הייבגט אפ אן אייך, אויף איינווירקן אויף אלע אידישע פרויען און טעכטער אז זיי זאלן אויך דורכגענומען ווערן מיט דעם גייסט פון תורה און אידישקייט, איןביידע טיילן פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

און דער ארויסנעמען זיך פון דעם גלות פון ניט-אידישקייט, און דער אוועקשטעלן זיך אין א פולער פרייהייט פון אלע שטערונגען, אז ס'זאל זיין א אידישער לעבן אין אלע איינצלהייטן פון דעם טאג-טעגליכן לעבן -

וועט נאכמער צוהיילן די גאולה האמיתיה והשלימה, די גאולה פון דעם גאנצן אידישן פאלק, דורך משיח צדקנו,

אזוי אז גאר אינגיכן וועט מען קענען זיין אין אה"ק,

- און -

---

46) ל' הכתוב - ואתחנן ז, ז. 47) שהש"ר פ"א, יב [ב].

און דארטן וועט זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[48], עס וועט זיין אן אמת'ער שלום און עס וועלן ניט זיין קיינע זאכן וואס זאלן שטערן ח"ו דערצו, ווארום "ונפלו אויביכם לפניכם לחרב"[49] - דער אויבערשטער וועט זיך פארנעמען מיט די וואס פארגינען ניט אידן, און ער וועט זעהן אז זיי זאלן ניט קענען שטערן אידן, ביז וואנעט אז "גם אויביו ישלים אתו"[50], ער וועט מאכן אז זיי זאלן געאנדערשט ווערן, און נאך אין די לעצטע טעג פון גלות וועלן זיי ארויסהעלפן אידן סיי אין אה"ק און סיי אין אלע מדינות.

ובקרוב ממש זאל יעדערע פון אייך און איר אלע צוזאמען, מיט די קינדער און קינד'ס קינדער, אין א גוטן געזונט ובשמחה ובפנימיות - גרייטן זיך צו ר"ח סיון און צו "זמן מתן תורתנו",

און גרייטן זיך צו דער גאולה ע"י משיח צדקנו - און ארויסגיין בשמחה אויף מקבל פנים זיין משיח'ן, און גיין צוזאמען מיט אים און מיט אלע אידן, אין אה"ק, בשמחה ובטוב לבב.

האט א געזונטן חודש, א געזונטן שבועות און א געזונטן יאר, און הערן פון אייך בשורות טובות, אז איר טוט אין אלע באשלוסן פון דער קאנווענשאן, און איר טוט דאס מיט גרויס הצלחה און מיט לעבעדיקייט און פריילעכקייט.

* * *

---

48) בחוקותי שם, ו. 49) שם, ח. 50) משלי טז, ז.

בס"ד. שיחת ש"פ במדבר, ערב חגה"ש ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. דער שבת איז דאך ערב שבועות, זמן מתן תורתנו, ווארום שבת איז חל בחמשה בסיון, און חגה"ש איז בששה בסיון, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע[1] אז "בו' סיון ניתנה התורה לישראל", דעמולט איז דער "זמן מתן תורתנו",

און ווי ס'איז אויך מוכח דערפון וואס די קריה"ת פון ששה בסיון איז "בחודש השלישי גו'" ביז נאך די עשה"ד, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פס"ד איז אז "זמן מתן תורתנו" איז בששה בסיון (אע"פ אז לדעת ר"י[2] איז מ"ת געווען בשבעה בסיון) - ובמילא קומט אויס אז חמשה בסיון איז ערב שבועות, זמן מ"ת.

וואס דער ענין איז דא בכל שנה ושנה - אז חמשה בסיון איז ערב חגה"ש.

ב. דערנאך קומט אויך צו די קביעות פון חמשה בסיון אין ימי השבוע (וואס אין דערויף זיינען דא שינויים משנה לשנה),

וואס די קביעות פון ימי השבוע איז אויך אן ענין גדול ועיקרי, ווארום דאס איז "זכר למעשה בראשית", אז "ששת ימים עשה ה' את השמים ואת הארץ וביום השביעי שבת וינפש"[3],

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת, ווארום "אם לא בריתי גו' חוקות שמים וארץ לא שמתי"[4], און ווי די גמרא[5] זאגט אויף דעם וואס ס'שטייט[6] "יום <u>ה</u>ששי" (בה"א הידיעה), אז דאס גייט אויף יום הששי פון ששה בסיון, וואס דעמולט איז געווארן "ארץ יראה <u>ושקטה</u>"[7], אז ס'איז געווארן דער קיום העולם אין אן אופן פון "שקטה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די קביעות פון ימי השבוע איז אויך נוגע צום כללות הענין פון מ"ת.

וואס די קביעות מיוחדת פון שנה זו איז, אז חמשה בסיון איז חל ביום השבת קודש - און דערפון דארף זיין א הוראה מיוחדת.

[וואס דאס איז א דבר פלא: די גמרא[2] זאגט אז "לכו"ע בשבת ניתנה תורה", און אעפ"כ, ווען הלל האט מסדר געווען די קביעות השנים[8] (ביז ס'וועט קומען דער "מורה צדק"

- וואס -

------------

1) או"ח סתצ"ד ס"א. 2) שבת פו, ב. 3) תשא לא, יז. 4) ירמי' לג, כה. 5) שם פח, א. 6) בראשית א, לא. 7) תהלים עו, ט. 8) ראה הולדות תו"א (הייכן) ערך הלל האחרון.

וואס דעמולט וועט מען נאכאמאל מקדש זיין ע"פ הראי׳), האט ער דאס געטאן אין אן אופן אז ערב שבועות זאל קענען אויספאלן בשבת, אע"פ אז "לכו"ע בשבת ניתנה תורה", וואס עפ"ז דארף אויסקומען אז ערב שבועות זאל נים קענען אויספאלן בשבת, ווארום מ"ת איז געווען בשבת.

וואס ווי דער ביאור אין דערויף זאל נאר זיין, זעט מען דאך אבער אז מ׳האט קובע געווען אין אן אופן אז ערב שבועות זאל קענען אויספאלן בשבת, וואס דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו כמה ענינים מדאורייתא, מדרבנן, און "מנהג ישראל" - און ס׳איז פארשטאנדיק אז ס׳דארף זיין א הוראה מיוחדת דערפון וואס ערב שבועות איז חל בשבת קודש.

וואס בשעת ערב שבועות איז חל (נים בשבת, נאר) בימות החול, קען דאך דאס זיין בכמה אופנים - ס׳איז אבער פארשטאנדיק, אז אזוי ווי שבת איז באי"ע העכער פון ימות החול, איז די הוראה וואס מ׳דארף ארויסנעמען דערפון וואס ערב שבועות איז חל בשבת, דארף אויך זיין א הוראה מיוחדת לגבי די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס ווען ערב שבועות איז חל אין ימות החול.

ב. אין דערויף (וואס ערב שבועות איז חל בשבת) איז דא נאך א נקודה עיקרית:

שבת איז ערב שבועות, וואס דער ענין פון "ערב" איז א הכנה צום ענין וואס קומט לאח"ז (ע"ד ווי מ׳זאגט ערב שבת און ערב יו"ט, אז דאס איז א הכנה צום שבת אדער יו"ט), ד.ה. אז דער שבת איז אן "ערב", א הכנה צו דעם ענין פון שבועות, און שבועות איז העכער פון דעם ענין השבת.

וואס דאס איז נים קיין סתירה צו דעם וואס מ׳זאגט אז "לכו"ע בשבת ניתנה תורה", אז דער ענין פון מ"ת איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת, און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[9] אז דער ענין פון תורה איז דער זעלבער ענין פון שבת (און דא קומט אויס אז שבועות איז העכער פון שבת, ביז וואנעט אז שבת איז ערב שבועות) - ווארום אין שבת זיינען דא כו"כ דרגות.

אנהויבנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת בהחלתו[10] אז בכל שבת זיינען דא "ב׳ בחי׳ שבת",

וואס דערמיט פארענטפערט ער די סתירה וואס אין איין מארז"ל[11] שטייט "אלמלי משמרין ישראל שתי שבתות כהלכתן מיד

- נגאלין" -

------------

9) ויקהל פח, א ואילך. 10) בהר מא, א. 11) שבת קיח, ב.

נגאלין", און אין א צווייטן מארז"ל[12] שטייט "אלו היו ישראל משמרין שבת א׳ כתיקונה מיד הי׳ בן דוד בא" - אז "שתי שבתות" מיינט די צוויי בחי׳ וואס איז דא אין שבת,

ובפרטיות יותר איז דא בכל שבת ג׳ דרגות, ווי דאס קומט ארוים אויך בפשטות אין די ג׳ סעודות פון שבת (וואס ס׳איז דאך ניט דומה די ערשטע סעודה צו די צווייטע סעודה, און צו די דריטע סעודה, "רעוא דרעוין"), כמבואר אויך אין נגלה דתורה, ובפרט אין חסידות, און נאכמער אין קבלה.

דאס וואס מ׳זאגט אז ס׳איז מבואר אין חסידות און נאכמער אין קבלה, אע"פ אז חסידות איז העכער פון קבלה, ווארום חסידות איז דער ענין פון יחידה[13], וואס דאס איז נאך העכער פון די דרגא הרביעית פון סוד -

איז דער ביאור בזה, אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן סדר השתלשלות, איז דאס מבואר אין קבלה מערער ווי אין חסידות, און ווי מ׳זעט אויך בפועל אז פריער לערנט מען חסידות, און ערשט דערנאך לערנט מען קבלה.

און דאס וואס מ׳דארף לערנען חסידות אויך נאך דעם וואס מ׳לערנט קבלה, וואס דוקא דעמולט איז דער לימוד הקבלה כדבעי - איז דאס ע"ד ווי מ׳געפינט בכמה ענינים אז ס׳איז דא א זאך וואס איז א הכנה און התחלה צו די צווייטע זאך, און דערנאך פועל׳ט דאס גאר א שלימות אין די צווייטע זאך (ובנדו"ד - אז לימוד החסידות איז משלים דעם לימוד הקבלה).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס מ׳זאגט אז שבת איז אן ערב והכנה צו שבועות, איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס "לכו"ע בשבת ניתנה תורה" - ווארום אין שבת זיינען דא כו"כ דרגות, איז די ערשטע דרגא פון שבת אן ערב והכנה צו שבועות, און די העכערע דרגא פון שבת איז ע"ד הענין פון שבועות, זמן מ"ת.

ד. די הוראה וואס מ׳דארף ארויסנעמען דערפון וואס ערב שבועות איז חל בשבת, דארף זיין נוגע צו יעדער אידן, אפי׳ צום פשוט שבפשוטים,

ווארום דאס איז ע"ד ווי כללות הענין פון מ"ת, וואס איז געגעבן געווארן צו יעדער אידן, אפי׳ צום פשוט שבפשוטים (נוסף לזה וואס די תורה איז געגעבן געווארן צו כללות עם בנ"י), כמבואר אין מדרש[14] אז צו מ"ת האט מען

- געדארפט -

____________

12) ירושלמי תענית פ"א סה"א. 13) ראה קונטרס ענינה של תורת החסידות ס"ה ואילך ובהנסמן שם. 14) מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. ועוד.

געדארפט האבן ס"ר אירן, און ווען ס'וואלט געווען ס"ר פחות א' וואלט ח"ו ניט געווען דער ענין פון מ"ת - און דער א' (וואס אן אים וואלט ניט געקענט זיין דער ענין פון מ"ת) איז קיין נפק"מ ניט צי ער איז דער גדול שבגדולים אדער דער פשוט שבפשוטים,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די תורה איז געגעבן געווארן לכאו"א מבנ"י, אפי' צום פשוט שבפשוטים - ועד"ז אויך בנוגע צו דער הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען דערפון וואס ערב שבועות איז חל בשבת, אז די הוראה דארף זיין אויך צום פשוט שבפשוטים.

זעלבסטפארשטענדליך אז ס'איז דא א הוראה צום גדול שבגדולים מיט א ביאור און א תוספת ביאור, אבער לכל לראש דארף זיין די הוראה צום פשוט שבפשוטים.

צו פארשטיין די הוראה דערפון צום פשוט שבפשוטים, דארף מען מבאר זיין דעם ענין פון מ"ת און דעם ענין פון שבת ווי דאס איז בפשטות הענינים.

ה. בנוגע צו דעם ענין פון מ"ת, איז דא די שאלה וואס ווערט געפרעגט אין חסידות[15] - וואס אייגענטליך איז דאס אן ענין אין נגלה, ביז וואנעט אז דאס איז א שאלה וואס ווערט ביי א בן חמש למקרא:

וואס איז דער גאנצער שטורעם וואס איז געווען ביי מ"ת, ווי דערציילט אין פשטות הכתובים אז ס'איז געווען קולות וברקים[16] און לפידים[17] וכו' - פריער איז דאך שוין אויך געווען דער ענין פון לימוד התורה,

אנהויבנדיק פון אברהם אבינו, וואס ביי אים שטייט "וישמור משמרתי מצותי חקותי ותורתי"[18], און רש"י טייטשט אפ אויף "תורתי" - "להביא תורה שבעל פה", ד.ה. אז ביי אברהם אבינו איז שוין געווען דער ענין פון תורה, סיי תושב"כ און סיי תושבע"פ.

ומובן בפשטות אז אברהם אבינו האט איבערגעגעבן די תורה צו יצחק וואס ער איז געווען בנו יחידו, און יצחק האט דאס איבערגעגעבן צו יעקב'ן, ובפרט אז אויף יעקב שטייט[19] אז ער איז געווען "איש תם יושב אהלים", "אהלו של שם ואהלו של עבר"[20], און יעקב האט איבערגעגעבן "כל מה שלמד משם ועבר"

- צו -

------------

15) תו"א יתרו סו, ג ואילך. לקו"ת במדבר יב, ג.
16) יתרו יט, טז. 17) שם כ, טו. 18) תולדות כו, ה.
19) שם כה, כז. 20) ב"ר פס"ג, י. פרש"י עה"פ.

צו יוסף, וואס עד איז געווען זיין "בן זקונים"[21], וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "זקן זה שקנה חכמה"[22].

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון לימוד התורה איז געווען ביי אלע אנדערע שבטים, און ביי אלע אידן, אויך זייענדיק אין מצרים[23], ביז צו דעם טאג פון ערב שבועות -

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער גאנצער שטורעם וואס מ'מאכט פון דעם ענין פון מ"ת (ווי דערציילט בפשטות הכתובים, ועאכו"כ אין מדרשי חז"ל), פריער איז דאך שוין אויך געווען דער ענין פון תורה?

ו. והביאור בזה:

דעם אויפטו וואס מ"ת האט אויפגעטאן זעט מען גלייך אין דער התחלה פון די עשה"ד, וואס עשה"ד הויבן זיך אן מיט "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים"[24], דער ענין פון יצי"מ:

ביז "זמן מתן תורתנו" האט געקענט זיין א מציאות אז מ'זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און אעפ"כ (מאיזה סיבה שתהי') זאל קומען א גוי, אין אן אופן פון "הבה נתחכמה לו"[25], און ארייינשלעפן דעם אידן אין מצרים, ביז צו א גלות אין אן אופן אז "לא הי' עבד יכול לברוח ממצרים"[26]; און מ"ת האט אויפגעטאן דעם ענין פון "הוצאתיך מארץ מצרים", אז בשעת א איד פארבינדט זיך מיט תורה, שטייט ער העכער פון טבע העולם, העכער פון מיצרים וגבולים[27].

וואס אע"פ אז דער ענין פון יצי"מ איז געווען פופציק טעג פאר זמן מ"ת - זאגט מען דאך אבער "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה"[28], אז דער כללות הענין פון יצי"מ איז געווען בזכות דעם "תעבדון את האלקים על ההר הזה", דער ענין פון מ"ת[29].

דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה (פון כללות הענין דמ"ת) אויך צום פשוט שבפשוטים - אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן לימוד התורה, דארף ער שטיין אין אן אופן אז ער איז העכער פון מצרים, העכער פון טבע העולם, און עניני העולם זיינען אים אינגאנצן ניט מבלבל צו לימוד התורה וקיום מצוותי'.

ביז זמן מ"ת איז די הנהגה אין אן אופן פון "אין

- סומכין -

------------

21) וישב לז, ג ובפרש"י. ב"ר פפ"ד, ח. 22) קידושין לב, ב. 23) ראה יומא כח, ב. 24) יתרו ח, ב. 25) שמות א, י. 26) מכילתא - הובא בפרש"י יתרו יח, ס. 27) ראה תו"א שם סז, סע"ב. 28) שמות ג, יב. 29) פרש"י שם.

סומכין על הנס"[30], מ'איז פארבונדן מיט די גדרים פון טבע; און מ"ת טוט אויף דעם ענין פון "הוצאתיך מארץ מצרים", אז א איד שטייט העכער פון הגבלות הטבע.

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת מ'זאגט אפי' א קינד אז ער גייט לערנען די תורה וואס "תורה צוה לנו משה"[31], ניט די תורה וואס איז געווען ביי אברהם אבינו, נאר די תורה פון משה רבינו, די תורה פון נאך מ"ת [וואס אע"פ אז "אחד הי' אברהם"[32] מיט אלע הפלאות וואס מ'זאגט אויף אברהם אבינו - איז אבער פארשטאנדיק אז דאס איז שלא בערך צו די תורה שלאחר מ"ת, "תורה צוה לנו משה"] - פועל'ט דאס ביי אים א באלייכטערונג און ער גייט אוועק לערנען תורה מיט א סאך מער חיות וכו'.

ז. האמור לעיל אז מ"ת האט אויפגעטאן דעם ענין פון יצי"מ, אז א איד זאל שטיין העכער פון די הגבלות פון טבע - איז דער "לבוש החיצון" צום פירוש הפנימי אין יצי"מ, וואס דאס איז די יציאה פון אלע מיצרים וגבולים, העכער פון די מדידה והגבלה פון תכלית הקדושה[33].

וואס דאס איז די הוראה צום גדול שבגדולים, אז ווען ס'קומט דער זמן מ"ת, דארף ער געבן א שפרונג מן הקצה אל הקצה, ביז אין אן אופן וואס איז העכער פון קצוות לגמרי, און אוועקשטעלן זיך אין א מעמד ומצב וואס איז באי"ע לגבי ווי ס'איז געווען קודם זמן מ"ת.

ד.ה. אז ס'דארף זיין א שפרונג אין אן אופן פון בל"ג, און ניט נאר אז דאס איז בל"ג לגבי דעם גבול, נאר ווי אמיתיה הענין פון בל"ג, אז דאס איז אויך ניט מוגבל אין דעם וואס דאס איז בל"ג.

און בנוגע צום גדול שבגדולים דארף מען דאס באווארענען נאכמער ווי בנוגע צום פשוט שבפשוטים, ווארום ווען ס'רעדט זיך וועגן א פשוט שבפשוטים וואס ענינו איז אין דעם קו פון זבולון, פארשטייט ער אז ווען ס'קומט זמן מ"ת דארף ער געבן א שפרונג פון זיין פריערדיקן מעמד ומצב, ער פארשטייט אז ער האט וואוהין צו שפרינגען;

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן א גדול שבגדולים, וואס ביי אים איז "תורתו אומנתו" במשך כל ימי השבוע (ניט נאר בשבת) - פארשטייט ער ניט, לכאו', וואס האט ער צו שפרינגען אין א מעמד ומצב וואס איז באי"ע צו זיין מעמד ומצב.

- ביי -

------------

30) ראה פסחים סד, ב. ועוד. 31) ברכה לג, ד.
32) יחזקאל לג, כד. 33) ראה תו"א וארא נז, ב ואילך.

ביי אים איז שוין געווען די עבודה פון "שבעה שבתות תמימות תהיינה", און אין אן אופן פון "לכם"[34] - איז וואס זאגט מען אים אז ווען ס'קומט דער רגע פון זמן מ"ת, דארף ער געבן א שפרונג באי"ע צו זיין פריערדיקן מעמד ומצב, ביז וואנעט אז דאס איז אין אן אופן של גירות, ווי די גמרא[35] לערנט אפ כמה דינים בנוגע צו גיור דערפון וואס ס'איז געווען אין זמן מ"ת (וויבאלד אז מ"ת האט אויפגעטאן ביי אידן אן ענין של גיור[36]), וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[37]?!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א גדול שבגדולים, איז נאכמער נוגע צו באווארענען דעם ענין - אז ווען ס'קומט דער רגע פון זמן מ"ת, דארף ער זיך איבערשטעלן מן הקצה אל הקצה, אין אן אופן וואס איז באי"ע צו זיין פריערדיקן מעמד ומצב.

ח. ווי אזוי האט מען אבער די נתינת כח אויף דעם ענין הנ"ל, אז ווען ס'קומט דער רגע פון זמן מ"ת, זאל מען זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב וואס איז באי"ע צום פריערדיקן מעמד ומצב - אויף דערויף קומט די הוראה דערפון וואס ערב שבועות איז חל בשבת. והביאור בזה:

כמדובר לעיל אז די קביעות פון שנה זו איז אז שבת איז ערב שבועות, ד.ה. א הכנה צו שבועות, און וויבאלד אז כללות הענין פון שבת איז א שפרונג אין אן אופן פון באי"ע צו ימי השבוע (כדלקמן), איז פארשטאנדיק, אז דער שפרונג וואס איז דא בשבת (אלס הכנה און ערב פון שבועות) גיט א נתינת כח אז ווען ס'קומט דער רגע פון זמן מ"ת, זאל ער זיך אוועקשטעלן אין א מְעמד ומצב וואס איז באי"ע לגבי מעמדו ומצבו שלפנ"ז.

וכמובן בפשטות אז דער ענין פון שבת איז באי"ע פון כל ימי השבוע, [וואס בפשטות גייט דאס נים נאר אויף פרייטאג, נאר אויף כל ימי השבוע[39]], ד.ה. אז דאס האט א שייכות צו שבת - איז אבער פארשטאנדיק אז שבת איז באי"ע פון כל ימי השבוע, ביז וואנעט אז ס'איז אין אן אופן של הבדלה, "המבדיל בין יום השביעי לששת ימי המעשה".

ווארום בשבת איז "כל מלאכתך עשוי'"[40], אלע זאכן דארף

- מען -

---

34) אמור כג, טו. 35) יבמות מו, א. 36) ראה פרש"י שם ד"ה באבותינו. 37) שם כב, א. וש"נ. 38) ע"ז ג, א.
39) ראה ביצה טז, א. שו"ע אדה"ז או"ח סרמ"ב ס"י.
40) מכילתא - הובא בפרש"י עה"פ יתרו כ, ט. שו"ע אדה"ז שם סש"ו סכ"א.

מען צוגרייטן פאר שבת, וואס ראס פארשטייט אפי׳ א בן חמש למקרא, ווארום אפי׳ אויב ער האט נאך ניט געלערנט אין תושבע"פ אז "כל מלאכתך עשוי׳", זעט ער דאס בפועל.

און ער זעט אז פאר שבת וואשט מען זיך אפ, און מ׳טוט אן אנדערע בגדים וכו׳, שבת איז מען אינגאנצן אן אנדער מענטש.

ביז וואנעט אז דער ענין פון שבת איז העכער אפי׳ פון תורה - ווי מ׳זעט דעם "מנהג ישראל" אז א גאנץ וואך שיקט מען דעם קינד אין חדר, מ׳הייסט אים און מ׳טרייבט אים גיין אין חדר, משא"כ ווען ס׳קומט שבת, איז "מנהג ישראל" משנים קדמוניות אז מ׳באפרייט דעם קינד פון דעם עול פון חדר, און פון יראת הרצועה וכו׳ - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון שבת איז העכער פון דעם ענין פון תורה.

וואס אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט דעם מארז"ל[41] אז "בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת" וכמדובר כמ"פ אז מ׳זוכט דעם מקור לזה, ביז אז דער ראגאטשאווער[42] איז מבאר דעם מקור לזה אין ירושלמי[43] - איז דאס אבער פארשטאנדיק דערפון וואס שבת שיקט מען ניט דעם קינד אין חדר.

און וויבאלד אז שבת איז באי"ע צו כל ימי השבוע - איז פארשטאנדיק, אז דערפון האט מען די נתינת כח אויף צו געבן דעם שפרונג ווען ס׳קומט דער זמן פון מ"ת, ווארום דער ענין פון שבת איז אויך א שפרונג באי"ע לגבי כל ימי השבוע.

ט. און דאס איז די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס דערפון וואס שבת איז ערב שבועות - אז דער שבת איז נאר א הכנה און אן ערב צו שבועות, ד.ה. אז אפי׳ נאך דעם שפרונג פון שבת, זאגט מען אים אז דאס איז אלץ געווען פאר מ"ת, און ווען ס׳קומט דער רגע פון מ"ת, דארף ער זיך אוועקשטעלן אין א דרגא וואס איז באי"ע לדרגתו הקודמת.

און דעם כח אויף דעם שפרונג פון שבת אין שבועות - נעמט מען פון דעם שבת גופא, וויבאלד אז כללות ענין השבת איז א שפרונג באי"ע פון כל ימי השבוע (כנ"ל).

וואס דאס איז די הוראה מיוחדת וואס מ׳נעמט ארויס פון קביעות השנה. וכמדובר כמ"פ אז די הוראה איז ניט נאר אויף דער יאר וואס דעמולט איז די קביעות באופן כזה, נאר די הוראה איז על כל השנים.

- י. -

---

41) סו"ס היראה לר"י בשם הירושלמי. וראה תו"א קיג, א.
42) שו"ת צפע"נ (דווינסק) ח"ב ס"ה. 43) שבת פט"ו ה"ג.

י. ולא לדרשה קאתינא, ווארום מ׳רעדט דאך צו אזוינע וואס ווייסן די ענינים בלאה"כ, נאר מ׳מיינט בנוגע לפועל - בנוגע צו די אלע וואס זיינען געקומען העדן וואס מ׳רעדט, אז מ׳זאל זיך צוגרייטן צו זמן מ"ת באופן המתאים, און ניט אז נאכן פארברייינגען זאל זיך יעדערער אומקערן צו זיינע ענינים, וואס אע"פ אז ס׳איז זיכער עניני קדושה, אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז געווארן זיין טבע, ועכ"פ טבע שני, איז דאס אן ענין פון "לא עבדו"[44].

ויה"ד אז די עבודה בכהנ"ל זאל אנקומען נאך לייכטער ווי מ׳שטעלט זיך פאר, און דער עיקר איז אז ס׳זאל זיין דער רצון צו טאן אין די ענינים, וואס דעמולט איז כתורת הבעש"ט[45] אז "במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא", וואס דער ענין הרצון איז מושל ושולט על כל הכחות, ביז וואנעט אז ער איז מטה אויך דעם שכל, ועאכו"כ אז ער פועל׳ט אויף די מהדו"מ, והמעשה הוא העיקר[46].

און מ׳זאל טאן די אלע הכנות צו מ"ת, כולל אויך דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, וואס דאס איז דאך געווען בחמשה בסיון, ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[47],

וואס דורך דעם וועט מען זוכה זיין צו דעם ענין פון קבלת התורה בחגה"ש, און מ׳וועט דאס ממשיך זיין על כל השנה כולה, אז ס׳וועט זיין א שנת תורה, ביז אין אן אופן פון תכליה השלימות.

* * *

יא. מ׳האט גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע וואס איז געווען בחמשה בסיון אלס הכנה צו מ"ת - און בשעת אז חמשה בסיון איז חל ביום השבת, דארף דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע (די הכנה צו מ"ת) געטאן ווערן אין דעם אופן העבודה פון שבת.

וואס דער ענין פון שבת איז דער ענין התענוג. יו"ט איז "מועדים לשמחה", משא"כ שבת איז דער ענין התענוג[48].

און דער תענוג פון שבת איז אין אן אופן אז דאס איז ניט נאר בנוגע צו ענינים רוחניים, נאר דאס קומט אראפ ביז אין מעשה בפועל, ווי דער אלטער רבי פסק׳נט אפ אין ריש הל׳ שבת[49] אז דער ענין פון עונג שבת דארף זיין באכילה ושתי׳ וכו׳.

- ד.ה. -

---

44) תניא פט"ו. 45) כש"ט הוספות אות לח ובהנסמן שם. 46) אבות פ"א מי"ז. 47) משפטים כד, ד. 48) ראה לקו"ת צו יא, ד ואילך. 49) רסרס"ב.

ד.ה. אז אלע ענינים וואס ער טוט בשבת, זיינען אין אן אופן של תענוג, און דערמיט איז ער גאר מקיים א מצוה. ביז וואנעט אז אפי' ווען ער שלאפט, איז ער אויך מקיים די מצוה פון עונג שבת, ווארום שינה בשבת תענוג"[50] [וואס דאס איז אויך איינע פון די ר"ת'ן פון דעם ווארט "שבת"].

וואס בנוגע צו די עבודה פון ימות החול, זאגט מען דאך אז ס'דארף זיין "כל מעשיך לשם שמים"[51] און "בכל דרכיך דעהו"[52], ביז אז דאס ווערט א סימן אין שו"ע[53]; משא"כ ווען ס'קומט שבת, דארף מען ניט אנקומען צו זיין עבודה בזה, נאר מ'גיט אים דאס במתנה מלמעלה, אז גלייך ווי ער לייגט זיך שלאפן (צי ער טראכט וועגן דעם צי ער טראכט ניט), איז ער מקיים די מצוה פון עונג שבת, ועאכו"כ אז ווען ער איז וואכעדיק (ווי וואכעדיק דארף זיין), איז ער מקיים די מצוה פון עונג שבת באכילתו ובשתיתו ובטיולו וכו'.

[די כוונה איז ניט אז מ'זאל זיך לייגן שלאפן, ווארום אדרבה, "מנהג ישראל" איז אז בליל שבועות איז מען נעורים כל הלילה כדי צו פארגעבן[54] אויף דעם וואס בזמן מ"ת איז ביי אידן געווען "שינה של עצרת עריבה"[55] - נאר די כוונה איז, אז די הכנה צו חגה"ש זאל געטאן ווערן מתוך תענוג, ביז אין אן אופן אז דער תענוג נעמט אים דורך בכל עניניו].

יב. ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף אויסנוצן די צייט וואס איז געבליבן ביז צו זמן מ"ת, און גדייסן זיך צו דעם ענין פון מ"ת אין דעם אופן העבודה דשבת.

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון עבודת התפלה, וואס דאס איז כללות העבודה פון שבת[56],

ועד"ז אויך דער ענין פון לימוד התורה,

[ווארום אע"פ אז מ'זאגט "בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת" - האט מען דאך דאס אבער יע מתיר געווען, ואדרבה, וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז אנגעקומען "בקושי", באווייזט דאס אויפן גודל וחשיבות הענין],

סיי דער ענין פון נגלה דתורה (אע"פ אז דאס איז שבת[57]), ועאכו"כ דער ענין פון פנימיות התורה, וואס דאס איז דער עיקר הענין פון שבת[58] - ווארום ווען מ'דארף זיך אמפערן מיט קושיות און שקו"ט וכו', איז דאס היפך הענין פון תענוג,

- וואס -

------------

50) יל"ר עה"פ ואתחנן ד, יט. 51) אבות פ"ב מי"ב. 52) משלי ג, ו. 53) טושו"ע או"ח סרל"א. 54) ראה מג"א רסתצ"ד. 55) שהש"ר פ"א, יב (ב). 56) ראה אגה"ת פ"י. ובכ"מ. 57) ראה שיחת ש"פ הצא תשי"ד סי"ז. 58) ראה קונטרס עה"ח ע' 53.



הנחה הח' בלתי מוגה

וואס דערפאר איז דער עיקר הענין פון לימוד התורה בשבת - דער ענין פון פנימיות התורה, עץ החיים, "דלית תמן לא קשיא. כו׳ ולא מחלוקת כו׳"[59].

ובפרט אז לימוד פון פנימיות התורה האט א שייכות מיוחדת צו חגה"ש, ווארום בחגה"ש איז געווען די הסתלקות פון דעם בעש"ט[60], און ענינו פון דעם בעש"ט איז דער גילוי פון פנימיות התורה.

יג. כמדובר כמ"פ[61] אז שבועות איז פארבונדן מיט משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך די הכנה צו חגה"ש, דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, איז אויך פארבונדן מיט משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט. והביאור בזה:

דער ענין פון "נשמע" איז פארבונדן מיט משה רבינו, ווארום ענינו של משה רבינו איז דער ענין פון לימוד התורה, ווי מ׳זאגט[62] "משה קבל תורה מסיני ומסרה (צו אלע אידן עד סוף כל הדורות דורך) ליהושע כו׳"

[בשעת משה רבינו האט איבערגעגעבן די ציוויים פון דעם אויבערשטן צו אידן, איז דאס געווען לגבי אים אן ענין של "נעשה", אבער לגבי אידן, די מקבלים, איז דאס נאר אן ענין של "נשמע"].

דער ענין פון "נעשה" איז פארבונדן מיט דוד המלך, ווארום ענינו פון דוד המלך איז ספירת המלכות, דער ענין פון עשי׳, כמבואר אין קבלה און אין חסידות[63]. וואס אע"פ אז ספירת הבינה איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון עשי׳[64], קומט דאס אבער ניט צום ענין העשי׳ ווי דאס איז אין ספירת המלכות.

ובפרט אז שלימות הענין פון קיום המצוות איז דוקא אין א"י, משא"כ אין מדבר וואס דארטן איז ניט געווען אמיתית ושלימות הענין פון קיום המצוות, ווי די גמרא[65] זאגט אז משה רבינו האט געוואלט אריינגיין אין א"י כדי ער זאל קענען מקיים זיין מצוות בשלימות (דער ענין פון תורה איז געווען ביי אים בשלימות, עס האט אבער געפעלט ביי אים דער ענין פון קיום המצוות) - און די שלימות פון דער כניסה לארץ האט

- זיך -

---

59) זח"ג קכד, ב. הובא ונתבאר באגה"ק סכ"ו. 60) היום יום ע׳ נט. 61) ראה ג"כ לקו"ש חגה"ש ש.ז. בתחלתו. ושי"נ. 62) אבות רפ"א. 63) ראה דרמ"צ מצות מינוי מלך. 64) פרדס שער ערה"כ ע׳ מעשה. וראה אוה"ת ראה ע׳ תרסח ואילך. 65) סוטה יד, א.

זיך אויפגעטאן דורך דוד המלך[66], וואס ביי אים איז אויך געווען "קיימא סיהרא באשלמותא"[67], וואס דערפאר איז ענינו פון דוד המלך דער ענין פון "נעשה".

דערנאך קומט צו דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע (וואס דאס איז א באזונדער ענין), וואס דאס איז פארבונדן מיט ענינו פון דעם בעש"ט:

בנוגע צו דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, זאגט די גמרא[#] אז דער אויבערשטער האט געזאגט "מי גלה לבני רז זה", ד.ה. אז דאס איז אן ענין של "רז", און דער "רז" איז ארויסגעקומען בגילוי אין דיבור, ביז אין מעשה בפועל.

וואס דער ענין אז מ'זאל נעמען אן ענין של "רז" (רזי תורה) און מגלה זיין בדיבור ביז אין מעשה בפועל - איז דאס ענינו פון דעם בעש"ט.

און דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צום אלטן רבי'ן, ווארום דורך חסידות חב"ד האט דער אלטער רבי אראפגעטראגן דעם גילוי פון פנימיות התורה פון דעם בעש"ט אין אן אופן פון "יתפרנסון"[68], אז דאס זאל אראפקומען אין הבנה והשגה[69].

וואס דערפאר געפינט מען אז דער אלטער רבי האט געהאט הנהגות מיוחדות בנוגע צו חגה"ש, ווי עס ווערט דערציילט אין די שיחות פון רבינו נשיא דורנו[70].

יד. וכמדובר לעיל אז מ'זאל אויסנוצן די צייט וואס איז געבליבן ביז צו זמן מ"ת אויף צו טאן אין די הכנות צו מ"ת - כולל דעם ענין פון לימוד התורה, נגלה דתורה און פנימיות התורה, ובהקדמת עבודת התפלה[71].

וואס אע"פ אז מ'שטייט שוין נאך תפלת שחרית און מוסף - קען אבער זיין דער ענין פון אריכות התפלה אין תפלת מנחה.

און אע"פ אז ביי די חסידים הזקנים האט מען ניט געזעהן דעם ענין פון אריכות התפלה אין תפלת מנחה - איז דאך דאס דערפאר וואס מ'האט אזויפיל מאריך געווען אין תפלת שחרית, ביז אז ס'איז ניט געבליבן קיין צייט אויף אריכות התפלה אין תפלת מנחה[72]; אבער די וואס האבן שוין משלים געווען (עכ"פ לויט זייער שלימות) תפלת שחרית און מוסף, קענען זיי (אן אחריות) מאריך זיין אין תפלת המנחה.

- ובפרט -

------------

66) ראה לקו"ש חגה"ש ש.ז. הע' 39. 67) זח"א קנ, א. וראה לקו"ש ח"ח ע' 24 הע' 26. 68) תקו"ז ת"ו בסופו. 69) ראה לקו"ש ח"ז ע' 206. 70) ראה סה"ש תש"ה ע' 107 ואילך. 71) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. 72) ראה היום יום ע' קס.

ובפרט אז מ׳קען דאס פארבינדן מיט לימוד פנימיות התורה, וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיטן זמן פון רעוא דרעוין [דער רצון פון אלע רצונות; ניט סתם רזי תורה, נאר רזין דרזין, רעוא דרעוין].

סו. און דורך די אלע ענינים האמורים, כולל דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, גרייט מען זיך צו קבלת התורה, ביז אין אן אופן אז מ׳איז מכתיר יעדער אידן מיט די צוויי כתרים, וואס דער ענין הכתר איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מלוכה, ווארום נאר א מלך מעג טראגן א כתר.

און דאס ווערט די הכנה דערצו אז ווען ס׳קומט דער "ביום השלישי" ווערט דער ענין פון "וירד ה׳ על הר סיני"[73], אין אן אופן פון "ואני המתחיל"[74], און דערנאך איז "ואל משה אמר עלה אל ה׳"[75], און וויבאלד אז דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה[76], טוט זיך אויף דער "עלה אל ה׳", און וויבאלד אז "בתר רישא גופא אזיל"[77], טוט זיך דאס אויף ביי אלע אידן, אז ס׳ווערט דער חיבור פון עליונים ותחתונים[78],

און דאס ווערט די הכנה צום חיבור פון די עליונים ותחתונים וואס וועט זיין לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין "ה׳ אחד ושמו אחד"[79], בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

סז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע כו׳.

* * *

יז. כדגיל אין א התוועדות פון שבת אפלערנען א פרש"י אויף א פסוק אין פרשת השבוע, און אויך א משנה אין פרקי אבות, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר.

בנוגע צו פרש"י בסדרה זו - איז אזוי ווי חגה"ש איז פארבונדן מיט "תליתאי", "אוריאן תליתאי לעם תליתאי על ידי תליתאי ביום תליתאי בירחא תליתאי"[5], וואס דער ענין פון "שלישי" איז פארבונדן מיט "<u>הוכפל</u> בו כי טוב"[80] - וועט מען מבאר זיין צוויי פירושי רש"י אין דער סדרה.

ובפרט אז איין פרש"י איז פארבונדן מיט דעם ענין פון

- לימוד -

---

73) יתרו יט, כ. 74) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 75) משפטים כד, א. 76) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 77) עירובין מא, א. 78) שמו"ר ותנחומא שם. 79) זכרי׳ יד, ט. 80) פרש"י בראשית א, ז.

לימוד התורה, און דער צווייטער פרש"י - מיט אן ענין פון קיום המצוות, וואס דאס איז דער כללות הענין פון "נעשה ונשמע" (תורה און מצוות).

יח. דער ערשטער פרש"י איז קאפיטל ג' פסוק א', וואס דארטן שטייט: "ואלה תולדות אהרן ומשה", שטעלט זיך רש"י אויף דעם און איז מפרש: "ואינו מזכיר אלא בני אהרן ונקראו תולדות משה לפי שלמדן תורה, מלמד שכל המלמד את בן חבירו תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו".

וואס מ'האט זיך שוין געשטעלט אמאל אויף דעם פרש"י[81], מ'האט זיך אבער נים געשטעלט אויף די דיוקים דלקמן. וואס לכאו' איז נים פארשטאנדיק:

א) אויב מ'זאגט אז בני אהרן ווערן אנגערופן "תולדות משה" דערפאר וואס "למדן תורה", זיינען דאך נים נאר בני אהרן "תולדות משה", נאר אלע אידן זיינען "תולדות משה", ווארום משה רבינו האט געלערנט תורה מיט אלע אידן, ווי רש"י האט שוין געזאגט אין פ' תשא[82] "כיצד סדר המשנה משה הי' לומד מפי הגבורה כו' נכנסו כל העם שנה להם משה פרקם" - דארפן דאך אלע אידן אנגערופן ווערן "תולדות משה"?

ב) עפ"ז זיינען נים נאר בני אהרן (און אלע אידן) "תולדות משה", נאר אהרן אליין איז אויך "תולדוה משה", ווארום משה רבינו האט געלערנט תורה מיט אהרן, ווי רש"י זאגט דארטן "נכנס אהרן שנה לו משה פרקו" - איז פארוואס ווערט אהרן נים פארעכנט אלס "תולדות משה"?

די קושיא איז נאכמער: נים נאר אז דער פסוק זאגט נים אז אהרן איז "תולדות משה", נאר דער פסוק איז דאס גאר <u>שולל</u>, ווארום ווען ס'וואלט געשטאנען "ואלה תולדות משה ואהרן" (פריער משה און דערנאך אהרן), וואלט מען געקענט זאגן אז אהדן איז אויך נכלל אין "תולדות משה", אבער וויבאלד אז ס'שטייט "ואלה תולדות אהרן ומשה" (פריער אהרן און דערנאך משה), איז דער פסוק דערמיט שולל אז אהרן איז נים נכלל אין "תולדות משה"?

מיט נאך כמה דיוקים אין דעם פרש"י, וכפי שיתבאר לקמן.

יט. דער צווייטער פרש"י איז בנוגע צו די מצוה פון פדיון בכורות [וואס איך קאך זיך אין דעם דערפאר וואס דאס איז נוגע צו מיר, זייענדיק א בכור] - וואס דער אויבערשטער האט געהייסן "קח את הלוים תחת כל בכור בבני ישראל[83], און

- אזוי -

---

81) ראה גם לקו"ש חי"ג ע' 9 הע' 1. 82) לד, לב.
83) ג, מה.

אזוי ווי ס׳זיינען געווען די "פדויי השלשה והשבעים והמאתיים העודפים על הלויים מבכור בני ישראל"[84], איז "ולקחת חמשת חמשת שקלים לגלגלת גו׳"[85].

[און ווי רש"י[86] איז מבאר ווי אזוי האט מען געוואוסט וועלכער בכור ווערט נפדה דורך א לוי, און וועלכער דורך די ה׳ שקלים, לכאורה קען יעדער בכור זאגן "אני מפדויי הלויים" - "מה עשה הביא שנים ועשרים אלף פתקין וכתב עליהם בן לוי ומאתיים ושבעים ושלשה פתקין כתב עליהן ה׳ שקלים, בללן ונהנן בקלפי אמר להם בואו וטלו פתקיכם לפי הגורל"].

שטעלט זיך רש"י אויף "ואת פדויי השלשה וגו׳"[86], און זאגט: "ואת הבכורות הצריכין להפדות בהם אלו השלשה ושבעים ומאתיים העודפים בהם יתרים על הלויים, מהם תקח חמשת שקלים לגלגלת, כך היתה מכירתו של יוסף עשרים כסף שהי׳ בכור של רחל".

וואס די מצוה פון פדיון בכורות שטייט אויך אין פ׳ בא[87], און דארטן זאגט רש"י אויף "וכל בכור אדם בבניך תפדה"[88] - "חמש סלעים פדיונו קצוב במקום אחר", וואס דאס גייט אויפן פסוק אין פ׳ קורח[88*] *, ווי רש"י זאגט אין פ׳ תשא[88**] "ה׳ סלעים פדיונו קצוב שנאמר ופדויו מבן חדש תפדה **.

און ס׳איז ניט קיין קושיא פארוואס איז רש"י מסביר אז "כך היתה מכירתו של יוסף עשרים כסף שהי׳ בכור של רחל" בפרשתנו דוקא און ניט אין פ׳ בא - ווארום אין פ׳ בא שטייט ניט אז מ׳דארף געבן דעם סכום פון חמשה שקלים. דאס שטייט בפרשתנו, און דעדפאר איז דאס רש"י מסביר בפרשתנו.

כ. כדי אז מ׳זאל קענען פודה זיין די בכורות דורך די לויים, האט מען געדארפט ציילן די לויים - זאגט דער פסוק[89] "כל פקודי הלויים גו׳ שנים ועשרים אלף".

שטעלט זיך רש"י אויף דעם און פרעגט: "ובפרטן אתה מוצא שלש מאות יתרים", און ער מאכט דעם חשבון ווי אזוי מ׳געפינט "שלש מאות יתרים", "ולמה לא כללן עם השאר ויפדו את הבכורות, ולא יהיו זקוקים השלשה ושבעים ומאתיים בכורות העודפים על המנין לפדיון, אמרו רבותינו במס׳ בכורות אותן שלש מאות לויים בכורים היו ודיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון".

---

*) א״ך הכוונה על הפסוק דפרשתנו "ולקחת חמשת חמשת שקלים לגלגלה" - כי כאן אפ"ל שהייתה הוראת שעה (כמו החילוף דהלוים).

**) נוסף על השינויים שבפרש"י זה לפרש"י דפ׳ בא - התמי׳ הכי גדולה כאן <u>שהעיקר</u> חסר בהראי׳, ואפילו <u>גו׳</u> - אינו כותב.

---

84) שם מו. 85) שם מז. 86) שם נ. 87) יג, א ואילך. 88) שם יג. *88) יח, טז. **88) לד, כ. 89) פרשתנו שם לט.

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

א) בשעת רש"י פרעגט "ובפרטן אתה מוצא שלש מאות יתרים", איז שוין פארשטאנדיק זיין קושיא (אז דער חשבון פון "שנים ועשרים אלף" שטימט ניט, ווארום "בפרטן אהה מוצא שלש מאות יתרים"), איז וואס דארף רש"י מוסיף זיין בקושיתו "ולמה לא כללן עם השאר"?

[און ווי מ'געפינט אין פ' ויגש בנוגע צו דעם מנין פון בני יעקב, אז ס'שטייט "כל נפש בניו ובנותיו שלשים ושלש"[90], און רש"י פרעגט אויף דערויף "ובפרטן אי אתה מוצא אלא ל"ב" - האט ער דא אויך געקענט פרעגן מערניט ווי "ובפרטן אתה מוצא שלש מאות יתרים", צוליב וואס דארף ער מוסיף זיין "ולמה לא כללן עם השאר"?].

דער מקור פון דעם פרש"י איז דאך אין בכורות[91], אבער דארטן שטייט ניט "ולמה לא כללן עם השאר", נאר "ושלש מאות להיכן הלכו".

וואס דער לשון הגמרא איז דורש ביאור לעצמו ע"ד ההלכה - אבער בנוגע לענינגו דארף מען פארשטיין פארוואס דארף רש"י מוסיף זיין בקושיתו "ולמה לא כללן עם השאר"?

ב) דערנאך איז רש"י ממשיך: "ויפדו את הבכורות ולא יהיו זקוקים השלשה ושבעים ומאתיים בכורות העודפים על המנין לפדיון". איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז נוגע אין דער קושיא צו מבאר זיין אז בשעת מ'וועט זיי כולל זיין עם השאר, וועלן זיי קענען פודה זיין די בכורות העודפים - אן דעם איז אויך פארשטאנדיק די קושיא: דער חשבון פון "שנים ועשרים אלף" שטימט ניט, ווארום "בפרטן אתה מוצא שלש מאות יתרים"?

ג) דערנאך איז רש"י ממשיך: "אמרו רבותינו במס' בכורות אותן שלש מאות לויים בכורים היו, ודיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון".

איז ניט פארשטאנדיק: דער טעם וואס מ'האט געדארפט פודה זיין די בכורות איז, "לפי שהיתה העבודה בבכורות, וכשחטאו בעגל נפסלו, והלויים שלא עבדו עבודת כוכבים נבחרו תחתיהם"[92].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די בכורות פון די לויים דארפן ניט האבן קיין פדיון, ווארום זיי זיינען ניט נפסל געווארן בחטא העגל - איז וואס זאגט רש"י "ודיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון", די בכורות פון די לויים דארפן אינגאנצן ניט אנקומען צו קיין פדיון, דארפן זיי זיך ניט מפקיע זיין מן הפדיון?!

- וכפי -

---

90) ויגש מו, טו. 91) ה, א. 92) פרש"י ג, יב.

וכפי שיתבאר לקמן.

כא. בנוגע צו א משנה אין פרקי אבות - איז דער פרק פון היינטיקן שבת פרק ששי, "קנין תורה". און אזוי ווי ס'איז שוין נענטער צו זמן מ"ת, וועט מען זיך שטעלן אויף דער לעצטער משנה פון דעם פרק "קנין תורה".

וואס אין דער משנה שטייט: "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו, שנאמר כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו, ואומר ה' ימלוך לעולם ועד".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

א) פרקי אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[93] - איז וואס פאר אן ענין אין "מילי דחסידותא" קומט ארויס דערפון וואס מ'ווייסט אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו"; לכאו' איז דאס אן ענין וואס איז נוגע צו אלע איבעריקע נבראים וואס געפינען זיך בעולמו של הקב"ה, וואס איז אבער נוגע אין עבודת האדם ער זאל וויסן אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמות לא בראו אלא לכבודו"?

בשעת מ'זאגט אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[94], איז פארשטאנדיק די הוראה שבזה אין עבודת האדם - אז די גאנצע צייט וואס ער איז א נברא, דארף ער וויסן אז "נבראתי לשמש את קוני", ובמילא דארף זיין יעדער פעולה שלו "לשמש את קוני"; וואס איז אבער נוגע צו זיין עבודה דאס וואס "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו"?

ב) בשעת מ'ברענגט נאך א ראי' פון א צווייטן פסוק ("ואומר ה' ימלוך לעולם ועד"), איז דאס דערפאר וואס די ראי' פון דעם ערשטן פסוק איז נאך ניט גענוג, ס'איז דא עפעס א קושיא אויף דעם, וואס דערפאר ברענגט מען נאך א ראי' פון א צווייטן פסוק. דארף מען פארשטיין: וואס איז ניט פארשטאנדיק אין דעם ערשטן פסוק וואס דערפאר דארף מען ברענגען אויך דעם צווייטן פסוק?

כפרשים[95] ווילן פארענטפערן, אז די ראי' פון דעם ערשטן פסוק איז נאך ניט גענוג, ווארום ס'בלייבט ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי זאגט מען אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", מ'זעט דאך אז ס'זיינען דא רשעים בעולם (בפרט אין עולם העשי', "אף עשיתיו"[96]), וואס זיי זיינען דער היפך פון "לכבודו של הקב"ה"? - און אויף דערויף ברענגט מען דעם

- צווייטן -

------------

93) ראה ב"ק ל, א. 94) קידושין בסופה. 95) מדרש שמואל. 96) ראה לקו"ה ר"פ בלק. מד"ש שם.

צווייטן פסוק "ואומר ה׳ ימלוך לעולם ועד", אז לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין "ה׳ ימלוך לעולם ועד"[97], דעמולט וועט מען זעהן בגילוי אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו".

מ׳קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום דעמולט ווערט נאך שווערער די ערשטע קושיא: וואס קומט ארויס אין עבודת האדם דעתה דערפון וואס מ׳ווייסט אז לע"ל וועט זיין "ה׳ ימלוך לעולם ועד"?

ועוד: דער ענין פון "ה׳ ימלוך לעולם ועד" איז ניט קיין ענין וואס וועט זיין נאר לע"ל, נאר איצטער איז דאס אויך דא, ווארום בכל ר"ה איז א איד מקבל אויף זיך מלכותו של הקב"ה, ובפרטיות יותר איז דא בכל יום דער ענין פון קבלת עומ"ש, און פעמיים בכל יום, וואס דאס איז דער ענין פון ק"ש, כמארז"ל[98] "למה קדמה פרשת שמע לוהי׳ אם שמוע, כדי שיקבל עליו עול מלכות שמים תחלה כו׳" -

דארף מען דאך זאגן אז "ה׳ ימלוך לעולם ועד" מיינט ניט אז דאס וועט ערשט זיין לע"ל, נאר ע"ד ווי דער רמב"ם[99] זאגט בנוגע צו דעם ענין פון "עולם הבא", אז דאס מיינט ניט לע"ל, ווארום ס׳איז "מצוי ועומד" אויך איצטער, נאר דאס ווערט אנגערופן "עולם הבא" דערפאר וואס דאס קומט "אחר חיי העוה"ז", איז עד"ז אויך בנוגע צו "ה׳ ימלוך לעולם ועד", אז דאס מיינט ניט לע"ל, נאר אז דאס קומט לאחרי די עבודה שלפנ"ז. וכפי שיתבאר לקמן.

כב. בנוגע צו די הערות אויפן זהר, איז אין פ׳ במדבר דא מערניט ווי איין הערה, אויף דעם וואס ס׳שטייט אין זהר[100] "עאל לבי כנישהא מעטר בטוספי אתכסי בכיסוי דציצית", און ער צייכנט אן צו דעם וואס ער האט געשריבן אויפן זהר אין פ׳ קדושים[101].

וואס סיי אין פ׳ במדבר און סיי אין פ׳ קדושים, איז דער סדר פריער תפילין און דערנאך ציצית.

שטעלן זיך אויף דעם מפרשי הזהר[102], און פרעגן: פארוואס איז ער מקדים תפילין פאר ציצית, דער סדר איז דאך להיפך, פריער ציצית און דערנאך תפילין?

און מ׳פארענטפערט, אז דא רעדט זיך ניט וועגן דעם סדר

- הענינים -

------------

97) ראה פרש"י עה"פ בשלח טו, יז. 98) ברכות יג, א. 99) הל׳ תשובה ספ"ח. 100) ח"ג קכ, ב. 101) פא, א. 102) נצו"א לזח"ג קכ, ב.

העניינים, נאר וועגן די מעלה וחשיבות שלהם, און דערפאר איז ער מקדים תפילין פאר ציצית, וויבאלד אז תפילין האט א גרעסערע מעלה וחשיבות פון ציצית,

ווארום בנוגע צו מצות ציצית איז ניטא קיין חיוב אז ער דארף טראגן ציצית, די מצוה איז נאר אז בשעת ער טראגט א בגד פון ארבע כנפות, דארף ער לייגן דארטן ציצית, און ווי די גמרא [103] זאגט אז דוקא "בזמן דאיכא ריתחא" דארף מען אנקומען צו מצות ציצית, משא"כ מצות תפילין וואס דער חיוב איז לייגן תפילין בכל יום - און מצד די מעלה וחשיבות פון מצות תפילין, איז מען מקדים תפילין פאר ציצית.

ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק: אין דעם זעלבן זהר (דפרשתנו) איז ער דערנאך ממשיך: "יקבל עלי' האי עול לפרשא על רישי' פרישו דמצוה, לבתר יתקשר קשורא דיחודא דאינון תפילין" (פריער ציצית און דערנאך תפילין), איז ניט פארשטאנדיק: אויב דא רעדט זיך וועגן די מעלה וחשיבות (און ניט וועגן דעם סדר), האט ער געדארפט אין ביידע ערטער מקדים זיין תפילין פאר ציצית, איז פארוואס איז ער דערנאך מקדים ציצית פאר תפילין? וכפי שיתבאר לקמן.

* * *

כג. דער ביאור אין פרש"י אויף "ואלה תולדות אהרן ומשה":

מפרשים [104] שטעלן זיך אויפן דיוק וואס מ'זאגט "המלמד את <u>בן</u> חבירו (דוקא) תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו" (און ניט המלמד את חבירו סתם) - און זיי זאגן אז דאס איז דערפאר וואס ווען ס'רעדט זיך וועגן "בן חבירו", איז דאך דא דער וואס איז מחוייב לערנען מיט אים תורה, וואס דאס איז זיין פאטער, וואס ער איז מחוייב לערנען מיט אים תורה מצד דעם ציווי פון "ושננתם לבניך" [105] און "והודעתם לבניך ולבני בניך" [106], ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין הל' ת"ת [107] אז "מצוה להקדים בניו כו' לתלמידים אחרים";

איז וויבאלד אז ביי "בן חבירו" איז דא דער וואס איז מחוייב לערנען מיט אים, און אעפ"כ לערנט <u>ער</u> מיט אים תורה *, איז "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו", משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן חבירו סתם, וואס יענער האט ניט איינעם וואס איז

- מחוייב -

------------

*) יותר נ"ל <u>שגם</u> הוא מלמדו (וכמו ב"ילדו" שיש גם האם) - וכמו בנדו"ד שגם אהרן למדם (פרש"י תשא) "כדאיתא בעירובין".

------------

103) מנהות מא, א. 104) שפ"ח. 105) ואתחנן ו, ז. 106) שם ד, ט. 107) פ"א ה"ח.

מחוייב לערנען מיט אים תורה, איז בשעה ער לערנט מיט אים תורה, זאגט מען ניט אז "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו".

ועפ"ז וועט אויסקומען א חידוש: דאס וואס מ'זאגט אז "המלמד את בן חבירו תורה כו' כאילו ילדו", איז ע"פ פשש"מ דוקא ווען אביו איז בחיים, וואס דעמולט איז דא דער וואס איז מחוייב לערנען מיט אים, משא"כ לאחרי מאה ועשרים שנה ווען אביו איז שוין ניט בחיים, דעמולט זאגט מען ניט "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו" *.

כד. עפ"ז קען מען פארענטפערן פארוואס נאר בני אהרן ווערן אנגערופן "תולדות משה", משא"כ אהרן:

בנוגע צו בני אהרן, האט משה רבינו ניט געהאט קיין חיוב צו לערנען תורה מיט זיי, ווארום מצד "ושננתם לבניך" איז אהרן געווען מחוייב לערנען מיט זיי,

[וואס אהרן איז דאך געווען ראוי צו לערנען מיט זיי, און מ'געפינט אז ער האט טאקע געלערנט תורה מיט זיי, ווי רש"י [109] ברענגט אראפ דעם "סדר משנה" און איז מסיים "כדאיתא בעירובין", וואס דארטן [110] זאגט די גמרא "נסתלק משה ושנה להן אהרן פרקו"],

ופשיטא אז ע"פ פשש"מ קען מען ניט זאגן אז מצד דעם ציווי פון "דבר אל בנ"י" איז דא א חיוב אויף משה רבינו צו לערנען עם כאו"א מס"ר דבנ"י - עס קען אנקומען צו אידן אויך דורך אהרן וכיו"ב.

און ווייבאלד אז ער האט געלערנט מיט זיי תורה ווען ס'איז געווען אן אנדערער וואס איז געווען מחוייב לערנען מיט זיי, דערפאר איז "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו", און זיי ווערן אנגערופן "תולדות משה"; משא"כ בנוגע צו אהרן, וואס ער האט ניט געהאט איינעם וואס איז מחוייב לערנען מיט אים, איז בשעה אז משה האט געלערנט מיט אים, איז ניטא דער ענין פון "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו", בפילא ווערט ער ניט אנגערופן "תולדות משה".

כה. עס בלייבט נאך אבער אלץ ניט פארשטאנדיק:

מצד דעם חיוב פון "ושננתם לבניך", האט דאך משה רבינו

- צום -

---

*) אולי י"ל שזהו עוד סוג "(אשר) עשו (בחרן)" [108].

---

108) לך לך יב, ה ובפרש"י. 109) תשא לד, לב.
110) עירובין נד, ב.

צום אלעם ערשטן געדארפט לערנען מיט זיינע קינדער – איז פארוואס געפינט מען נאר אז ער האט געלערנט מיט בני אהרן, און ניט מיט זיינע קינדער?!

לכאו׳ וואלט מען געקענט זאגן, אז דער ציווי פון "ושננתם לבניך" וואס שטייט ערשט אין חומש דברים, איז געזאגט געווארן בשנת הארבעים, און ביז דעמולט איז ניט געווען קיין חיוב מיוחד על האב ללמד את בנו תורה.

מ׳קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום: (א) אויך אן דעם ציווי פון "ושננתם לבניך" פארשטייט אפי׳ א בן חמש למקרא אז מצד הסברא דארף מען צום אלעם ערשטן לערנען תורה מיט די אייגענע קינדער [ע"ד ווי מ׳זאגט אז "עניי עירך ועניי עיר אחרת עניי עירך קודמין"[111]].

(ב) עפ"ז וועט אויסקומען אז דער "סדר משנה" וואס רש"י ברענגט אראפ אין פ׳ תשא איז געווען נאר ביז שנת הארבעים, איידער ס׳איז געזאגט געווארן דער ציווי פון "ושננתם לבניך", און דערנאך איז געווען אן אנדער סדר – וואס דאס איז א חידוש גדול וואס מ׳געפינט ניט אין קיין ארט.

כו. והביאור בזה:

כמדובר כמ"פ אז רש"י באווארנט בפירושו אלע ענינים וואס זיינען ניט פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא (ביז וואנעט אז ווען ס׳בלייבט א קושיא אין פשוטו של מקרא, זאגט רש"י "לא ידעתי"[112]).

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: רש"י פרעגט "ואינו מזכיר אלא בני אהרן", און פארענטפערט ניט די קושיא פארוואס ווערן ניט דערמאנט אויך בני משה?

איז דער ביאור בזה: דאס וואס רש"י זאגט "ואינו מזכיר אלא בני אהרן", איז דאס ניט קיין קושיא, נאר רש"י זאגט פשט אין דעם פסוק: "אינו מזכיר אלא בני אהרן", דער פסוק רעדט דא נאר וועגן בני אהרן, וועגן די כהנים (ובמילא איז כובן פארוואס ווערן דא ניט דערמאנט בני משה, ווארום כ׳רעדט דא וועגן כהנים).

– אין המשך הפסוקים ווייטער[113] דערמאנט מען "ולקהה משפחת העמרמי", וואס בפשטות גייט דאס אויף בני משה, ווארום כרים האט דאך ההונה געהאט מיט כלב בן יפונה און

– איר –

---

111) פרש"י משפטים כב, כד – מב"מ עא, רע"א. 112) ראה הנסמן בלקו"ש ח"ה ע׳ 1 שוה"ג הא׳ להע׳ 2. 113) ג, כז.

איר זון איז געווען חור[114], ניט קיין לוי, און בני אהרן זיינען דאך כהנים, ניט קיין לויים, און דא רעדט זיך וועגן מנין הלויים - מוז מען זאגן אז "משפחת העמרמי" גייט אויף בני משה; און אין אונזער פסוק רעדט זיך נאר וועגן די כהנים.

און בדרך אגב לערנט אונז דער פסוק אז "כל המלמד את בן חבירו תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו" - דורך דערויף וואס ער זאגט "ואלה תולדות אהרן ומשה".

כז. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ווערט ניט דערמאנט אז משה רבינו האט געלערנט תורה מיט זיינע קינדער - ווארום דא רעדט זיך ניט וועגן דעם חיוב פון "ושננתם לבניך" (ובפשטות האט ער זיכער מקיים געווען דעם ציווי), נאר עס רעדט זיך וועגן דעם חיוב וואס משה רבינו האט געדארפט איבערגעבן דעם אויבערשטנ'ס ציוויים צו אידן, "דבר אל בנ"י" וכו'.

ועפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס נאר בני אהרן ווערן אנגערופן "תולדות משה", און ניט אהרן:

בשעה משה האט געדארפט איבערגעבן תורה צו אידן, האט ער געדארפט לערנען מיט אהרן, ווארום רש"י[115] האט שוין געזאגט אז בשעת מ"ה איז געווען "אהרן מחיצה לעצמו וכו'", ד.ה. אז ער איז א מחיצה נענטער צו דעם ענין פון קבלת התורה, ובמילא בשעת מ'דארף איבערגעבן תורה צו אידן, דארף דאס צום אלעם ערשטן אנקומען צו דעם וואס געפינט זיך אין א נענטערע מחיצה צו דעם ענין פון קבלת התורה - צו אהרן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת משה רבינו האט געלערנט תורה מיט אהרן, איז דאס ניט געווען קיין ענין של חידוש, ווארום ער האט געמוזט לערנען מיט אים, ובמילא איז דא ניטא דער אויפטו פון "המלמד את בן חבירו תורה כו' כאילו ילדו";

משא"כ בנוגע צו בני אהרן, וואס מיט זיי האט משה ניט געדארפט לערנען (וכנ"ל אז ע"פ פשש"מ איז ניטא קיין חיוב אויף משה רבינו לערנען מיט אלע ס"ר אידן, ועד"ז אויך ניט מיט בני אהרן - זיי קענען דאס מקבל זיין דורך אהרן) - איז בשעה אז ער האט געלערנט מיט זיי, איז "מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו", און דערנאך ווערן זיי אנגערופן "תולדות משה".

כח. דער ביאור אין פרש"י אויף "שנים ועשרים אלף":

אויף "אשר פקד משה ואהרן"[116] זאגט רש"י: "נקוד על

- ואהרן -

---

114) פרש"י בשלח יז, י. 115) עה"פ יתרו יט, כד.
116) ג, לט.

ואהרן לומר שלא הי׳ במנין הלויים". וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא אז ס׳איז דא אמאל וואס מ׳רעכנט ניט אדיין איימיצן אין דעם מנין, מצד זיין חשיבות וכו׳.

דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס "בפרטן אתה מוצא שלש מאות יתרים", איז ניט קיין שטארקע קושיא, ווארום פונקט ווי מ׳זעט אז אהרן איז ניט נכלל געווארן אין מנין הלויים, קען אויך זיין אז די "שלש מאות יתרים" גייען אויך ניט אדיין אין מנין הלויים.

די שאלה איז אבער "למה לא כללן עם השאר": בנוגע צו אהרן, קען מען נאך פארשטיין אז מצד גודל החשיבות שלו, איז ער ניט נכלל געווארן אין מנין הלויים; וואס איז אבער די הסברה בנוגע צו די "שלש מאות יתרים", פארוואס ווערן זיי ניט נכלל מיט אלע איבעריקע לויים?

ובפרט אז דא איז דא א טעם נוסף פארוואס מ׳זאל זיי כולל זיין עם השאר - "ויפדו את הבכורות, ולא יהיו זקוקים השלשה ושבעים ומאתיים בכורות העודפים על המנין לפדיון".

ד.ה. אפי׳ אויב מ׳וועט געפינען אז די "שלש מאות יתרים" האבן געהאט א מעלה מיוחדת וואס דערפאר ווערן זיי ניט נכלל עם השאר - בלייבט נאך אבער די שאלה: זאלן זיי פודה זיין די בכורות העודפים על המנין? ובמכש"כ וק"ו: מה-ראך אז סתם א לוי קען פודה זיין א בכור (מצד מעלתו), איז א לוי וואס האט נאך דערצו א מעלה נוספת, קען ער זיכער פודה זיין א בכור?

אויף דערויף זאגט רש"י: "אמרו רבותינו במס׳ בכורות אותן שלש מאות לויים בכורים היו ודיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון". והביאור בזה:

דער טעם הפדיון איז ניט דערפאר וואס פריער איז די עבודה געווען בבכורות און דורך דעם חטא העגל זיינען זיי נפסל געווארן לעבודה (ווי מפרשים[117] ווילן זאגן) - ווארום וויבאלד זיי זיינען נפסל געווארן לעבודה ע"פ דין, איז ניטא פון וואס צו פודה זיין זיי;

ע"פ פשש"מ איז דער טעם הפדיון ווי ס׳האט שוין געלערנט בפירוש אין פ׳ בא[118] (שלפני פרשתנו) "ויהרוג ה׳ כל בכור בארץ מצרים גו׳ על כן גו׳ וכל בכור בני אפדה", וואס דער טעם איז שייך אויך ביי די לויים, ובמילא דארפן זיי אויך אנקומען צום פדיון, און דערפאר איז "דיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון".

- ולשופרי׳ -

---

117) שפ"ח, ועוד. 118) יג, טו.

ולשופרי' דמילתא אדער אלס א טעם נוסף - י"ל:

אין עטליכע פסוקים לאח"ז[119] זאגט רש"י: "מהם תקח חמשת שקלים לגלגלת כך היתה מכירתו של יוסף עשרים כסף שהי' בכורה של רחל". ובמילא קען מען זאגן אז דאס איז א טעם נוסף * אויפן פדיון.

און וויבאלד אז לוי האט זיך אויך משתתף געווען אין דער מכירה (אזוי ווי אלע איבעריקע שבטים **) איז פארשטאנדיק אז ער דארף אויך אנקומען צום פדיון *** - ובמילא איז "דיים שיפקיעו עצמם מן הפדיון".

כט. דער ביאור אין דעם זהר:

אין זהר איז ער מקדים מצות תפילין פאר מצות ציצית, מצד די מעלה וחשיבות פון מצות תפילין. וואס דערפאר קאכט מען זיך במיוחד אין "מבצע תפילין".

וואס לכאו', פארוואס קאכט מען זיך אין "מבצע תפילין" דוקא און ניט אין "מבצע ציצית"?

ובפרט אז בנוגע צו מצות תפילין איז דא די הגבלה אז דאס דארף זיין דוקא ביום, און דוקא ביי אנשים, משא"כ בנוגע צו מצות ציצית וואס אין דערויף איז דא חילוקים צי ס'איז אויך בלילה[120], און צי ס'איז דא אויך ביי נשים[121].

און ווי געבראכט פריער (סכ"ב) אז "בזמן דאיכא ריתחא" דארף מען אנקומען במיוחד צו מצות ציצית - און ס'איז ניטא קיין גרעסערע "זמן דאיכא ריתחא" מערער ווי דאס איז אין דעם חושך כפול ומכופל פון זמן הגלות, דארף מען זיך לכאו' מערער קאכן אין "מבצע ציצית"?

און דאס וואס מ'זאגט[122] אויף תפילין אז "הוקשה כל

- התורה -

------------

*) ע"ד במיתת נדב ואביהוא (שמיני י, א-ב ובפרש"י). ועוד.

**) ואף שבנימין לא השתתף במכירת יוסף, וכן ראובן ויוסף עצמו - הרי מאחר שלא גילו ליעקב ולפדותו ולהחזור ליעקב, שזהו ביטול המכירה, לכן יש גם להם שייכות להמכירה, וזקוקים לפדיון.

***) ומעלת הלויים שהם פודים את הבכורות (אף שגם לוי השתתף במכירת יוסף) - היא ע"י עבודתם בקודש.

------------

119) ג, מו. 120) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סי"ח. 121) טושו"ע (ואדה"ז) שם סי"ז ס"ג (ס"ב). 122) קידושין לה, א.

התורה כולה לתפילין", איז דאך מצות ציצית אויך שקולה כנגד כל המצוות[123], און ווי רש"י זאגט אויף "וזכרתם את כל מצוות ה'"[124] - "שמנין גימטריא של ציצית שש מאות, ושמונה חוטים וחמשה קשרים הרי תרי"ג".

איז דער ביאור בזה: דאס וואס מצות ציצית איז שקולה כנגד כל המצוות, איז דאס מערניט אז מצות ציצית דערמאנט אויף אלע מצוות ("וזכרתם את כל מצוות ה'"); משא"כ דאס וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין", איז דערפאר וואס תפילין איז כולל אין זיך "כל התורה כולה",

וואס דערפאר לערנט מען אפ פון מצות תפילין אויף כל התורה כולה אז ס'דארף זיין "מן המותר בפיך"[125] - וויבאלד אז מצות תפילין האט אין זיך "כל התורה כולה",

[וע"ד המבואר בכ"מ[126] דאס וואס "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[127], אז דאס איז דערפאר וואס אין דער מצוה וואס ער איז מקיים איז דא א מעין פון כל המצוות].

וואס דאס איז די מעלה וואס איז דא אין תפילין לגבי ציצית - און דערפאר איז ער מקדים אין זהר תפילין פאר ציצית.

לאידך גיסא, איז אבער אויך דא א מעלה אין מצות ציצית, ווארום מצות ציצית האט די מעלה פון אור מקיף[128] (חוץ פון חוטי הטלית, וואס ענינם איז המשכת המקיף בפנימי), משא"כ דער עניך פון תפילין וואס ענינם איז אור פנימי[129] - און מצד די מעלה פון אור מקיף וואס איז דא ביי ציצית, איז ער דערנאך מקדים אין זהר ציצית פאר תפילין.

ל. דער ביאור אין דער משנה פון פרקי אבות:

ס'איז מבואר אין ע"ח[130] און ס'ברענגט זיך אראפ אין תניא[131], אז "הנשמה עצמה אינה צריכה תיקון כלל כו' ולא הוצרכה להתלבש בעוה"ז וכו' רק להמשיך אור לתקנם כו'", ד.ה. אז ירידת הנשמה למטה איז כדי צו מברר זיין דעם גוף ונה"ב ותלקו בעולם.

וואס דאס איז אויך וואס מ'זאגט[132] אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל

- ישראל -

---

123) נדרים כה, א. וש"נ. רמב"ם סוף הל' ציצית.
124) שלח טו, לט. 125) שבת כח, ריש ע"ב. וש"נ.
126) זח"ג קפו, א. וראה המשך תרס"ו ע' סח ואילך. ועוד.
127) סוכה כה, א. זהר שם. 128) דאה דרמ"צ יד, א ואילך.
129) שם יד, א. 130) שער כ"ו פ"א. 131) פל"ז (מח, ב).
132) פרש"י ר"פ בראשית.



הנחה הת' בלתי מוגה

ישראל שנקראו ראשית", ד.ה. אז די עבודה פון א אידן דארף אויפטאן אין דער גאנצער וועלט.

און ניט נאר עוה"ז איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל", נאר אזוי אויך אלע עולמות העליונים, כמבואר אין זהר[133] אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" איז מרמז אויף אלע עשר ספירות; שמים וארץ איז ז"א און מלכות, און בראשית און אלקים איז חכמה ובינה, און דאס אלץ איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל".

וכידוע תורת הה"מ[134] אויף דער משנה[135] "דע מה למעלה ממך", אז אלע ענינים פון "למעלה" זיינען "ממך", ס'איז תלוי אין עבודת האדם דא למטה.

וכמשל הבנין וואס בשעת ער שאקלט זיך למטה, שאקלט זיך דער גאנצער בנין אויך למעלה - און בשעת ס'האט זיך אויפגעטאן במ"ת דער ענין פון "ארץ יראה ושקטה" דא למטה, האט זיך דאס אויפגעטאן אויך אין אלע עולמות העליונים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די עבודה פון א אידן איז נוגע אין דער גאנצער וועלט, ביז וואנעט אז ס'איז נוגע אין אלע עולמות העליונים[136], ביז אפי' אין עולמות הא"ס, "עולמו" של הקב"ה.

לא. און אויף דערויף זאגט מען א אידן אז ער זאל וויסן זייך אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" - וואס דאס איז אן ענין פון "מילי דחסידותא" וואס איז נוגע לעבודת האדם:

וויסנדיק אז זיין עבודה איז נוגע אין דער גאנצער וועלט, ביז אויך אין אלע עולמות העליונים, ביז אין עולמות הא"ס - וואס זיי אלע זיינען באשאפן געווארן לכבודו של הקב"ה [און מיטן דיוק אז "לא בראו אלא לכבודו", וואס דאס איז דאך לעיכובא, ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו הקרבת העומר[137]] - איז פארשטאנדיק, אז זיין עבודה איז זייער נוגע, און ער מוז אפטאן עבודתו לקונו כדבעי.

ווארום בשעה ער טוט ניט זיין עבודה, איז ניט נאר וואס ער נוצט ניט אויס די כחות וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, וואס "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה"[138], נאר ער פועל'ט א בלבול אין אלע עולמות וואס זיינען באשאפן

- געווארן -

---

133) ח"א רנו, ב. 134) לקו"א סקצ"ח. או"ה קיב, ב. 135) אבות פ"ב מ"א. 136) ראה ג"כ לקלוי"צ לזח"א ע' ח. 137) ראה תוד"ה מתני' - מנחות פג, סע"ב. 138) שבת עז, ב.

געווארן לכבודו של הקב"ה, אז ס'פירט זיך ניט אויס כוונת בריאתם.

ומובן בפשטות אז ווען ער ווייסט דעם גאנצן ענין, טוט ער זיין עבודה בתכלית השלימות, ניט נאר לויט ווי ער איז מחוייב מצד דעם שו"ע, נאר לפנים משורת הדין וכו'.

לב. דערנאך איז די משנה ממשיך און איז מבאר דעם אופן העבודה:

מ'זאגט דאך אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", וואס אמיתית ענין הכבוד איז פארבונדן מיט דעם ענין המלוכה.

און אין דעם ענין המלוכה זיינען דא צוויי קצוות:

מצד דעם ענין המלוכה, זיינען אלע ענינים בהשוואה לגבי דעם מלך, ביז וואנעט אז מ'געפינט אז בשעת אוריי' החיתי האט דערמאנט יואב'ן מיט א תואר של כבוד בפני דוד המלך[139], איז דאס געווען אן ענין של מרידה במלכות, און ער האט באקומען אויף דערויף אן עונש וכו'[140] - ווארום לגבי דעם מלך זיינען אלע ענינים בהשוואה, ובמילא איז ניט שייך אז מ'זאל דערמאנען איימיצן מיט א תואר של כבוד.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: יואב איז געווען דער שר הצבא ביי דוד המלך, ביז וואנעט אז דאס וואס דוד האט געקענט זיצן און לערנען תורה, איז דאס געווען דורך דעם וואס "יואב בן צרוי' על הצבא"[141], ועד"ז דאס וואס דוד האט מנצח געווען אין אלע זיינע מלחמות איז דאס אויך געווען דורך יואב, דער שר הצבא - איז פארוואס זאל מען ניט טארן דערמאנען יואב'ן בפני דוד המלך מיט א תואר של כבוד, ובפרט א תואר של כבוד וואס דוד האט אים אליין געגעבן?

איז דער ביאור בזה, אז דאס איז דערפאר וואס מצד דעם ענין המלוכה, זיינען אלע בהשוואה בפני המלך.

אבער לאידך גיסא, כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון הנהגת המלוכה, "אשר יוציאם ואשר יביאם"[142], דארף זיין אן ענין של התחלקות דוקא, ס'דארפן זיין שרי אלפים וכו' ביז שרי עשרות (ד.ה. אז ניט אלע זיינען בהשוואה לגבי דעם מלך).

וואס עד"ז איז אויך למעלה: מצד דעם ענין ההתהוות

- וואס -

---

139) ראה ש"ב יא, יא. 140) ראה שבת נו, א. ועוד.
141) ש"ב ח, טז. וראה סנהדרין מט, א. 142) פינחס כז, יז.

וואס נעמט זיך מצד העצמות איז הכל בשוה, משא"כ מצד דעם
ענין פון גילויים, וואס דארטן איז שוין דא א התחלקות
צווישן די עולמות אבי"ע וכו׳.

און דאס זיינען די צוויי פסוקים וואס די משנה ברענגט:

אין דעם ערשטן פסוק שטייט "כל הנקרא בשמי ולכבודי
בראתיו יצרתיו אף עשיתיו", און ווי ס׳שטייט אין מדרש
שמואל (און ס׳ברענגט זיך אראפ אין חסידות בכ"מ) אז דאס
גייט אויף די ד׳ עולמות אבי"ע - וואס אין דעם פסוק זעט
מען אז ס׳איז דא אן ענין של התחלקות אין דעם ענין המלוכה;
משא"כ אין דעם צווייטן פסוק, "ה׳ ימלוך לעולם ועד", וואס
דארטן רעדט זיך וועגן דעם פרט אין מלוכה וואס דארטן איז
הכל בהשוואה.

לג. די צוויי ענינים וואס זיינען דא אין דעם ענין המלוכה,
קומען ארויס אויך אין עבודת האדם:

כללות עבודת האדם דארף זיין אין אן אופן של התחלקות
- ווארום אע"פ אז בר"ה שטייט טאקע א איד אין א תנועה פון
קב"ע פשוטה, און דעמולט איז "מצות היום בשופר"[143], וואס
דער ענין השופר איז קול פשוט, און אין אן אופן פון "כמה
דפשים כו׳ טפי מעלי"[143] - זאגט מען אבער אז די עבודה פון
כל השנה כולה דארף ארויסקומען אין אן אופן של התחלקות;
דער יו"ט פון "זמן מתן תורתנו" איז ניט בדומה צו "זמן
חירותנו" שלפניו, און ניט צו "זמן שמחתנו" שלאחריו וכו׳

עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם אופן פון לימוד התורה:
ס׳דארף טאקע זיין דער ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, אבער
דערנאך ווען ס׳קומט צום "נשמע", דארף ער לערנען אין אן
אופן פון הבנה והשגה (אן ענין של התחלקות דוקא), און אויב
ער וועט זאגן אז דאס איז "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", אזוי
שטייט אין דער משנה און אזוי שטייט אין דער גמרא, און ער
דארף דאס ניט פארשטיין בשכלו - איז דאס ניט דער ענין פון
לימוד התורה.

דערנאך זאגט מען אבער אז ס׳דארף זיין דער ביטול
ומקיף הכללי וואס איז העכער פון התחלקות, ווארום דער
תכלית פון גאנץ תומ"צ איז ווי ס׳שטייט[144] "ויצונו ה׳ לעשות
את כל החוקים האלה ליראה את ה׳".

און דערפאר זאגט מען אז נאך דערויף וואס א איד לערנט
אפ גאנץ פרקי אבות, "מילי דחסידותא", זאגט מען אים דעם

- עיקר -

------------

143) ר"ה כו, ב. 144) ואתחנן ו, כד.

עיקר הענין: אז אלע ענינים וואס זיינען באשאפן געווארן אין וועלט (וואס זיי זיינען דאך תלוי אין זיין עבודה), זיינען זיי באשאפן געווארן לכבודו של הקב"ה,

און אין דערויף זיינען דא די צוויי אופני עבודה: אן עבודה אין אן אופן של התחלקות, "כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו"; און דערנאך קומט מען צו צום אופן העבודה פון "ה' ימלוך לעולם ועד", העכער פון התחלקות.

וכאמור לעיל (סכ"א) אז "ה' ימלוך לעולם ועד" מיינט ניט לע"ל, נאר ע"ד ווי דער רמב"ם זאגט בנוגע צו עוה"ב אז דאס קומט לאחרי עוה"ז, איז עד"ז בנדו"ד, אז דאס קומט נאך די עבודה וואס איז באופן של התחלקות.

לד. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

א איד דארף זיך ניט באגנוגענען מיט עבודתו בעצמו, אדער אפי' מיט בני ביתו, ביז אפי' מיט סביבתו הקרובה, נאר עד דארף אויפטאן אויך מיט סביבתו הרחוקה, ביז אין אן אופן אז זיין עבודה פועל'ט אין אלע עולמות העליונים, ביז אין עולמות הא"ס.

וכמדובר לעיל אויף וויפל דאס איז נוגע - ווארום אלע עולמות ונבראים (וואס זיינען תלוי אין עבודת האדם) זיינען באשאפן געווארן לכבודו של הקב"ה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק גודל הכחות וואס יעדער איד האט - וואס דאס איז מתאים מיט תורת הבעש"ט[145] אויף "כי תהיו אתם ארץ חפץ"[146], אז ביי יעדער אידן זיינען דא אוצרות נעלים וכו', ביז צו דעם ענין פון "חפץ" וואס דאס איז פנימיות הרצון[147] (חסר קצה).

און דורך די עבודה באופן הנ"ל, ביז צו דעם אופן העבודה פון "ה' ימלוך לעולם ועד" - קומט מען צו צו דעם ענין פון "ה' ימלוך לעולם ועד" ווי ס'וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "והיתה לה' המלוכה"[148].

לה. ויה"ד אז מ'זאל טאן די אלע ענינים וואס מ'דארף טאן אלס הכנה צו "זמן מתן תורתנו", כולל אויך דעם ענין פון הקדמה נעשה לנשמע, ועאכו"כ "נעשה" און "נשמע" בפ"ע,

- און -

---

145) כש"ט הוספות אות מד. וש"נ. 146) מלאכי ג, יב. 147) תו"א וארא נט, ג. ועוד. 148) עובדי' א, כא.

און זוכה זיין צו קבלת התורה בשמחה ובפנימיות (חסר הסיום).

צוה לנגן הניגון "מלכתחילה אריבער".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

*　　　　*

*

בס"ד. שיחת יום ב' דחגה"ש ה'תשל"ח. הנחת הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן ניגון הבעש"ט (ג' תנועות) ג"פ.

א. ס'איז דאך "דבר מלכות" אז "פותחין בברכה" - וואס די ברכה הכי גדולה (בכלל, ובפרט ביי אידן, וואס די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית"[1]) איז דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך"[2], וואס דערמיט איז געווען די פתיחה והתחלה פון מ"ת.

וואס דער ענין פון מ"ת, כולל אויך "אנכי ה' אלקיך", איז געווען צו כללות בנ"י און אויך צו יעדער אידן בפרטיות (ניט נאר אלס א טייל פון כלל ישראל), ווי ס'שטייט אין מדרש[3] אויף דעם וואס ס'שטייט "אנכי ה' אלקיך", לשון יחיד (און ניט "אנכי ה' אלקיכם"), אז יעדער איד האט געזאגט "עמי הדיבור מדבר".

וואס דאס איז א דבר חידוש: ניט נאר אז יעדער איד האט מקבל געווען די תורה אלס א טייל פון כללות עם בנ"י, ווארום צו מ"ת האט מען געדארפט האבן אלע ס"ר בנ"י, ווי ס'שטייט אין מדרש[4] אז ווען ס'וואלט געווען ס"ר חסר אחד, וואלט ניט געקענט זיין דער ענין פון מ"ת - נאר נאכמער: יעדער איד אלס פרט האט געזאגט "עמי הדיבור מדבר", וואס דערפאר שטייט "אנכי ה' אלקיך", לשון יחיד.

און דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך" וואס איז געזאגט געווארן צו יעדער אידן - איז דאס די ברכה הכי גדולה, כדלקמן.

ב. דער פירוש[5] פון "אנכי ה' אלקיך" איז, אז "אנכי" און "הוי'" ווערט "אלקיך", כחך וחיותך.

וואס דאס איז מיוסד אויפן שו"ע או"ח[6] וואו ס'איז מבואר פירוש השמות, וואס דארטן שטייט אז "אלקים" מיינט "בעל היכולת ובעל הכחות כולם" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער פירוש אין "אנכי הוי' אלקיך", אז "הוי'", און נאך העכער: "אנכי", "דלא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל"[7], ווערט "אלקיך", דער יכולת פון יעדער אידן, און נאכמער:

- דאס -

---

1) פרש"י ר"פ בראשית. 2) יתרו כ, ב. 3) יל"ש יתרו רמז רפ"ו. 4) מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. ועוד. 5) ראה יהל"א ר"פ ראה. תו"א יתרו סז, סע"ב. אוה"ת יתרו ע' תתצט ואילך. 6) ס"ה. 7) לקו"ת פינחס פ, סע"ב.

דאס קומט אראפ נאך נידעריקער אז דאס ווערט "כחך" (ניט נאר אין יכולת), דאס קומט אראפ אין זיינע כחות, ביז צום כח העשי' וואס דאס איז דער כח הכי תחתון - אהינצו איז נמשך דער "הוי'" און "אנכי", און אין אן אופן אז דאס ווערט "אלקיך".

וואס שם אלקיך איז דאך אויך פון די ז' שמות שאינם נמחקין[8], און שם הוי' איז דער שם המפורש וכו'[9], און "אנכי" איז נאך העכער דערפון - זאגט מען אז "הוי'" און אפי' "אנכי", ווערט "אלקיך", כחך וחיותך פון א אידן.

וואס דאס קומט אראפ אויך דא למטה, זייענדיק א נשמה בגוף, וואס אע"פ אז די נשמה איז יורד למטה ע"י צמצומים והגבלות, העלמות והסתרים, אעפ"כ איז אויך דארטן "אנכי הוי' אלקיך", אז "אנכי" און "הוי'" ווערט "אלקיך", כחך וחיותך.

וואס דער ענין אז זיין מציאות און חיות איז "אנכי הוי'" - איז ביי יעדער אידן און אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען,

ווארום אפי' אויב ביי אים איז געווען אן ענין של חטא, רירט דאס ניט אן ח"ו דאס וואס זיין עצם וחיות איז "אנכי הוי'"[10], ווארום א איד איז א בעה"ב אויף זיינע מחדו"מ, ער איז אפי' א בעה"ב אויף זיינע כחות צי ער זאל זיי אויסנוצן אדער ניט, אבער דאס וואס זיין עצם וחיות איז אלקות, ביז צו "אנכי הוי'" - קען ער ניט משנה זיין, ווארום דאס איז זיין מציאות.

וואס דאס איז מצד מציאותו ומהותו פון דעם אידן, אז ביי אים איז "אנכי הוי' אלקיך" - און דערנאך קומט נאך צו א חידוש אז אזוי איז דאס אויך מצד למעלה:

דער אויבערשטער זאגט "אלוקה אני על כל באי עולם, אבל לא יחדתי שמי אלא עליכם"[11], ד.ה. אע"פ אז ס'איז "מלכותו בכל משלה"[12], און נאכמער: בכל העולמות כולם איז "אין עוד מלבדו"[13], זאגט אבער דער אויבערשטער "לא יחדתי שמי אלא עליכם".

ווארום די גאנצע וועלט איז באשפן געווארן "בשביל ישראל", און ווי גערעדט פריער[14] דאס וואס ס'איז מבואר אין

- זהר -

------------

8) שבועות לה, א. 9) ראה לקו"ש ויצא תשל"ז ס"ד ובהנסמן שם. 10) ראה תניא ספכ"ד. 11) שמו"ר פכ"ט, ר. 12) תהלים קג, יט. 13) ואתחנן ד, לה. 14) שיחת ש"פ במדבר ס"ל.

זהר[15] אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" איז מרמז אויף אלע עשר ספירות - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וואו ס'איז נאר שייך רעדן דעס ענין פון ע"ס, זאגט מען אז דאס איז "בראשית" - "בשביל ישראל שנקראו ראשית".

ד.ה. אז א איד בעבודתו פועל'ט בכל העולמות, אנהויבנדיק פון עוה"ז, וואס דא מאכט אויף א איד א דירה לו יה' בתחתונים, אין גשמיות וחומריות העולם, און דערפון ווערט דאס אויך נמשך בכל העולמות.

און וויבאלד אז ביי יעדער אידן איז "אנכי ה' אלקיך" - איז פארשטאנדיק אז דערפון ווערן נמשך אלע ברכות אויך בגשמיות כפשוטו, אז ס'ווערט "ונתתי גשמיכם בעתם"[16], צוזאמען מיט כל הברכות המנויות בפרשה.

ג. פון יעדער ענין וויל מען דאך ארויסנעמען א הוראה - ועד"ז בעניננו:

האמור לעיל וועגן "פותחין בברכה", איז פארבונדן מיט דער אגה"ק פון דעם אלטן רבי'ן וואס הויבט זיך אן "פותחין בברכה"[17]. וואס איצטער האט מען ארויסגעגעבן א מאמר פון דעם אלטן רבי'ן וואס דארטן איז ער מבאר די אגה"ק הנ"ל, צוזאמען מיט נאך ביאורים פון רבותינו נשיאינו אויף דער אגה"ק.

וואס מ'האט געוואלט אז ס'זאל ארויסקומען בדפוס צו ל"ג בעומר, נאר מצד כמה סיבות (וואס זיינען לגמרי שלא בדרך הטבע) האט זיך דאס אפגעדרוקט אויף חגה"ש. און וויבאלד אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית, איז דערפון פארשטאנדיק אז ס'איז דא א שייכות מיוחדת צווישן דער אגה"ק "פותחין בברכה" מיט חגה"ש.

וואס אע"פ אז טבע האדם איז אז ער איז ניט צופרידן בשעת ס'ווערט ניט נתמלא רצונו - און מ'האט דאך געוואלט אז ס'זאל נדפס ווערן צו ל"ג בעומר, יום שמחתו פון רשב"י, ונוסף לזה: אויב ס'וואלט געווען געדרוקט פריער, וואלט מען דאס שוין געלערנט (און איך אן אופן פון ת"ת דרבים) לפנ"ז, כמה זמן לפני חגה"ש,

וואס אע"פ אז בלא"ה איז דאך יעדערער זיכער ממלא זמנו בשלימות אין ענינים פון לימוד התורה - איז דאך אבער טבע האדם אז בשעת ס'קומט ארויס בדפוס א דבר חדש, לערנט מען דאס מיט מערער חיוה (צי ס'דארף אזוי זיין אדער ס'דארף ניט זיין אזוי - אבער אזוי איז טבע האדם).

- ביז -

------------

15) ח"א רנו, ב. 16) בחוקותי כו, ד. 17) ס"א.

ביז וואנעט אז די תורה דארף באווארענען אז "בכל יום ויום יהיו בעיניך חדשים"[18], אדער עכ"פ "כחדשים"[19] - משא"כ ביי א דבר חדש ממש וואס דארטן דארף מען ניט אנקומען צו דער גאנצער באווארעניש -

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז בפועל איז דאס ארויס-געגאנגען בדפוס אויף חגה"ש - איז פארשטאנדיק אז ס'איז דא א שייכות מיוחדת צווישן דער אגה"ק מיט חגה"ש.

ד. והביאור בזה:

די אגה"ק הויבט זיך אן מיט "פותחין בברכה" - וכאמור לעיל אז די ברכה הכי גדולה איז דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך", די התחלה פון עשה"ד, וואס דאס איז דער ענין פון חגה"ש, זמן מתן תורתנו.

ובפרט אז דער תוכן פון דער אגה"ק איז וועגן דעם ענין פון לימוד התורה, ווי ער זאגט דארטן "שמועה טובה שמעה ותחי נפשי, אין טוב אלא תורה, תורת ה' תמימה, זו השלמת כל הש"ס כולו ברוב עיירות ומנינים מאנ"ש . להודיע לבני האדם גבורתה של תורה שבע"פ וכחה עוז" -

וואס וויבאלד אז דארטן רעדט זיך וועגן לימוד התורה, ובפרט אין אן אופן פון ת"ת דרבים ("השלמת כל הש"ס כולו ברוב עיירות ומנינים"), איז פארשטאנדיק די שייכות מיוחדת דערפון מיט חגה"ש.

ובפרט אז ער זאגט דארטן "תורת ה' תמימה" - וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו חגה"ש, ווארום חגה"ש איז נאך די "שבעה שבתות תמימות גו'"[20].

ה. וכאן המקום צו אפגעבן א יישר-כח צו די אלע וואס האבן זיך מתעסק געווען מיט ארויסגעבן די אגה"ק מיט די ביאורים ע"ז פון רבותינו נשיאינו, און אויך צו די וואס האבן דאס מפיץ געווען אין אן אופן אז מ'זאל דאס קענען לערנען ברבים (ע"ד ווי ער רעדט אין דער אגה"ק וועגן דעם ענין פון ת"ת דרבים), אנהויבנדיק פון דער הפצה אין דעם ערשטן טאג פון שבועות, און אין אן אופן אז דערנאך פועל'ט דאס אויך אויף דעם צווייטן טאג שבועות, וואס דערפון וועט דאס אויך נמשך ווערן על כל השנה כולה.

ובפרט אז דאס איז אן ענין פון פנימיות התורה, וואס

- דאס -

------------

18) פרש"י תבוא כו, טז. וראה ג"כ פרש"י יתרו יט, א. עקב יא, יג. 19) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. 20) אמור כג, טו. וראה קה"ר פ"א, ג.

דאס האט א שייכות מיוחדת צו חגה"ש, ווארום בחגה"ש איז דאך געווען די הסתלקות פון דעם בעש"ט, וכמבואר אין אגה"ק[21] אז ביום ההסתלקות איז כל "עבודתו אשר עבד" שטייט בגילוי - וואס ענינו פון דעם בעש"ט איז געווען מגלה זיין רזי תורה אפי' צו פשוטי עם.

וואס דעם ענין געפינט מען ביים בעש"ט דוקא, און אפי' ניט ביי רשב"י, וואס אע"פ אז "מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו"[22] צו מאכן חילוקים ודרגות בזה צווישן דעם רשב"י מיטן בעש"ט - זעט מען דאך אבער אז דער גילוי פנימיות התורה שע"י רשב"י איז געווען מערניט ביי רשב"י וחבריו;

רשב"י האט טאקע געזאגט "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין"[23], ד.ה. אז ער האט אויפגעטאן מיט כל העולם כולו, אבער אעפ"כ, איז דער גילוי.פון פנימיות התורה געווען מערניט ווי ביי רשב"י וחבריו, ער האט זיך מתעסק געווען מיט חבריו דוקא,

משא"כ בנוגע צום בעש"ט וואס ער האט זיך פארנומען מיט די פשוטי עם, און דערצו זיינען אויך געווען תלמידיו וחבריו [די הנהגה פון דעם מגיד איז שוין געווען באופן אחר, ער האט זיך פארנומען נאר מיט תלמידיו וכו', ווי עס ווערט דערציילט אין די שיחות פון רבותינו נשיאינו[24], אבער הנהגת הבעש"ט איז געווען אין אן אופן אז ער האט זיך פארנומען אויך מיט פשוטי עם].

ו. די אגה"ק "פותחין בברכה" איז דאך געווען אן ענטפער אויף די "שמועה טובה" וואס איז אנגעקומען צום אלטן רבי'ן וועגן "השלמת כל הש"ס כולו ברוב עיירות ומנינים מאנ"ש" - און ער האט געזאגט אויף דערויף "שמועה טובה שמעה ותחי נפשי", אז דאס האט ביי אים גע'פועל'ט אז ס'זאל זיין "ותחי נפשי".

ד.ה. אז דאס איז אן ענין וואס האט אים אינגאנצן דערנומען, ביז אז ס'איז געווארן "ותחי נפשי", וואס "נפשי" מיינט זיין פנימיות.

ווארום וויבאלד אז די מציאות פון א צדיק איז דער אויבערשטער, כמדובר כמ"פ[25] דאס וואס ס'שטייט אין זהר[26] "מאן פני האדון ה' דא רשב"י", און ווי ס'שטייט אויך אין

- ירושלמי -

---

21) סי' ז"ך. 22) לשון התניא - פמ"ד. 23) סוכה מה, ב. 24) ראה לקו"ש ח"ג ע' 874. כש"ט הוספות אות קצז. רו. ועוד. 25) לקו"ש ח"ב ע' 510 ואילך. 26) ח"ב לח, א.

ירושלמי[27] אויף ר׳ יצחק בר׳ לעזר בכנישתא מדרשא דקיסרין -

איז ע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו מ"ת אז דער אויבערשטער זאגט "אנא נפשי כתבית יהבית"[28], וואס "נפשי" איז דער ענין פון פנימיות, ווי דער צ"צ[29] איז מבאר אין דערויף צוויי פירושים: א) "אנא" איז דער ענין פון מלכות, און "אנא נפשי" איז פנימיות המלכות, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "בי נשבעתי". ב) "אנא" איז דער ענין פון כתר, און "אנא נפשי" איז דער ענין פון פנימיות הכתר, בחי׳ עתיק, וואס ער איז נעתק ונבדל פון אלע ענינים, ווי ער פארבינדט דאס דארטן מיט דעם ענין פון "אנכי", ביז צו חביון עוז העצמות[30], און מ׳זאגט "אנא נפשי כתבית יהבית", אז דאס איז די תורה פון עצמות ומהות -

איז עד"ז אויך בנוגע צום אלטן רבי׳ן, אז ווען ס׳איז אנגעקומען צו אים די "שמועה טובה" וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לימוד התורה, האט דאס גע׳פועל׳ט ביי אים דעם ענין פון "ותחי נפשי", ע"ד "אנא נפשי כתבית יהבית".

ז. ווען ער איז מבאר אין דעם אגה"ק די מעלה פון לימוד תושבע"פ, "להודיע לבני האדם גבורתה של תורה שבע"פ וכחה עוז", איז ער אויך מבאר אז דערצו דארף מען האבן הקדמת עבודת התפלה.

ועפ"ז ווערט מען פארשטיין פארוואס איז דער אלטער רבי מדגיש "פי׳ שלמה המלך ע"ה חגרה בעוז מתני׳ כו׳". וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ס׳זיינען דא כו"כ פסוקים וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין הניא און אין אגה"ק, ניט זאגענדיק דערביי ווער ס׳האט געזאגט דעם פסוק, איז פארוואס איז ער דא מדגיש "פי׳ שלמה המלך"?

בפשטות וואלט זיך געוואלט מבאר זיין, אז וויבאלד ענינו של שלמה המלך איז חכמה תתאה[31], און אין דער אגה"ק איז ער מבאר די מעלה פון לימוד תושבע"פ, וואס ענינה איז דער ענין פון מלכות[32], חכמה תתאה[33] - דערפאר איז ער דא מדגיש "שלמה המלך".

באמת קען מען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום אויב מצד דעם ענין פון חכמה תתאה, דארף מען ניט ברענגען שלמה המלך דוקא, ס׳זיינען דא נאך כו"כ (ענינים) וואס ענינם איז חכמה תתאה:

- "משנה -

------------

27) ביכורים פ"ג ה"ג. 28) שבת קה, א. 29) אוה"ת יתרו ע׳ תתקא ואילך. 30) ראה לקו"ת יוהכ"פ עא, רע"ד. 31) זח"ב רכג, א. 32) הקדמת תקו"ז. 33) ראה גם תו"א נז, ד.

"משנה תורה", וואס דאס האט משה רבינו געזאגט "מפי עצמו"[34], איז דער ענין פון הכמה תתאה[35], עד"ז איז דער ענין פון תהלים אויך פארבונדן מיט חכמה תתאה, ווארום תהלים האט געשריבן דוד המלך, וואס ענינו איז דער ענין פון מלכות [ביז וואנעט אז עיקר הענין פון מלכות איז דוד המלך, כמבואר אין דרמ"צ מצות מינוי מלך[36], און ביי אים איז געווארן דער ענין המלכות אין אן אופן של נצחיות[37]] - איז ענינו דער ענין פון חכמה תתאה,

עד"ז איז מבואר אין די מאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן[38] (וואס השנה איז שנת המאה וחמשים להסתלקות שלו) אז די "ב' ראשית" (פון בראשית) זיינען חכמה עילאה און חכמה תתאה -

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז דער אלטער רבי מדגיש אין דער אגה"ק אז דאס האט געזאגט "שלמה המלך"?

וועט מען דאס פארשטיין ע"פ האמור לעיל אז אין דער אגה"ק זאגט ער אויך אז דער לימוד התורה דארף זיין בהקדמת עבודת התפלה.

ח. דער ביאור אין דעם:

אין דער אגה"ק איז מבואר צוויי כללות'דיקע ענינים: א) דאס וואס ס'שטייט[39] "חגרה בעוז מתני'", אז "מתנים הם דבר המעמיד כל הגוף כו'", וואס דאס איז דער ענין האמונה, און "חגרה בעוז מתני'" גייט אויף דעם ענין פון תורה, וואס "אין עוז אלא תורה"[40], וואס די תורה איז "נותנת כח ועוז לבחי' מהנים כו' לחזק ולאמץ זרועותי'", און ב) אז "עת וזכן ההידוק ואימוץ הזדועות והראש היא שעת תפלה השחר כו'", און דערפאר מאנט ער אז ס'דארף זיין הקדמת עבודת התפלה.

וואס דער ענין אז דורך הקדמת עבודת התפלה ווערט א שלימות אין אן אנדער ענין, געפינט מען ביי שלמה המלך - וואס אע"פ אז מ'קען ניט מחלק זיין צווישן שלמה המלך וכו' (כנ"ל ס"ה), איז דאס אבער אן ענין וואס מ'געפינט אין פשטות הכתובים:

ענינו של משה רבינו איז דער ענין פון תורה, "משה קבל תורה מסיני"[41], דער ענין פון חכמה; דוד המלך איז דער ענין פון מלכות, כמרז"ל[42] אז מלכתהלה איז ער שוין געווען ראוי צום ענין המלוכה;

- און -

---

34) מגילה לא, ב. וראה לקו"ש דברים תשל"ז הע' 6.
35) ראה לקו"ה במדבר יז, ג. 36) קח, ב ואילך. 37) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ז ואילך. 38) תו"ח ד"פ בראשית.
39) משלי לא, יז. 40) שהש"ר פ"ב, ג (ג). 41) אבות רפ"א.
42) יבמות עז, א.

און שלמה המלך איז פארבונדן במיוחד מיטן ענין התפלה, ווארום חכמת שלמה איז געקומען דורך דעם ענין התפלה - ווי עס ווערט דערציילט אין תנ"ך[43] וועגן דעם חלום וואס שלמה האט געהאט אין גבעון, וואס דעמולט האט ער מתפלל געווען און געבעטן דעם אויבערשטן, אז אזוי ווי ער דארף זיין א מלך אויף אידן, און ער דארף "לשפוט את עמך"[44], און ער איז נאך א "נער קטן"[45], בעט ער דעם אויבערשטן ער זאל אים געבן חכמה, און דער אויבערשטער האט ממלא געווען בקשתו.

[וואס דער חלום איז דאך געווען אין אן אופן אז אזוי איז געקומען מלמעלה, ניט דורך זיין אתעדל"ה - ע"ד ענין התפלה וואס איז אין א זמן פון עת רצון מלמעלה, דער זמן פון תפלת השחר "שהיא שעת רחמים ועת רצון העליון למעלה"[46], וואס דעמולט איז "וישכם לבן בבוקר"[47], דעמולט איז מאיר דער לובן העליון וכו'[48]].

און וויבאלד אז חכמת שלמה [וואס זי איז דאך געווען א חכמה נעליה ביותר, ווי ס'שטייט[49] "ויחכם מכל האדם", ביז וואנעט אז שלמה המלך האט געזאגט אויף מצות פרה אדומה "אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני"[50], ד.ה. אז מערניט ווי דער טעם פון מצוה פרה אדומה איז "רחוקה ממני"] איז געקומען דורך דעם ענין פון תפלה, איז פארשטאנדיק אז ער האט א שייכות מיוחדת צום ענין התפלה;

און וויבאלד אז דער אלטער רבי איז מבאר אין דער אגה"ק אז דער לימוד פון תושבע"פ דארף זיין בהקדמה עבודה התפלה, איז ער דערפאר מדגיש "פי' <u>שלמה</u> המלך ע"ה", וויבאלד אז ער האט א שייכות מיוחדת צום ענין התפלה.

ט. נאך א שייכות מיוחדת צו שלמה המלך:

די חכמה פון שלמה המלך איז דאך געווען פארבונדן דערמיט וואס ער האט געדארפט "לשפוט את עמך", און ארויס-קריגן פון תורה דעם פס"ד בנוגע למעשה בפועל, ד.ה. ניט דער ענין פון חכמת התורה מצ"ע, נאר ווי תורה איז פארבונדן מיט א פס"ד בנוגע לפועל.

וואס דאס איז דאך דער ענין פון תושבע"פ, ווארום אין תושבע"פ ווערט נתגלה דער רצון העליון אין אן אופן אז ס'זאל זיין א לימוד המביא לידי מעשה, אז ס'זאל דערפון

- ארויסקומען -

---

43) מ"א ג, ה ואילך. 44) שם ט. 45) שם ז. 46) אגה"ק ס"א. 47) ויצא לב, א. 48) תו"א ויצא כד, ב. 49) מ"א ה, יא. 50) קהלת ז, כג. וראה במדב"ר פי"ט, ג (בסופו). תנחומא חקת ו.

ארויסקומען א פס"ד בנוגע למעשה בפועל[51] – און וויבאלד אז אין דער אגה"ק רעדט זיך וועגן די מעלה פון תושבע"פ, איז דאס פארבונדן במיוחד מיט שלמה המלך.

עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם דיוק הלשון "שלמה המלך" (וואס בכמה נוסחאות שטייט ניט "המלך", אבער אין אונזער נוסח שטייט "שלמה המלך"):

חכמה שלמה איז געווען פארבונדן דערמיט וואס ער איז געווען א "מלך", כאמור לעיל אז ער האט געדאדפט משפט'ן אידן (וכנ"ל אז אין דערויף איז דא רער קשר מיוחד מיט תושבע"פ) – דערפאר איז דער אלטער רבי מדגיש "שלמה המלך".

ועפ"ז וועט מען אויך פארשטיין די הדגשה "שלמה המלך ע"ה":

"עליו השלום" איז מרמז (עכ"פ דא) אויף דעם ענין פון "מלך שהשלום שלו"[52], וואס דער צ"צ[53] איז מבאר אז דאס איז דער ענין פון תפארת, און נאך העכער: דער ענין פון כתר, רצון, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תושבע"פ, ווארום ענינה פון תושבע"פ איז "גילוי רצון העליון" (כמבואר אין אגה"ק) – און דערפאר איז ער מדגיש "שלמה המלך עליו השלום".

י. דערצו קומט נאך צו די שייכות מיוחדת פון שלמה המלך צו חגה"ש – וואס מ'האט דאך גערעדט און גע'שמועס'ט כמ"פ[54] אז שבועות איז פארבונדן מיט משה רבינו, מיט דוד המלך, און מיטן בעש"ט – און נוסף לזה איז שבועות פארבונדן אויך מיט שלמה המלך (אע"פ אז איך האב ניט געהערט אז מ'זאל זיך שטעלן אויף דעם).

והביאור בזה:

די גמדא[55] דערציילט אז דוד המלך האט געבעטן דעם אויבערשטן ער זאל אים זאגן אין וועלכן טאג וועט ער נסתלק ווערן מן העולם, און דער אויבערשטער האט אים געזאגט אז דאס וועט זיין בשבת.

האט דוד געבעטן דעם אויבערשטן ער זאל ניט נסתלק ווערן בשבת נאר בערב שבת, האט אים דער אויבערשטער געזאגט "טוב לי יום אחד שאתה יושב ועוסק בתורה מאלף עולות שעתיד

– שלמה –

---

51) ראה גם אגה"ק סכ"ט (קנ, ב ואילך). 52) שמו"ר פנ"ב, ה. שהש"ר פ"א, א (בסופו). ועוד. 53) יהל אור ע' הקפט ואילך. 54) לקו"ש ח"ח ע' 21 ואילך. ע' 249 ואילך. לקו"ש חגה"ש ש.ז. 55) שבת ל, סע"א.

שלמה בנך להקריב לפני על גבי המזבח", ובמילא וויל ער ניט אז ס'זאל פעלן איין טאג פון לימוד התורה שלו.

האט דוד געבעטן דעם אויבערשטן ער זאל נסתלק ווערן במוצאי שבת - האט אים דער אויבערשטער געזאגט "כבר הגיע מלכות שלמה בנך ואין מלכות נוגעת בחברתה אפילו כמלא נימא".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווי ס'איז געווען הסתלקות דוד בחגה"ש, איז שלמה גלייך געווארן דער מלך, אין דעם טאג פון חגה"ש, וואס דערפון זעט מען די שייכות מיוחדת פון שלמה המלך צו חגה"ש[56].

וואס דער אויפטו פון שלמה המלך איז אז בזמנו איז געווען "קיימא סיהרא באשלמותא"[57], דער ענין פון שלימות (וואס "שלמה" איז אויך לשון שלימות).

און דער ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא" האט א שייכות אויך צו דוד המלך, וואס ער איז געווען דער דור י"ד - ווארום דער מילוי ושלימות הלבנה איז צווישן י"ד מיט ט"ו[58].

יא. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

וויבאלד אז אין דער אגה"ק רעדט זיך וועגן מעלת הלימוד פון תושבע"פ, "להודיע לבני האדם גבורתה של הושבע"פ וכחה עוז" - זאל מען מוסיף זיין אין דעם לימוד פון תושבע"פ, אין אן אופן פון "כה יתן וכה יוסיף ה' לאמץ לבם בגבורים".

און פועל'ן דעם ענין פון לימוד התורה אויך ביי אנדערע אידן, אויך אין אן אופן פון "כה יתן וכה יוסיף ה' לאמץ לבם בגבורים", ביז אז זיינע מושפעים וועלן ווערן משפיעים - און בשעת זיינע מושפעים וועלן זיך פירן באופן כזה, וועט ביי אים זיין "שמועה טובה שמעה ותחי נפשי".

און די פעולה בכהנ"ל זאל געטאן ווערן אין אן אופן פון "תורה אור"[59], אז דאס קומט ארויס בהתגלות, וואס דעמולט איז "באור פני מלך חיים"[60], און אין אן אופן פון "שמחת עולם על ראשם"[61].

* * *

יב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר אלקים גו'.

* * *

- יג. -

------------

56) ראה גם לקו"ש ח"ו ע' 24 הע' 25. 57) זח"א קנ, א. וראה גם שמו"ר פט"ו, כו. 58) ראה ב"י או"ח סתכ"ו. וראה לקו"ש שם הע' 26. 59) משלי ו, כג. 60) שם טז, טו. 61) ישעי' לה, י. ועוד.

יג. מ'האט גערעדט פריער אין דעם מאמר (גענומען פון די מאמרים פון רבותינו נשיאינו, וואס זיינען שוין אויך געדרוקט אין אוה"ת) אז מ"ת האט אויפגעטאן א חידוש, אז "אנכי" און "הוי'" איז געווארן "אלקיך", כחך וחיותך, ביז וואנעט אז דאס קומט אן אפי' אין כח העשי'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין א פעולה פון א אידן קומט אדויס דער "אנכי הוי'", ווארום ס'איז דא דער ענין פון כח הפועל בנפעל.

וואס אפי' בנוגע צו א בן אדם איז דא דער כח הפועל בנפעל, ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין די מאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן[62] אז דער מגיד האט דערקענט אויף א כלי אז דער אומן וואס האט איר געמאכט איז געווען א סומא בעין א'[63], דערפאר וואס ס'איז דא דער כח הפועל בנפעל - איז דאך פארשטאנדיק במכש"כ וק"ו, אז אין א פעולה פון א אידן איז דא דער ענין פון "אנכי הוי'".

וואס דאס איז אמיתית הענין פון דירה בתחתונים, וואס א איד ע"י עבודתו ופעולתו מאכט ער אויף א דירה לו ית' בתחתונים, וואס אמיתית ענין הדירה איז, אז דארטן געפינט ער זיך בכל עצמותו, ניט נאר זיינע גילויים[64].

יד. האמור לעיל אז דער ענין פון "אנכי הוי'" קומט אראפ אין אן ענין של מעשה בפועל דורך עבודת האדם - געפינט מען אויך אין תורה:

כללות ענין התורה איז אז דערפון זאל ארויסקומען דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל. ביז וואנעט אז דאס איז נוגע אין דעם לימוד גופא, כמבואר אין המשך תרס"ו[65] אז בשעת ער ווייסט אז זיין לימוד איז נוגע למעשה, ד.ה. אז לויט זיין שקו"ט און מסקנא וועט מען טאן א מעשה בפועל - ברענגט דאס די שלימות אמיתית אין זיין לימוד, אז ער לערנט אין אן אופן פון "דחקין למלה דחוכמתא"[66], ביז וואנעט אז ער קומט צו די אמת'ע מסקנא וכו'.

וואס דאס איז דאך כללות הענין פון תומ"צ אויף צו אויפטאן דא למטה אין ענינים של מעשה בפועל, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

און ווי מ'זעט אויך בנוגע צו קיום המצוות, אז

- ס'הויבט -

-------------

62) שער האמונה מח, ב. 63) או"ת להה"מ הוספות אות פח. 64) אוה"ת בלק ע' תתקצז. המשך תרס"ו בתחלתו. 65) ע' תו ואילך. 66) זח"א קל, ב.

ס'הויבט זיך אן מיט די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט גשמיות, און דערנאך קומען די מצוות וואס זיינען העכער דערפון.

ביז וואנעט אז אפי' די מצוה פון אהבה ויראה איז אויך פארבונדן מיט גשמיות - ווארום די אהוי"ר דארפן זיין ניכר און מורגש אין שרידי הלב[67], ועד"ז די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט הבנה והשגה, זיינען זיי פארבונדן מיטן מוח הגשמי שבראש.

און ווי מפרשי הש"ס[68] זיינען מבאר דאס וואס דער גאנצער ש"ס הויבט זיך אן מיט דער משנה "מאימתי קורין את שמע בערבין" - אז דאס איז דערפאר וואס על הדוב איז די ערשטע מצוה וואס מ'ווערט מחוייב צו י"ג שנה איז די מצוה פון ק"ש בערבית [ב' שעדות קען מען טאקע ברענגען באמצע היום אויך, אבער על הדוב ווען מ'ווערט בן י"ג שנה וואס דעמולט ווערט מען מחוייב במצוות, איז די ערשטע מצוה - די מצוה פון ק"ש בערבית], וואס דאס איז דאך א מצוה שבדיבור, וואס דיבור איז מעשה זוטא עכ"פ[69], און דערנאך איז ער מקיים די אנדערע מצוות.

וואס דאס איז מתאים דערמיט וואס כללות ההנהגה דארף זיין אין אן אופן אז מ'גייט מן הקל אל הכבד, אזוי ווי דאס איז אין דעם ענין החינוך [וואס יעדערער איז זיך מחנך בכל יום ויום, עאכו"כ במשך כל ימי חייו], אז "כשהתינוק מתחיל לדבר אביו מלמדו תורה"[70], און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין הל' ת"ת שלו[71] דעם סדר הלימוד, אז פריער לערנט ער מיט אים די אותיות און נקודות, און ערשט דערנאך לערנט ער מיט אים חומש, און דערנאך משנה און גמרא וכו'.

טו. דער ענין פון תורה איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "שלישי", ווי די גמרא[72] זאגט "יהב אוריאן תליתאי לעם תליתאי ע"י תליתאי ביומא תליתאי בירחא תליתאי", וואס דער ענין פון "שלישי" איז פארבונדן מיט "הוכפל בו כי טוב"[73], וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות"[74].

וע"פ האמור לעיל אז שבועות איז פארבונדן מיט משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט - איז פארשטאנדיק, אז

- אזוי -

------------

67) דאה לקו"ש ח"א ע' 32. 68) חידושי הרי"ס ריש מס' ברכות. 69) סנהדרין סה, א. 70) סוכה מב, א. הל' ה"ת לאדה"ז דפ"א. 71) שם. 72) שבת פח, א. 73) פרש"י בראשית א, ז. 74) קידושין מ, א. ודאה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד.

אזוי ווי שבועות, זמן מתן תורתנו, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "שלישי", שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות, עד"ז דארף מען געפינען ביי משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט, דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

זעט מען דאס גלייך בתחלת עבודתם:

בנוגע צו משה רבינו, אפי׳ ווי ער איז געווען קודם מ"ת, איז גלייך ווי ער איז געבארן געווארן איז געווען "ותרא אותו כי טוב"[75], אז "כשנולד נתמלא הבית כולו אורה"[76], וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לשמים",

און דערנאך איז זיין ערשטע פעולה געווען, אז זייענדיק בהיכלו של פרעה, בהיכל המלך, איז "ויצא אל אחיו וירא בסבלותם"[77], וואס דאס איז דער גרעסטער ענין פון "טוב לבריות" וואס קען נאר זיין -

ווארום מ׳קען זיך פארשטעלן לויט פשטות הכתובים ווי ס׳איז געווען דער אופן העבדות פון "עבודת פרך" ביי אידן אין מצרים; איז ווען ס׳קומט צוגיין דער וואס געפינט זיך אין היכל המלך, און א מלך וואס האט שולט געווען "מסוף העולם ועד סופו"[78], און "וירא בסבלותם" - איז דאס דער גרעסטער ענין פון "טוב לבריות". ובפרט אז דערנאך האט ער אויך מציל געווען דעם אידן פון דעם נוגש, ובפרט ע"פ המסופר אין מדרשי חז"ל[79].

עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו דוד, אז בשעת אידן זיינען געווען בצרה, האט זיך דוד איינגעשטעלט בסכנה און האט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן גלית (אע"פ אז מ׳האט אים געפרואווט אפרעדן דעדפון[80]) - וואס נוסף לזה וואס ער האט אים מנצח געווען, איז דאס געווען דער עידוד הכי גדול צו אידן אז זיי זאלן נים נתפעל ווערן פאר די פלשתים. וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לבריות".

עאכו"כ ע"פ המבואר אין מדרשי חז"ל[81] אז איידער משה רבינו און דוד המלך זיינען געווארן רועי ישראל, האט זיי דער אויבערשטער אויסגעפרואווט ווי זיי וועלן זיך פירן אלס רועי צאן כפשוטו, וואס דאס איז וואס ס׳שטייט אויף דוד המלך "מאחד עלות הביאו לרעות ביעקב עמו"[82], ועד"ז בנוגע צו משה רבינו. וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לבריות".

- וע"פ -

------------

75) שמות ב, ב. 76) שמו"ר פ"א, כ. פרש"י שם.
77) שמות שם, יא. וראה שמו"ר שם, כח. 78) שמו"ר פט"ו, י.
79) שמו"ר פ"א, שם. 80) ש"א יז, לג. 81) שמו"ר פ"ב, ב.
82) תהלים עח, עא.

וע"פ האמור לעיל (ס"א) אז אין מ"ת בתחלתו איז גלייך מודגש דער ענין הברכה (דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך") - זעט מען אויך אין דעדויף דעם קשר ושייכות צווישן משה רבינו מיט דוד המלך, כמרז"ל[83] אז דוד "פתח במה שחתם משה", משה האט מסיים געווען די תורה מיט ברכות צו אידן, און דוד המלך האט אנגעהויבן ספרו מיט "אשרי האיש", אויך דער ענין פון ברכות צו אידן.

עד"ז אויך בנוגע צום בעש"ט - ווי עס ווערט דערציילט אין די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז התחלת עבודתו פון דעם בעש"ט נאך איידער ער איז נתגלה געווארן, איז געווען צו ארויסהעלפן אידן אין זייער דחקות בגשמיות, ביז וואנעט אז ער האט דאס גע'פועל'ט אויך ביי די צדיקים נסתרים, ביז אז מ'האט געגעבן אויף דערויף א סימן אז דאס איז געווען בשנת תע"ב - תבא עליו ברכה[84], וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "פותחין בברכה". וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לבריות".

וואס דערפון זעט מען ווי ביי אלע דריי, משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט, איז געווען ניט נאר דער ענין פון "טוב לשמים", נאר אויך דער ענין פון "טוב לבריות".

וע"פ האמור לעיל (ס"ז) אז שבועות איז אויך פארבונדן מיט שלמה המלך [ביז אז שלמה המלך פועל'ט דעם ענין השלימות ביי די אלע דריי (ווארום אע"פ אז דער בעש"ט איז דאך געווען נאך שלמה המלך, זיינען דאך אבער אלע ענינים בהשגחה פרטית, און מ'האט געוואוסט לכתחלה אז דאס וועט זיין באופן כזה)] - געפינט מען אויך ביי אים דער ענין פון "טוב לבריות":

עיקר ענינו פון שלמה המלך איז געווען אז "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[85] [וואס בעיקר ובשלימות וועט דאס זיין לע"ל, כמבואר אין די מאמרים פון פדה בשלום פון דעם מיטעלן רבי'ן[86] (וואס השנה איז שנת המאה וחמשים להסתלקותו)], און דעמולט זיינען אידן געווען אין א מעמד ומצב פון "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[87] - וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לבריות".

טז. און דאס איז די הדגשה אז חגה"ש איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "שלישי", וואס ענינו איז אז "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות",

וואס דער ענין פון "שלישי", "אוריאן תליתאי וכו'"

- וואס -

---

83) מדרש תהלים בתחלתו. 84) מכתב מאדר שני תרח"ץ - נדפס ב"אור החסידות" ע' 37 ואילך. 85) דה"א כב, ט. 86) שערי תשובה נה, ג ואילך. 87) מ"א ה, ה.

וואס איז דא בחגה"ש - ווערט דאס די הכנה צום "ביום השלישי יקימנו גו׳"[88], וואס דעמולט וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק השלישי,

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט משה רבינו, דוד המלך, דער בעש"ט, און שלמה המלך - ווארום א התחלה און א מעין פון דעם ביהמ"ק השלישי איז שוין געווען ביים ביהמ"ק הראשון, וואס דער ביהמ"ק הראשון איז געבויט געווארן דורך שלמה המלך, און דאס איז געווען דורך דער הכנה פון דוד המלך, "מיד ה׳ עלי השכיל"[89], וואס דוד האט געוואוסט ווי אזוי מ׳דארף בויען דעם ביהמ"ק פון דער מגילה וואס איז געווען ביי משה רבינו[90],

און דער ביהמ"ק השלישי וועט דאך אראפקומען בפועל דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[91] - וואס דאס איז דער קשר אויך צום בעש"ט.

און דאס איז אויך פארבונדן מיטן אלטן רבי׳ן, ווארום תורת הבעש"ט איז אראפגעקומען אין אן אופן של "יתפרנסון"[92] דורך תסידות חב"ד[93], אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה, ביז אין אן אופן פון "ותורתך בתוך מעי"[94].

- וואס דאס איז דער ביאור אין דעם סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[95] אז דער אלטער רבי פלעגט דאווענען פארן עמוד ביום ההסתלקות פון דעם בעש"ט (בחגה"ש) - מצד דעם קשר ושייכות וואס איז דא צווישן דעם אלטן רבי׳ן מיטן בעש"ט,

וואס דער ענין התפלה איז דער חיבור מיט למעלה, וואס דאס איז דער "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[96] - איז די תפלה פון דעם אלטן רבי׳ן ביום ההילולא פון דעם בעש"ט, געווען אין אן אופן פון חיבור והתקשרות מאור במאור און עצם בעצם,

וויבאלד אז ביום ההסתלקות ווערט עליית הנשמה למעלה יותר, עאכו"כ ביום ההסתלקות פון א נשיא בישראל, און צוזאמען דערמיט שטייט כל עבודתו בגילוי דא למטה, ביז אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[97], וואס דערפאר דארף מען דאווענען פארן עמוד בכל שנה ושנה, און מ׳זאגט נאכאמאל קדיש

- וכו׳ -

---

88) הושע ו, ב ובפרש"י. 89) דה"א כח, יט. 90) ירושלמי מגילה פ"א ה"א ובקה"ע שם. 91) אגה"ק הבעש"ט - נדפסה בכש"ט בהתחלתו. 92) תקו"ז ת"ו בהתחלתו. 93) ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 206 ובהע׳ 3. 94) תהלים מ, ט. וראה תניא ספ"ה. 95) סה"ש ה׳ש"ת ע׳ 117. 96) ויצא כח, יב. זח"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז תמ"ה. 97) ברכות כח, א. וש"נ.

וכו׳, וואס דאס באווייזט אז ס׳טוט זיך אויף אן עלי׳ נעלית יותר[98].

יז. כמדובר לעיל (ס"ב) אז דער אויפטו פון מ"ת איז, אז יעדער איד האט געהערט פון דעם אויבערשטן "אנכי הוי׳ אלקיך", ד.ה. אז "אנכי" און "הוי׳" איז געווארן "אלקיך", כחך וחיותך.

וואס בשעת מ"ת זיינען דא געווען די נשמות פון כל בנ"י עד סוף כל הדורות[99], און יעדער איד האט געזאגט אז "עמי הדיבור מדבר", אים זאגט דער אויבערשטער "אנכי הוי׳ אלקיך", אז "אנכי", "דלא אתרמיז בשום אות ובשום קוצא", און "הוי׳", ווערט "אלקיך - כחך וחיותך", ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין די ענינים הכי פשוטים פון א אידן, אז אויך זיי דארפן זיין דורכגענומען מיט עצמות ומהות.

און וויבאלד אז דאס איז דער אויפטו פון מ"ת, וואס תורה איז ענינה "תורה אור", אז דאס קומט אראפ בגילוי - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "אנכי הוי׳ אלקיך", אז "אנכי" און "הוי׳" ווערן "אלקיך", כחך וחיותך פון א אידן, קומט אראפ בגילוי ובפועל.

ולא לדרשה קאתינא, נאר מ׳מיינט דאס בנוגע למעשה בפועל, אז ס׳זאל זיין די התעסקות אין אלע מבצעים:

אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך", וואס דאס איז דער אויפטו פון מ"ת, אז דעמולט האט מען מחנך געווען אידן אין אן אופן פון תכלית השלימות,

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דרושי חנוכה[100], און אויך אין לקו"ת פ׳ נשא[101] בנוגע צו חנוכה המזבח און חנוכת הבית און אויך וועגן דעם ענין החינוך כפשוטו, אז בתחלת החינוך דארף מען ממשיך זיין א תוספת אור שלא בערך, כדי אז דערנאך זאל מען קענען ממשיך זיין אין דעם ענין החינוך ע"ד הרגיל -

איז עד"ז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון מ"ת, וואס דאס איז דער ענין החינוך, וועלן ס׳איז געווען דער ענין פון מ"ת בפעם הראשונה, איז דאס געווען מיט א גאנצן שטורעם, ס׳איז געווען קולות וברקים און עשן און לפידים וכו׳[102] (וואס אין מקרא יוצא מידי פשוטו[103]), און מ׳האט דאס געזעהן בעיני בשר.

- ביז -

------------

98) ראה ע"ת שער הכוונות ענין הקדישים בסופו. ועוד.
99) פרדר"א פמ"א. ועוד. 100) תו"א וישב כט, ד ואילך.
101) כט, א. 102) יתרו יט, טז. כ, טו. 103) שבת סג, א. ושנ"נ.

[ביז וואנעט אז אפי' אן אינו יהודי האט דאס אויך געזעהן; ביי אים איז ניט געווען דער ענין פון "רואין את הנשמע ושומעין את הנראה"[104] ח"ו, אבער פונדעסטוועגן, האט דאך מ"ת אויפגעטאן אפי' אז "צפור לא צווח כו' שור לא געה כו'"[105], נאר דאס איז געווען מערניט ווי לפי שעה].

און מ"ת איז דאך געווען פארבונדן מיט דעם ענין פון "בנינו ערבים אותנו"[106] - וואס דאס איז דער ענין החינוך, אז מ'וועט מחנך זיין די קינדער בדרך התומ"צ, אז זיי זאלן וואקסן אין דעם אופן - וואס דאס איז דער כללות הענין פון "מבצע חינוך".

און פון "מבצע חינוך" קומט דאס אראפ אין "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו תגה"ש, ווי דער אלטער רבי[107] טייטשט אפ דעם מארז"ל[108] "כפה עליהם הר כגיגית"; אז דאס גייט אויף די "אהבה עליונה", ד.ה. אז די "אהבה עליונה" איז אזוי געווען מוכדח צו דעם ענין פון מ"ת, ביז אז מ'האט דאס מכריח געווען מלמעלה.

[און דאס וואס דוקא בשבת זאגט מען "באהבה"[109], און מ'איז מסביר[110] אז דאס איז "משום שמקרא קודש דשבת קבלו עליהם ישראל באהבה במרה וכו'" - איז דאס ווייל דארטן רעדט זיך וועגן אהבת בני ישראל מצד עצמם (כמ"ש "קבלו עליהם ישראל") - אבער אויך במ"ת איז דאס געווען באהבה (מלמעלה), כנ"ל].

וואס דער ענין פון "ואהבת את ה' אלקיך"[111], איז דאך פארבונדן מיט "ואהבת לרעך כמוך"[112], דער ענין פון אהבת ישראל[113]. וואס אין דערויף איז אויך דא דער ענין פון "אהבה תליתאי" - אהבת ה', אהבת התורה, און אהבת ישראל[114].

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה", וואס דאס איז דאך דער עיקר הענין פון מ"ת, און דערנאך אויך אין "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און דערנאך קומט דאס אויך אראפ אין די מבצעים וואס זיינען שייך צו נשי ובנות ישראל,

- וואס -

------------

104) ראה מכילתא עה"פ שם כ, טו. 105) שמו"ר פכ"ט, ט.
106) שהש"ר פ"א, ד. 107) תו"א צח, ד. 108) שבת פח, א.
109) שו"ע אדה"ז או"ח סתפ"ז ס"ו - מלבוש רסתפ"ז.
110) לבוש שם. 111) ואתחנן ו, ה. 112) קדושים יט, יח.
113) ראה סה"ש ה'ש"ת ע' 3 ואילך. 114) ראה סה"ש שם ע' 2 ואילך. לקו"ש ח"ב ע' 499.

- וואס דאס האט א שייכות מיוחדה צו תגה"ש, ווארום דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "כה תאמר לבית יעקב" - "אלו הנשים"[115], און ערשט דערנאך "ותגיד לבני ישראל", צו די אנשים, ד.ה. אז פריער האט מען איבערגעגעבן דעם ציווי וועגן מ"ת צו נשי ישראל,

און מ'זעט אויך די מעלה פון נשי ישראל בנוגע צו חיבת הארץ, וואס די שלימות פון יצי"מ איז דאך געווען די כניסה לארץ - אז "הנשים כו' היו מחבבות את הארץ", ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו על התורה[116] -

וואס זיי זיינען אויך אין אן אופן פון "תליתאי", און זייער ר"ת איז "חנה"[117] - וואס דאס איז "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און דורך כללות הענין פון "אוריאן תליתאי לעם תליתאי ע"י תליתאי ביומא תליתאי בירחא תליתאי", איז מען זוכה צו בנין ביהמ"ק השלישי, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דאס וועט זיין דורך דעם "מבצע" פון הקב"ה בכבודו ובעצמו.

יח. און דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון קבלת התורה, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע, וואס דאס איז די הכנה צו מ"ת[118], עאכו"כ דער ענין פון קבלת התורה וואס אידן האבן מקבל געווען די עשרת הדברות.

וואס אין דערויף איז דא א דבר פלא: אין עשה"ד ווערט ניט דערמאנט דער ענין פון לימוד התורה; ס'הויבט זיך אן פון "אנכי הוי' אלקיך", וואס דאס איז דער ענין פון אמונה בה' און אחדות ה' וכו', און דערנאך די אלע איבעריקע עשה"ד, און ס'ווערט גארניט דערמאנט דער ענין פון לימוד התורה?!

איז דער ביאור הפשוט בזה, אז מ'דארף ניט באווארענען וועגן דעם ענין פון לימוד התורה, ווארום דער עצם השמיעה וואס מ'הערט די עשה"ד איז דאס דער ענין פון לימוד התורה.

און דער לימוד איז מביא לידי מעשה[119], אז פון די עשה"ד קומט ראס אראפ אין אלע תרי"ג מצוות און ז' מצוות דרבנן, וואס זיי ווערן דאך נכלל אין די תר"ך אותיות שבעשה"ד[120], אז ס'קומט גלייך אראפ אין ענינים של מעשה

- בפועל -

---

115) יתרו יט, ג ובפרש"י. שמו"ר פכ"ח, ב. 116) פינחס כו, סד. 117) מגלה עמוקות עה"ת פ' שלח ד"ה "ג' מצוות" בשם הגהוה כיימונית. 118) ראה שבת שם, סע"א. 119) ראה קידושין ב, ב. 120) ראה תו"ש מילואים לתט"ז אות א (די, ב). וש"נ.

בפועל, סיי בנוגע צו די ענינים פון "טוב לשמים", און סיי בנוגע צו די ענינים פון "טוב לבריות" - וואס עשה"ד זיינען חלקם ענינים פון "טוב לשמים", אנהויבנדיק פון "אנכי ה' אלקיך" וכו', און אויך דער ענין פון שבת, וואס בעיקר דארף דאס זיין ביי אים, און דערנאך דארף ער זעהן אז ס'זאל זיין אויך ביי "בנך ובתך גו'"[121], ועד"ז אויך "כבד את אביך ואת אמך"[122]; און דערנאך קומען די ענינים וואס זיינען "טוב לבריות".

וכמדובר לעיל (ס"א) אז די התחלה פון מ"ת איז געווען אין אן אופן פון "פותחין בברכה", די ברכה הכי גדולה פון "אנכי ה' אלקיך", וואס דאס איז דער "שליסל" צו אלע ברכות, אז בשעת מ'וועט זיין "בחוקותי תלכו גו'", וועט זיין "ונתתי גשמיכם בעתם", מיט אלע ברכות המנויות בפרשה.

און דאס פועל'ט אויך אין "בראשית ברא אלקים", אין וועלט, ווי די גמרא[108] זאגט אז מ"ת האט-אויפגעטאן בכל העולם כולו אז ס'זאל זיין "ארץ יראה ושקטה"[123], אז די וועלט זאל זיך ניט שאקלען און זאל ניט בלאנדזשען, נאר זי זאל זיין אין אן אופן פון "שקטה" -

דערפאר וואס אידן האבן מקבל געווען די תורה עליהם ועל זרעם, כולל אויך די שבע מצוות ב"נ פאר אוה"ע, כמבואר אין רמב"ם[124] אז זיי דארפן מקיים זיין די ז' מצוות דב"נ דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט צו משה רבינו.

וכאמור לעיל אז דאס איז ממשיך ברכה והצלחה בכל הענינים, אז מ'האט אלע דברים גשמיים אין וועלכע מ'נויטיקט זיך בהרחבה, און אין אן אופן ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' תשובה[125] אז מ'האט די אלע ענינים גשמיים ניט דערפאר וואס מ'האט אין זיי א געשמאק מצ"ע, נאר כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין תומ"צ אן קיינע בלבולים,

ביז אין אן אופן אז "מעדנים מצויין כעפר", ווי דער רמב"ם זאגט אין דעם סיום פון הל' מלכים - בביאה משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[126].

* * *

יט. כנהוג אז בכל אסרו חג מאכט מען א "כינוס תורה" אין דעם ביהמ"ד וואו כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געדאווענט און געלערנט עשר שנים, ועאכו"כ אין דעם אסרו חג פון זמן מ"ת

- וועט -

---

121) יתרו כ, י. 122) שם יב. 123) תהלים עו, ט. 124) הל' מלכים ספ"ח. 125) רפ"ט. 126) ישעי' יא, ד.

- וועט מען זיך משתתף זיין אין דעם כינוס עכ"פ בקיצור.

וואס דאס איז בנוגע צו אן ענין וואס איז נוגע לפועל, און למרבה הפלא ולמרבה הצער, איז מצד דעם בלבול המוחות איז מען דערצו ניט משים לב.

אזוי ווי ס'קומען דאך איצטער ימי הקיץ (וואס בחצי כדור זה זיינען ימי הקיץ לאחרי זמן מ"ת), וואס דעמולט זיינען דא די ימי החופש - זיינען דא כמה ענינים וואס מ'איז זיי דוחה צו ימי החופש, און צווישן זיי אויך ענינים פון טיפול רפואי,

וואס בשעת ס'קומט א דאקטער און זאגט אז מ'דארף האבן א טיפול רפואי, און מ'דארף מאכן א ניתוח - וויל ער דאך אז ס'זאל אים ניט שטערן לעסקיו וכו', איז נהוג אז מ'איז דאס דוחה צו ימי החופש, וואס דעמולט זיינען די בתי-ספר געשלאסן, און די עסקים זיינען ניט אזוי ווי במשך פון א גאנץ יאר אדער אינגאנצן געשלאסן - און מ'איז ניט מבחין צו וועלכן טאג בשבוע איז מען קובע דעם ניתוח.

ובדידי הוה עובדא - איינער האט מיר געשריבן אז ער דארף אריבערגיין א טיפול רפואי ביום פלוני, במילא זאל איך אים מזכיר זיין על הציון לברכה ולהצלחה, און ער האט געשריבן אז דעם טיפול רפואי האט מען קובע געווען אויף יום ועש"ק.

האב איך געענטפערט אז איך וועל ממלא זיין בקשתו תיכף (אע"פ אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו צוויי צי דריי חדשים לאח"ז) - דערביי איז אבער חובתי און זכותי צו באווארענען אן ענין עיקרי, וואס איז פארבונדן מיט א פס"ד ברור מן התורה. ומן הקל אל הכבד:

ס'איז אפגעפסק'נט אין שו"ע [127] אז מ'טאר ניט מפליג זיין בספינה ג' ימים לפני השבת, ווארום בשעת ער איז מפליג בספינה גייט ער דאך אריבער אין אן אנדער מעמד ומצב, שטערט דאס צו זיין מנוחת הנפש, און וויבאלד אז דאס איז ג' ימים לפני השבת, וועט ער אריבערגיין צו שבת אן מנוחת הנפש; משא"כ ווען ער איז מפליג בספינה ד' ימים קודם השבת, געוואוינט ער זיך איין צום נייעם מעמד ומצב, ובמילא שטערט דאס ניט צו די מנוחת הנפש פון יום השבת.

וואס בשעת ס'רעדט זיך וועגן מפליג זיין בספינה, איז דער העדר מנוחת הנפש ניט פארבונדן מיט קיין ענין של פקו"נ, משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אריינגיין אין ביה הרופאים

- (ווי -

------------

127) או"ח סרמ"ח ס"א.

(ווי עס ווערט אנגערופן בכמה מקומות), וואס רעמולט איז דער העדר מנוחת הנפש א סאך גרעסער; גלייך ווי ער גייט אריין אין דעם בית הרופאים איז ער משנה זיינע לבושים, און ער ווערט אוים בעה"ב אויף זיך, ער שטייט אויף און גייט שלאפן ווען מ'הייסט אים וכו' וכו' -

איז פארשטאנדיק, אז פונקט אזוי ווי מ'טאר ניט מפליג זיין בספינה ג' ימים לפני השבת דערפאר וואס דאס איז מבלבל צו מנוחת הנפש, איז במכש"כ וק"ו אז ווען מ'גייט קובע זיין א יום בשבוע וואס דעמולט וועט מען אנהויבן דעם טיפול רפואי, טאר מען דאס ניט קובע זיין ג' ימים קודם השבת, דערפאר וואס דאס שטערט צו מנוחת הנפש.

כ. דערצו קומט נאך צו אן ענין חמור יותר:

ווען מ'איז קובע דעם טיפול רפואי אויף פרייטאג, איז ער גורם אז ער וועט דערנאך מוזן מחלל זיין את השבת, און טאן מלאכות וואס זיינען אסורות מה"ת. ווארום אפי' אז דער ניתוח איז מצליח באופן הכי טוב, דארף מען דערנאך מאכן בדיקות און פארשרייבן וכו', וואס שרייבן קען טאקע א צווייטער, ניט קיין איד, ס'זיינען אבער דא די בדיקות וואס זיינען פארבונדן מיט מאכן א פצע און ארויסנעמען דם, וואס דאס איז אן איסור דאורייתא,

וואס אפי' דאס וואס ער גיט זיין האנט אז מ'זאל קענען מאכן א בחינה אויפן דם, איז אויך אן איסור, ע"ר ווי די גמרא[128] זאגט בנוגע צו מקיף וניקף, אז דער ניקף איז אויך עובר א לאו דערפאר וואס ער דארף אפרוקן דעם קאפ וכו', איז עד"ז אויך בנוגע צו בחינת דם, וואס ער דארף געבן זיין האנט כדי אז מ'זאל קענען מאכן די בחינה, ועאכו"כ בנוגע צו בחינת המים, וואס דארטן טוט ער אליין די גאנצע פעולה, און דערנאך גיט ער דאס אפ כדי אז מ'זאל דאס בודק זיין און פארשרייבן וכו'.

וואס ס'זיינען דא פאלן וואס מ'איז קובע דעם יום הניתוח אויף יום השבת, און ס'זיינען דא פאלן וואס מ'איז דאס קובע אויף יום ו' אדער יום ה' - וואס דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט חילול שבת. וואס אע"פ אז נאך דערויף וואס מ'האט שוין געמאכט דעם ניתוח קען מען דאך זאגן אז דאס איז אן ענין של פקו"נ, במילא מעג מען מחלל זיין את השבת - איז אבער פארשטאנדיק, אז מלכתחלה דארף מען ניט קובע זיין דעם ניתוח אויף אזא טאג וואס דערנאך וועט דערפון ארויסקומען אן ענין פון חילול שבת.

- ובפרט -

------------

128) מכות כ, ב.

ובפרט אז בהרבה מקומות אויף אין ארה"ב זיינען רוב רופאים אידן (מצד טעמים מובנים), און די וואס מאכן די ניתוחים וכו' זיינען אידן - קומט דאך אוים אז מ'איז מלכתחלה גורם אז צוליב אים זאל א איד דארפן מחלל זיין את השבת.

וואס אפי' ווען דאס איז א ניתוח וואס איז ניט פארבונדן מיט א סכנה - איז אבער דער סדר אין בית הרופאים אז מ'מוז מאכן די בדיקות וכו', און ס'וועט ניט זיין קיין איינער פון צען וואס וועט זיך קענען מתנגד זיין צו די סדרים פון דעם בית הרופאים, און אפשטופן די אלע בחינות אויף נאך שבת - ווארום אויף דערויף דארף מען אנקומען צו א תוקף הכי גדול, ובפרט ווען ער איז מסובב פון בני ביתו, און זיי מאכן אויף אים א לחץ וכו' אז ס'קען זיין אז דער דאקטער וועט אוועקפארן וכו', איז שווער ביישטיין דעם נסיון.

און ווען ס'גייט אריין צו אים א אידישער דאקטער, און ער לאזט אים טאן די אלע בדיקות וכו', און זאגט אים ניט אז ער וויל ניט האבן זיין שימוש - איז ער גורם צו אן ענין פון חילול שבת.

כא. וואס איז טאקע די סיבה וואס יראים ושלמים זיינען אין דערויף ניט מקפיד - איז דאס דערפאר וואס הדגל נעשה טבע:

אין די דורות שלפנינו איז ניט געווען קיין מציאות אז מ'זאל קענען קובע זיין דעם זמן פון א ניתוח א משך זמן לפנ"ז, און ס'איז ניט געווען שייך אז מ'זאל קענען וויסן א חודש לפנ"ז אז אין א חודש ארום וועט מען דארפן מאכן א ניתוח, ווארום דעמולט האט מען ניט געהאט די אלע כלים וואס זיינען בוחן און קענען זעהן פאראויס א געוויסע מחלה, און דעמולט איז מען געגאנגען צום דאקטער (מאכן א ניתוח וכיו"ב) ווען ס'איז געווען א צער באברים וכו', אבער ניט לפנ"ז.

ד.ה. אז דעמולט איז דער ניתוח געווען פארבונדן מיט אן ענין של סכנת נפשות, ובמילא רעכנט מען זיך ניט אין וועלכן טאג בשבוע דאס איז, ווארום פקו"נ איז דוחה שבת - און דערפון איז געווארן דער הרגל אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א ניתוח, רעכנט מען זיך ניט מיט דעם ענין פון חילול שבת.

ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז אין א פאל וואו ס'איז ניט קיין ענין פון פקו"נ, וואס דערפאר מאכט מען ניט דעם ניתוח גלייך, נאר מ'איז קובע א זמן אין א חודש ארום וכיו"ב, איז מה-דאך אז מ'איז זיך משתדל צו קובע זיין דעם זמן הניתוח צו ימי החופש כדי ער זאל ניט אנווערן קיין ימי עבודה און ניט אנווערן א פאר דאלאר, איז עאכו"כ אז מ'דארף זיך משתדל זיין אז מ'זאל ניט מאכן דעם ניתוח ביום השבת, און אפי' ניט ג' ימים לפני יום השבת.

- כב. -

כב. אויף צו מאכן גרינגער דעם נסיון בזה - האט דער אויבערשטער געהאלפן אז ס'איז אויך דא א הסברה פשוטה אז ס'איז ניט כדאי מאכן דעם ניתוח ביום ו' ועאכו"כ ביום השבת:

בשעת מ'מאכט דעם ניתוח ביום ו', עאכו"כ ווען מ'מאכט דאס ביום השבת, געפינען זיך ניט די רופאים מומחים אין דעם בית הרופאים, ווארום ס'איז דא דער חופש פון סוף השבוע ("וויק-ענד"), געפינען זיי זיך אין דעם בית הרופאים ביז יום ו', און דערנאך פארן זיי אוועק אין "קאנטרי" און זיי לאזן דאס איבער צו זייערע תלמידים.

וואס דערפאר איז כדאי אז מ'זאל מאכן דעם ניתוח בתחלה השבוע, ווארום דעמולט זיינען די רופאים מומחים אין דעם בית הרופאים, משא"כ ווען מ'מאכט דאס ביום ו', וואס דעמולט גייט אוועק דער רופא מומחה, און ער לאזט דאס איבער צום תלמיד הראוי להוראה (בלשון הגמרא [129]), אדער אז דער תלמיד הראוי להוראה איז שוין אויך א גדול, גייט ער אויך אוועק, און ס'בלייבן מערניט די וואס דארפן זיך נאך לערנען, און זיי לערנען זיך אויף אים.

כג. וכאמור לעיל אז ס'איז א פלא הכי גדול פארוואס מ'כאפט זיך ניט אויף אזא סברא פשוטה.

וואס דאס וואס מ'כאפט זיך ניט אויף דערויף דערפאר וואס הרגל נעשה טבע (כנ"ל סכ"א), איז בדוגמא צו דעם ענין וואס האט זיך גע'טומל'ט לפני כו"כ שנים וועגן אניות ישראליות, וואס דעמולט האב איך גע'טענה'ט אז די נסיעה פון אן אני' ביום השבת איז פארבונדן מיט חילול שבת און איסורים דאורייתא, כידוע צו די וואס ווייסן ווי אזוי א שיף ארבעט [130].

וואס דעמולט איז געווען איינער וואס האט גע'טענה'ט, אז איך בין זיך מוסר נפש אויף דעם ענין פון שבת, און ער איז זיך מוסר נפש אז ס'זאל זיין דער צי הישראלי.

האב איך אים געענטפערט [131] מיטן משל הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס בשעה ער האט גע'טומל'ט וועגן דעם ענין פון חינוך הכשר, האט מען אים געפרעגט א שאלה: בשעה מ'דארף טרינקען וואסער, זעט מען אז די וואסער זאלן זיין ריינע, אבער בשעת מ'דארף לעשן א שריפה, קוקט מען ניט צי ס'איז ריינע וואסער צי ניט, איז עד"ז ווען ס'ברענט די פייער פון אסימילאצי', איז ווי אזוי קען מען מאכן חילוקים צי דאס

- איז -

---

129) סוטה כב, סע"א. 130) ראה בארוכה לקו"ש ח"ו ע' 398 ואילך. 131) לקו"ש שם ע' 406.

איז חינוך הכשר וכו׳? - האט ער געזאגט אז דער משל איז טאקע ריכטיק, ס׳איז אבער ניט נוגע אהערצו, ווארום דאס איז נאר ווען ס׳רעדט זיך וועגן וואסער; בשעה ס׳רעדט זיך אבער וועגן קאראסין, קען מען דערמיט ניט לעשן קיין שריפה, אע"פ אז דאס איז א דבר הנוזל און ס׳גיסט זיך איבער מכלי לכלי (אזוי ווי וואסער), ווארום דאס וועט נאך מאכן גרעסער די שריפה.

ועד"ז איז אויך וועגן דעם ענין פון חילול שבת - אז דורך דעם וועט מען ניט קענען פארדינען געלט וכו׳, ואדרבה, די געלט וואס איז פארבונדן מיט היפך שמירת שבת, שלעפט מיט זיך אויך די כשר׳ע געלט[132]. און ווי מ׳זעט בפועל (לויט די אלע חשבונות וכו׳ - ניט קיין חשבונות רוחניים, נאר חשבונות אויפן פאפיר כפשוטו) וויפל הונדערטער און טויזנטער בליון׳ען לירות זיינען פארלארן געגאנגען דורך דעם צי הישראלי!

וואס דעמולט איז אויך געווען די שאלה - היתכן אז יראים ושלמים זיינען דערצו ניט משים לב? איז דער טעם הפשוט בזה, אז אמאל איז ניט געווען די מציאות אז ס׳זאל זיין א אידישע ספינה, און א אידישער רב החובל מיט אידישע מלחים ("סי-מען"), בדורות הכי אחרונים איז ניט געווען אזא מציאות, ס׳איז געווען א זעלטענע זאך אז א איד זאל זיין א בעה"ב פון א ספינה, וואס דעמולט דארף מען אנקומען צו א שטר מכירה וכו׳;

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן א אידישע ספינה, מיט א אידישער רב החובל און אידישע מלחים, וואס זיי דארפן טאן די אלע מלאכות וואס זיינען פארבונדן מיט חילול שבת - איז ניטא קיין אנדער ברירה סיידן אז מ׳זאל אינגאנצן אפשטעלן די ספינה למשך יום השבת, וכמדובר דעמולט, אז ס׳איז ניט במציאות אז מ׳זאל פארן זיבן טעג נאכאנאנד אין אן אופן אז מ׳זאל ניט קענען אנקומען צו קיין נמל, ובפרט אז ס׳זיינען דא איים (אינזלען) אין וועג וכו׳, איז דא די עצה אז מ׳זאל אפשטעלן די ספינה למשך יום השבת.

וואס ע"ד ווי מ׳האט זיך ניט געכאפט וועגן דעם איסור וואס ס׳איז דא אין אניות ישראליות, דערפאר וואס כ׳איז ניט געווען רגיל אין אזא פאל - איז עד"ז בענינגו, אז כ׳האט זיך ניט געכאפט אויף דערויף דערפאר וואס אכאליקע צייטן איז ניט געווען במציאות אז מ׳זאל קענען וויסן א משך זמן לפנ"ז אז אין א פאר וואכן ארום וועט ער דארפן מאכן א ניתוח, כנ"ל בארוכה.

- כד. -

------------

132) ראה גם שבה לג, א - הובא בלקו"ש שם.

כד. און דערפאר איז א מצוה גדולה צו מפרסם זיין כהנ"ל כיטן גרעסטן פרסום - ובפרט אז ס'איז נוגע במיוחד צו דעם זמן פון ימי החופש, ווארום מ'איז דוחה די ענינים פון טיפול רפואי אויף דעם זמן, כנ"ל.

און דאס וואס מ'טענה'ט אז דאס איז דער איינציקער טאג וועלכן מ'קען מאכן דעם ניתוח - איז אזוי ווי מ'געפינט זיך אין א מדינה וואו מ'זאגט אז דער "קאסטעמער איז אלוויים רייט" - איז בשעת אז ס'וועלן זיך געפינען כו"כ וואס וועלן זאגן אז זיי ווילן מאכן דעם ניתוח ביום שני אדער ביום שלישי (ח"ו צו אנרירן דעם יום ראשון!), וועט מען דאס קענען פועל'ן.

וכאמור לעיל אז ס'איז א זיכערע זאך אז אין דערויף איז דא אן איסור (ווען מ'מאכט דאס ביום ו', ועאכו"כ ווען מ'מאכט דאס בשבת) - די שקו"ט וואס איז שייך בזה איז מערניט וויפל איסורים זיינען מדאורייתא און וויפל זיינען מדרבנן וכיו"ב. און אויך: צי מ'מעג מאכן דעם ניתוח ביום רביעי, אדער אז דאס איז אזוי ווי המפליג בספינה, אז ג' ימים לפני השבת טאר מען שוין ניט מפליג זיין בספינה.

ויה"ר אז אלע אידן זאלן זיין געזונט (און אויך אינם יהודים), און מ'וועט זיך דינגען נאר וועגן דעם פס"ד שבזה, אבער ניט בנוגע לפועל,

און ס'וועט זיין "רפאני ה' וארפא"[133] מיט אלע פירושים שבזה[134], ביז צו "מחצתי ואני ארפא"[135], וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו ל"ג בעומר[136], וואס דעמולט איז די התחלה פון מ"ת פון פנימיות התורה[137] - און דאס האט א שייכות מיוחדת צו חגה"ש, זמן מ"ת, ווארום תורה ווערט אנגערופן רפואה[138],

ובקרוב ממש זוכה זיין צו ביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

כה. ס'איז דא נאך אן ענין וואס איז פארבונדן במיוחד מיט פנימיות התורה:

בהמשך צו דעם וואס מ'האט אפגעדרוקט דעם מאמר פון דעם אלטן רבי'ן וואס איז א ביאור אויף דער אגה"ק "פותחין בברכה", מיט נאך ביאורים פון רבותינו נשיאינו - זיינען דא

- נאך -

------------

133) ירמי' יז, יד. 134) ראה אוה"ת נ"ך ע' שנט ואילך.
135) האזינו לב, לט. 136) ר"ה חייב אדם לברך תרל"ח פכ"ה.
137) הו"ח שמות רחץ, ב. המשך תרס"ו ע' ריט. סה"מ תשי"ד ע' 211. 138) ראה תו"א בראשית ח, סע"א ואילך.

נאך כו"כ מאמרים און כתבים פון רבותינו נשיאינו, מיט שינויי הנוסחאות וכו׳.

אנהויבנדיק פון ספר התניא, וואס ס׳איז דא די מהדו"ק פון דעם תניא, מיט כמה שינויים פון דעם תניא וואס מיר האבן, ביז צום שינוי העיקרי אז דארטן איז ניטא גאנץ פרק ל׳ און גאנץ פרק ל"ב[139]. וואס דאס איז ניט קיין ענין פון טעות המעתיק, ווארום ער איז מסמן די פרקים, און אעפ"כ איז דארטן ניטא פרק ל׳ און ל"ב. מיט נאך כמה שינויים אין די אנדערע פרקים, כולל אויך דער שינוי אז ס׳ווערט ניט אנגערופן "פרק" נאר "סימן".

וואס אע"פ אז דאס איז די מהדו"ק פון דעם תניא, און דער אלטער רבי האט דערנאך געדרוקט א דבר מתוקן, איז צוליב וואס דארף מען אפדרוקן די מהדו"ק? - איז אבער פארשטאנדיק, אז ע"ד ווי מ׳געפינט אין נגלה[140] אז ס׳איז דא משנה ראשונה און משנה שני׳, און אעפ"כ איז "משנה לא זזה ממקומה"[141], ועאכו"כ בנוגע צו רבותינו נשיאינו.

און דאס וואס מ׳האט דאס ניט געדרוקט ביז איצטער - זאל דאס זיין די גרעסטע קושיא, און מ׳ווערט דערפון ניט נתפעל. און ווי מ׳געפינט אויך אז דער רבי נ"ע האט געדרוקט זאכן וואס זיינען ניט געדרוקט געווארן לפניו, און נאכמער - ביי כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס דערפאר האט אן ארט צו דרוקן די מהדו"ק פון דעם תניא - ווארום דארטן זיינען דא כו"כ תידושים, ביז צום כללות הענין פון "משנה לא זזה ממקומה". ונוסף לזה:
וויבאלד אז מ׳האט די מסקנא און די נוסחא שלאח"ז, קען מען דערפון אפלערנען ווי אזוי לעדנט מען אן ענין אין תודה וכו׳, אע"פ אז מ׳קען זיך ניט גלייכן צו נשיאי ישדאל.

און דאס וואס מ׳רעדט וועגן דערויף בפומבי - איז דאס דערפאד וואס דאס איז פאדבונדן מיט אן ענין של שמחה פון רבותינו נשיאינו, און אויך: וויבאלד אז ס׳זיינען דא די וואס זיינען מומחים אין כתבי יד און אין געפינען מראי מקומות און משווה זיין מיט אנדערע נוסחאות וכו׳ (וואס ליידער, מפני כמה סיבות, זיינען דא ווייניק אזוינע) - איז די וואס האבן נסיון אין דערויף, זאלן זיי זיך ווענדן צו די "מזכירות", ובעז"ה וועט מען בזריזות הכי אפשרית אוועקשטעלן א צוות וואס זאל זיך פארנעמען מיט הוצאה לאור פון תורה רבותינו נשיאינו, ויפה שעה אחת קודם.

- און -

---

139) ראה ליקוט פירושים וכו׳ לאגה"ק ס"א ב"פתח דבר".
140) נזיר רפ"ו. 141) יבמות ל, א. וש"נ.

און די וואס וועלן זיך פארנעמען אין דערויף, וועט מען זיי באפרייען פון דאגת הפרנסה, עכ"פ אין די שעות וואס זיי פארנעמען זיך דערמיט, און מ'וועט זיי געבן נאכמער פון שכר בטלה, כדי אז זיי זאלן זיך קענען פארנעמען דערמיט.
וכל המדבה אין די שעות וואס ער וועט אוועקגעבן אויף דערויף - הרי"ז משובח.

ויה"ר אז דער חלק פון "יפוצו מעינותיך חוצה" זאל נאכמער ממהר זיין ביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

כו. כרגיל צו דערמאנען אין דער התוועדות פון זמן מ"ת וועגן די שיעורים פון חת"ת - וואס דאס האט א שייכות מיוחדה צו משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט:

חומש איז פאדבונדן מיט משה רבינו, תהלים איז פארבונדן מיט דוד המלך, און תניא איז פארבונדן מיטן בעש"ט, ווארום דורך חסידות חב"ד איז אראפגעקומען תורת הבעש"ט אין אן אופן פון "יתפרנסון" (ווי גערעדט פריער (סט"ז) וועגן די שייכות מיוחדת צווישן דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, ביז אז דער אלטער רבי האט געדאוונט פארן עמוד ביום ההילולא פון דעם בעש"ט).

ויה"ר אז כל הענינים המדוברים זאלן געטאן ווערן בהצלחה רבה, און אין אן אופן פון "תן לחכם ויחכם עוד"[142], אז מ'וועט דאס אדאפטראגן ביז צו מעשה בפועל.

ובקרוב ממש זאל מען זוכה זיין טאנצן און מקבל זיין פני משיח צדקנו, און דער בעש"ט מיט רבותינו נשיאינו שלאח"ז - בראשנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

כז. נוסף על המדובר לעיל וועגן דעם ענין פון טיפול רפואי קומט צו נאך אן ענין:

ווען ס'רעדט זיך וועגן מפליג זיין בספינה, איז דער העדר מנוחת הנפש מערניט ווי ביי אים אליין, משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן ארייננגיין אין בית הרופאים, וואס דעמולט פועל'ט דאס העדר מנוחת הנפש ביי כל בני ביתו.

וואס בצירוף כל הפרטים יחד - אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט העדר מנוחת הנפש, און מיט גודם

- זיין -

------------

142) משלי ט, ט.

זיין חילול שבת וכו׳ - איז פארשטאנדיק אז מ׳דארף קובע זיין דעם טאג פון דעם טיפול רפואי באופן המותר.

ונוסף לזה: אפי׳ אויב מ׳וועט זיך דינגען וועגן כמה פרטים בהנ"ל, און ער וועט טענה׳ן אז ער איז ניט קיין מהדר במצוות וכו׳, איז דאך ידוע די סוגיא אין שבת[143] וועגן "נפל תורא כו׳", וואס דערפון איז מובן אז בשעת איינער געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב וואס דעמולט דארף ער אנקומען צו א ברכה מיוחדת פון דעם אויבערשטן, דארף ער זיך פירן אין אן אופן פון לפנים משורת הדין וכו׳.

וואס דערפאר איז אפי׳ אויב ס׳איז ברור אז ע"פ דין איז דא אין דערויף א היתר בדוחק אדער אפי׳ ניט בדוחק - איז וויבאלד אז ער שטייט אין א מעמד ומצב וואס ער דארף אנקומען צו א ברכה מיוחדת פון דעם אויבערשטן, דארף ער זיך משתדל זיין פירן זיך לפנים משורת הדין, ובמילא זאל ער ניט קובע זיין דעם זמן פון דעם טיפול רפואי אויף יום ו׳, ביז ג׳ ימים קודם השבת.

ויה"ר אז די וואס וועלן ניט פאלגן זאל זיי דער אויבערשטער העלפן אויף זייער וועג, און די וואס וועלן פאלגן - איז אדער אז מ׳וועט אינגאנצן ניט דארפן אנקומען צום טיפול רפואי, ווארום ס׳וועט זיין "בת דינא בטל דינא"[144], און אפי׳ אויב מ׳וועט דארפן דערצו אנקומען, וועט דאס זיין בהצלחה רבה, און מ׳וועט זיין "בריא אולם"[145] און "בריא איתן", בגשמיות וברוחניות גם יחד.

צוה (להצרפתים) לנגן האדרת והאמונה.

ברך ברכת המזון. מעריב. הבדלה. ואח"כ חילק לכאו"א מכוס של ברכה.

באמצע חלוקת כוס של ברכה צוה לנגן אין אדיר.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

143) לב. א. 144) סנהדרין צה, א. 145) תהלים עג, ד.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ נשא, י"ב סיון ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות קומט דאך לכל לראש דערפאר וואס דאס איז דער סיום פון ימי התשלומין פון חגה"ש, זמן מתן תורתנו - ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו (פאר "ובא לציון גואל") אז מ'זאגט ניט קיין תחנון ביז י"ב סיון ועד בכלל, וויבאלד אז "החג יש לו תשלומין כל שבעה".

וכמדובר כמ"פ אז די אלע ענינים וואס זיינען געווען בזמן שביהמ"ק הגשמי הי' קיים, דארפן זיי געטאן ווערן און זיי ווערן נמשך בכל שנה ושנה, אויך מחוץ לביהמ"ק ומחוץ לאה"ק, און אויך בזמן הגלות - בנוגע צום ביהמ"ק הרוחני וואס איז דא ביי יעדער אידן.

ווארום אויף יעדער אידן זאגט מען דאך "ושכנתי בתוכם"[1], "ואמרו רבותינו ז"ל בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד" (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ דעם לשון "ואמרו רבותינו ז"ל כו'" אין לקו"ת[2]).

[וואס מ'זוכט דאך דעם מקור אויף דעם - איז דא אין דערויף צוויי ביאורים:

א) ס'זיינען דא כמה מאמרים פון מדרשי חז"ל וואס זיינען געווען ביי די ראשונים ולא הגיעו אלינו. וואס דאס געפינט מען אפי' בנוגע צו דינים אין נגלה, אז דער מקור אויף דעם דין איז פון מדרשי חז"ל שלא הגיעו אלינו, און דערפון נעמט זיך א פס"ד בנוגע לפועל, ועאכו"כ בנוגע צו ענינים פון דיני הנפש, אז מ'קען ארויסנעמען א פס"ד פון די מדרשים שלא הגיעו אלינו.

ב) נענטער צו פשטות הענינים: דער מאמר ברענגט זיך אראפ אין של"ה בכ"מ[3], און אויך אין ר"ח[4]- וואס זיי זיינען דאך געווען פוסקים בישראל, ביז אז הלכה כמותם בנוגע לפס"ד בפועל, איז פארשטאנדיק, אז זיי גייען אויך אריין אין דעם כלל פון "אמרו רבותינו".

און ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין הל' ת"ת שלו[5] (מיוסד אויפן אורים ותומים וכו'[6]), אז דער פס"ד פון גדולי ישראל וועלכע זיינען נתקבל געווארן ברוב (ועאכו"כ בכל) תפוצות ישראל, האט א תוקף פון "דבר משנה" -

- איז -

---

1) תרומה כה, ח. 2) ר"פ נשא (כ, ב). 3) שער האותיות אות ל. כס' הענין רד"ה מענין העבודה. פ' תרומה חלק תו"א - שכה, ב. שכו, ב. 4) שער האהבה פ"ו (קרוב לתחלתו). 5) פ"ב ה"א. 6) חו"מ סכ"ה סקכ"ב.

איז דערפון פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער של"ה ווערט
אראפגעבראכט בריבוי מקומות אלס פס"ד להלכה (ביז וואנעט אז
אין דער התחלה פון אלע ד' חלקי השו"ע, דער חלק פון או"ח,
וואס דארטן איז דער מג"א פון די הויבט פוסקים - איז דער
מקור אויפן ערשטן ריין וואס ער ברענגט דארטן - אין של"ה),
קען מען זאגן אויף אים דעם לשון "אמרו רבותינו". ועד"ז
אויך בנוגע צום ר"ח.

וואס בנוגע צום ערשטן ביאור אז דער מקור לזה איז פון
די מדרשים שלא הגיעו אלינו - איז ניט פארשטאנדיק פארוואס
שטייט ניט דער לשון "אמרו רבותינו" אין של"ה און אין ר"ח?
- מ'דארף אבער דערצו ניט אנקומען, ווארום ס'איז גענוג דאס
וואס ס'שטייט אין של"ה און אין ר"ח גופא, וכאמור אז דאס
האט דעם תוקף פון "דבר משנה", ובמילא קען מען זאגן אויף
דעריויף דעם לשון "אמרו רבותינו".

וואס ע"כ איז א מאמר המוסגר בנוגע צו א שאלה וואס
כו"כ האבן געפרעגט.

און וויבאלד אז אין פשוטו של מקרא גייט דער "ושכנתי
בתוכם" אויפן משכן (און אויפן "מקדש דאקרי משכן"7) - איז
פארשטאנדיק, אז די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן
משכן ומקדש כפשוטו, זיינען זיי אויך דא אין עבודת האדם
בנוגע צום משכן ומקדש ברוחניות ובפנימיות, וואס דאס איז
יעדער איד - מצד דעם "חלק אלוקה ממעל ממש"8 שבו.

ובנוגע לענינינו: אזוי ווי מ'האלט אין דעם סיום פון
ימי התשלומין פון חגה"ש, וואס ער איז דאך איינער פון די
שלשה רגלים, וואס דעמולט דארף זיין דער ענין פון עלי'
לרגל, "כשם שבא לראות כך בא ליראות"9, און מ'דארף ברענגען
קרבנות וכו',

עאכו"כ דאס וואס שבועות איז "זמן מתן תורתנו", וואס
אין דעריויף איז ניטא קיין חילוק צווישן דעם זמן שביהמ"ק
הי' קיים מיטן זמן הגלות - און וויבאלד אז דאס איז ימי
התשלומין פון חגה"ש, איז פארשטאנדיק אז ס'איז אויך ימי
התשלומין בנוגע צו "זמן מתן תורתנו",

איז אויב ס'האט געפעלט שלימות (מאיזה סיבה שתהי')
בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חגה"ש, און
בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "זמן מתן
תורתנו" - קען מען דאס משלים זיין אין ימי התשלומין, ביז
צו י"ב בסיון (יום השבת) והוא בכלל,

- וואס -

---

7) עירובין ב, א. 8) תניא רפ"ב. 9) חגיגה ב, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דאס איז אויך כולל די ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט יום השבת (אע"פ וואס מפני סיבות ווערט זי געמאכט במוצאי שבת), ובפרט אז מוצאי שבת איז פארבונדן מיט יום השבת, ביז צום פס"ד פון שו"ע[10] אז דעמולט איז מען "מלוין את המלך" (אדער ווי דער צווייטער לשון[11] אז מ'איז מלוה את המלכה), מ'געפינט זיך צוזאמען מיט "שבת מלכתא".

ב. כמדובר כמ"פ אז "המעשה הוא העיקר" - ווי מ'זאגט אויך אין דעם פרק פון היינטיקן שבת (לויט די "יש נוהגין" צו זאגן פרקי אבות בכל שבתות הקיץ) קרוב לסיומו[12] אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף אויף דער החלטה (וואס לאחרי כל השקו"ט והחשבונות מצדו, איז די החלטה ביי אים בתוקף) ביז צו א תוקף אזוי ווי "מעשה" (ס'איז מערניט וואס ס'פעלט דער מעשה בפועל) - איז דאס ניט מספיק, נאר מ'דארף האבן דעם מעשה בפועל.

ועכ"פ, די ההלטה דארף זיין אין אן אופן אז ס'זאל גלייך אראפקומען אין מעשה בפועל, אנהויבנדיק פון די ענינים האפשריים צו טאן גלייך במוצאי שבת קודש, ועאכו"כ בנוגע צו די ימים שלאח"ז.

בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "זמן מתן תורתנו" (וואס אין דערויף איז דאך ניטא קיין חילוק צווישן דעם זמן שביהמ"ק הי' קיים אין ביהמ"ק מיט א פנה נדחת אין זמן הגלות ביז אין עקבתא דמשיחא, כנ"ל) - איז לכל לראש די הוראה אז דער ענין פון מ"ת דארף אראפקומען בנוגע לפועל.

און ווי מ'זאגט אין דער התחלה פון דעם פרק פון היינטיקן שבת, "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'" צו אלע אידן עד סוף כל הדורות, אז פון "<u>מתן</u> תורתנו" זאל אויך זיין "<u>קבלת</u> התורה", "משה <u>קבל</u> תורה כו'", א קבלה אמיתית וואס "תורה אמת" רופט דאס אן בשם "קבלה", וואס דאס איז דוקא ווען דאס איז לפי כוונת הנותן, וואס "כל הנותן בעין יפה נותן"[13].

ובנוגע לפועל: א איד דארף מחליט זיין מוסיף זיין אין לימוד התורה מיט א חיות, ובלשון הגמרא[14] "כה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע", ד.ה. אז זיין לימוד התורה איז אין דעם אופן ווי ס'איז

- געווען -

------------

10) אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. 11) ראה שבת קיט, א.
12) פ"א מי"ז. 13) ראה ב"ב נג, א. 14) ברכות כב, א.

געוועז ביי מ"ת בפעם הראשונה. און ניט נאר וואס ער איז מחליט צו טאן דאס, נאר ער הויבט אן גלייך בכוצאי שבה צו טאן דאס בפועל (ווארום דאס איז אן ענין וואס מ׳קען שוין טאן גלייך במוצאי שבת).

ג. ובפרטיות יותר:

מ׳האט גערעדט פריער[15] אז די ענינים וועלכע זיינען געזאגט געווארן אין די עשה"ד, זיינען ענינים פון א פס"ד ברור בנוגע למעשה בפועל.

ד.ה. ניט דער ענין פון שקו"ט ופלפולא דאורייתא (אז ס׳איז דא א ריבוי קושיות והידוצים וכו׳), וואס דעמולט קען זייך אז ס׳זאל ניט זיין דער ענין פון לאסוקי שמעהחא אליבא דהלכתא, ער וועט דערפון ניט קומען צום מעשה בפועל - נאר די ענינים וואס זיינען געזאגט געווארן ביי עשה"ד בגילוי, זיינען ענינים אין וועלכע ס׳איז מודגש דער ענין פון מעשה בפועל.

ס׳זיינען טאקע דא כו"כ פרטים, ביז צו "עלמות אין מספד"[16], וואס קומען צו אין דעם קיום פון די עשה"ד לאחרי השקו"ט - אבער בנוגע צו עשה"ד עצמם ווי זיי זיינען געזאגט געווארן נאך איידער מ׳לערנט תושבע"פ, זיינען שוין דא כו"כ ענינים, ביז צו ריבוי ענינים, וואס זיינען געזאגט געווארן אין אן אופן פון הלכה פסוקה, אז מ׳זאל וויסן וואס מ׳דארף טאן בפועל, אנהויבנדיק פון "אנכי גו׳" ביז צו "לא תחמוד".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה, אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן אז דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל.

ד. א צווייטע נקודה בזה:

כמדובר אמאל בארוכה[17] וועגן דעם וואס מ׳דינגט זיך בנוגע צו לימוד פנימיות התורה אויף וויפל ס׳איז א הכרח וכו׳ - זעט מען אז בשעת מ"ת, איז אלס הקדמה צו די עשה"ד (וואס זיי זיינען ענינים אין נגלה דתורה, ווארום אין מקרא יוצא מידי פשוטו[18]) געוועז דער ענין פון "וירד ה׳ על הר סיני"[19], וכמבואר בארוכה אין מדרשי חז"ל[20] אז דעמולט האבן אידן געזעהן "מעשה מרכבה", ביז אין אן אופן פון "ויחזו את האלקים ויאכלו וישתו"[21].

- וואס -

---

15) שיחה יום ב׳ דחגה"ש סי"ד. 16) שה"ש ו, ח. וראה שהש"ר עה"פ. 17) לקו"ש ח"א ע׳ 149 ואילך. 18) שבה סג, א. ושי"נ. 19) יתרו יט, כ. 20) ראה סוטה יז, א. וראה אוה"ת משפטים ע׳ א׳רפה. שם (כ"ז) ב׳תשלד. 21) משפטים כד, יא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון דעם ענין פון מ"ת - אז ס׳דארף זיין דער לימוד אין די ענינים פון "מעשה מרכבה".

וואס אע"פ אז "אין דורשין במרכבה כו׳"[22] - איז אבער דא ווי די ענינים ווערן נתבאר אין פנימיות התורה, אנהויבנדיק פון דעם בעש"ט, און דערנאך דורך דעם אלטן רבי׳ן אין חסידות חב"ד, ביז אין אן אופן אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה בחכמה בינה ודעת, און נאך פאר דערויף: אנהויבנדיק פון תורת הרשב"י איז "חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר"[23].

וכמובן בפשטות אז ס׳דארף זיין דער לימוד פון פנימיות התורה - ווארום צוזאמען דערמיט וואס בשעת מ"ת איז געגעבן געווארן דער ענין פון נגלה דתורה, ביז צו די ענינים הכי פשוטים (כפשטות הכתובים אין עשה"ד), האט יעדער איד און אלע אידן געזעהן בגילוי "מעשה מרכבה" מיט אלע פרטים שבזה, איז פארשטאנדיק אז ס׳דארף אויך זיין דער לימוד פון פנימיות התורה (וואס דארטן ווערן נתבאר די ענינים פון "מעשה מרכבה" וכו׳).

ה. די הוראה מכל הנ"ל בנוגע לפועל:

דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן וואס איז נוגע למעשה בפועל, לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא (כנ"ל ס"ג); און ס׳דארף אויך זיין דער לימוד פון פנימיות התורה, וואס זי ברענגט צו עפעס-וואס הבנה אין "מעשה מרכבה" ביי יעדער אידן (כפי האפשרי), און אפי׳ בזמננו זה.

ואדרבה, דוקא בזמננו זה דארף זיין דער לימוד פון פנימיות התורה ביותר - ווארום אזוי ווי בנוגע צו נגלה דתורה זעט מען אז ס׳קומען צו נייע חידושים, "מה שהלמיד ותיק עתיד <u>לחדש</u>"[24], וואס נעכטן האט מען ניט געוואוסט די חידושים (ועד"ז נעכטן זיינען צוגעקומען חידושים לגבי אייער-נעכטן),

[וואס אע"פ אז "אם הראשונים כמלאכים וכו׳"[25], מיט די גאנצע השתלשלות ודרגות שבזה - זעט מען דאך אבער אז אזוי איז בפועל, וכידוע אויך די ביאורים בדבר[26];

איז עד"ז אויך בנוגע צו פנימיות התורה[27] - ווי דער

- אלטער -

---

22) חגיגה יא, ב. 23) זח"ג קכד, ב. 24) נסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1088 הע׳ 11. 25) נסמך בלקו"ש וישלח - י"ט כסלו תשל"ז הע׳ 14. 26) ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 207. 27) ראה לקו"ש וישלה - י"ט כסלו הנ"ל ס"ב.

אלטער רבי[28] ברענגט אראפ דאס וואס דער אריז"ל האט געזאגט אז איצטער איז "מצוה לגלות זאת החכמה", ומדור לדור ווערט די נחיצות והכרחיות הדבר אלץ מערער, עאכו"כ אין דרא דעקבתא דמשיחא, ביז אין עקבתא דעקבהא דמשיחא, וואס דעמולט איז מען שוין קרוב לביאת משיח צדקנו - לויט אלע סימנים פון סוף מסכת סוטה (וואס זי ווערט געלערנט צווישן "זמן חירותנו" מיט "זמן מתן תורתנו", ווארום זי פארבינדט זיי צוזאמען).

ו. און וויבאלד אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה"[29] - איז דורך לימוד התורה גייט ער גלייך ארויס פון דעם גלות הרוחני, און דאס ווערט די הקדמה קרובה צו רער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון לימוד פנימיות התורה - ווארום דער בעש"ט האט מגלה געווען אין זיין אגה"ק הידועה[30] אז די גאולה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים האמורים לעיל אין אן אופן פון באהבה ובשמחה ובטוב לבב,

וואס שמחה איז דאך פורץ גדר[31], אפי' א שמחה וואס איז אין זמן הגלות, עאכו"כ א שמחה וואס איז פארבונדן מיט דער התבוננות און צוגרייטונג צו עניני גאולה וחירות.

וואס דאס וועט פורץ זיין די מדידות והגבלות פון די לעצטע טעג און די לעצטע רגעים פון גלות, ובלשון הרמב"ם[32] - "מיד הן נגאלין", ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

ז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה משה קבל תורה מסיני.

* * *

ח. כרגיל אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת צו אפלערנען א פרש"י אויף א פסוק אין פרשת השבוע (סיי דאס וואס רש"י איז מפרש, און אויך, אויב ס'איז דא אן ענין אין פשש"מ וואס איז ניט פארשטאנדיק - איז פארוואס באווארענט ער דאס ניט), און אין די שבתות וואס מ'לערנט פרקי אבות -

- אויך -

------------

28) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב). 29) אבות פ"ו מ"ב. 30) נדפסה בכש"ט (הוצאת קה"ת) בהתחלתו. ובכ"מ. 31) ד"ה שמח תשמח הדנ"ז ע' 49 ואילך. 32) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

אויך א משנה אין פרקי אבות, און אויך אן ענין אין די הגהות והערות פון טאטן אויפן ספר הזהר.

וואס שלא על הסדר, וועט מען איצטער אנהויבן מיט די משנה פון פרקי אבות, וויבאלד אז דאס קומט בהמשך צום מאמר,

און אויך: די גמרא[33] זאגט אז בשעת ס'איז דא צוויי ענינים, איין ענין בקיצור און א צווייטער באריכות, זאל מען פריער זאגן דעם ענין וואס איז בקיצור, און דערנאך דעם ענין וואס איז באריכות -

ובנדו"ד: דער ביאור אין דער משנה פון פרקי אבות (ועד"ז די הערות אויפן זהר) איז בקיצור, משא"כ די דיוקים אין פרש"י וואס זיינען באריכות - וועט מען דערפאר אנהויבן מיטן דבר הקצר יותר (עכ"פ בכמות).

ט. דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו אז "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז א דבר השוה לכל נפש - צו די וואס ווילן זיך נוהג זיין באופן כזה.

דער פרק פון היינטיקן שבת איז פרק ראשון. און התחלת פרק ראשון איז "משה קבל תורה מסיני וכו'". וואס אין רערויף איז לכאו' ניט פארשטאנדיק (נוסף אויף די דיוקים וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ בארוכה):

א) וואס איז נוגע צו וויסן אז "<u>משה</u> קבל תורה <u>מסיני</u>" (אז דאס האט מקבל געווען "משה", און אז דאס איז געווען "מסיני"); ס'איז נוגע צו וויסן אז די תורה קומט פון דעם אויבערשטן אליין, איז וואס איז די הדגשה "<u>משה</u> קבל תורה <u>מסיני</u>"?

די קושיא איז נאך שטארקער: ווען פרקי אבות וואלט געווען אן ענין וואס איז מערניט ווי ע"פ דין, וואלט מען נאך געקענט מסביר זיין די הדגשה פון "<u>משה</u> קבל תורה <u>מסיני</u>":

משה רבינו איז דאך געווען דער דיין און פוסק הכי גדול בעולם, איז וויבאלד אז מ'ווייסט אז דאס איז א דין וואס קומט פון משה רבינו אליין, און נאך אין אן אופן ווי משה רבינו איז געשטאנען בתכלית השלימות שלו, אויפן בארג סיני, אין אן אופן פון "משה מהיצה לעצמו"[34] - וועט מען דעמולט אנעמען דעם דין און מקיים זיין <u>בשלימות</u>.

וויבאלד אבער אז פרקי אבות איז "מילי דחסידותא"[35],

- תורה -

------------

33) שבועות ג, א. וראה סוכה בתחלתה. 34) פרש"י יתרו יט, כד. 35) ב"ק ל, א.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

תורה אליין זאגט אז דאס איז אן ענין וואס איז לפנים משורת הדין - איז לכאו' מערער נוגע צו וויסן אז דאס קומט פון דעם אויבערשטן אליין, ווארום ווען דאס קומט דורך "משה קבל תורה מסיני", דורך אן אמצעי, אפי' א אמצעי ווי משה רבינו, קומט דאס ניט צו דעם אופן ווען מ'באקומט דאס פון דעם אויבערשטן אליין (ווי מ'זעט אויך אז בשעת אידן האבן געזאגט צו משה רבינו "דבר אתה עמנו גו'"[36], האט משה רבינו געזאגט "התשתם כחי כנקבה"[37]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז (אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן דיני התורה (ניט לפנים משוה"ד), איז אויך נוגע צו וויסן אז דאס קומט פון דעם אויבערשטן אליין, עאכו"כ) ווען ס'רעדט זיך וועגן "מילי דחסידותא", איז זיכער נוגע די הדגשה אז דאס קומט פון דעם אויבערשטן אליין - איז פארוואס איז די משנה מדגיש "משה קבל תורה מסיני"?

ב) דער פלא הכי גדול: וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן קבלת התורה און הפלאת התורה - דאדפן די ערשטע ציוויים (פון "מילי דחסידותא") זיין פארבונדן מיט דעם ענין פון לימוד התורה, איז פארוואס הויבט ער אן אין דער ערשטער משנה מיט "הוו מתונים בדין", אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א פס"ד [נאר אין דעם גופא רעדט מען ניט וועגן דעם "דין" אליין, נאר "מילי דחסידותא" איז מוסיף אז ס'דארף זיין "מתונים בדין"], ניט קיין ענין וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה?

וואס בנוגע צו פסקי דיני התורה, זיינען דאך דא אזוינע פסקי דינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט לימוד און הבנה והשגה, ואדרבה, די אלע ענינים וואס זיינען "הלכה למשה מסיני" (וואס אין דערויף איז מודגש דער ענין וואס "משה קבל תורה מסיני"), זאגט מען דאך אויף זיי "אם הלכה היא נקבל", אע"פ אז "אם לדין יש תשובה"[38], ד.ה. אז אע"פ אז כצד הבנה והשגה פארשטייט ער דאס ניט, איז ער דאס אבער מקיים דערפאר וואס אזוי איז די "הלכה למשה מסיני";

איז לכאו', וויבאלד אז מ'רעדט דא וועגן מעלת והפלאה התורה, דארף מען אנהויבן מיט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט הבנה והשגה און לימוד התורה, איז פארוואס הויבט מען אן מיט אן ענין פון א פס"ד?

ג) אפי' דאס וואס די משנה איז ממשיך "והעמידו תלמידים הרבה" - איז אין דערויף אויך ניט מודגש דער ענין פון לימוד התורה, ווארום די משנה זאגט ניט אז מ'זאל מלמד

- זיין -

---

36) יתרו כ, טז. 37) פרש"י ואתחנן ה. כד. 38) יבמות עו, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

זייך תלמידים הרבה (אן עניין פון לימוד התורה), נאר "והעמידו (אויפשטעלן) תלמידים הרבה", וואס דער עניין קען געשאן ווערן ניט דוקא דורך דעם עניין פון לימוד מיט די תלמידים, נאר אין אן אופן פון "כמה גדולים מעשי חייא"[39], ער זעט אז יעדער אידישער קינד זאל ווערן א תלמיד פון א ישיבה אדער א בית-ספר וואס מ'לערנט דארטן תורת ה' לויט ווי "משה קבל תורה מסיני" (אן קיינע שינויים), וואס דערמיט איז ער אויך מקיים דעם ציווי "והעמידו תלמידים הרבה"?

ד) עד"ז זיינען דא נאך כמה ענינים וואס מ'רעכנט אויס אין דעם ערשטן פרק און דארטן איז ניט מודגש דער עניין פון הבנה והשגה און לימוד התורה, ביז צום סיום הפרק וואס דארטן שטייט "לא המדרש עיקר אלא המעשה", מ'איז מדגיש די מעלה פון מעשה דוקא - אע"פ אז בתחלת הפרק רעדט מען וועגן מעלה והפלאת התורה?

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

י. בנוגע צו די הערות אויפן זהר:

אין די הערות אויף פ' נשא[40] ברענגט ער אראפ דעם עניין פון ג' סעודות דשבת (וואס בהמשך לזה קומט די סעודה הרביעית במוצאי שבת), און ער זאגט דארטן אז די ג' סעודות זיינען "דעתיקא קדישא, ודז"א ודמלכות". און ער ברענגט אויך "כמ"ש בזה"ק פ' יתרו", וואס דארטן[41] זאגט ר' אבא אז דער סדר פון די ג' סעודות איז, פריער עתיקא קדישא - די ערשטע סעודה, ז"א - די צווייטע סעודה, און מלכות - די דריטע סעודה.

וואס דא ווערט א גאנצער שטורעם: יעדערער וואס דאווענט אין דעם אלטן רבי'נס סידור, זעט און ווייסט אז די סעודה הראשונה איז "דא היא סעודתא דחקל תפוחין קדישין", וואס דאס איז דער עניין פון מלכות, און די צווייטע סעודה איז "סעודתא דעתיקא קדישא", און די דריטע איז "סעודתא דזער אנפין" - ניט ווי דער סדר וואס שטייט אין זהר?

און ס'איז ניט נאר וואס אזוי שטייט אין דעם אלטן רבי'נס סידור (וואס דאס איז דאך גענומען פון ספרי קבלה), נאר ס'איז מבואר בארוכה אין מאמרי חסידות, אנהויבנדיק פון די ביאורים אויף סעודות שבת וואס זיינען געדרוקט אין סידור[42], וואס דארטן איז מבואר באריכה אז די ערשטע סעודה איז פון "חקל תפוחין קדישין", די צווייטע סעודה איז פון "עתיקא קדישא", און די דריטע סעודה איז פון "זער אנפין".

וכפי שיתבאר לקמן.

- יא. -

---

39) כתובות קג, ב. ב"מ פה, ב. 40) ע' שסח. 41) זח"ב פח, א. 42) קעג, א ואילך. קצט, ג ואילך.

יא. און איצטער קומט די אריכות אין פרש"י עה"ת - און אויך א פרש"י וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה. וכפי שיתבאר לקמן אז ס'זיינען דא כו"כ שאלות וואס דודשין ביאוד, וכמדובר כמ"פ אז מ'קען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דער שקו"ט פון דער גמדא, אדער אויף דער שקו"ט פון מפרשי רש"י, ווארום דאס דאדף זיין פארשטאנדיק צום בן חמש למקרא פון פרש"י עצמו, בצירוף די ענינים וואס ער האט שוין געלערנט לפנ"ז.

וואס דאס איז אין קאפיטל ז' פסוק כג: "ולזבח השלמים בקר שנים", זאגט אויף דערויף רש"י: "כנגד משה ואהרן שנתנו שלום בין ישראל לאביהם שבשמים" (וואס דאס איז די שייכות וואס איז דא צווישן משה ואהרן (וואס זיינען כנגד "בקר שנים") צו דעם ענין פון "שלמים").

דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף "אילם עתודים כבשים", און זאגט: "ג' מינים כנגד כהנים ולוים וישראלים וכנגד תורה נביאים וכתובים. שלש חמשיות כנגד חמשה חומשין וחמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני".

און דערנאך איז דש"י מסיים: "עד כאן מיסודו של ר"מ הדרשן".

און ווי גערעדט אמאל באדוכה[43] אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: א) ווי קומט דאס אז רש"י זאל ברענגען א דרוש וואס איז ניט מוכדח צו מיישב זיין פשש"מ, ב) פארוואס איז דאס רש"י ניט מפרש צום ערשטן מאל וואו ס'שטייט "ולזבח השלמים גו'", ביי דעם קרבן פון נחשון בן עמינדב, צוליב וואס ווארט ער ביז דעם צווייטן מאל וואו ס'שטייט "ולזבח השלמים"?

און מ'האט מבאר געווען בזה, אז צום ערשטן מאל וואו ס'שטייט "ולזבח השלמים גו'", דארף רש"י גארניט מפרש זיין, ווארום מ'דארף ניט זוכן טעמים אויף מספר הקרבנות, פונקט אזוי ווי מ'זוכט ניט קיין טעם אויף מספר הקרבנות פון שבה ויו"ט און פון כל יום ויום;

ווען מ'קומט אבער צום צווייטן מאל וואו עס ווערט איבערגע'חזר'ט, און אין פשוטם של כתובים איז ניטא קיין הוספה אויף דעם וואס ס'שטייט צום ערשטן מאל,

[וואס אע"פ אז מ'געפינט אז מצד די חביבות שבדבר חזד'ט מען דאס איבער ב' או ג' פעמים[44] - איז דאך אבער געשמאקער אויב מ'קען געפינען עפעס א הוספה בדבר],

- דערפאר -

---

43) לקו"ש ח"ה ע' 41 ואילך. 44) ראה לקו"ש פקודי תשל"ו ס"ג.

דערפאר מוז רש"י אנקומען צום דרוש, ווארום וויבאלד אז ס'ווערט נאכאמאל איבערגע'חזר'ט, איז געשמאקער אז כ'האט אין דערויף א רבה נוסף.

וואס אין דערויף זיינען דאך דא כו"כ דרשות (אנהויבנ-דיק פון די דרשות אין מדרש רבה אויף דער פרשה) - קלייבט אויס רש"י דעם דרוש הכי קרוב צו פשוטו של מקרא.

יב. אין דעם פרש"י איז ניט פארשטאנדיק:

א) ע"פ האמור אז רש"י זוכט דעם דרוש הכי קרוב צו פשש"מ, איז וויבאלד אז רש"י זאגט אז "אילם עתודים כבשים" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה, האט ער געדארפט זאגן אז "ולזבח השלמים בקר שנים" איז אויך פארבונדן מיט תורה -

ווי מ'געפינט טאקע אין מדרש רבה[45] א פירוש אויף "ולזבח השלמים בקר שנים" - אז דאס איז "כנגד שתי תורות המקרא והמשנה (הושב"כ און תושבע"פ) שכל מי שמבקר וזובח יצרו לעשות ככל הכתוב בהן הוא עושה שני שלומות שלום למעלה ושלום למטה" - בדוגמא ווי רש"י טייטשט אפ אויף "וישמור משמרתי גו' ותורתי"[46]- "להביא תורה שבע"פ",

איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף רש"י טייטשן אז דאס איז "כנגד משה ואהרן", וואס דעמולט קומט אויס אז פריער רעדט מען וועגן בני אדם, משה ואהרן, און דערנאך פארבינדט מען דאס מיט תורה - רש"י האט געקענט זאגן אז "בקר שנים" איז כנגד תושב"כ און תושבע"פ?

בפשטות איז דער ביאור בזה, אז אזוי האט גע'דרש'נט ר"מ הדרשן. ס'איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: א) די קושיא איז אויף ר"מ הדרשן גופא, פארוואס דרש'נט ער ניט אז "בקר שנים" איז כנגד הושב"כ און תושבע"פ, ב) רש"י איז דאך ניט מוכרח מעתיק זיין דאס וואס ס'שטייט אין דער דרשה פון ר"מ הדרשן, רש"י דארף מבאר זיין פשוטם של כתובים - האט ער געדארפט אויסקלייבן די דרשה וואס איז נענטער צו פשש"מ, און ניט אראפברענגען אז דאס איז "מיסודו של ר"מ הדרשן" (וואס ס'איז דאך בכלל ניט נוגע וועמענ'ס דרשה דאס איז, ווי מ'זעט אז ניט אומעטום ברענגט רש"י די מקורות אויף דעם דרש), און זאגן אז "בקר שנים" גייט אויף תושב"כ און תורה שבע"פ?

(כ"ק אדמו"ר שליט"א שאל: וואו איז דער וואס ציילט די קושיות? ופנה להרב ז. יפה ואמר לו: דאס איז די ערשטע קושיא).

- ב) אויף -

------------

45) פרשתנו פי"ג, טז. וראה גם פי"ד, י. 46) הולדות כו, ה.

ב) אויף "אילם עתודים כבשים" זאגט רש"י: "ג׳ מינים כנגד כהנים לויים וישראלים וכנגד תורה נביאים וכתובים". איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף רש"י מקדים זיין "ג׳ מינים", מ׳זעט דאך אליין אז דאס איז ג׳ מינים?

ג) רש"י זאגט אז די ג׳ מינים זיינען "כנגד כהנים לויים וישראלים וכנגד תורה נביאים וכתובים", וואס לכאורה זיינען דאס צוויי באזונדערע ענינים (פירושים), האט דאך רש"י געדארפט זאגן "וי"א" (וכיו"ב) אז דאס איז "כנגד תורה נביאים וכתובים"?

און וויבאלד אז רש"י זאגט "וכנגד (בוא"ו המוסיף) תורה נביאים וכתובים", איז פארשטאנדיק אז דאס זיינען ניט קיין צוויי פירושים, ווערט דעמולט א שאלה: ס׳זיינען דאך דא מערניט ווי "ג׳ מינים", האט רש"י געדארפט אויסקלייבן אדער "כהנים לויים וישראלים" אדער "תורה נביאים וכתובים", פארוואס זאגט ער "כנגד כהנים לויים וישראלים וכנגד תורה נביאים וכתובים"?

און אויב דאס זיינען צוויי פירושים שקולים און ס׳איז שווער אויסקלייבן איינעם פון זיי - האט רש"י געדארפט מקדים זיין אז אין דעם זיינען דא צוויי פירושים?

ד) דערנאך איז רש"י ממשיך: "שלש חמשיות כנגד חמשה חומשין וחמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני". איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק:

אין די "חמשה חומשין" גייט דאך אריין אויך ספר שמות און ספר דברים, וואס דארטן שטייען די עשה"ד (אין ספר שמות[47] - די לוחות ראשונות, און אין ספר דברים[48] - די לוחות אחרונות[49]) - איז וויבאלד אז מ׳האט שוין אויסגערעכנט די עשה"ד אין די "חמשה חומשין", איז וואס רעכנט מען זיי אויס נאכאמאל, "חמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני"?

יג. בשעת מ׳פארגלייכט די רמזים אין דעם פסוק צו די רמזים וואס רש"י האט שוין געזאגט פריער בנוגע צו די קרבנות פון דעם נשיא השני, זעט מען אז ס׳איז שוין דא א רמז אויף תורה - וואס דאס איז אין דעם פסוק "כף אחת"[50], וואס רש"י טייטשט אז "כנגד התורה שנתנה מידו של הקב"ה". דערנאך איז רש"י ממשיך מבאר זיין די פרטים וואס זיינען אין דער "כף אחת".

- "עשרה -

---

47) יתרו כ. א ואילך. 48) ואתחנן ה. ו ואילך.
49) ראה ב"ק נד, סע"ב ואילך. וראה לקו"ש ה"ט ע׳ 69 הע׳ 68.
50) ז, כ.

"עשרה זהב" - "כנגד עשרת הדברות", און "מלאה קטרת" - "גימטריא של קטרת תרי"ג מצוות ובלבד שתחליף קו"ף בדל"ת על ידי א"ת ב"ש ג"ר ד"ק".

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

ה) בשעת רש"י איז מפרש אז "כף אחת" איז "כנגד התורה שנתנה מירו של הקב"ה", האט ער געדארפט מעתיק זיין פון פסוק מערניט ווי דעם ווארט "כף", פארוואס איז ער אויך מעתיק דעם ווארט "אחת", לכאו׳ איז ער דאך ניט מפרש דעם ווארט "אחת", מערניט ווי דעם ווארט "כף"?

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז אין דעם פסוק "אילם חמשה גו׳" איז רש"י מעתיק פון דעם פסוק מערניט ווי די ווערטער "אילם עתודים כבשים", און ניט "אילם חמשה עתודים חמשה כבשים גו׳ חמשה" (ווי דער לשון הכתוב), ווארום פריער וויל ער מפרש זיין דאס וואס דא איז דא "ג׳ מינים", טיילט ער דאס פאנאנדער אע"פ אז עס האט אן ארט ער זאל מעתיק זיין דעם לשון הכתוב, וויבאלד אז דערנאך איז ער מפרש "שלש חמשיות כו׳" - איז דאך עאכו"כ אז אין דעם פסוק "כף אחת", וואו ער איז מפרש נאר דעם ווארט "כף", האט ער זיכער געדארפט מעתיק זיין מערניט ווי דעם ווארט "כף", פארוואס איז ער מעתיק אויך דעם ווארט "אחת"?

ו) עד"ז אין דעם פירוש "עשרה זהב" - "כנגד עשרת הדברות", האט רש"י געדארפט מעתיק זיין נאר דעם ווארט "עשרה", פארוואס איז ער מעתיק אויך דעם ווארט "זהב", ער איז דאך דאס ניט מפרש?

(כ"ק אדמו"ר שליט"א שאל כמה קושיות שאלו כבר).

ז) עד"ז אין דעם פירוש אויף "מלאה קטרת", האט רש"י געדארפט מעתיק זיין נאר דעם ווארט "קטרת", פארוואס איז ער אויך מעתיק דעם ווארט "מלאה"?

ח) וויבאלד אז די עשה"ד זיינען שוין נרמז אין "עשרה זהב" ("כנגר עשרת הדברות"), איז וואס דארף מען האבן אויף דערויף נאך א רמז - "שלש חמשיות כנגר כו׳ וחמש הדברוה הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני"?

ט) אין דעם פסוק "עשרה זהב" גייען אלע עשה"ד צוזאמען, און אין דעם פסוק "אילם חמשה גו׳" טיילט מען זיי פאנאנדער, "חמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובים על השני"?

י) אויף "מלאה קטרת" זאגט רש"י "גימטריא של קטרת תרי"ג מצוות כו׳". איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז רש"י זוכט דעם דרוש וואס איז קרוב צו פשש"מ, האט ער לכאורה געדארפט זאגן אז "קטרת" איז בגימטריא תרי"ג דערפאר וואס

- תרי"ג -

"תרי"ג אותיות יש מן אנכי עד אשר לרעך"[51],

וואָרום בשעת מ'זאָגט אַז דאָס איז כנגד תרי"ג מצוות, איז דאָס ניט קיין ענין וואָס שטייט אין די עשה"ד עצמס, וואָרום בפשטות זיינען דאָ אין עשה"ד מערניט ווי צען ציוויים; משא"כ ווען מ'זאָגט אַז דאָס איז כנגד די תרי"ג אותיות שבעשה"ד, איז דאָס אַן ענין וואָס איז דאָ אין די עשה"ד אַליין, אין זיי זיינען דאָ תרי"ג אותיות -

איז ווײַבאַלד אַז רש"י זאָגט אַז "כף אחת" איז "כנגד התורה כו'", איז קרוב יותר צו פשש"מ זאָגן אַז די גימט' פון "קערת", תרי"ג, באַווייזט אויף די תרי"ג אותיות שבעשה"ד, וואָס דעמולט גייט דאָס אויף די אותיות פון תורה; משא"כ ווען מ'זאָגט אַז דאָס איז כנגד תרי"ג מצוות, איז דאָס ניט די אותיות פון תורה, נאָר ווי ער זאָגט אין מדרש[51] אַז "תרי"ג מצוות כלולות בהן", אָבער די תרי"ג מצוות אַליין זיינען ניט די אותיות שבתורה - איז לכאו' נענטער צו פשש"מ מפרש זיין אַז דאָס גייט אויף די אותיות שבעשה"ד, וואָס דעמולט איז דאָס אַן ענין פון תורה, ע"ד ווי "כף אחת"?

און דאָס וואָס ס'שטייט אין מדרש[51] אַז נוסף צו די תרי"ג אותיות זיינען דאָ "ז' יתירות", נאָך זיבן אותיוה, "אשר לרעך", וואָס זיי זיינען "כנגד ז' ימי בראשית" - איז דאָס אויך קרוב צו פשש"מ:

רש"י האָט שוין מפרש געווען אויף "קערת כסף" - "מנין אותיותיו בגימטריא תתק"ל כנגד שנותיו של אדם הראשון", און "שלשים ומאה משקלה" - "על שם שכשהעמיד תולדות לקיום העולם בן מאה ושלשים שנה הי'", און "מזרק אחד כסף" - "בגימטריא תק"כ על שם נח שהעמיד תולדות בן ת"ק שנה ועל שם עשרים שנה שנגזרה גזירת המבול קודם תולדותיו", און "שבעים שקל" - "כנגד שבעים אומות שיצאו מבניו".

וואָס דערפון זעט מען אַז די (ערשטע) פסוקים זיינען (אויך) מרמז אויף די ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ברה"ע (ניט נאָר די ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט תורה), במילא קען מען דאָך אויך זאָגן אַז די גימט' פון "קערת" איז מרמז אויף די תרי"ג אותיות שבעשה"ד, און די איבעריקע זיבן אותיות גייען אויף די שבעת ימי בראשית (ע"ד ווי אין די ערשטע פסוקים, וואָס דאָרטן זיינען אויך דאָ רמזים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ברה"ע, ניט דווקא מיט תורה).

(כ"ק אדמו"ר שליט"א שאל כמה קושיות שאלו כבר. וענה הנ"ל: 11. ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: מערער פון א מנין).

- כ"ט -

------------

51) במדב"ר פי"ג, טז.

מיט נאך כמה דיוקים בזה, וכפי שיתבאר לקמן.

יד. ס'איז דא נאך אן ענין וואס רש"י באווארענט ניט, וואס לכאו' איז דאס א דבר פלא:

בנוגע צו קרבנות הנשיאים זעט מען דאך אז זיי האבן געבראכט זייערע קרבנות בהרחבה, און יעדער נשיא האט געבראכט משלו "ולא שגבה משבטו והקריב"[52], ווארום מה-ראך אז נדבת המשכן ביי אלע אידן איז געווען אין אן אופן פון "נדיב לב"[53], ביז אז ס'איז געווען "והותר"[54], איז דאך עאכו"כ בנוגע צו די נשיאים אז זייער נדבה איז געווען אין אן אופן של הרחבה וכו'.

ובפרט לויט ווי רש"י[55] איז מבאר "מה ראו הנשיאים להתנדב כאן בחחלה . . כך אמרו הנשיאים יתנדבו ציבור מה שיתנדבו ומה שמחסרין אנו משלימין, כיון שראו שהשלימו ציבור את הכל . . אמרו מעתה מה לנו לעשות הביאו את אבני השוהם והמילואים לאפוד ולחושן, לכך התנדבו כאן תחלה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זייערע קרבנות וואס זיינען געווען פארבונדן מיט חנוכת המשכן זיינען געגעבן געווארן בהרחבה וכו'.

לאידך, געפינט מען אבער אן ענין הפכי לגמרי:

איידער מ'דערציילט וועגן קרבנות הנשיאים, דערציילט מען אז די נשיאים האבן געבראכט "שש עגלות צב ושני עשר בקר"[56], און דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "קח מאתם והיו לעבוד את עבודת אוהל מועד"[57], און דערנאך דערציילט דער פסוק אז "את שתי העגלות גו' נתן לבני גרשון גו' ואת ארבע העגלות גו' נתן לבני מררי"[58].

קען מען דאך מיינען אז ס'איז ניט געווען וואס צו ארויפלייגן אויף די עגלות - לערנט דער בן חמש למקרא אז אויף די פיר עגלות פון בני מררי האט מען געדארפט ארויפ-לייגן "קרשי המשכן ובריחיו ועמודיו ואדניו ועמודי החצר גו' ואדניהם ויחדותם ומיתריהם"[59].

און דער בן חמש למקרא ווייסט אז ס'זיינען געווען 48 קרשים אין משכן, און דערצו נאך ניין עמודים, וואס דאס איז געווען אין דעם משכן אליין, דערנאך זיינען געווען מערער פון 50 עמודים אין חצר, צוזאמען מיט זייערע יתדות און מיתרים וכו' - וואס יעדער קרש איז געווען "עשר אמות אורך

- הקרש -

------------

52) פרש"י פרשתנו ז, יב. 53) ויקהל לה, כב. 54) שם לו, ז. 55) פרשתנו שם, ג. ויקהל לה, כז. 56) פרשתנו שם. 57) שם, ה. 58) שם, ז-ח. 59) פרשתנו ד, לא-לב.

הקרש ואמה וחצי האמה רוחב הקרש"[60], און די עמודי החצר זיינען געווען הויך חמש אמות (לויט פרש"י[61]) - איז דאך דאס אלץ געווען א מורא'דיקער משא.

און דעם גאנצן משא האט מען געדארפט ארויפלייגן אויף (מערניט ווי) פיר עגלות! ד.ה. אז אויף יעדער עגלה האט מען ארויפגעלייגט 12 קרשים און 14 עמודים מיט די אדנים וכו' (אויב מ'האט דאס פאנאנדערגעטיילט בשוה).

און לויט דעם וואס די גמרא[62] זאגט אז דער רוחב פון יעדער עגלה איז געווען מערניט ווי חמשה אמות, איז פארשטאנ-דיק, אז די קרשים האט מען געדארפט ארויפלייגן איינעם אויף דעם צווייטן, און ס'האט געדארפט דערגרייכן כ'ווייס ווי הויך! און דערנאך האט מען געדארפט האבן אז א לוי זאל גייך פון דער זייט און זעהן אז קיין קרש זאל זיך ניט אראפגליטשן פון דער עגלה.

וואס לכאו' איז דאס א מורא'דיקע קמצנות - מ'האט געקענט געבן א סאך מער עגלות (צוויי צי דריי מאל אזוי פיל), וואלט מען דעמולט געקענט ארויפלייגן דעם גאנצן משא אויף די עגלות בהרחבה, און מ'וואלט פארשפארט מורא האבן אפשר וועט א קרש אראפפאלן פון דער עגלה?!

די קושיא ווערט נאך גרעסער: בני גרשון האבן באקומען צוויי עגלות, און זייער משא איז געווען מערניט ווי "יריעות המשכן גו' ואת קלעי החצר גו'"[63], וואס בשעה ס'רעדט זיך וועגן יריעות, יריעה פון "שש משזר גו'", יריעות עזים, יריעות פון עורות אילם מאדמים און עורות תחשים, איז (א) דאס איז ניט אזא שווערער משא ווי קרשים, און (ב) איידער מ'האט דאס ארויפגעלייגט אויף דער עגלה האט מען דאס געקענט צוזאמענלייגן (און מסתמא האט מען דאס טאקע צוזאמענגעלייגט), ובמילא האט דאס פארנומען ווייניקער ארט (משא"כ די קרשים, וואס יעדער קרש פארנעמט עשר אמות אורך און אמה וחצי רוחב).

און אעפ"כ, האבן בני גרשון באקומען צוויי עגלוה, און בני מררי, וואס זייער משא איז געווען א סאך גרעסער (כנ"ל בארוכה), האבן באקומען מערניט ווי מיט צוויי עגלוה מערער פון בני גרשון, מערניט ווי פיר עגלוה.

ווערט דאך א מורא'דיקער שטורעם: בשעת ס'האט זיך גערעדט וועגן אבנים טובות ומרגליות, האט יעדער נשיא געגעבן אן אבן טוב (ווארום ס'זיינען געווען 12 אבנים)

- און -

---

60) תרומה כו, טז. 61) שם כז, יח. וראה לקו"ש ויקהל תשל"ז. 62) שבה צט, א. 63) פרשתנו ד, כה-כו.

און האט ניט געזשאלעוועט, דערנאך האבן זיי אויך געגעבן די אבני השוהם; און ווען ס'האט זיך גערעדט וועגן קרבנות הנשיאים, האבן זיי געבראכט ריבוי קרבנות, "פר אחד גו' איל אחד כבש אחד גו' שעיר עזים אחד גו' ולזבח השלמים בקר שנים אילם חמשה עתודים חמשה כבשים גו' חמשה"[64], און לפנ"ז האבן זיי אויך געגעבן "קערת כסף אחת גו' מזרק אחד כסף גו' כף אחת עשרה זהב"[65];

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן געבן עגלות אויף צו טראגן דעם משכן במשך פון כמעט ארבעים שנה [ניט קיין זאך וואס איז מערניט ווי אויף איין טאג (ע"ד ווי די קרבנות), נאר אן ענין אויף 39 יאר נאכאנאנד, זינט מ'האט געבויט דעם משכן, אויף אלע מסעות וואס זיינען געווען אין מדבר] - האבן זיי געגעבן מערניט ווי פיר עגלות פאר בני מררי, און אין יעדער מסע האט מען זיך געדארפט אנשטרייגען און ארויפ-לייגן אלע קרשים ועמודים וכו' אויף פיר עגלות, כנ"ל באריכה - בה בשעה וואס מ'האט געקענט געבן צוויי צי דריי מאל אזוי פיל עגלות, וואס דעמולט וואלט מען פארשפארט דעם גאנצן טומל און הארעוואניע!

און אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין חשבונות גדולים, דער בן חמש למקרא האט געלערנט ווי גרויס איז א קרש און אן עמוד, און ער זעט אז די אלע קרשים ועמודים האט מען געדארפט ארויפלייגן אויף (מערניט ווי) פיר עגלות - מאכט ער א טומל, היתכן?! - און רש"י באווארענט דאס ניט.

וכפי שיתבאר לקמן די אלע דיוקים.

טו. בהמשך להמדובר לעיל וועגן "משה קבל תורה מסיני" - וואס דאס שטייט אין פרקי אבות, און מ'זאגט א אידן אז ער דארף דאס לערנען אלס הקדמה צו מ"ת, און דערנאך זאגט מען אים אז ער דארף דאס לערנען אויך לאחרי מ"ת (בכל שבתות הקיץ) - איז דאך זיכער אז מ"ת דארף עפעס אויפטאן אין דערויף;

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער חילוק צווישן דעם לימוד פון פרקי אבות (אז "משה קבל תורה מסיני", און "הוו מתונים בדין" וכו') ווי מ'לערנט דאס קודם מ"ת, מיט דעם אופן הלימוד פון פרקי אבות ווי דאס איז אין שבתות הקיץ שלאחרי מ"ת?

אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז די הוראה אין "מילי דחסידותא" דערפון וואס "משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע" -

---

64) שם ז, טו-טז. 65) שם, יג-יד.

ליהושע" [וואס דאס שטייט דאך ניט אלס הקדמה צו פרקי אבות, נאר דאס איז די ערשטע משנה אין פרקי אבות - איז דאס אויך א הוראה אין "מילי דחסידותא"] ?

אויך דארף מען פארשטיין: אין דער זעלבער משנה שטייט "הוו מתונים בדין והעמידו תלמידים הרבה ועשו סיג לתורה", וואס לכאו' שטייען אין דער משנה צוויי באזונדערע ענינים: פריער שטייט דער אופן פון מסירת התורה, "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'" ביז אז ס'איז אנגעקומען צו "אנשי כנסת הגדולה"; און דערנאך הויבט זיך אן א נייער ענין: "הם אמרו שלשה דברים וכו'" -

האט דאס לכאו' געדארפט זיין א באזונדער משנה - פאר-וואס שטייען די צוויי ענינים אין איין משנה און מיט איין המשך (און ביידע - "מילי דחסידותא")?

טז. איינע פון די הוראות אין "מילי דחסידותא" פון "משה קבל תורה מסיני" איז[66]:

סיי בנוגע צו "משה" און סיי בנוגע צו "סיני" געפינט מען א דבר והיפוכו:

משה רבינו איז געווען "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[67], ולאידך, געפינט מען ביי משה רבינו דעם תוקף הכי גדול, וואס דערפאר האט ער זיך אוועקגעשטעלט בתוקף הכי גדול אויף אלע ענינים וואס ער האט גערעכנט אז מ'דארף זיך פאר קיינעם ניט אפשטעלן.

[וואס דער תוקף פון משה רבינו איז פארבונדן דערמיט וואס ער האט געהאט דעם "מטה האלקים בידו"[68], ווי רש"י[69] ברענגט אראפ די דעה[70] אז דאס איז געווען פון "סנפירינון", וואס דאס איז (אן אבן טוב און) אן אבן קשה וחזק ביותר - וואס דאס באווייזט אז הנהגת משה רבינו איז געווען בתוקף הכי גדול].

ביז וואנעט אז ער האט זיך געשטעלט מיט א תוקף אפילו לגבי הקב"ה, ווי מ'געפינט אז משה רבינו האט געמאנט ביים אויבערשטן בתוקף בנוגע לכמה ענינים, ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[71], עאכו"כ ע"פ המבואר אין מדרשי רז"ל.

וואס דאס זיינען דאך צוויי תנועות הפכיות: פון איין

- זייט -

---

66) ראה גם לקו"ש ח"א ע' 279. 67) בהעלותך יב, ג. 68) שמות ד, כ. ועוד. 69) שם. בשלח יז, ו. 70) שמו"ר פ"ה, ג. מכילתא עה"פ בשלח שם. וראה הנסמן בסה"מ ה'ש"ה ע' 20. 71) ראה פרש"י תשא לב, לב. ועוד.

זייט איז הנהגהו געווען בתוקף הכי גדול, ולאידך, איז ער געווען "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", ביז אז ער האט געזאגט "ונחנו מה"[72], וואס דאס האט ער געזאגט צו די וואס זיינען געקומען מיט תלונות אויף די ענינים פון תומ"צ - וואס דאס באווייזט דאך אויף עניוות הכי גדולה.

עד"ז אויך בנוגע צו "סיני":

אויף הר סיני שטייט[73] אז ער איז געווען "מכיך מכל טוריא" (און דערפאר[74] האט מען געגעבן די תורה אויף הר סיני דוקא, וויבאלד אז ער איז "מכיך מכל טוריא"), ד.ה. ס'איז א "הר", וביחד ע"ז איז דאס אבער "מכיך מכל טוריא" (נידעריקער פון אלע הרים).

וואס דאס זיינען צוויי ענינים הפכיים: "הר" באווייזט אויף אן ענין של גדלות ונשיאות, און "מכיך מכל טוריא" באווייזט אויף דעם ענין פון שפלות ועניוות - און ביי הר סיני האט מען געדארפט האבן ביידע ענינים: ס'דארף זיין "הר סיני" דוקא (ניט "מדבר סיני" וואס איז כולל אויך דעם שטח שמסביב להר), ולאידך, דארף דאס זיין ניט ווי "הר תבור" וכו', "הרים גבנונים"[75], נאר אין אן אופן פון "מכיך מכל טוריא".

וואס דאס איז די הוראה אין "מילי דחסידותא" - אז א איד דארף זיך אפלערנען פון דער הנהגה וואס איז געווען ביי משה רבינו, וואס משה רבינו איז דאך געווען א "רועה נאמן", און א "שמץ מנהו" איז דא ביי יעדער אידן[76], ביז אז דאס קומט אראפ ביי אים בפועל,

כמדובר כמ"פ דאס וואס דער אלטער רבי[77] איז מבאר דאס וואס ס'שטייט[78] "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה גו'", און די גמרא[79] זאגט אויף דערויף אז "לגבי משה מילתא זוטרתי היא" - אז מצד דעם ניצוץ משה וואס איז דא ביי יעדער אידן, איז אויך ביי אים דער ענין פון יראה א "מילתא זוטרתי" - וואס דערפון זעט מען דאך אז בחי' משה וואס איז דא ביי יעדער אידן קומט אראפ ביי אים ביז אין מעשה בפועל.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לענינינו - אז - א איד -

------------

72) בשלח טז, ז. 73) לקו"ת במדבר טו, סע"ב - מת"י עה"פ שופטים ה, ה. 74) שם. וראה סוטה ה, א. קה"ר פי"ג, ב. במדב"ר פי"ג, ג. ועוד. 75) תהלים סח, יז. 76) ראה תניא פמ"ד (סג, א). 77) תניא פמ"ב. 78) עקב י, יב. 79) ברכות לג, ב.

א איד דארף זיך אפלערנען פון הנהגת משה רבינו, בנוגע צו די צוויי ענינים הפכיים וואס מ'זעט ביי "משה" (און אין דעם ענין פון "סיני").

יז. די הוראה אין "מילי דחסידותא" דערפון וואס "(משה קבל תורה מסיני) ומסרה ליהושע":

ווען ער דערהערט אז "משה (שבקרבו) קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע", אז אלץ וואס משה רבינו האט געהאט, האט ער איבערגעגעבן צו יהושע - פארלאנגט דאס פון איס אז ווען ער פארנעמט זיך מיט הפצת התורה, דארף דאס זיין אין אן אופן אז ער זאל איבערגעבן אלץ וואס ער האט, ד.ה. ניט אז ער גיט איס אפ א חלק און דעם עיקר לאזט ער איבער ביי זיך, אדער אז ער לאזט איבער א חלק עכ"פ ביי זיך וואס דאס גיט ער ניט יענעם, נאר ער דארף געבן אלץ וואס ער האט - ע"ד ווי ס'איז געווען ביי משה רבינו אז אלץ וואס ער האט געהאט האט ער איבערגעגעבן צו יהושע.

און ווי ס'איז געווען די הנהגה פון משה רבינו, אז ער האט איבערגעגעבן צו אידן ניט נאר דאס וואס ער איז געווען מוכרח, נאר ווי די גמרא[80] זאגט אז "פלפולא דאורייתא איז איבערגעגעבן געווארן מערניט ווי צו משה רבינו, און "נהג בה טוב עין ונתנה לישראל" (צו יעדער אידן און צו אלע אידן) - ועד"ז דארף זיין הנהגת כאו"א אין הפצת התורה.

און בשעה מ'זאגט איס אז ס'דארף זיין "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[81], קען ער לערנען מיט זיי תושב"כ און תורה שבע"פ, ער וועט אבער איבערלאזן עפעס וואס ער וועט מיט זיי ניט לערנען -

זאגט מען איס אז ער דארף זיך דערמאנען אז דאס וואס ער האט די תורה איז דאס דערפאר וואס "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[82], במילא דארף ער זיך פירן (בנוגע צו הפצת התורה) אזוי ווי משה רבינו האט זיך געפירט (סיי בנוגע להאמור לעיל (סס"ז) אז די הנהגה דארף זיין ווי ביי משה וואס ער איז געווען אין אן אופן פון "הר סיני", אן עניו של הר, וואס באווייזט אויף התנשאות און תוקף, און לאידך, "מכיך מכל סוריא", "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", און אויך) אז "ומסרה ליהושע כו'", אז ער גיט איבער זיינע תלמידים אלץ וואס ער האט אין תורה.

און דערפון קומען אויך ארויס די ווייטערדיקע פרטים אין דעם פרק - וכפי שיתבאר לקמן.

*　　*　　*

- יח. -

------------

80) נדרים לח, א. 81) פרש"י ואתחנן ו, ז. 82) ברכה לג, ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

יח. בנוגע צו פרש"י - ובהקדים א הקדמה כללית:

כמדובר לעיל (סי"א) אז צום ערשטן מאל וואו עס ווערט דערציילט וועגן קרבנות הנשיאים, זאגט ניט רש"י קיינע רמזים, ווארום אין פשש"מ דארף מען ניט זוכן קיין רמזים אויף די קרבנות ומספרם (ע"ד ווי מ'זוכט ניט קיין רמזים אויף אלע קרבנות שבכל יום און בשבת ויו"ט);

אבער ווען ס'חזר'ט זיך איבער די אלע פרטים ביי יעדער נשיא (מ'זאגט ניט אז אלע נשיאים האבן מקריב געווען די זעלבע קרבנות, נאר ביי יעדער נשיא איז מען דאס מפרט נאכא-מאל) - איז גלאטער אין פשש"מ אז מ'זאל געפינען דערצו א רמז.

און פון צווישן די אלע דרשות וואס זיינען דא אין מארז"ל, זוכט רש"י א דרוש וואס איז הכי קרוב צו פשוטם של כתובים (כנ"ל בארוכה).

בשעת מ'גיט א קוק די פרטים וואס די נשיאים האבן געבראכט, זעט מען אז בכללות איז דאס פאנאנדערגעטיילט אין צוויי סוגים: א) ענינים פון סוג הדומם, "קערת כסף", "מזרק אחד כסף", "כף אחת עשרה זהב", ב) ענינים פון סוג החי, "פר אחד וגו'", "שעיר עזים", "ולזבח השלמים בקר שנים", "אלים חמשה עתודים חמשה כבשים גו' חמשה".

וכמובן בפשטות די מעלה וואס איז דא אין חי לגבי דומם, ביז וואנעט אז דאס פארשטייט אויך א בן חמש למקרא.

און דערפאר בשעת רש"י זאגט די רמזים אויף די קרבנות, טיילט ער דאס אויך אין צוויי סוגים, ביז אז דער חילוק הערך צווישן ביידע סוגים איז בדוגמת החילוק צווישן דומם מיט חי.

יט. והביאור בזה:

רש"י זאגט אז אין די קרבנות הנשיאים איז מרומז דער ענין התורה - וואס אין דעם ענין התורה זיינען דא צוויי כללות'דיקע מצבים: א) ווי תורה איז געווען קודם מ"ת, ב) ווי תורה איז לאחר מ"ת. וואס דער חילוק צווישן די ביידע מצבים איז בדוגמת החילוק צווישן דומם מיט חי, כדלקמן.

וואס דער ענין פון תורה איז דאך העכער פון וועלט, תורה איז "חמדה גנוזה" (ווי די גמרא זאגט אין שבת[83] אין דער סוגיא פון מ"ת), ביז וואנעט אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא" (כמבואר בארוכה אין מד"ר בתחלתו[84], און אויך אין זהר[85], ובכ"מ).

- און -

---

83) פח, ב. 84) ב"ר רפ"א. 85) ח"ב קסא, ב.

און אפי' נאך דערויף ווי תורה האט שוין א שייכות (און מ'קען זוכן עפעס אן ערך) מיט וועלט, זאגט מען אז "אלפים שנה קדמה תורה לעולם"[86].

[וכידוע וואס חוקרי ישראל שטעלן זיך אויף דערויף, ווי איז שייך זאגן "אלפים שנה" איידער ס'איז באשאפן געווארן די וועלט? - מיט אלע ביאורים וואס זיינען דא אין דערויף, ביז אויך דער מארז"ל[87] אז די תורה האט געדארפט געגעבן ווערן לאחרי אלף דורות, נאר דער אויבערשטער האט אראפגענומען תתקע"ד דורות "קמטן", און האט געגעבן די תורה לאחרי כ"ו דורות].

און דערנאך ווען תורה קומט אראפ אין וועלט - איז וויבאלד אז די וועלט איז מעשי ידיו של הקב"ה, ווי ס'שטייט[88] "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און זי איז באשאפן געווארן אין אן אופן אז מצד הבריאה והטבע איז געווען א גזירה אז "עליונים לא ירדו למטה ותחתונים לא יעלו למעלה"[89] - איז פארשטאנדיק, אז די וועלט איז געבליבן במעמדה ומצבה, ווארום די "חמדה גנוזה" וואס געפינט זיך <u>למעלה</u>, שטייט אין אן אופן אז "עליונים לא ירדו למטה".

כ. והביאור בזה:

אע"פ אז "קיים אברהם אבינו את כל התורה כולה"[90], ביז ווי ס'שטייט אין מדרש[91] אז אדה"ר האט מקיים געווען די תורה, ועאכו"כ אז ס'איז שוין געווען די שבע מצוות ב"נ (ווארום דער "ויצו ה' אלקים על האדם"[92] איז שוין געווען אויך פריער) - איז דאס אבער געווען אין אן אופן אז "עליונים לא ירדו למטה ותחתונים לא יעלו למעלה".

ד.ה. ווען א בן נח האט מקיים געווען א מצוה, [מצות צדקה, הכנסה אורחים וכיו"ב - לויט דער דעה אין סנהדרין[93] אז ב"נ נצטוו על הצדקה, ועד"ז אין נאך כמה ענינים פון קום ועשה, אע"פ אז זיי ווערן ניט אריינגערעכנט אין דעם מנין, ווארום מ'רעכנט מערניט ווי די לאוין, כמבואר אין דער סוגיא[94] בארוכה] - איז דאס געווען אין אן אופן אז דער חפץ הגשמי איז געבליבן אין דעם מעמד ומצב פון "תחתון" (ער איז ניט געווארן קיין "עליון").

- וככדובר -

---

86) ראה מדרש תהלים צ, ד. ב"ר פ"ח, ב. ועוד. 87) חגיגה יג, סע"ב ואילך. 88) בראשית א, א. 89) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו. 90) יומא כח, ב. 91) ראה יל"ש עקב רמז תתסג. היב"ע וה"י עה"פ בראשית ב, טו. 92) בראשית שם, טז. וראה סנהדרין נו, סע"א ואילך. רמב"ם הל' מלכים רפ"ט. 93) נז, ב. 94) נח, סע"ב. וראה לקו"ש ח"ה ע' 157 ואילך. 404 ואילך. ובהנסמן שם.

וכמדובר לעיל (בהמאמר) אז בשעת די אבות האבן מקיים געוועזן מצוות, איז דער חפץ הגשמי ניט געווארן קיין תשמיש של קדושה, ביז וואנעט אז ס'זאל האבן א תוקף אז מ'זאל קענען שווערן אויף דערויף בנקיטת חפץ.

[וואס דערמיט איז מען דאך מסביר[95] אז ווען אברהם אבינו האט געוואלט משביע זיין אליעזר עבדו, האט ער ניט געהאט קיין אנדער ברירה סיידן "שים נא ידך תחת ירכי"[96], ווארום דאס איז געווען די איינציקע מציאות וואס איז שייך נקיטת חפץ, וויבאלד אז דאס איז געווען די איינציקע זאך וואס איז נשתנה געווארן (דורך קיום המצוה) און איז געווארן א חפץ של קדושה - אין אן אופן ווי ס'איז געווען שייך קודם מ"ת.

- ווארום לאחר מ"ת איז מצות מילה אויך נתעלה געווארן און איז געווארן אין א גרעסערע קדושה[97], וואס דערפאר זאגט דער רמב"ם אין פיהמ"ש אין חולין[98] אז דאס וואס מ'איז מקיים מצות מילה איצטער, איז דאס ניט דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אברהם אבינו לפני מ"ת, נאר דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט משה רבינו ביי מ"ת,

ע"ד ווי דאס איז לגבי די שבע מצוות ב"נ - ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' מלכים[99] אז דאס וואס ב"נ דארפן מקיים זיין זייערע שבע מצווה, איז ניט דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אדה"ר, נאר דערפאר וואס "צוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהם", און ער האט געהייסן אז א איד זאל זיך משתדל זיין און אויפטאן אז ב"נ זאלן מקיים זיין זייערע שבע מצוות, מיט אלע סעיפים וסניפים שבדבר].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז קודם מ"ת האט תורה ניט אויפגעטאן אין וועלט קיין דבר חדש, ווארום קדושת התורה איז געבליבן אין אן אופן פון "חמדה גנוזה", "עליונים", אין אן אופן אז "עליונים לא ירדו לתחתונים".

ועפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס די מלאכים האבן געזאגט צום אויבערשטן "חמדה גנוזה"יש לך בשמים כו'" - דלכאו', ווי קענען זיי זאגן אז די תורה איז "חמדה גנוזה" וויסנדיק אז אברהם אבינו האט געלערנט תורה דא למטה, ועד"ז יצחק און יעקב, ביז אז "מימיהן של אבותינו לא פרשה ישיבה מהם", אפי' אין מצרים[90]?!

- איז -

---

95) ראה לקו"ש שם ע' 79 ואילך. וש"נ. 96) חיי שרה כד, ב. 97) ראה לקו"ש שם ע' 80 הע' 26. ע' 89 הע' 22-24. 98) ספ"ז. 99) ספ"ח.

איז דער ביאור בזה (ע"פ האמור לעיל): קדושה התורה און עיקר התורה, דאס וואס תורה מאכט איבער דעם לובד התורה, און דאס וואס תורה טוט אויף אז דער דבר הגשמי ניט וועלכן מ'איז מקיים די מצוה זאל ווערן א חפץ של קדושה - איז געבליבן אין אן אופן פון "חמדה גנוזה", און אין אן אופן אז "עליונים לא ירדו למטה".

ד.ה. אז דער "עליון" איז געבליבן במעמדו ומצבו, און דער "תחתון" איז געבליבן במעמדו ומצבו, און דאס וואס מ'האט מקיים געווען דערמיט א מצוה, איז דאס געווען אן ענין עובר און דערפון איז ניט געבליבן קיין רושם; ער האט טאקע געגעבן צדקה, מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים - אבער דער "יד המחלקת צדקה" (בלשון התניא[100]), ועד"ז דער מאכל ומשקה וכיו"ב דורך וועלכע ער האט מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים, איז געבליבן במעמדו ומצבו הקודם.

כא. כל הנ"ל איז געווען קודם מ"ת - מ"ת האט אבער אויפגע-טאן א דבר הדש לגמרי, ביז אין אן אופן של הולדה,

ווי מ'זעט דעם אויפטו וואס מ"ת האט אויפגעטאן בנוגע צו אידן, אז דעמולט האט זיך אויפגעטאן אן ענין של גירוה, ווי די גמרא זאגט אין יבמות[101], וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[102], ד.ה. אז דורך דעם וואס "משה קבל תורה מסיני" (און נאך פאר דעם: דאס וואס דער אויבערשטער האט געגעבן די תורה, "מתן תורה", אין אן אופן פון "ואני המתחיל"[89]), זיינען אידן געווארן געווארן פון-דאס-ניי, א הולדה חדשה, אין אן אופן פון "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי".

און וויבאלד אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל ובשביל התורה"[103], איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מ"ת האט אויפגעטאן א חידוש בכל העולם כולו, א חידוש אין דעם "התחון" - אז מ'זאל קענען איבערמאכן דעם "התחון" ער זאל ווערן א חפץ של קדושה. וואס דער מקור הקדושה איז דאך "כי קדוש אני"[104], און דערפון ווערט נמשך דער ענין הקדושה ביי אידן, און זיי זיינען דאס דערנאך ממשיך אין עניני העולם, אז דער דבר גשמי זאל ווערן א חפץ של קדושה.

וואס אע"פ אז בשעה מ'גיט א קוק אויף מראה החפץ מבחוץ, זעט מען ניט קיין שינוי אין דערויף (לכאורה) - זאגט אבער "תורה אמת" (וואס זי באווייזט אמיתית הענינים) אז לאחרי מ"ה ווערט רער חפץ המצוה (דער דיו און דער קלף התפילין און די רצועות וכיו"ב) א חפץ של קדושה.

- ד.ה. -

---

100) פכ"ג (כה, ב). 101) מו, א. 102) שם. מב. א.
103) פרש"י ר"פ בראשית. 104) קדושים יט, ב.

ד.ה. אין אנדערע ווערטער: מ"ת האט אויפגעטאן אין וועלט אז עניני העולם זאלן ווערן פון דרגת דומם (שלפני מ"ת) - דרגת חי, ס'זאל ווערן א לעבעדיקע זאך, און א זאך וואס קען מוליד זיין פירות - א חפץ של קדושה, ווארום בשעת דער דבר הגשמי ווערט א חפץ דקדושה, דורך דעם וואס ס'ווערט דער חיבור פון "עליון" מיט "תחתון", ווערט ער א לעבעדיקע זאך, בדרגת חי, ווארום דער אויבערשטער איז דער "מקור מיים חיים"[105].

וכאמור לעיל אז רש"י זוכט אז ס'זאל זיין קרוב אל הפשט - זעט דאך אויך דער בן חמש למקרא אז מ"ת האט אויפגעטאן אן עניין חדש ביי אידן, אז דוקא לאחרי מ"ת איז געווארן דער עניין פון בנין המשכן, וואס דורך דערויף ווערן אויפגעטאן דער "ושכנתי בתוכם", אז דער אויבערשטער איז שוכן דא למטה, ביז אין אן אופן פון "השוכן אתם בתוך טומאותם"[106], ווי רש"י טייטשט אפ, "אע"פ שהם טמאים שכינה ביניהם"[107], וואס דאס איז נאך א גרעסערער אויפטו דערפון וואס א דבר גשמי ווערט א חפץ של קדושה, ווארום דא רעדט זיך וועגן אן עניין הפכי, "בתוך טומאותם", און אעפ"כ איז דער אויבערשטער "שוכן אתם".

כב. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם ביאור אין פרש"י:

כאמור לעיל אז די זאכן וואס די נשיאים האבן געבראכט צו חנוכת המשכן זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי סוגים, דער סוג פון דומם און דער סוג פון חי - איז וויבאלד אז רש"י לערנט אז די ענינים זיינען מרמז אויף דעם עניין פון תורה, איז בפשטות מסתבר צו זאגן אז דער סוג פון דומם איז מרמז אויף ענינים שלפני מ"ת, וואס דעמולט איז די וועלט געשטאנען אין דער דרגא פון דומם; און דער סוג פון חי איז מרמז אויף די ענינים שלאחרי מ"ת, ווארום מ"ת האט אויפגעטאן אז די וועלט זאל ווערן בדרגה חי.

און דערפאר ווען מ'קומט צו "קערת כסף", זאגט רש"י אז דאס איז "כנגד שנותיו של אדה"ר", און "מזרק אחד כסף" איז "על שם נח כו'", און "שבעים שקל" איז "כנגד שבעים אומות שיצאו מבניו" - אלץ ענינים וואס זיינען געווען לפני מ"ת, ווארום דאס זיינען ענינים של דומם, איז דאס מרמז אויפן זמן שלפני מ"ת, וואס דעמולט איז די וועלט געשטאנען בדרגת דומם.

דערנאך ווען מ'קומט צו "כף אחת", זאגט רש"י אז דאס

- איז -

------------

105) ירמי' ב, ג. 106) אחרי טז, טז. 107) ראה גם מסעי לה, לד ובפרש"י.

איז "כנגד התורה שנתנה מידו של הקב"ה", און "עשרה זהב" איז "כנגד עשרת הדבדוה" - דאס איז אבער נאך אלץ אן ענין של דומם, אע"פ אז ס'רעדט זיך שוין וועגן דעם ענין פון מ"ת. והביאור בזה:

כדי אז תורה זאל אויפטאן אין וועלט אז זי זאל צוקומען צו דרגת החי, איז ניט גענוג די התחלה פון מ"ת, דאס וואס דער אויבערשטער גיט די תורה אין אן אופן פון "ואני המתחיל", נאר מ'דארף האבן אז אידן זאלן מקבל זיין די הורה, לערנען און מקיים זיין די תורה, וואס דעמולט פועל'ט מען אז דער גשמי זאל ווערן א חפץ של קדושה, בדרגת חי.

און וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן דער התחלה פון מ"ת, נאך איידער אידן האבן באקומען די תורה און אנגעהויבן איר מקיים זיין (כדלקמן) - דערפאר איז דער רמז אויף דערויף אן ענין של דומם, ווארום דעמולט האט זיך נאך ניט אויפגעטאן אין וועלט אז זי זאל ווערן בדרגת חי. והביאור בזה:

בשעת דער אויבערשטער האט געגעבן די עשה"ד, איז דאס געווען אין אן אופן "שאמר הקב"ה עשה"ד בדיבור אחד" (ווי דש"י האט שוין מפרש געווען אין פ' יתרו[108]), און דערנאך האט משה רבינו געדארפט פאנאנדערטיילן און אפטייטשן בפרטיות

לויט די דעות בזה[109] - לויט פרש"י[110] איז געווען "אחת דבר אלקים שתים זו שמעתי"[111], אז אידן האבן געהערט פון דעם אויבערשטן נאר די ערשטע צוויי דברות, און דערנאך האבן זיי געזאגט "דבר אתה עמנו ונשמעה"[36], און די איבעריקע דברות האבן זיי געהערט פון משה רבינו; און לויט אנדערע מפרשים[112] האט דער אויבערשטער געזאגט אלע עשה"ד בב"א, אבער אידן האבן פארשטאנען נאר די ערשטע צוויי, און די איבעריקע דברות האט זיי משה מפרש געווען.

ד.ה. אז בשעת דער אויבערשטער האט געגעבן די עשה"ד (בשעת מ"ת), איידער אידן האבן דאס באקומען און אנגעהויבן לערנען און מקיים זיין - איז דאס געווען אין אן אופן פון "כף אחת", אן איין און איינציקע זאך, ס'איז ניט שייך צו פאנאנדערטיילן דאס; ס'איז טאקע דא "עשרת הדברות" ("עשרה זהב"), זיי שטייען אבער אין אן אופן פון "כף אחת" (וואס דערמיט איז אויך פארשטאנדיק דאס וואס רש"י איז מעתיק דעם ווארט "אחת").

- און -.

------------

108) כ, א. 109) ראה תו"ש מילואים לחט"ז ס"ג-ד.
110) מכות כד, רע"א ד"ה מפי הגבורה (וראה ג"כ בד"ה שלפנ"ז). 111) תהלים סב, יב. וראה יל"ש עה"פ.
112) רמב"ן עה"פ שם, ז. ועוד.

און וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן נתינת התודה מלמעלה, נאך איידער ס'איז געווען קבלת התורה דורך אידן, איז דאס מרומז אין סוף הדומם, ווארום דעמולט האט זיך נאך ניט אויפ-געטאן אז די וועלט זאל ווערן בדרגת בדרגת חי - וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז אידן זאלן מקבל זיין און מקיים זיין די תורה, וואס דעמולט קענען זיי מאכן פון דעם דבר הגשמי א חפץ של קדושה, דרגת חי.

כג. ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת ס'רעדט זיך שוין וועגן מ"ת ("חמדה גנוזה"), איז אפי' איידער אידן הויבן אן לערנען און מקיים זיין די תורה, קען מען דאס שוין אויך ניט פארגלייכן מיט די ענינים שלפני מ"ת בכלל - און דאס איז רש"י מרמז דורך דעם וואס ער איז מעתיק פון פסוק "עשרה זהב":

די אלע ענינים וואס שטייען פריער, וועלכע זיינען כדמז אויף די ענינים שלפני מ"ת, זיינען געווען פון "כסף", "קערת כסף", "מזרק אחד כסף"; משא"כ אבער "כף אחת", וואס דאס איז מרמז אויף דעם ענין התורה ("עשרה - כנגד עשרת הדברות"), איז געווען "(כף אחת עשרה) זהב", וואס "זהב" איז נעלה יותר פון "כסף" [ווי מ'האט שוין געלעדנט פריער אז אין קדה"ק איז געווען נאר "זהב", און מחוץ לקדה"ק איז אויך געווען כסף און נחושת].

דאס איז טאקע נאך אלץ אן ענין של דומם (ניט קיין חי), ווארום ס'רעדט זיך וועגן דער התחלה פון מ"ת, איידער אידן האבן אנגעהויבן לערנען און מקיים זיין די תורה, איז נאך ניט געווארן דער חידוש פון "גר שנתגייר כקטן שנולד", און ניט דער חידוש בנוגע צו וועלט אז דער גשמי זאל ווערן א חפץ דקדושה - אבער אין דומם גופא איז דאס ניט גלייך צו די ענינים שלפני מ"ת, וואס דערפאר זיינען די ענינים שלפני כ"ה מרומז אין "כסף", און דער ענין פון כ"ת איז מדומז אין "זהב".

און דערפאר ווען ס'רעדט זיך וועגן אדה"ר, נח, שבעים אומה, ענינים שלפני מ"ת, איז מען מדגיש אז דאס איז מערניט ווי "כסף" (ביז וואנעט אז דער ווארט "כסף" אליין גייט אויך אריין אין דעם חשבון פון דער גימט');

בשעת מ'קומט אבער צו "כף אחת", "כנגד התורה שנתנה כידו של הקב"ה", איז אפי' ווי ס'שטייט אין דעם מעמד ומצב אז ס'איז מערניט ווי "נתנה מידו של הקב"ה", אידן האבן דאס נאך ניט אנגעהויבן לערנען און מקיים זיין - איז דאס שוין אויך אין אן אופן פון "עשרה זהב", העכער פון די ענינים שלפני מ"ת.

- כד. -

כד. דערנאך איז רש"י ממשיך "מלאה קטרת" - "גימט' של קטרה תרי"ג מצוות כו'". והביאור בזה:

כמדובר לעיל אז רש"י זוכט דעם דרש וואס איז הכי קרוב צו פשטות הכתובים - איז בשעת מ'זאגט "כף אחת מלאה קטרת", איז דער טייטש אז די "קטרת" איז ניט קיין טייל פון דעם "כף אחת", די "קטרת" איז א צווייטע זאך, און דער "כף אחת" איז "מלאה קטרת" (ס'איז אנגעפילט מיט "קטרת", מיט א צווייטע זאך);

ובמילא, אויב מ'זאגט אז "קטרת" איז בגימט' הרי"ג כנגד די תרי"ג אותיות שבעשה"ד, איז דאס ניט מתאים מיט פשטות הכתובים פון "מלאה קטרת", ווארום די תרי"ג אותיות שבעשה"ד זיינען א טייל פון די עשה"ד, א טייל פון דעם "כף אחת" (ניט קיין צווייטע זאך מיט וועלכע דער "כף אחת" איז "מלאה"),

און דערפאר ברענגט רש"י דעם דרש אז "קטרת" איז בגימט' תרי"ג כנגד די תרי"ג מצוות - וואס דעמולט איז מתאים דער לשון "מלאה קטרת", ווארום די תרי"ג מצוות זיינען ניט קיין טייל פון עשה"ד, זיי זיינען מערניט ווי "תלויות" אין עשה"ד (ווי רש"י האט געזאגט אין פ' משפטים[113]), ד.ה. דאס איז א צווייטע זאך פון דער "כף אחת", נאר דער "כף אחת" איז "מלאה קטרת".

וואס אע"פ אז עשה"ד גופא זיינען א טייל פון די הרי"ג מצווה (צען מצוות), איז ווי קען מען זאגן אז דער "כף אחת", עשה"ד, איז "מלאה קטרת", תרי"ג מצוות - האט מען דאך שוין מבאר געווען אז דא רעדט זיך וועגן עשה"ד ווי זיי זיינען אין אן אופן פון "נתנה מידו של הקב"ה", איידער ס'איז אנגע-נומען געווארן דורך אידן, און דערפאר איז שייך צו זאגן אז ס'איז מערניט ווי "מלאה קטרת", וויבאלד אז מ'דארף האבן אז אידן זאלן מקבל זיין די תרי"ג מצווה, כולל די צען מצווה פון עשה"ד.

ובפרט אז דער בן חמש למקרא ווייסט אז ס'איז דא ווי די עשה"ד שטייען אין די לוחות, אין אן אופן פון "חרות על הלוחות"[114], אותיות החקיקה; און ס'איז דא ווי די עשה"ד שטייען אין א ס"ת (ניט "חרות", נאר) אין אן אופן של אותיות הכתיבה.

וואס אותיות הכתיבה און אותיות החקיקה זיינען צוויי באזונדערע ענינים, און זיי האבן באזונדערע גדרים, סיי אין

- הלכה -

---

113) כד, יב. 114) תשא לב, טז.

הלכה, ועאכו"כ לויט ווי ס'איז מבואר אין ספרי מוסר, קבלה און חסידות.

ביז ווי דער בן חמש למקרא זעט בפשטות, אז אותיות החקיקה זיינען אויסגעקריצט אויף דער זאך אליין און זיי ווערן א טייל פון דער זאך, משא"כ אותיות הכתיבה וואס מ'דארף נעמען דיו און אנשרייבן על הקלף, ובחיבור שניהם יחד ווערט די מציאות פון אותיות הכתיבה, און דערנאך קען מען זיי אפטיילן, דורך דעם וואס מ'איז מותק די אותיות, וואס דעמולט בלייבט דער קלף באזונדער און דער דיו באזונדער.

[ומובן בפשטות דער חילוק בנוגע לפועל צווישן כתיבה מיט חקיקה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה[115] אז מ'קען מקיים זיין מצוות אין אן אופן פון כתיבה, און מ'קען מקיים זיין מצוות אין אן אופן פון חקיקה.

וואס בשעת ער איז דאס מקיים אין אן אופן פון חקיקה, ווערט ער איין זאך מיט דער מצוה, מ'קען אים ניט צונעמען פון דער מצוה, און מ'קען ניט צונעמען די מצוה פון אים, ווארום דאס ווערט "חרות על הלוחות", ס'איז חרוה על לוח לבו - משא"כ ווען ער איז דאס מקיים אין אן אופן של כתיבה, וואס דעמולט האט ער טאקע מקיים געווען די מצוה, ס'איז אבער ניט געווארן איין זאך מיט אים.

ביז צום חילוק הכי גדול וואס איז דא צווישן כתיבה מיט חקיקה - אז חקיקה איז פארבונדן מיט א יגיעה, ובפרט נאך אז מ'דארף דאס הוקק זיין אויף "לוחות אבנים"[116], אויף דעם "לב האבן"[117], משא"כ דער ענין הכתיבה, וואס איז שלא בערך לייכטער פון חקיקה].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא ווי די צען מצוות פון עשה"ד זיינען א טייל פון אלע הרי"ג מצוות, אין דעם אופן ווי זיי שטייען אין אותיות הכתיבה פון א ס"ת; און ס'איז דא ווי די עשה"ד שטייען אין די לוחות, אותיות החקיקה, און זיי זיינען כולל אלע תרי"ג מצוות, ווי רש"י ברענגט אראפ אין פ' משפטים[113] אז "רבינו סעדי' פירש באזהרוה שיסר לכל דבור ודבור מצווה התלויות בו'" -

און וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן די עשה"ד ווי זיי שטייען אין די לוחוה, דערפאר קען מען זאגן אויף דערויף "מלאה קטרה", ווארום כ'רעדט ניט וועגן די עשה"ד ווי זיי זיינען א טייל פון אלע תרי"ג מצוות (אין אותיוה הכתיבה),

- נאר -

---

115) לקו"ה ר"פ בחוקותי. 116) תשא לד, א. ועוד.
117) יחזקאל יא, יט.

נאר ווי זיי שטייען אין די לוחות, און זיינען כולל אין
זיך אלע תרי"ג מצוות.

און דערפאר איז רש"י מעתיק פון דעם פסוק אויך דעם
ווארט "(כף) אחת" - ווארום דערמיט וויל ער מדגיש זיין אז
דא רעדט זיך וועגן תורה ווי זי איז געגעבן געווארן "מידו
של הקב"ה" אין אן אופן פון "אחת" (אע"פ אז ס'איז דא עשרת
הדברות, ווי דער פסוק איז אליין מדגיש "כף אחת עשרה זהב",
און מ'האט שוין געלערנט פריער[46] אז ס'איז דא "הורתי", לשון
רבים, סיי תושבע"כ און סיי תושבע"פ), ניט אין אן אופן וואס
מ'קען מחלק זיין צווישן די עשה"ד, נאר ווי אלע עשה"ד
זיינען איין זאך, ווארום ס'איז "נתנה מידו של הקב"ה", פון
איין האנט.

[וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ס'שטייט[118]
"מימינו אש דת למו", ווי רש"י טייטשט אפ "נתן להם בלוחות
כתב יד ימינו" (וואס דאס באווייזט אויף א כתיבה וואס איז
בתכלית השלימות, ביד ימין דוקא).

וואס אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט
דעם פסוק - האט ער דאך אבער געלערנט פריער[119] אז יד שמאל
ווערט אנגערופן "יד כהה", פארשטייט ער אליין אז בשעת דער
אויבערשטער האט געגעבן תורה צו אידן, מיטן גאנצן שטורעם
וואס איז געווען ביי מ"ת (ווי עס ווערט דערציילט בארוכה
אין פ' יתרו) - דארף אים רש"י ניט זאגן אז דאס וואס די
תורה איז געגעבן געווארן "מידו (לשון יחיד) של הקב"ה"
מיינט דאס יד ימין, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז ס'איז
געגעבן געווארן ביד ימין].

כה. דערנאך ווען מ'קומט צו די קרבנות וואס די נשיאים
האבן געבראכט, דער סוג פון חי, וואס דאס איז מרמז אויף
מצוות התורה וואס זיי מאכן אז די וועלט זאל ווערן "לעבע-
דיק", דרגת החי, וואס דאס איז ע"ד די תורה שלאחרי מ"ת,
ווארום ביי מ"ת האט זיך אויפגעטאן אז "עליונים ירדו למטה
והתחתונים יעלו למעלה", ד.ה. אז די וועלט ("תחתונים") זאל
האבן א שייכות צום אויבערשטן, וואס ער איז דער "מקור מים
חיים"[105], וואס דורך דעם ווערט די וועלט בדרגת חי -

זאגט רש"י "פר אחד - כנגד אברהם", "איל אחד - כנגד
יצחק", "כבש אחד - כנגד יעקב". והביאור בזה:

מ'האט שוין געלערנט פריער[46] ביי אברהם אז "וישמור
משמרתי מצותי חקותי ותורתי", אז ער האט מקיים געווען כל

- התורה -

---

118) ברכה לג, ב. 119) פרש"י בא יג, ט.

התורה כולה, ביז אפי' "שניות לעריות וכו'" [120], און וויבאלד אז "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו" [121], איז פארשטאנדיק אז אזוי איז אויך געווען ביי יצחק, און דערנאך אויך ביי יעקב.

ביז אז ביי אברהם איז שוין געווען דער ענין פון מצוה מילה, אין אן אופן אז דער גשמי ווערט א חפץ של קדושה, ביז אז ס'איז שייך אין דערויף דער ענין פון שבועה בנקיטת חפץ, ווי געבראכט פריער (ס"כ) אז אברהם האט געזאגט צו אליעזר "שים נא ידך תחת ירכי".

ועאכו"כ אז ביי יצחק איז אויך געווען דער ענין פון מצוה מילה, ביז אז ביי אים איז געווען מצות המילה בשלי-מותה, ווארום ער איז געווען דער ערשטער וואס איז נימול לשמונה ימים [122]. ועד"ז איז אויך געווען ביי יעקב (און דער-נאך אויך ביי אלע אידן).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אבות מצ"ע זיינען געשטאנען אין דער דרגא פון חי, ווארום זיי האבן מקיים געווען כל התורה כולה, ביי זיי איז געווען דער ענין פון קבלה התורה (אין דעם אופן ווי ס'איז שייך קודם מ"ת), ווארום זיי האבן מקיים געווען כל התורה כולה, וואס דאס האט אויפגעטאן אז זיי זאלן ווערן בדרגה חי, כנ"ל (סכ"ג) אז דוקא דורך דעם אדם הלומד ומקיים את התורה, ווערט אויפ-געטאן דרגת החי.

דערנאך ווען מ'קומט צום פסוק "שעיר עזים", זאגט רש"י אז דאס איז "לכפר על מכירה יוסף שנאמר בו וישחטו שעיר עזים" – וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט די שבטים (ווארום זיי האבן פארקויפט יוסף'ן);

וואס וויבאלד אז די שבטים האבן אויך מקיים געווען די תורה [123], כמובן דערפון וואס "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו", ובפרט לויט ווי רש"י טייטשט אפ דעם פסוק [124] "ואת יהודה שלח גו' להורות לפניו" – "לתקן לו בית תלמוד שמשם תצא הוראה", וואס דערפון זעט מען אז ביי די שבטים איז אויך געווען דער ענין פון לימוד התורה – דערפאר איז דער רמז וואס איז פארבונדן מיט די שבטים, אויך דער סוג פון חי.

און דאס וואס ביי די'אבות איז שוין געווען מצות מילה, אין אן אופן אז דער גשמי זאל ווערן א חפץ דקדושה – איז דאס ע"ד הענין פון מ"ת, און א הכנה דערצו, וואס דעמולט

– (ביי –

------------

120) פרש"י עה"פ. 121) וירא יח, יט. 122) שם כא, ד.
123) דאה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע' 266 שוה"ג הא' להע' 23.
124) ויגש מו, כח.

(ביי מ"ת) האט זיך אויפגעטאן דער כללות הענין פון שינוי בהגשם, אז ער זאל ווערן א חפצא דקדושה,

ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז ס'איז דא א נפק"מ צווישן דרגת החי פון "פר אחד גו'", וואס איז מרמז אויף די אבות ומצוותיהם, מיט דרגת החי פון "אילים עתודים וכבשים", וואס איז מרמז אויף דעם ענין ההורה ווי זי איז ביי אידן לאחרי מ"ת (כדלקמן) -

ווארום הורה איז געגעבן געווארן בסיני און ניט קודם לזה, משא"כ מצות מילה וכו', וואס איז געווען (אויך) קודם לזה.

ביז אז אפי' די מצוות וואס זיינען געווען אויך לפני מ"ת, קומט דאס אבער ניט צו דעם אופן ווי זיי זיינען לאחרי מ"ת -

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס (א) מילה איז געווען א חפצא דקדושה אויך ביי אברהם אבינו, און אעפ"כ איז מבואר אין פיהמ"ש[125] אז מ'איז מקיים מצות מילה דערפאר וואס מ'איז נצטווה געווארן במ"ת, און ניט דערפאר וואס אברהם אבינו איז נצטווה געווארן;

(ב) ס'איז דא א מאן דאמר[126] אז די אבות זיינען געווען בגדר דישראל, און אעפ"כ זאגט מען אז מ"ת האט אויפגעטאן גירות דכאו"א. ועוד כיו"ב.

ביז אז אפי' לאחרי מ"ת זיינען דא כמה דרגות אין חפצא דקדושה, כמובן דערפון וואס נקיטת חפץ איז ביי תפילין (אדער א ס"ת) דוקא[127].

כו. דערנאך איז רש"י ממשיך: "ולזבח השלמים בקר שנים" - "כנגד משה ואהרן שנתנו שלום בין ישראל לאביהם שבשמים". והביאור בזה:

פונקט אזוי ווי בנוגע צו "פר אחד איל אחד כבש אחד" טייטשט אפ רש"י אז דאס איז כנגד אברהם יצחק ויעקב, ד.ה. ניט כנגד די תורה וואס איז געווען ביי אברהם יצחק ויעקב, נאר כנגד אברהם יצחק ויעקב אליין, ווארום דא רעדט זיך וועגן הורה ווי זי פועל'ט אויף די אבות זיי זאלן ווערן בדרגת חי -

איז עד"ז אויך בנוגע צו "לזבח השלמים בקר שנים", אז

- דאס -

---

125) חולין ספ"ז. 126) ראה שקו"ט בזה בפרשה דרכים דרך האתרים דרוש ראשון. בית האוצר בתחלתו. 127) שבועות לח, ב ובפוסקים.

דאס גייט ניט אויף תושב"כ און תושבע"פ, נאר דאס גייט אויף תורה ווי זי פועל'ט אויף אידן (ע"ד ווי "פר אחד גו'" איז מרמז אויף אברהם וכו'), "כנגד משה ואהרן", וואס דורך זיי טוט זיך אויף ביי אידן דרגת חי.

כז. דערנאך זאגט רש"י: "אילם עתודים כבשים" – "ג' מינים". והביאור בזה:

רש"י האט ניט קיין רמז הקרוב צו פשש"מ אויף די __פרטים__ פון "אילם עתודים וכבשים" (ע"ד ווי אין דעם פסוק "פר אחד איל אחד כבש אחד", וואס דארטן זאגט ער אז "פר אחד __בן בקר__" איז "כנגד אברהם שנאמר בו ויקח __בן בקר__", און "__איל__ אחד – כנגד יצחק, ויקח את __האיל__ גו'", און "__כבש__ אחד – כנגד יעקב, __והכבשים__ הפריד יעקב"), מערניט ווי אויף דעם וואס דא זיינען דא "ג' מינים".

און וויבאלד אז מ'וויל פארבינדן דעם רמז מיט אידן – זאגט רש"י אז ביי אידן איז אויך דא דריי באזונדערע מינים, "כנגד כהנים ולויים וישראלים".

פרעגט אבער דער בן חמש למקרא: דער חילוק צווישן כהנים און לויים און ישראלים איז געווען אויך קודם מ"ת,

ווי מ'האט שוין געלערנט פריער[128] אז די עבודה (וואס איז פארבונדן מיט "כהנים") איז געווען בבכורות, און קדושת הבכורות האט זיך אנגעהויבן פון יצי"מ, ווי ס'שטייט[129] "ויהרוג ה' כל בכור בארץ מצרים גו' על כן גו' וכל בכור בני אפדה", און ווי רש"י[130] ברענגט אראפ די דעה אז די בכורות שנולדו במדבר זיינען אויך געווען קדוש, און דאס וואס ס'שטייט "והי' כי יביאך", איז דער פירוש בזה "אם תקיימוהו במדבר תזכו ליכנס לארץ והקיימוהו שם",

און דא וויל מען דאך רעדן דעם אויפטו וואס מ"ת האט אויפגעטאן, אז ס'ווערט בדרגת חי?

אויף דערויף איז רש"י ממשיך: "__ו__כנגד (בוא"ו המוסיף) תורה נביאים וכתובים", ד.ה. ווי "כהנים ולויים וישראלים" זיינען פארבונדן מיט "תורה נביאים וכתובים". ס'איז ניט קיין צוויי באזונדערע זאכן, נאר דאס מיינט ווי "כהנים ולויים וישראלים" זיינען פארבונדן מיט "תורה נביאים וכתובים".

וואס דערפאר דארף מען דא ניט האבן "ששה מינים", נאר ס'איז גענוג "ג' מינים" (און "שלש חמשיות") – ווארום

- ס'איז -

---

128) יתרו יט, כב ובפרש"י. 129) בא יג, יט. 130) שם, יא.

ס'איז ניט קיין צוויי פירושים (וואס דעמולט וואלט דאס געווען זעקס מינים), נאר דאס איז "כנגד כהנים ולויים וישראלים" ווי זיי זיינען פארבונדן מיט "תורה נביאים וכתובים" ("וכנגד", בוא"ו המוסיף).

כח. דערפון האט מען אויך א ביאור - בדרך אגב - אויף רש"י בתחלת פירושו על התורה:

אויף "בראשית" טייטשט אפ רש"י "בשביל התורה שנקראת ראשית גו' ובשביל ישראל שנקראו ראשית גו'". וואס אין מדרש איז דאס צוויי באזונדערע דעות, איינער זאגט "בזכות התורה"[131] און דער צווייטער זאגט "בזכות ישראל" - האט דאך רש"י געדארפט זאגן "וי"א בשביל ישראל", פארוואס זאגט ער "ובשביל (בוא"ו המוסיף) ישראל כו'" (ע"ד ווי ער זאגט דא "וכנגד כו'")?

איז דער ביאור בזה: בנוגע צום ב' פון "בראשית", זיינען דא צוויי טייטשן: א) דער ב' איז אן אות השימוש, און דאס מיינט "בשביל", ווי מ'געפינט אין פשטות הכתובים אז א ווארט הויבט זיך אן מיט א בי"ת, און דער ב' באווייזט אויף דער כלי מיט וועלכע מ'טוט די זאך, אדער צוליב וועמען מ'טוט דאס; ב) ב' ראשית מיינט צוויי ראשית, ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין קבלה[132] און אין חסידות[133]. וואס לויט דעם פי' זיינען די צוויי "ראשית" - צוויי באזונדערע ענינים.

וואס אין דרך הפשט איז קרוב יותר לומר אז דאס איז א ב' השימוש, און ניט אז דאס איז א ר"ת פון צוויי ווערטער, ב' (צוויי) און ראשית - ד.ה. אז דאס איז "בשביל" דעם ענין פון "ראשית".

און דערפאר ברענגט ניט רש"י די צוויי דעות צי דאס איז בשביל התורה אדער דאס איז בשביל ישראל, ווארום דאס איז דוקא ווען מ'לערנט אז "בראשית" מיינט צוויי ראשית - נאר רש"י זאגט אז דאס איז "בשביל התורה שנקראת ראשית כו' ובשביל (בוא"ו המוסיף) ישראל שנקראו ראשית", ד.ה. אז ס'איז כולל תורה צוזאמען מיט אידן.

ווארום בשעת א איד לערנט תורה, דארף דאס זיין (און ס'איז) אין אן אופן אז דער איד ווערט איין זאך מיט דער תורה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תניא (פ"ה) אז דער שכל און דער משכיל און דער מושכל ווערן איין זאך

- (וואס) -

---

131) לק"ט ר"פ בראשית. 132) זח"א ז, ב. הקו"ז תיקון א' וה' בתחלתם. ועוד. 133) אוה"ת בראשית (כ"ג) תפח, א. סה"מ ה'ש"ת ע' 17. ועוד.

(וואס דאס איז מיוסד אויף דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר באריכה אין מו"נ[134], ובקיצור אויך אין יד החזקה[135], אז הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה, אז ס'ווערט איין זאך).

וואס דאס איז ע"ד ווי רש"י זאגט בפרשתנו, אז די ג' מינים זיינען מרמז אויף "כהנים ולויים וישראלים" ווי זיי זיינען פארבונדן מיט "תורה נביאים וכתובים" (ניט קיין צוויי באזונדערע זאכן), ע"ד ווי "בשביל התורה ובשביל ישראל" - ווי אידן זיינען פארבונדן מיט תורה.

כט. ע"פ האמור לעיל ווערט אויך פארענטפערט דאס וואס רש"י זאגט "שלש חמשיות כנגד חמשה חומשין וחמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני" (כנ"ל סי"ב קושיות ח-ט) - ובהקדים נאך א קושיא:

לכאו' האט רש"י געדארפט זאגן אין א סדר הפוך, "חמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני", און דערנאך "חמשה חומשין", ווארום פריער זיינען געווען די עשה"ד, די לוחות, און דערנאך זיינען צוגעקומען אלע "חמשה חומשין", איז פארוואס זאגט רש"י בסדר הפוך?

איז דער ביאור בזה:

די עשה"ד ווי זיי שטייען אין די לוחות, זיינען דאך שוין מרומז אין "כף אחת עשרה זהב", דארף מען ניט האבן אויף דערויף נאך א רמז - נאר דא קומט צו דער ענין ווי עשה"ד ווערן א חלק פון חושב"כ.

וואס דערפאר שטייט פריער "חמשה חומשין", און ערשט דערנאך "חמש הדברות וכו'", ווארום דא רעדט זיך וועגן עשה"ד אלס א טייל פון די "חמשה חומשין".

אבער אעפ"כ, אויך ווי זיי ווערן א טייל פון חושב"כ, ווערן זיי פאנאנדערגעטיילט אויף "חמש דברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני" - ווארום אין חושב"כ גופא שטייט אז ס'זיינען געווען עשרת הדברות, און "ויכתבם על שני לוחות אבנים"[136], חמשה אויף איין לוח און חמשה אויפן צווייטן לוח.

וכמובן בפשטות דער חילוק וואס איז דא צווישן די חמשה דברות מיט די אנדערע חמשה דברות - אז די ערשטע חמשה דברות זיינען ענינים פון בין אדם למקום,

אנהויבנדיק פון "אנכי ה' אלקיך", ועד"ז "לא יהי' לך"

- וואס) -

------------

134) ח"א פס"ח. 135) הל' יסוה"ת פ"ב ה"י. 136) ואתחנן ד, יג.

(וואס זיי זיינען צוויי באזונדערע מצוות אין די ערשטע חמשה דברות, א מ"ע און א מל"ת), און דערנאך "לא תשא גו'", און דערנאך די מצוה פון שבת,

און אפי' דער ענין פון כיבוד אב ואם, וואס לכאו' איז דאס בין אדם לחבירו - איז אבער וויבאלד אז דאס שטייט צוזא-מען און בהמשך אחד מיט די דברות וואס זיינען בין אדם למקום, דארף מען זאגן אז דאס איז אויך אן ענין פון בין אדם למקום - וכמרז"ל[137] "השוה הכתוב כיבוד אב ואם לכבוד המקום . . וכן בדין ששלשתן שותפים בו";

און די אנדערע חמשה דברות זיינען ענינים פון בין אדם לחבירו.

נאך א חילוק עיקרי ופשוט צווישן זיי:

די ערשטע חמשה דברות זיינען בעיקרם ויסודם מ"ע, ווארום "לא גו' על פני", און "לא תשא גו'" - זיינען סעיפים * פון "אנכי"[139] (וואס דאס פארשטייט אויך א בן חמש - משא"כ האמור לעיל וועגן מצות כיבוד או"א אז דאס איז בין אדם לחבירו),

און די אנדערע חמשה דברות זיינען נאר מל"ה, "לא תרצח גו'" ביז "לא תחמוד".

און דערפאר שטייען זיי אויף באזונדערע לוחות, "חמש הדברות הכתובין על לוח אחד וחמש הכתובין על השני", ווארום מ'קען זיי ניט כולל זיין צוזאמען, מ"ע האבן באזונדערע גדרים, און מל"ת האבן באזונדערע גדרים **.

וואס די אלע חילוקים וגדרים ווערן פאנאנדערגעטיילט (ניט ווי תורה איז אין אן אופן וואס "נהנה כידו של הקב"ה", נאר) דוקא ווי תורה ווערט פארבונדן מיט אידן, מקבלי התורה.

און ווי גערעדט אמאל בארוכה[140] וועגן דער פלוגתא פון ר"י ור"ע[141] צי מ'האט געענטפערט "הן" על כל דיבור ודיבור, אדער אז אויף א מ"ע האט מען געענטפערט "הן" און אויף א מל"ה האט מען געענטפערט "לאו" - אז דער חילוק אין דערויף איז:

- בשעה -

---

*) ע"ד (ולא כמש) - לאו הבא מכלל עשה עשה[138].

**) עפ"ז יומתק שהם ב' (לוחות) קווין חו"ג.

---

137) קידושין ל, ב. 138) יבמות נד, ב. 139) ראה ס' החינוך. ובכ"מ. 140) לקו"ש ח"ו ע' 119 ואילך. 141) מכילתא עה"פ יתרו כ, א ואילך.

בשעה א איד איז מקיים די מצוה איך אן אופן ווי דאס איז מצד הקב"ה, ער טוט דאס דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן, איז דעמולט ניט שייך צו מחלק זיין און ענטפערן אויף איין זאך "הן" און אויף א צווייטע זאך "לאו"; וויבאלד אז דאס איז "אשר קדשנו במצותיו וצונו", א ציווי פון דעם אויבערשטן, ענטפערט ער "הן", סיי בנוגע צום לוח הראשון מיט די מ"ע שבו, און סיי בנוגע צום לוח השני מיט די מל"ת שבו;

אבער בשעת תורה קומט אן און זי ווערט אויך מצד <u>המקבל</u>, ביז איך אן אופן ווי גערעדט פריער (סב"ג) אז תורה מאכט איבער די וועלט אז די זאל ווערן לעבעדיק - איז ווי אזוי קען מען איבערמאכן די וועלט, דוקא דורך דערויף וואס אויף א מ"ע זאגט ער "הן", ער טוט די זאך, און אויף א מל"ת זאגט ער "לאו", ער איז דאס שולל.

וע"פ כל הנ"ל ווערן פארענטפערט אלע דיוקים והערות האמורים לעיל.

ל  בנוגע צו דער שאלה וועגן די עגלות, וואס נקודת השאלה איז געווען, אז מ'געפינט בנוגע צו נדבת המשכן אז ס'איז געווען בהרחבה הכי גדולה, עאכו"כ בנוגע צו די ענינים וואס די נשיאים האבן געבראכט צו חנוכת המשכן - און אעפ"כ, בנוגע צו די עגלות געפינט מען א צמצום הכי גדול;

אויף צו טראגן 48 קרשים גדולים, וואס יעדער קרש איז געווען עשר אמות אורך ואמה וחצי רוחב, און אויך די עמודים פון דעם משכן, און אויך עמודי החצר, וואס דארטן זיינען געווען איבער 50 עמודים, און אויך די יתדות ומיתרים וכו' - האט מען געגעבן מערניט ווי פיר עגלות,

און לויט דעם וואס די גמרא זאגט אז דער רוחב העגלה איז געווען חמש אמות, איז פארשטאנדיק, אז מ'האט בעדארפט ארויפלייגן די קרשים איינעם אויפן צווייטן כו', און מ'האט געדארפט האבן אז א בן לוי זאל ארומגיין און זעהן אז די קרשים זאלן זיך ניט אפגליטשן פון דער עגלה -

איז לכאו' אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט מען געזשאלעוועט געבן נאך עגלות?!

ובפרט לויט דעם וואס מ'זעט אז בני גרשון האבן באקומען צוויי עגלות, אע"פ אז זיי האבן געדארפט טראגן נאר די יריעות און די קלעים כו', וואס מ'קען זיי צוזאמענלייגן, און ס'איז ניט אזא שווערער משא; און בני מררי וואס זייער משא איז געווען שלא בערך שווערער, האבן זיי באקומען מערניט ווי פיר עגלות (מיט צוויי עגלות מער פון בני גרשון)

- האט -

האט דאס שוין רש"י באווארענט פריער: רש"י [142] זאגט אז ווען די נשיאים האבן געבראכט די עגלות, איז "לא קבל משה מידם עד שנאמר לו מפי המקום". וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס זיי האבן געבראכט זעקס עגלות (צוויי פאר בני גרשון און פיר פאר בני מררי) איז אויך געווען דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן.

ובפשטות דארף מען זאגן אז די נשיאים האבן מכוון געווען לדעה העליונה, און זיי האבן מלכתחלה געבראכט מערניט ווי זעקס עגלות [ע"ד ווי רש"י [143] האט געבראכט פריער אז "יעקב אבינו צפה ברוח הקודש שעתידין ישראל לבנות משכן במדבר והביא ארזים למצרים ונטעם וצוה לבניו ליטלם עמהם כשיצאו ממצרים", וואס דערפון האבן אידן געהאט "עצי שטים" - האבן זיי אויך מכוון געווען און האבן געבראכט מלכתחלה מערניט ווי זעקס עגלות].

לא. עס בלייבט נאך אבער אלץ ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט טאקע דער אויבערשטער געהייסן אז מ'זאל ברענגען מערניט ווי זעקס עגלות?!

וואס דערפון קומט ארויס א תורה והוראה הכי נפלאה:

מ'זעט בפועל אז די אלע 39 וואס אידן זיינען געווען אין מדבר, איז מען אויסגעקומען מיט פיר עגלות (פאר בני מררי), און וויבאלד אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה" [144], איז פארשטאנדיק אז מ'האט ניט געדארפט האבן מער ווי פיר עגלות.

וואס אע"פ אז ווען ס'וואלט געווען מער עגלות וואלט געווען לייכטער, און מ'וואלט ניט געדארפט אנקומען צו קיין זהירות מיוחדה וכו' - וויל אבער דער אויבערשטער אז מ'זאל יע האבן א זהירות מיוחדת, און אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "יגעת ומצאת" [145] דוקא.

וואס דערפון קומט ארויס א הוראה נפלאה:

א איד קען זיך זוכן א לייכטן וועג, און טענה'ן: צוליב וואס דארף ער לערנען תורה ביגיעה, ביז צו א יגיעה הכי גדולה, איבער'חזר'ן יעדער ענין כו"כ פעמים, ביז "מאה פעמים", ווי דער אלטער רבי [146] איז מבאר דאס וואס די גמרא [147] זאגט אז "השונה פרקו מאה פעמים" איז "לא עבדו", אז דאס איז דערפאר וואס בימיהם איז געווען די רגילות לערנען

- יעדער -

------------

142) פרשתנו ז, ג. 143) תרומה כה, ה. 144) שבת עז, ב. 145) מגילה ו, ב. 146) תניא פט"ו. 147) חגיגה ט, ב.

יעדער זאך כאה פעמים, וואס דאס איז אן ענין וואס מ'דארף דערצו האבן א יגיעה עצומה, און מ'דארף אנקומען צו די באוו-ארעניש אז "יהיו בעיניך חדשים"[148] און ניט "כאגרת ישנה"[149] - ער וויל בעסער לערנען א נייע זאך און קענען איפטאן א חידוש וכו'.

און ווי מ'זעט בפועל אז ס'איז א שווערע זאך פועל'ן ביי א בעל שכל ער זאל לערנען הונדערט מאל דעם זעלבן שכל, אע"פ אז ס'קומען ניט צו קיין נייע הסברות; ער האט געלערנט דעם ענין צום ערשטן מאל מיט א חיות הכי גדול, און דערנאך האט ער דאס איבערגע'חזר'ט ד' פעמים (ווי ער זאגט אין מדרש[150] אז ס'דארף זיין "ראה ויספרה הכינה וגם חקרה"), ער האט דאס געלערנט אכט מאל, זעכציק מאל (ווי מ'געפינט ביי כמה ענינים אז מ'האט דאס געלערנט ששים פעמים) -

איז לכאו', צוליב וואס דארף ער לערנען די זעלבע זאך נאכאמאל, ביז "מאה פעמים", ס'איז בעסער ער זאל לערנען א נייע זאך און קענען איפטאן א חידוש וכו' - און דאס וואס ער וועט פארגעסן במשך הזמן דאס וואס ער האט שוין געלערנט, איז מען דאך ניט עובר אויף "פן תשכח"[151] סיידן ווען ער טוט דאס במזיד וכו'[152], און אז ער וועט פארגעסן, וועט דאס זיין אן אונס, און "אונס רחמנא פטרי'"[153], מיט אלע ענינים של היתר וואס זיינען דא אין דערויף.

זאגט מען אים, אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן של יגיעה דוקא: "מאה פעמים" מוז ער דאס לערנען, אזוי איז די רגילות בימיהם (און אויב ניט, טויג דאס ניט), מ'זאגט אים נאכמער: אז ער דארף דאס לערנען "מאה פעמים ואחד", דוקא דעמולט הייסט ער "עבדו", און אויב ניט איז דאס "לא עבדו" (ווי די גמרא זאגט אין חגיגה[147], און דער אלטער רבי איז דאס מבאר באריכה[146]).

וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס בני מררי האבן געהאט כערניט ווי פיר עגלות - אז ווי-באלד מ'האט געקענט אויסקומען מיט פיר עגלות, טאקע דורך א יגיעה גדולה, אבער דורך דער יגיעה האט מען דאס געקענט טאן, דארף מען ניט האבן מער עגלות, ווארום דער אויבערשטער וויל אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "יגעת ומצאה" דוקא.

לב. און דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון - אז

- וויבאלד -

------------

148) פרש"י תבוא כו, טז. 149) פרש"י ואתחנן ו, ו. 150) שמו"ר פ"מ, א. 151) ואתחנן ד, ט. 152) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב ה"ו-ז. 153) ב"ק כח, ב.

וויבאלד אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", איז יעדער זאך וואס איז דא אין וועלט, דארף אויסגענוצט ווערן בתכלית השלימות, אפי' ווען ס'קומט אן מיט א יגיעה גדולה.

און ווי מ'זעט בנוגע צו די עגלות - אז לכאו', האט מען געקענט ברענגען מער עגלות, וואלט מען פארשפארט די יגיעה פון ארויפלייגן אלע קרשים וכו' אויף פיר עגלות, און מ'וואלט פארשפארט די יגיעה פון ארומגיין לעבן דער עגלה און היטן אז קיין קרש זאל ניט אראפפאלן פון דער עגלה.

ובפרט אז דא וואלט מען אויך פארשפארט לייגן די קרשים איינעם אויף דעם צווייטן - וואס לכאו' איז דא אין דערויף א שאלה:

ס'שטייט אין ירושלמי[154] אז "קרש שזכה להנהן בצפון ינתן בצפון בדרום ינתן בדרום", דערפאר וואס ס'איז דא חילוקי דרגות צווישן דער קדושה שבצפון ובדרום וכו', ע"ד ווי די קרשים וואס רואים פני קדה"ק האבן א קדושה יתירה[155], דערפאר וואס זיי שטעלן צוזאמען דעם מקום פון קדה"ק. איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו די קרשים וואס געפינען זיך בקודש גופא, אז ס'איז דא א נפק"מ צווישן די קרשים וואס זיינען נעענטער צום מנורה ושלחן און דער מזבח הפנימי מיט די ווייטערדיקע קרשים, אז זיי האבן א קדושה יתירה.

ובמילא, בשעה מ'האט געדארפט ארויפלייגן די קרשים אויף די עגלות, אין אן אופן אז איין קרש זאל ליגן אויפן צווייטן וכו' (ווארום ס'זיינען געווען מערניט ווי פיר עגלות) - ווערט א גאנצע שאלה צי מ'מעג לייגן א קרש אויף א צווייטן קרש וואס האט א קדושה יתירה (זייענדיק פון די קרשים וואס רואים פני קדה"ק וכיו"ב) - בדוגמא ווי מ'טאר ניט לייגן א ספר של נביאים אויף א ספר של תורה, ועד"ז כתובים אויף נביאים, ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין שו"ע[156] בנוגע להלכה בפועל.

איז ווען מ'וואלט געבראכט א ריבוי עגלות, איז נוסף דערצו וואס מ'וואלט פארשפארט די טרחא וכו', וואלט אויך ניט געווען די שאלה וועגן ארויפלייגן די קרשים איינער אויף דעם צווייטן, ווארום מ'וואלט געקענט מאכן אז פאר יעדער פאר קרשים וועט מען האבן אן עגלה.

און אעפ"כ זאגט מען, אז וויבאלד "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", דארף מען אויסנוצן יעדער זאך וואס

- איז -

---

154) שבת פי"ב ה"ג ובקרבן העדה שם. אסת"ר פ"ד, ד.
155) ראה ג"כ פרש"י בהעלותך ח, יא. 156) יו"ד סו"ס רפב.

איז דא אין וועלט בתכלית השלימות, און אויב מ'קען אויסקו-
מען מיט פיר עגלות, דארף מען ניט ברענגען מער עגלות, אע"פ
אז דאס איז פארבונדן מיט א יגיעה וכו'.

ד.ה. אז אפי' ווי דער אויבערשטער האט באשאפן די
וועלט (ניט נאר ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון תורה
וואס איז פארבונדן מיט קדושה), האט ער דאס באשאפן אין אן
אופן אז "לא ברא כו' דבר אחד לבטלה", ווי די גמרא זאגט
דאס אפי' בנוגע צו א שבלול און א יתוש, וואס זיי זיינען
בריות קטנות, און היפך הטהרה - אויך זיי דארף מען האבן
אין וועלט, ווארום "לא ברא כו' דבר אחד לבטלה".

און ווי עס ווערט דערציילט[157] אז בשעת דוד המלך האט
געפרעגט א שאלה צוליב וואס האט דער אויבערשטער באשאפן א
"שפין" - האט מען אים באוויזן אז דאס איז פארבונדן מיט
זיין מציאות: ווען דוד איז אנטלאפן פון שאול און האט זיך
באהאלטן אין א מערה, האט א שפין פארדעקט די מערה, און
דורך דעם איז דוד געבליבן בחיים.

וואס דא רעדט זיך וועגן א מציאות פון א מלך ישראל,
וואס דער מלך איז דאך "לב כל קהל ישראל"[158] - און דער "לב"
איז דאך דער עצם המציאות, כידוע די תשובה פון חכם צבי[159]
אז דער לב איז נאכמער נוגע ווי דער דאש מיט אלע איבעריקע
אברים שהנשמה תלוי' בהם (ווארום אין דער תשובה רעדט זיך
נאר בנוגע צום לב);

רעדט זיך דא וועגן א מלך בישראל, "לב כל קהל ישראל",
און אין דערויף גופא - וועגן דוד המלך, כידוע די מעלה פון
דוד המלך, ווי דער רמב"ם[160] איז מבאר בארוכה "כיון שנמשח
דוד זכה בכתר מלכות והרי המלכות לו ולבניו הזכרים עד עולם,
שנאמר כסאך יהי' נכון עד עולם", מיט אלע פרטים וואס דער
רמב"ם רעכנט אויס בנוגע צו גדרי המלוכה פון דוד וזרעו -

איז בשעת דוד המלך האט זיך פארטשעפעט מיט דעם ענין
פון "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה" (וויבאלד אז ער
האט געפרעגט צוליב וואס האט דער אויבערשטער באשאפן א
געוויסן נברא), האט מען אים באוויזן אז אין דערויף איז
תלוי זיין גאנצע מציאות!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה, אז יעדער זאך
וואס איז דא אין וועלט דארף אויסגענוצט ווערן בתכלית

- השלימות -

---

157) ילקוט מעם לועז עה"פ ש"א כו, יב. וראה תרגום עה"פ
תהלים נז, ג. 158) רמב"ם הל' מלכים פ"ג ה"ו. 159) סע"ד-
עז. וראה סה"מ תשי"א ע' 186 בהערה. 160) שם פ"א ה"ז.

השלימות, ווארום "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה".

וואס דאס זאגט מען צום בן חמש למקרא - אז בשעת ער לערנט אז בני מררי האבן געהאט מערניס ווי פיר עגלות, און ביי אים ווערט א שטורעם: היתכן, ער האט דאך געלערנט אז ס'איז געווען אזוי פיל קרשים און עמודים, יתדות און מיתרים וכו', און אעפ"כ האט מען זיי געגעבן מערניט ווי פיר עגלות? ·

זאגט מען איס, אז דערפון דארף ער זיך אפלערנען ווי אזוי ער דארף אפהיטן זיין צייט, אז בשעת ער האט איין רגע, דארף ער אויסנוצן דעם רגע. וואס לכאו' קען ער טענה'ן אז ער וועט דאס אפלייגן אויף א רגע שלאח"ז, איצטער וועט ער גיין שפאצירן וכיו"ב, און אין א האלבע שעה ארום וועט ער לערנען די שיעורים אין תורה וכו' - זאגט מען אים אז דעם רגע וואס ער האט איצטער, דארף ער אים גלייך אויסנוצן -

אזוי ווי מ'זעט בנוגע צו די עגלות, אז אע"פ אז מ'האט געגעבן אלע עניני המשכן בהרחבה, פונדעסטוועגן האט מען געגעבן מערניט ווי פיר עגלות - ווארום וויבאלד אז מ'קען אויסקומען מיט פיר עגלות, דארף מען זען אויסנוצן די פיר עגלות בתכלית השלימות (און ניט ברענגען נאך עגלות, וויבאלד אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה") - איז עד"ז פאר-שטאנדיק, אז יעדער מינוט וואס מ'האט דארף מען איר אויסנוצן בתכלית השלימות.

לג. ' די הוראה דערפון בנוגע לפועל - וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'קאכט זיך לעצטנ'ס וועגן די "מבצעים":

בשעת א איד באקומט א ידיעה אז ער קען טאן אין די "מבצעים" -

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל" וואס דאס איז א "כלל גדול בתורה"[161], דערנאך אויך אין "מבצע חינוך", וואס דורך דערויף שטעלט מען אויף א אידן אז ער זאל זיך פירן בדרך התורה והמצוה,

וואס דער ענין פון חינוך איז שייך אויך בנוגע צו זיך אליין, ווארום ער האט אויך דעם חיוב פון "מעלין בקודש"[162], במילא דארף ער זיך אויך מחנך זיין, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "ושננתם לבניך - אלו התלמידים"[81], און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת[163] אז "על כל חכם וחכם מישראל ללמד את כל התלמידים" וואס ער קען מיט זיי לערנען,

- און -

---

161) תו"כ ופרש"י עה"פ קדושים יט, יח. 162) ברכות כח, א. 163) פ"א ה"ח.

און דערנאך קומט דאס אראפ בדרך ממילא אין דעם ענין פון הפצת התורה והפצת המצוות - אנהויבנדיק פון "מבצע תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[164], דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע מזוזה", און אין "מבצע צדקה", און אין "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און דערנאך קומט דאס אראפ אין די ג' מצוות, ג' עמודים, שעליהם נשען כל בית ישראל: "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" - וואס דאס זיינען די דריי ענינים וואס אין דיי איז נשתבחה שרה, די ערשטע אידישע פרוי (ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[165]), און דערנאך איז דאס נמשך געווארן צו רבקה, און דערנאך איז דאס נמשך געווארן צו אלע אידן, ווארום דאס איז געווען די הוראה כללית פון אברהם אבינו, "אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו", מחנך זיין די קינדער אז זיי זאלן גיין אין דער וועג עד סוף כל הדורות -

איז בשעת ער באקומט א ידיעה אז ער קען טאן אין די מבצעים, דארף ער וויסן אז מ'דארף אויסנוצן יעדער רגע אויף דעם, און קיין איין רגע טאר ניט גיין לבטלה. און מ'קען ניט זאגן אז "אם לא עכשיו" וועט ער דאס טאן "למחר", ויש מחר שהוא לאחר זמן[166] - ווארום יעדער רגע דארף אויסגענוצט ווערן בתכלית השלימות.

ובמכש"כ וק"ו דערפון וואס מ'דעט אז בנוגע צו די עגלות האט מען געטאן אין אן אופן אז מ'האט זיי אויסגענוצט בתכליה האפשריוה, ביז וואנעט אז מ'האט ארויפגעלייגט אויף פיר עגלוה אלע קרשים ועמודים און יהדות ומיתרים וכו' - ד.ה. אז מ'האט זיי אויסגענוצט בתכלית האפשריוה (דורך דעם וואס מ'האט באווארענט דורך א בן לוי אז די קרשים זאלן ניט אראפפאלן וכו').

ויה"ר אז אזוי ווי "כל העוסק בתורה עולה כאילו הקריב עולה"[167] - איז דערפון וואס מ'רעדט וועגן בנין המשכן, וואס "משכן איקרי מקדש ומקדש איקרי משכן", זאל מען בקרוב ממש קומען צו דעם ענין פון "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", וואס דעמולט וועט זיין דער ביהמ"ק השלישי על הלו, און אין אן אופן פון א בנין נצחי, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

לד. מ'האט גערעדט פריער אויף וויפל מ'דארף אויסנוצן

- יעדער -

------------

164) קידושין לה, א. 165) חיי שרה כד, סז.
166) תנחומא בא יג. פרש"י שם יג, יד. 167) מנחות קי, א.

יעדער רגע וואס מ'האט – וואס איך דערויף איז דא א הדגשה מיוחדת בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בתחלת ספר התניא (גלייך אין דעם ערשטן פרק) די הלכה פסוקה אז אויב "אפשר לו לעסוק בתורה ואינו עוסק", איז "עליו דרשו רז"ל כו'" (כמבואר אין דער סוגיא אין סנהדרין[168]).

וכמובן אז דאס גייט אויך אויף איינעם וואס האט געלערנט כל היום וכל הלילה, ער האט אבער געהאט איין רגע וואס "אפשר לו לעסוק בתורה ואינו עוסק", איז "עליו דרשו רז"ל כו'".

און ווי גערעדט פריער אז דאס איז געזאגט געווארן בנוגע לכל הענינים וואס געפינען זיך בעולמו של הקב"ה, ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער האט דאס באשאפן, און "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", דארף מען דאס אויסנוצן בתכלית השלימות.

ועאכו"כ ווען דער אויבערשטער גיט אן אפשריות מיוחדת און כחות מיוחדים, איז נוסף לזה וואס מ'דארף מקיים זיין דעם ציווי הקב"ה ביז אין אן אופן פון "יגעת" (וואס דוקא דעמולט קומט דער "מצאת"), איז בשעת דער אויבערשטער גיט כחות מיוחדים און אן אפשריות מיוחדת צו טאן א געוויסען ענין, ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז נוגע לרבים – איז דעמולט דער זכות, און צוזאמען דערמיט אויך די אחריות, א סאך א גרעסערע, ובמילא איז פארשטאנדיק אז ער דארף זיכער אויסנוצן די כחות וואס מ'האט אים געגעבן בתכלית השלימות.

און ווי געבראכט די דוגמא פון די עגלות – וואס דארטן זעט מען אז מ'דארף אויסנוצן יעדער זאך בתכלית האפשריות, וואס דוקא דעמולט איז דאס בתכלית השלימות.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס "כלי שרת אין מקדשין אלא שלמין כו' מלאין"[169]. דואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאל דער כלי שרת ניט מקדש זיין דעם שמן אדער יין וכיו"ב ווען מ'האט אנגעגאסן נאר א האלבע כלי, צי דריי-פערטל כלי, אדער א ביסל ווייניקער פון מלא?

איז דער ביאור בזה: דער ענין פון קדושה איז פארבונדן דערמיט אז ס'זאל זיין א דבר השלם[170], און כדי אז דאס זאל זיין א דבר השלם, דארף דאס אויסגענוצט ווערן במילואו. וואס בשעת ס'רעדט זיך וועגן א כלי וואס מ'דארף איר

- אויסנוצן -

------------

168) צט, א. 169) זבחים פח, א. 170) ראה זח"ג צ, ב.

אויסנוצן און זעהן אז זי זאל ממלא זיין תפקידה בשלימות, איז דאס דעמולט ווען זי איז מלא, וואס דעמולט נוצט מען אויס דעם גאנצן כלי, סיי דעם אונטערשטן טייל, סיי דעם מיטעלסטן טייל, און אויך דעם אויבערשטן טייל – און דערפאר זיינען כלי שרת מקדש נאר אויב ס'איז מלאים.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס קידוש דארף זיין על כוס מלא דוקא[171], מיט נאך כו"כ גדרים ופרטים שבדבר.

לה. בהמשך לזה – דובר אודות המצב באה"ק וכו'.

* * *

לו. בנוגע צו די הערות אויפן זהר:

כמדובר לעיל (ס"י) אז וועגן דערויף איז דא אן אריכות גדולה אין די מאמרים אין סידור, וואס דארטן שטייט א דבר ברור (ווי מ'זאגט אויך אין דעם נוסח פאר קידוש), אז די עבודה הראשונה איז "סעודתא דחקל תפוחין קדישין", די סעודה השני' איז "סעודתא דעתיקא קדישא", און די סעודה השלישית, וואס דאס איז טאקע רעוא דרעוין, דאס ווערט אבער אנגערופן "סעודתא דזער אנפין" (וכמבואר בארוכה אין די דרושים[172] ווי אזוי ס'איז ניט קיין סתירה).

און ס'איז אויך מבואר דארטן ווי אזוי ס'איז קיין סתירה ניט אין זהר גופא, וואס אין אדר"ז[173] שטייט אז די סעודה השלישית איז עתיקא קדישא, און אין פ' יתרו[174] שטייט דעת רשב"י אז דאס איז סעודתא דז"א – ווארום דאס איז ווי עתיק איז צוזאמען מיט ז"א.

אין דערויף איז אבער דא א דבר פלא וואס צ"ע ובירור: אין די דרושים אין סידור[175] שטייט אז די סעודה שלישית איז דער ענין וואס עתיק איז יורד מלמעלמ"ט, און אין המשך הער"ב[176] שטייט אז דאס איז אן עלי' מלמטלמ"ע. ואין כאן המקום להאריך בזה.

ובנוגע צו דער הערה אויפן זהר – ברענגט ער דארטן צוויי מקורות: איין מקור פון דעם זהר אין פ' יתרו, וואס דארטן[177] שטייט דער סדר (אזוי ווי דא) עתיקא קדישא, ז"א און מלכות; און א צווייטן מקור ברענגט ער פון אדר"ז, וואס דארטן שטייט באופן הפכי, מלכות, ז"א און עתיק. און ער איז מסיים "וע"ש".

– וואס –

---

171) טו"ע אדה"ז או"ח סרע"א סי"ה. 172) המשך הער"ב ח"ב ע' א'צז ואילך. 173) זח"ג רפח, ב. 174) זח"ב פח, ב. 175) קצט. סע"ד ואילך. וראה המשך הרנ"ו ע' תקמה. 176) שם ע' א'צה-ב. 177) פח, א.

וואס דעם "ע"ש" קען מען מבאר זיין אויף צוויי אופנים:

אין זהר פ' יתרו זיינען דא צוויי דעות: די דעה פון ר' אבא[177], אז דער סדר איז עתיק, ז"א און מלכות; און די דעה פון רשב"י[174] אז דער סדר איז מלכות, עתיק און ז"א.

קען מען זאגן אז מ'מיינט "וע"ש" מיינט ער: אדער דעת מפרשי הזהר[178] וואס זאגן אז ר' אבא רעדט ניט וועגן דעם סדר הסעודות; אדער ווי דער רמ"ק (בפירושו וואס ברענגט זיך אראפ אין אוה"ח[179]) שרייבט בפירוש אז דאס איז די דעה פון ר' אבא (אז סדר הסעודות איז עתיק, ז"א און מלכות), און רשב"י קריגט אויף אים.

וואס דערפאר איז ניט קיין סתירה צווישן דעם וואס מ'פסק'נט אפ כדעת רשב"י (מלכות, עתיק און ז"א) דערמיט וואס מ'זאגט דא אז דער סדר איז עתיק, ז"א און מלכות - ווארום ס'איז א מחלוקת צווישן רשב"י מיט ר' אבא, און "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[180].

לז. עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק: לויט די ביאורים פון חסידות איז ווי אזוי קען מען זאגן אז די סעודה הראשונה פון "מעלי שבתא", וואס דעמולט קומט מען ערשט אריין פון דער יגיעה פון ששת ימות החול, איז דאס "סעודתא דעתיקא קדישא", און ערשט דערנאך קומען די סעודות פון ז"א און מלכות?

וי"ל בדא"פ: מ'זעט ביי א מענטשן (וואס "מבשרי אחזה אלקה"[181]) אז דער גרעסטער תענוג וואס ער האט איז ווען ער איז פוסק ממלאכתו און ס'גייט אוועק פון אים דער ענין היגיעה, וואס דאס איז דער זמן פון "מעלי שבתא", די סעודה הראשונה.

וואס אע"פ אז ברוחניות און מצד כחות הנפש איז דא א גרעסערער תענוג אין יומא דשבתא, ווען דער תענוג איז ניט פארבונדן מיט אן ענין של יגיעה, עאכו"כ ווען ס'קומט צו רעוא דרעוין וואס דעמולט איז דא דער תענוג הפשוט[182], וואס דאס איז א גרעסערער תענוג פון דעם תענוג המורגש, ועאכו"כ אז ס'איז א גרעסערער תענוג פון דעם תענוג וואס איז פאר-בונדן מיט אן ענין של יגיעה -

פונדעסטוועגן, ווען ס'רעדט זיך וועגן א נשמה בגוף, וואס דערמיט איז דאך פארבונדן כללות העבודה פון תומ"צ,

- כולל -

------------

178) רא"ג - הובא באוה"ח לזח"ב שם. 179) לזח"ב שם. 180) עירובין יג, ב. 181) איוב יט, כו. 182) המשך תרס"ו ע' תקמב.

כולל אויך דער ענין פון שבת - זעט מען בפועל אז דער גרעס-
טער תענוג (נוסף אויף די גרעסטע מנוחת הנפש) איז דא ווען
ער ווייסט אז "כל מלאכתך עשוי'"[183], און ער דארף מערניט
הארעווען. און דערפאר קען מען זאגן אז די סעודה הראשונה
איז "סעודתא דעתיקא קדישא", ווארום דעמולט איז דא דער
גרעסטער תענוג, דערפון וואס ער האט געענדיקט די מלאכה
ויגיעה פון כל ימות השבוע.

לח. דערנאך קומט צו נאך א נקודה בדבר:

שלימות הכוונה איז דאך אין מעשה התחתונים דוקא,
ווארום דוקא דורך דעדויף מאכט מען אויף א דירה לו ית'
בתחתונים - און מלאכת הבנין פון לעשות לו ית' דירה בתח-
תונים, קען זיין מערניט ווי בערב שבת, אין דעם "טרח בערב
שבת", משא"כ בשבת וואס דעמולט איז שוין דער "יאכל"[184].
- ס'איז טאקע דא אן עבודה בשבת פון "יאכל", דאס קומט אבער
ניט צו דעם אויפטו וואס מ'טוט אויף אין מלאכת הבנין פון
לעשות לו ית' דירה בתחתונים, וואס דאס ווערט אויפגעטאן
(בעיקר) דורך דער עבודה פון ימות החול, ווען מ'האט צוטאן
מיט עניני העולם.

- דער גילוי וואס קומט ארויס פון דער עבודה פון
לעשות לו ית' דירה בתחתונים, קומט טאקע ארויס שפעטער;
אבער ווען ווערט דאס אויפגעטאן - זאגט מען אויף דערויף
"יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי העוה"ב"[185]
וואס עוה"ב איז אויך כולל דעם ענין פון "יום שכולו שבת
ומנוחה לחיי העולמים"[186], וואס דעמולט איז "ימים שאין לי
בהם חפץ"[187]; דוקא בעוה"ז טוט מען אויף דעם ענין פון דירה
לו ית' בתחתונים.

וואס דאס איז כללות העבודה פון ימות החול - אבער
דעמולט איז נאך פאר שלימות הבירורים; ווען ענדיקן זיך די
בירורים - איז דאס בערב שבת לאחרי חצות, וואס דעמולט
הויבט זיך אן דער תענוג וואס קומט פון דער שביתה ממלאכה.

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס איז די סעודה
הראשונה "סעודתא דעתיקא קדישא" - ווארום דעמולט איז דא
דער תענוג פון שביתה ממלאכה, וואס דער ענין המלאכה איז
פארבונדן מיט שלימות הכוונה וואס איז דא אין מעשה התחתונים,
אז דורך דעדויף ווערט א דירה לו ית' בתחתונים, און אין אן

- אופן -

---

183) שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א. 184) ע"ז ג, א.
185) אבות פ"ד מי"ז. 186) המיד בסופו. 187) קהלת יב, א.
שבת קנא, ב.

אופן ווי דאס איז בערב שבת לאחרי חצות, וואס דעמולט איז שלימות הבירורים.

וואס דערפאר איז מצד רוחניות העינינים ווי עס נעמט דער נה"א - איז תענוג הפשוט א גרעסערער תענוג פון תענוג המורגש, און תענוג המורגש איז א גרעסערער תענוג פון דעם תענוג וואס איז פארבונדן מיט דער שביתה פון מלאכה; אבער נאכמער מצד פנימיות העינינים (וואס דאס איז אמיתית עניין עתיק), איז דאס טאקע "סעודתא דחקל תפוחין קדישין", ער איז ערשט געקומען פון עוה"ז הגשמי, פון ששת ימי החול, אבער דוקא דארטן האט ער דעם אמיתית ופנימיות הרצון פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

וואס דאס איז נוסף אויף דער נקודה וואס מ'האט גערעדט כמ"פ אז יעדער סיבה וואס ברענגט א מסובב, מוז האבן אין זיך אן עניין וואס איז שטארקער פון דעם מסובב, וואס דערפאר ברענגט זי דעם מסובב[188] - איז עד"ז אויך בנדו"ד:

די סיבה וואס ברענגט דעם מסובב פון דעם תענוג הפשוט אין רעוא דרעוין, איז דער "טרח בערב שבת", דאס וואס ער האט שלימות הבירורים אין דעם לעצטן רגע פון ערב שבת, וואס דעמולט הויבט זיך אן דער רגע פון יום השבת קודש - און דערפאר האט דאס א מעלה אויך לגבי דעם זמן פון רעוא דרעוין, וויבאלד אז דאס איז די סיבה לזה.

ויש להאריך בזה, ואין כאן המקום.

לט. דער ביאור אין דער משנה פון פרקי אבות:

די משנה זאגט אז "משה קבל תורה מסיני" - וואס בשעת מ"ת האט מען דאך געגעבן ענינים פון א פס"ד ברור בנוגע לפועל (ווי דערמאנט פריער (ס"ג)), וואס דאס זיינען די אלע עשה"ד ווי דאס איז בפשטות העינינים (נאר אין דערויף איז אויך דא "כל הדברים האלה"[189] - די גאנצע שקו"ט און פלפולים וואס זיינען דא אין תושב"כ און אין תושבע"פ, ביז "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש").

און דערפון איז די הוראה - אז תכלית השלימות פון לימוד התורה איז דוקא אין אן אופן פון "משה קבל תורה מסיני", ע"ד ווי ס'איז געווען ביי מ"ת אז מ'האט געגעבן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פס"ד בנוגע למעשה בפועל, אזוי דארף זיין דער לימוד התורה שלו אין אן אופן פון

- לאסוקי -

---

188) המשך וככה תרל"ז פט"ו ספכ"א. 189) יתרו כ, א. וראה שמו"ר פכ"ח, ו. רפמ"ז.

לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, א לימוד וואס איז נוגע למעשה בפועל.

וכמדובר כמ"פ דאס וואס ס'איז מבואר אין המשך תרס"ו[190], אז דאס איז אויך נוגע צום עצם הלימוד, ווארום דוקא ווען ער ווייסט אז די שקו"ט וכו' איז נוגע למעשה בפועל, דעמולט איז ביי אים די שקו"ט מיט דעם עומק הדרוש און מיטן עומק האפשרי ביז צו עומק שאין למעלה הימנו, און דעמולט קומט ער צו אמיתית המסקנא.

וואס דער קיום המצוה פון לימוד התורה (ע"פ דין) איז אויך ווען ער לערנט ניט אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא; אבער מצד "מילי דחסידותא" פון פרקי אבות, זאגט מען אז שלימות הלימוד איז דוקא ווען דערפון קומט ארויס דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל.

און דערפאר איז די משנה ממשיך "הוו מתונים בדין" - וואס דערמיט איז מען מדגיש אז דער שלימות הלימוד איז דוקא ווען דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של "דין", ווען ס'קומט ארויס דערפון דער פס"ד בנוגע למעשה בפועל.

ועד"ז דאס וואס די משנה איז ממשיך "והעמידו תלמידים הרבה" - וואס דא איז אויך נוגע די הדגשה אז ס'דארף זיין דער ענין המעשה בפועל, "והעמידו תלמידים הרבה", צי דאס איז דורך לימוד התורה, אדער דורך "גדולים מעשי חייא", ביז דורך דעם ענין פון "תמכין דאורייתא"[191].

ועד"ז אויך די הדגשה אין "ועשו סיג לתורה" - אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן אז דערפון זאל ארויס-קומען אן ענין של פס"ד בנוגע למעשה בפועל.

מ. כמדובר לעיל (סט"ו) אז ס'איז דא דער ענין וואס מ'לערנט פרקי אבות אין די שבתות שבין פסח לעצרת, אלס הכנה צו מ"ת, און ס'איז אויך דא דער ענין וואס מ'לערנט פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ" (לויט די "יש נוהגין"), אויך לאחרי מ"ת. והביאור בזה (אין דעם חילוק שביניהם):

בשעת מ'דארף פועל'ן אויף א אידן אז דער לימוד התורה שלו זאל זיין אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, ס'זאל זיין נוגע למעשה בפועל, וואס דאס איז די נקודה פון דעם עדשטן פרק, וואו ער איז מדגיש אלץ די מעלה פון דעם ענין המעשה, ביז צום סיום הפרק אז "לא המדרש עיקר אלא

- המעשה" -

------------

190) ע' תו ואילך. 191) ראה מד"ש לאבות כאן.

המעשה" - אז אפי' אז מ'האט דאס גע'פועל'ט ביי אים אין דעם זמן שקודם מ"ת, דארף מען דאס פועל'ן ביי אים אויך בנוגע צום זמן שלאחרי מ"ת, און דעמולט איז שווערער צו פועל'ן ביי אים דעם ענין ווי דאס איז קודם מ"ת:

קודם מ"ת, איידער ער ווייסט די טייערקייט און חשיבות פון תורה - אז דאס איז "חמדה גנוזה", און אז דאס איז חכמתו ורצונו של הקב"ה, און דורך דעם וואס ער לערנט תורה ווערט מיוחד דער שכל מיטן משכיל מיטן מושכל (אדער ווי דער לשון[135] יודע, ידוע און דעה), ד.ה. ניט אז ס'קען אמאל ווערן מיוחד, נאר דאס ווערט טאקע אזוי בפועל - און מ'זאגט אים אז אלס הכנה צו מ"ת זאל ער זיך פארנעמען מיט ענינים פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא (כאטש אז ער קאכט זיך אין דער הבנה והשגה און שקו"ט שבזה), פארבויגט ער אויף דעם אופן הלימוד פון געפינען נייע סברות וענינים, און לערנט אין אן אופן פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא;

אבער נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער ענין פון מ"ת, און ער לערנט תורה און קאכט זיך אין תורה, ביז אין אן אופן אז ער מיטן שכל מיטן מושכל ווערן איין מציאות, ביז אז מ'קען ניט פאנאנדערטיילן צווישן זיי (ווארום לאחר מ"ת האט זיך שוין אויפגעטאן דער ענין פון "תחתונים יעלו למעלה", קען ער ווערן איין זאך מיטן שכל און מושכל) - דארף מען אנקומען צו א השתדלות מיוחדת אויף צו פועל'ן ביי אים ער זאל אוועקגיין פון דעם מושכל און קומען צו דעם ענין המעשה בפועל, וואס המעשה הוא העיקר.

און דערפאר ווען ס'קומט דער זמן שלאחרי מ"ת, נאך דערויף וואס ס'האט זיך אויפגעטאן אז "עליונים ירדו למטה ותחתונים יעלו למעלה", און ער ווערט איין זאך מיט שכל התורה - הויבט זיך אן אן עבודה חדשה פון לערנען פרקי אבות פון-דאס-ניי, און מ'דארף נאכאמאל פועל'ן אויף אים אז ער זאל וויסן אז דער אופן הלימוד דארף זיין לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, א לימוד וואס איז נוגע למעשה בפועל, און מדגיש זיין אז די כוונה איז "הוו מתונים <u>בדין</u>", און "<u>העמידו</u> תלמידים הרבה", און "<u>ועשו</u> סיג לתורה", ביז צום סיום הפרק "לא המדרש עיקר אלא <u>המעשה</u>".

מא. כמדובר כמ"פ אז דער ענין פון מ"ת איז דא בכל יום ויום, ווי מ'זעט אויך דערפון וואס מ'זאגט בכל יום אין ברכת התורה "<u>נותן</u> התורה", לשון הווה[192]. וואס דערפון איז איז פארשטאנדיק, אז בערך צום לימוד התורה לאחרי ברכת

- התורה -

------------

192) לקו"ת חזריע כג, א. ועוד.

ההורה שביום זה, איז זיין פריערדיקער מעבד ומצב ע"ד ווי קודם מ"ה (בערך צום מ"ת שביום זה, וואס "בכל יום ויום יהיו בעיניך חדשים"[148]).

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך דעם ענין פון מ"ת שביום זה, דארף זיך אנהויבן דער ענין פון לימוד פרקי אבות, באווארענען ער זאל וויסן אז די כוונה איז אז פון דעם לימוד זאל ארויסקומען א פס"ד בנוגע למעשה בפועל - ווי גערעדט פריער (ס"מ) אז לאחרי מ"ת דארף מען ערשט אנקומען צו די באווארעניש אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה".

וכמובן בפשטות ווי דאס איז אין עבודת האדם: ס'איז דא דער אופן הלימוד וואס ער לערנט א שכל פשוט, דערנאך איז דא דער אופן הלימוד וואס ער לערנט א שכל דק יותר וכו', ביז צום אופן הלימוד פון א חכם בחכמה היולית און בעצם כח חכמתו (מיט די אלע פירושים ותוארים וואס ס'איז דא אין דעם).

וואס בשעת מ'דארף פועל'ן ביי אים ער זאל זיך אפרייסן פון א שקו"ט אין א שכל פשוט, און פארנעמען זיך מיט אן ענין וואס איז נוגע למעשה בפועל - איז דאס א גרינגע זאך צו פועל'ן; ווען ער האט אבער צוטאן מיט א שכל נעלה יותר, איז שווערער פועל'ן אויף אים ער זאל זיך אפרייסן דערפון און פארנעמען זיך מיט אן ענין של מעשה בפועל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בכל יום וואס אים קומט צו מערער אין ידיעת והבנת התורה, דארף ער האבן א השתדלות מיוחדת אז אויך אין זיין העכערע דרגא אין הבנת ההורה (דער נייער אופן אין מ"ת וואס איז ביי אים געווארן ביום זה), זאל ער וויסן זיין אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה".

ועאכו"כ אז ווען ס'רעדט זיך וועגן איינעם וואס "תורתו אומנתו", זיין גאנצע מציאות איז חכמה, און ער איז א חכם בעצם כח חכמתו מיט אלע תוארים שבזה - און מ'דארף פועל'ן ביי אים ער זאל וויסן אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה" - דארף ער האבן א נייעם לימוד אין פרקי אבות,

אנהויבנדיק פון "משה קבל תורה מסיני" - וואס משה רבינו האט דאך געלערנט תורה אויך פאר דערויף, במכש"כ וק"ו דערפון וואס די אבות און די שבטים האבן געלערנט תורה[123] - און אעפ"כ, בשעת ער האט מקבל געווען "תורה מסיני", איז ביי אים געווארן א נייע מציאות.

וואס דער ענין פון "משה קבל תורה מסיני" איז דאך ניט געווען בשעתא חדא וברגע חדא, נאר ס'האט גענומען "ארבעים יום וארבעים לילה"[193] - וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות

- אז -

------------

193) תשא לד, כח.

אז אויך ווען משה רבינו איז געווען דא למטה איז ער געווען א "מהלך" מדרגא לדרגא, ועאכו"כ ווען ער איז געווען בהר סיני, אין אן אופן פון "לחם לא אכל ומים לא שתה"[193] - איז פארשטאנדיק דער אופן ההליכה וואס איז געווען ביי אים דעמולט, ביז צום יום הארבעים וואס דעמולט איז געווען דער תכלית השלימות;

און ערשט דעמולט האט ער מקבל געווען די תורה, און אין אן אופן אז דערפון זאל אראפקומען בנוגע למעשה בפועל.

ובמכש"כ וק"ו ווען ס'רעדט זיך וועגן "ומסרה ליהושע", ביז ווי דאס קומט אן אין די דורות הכי אחרונים - איז זיכער אז ס'דארף זיין דער לימוד התורה אין אן אופן אז דערפון זאל אראפקומען בנוגע למעשה בפועל.

און ע"ד האמור אז ביי יעדער אידן זיינען דא דרגות אין לימוד התורה שלו, און ווען ער קומט צו א העכערע דרגא אין לימוד התורה, דארף מען נאכאמאל באווארענען אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה" - איז עד"ז אויך בנוגע צו אידן בכללות:

ביי א אידן וואס איז פון שבט זבולון, איז לייכטער צו פועל'ן אז ער זאל האלטן ביי זיך אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה"; משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א אידן וואס "תורתו אומנתו", זיין גאנצע מציאות איז תורה, אדער עכ"פ א איד וואס איז פון שבט יששכר - איז שווערער צו פועל'ן ביי אים דעם ענין, און דערפאר דארף מען נאכמער באווארענען אז ער זאל אויך וויסן אז די כוונה איז אז ס'זאל זיין "הוו מתונים בדין", און "העמידו תלמידים הרבה", און "עשו סיג להורה", ביז אז "לא המדרש עיקר אלא המעשה".

מב. נאך א נקודה אין דעם חילוק צווישן דעם אופן הלימוד פון פרקי אבות ווי דאס איז קודם מ"ת לגבי ווי דאס איז לאחרי מ"ת:

בשעת מ'לערנט פרקי אבות אין די שבתות שבין פסח לעצרת, וואס דעמולט איז די הכנה צו שבועות - ווערט דער לימוד פון פרקי אבות אן ענין של טפל (והכנה) צו דעם ענין פון מ"ת;

משא"כ ווען מ'לערנט דאס אין די שבתות הקיץ שלאחרי מ"ת, איז דאס אין אן אופן פון "ויצונו ה' לעשות את כל החקים האלה ליראה את ה'"[194], ד.ה. אז דער ענין פון תורה (מ"ת) ווערט א "תרעא לדרתא"[195], אז ס'זאל זיין א הנהגה

- לוים -

---

194) ואתחנן ו, כד. 195) תניא ספכ"ג.

לויט די "מילי דחסידותא" פון פרקי אבות ("ליראה את ה'").

מג. ויה"ר אז אזוי ווי "לא המדרש עיקר אלא המעשה" - זאל מען אנהויבן טאן ביתר שאת וביתר עז אין אלע "מבצעים", ובפרט אין דעם מבצע שהזמן גרמא - "מבצע חינוך", באווארענען אז יעדער קינד און אלע קינדער זאלן זיך פארשרייבן אין אן אופן אז זיי זאלן זיך געפינען אין ד' אמות של תורה, פאר-בונדן מיט אהבת ה' און יראת ה'.

וואס דאס וועט ברענגען נאכמער הצלחה בכל המבצעים ובכל העינינים, ביז צו "ונתתי גשמיכם בעתם"[196], אז מ'וועט האבן אלע ענינים פון גשמיות "בעתם"[197], און ביד רחבה, מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

ביז אז ס'וועט זיין דער ענין פון "שתהא שלהבת עולה מאלי'"[198], אז מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו הילף פון א צווייטן, דערפאר וואס ער וועט מאכן פון דעם מושפע אז ער זאל אויך ווערן א משפיע, ועאכו"כ בנוגע צו זיך אז ער ווערט אין אן אופן פון "שלהבת עולה מאלי'",

ביז אז אלע "שבעה נרות" - וואס דאס איז כולל אלע שבעה סוגים פון אידן (ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין לקו"ת ר"פ בהעלותך) - וועלן גיין צוזאמען קוקן ווי אהרן הכהן איז מדליק די מנורה אין ביהמ"ק השלישי, בקרוב ממש.

צוה לנגן ניגון הבעש"ט (ג' תנועות). הושיעה את עמך. עוצו עצה ותופר. ופרצת. ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

נתן משקה להאורחים שיחיו שבאו לתגה"ש.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

196) בחוקותי כו, ד. 197) ראה כש"ט לה, א. 198) שבת כא, א. פרש"י ר"פ בהעלותך.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ נשא, י"ב סיון ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. פון יעדער ענין זוכט מען דאך א הוראה אין אן ענין שהזמן גרמא, ובפרט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט די מאורעות פון די ימים אחרונים - וואס דאס איז בנוגע צו דעם מצב אין אה"ק.

[אע"פ אז מ׳האט געדארפט ליגן אין לימוד התורה וקיום המצוות, און פארלאזן זיך אז די אלע איבעריקע ענינים (אין וועלכע ער קען סיי-ווי ניט אויפטאן) וועט דער אויבערשטער פירן בתכלית השלימות - זעט מען אבער בפועל ממש (אע"פ אז ס׳דארף אזוי ניט זיין) אז דאס נעמט צו מנוחת הנפש, וואס דאס פועל׳ט אויך אויף מנוחת הגוף, און ס׳פועל׳ט פיזור הנפש, מיט אלע ענינים בלתי רצויים].

אין דערויף זיינען דא כמה נקודות וכמה פרטים וואס ס׳האט געדארפט זיין בעסער דערפון ווי דער מצב איז איצטער - אבער אין די פרטים גופא זיינען דא דרגות, פון "קלה שבקלות" ביז "חמורות שבחמורות", ביז צום גרעסטן ענין פון "חמורה שבחמורות" - דער ענין פון פקו"נ.

וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד מ׳געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון זמן הגלות, וויל דער אויבערשטער אז מ׳זאל טאן בדרך הטבע - וואס דערפאר האט ער אפגע׳פסק׳נט א פס"ד ברור אין שו"ע או"ח הל׳ שבת[1], אז בשעת ס׳קומט אן א שמועה אז עכו"ם "ממשמשים לבוא", אפי׳ ווען זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש", און אפי׳ אז אזוי איז טאקע דער אמת, זיי קומען טאקע מערניט ווי "על עסקי תבן וקש", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין כו׳", מ׳דארף נעמען כלי נשק און פארשטעלן די וועג כו׳, "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

וואס דאס איז אן ענין וואס קריגט די אלע גדרים פון פקו"נ, וואס פקו"נ איז דוחה שבת, מיט אלע פרטים שבזה, ווי מ׳האט שוין גערעדט כמ"פ.

- און אעפ"כ, איז דער מצב דארטן הולך ומחמיר רח"ל.

ב. אויף צו מאכן לייכטער דעם נסיון, האבן געטראפן כמה ענינים ופרטים וואס דערפון זעט מען בעיני בשר אז זיי קומען ניט "על עסקי תבן וקש".

- און -

------------

1) סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם.

און מ׳זעט אז די אלע וואס רעדן וועגן "שלום", איז "פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר"[2], זיי רעדן וועגן שלום, אבער "בקרבו ישים ארבו"[3] - זיי מיינען אן ענין של מלחמה.

ס׳זיינען געווען אזוינע וואס האבן געוואלט מבלבל זיין זיך און מבלבל זיין אנדערע, און מ׳האט גע׳טענה׳ט אז מ׳קען זיך פארלאזן אז וויבאלד ער רעדט וועגן שלום וויל ער טאקע אז ס׳זאל זיין שלום, און א שלום אמיתי וכו׳ - איז כדי צו מאכן לייכטער דעם נסיון, און מדמז זיין כוונתו מיט א רמז גלוי - האט ער אליין געזאגט, אז אויב מ׳וועט ניט אנעמען וואס ער זאגט, וועט זיין דער היפך רח"ל!

עד"ז איז דא דער ענין וואס מ׳האט זיך איינגערעדט אז בנוגע צום צד המזרחי איז ניטא וואס צו איבערטראכטן, דער-פאר וואס מ׳האט אפגערעדט בחשאי מיטן מלך פון ירדן און מיטן פרעזידענט פון סוריא וכו׳, אז פון דארטן וועט גארניט זיין,

און מ׳האט געזעהן בפועל אז במשך פון כו"כ חדשים איז כאילו געווען רואיג [אע"פ אז ס׳זיינען דא כמה ענינים וואס מ׳האט מעלים געווען און ניט געוואלט דערציילן, כדי ניט מאכן ניט קיין גוטע שטימונג (אדער מאיזה סיבה שתהי׳)] -

איז דאס שוין ארוים בגלוי, און מ׳האט געזעהן אז פון דארטן האט מען געשיקט מחבלים.

שלא כדעת הטועים אז ס׳האבן זיך געפונען דריי אדער פיר גויים וואס האבן דאס געטאן על דעת עצמם - אלע זיינען מודה אז זיי זיינען געקומען פון א געוויסע מדינה, און זיינען דורכגעגאנגען מדינת ירדן, זיינען געגאנגען דארטן דעם גאנצן שטח, און דערנאך זיינען זיי אנטלאפן אויף צוריק דורך דעם זעלבן שטח,

און ס׳איז א דבר ברור (ביז אז מ׳הויבט שוין אן מודה זיין אין דעם) אז דאס איז געווען בידיעה וברשות און (במילא פארשטאנדיק אז) אויך בהסכמה פון ממשלת ירדן, סוריא וכו׳.

וואס כמה חדשים איז געווען רואיג, און מ׳האט זיך פארלאזט אז וויבאלד דאס איז אן עם חכם ונבון וועט מען זיי מערער ניט דארפן אנשרעקן - האט מען געזעהן אז דאס העלפט ניט.

וואס דאס איז דער איין און איינציקער פירוש צום

- מאורע -

------------

2) תהלים קמד, ח. 3) ירמי׳ ט, ז.

מאורע בלתי רגיל, וואס לאחרי כו"כ חדשים איז מיטאמאל ארויסגעקומען אזא מאורע,

– נאר ס'האט זיך ארויסגעלאזט אויף א גוטן אופן, אז דאס האט קיינעם ניט אנגערירט, און מ'האט יוצא געווען מערנים ווי מיט פחדים, ויה"ר אז מ'זאל טאקע יוצא זיין דערמיט.

וע"ד ווי רש"י איז מפרש בסוף פ' בהר[4], אז וויבאלד דער אויבערשטער איז רחום וחנון, איז פריער רירט ער אן מערניט ווי דעם ממון פון א אידן, און מ'האפט אז מ'וועט זיך כאפן "למה עשה ה' ככה", אדער בלשון הרמב"ם אין ריש הל' תעניות[5] אז מ'וועט ניט זאגן אז "נקרה נקרית" און מ'דארף דערפון גארניט אפלערנען, נאר מ'פארלאזט זיך אז מ'וועט אפלערנען דערפון דאס וואס מ'דארף אפלערנען, און מ'וועט יוצא זיין דערמיט.

ג. וכמדובר כמ"פ[6] וועגן די צרות וואס מ'האט דערפון וואס מ'האט איבערגעלאזט די שטאט צור בשלימותה – וואס דעמולט איז ניט געווען קיין לחץ (ניט פון וואשינגטאן, ניט פון ענגלאנד, ניט פון ירדן וכו'), ס'איז מערניט וואס מ'האט זיך דערשראקן פאר דעם אייגענעם "קול עלה נדף"[7] פון די אידן וואס זיינען "רך הלבב", און דערפאר האט מען איבערגעלאזט די שטאט צור בשלימותה –

און פון דעמולט האט מען דערפון צרות צרורות – ס'האט זיך ארויסגעוויזן אז דארטן זיינען געווען כלי נשק בריבוי, און פון דארטן האט מען געשיקט די מחבלים וואס זיינען געקומען פון חוף הים וכו'.

און אז מ'וויל ניט זעהן דעם אמת הכי בולט – האט מען זיך געכאפט לאחרונה אז דורך חוף הים פירט מען אריין נשק אין צור עד היום הזה, ווארום צור איז געבליבן בשלימותה, און די מחבלים וואס זיינען געווען דארטן (און האבן ניט געוואלט אנטלויפן) זיינען אויך געבליבן בשלימותם, מ'האט זיי ניט געטשעפעט.

וכמדובר כמ"פ אז די גרעסטע צרה איז אז "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו"[8] – צוליב די פחדנים וואס זיינען צווישן אידן, האט מען ניט געטשעפעט צור, און פון דעמולט האט מען

– דערפון –

------------

4) כו, א. 5) פ"א ה"ג. 6) ראה קטע משיחה כוצאי ש"פ שמיני ש.ז. ס"ה. 7) לשון הכתוב – בחוקותי כו, לו. 8) ישעי' מט, יז.

דערפון צרוה צרורות, ביז צרות וואס זיינען פארבונדן מיט
א סכנה פון פקו"נ ממש היל"ת.

ד. ביז וואנעט אז ס'איז געווארן די תנועה הידועה וואס
מ'האט זיך געגעבן א נאמען "שלום עכשיו", און זיי טענה'ן
אז די וועג אויף שלום איז דוקא דורך דעם וואס מ'וועט
אפגעבן אלץ וואס זיי פארלאנגען, און דורך דעם וועט מען
גלייך האבן שלום.

– ס'איז ניטא מיט וועמען צו מאכן שלום, ווארום זיי
ווילן ניט קיין שלום; זיי זאגן בפירוש אז זיי ווילן האבן
ירושלים העתיקה, שכם, חברון וכו', מיט אלע פרטים וואס זיי
זאגן בגלוי;

קומען אבער אידן און שפארן זיך, און זאגן "שלום
עכשיו", אז די איינציקע וועג דורך וועלכע מ'וועט קומען צו
שלום איז, דורך אפגעבן אלץ וואס יענע פארלאנגען!

ער האט מורא צו זאגן אז מ'דארף אפגעבן אויך ירושלים
העתיקה, ווארום דעמולט וועט מען פון אים אראפנעמען דעם
תואר "מנהיג" – גייט ער אדום און זאגט באופן <u>כללי</u> אז
מ'דארף זיי אפגעבן, אבי ס'זאל זיין שלום – בה בשעה וואס
קיינער זאגט ניט אז ס'וועט זיין שלום, קיינער פון דעם צד
שכנגד איז ניט מבטיח אז ס'וועט זיין שלום, און קיינער קען
דאס ניט מבטיח זיין, ווארום ס'איז ניט ביכלתו.

אויף צו באווייזן וואס זיי האבן דערגרייכט מיטן
"שלום עכשיו", כדי אז ס'זאל ניט זיין קיין מקום לטעות –
האט פאסירט א דבר בלתי רגיל: סאדאט אליין האט זיי אפגע-
געבן א יישר-כח, און האט געזאגט אז דאס מיינט ער סאקע
(די תנועה וואס זיי בעטן)!

און איצטער זוכט מען א נוסח ווי אזוי מ'קען אים
אפשלאגן און זאגן אז ער האט א טעות געהאט – ער האט ניט
געהאט קיין טעות, דאס מאנען זיי סאקע!

ה. ועד כדי כך – אז מ'האט אויסגעקליבן א אידן וואס
בחייו הפרטיים איז ער א פרומער איד, און מ'האט אים אוועק-
געשיקט אין ארה"ב (און מ'באצאלט אים די הוצאות פון כספי
ציבור), אויף ארומפארן און דערציילן און דרוקן אין די
צייטונגען, אז אידן זיינען אומגערעכט, און העומדים בראשם
זיינען אומגערעכט, און אנשי הצבא זיינען אומגערעכט;
מ'דארף נאכגעבן די "פ.ל.א.", נאכגעבן זיי אראבער און געבן
זיי אלץ וואס זיי ווילן, און דוקא דעמולט וועט זיין שלום.

און ער טוט דאס נאך אן אין דרכי צדק ויושר, אז דאס
איז דער צדק ויושר וואס הורה פארלאנגט פון יעדער אידן,

– און –

און ער שרייט אז דאס איז דער ענין פון תורה. און אז
מ'זאגט אים, היתכן? ס'איז דאך אן ענין פון פקו"נ? - זאגט
ער אז מ'טאר ניט פארגעסן פון "צדק ויושר"!

וואס אפי' ווען מ'רעדט וועגן דערויף אין אה"ק גופא,
איז דאס אן ענין פון "לא ירך את לבב אחיו כלבבו"[9], וואס
דאס איז א ציווי אויך אין א"י גופא וואו אידן געפינען זיך;

עאכו"כ ווען מ'פארט ארויס אין חו"ל, אין אן ארט וואו
מ'זעט לאחרונה אז ניט יד ישראל איז הולכת וגוברת, נאר
להיפך רח"ל - קומט ער צופארן אהינצו מיט א תואר גדול, און
אלע זיינען אים משבח ומהלל אז דאס איז א פרומער איד
(ובחייו הפרטיים איז ער טאקע א פרומער איד) - און ער
טענה'ט כך וכך!

ובקרוב ממש וועט ער אויך באקומען א יישר-כח פון
סאדאט (אדער פון בא-כחו וכיו"ב), ווארום ער טוט דאס וואס
זיי ווילן - צי במזיד רח"ל, ס'איז אבער ניטא וואס צו חושד
זיין אים בזה, ווארום מסתמא וויל ער אז ס'זאל זיין "אך
טוב לישראל"[10], טוט ער דאס אבער בשוגג וכיו"ב,

דא מאנט זיך אבער ניט זיין חכמה - מ'דארף אויפעפענען
א שו"ע או"ח הל' שבת, אין דעם סימן און אין דעם סעיף,
וועט מען זעהן אז דער דין איז, אז ווען מ'הערט אז עכו"ם
"ממשמשים לבוא", אפי' ווען זיי זאגן אז זיי קומען "על
עסקי תבן וקש" - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין כו' שמא
ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

וכמדובר כמ"פ אז איצטער איז גאנץ א"י אין א מעמד
ומצב פון אן "עיר הסמוכה לספר", ועאכו"כ דער גבול המזרחי
בעצמו, וואס די גאנצע צייט האט מען געוואלט איינרעדן זיך
און אנדערע אז ס'איז ניטא וואס צו איבערראכטן, דערפאר
וואס מ'האט אפגערעדט בחשאי כך וכך - האט דאס שוין אויך
געפלאצט, און מ'האט שוין דעם ערשטן רמז רח"ל, ויה"ר אז
מ'זאל דערמיט יוצא זיין.

ו. דערנאך קומט צו נאך א דבר מבהיל:

מ'איז מכריז אז מ'זאל וויסן זיין אז די רעפארמער
זיינען די וועלכע זיינען מחריב עם ישראל, תורת ישראל כו',
מיט אלע ענינים וואס דער רמב"ם[11] זאגט באופן ברור; און
דערנאך זאגט מען אז ס'איז דא א ערגערע זאך דערפון: בשעת

- מ'וועט -

---

9) שופטים כ, ט. וראה קטע משיחת מוצאי ש"פ צו ס"א.
10) לשון הכתוב - תהלים עג, א. 11) הל' ממרים רפ"ג.



הנחה הה' בלתי מוגה

מ׳וועט באזעצן דעם גבול המזרחי וכיו"ב, כדי צו מגין זיין אויף דריי מליון אידן כן ירבו וואס געפינען זיך אין אה"ק! עד כדי כך איז דער חושך כפול ומכופל!

וכמדובר כמ"פ דער גודל הנחיצות וואס מ׳מוז באזעצן דעם גבול המזרחי וכו׳ - און אעפ"כ טוט מען דאס ניט.

- ביז איצטער האט מען זיך ניט געוואלט טשעפען מיט די עומדים בדאש - ס׳איז אבער א דבר המבהיל:

ס׳זיינען געווען כו"כ ענינים וואס מ׳האט געהאט מחלוקה׳ן, און מ׳האט געדארפט האבן אן אפשטימונג, און מ׳האט געדארפט פרעגן דעה הרבים וכו׳ - און אעפ"כ, וויבאלד אז מ׳האט גערעכנט אז דאס איז א טובה פאר כלכלה, צי פאר אנדערע ענינים, האט מען זיך איינגעשטעלט, מ׳האט זיך ארייגעלאזט אין א מחלוקת, און געשטעלט בספיקות את כל המצב כולו, אבי דורכפירן דעם ענין;

ס׳איז אבער דא אן איין און איינציקע זאך - דער ענין וואס מ׳דארף באזעצן דעם גבול המזרחי וכו׳ - וואס דאס איז א זאך אויף וועלכע מ׳דארף ניט האבן קיין אפשטימונג, מ׳דארף ביי קיינעם ניט פרעגן קיין דעות (ניט נאר אין חו"ל, נאר אפי׳ אין א"י), ע"פ החוק קען דאס אפטאן אן איין און איינציקער מענטש על דעת עצמו, עאכו"כ ווען ס׳זיינען דא צוויי מענטשן,

און דאס איז אן ענין וואס איז (א טובה ניט פאר אן ענין פרטי, ווי כלכלה וכיו"ב, נאר אן ענין וואס איז) נוגע צו פקו"נ פון אלע אידן וואס געפינען זיך דארטן, ווי געבראכט פריער דעם פס"ד פון שו"ע, אז מ׳מוז באשיצן וכו׳, און באשיצן דורך די אנשים הראויים לזה (וואס אויף דערויף איז ניט מספיק אז מ׳מאכט איין מושב (אדער אפי׳ זעקס) אין א שטח פון הונדערטער קילאמעטער),

און ס׳זיינען דא מענטשן וואס זיינען מוכן שטעלן זיך על הגבול, און ס׳איז דא די געלט וואס וועט זיין געננוג (די והותר) אויף צו אויסהאלטן זיי דארטן - וכאמור, ע"פ החוק קענען דאס אפטאן צוויי מענטשן בין לילה, בשעהא חדא וברגעא חדא,

וואס דעמולט וועט זיין דער גבול באשיצט, קיין מחבל וועט זיך ניט קענען מסתנן זיין דורך דעם גבול, וואס דאס איז דער עיקר כל העיקרים,

ועוד וג"ז עיקר: דורך דעם וועט מען סוכ"ס באווייזן אז אידן זיינען מוכן מגין זיין אויף אנדערע אידן, ניט נאר בדיבור, און ניט נאר דורך שיקן שלוחים וכיו"ב, און ניט דוקא אין א מעמד ומצב וואס אלע שבעים אומות וועלן מסכים

- זיין -

זייך אויף דערויף, נאר אפי' אויב דאס איז שלא בהסכמתם, וויבאלד אז אידן האבן מחלים געווען אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע להגנת בנ"י.

- האט מען מודיע געווען פון דער החלטה אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע להגנת בנ"י; מ'האט אבער גלייך מודיע געווען אז מ'וועט נים מגין זיין על הגבול, און מ'האט מודיע געווען אז די וואס ווילן גיין און באזעצן זיך על הגבול, וועט מען זיי נים צולאזן, און די וואס זיינען שוין געגאנגען, האט מען זיי מגרש געווען פון דארטן!

און דא העלפט נים קיין תירוץ אז דאס איז נגד החוק - כאמור לעיל אז ע"פ החוק קענען צוויי מענטשן מחלים זיין און אפטאן דאס בפועל, און דערנאך איז "אין אחר מעשה כלום"[12].

וכאמור, אז מיום ליום ווערט דער מצב שווערער, און יעדערער ווייסט דערפון.

וואס טוט מען יע - האט מען געמאכט א באוועגונג וואס סאדאט גיט אויף דערויף א יישר-כח (צי ברצונם, אדער שלא ברצונם), און זאגט אז דאס מיינט ער און אויף דערויף האפט ער, און אז זיי וועלן ברענגען כל הענינים הרצויים. ועד"ז דער שליח וואס מ'האט געשיקט אין ארה"ב, ועד"ז בכו"כ מקומות.

ולפלא הכי גדול: די אלע ענינים התלויים במחלוקה ופלוגתא גדולה, איז וויבאלד אז ס'איז געווען קרוב לודאי אז דאס וועט ברענגען א תועלת אין ענינֵי ממון וכיו"ב, האט מען זיך ארייגעלאזט אין דער מחלוקת וכו' כדי צו דורכפירן דעם ענין (וואס אין א טייל פון די ענינים האט מען זיך אפגעבריט, און מ'האט דערנאך געדארפט נאכגעבן);

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן א פס"ד ברור פון שו"ע - וואס דאס איז אויך דער פס"ד ברור פון אלע מומחים לעניני צבא, ביז צום מומחה הכי גדול - אז מ'מוז מגין זיין על הגבולות, און אויב מ'וועט נים מגין זיין כרבעי און איין שעל וועט בלייבן אן אפענער, עפענט מען אויף את כל הארץ לפניהם רח"ל -

דוקא אויף דעם ענין שפארט מען זיך מיט אלע כחות, און מ'איז מזמין אויף זיך א לחץ פון די פחדנים (אדער די וואס קלייבן זיך נים פאנאנדער), אז זיי זאלן נאכמער לוחץ זיין און מבלבל זיין און נים צולאזן מגין זיין על העם היושב באה"ק (באיזה סיבה שתהי' - דאס איז אבער "עם קדוש" וואס געפינט זיך אין "ארץ הקודש").

- וכמדובר -

------------

12) ראה ב"מ יז, סע"א.

וכמדובר כמ"פ אז דאס איז ניט קיין עניין וואס איז פארבונדן מיט קדושת הארץ; דאס איז אן עניין וואס איז פאר-בונדן מיט די טייערקייט און קדושה פון אן אייך און איינ-ציקן "נפש אחת מישראל", וואס דאס איז אן "עולם מלא"[13], בכל מקום ובכל זמן וואו א איד זאל זיך נאר געפינען,

ועאכו"כ - לויט ווי אלע מומחים זאגן פה אחד - אז דאס איז נוגע ניט נאר צו א "נפש אחת מישראל", נאר ס'איז נוגע לכו"כ מבנ"י, ביז צו כל העם היושב באה"ק (וואס איך כאן המקום איבער'חזר'ן נאכאמאל דעם דבר המצער).

ז. ויה"ר אז מ'זאל יוצא זיין מיטן רמז וואס מ'האט באווירן בנוגע צום גבול המזרחי (כנ"ל ס"ב) [נוסף צו דעם וואס איצטער זיינען הכל מודים אין דעם טעות וואס מ'האט געמאכט בנוגע צו צור - זאל מען דערפון אפלערנען לכה"פ בנוגע צום גבול המזרחי],

און דערפון זאל מען זיך כאפן אויפן אמת, אז "פרצה קוראת לגנב"[14], עאכו"כ צו א גזלן, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן רבים,

ובפרט אז זיי האבן צו זיך די "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו", די אידן וואס מאכן חרוב דעם מצב רוח פון בטחון ביי די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, ועד"ז בשאר מושבות בנ"י אין חו"ל - דערפאר וואס זיי קענען ניט פועל'ן ביי זיך אפטאן דעם עניין פון באזעצן דעם גאנצן גבול,

- בה בשעה אז ס'איז א דבר ברור ללא כל ספק אז ס'זיינען דא גענוג מענטשן אויף צו באזעצן דעם גאנצן גבול אין אן אופן של הגנה (ניט אין אן אופן אז מ'זאל מאכן דארטן גפנים, תאנים און זיתים וכיו"ב, נאר אויף דעם עניין שהזמן דורש ומכריח - אן עניין של הגנה), און ס'איז דא גענוג נשק און גענוג געלט וכו'.

וכאמור לעיל, אפי' די וואס שרייען אז אויף הלכה קען מען זיך ניט פארלאזן ח"ו, נאר מ'מוז האבן א חוק וואס אויך אידן וואס שרייען אז זיי זיינען "חילוניים" זיינען מסכים אויף דערויף - איז ע"פ חוק קענען דאס צוויי מענטשן דורכפירן.

און דער תירוץ אז דער איז ניט מסכים, יענער איז ניט מסכים וכו' - איז אויב מ'וועט זיך רעכנען מיט די אלע וואס זיינען ניט מסכים, האבן זיי שוין געזאגט דאס וואס זיי

- ווילן -

------------

13) סנהדרין לז, א במשנה. 14) פרש"י תצא כב, כג. ועוד.

ווילן (א טייל פון זיי ברמז וכו׳) - וואס רה"ל און היל"ת אז ס׳זאל טרעפן אזא זאך.

וואס דאס איז אפי׳ ווען עס רעדט זיך בנוגע צו חו"ל - ועאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן אה"ק, וואס נוסף אויף דער קדושה פון יעדער איד בפ"ע, קומט נאך צו אין אה"ק א הוספה אין דער קדושה פון אידן, אז ס׳ווערט אן ענין פון "אוכלסא", וואס דאס איז פארבונדן מיט אה"ק דוקא, ווי די גמרא[15] זאגט "אין אוכלסא בבבל", דוקא אין א"י איז דא דער ענין פון "אוכלסא".

ח. ויה"ר אז בשעת ס׳הויבט זיך אן די וואך פון "בהעלותך את הנרות", ביז אין אן אופן "שתהא שלהבת עולה מאלי׳"[16] - זאל דאס געטאן ווערן ע"י אהרן הכהן,

וואס ער איז דאך "איש החסד"[17], און ער פועל׳ט אז ס׳זאלן נמשך ווערן מלמעלה כל הברכות וואס מ׳האט געלייענט אין דער סדרה פון היינטיקן שבת - "יברכך ה׳ וישמרך יאר ה׳ פניו אליך ויחנך ישא ה׳ פניו אליך וישם לך שלום"[18],

אז דאס איז דער וועג אויף דעם ענין פון שלום - אז ס׳הויבט זיך אן פון דעם אויבערשטן, פאלגן דעם פס"ד פון דעם אויבערשטן וואס ער האט ארויסגעגעבן און ס׳ברענגט זיך אראפ און אפגעדרוקט אין דעם שו"ע, אנהויבנדיק פון דעם פס"ד האמור לעיל (ס"א).

און ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "יאר ה׳ פניו אליך" - אין אן אופן פון "פנים שוחקות", וואס דעמולט וועט זיין "יברכך" אפי׳ אין ענינים פון ממון, און "וישמרך" - "שלא יבואו שודדים ליטול ממונך", ווי ס׳ברענגט זיך אראפ אין מדרשי רז"ל[19], און אין פרש"י[20] ובכ"מ,

און טאן דאס אין אן אופן פון קו החסד והרחמים, וואס דאס איז דער כללות הענין פון ברכת כהנים - כמבואר אין זה"ק[21] אז דערפאר איז מען מדגיש אין ברכת כהנים "לברך את עמו ישראל באהבה".

ובקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צו "אני מראה לכם נרות של ציון" - ווי ער זאגט אין יל"ש אין דער התחלה פון פ׳ בהעלותך את הנרות,

- אז -

---

15) ברכות נח, א. 16) שבת כא, א. פרש"י עה"פ. 17) תו"א הצוה פב, א. 18) פרשתנו ו, כד-כו. 19) ספרי עה"פ. 20) עה"פ. וראה בארוכה שיחת ש"פ נשא תשל"ז סי"ט ואילך. 21) ח"ג קמז, ב.

אז ביי יעדער ענין וועט זיין "שלהבת עולה מאלי'" - דער "נר ה' נשמת אדם"[22], די נשמה האלקיה וואס זי איז "חלק אלוקה ממעל ממש"[23], וואס זי ווערט אנגעצונדן דורך דעם "נר מצוה ותורה אור"[24] [בדוגמא ווי גערעדט[25] אין פרש"י[26] אז "כהנים ולויים וישראלים" זיינען פארבונדן מיט "תורה נביאים וכתובים"], ווי ס'שטייט אין מדרש[27] "נרי בידך ונרך בידי",

און זוכה זיין צו בנין ביהמ"ק השלישי, וואס דעמולט וועלן זיין "משה ואהרן עמהם"[28], און אהרן הכהן וועט אנצינדן די נרות - בקרוב ממש.

* *

*

------------

22) משלי כ. כז. 23) תניא רפ"ב. 24) משלי ו, כג. 25) שיחה מוצאי ש"פ נשא (דההוועדות זו) סכ"ז. 26) פרשתנו ז, כג. 27) דב"ר פ"ד, ד. 28) ראה הוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב. וראה יומא ה, ב.

## ת י ק ו ן   ט ע ו ת

לשיחת יום ב׳ דחגה"ש

בע׳ כו, שו"ה רבותינו, נדפס רבותינו,
וצ"ל: גילוי דברי רבותינו.

בס"ד. שיחה להמסיימות ד"בית רבקה",
ולהמדריכות דמחנה "אמונה" ו"פרדס חנה" החיינה
- יום א׳ פ׳ בהעלותך, י"ג סיון ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הה׳ בלתי מוגה</u>

א. די וואס האבן זיך דא צוזאמענגעקליבן (וואס דערמיט איז פארבונדן די רייד וואס מ׳וועט איצטער רעדן), רעכנען דאך פארנעמען זיך דעם זומער מיט עבודת החינוך.

און אפי׳ די וואס האבן (מערניט ווי) געענדיקט דעם לערן-יאר, און זיי גרייטן זיך צו ממשיך זיין אין דעם לערנען (אויף א העכערן אופן) אין דעם יאר שלאח"ז - רעכנט און האפט א גרויסעד טייל פון זיי, אויסנוצן די כשרונות וואס דער אויבערשטער האט זיי געגעבן, און די ידיעות וואס זיי האבן באקומען דורך זייער לערנען - אין דעם שטח פון ערציען אידישע קינדער, און מיט דער צייט - ערציען די אייגענע קינדער.

[וואס די ערציאונג פון די אייגענע קינדער, פאדערט גאר א שטארקע מאס פון ערציאונג, נאכמער ווי די ערציאונג פון קינדער אין א סקול וכיו"ב:

ווען מ׳פארנעמט זיך מיט ערציאונג פון א כתה אין א בית-ספר, איז דאס באגרעניצט מערניט ווי אויף די שעות וואס מ׳געפינט זיך און מ׳לערנט אין דעם בית-ספר;

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן די ערציאונג פון אייגענע קינדער - איז דאס א חינוך וואס גייט אן די אלע 24 שעה פון דער מעת-לעת, ווארום די אויפפירונג, דער טאן און דעד רעדן, פון די עלטערן, האט די שטארקסטע און טיפסטע ווירקונג אויף די קינדער

[א טייל דערפון - וואס די קינדער קוקן זיך צו און פארשטייען, און אפי׳ דאס וואס זיי באמערקן ניט, אדער אז זיי זיינען צו יונג אויף צו פארשטיין מיטן שכל - <u>האבן</u> זיי אבער אין דערויף א געפיל, און דאס ווירקט אויף זיי].

ד.ה. יעדער מעשה (אדער אפי׳ א דיבור) פון דעם פאטער און מוטער, איז דאס אן ערציאונג פאר די קינדער, ווי אזוי זיי זאלן זיך פירן (און ווי אזוי <u>זיי</u> וועלן זיך פירן) אין דעד צייט וואס זיי וועלן אויסוואקסן].

און דערפאר זיינען די עטליכע ווערטער וואס מ׳וויל דא רעדן - פארבונדן בעיקר מיט דעם ענין החינוך.

ב. כדי צו מצליח זיין אין דער ערציאונג פון אנדערע - דארף מען צום אלעם ערשטן ערציען זיך אליין,

- ווארום -

ווארום דעמולט איז אין צוגאב צו די ווערטער און די פעולות וואס מ'טוט אין ערציען דעם צווייטן - איז איינע פון די שטארקסטע און ווירקזאמסטע מיטלען פון חינוך, דורך באווייזן א שיינענדען און א לעבעדיקן ביישפיל צו דער אויפפירונג וואס מ'פארלאנגט פון דעם תלמיד אדער תלמידה, דער מודרך אדער מודרכה וועלכע מ'ערציט,

אז זיי זאלן זיך אויפפירן אין דעם אופן, סיי אין דער צייט וואס זיי געפינען זיך צוזאמען מיט דער מורה און מדריכה, און דער עיקר: ס'זאל זיין אזוי שטארק פארפעסטיגט און איינגעווארצלט ביז וואנעט אז זיי וועלן זיך אויפפירן אין דעם אופן אויך ווען זיי גייען צו זיך אין דער היים, און אויפפירן זיך אזוי במשך פון דעם גאנצן יאר, און דאס זאל אויך האבן א השפעה אויף זייער אויפפירונג במשך פון זייער גאנצן לעבן.

ג. דער שרש און דער קוואל כדי צו וויסן ווי אזוי א איד דארף זיך פירן בכל עניניו - איז דאך פארבונדן און אנגע- וויזן אין אונזער הייליקער תורה, וואס זי ווערט אנגערופן "תורת חיים" - אן אנווייזונג און א לערנונג ווי אזוי צו פירן זיך אין דעם טאג טעגליכן לעבן.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז מה-דאך אז מ'האט אן אנווייזונג אין תורה אפי' אויף קליינע זאכן, איז במכש"כ וק"ו אז אין תורה זיינען דא די שטארקסטע און קלארסטע אנווייזונגען וואס זיינען פארבונדן מיט דער ערציאונג פון אידישע קינדער.

ובפרט נעמענדיק אין אכט דאס וואס די משנה[1] זאגט [און נאכמער אונטערשטראכן אין תורת החסידות] אז "נפש אחת מישראל" איז אן "עולם מלא", איין אידישע נשמה, איין אידיש קינד, איז א גאנצע וועלט,

ביז וואנעט אז דערפאר איז "נברא האדם יחידי" (דער מענטש איז באשאפן געווארן אין אן אופן אז ס'איז געווען א צייט וואס ער איז געווען דער איין און איינציקער מענטש אויף דער גאנצער וועלט), כדי מ'זאל דערפון אפלערנען אז יעדער איד, יעדער אידישער קינד (אין וועלכן דור און אין וועלכן ארט ער זאל זיך נאר געפינען), האט די וויכטיקייט אזוי ווי אדם הראשון;

ער איז אן "עולם מלא" - דאס איז די גאנצע מענטשהייט, די גאנצע וועלט איז פארבונדן מיט דער אויפפירונג (דער טאן,

- דער -

------------

1) סנהדרין לז, א.

דער רעדן און טראכטן) פון דעם איין און איינציקן אידישער קינד -

איז א זיכערע זאך אז אין הורה זיינען דא די שטארקסטע און קלארסטע אנווייזונגען בנוגע צו דער ערציאונג פון אידישע קינדער.

ד. די אנווייזונגען פון תורה זיינען דאך פאנאנדערגעשפרייט אין פארשידענע ערטער - זוכט א איד אלעמאל אנהויבן פון דער פרשה פון דער וואך[2], אדער - אין די וואכן וואס מ'זאגט און מ'לערנט פרקי אבות - פון די אנווייזונגען פון פרקי אבות.

און דארטן גופא - זוכט מען צום אלעם ערשטן די אנווייזונגען וועלכע זיינען פארבונדן מיט פארשידענע פאסירונגען פון דער וואך, כולל אויך די אנווייזונגען וועלכע זיינען פארבונדן מיט דעם צוזאמענקלייבן זיך - אין דעם שטח פון חינוך פון אידישע קינדער.

ובהקדמה (מיט א פאררעדע):

וויבאלד אז תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים"[3], דאס איז א ברייטע און אן אומענדלעכע קלוגשאפט און אנווייזונגען וועלכע זיינען געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן - איז פארשטאנדיק, אז אין צוגאב צום איינפאכן אפטייטש אין די אנווייזונגען פון תורה, זיינען דא אין דערויף אנווייזונגען אין פארשידענע געביטן אלץ העכער און טיפער און ברייטער און לענגער.

צום ביישפיל: די התחלה פון מ"ת און עשה"ד איז "אנכי ה' אלקיך"[4], דער אויבערשטער זאגט אז ער איז דער ג-ט (דער אנפידער און בעה"ב) פון יעדערן און פון אלעמען. און גלייך נאך דערויף: "לא יהי' לך אלקים אחרים"[5], אז ס'זאלן ניט זיין קיין אנדערע אפגעטער ח"ו.

וואס דער איינפאכער אפטייטש (צום אלעם ערשטן) פון די אנווייזונגען איז - אז יעדער מענטש גלויבט (און גלויבט אויפן טיפסטן אופן) אז דער אויבערשטער איז דער איין און איינציקער בעה"ב, וואס ער האט באשאפן די גאנצע וועלט, און האט ארויסגענומען אידן פון ארץ מצרים וכו'.

אין דערויף איז אבער דא נאך א טיפערער אפטייטשונג:

- דער -

------------

2) ראה סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 3) איוב יא, ט.
4) יתרו כ, ב. 5) שם, ג.

דער אויבערשטער ווערט דא אנגערופן "אלקיך" - טייטשט מען דאס אפ אין שו"ע[6] אז דאס מיינט "בעל היכולת ובעל הכחות כולם",

ד.ה. א איד דארף זיין דורכגענומען מיט דער ידיעה, אז צוזאמען דערמיט וואס מ'הייסט אים ער זאל הארעווען מיט זיינע כחות כדי צו שטייגן אלץ העכער און העכער, און מ'זאגט אים "לא יגעת ומצאת אל תאמין"[7], דאס הייסט אפ אין זיין הארעוואניע - דארף ער אויך וויסן דעם אמת'ן אמת, אז דער אויבערשטער איז "אלקיך"; דער אויבערשטער גיט אים די כחות, און ער איז דער וואס גיט אים די הצלחה אז ווען ער וועט הארעווען וועט זיין "ומצאת".

וואס דאס גיט נאך א טיפערן פארשטאנד אין דעם ענין פון "אנכי ה' אלקיך":

ניט נאר אז ער גלויבט אז דער אויבערשטער האט באשאפן אים און די גאנצע וועלט, און האט ארויסגענומען אידן פון מצרים - נאר נאכמער: אויך נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט אים באשאפן, איז ניט דער טייטש אז ער ווערט א בעה"ב אויף זיך, און ער טוט מיט זיינע אייגענע כחות לויט ווי ביי אים קומט אויס - מ'זאגט אים טאקע אז ס'דארף זיין "יגעת", ער דארף הארעווען און טאן אליין, אבער דערביי דארף ער וויסן אז "אנכי ה' אלקיך", דער אויבערשטער איז דער וואס האט אים געגעבן דעם שכל און דעם געפיל, און האט אים געגעבן די מעגליכקייט אויף צו הארעווען, און דערנאך גיט ער אים אויך די הצלחה אז די הארעוואניע זאל ברענגען צום "ומצאת", ער זאל דערגרייכן זיין ציל.

אזוי אויך אין דעם צווייטן אנזאג - "לא יהי' לך אלקים אחרים":

צום אלעם ערשטן דער איינפאכער אנזאג - אז די אלע געטשקעס וואס אנדערע פעלקער האבן און האלטן דערפון און בוקן זיך צו זיי, "אלקי כסף ואלקי זהב"[8], דארף א איד וויסן אז זיי האבן ניט קיין באטרעף און קיין ממשות און קיין מציאות. און ווי דער פסוק זאגט: "לא יהי' לך אלקים אחרים", עס טאר ניט זיין ביי דיר אין הויז, און אויך "לא תעשו", מ'טאר דאס ניט מאכן, א.ז.וו.

און אין דערויף איז אויך דא די טיפערע מיינונג:

מ'טאר ניט מאכן קיין געטשקע, קיין אפגאט פון "כסף - וזהב" -

---

6) או"ח ס"ה. 7) מגילה ו, ב. 8) יתרו שם, כ.

וזהב" (פון געלט), און מ'טאר ניט מאכן קיין געשעקע פון כבוד - אז כדי צו נושא חן זיין ביי יענעם און יענער זאל אים אפגעבן כבוד, איז ער גרייט בוקן זיך דערצו און טאן אלץ וואס ער קען כדי אז מ'זאל אים אפגעבן כבוד,

און מ'טאר ניט מאכן קיין געשעקע אפילו פון דעם אייגענעם שכל און די אייגענע כחות, וואס דער אויבערשטער הייסט הארעווען דערמיט, און ער זאגט צו אז מ'וועט מצליח זיין (ווי געזאגט פריער) - טאר מען ניט מאכן דערפון קיין זעלבסטשטענדיקע זאך, א זעלבסטשטענדיקע געשעקע, און בוקן זיך דערצו, נאר מ'דארף וויסן אז דאס איז מערניט ווי "כגרזן ביד החוצב"[9], דאס איז א כלי וואס דער אויבערשטער גיט אים ער זאל דאס נוצן לויט ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן (און דערנאך גיט ער אים די הצלחה - ווען ער נוצט דאס ווי ס'דארף צו זיין).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו אלע אנווייזונגען פון תורה - אז אין צוגאב צום אייגנפאכער אנווייזונג, זיינען דא אין דערויף נאך אנווייזונגען אלץ טיפער און ברייטער וכו'.

ה. בנוגע צו די אנווייזונגען וואס מ'נעמט פון פרקי אבות (וואס מ'האט געלערנט שבת פארנאכט (מיט עטליכע שעה פאר דער התוועדות)):

דער אנהויב פון פרקי אבות איז "משה קבל תורה מסיני" - אז מ'זאל וויסן אז די אלע אנווייזונגען וועלכע שטייען אין פרקי אבות, זיינען ניט קיין מענטשליכע חכמה און וויסנשאפט (וואס דעמולט איז שייך דינגען זיך און זאגן אז ביי אים קומט אוים אנדערש, אדער אז ער וועט איבערטראכטן דאס וואס ס'איז גוט פאר אים), נאר "משה קבל תורה מסיני": דאס זיינען אנווייזונגען וואס משה רבינו האט באקומען פון דעם אויבערשטן ביים בארג סיני.

און דערנאך האט דער אויבערשטער מזכה געווען יעדער תנא וואס ווערט דערמאנט אין פרקי אבות, אז דורך אים זאל אראפקומען און אנטפלעקט ווערן אן אנווייזונג פון דעם אויבערשטן - די ענינים וואס שטייען אין פרקי אבות.

ווי גערעדט פילע מאל[10] איז סדר אין הורה אויך תורה. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אן אנווייזונג וואס קומט פריער, דער ערשטער אנווייזונג, באווייזט דאס אויף דער וויכטיקייט און ערנסטקייט פון דער אנווייזונג.

- ו. -

------------

9) ראה ישעי' י, טו. 10) לקו"ש ח"ב ע' 551. ועוד.

ו. אין דער ערשטער משנה פון פרקי אבות שטייט אז "אנשי כנסת הגדולה" האבן געזאגט "שלשה דברים".

וואס די "כנסת הגדולה" איז געווען איינע פון די גרעסטע סנהדרין וואס איז געווען ביי אידן (וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן "כנסת הגדולה") - וואס דער תפקיד פון די סנהדרין איז פסק'נען שאלות און דינים אין אלע געביטן, און געבן די אנווייזונגען ווי אזוי מ'דארף זיך פירן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז צום אלעם ערשטן דארפן זיי געבן אנווייזונגען אין זאכן וואס זיינען פאר-בונדן מיט "דינים" (וויבאלד אז זייער תפקיד איז פסק'נען דינים וכו').

די ערשטע הוראה איז "הוו מתונים בדין":

בשעת מ'דארף פסק'נען א דין, דארף מען זיך ארייגלייגן אין דערויף און גוט איבערטראכטן (ניט געהיילטער-הייד), כדי צו דערגרונטעווען זיך צו די אלע פרטים (איינצלהייטן) וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן, וואס דעמולט וועט מען קענען וויסן ווי אזוי דארף זיין דער פס"ד.

דערנאך זאגט מען "והעמידו תלמידים הרבה":

יעדער דיין וואס פסק'נט אפ א דין, דארף ער אויך טראכטן אז דאס זאל האבן א פארזעצונג, אז ס'זאל אראפקומען אזוי בפועל, און אז מ'זאל פסק'נען באופן כזה אויך שפעטער - און דערפאר באווארענט מען "והעמידו תלמידים (ניט צוויי צו דריי, נאר) הרבה", כדי צו פארזיכערן אז די דינים און די אנווייזונגען וואס ער האט ארויסגעגעבן זאלן פארגעזעצט ווערן, און זאלן האבן א קיום אויף אלע דורות און אין יעדן ארט.

דערנאך גיט מען א כללות'דיקן אנווייזונג - "ועשו סיג לתורה":

בשעת מ'דארף פסק'נען א דין, דארף מען זיך דאך רעכנען מיט די בעלי דין, די מענטשן פאר וועלכע מ'פסק'נט דעם פס"ד, און מיט די אומשטענדן אין וועלכע זיי געפינען זיך - קען מען אמאל טראכטן אז כדי מ'זאל זיין זיכער אז מ'וועט מקיים זיין דעם פס"ד, כאטש איינער פון די צדדים איז ניט צופרידן דערפון וואס מ'האט גע'פסק'נט לטובת דעם צווייטן צד, איז כדאי צו פארבויגן א ביסל אויפן דין, און דורך דעם וועט מען אים ארייגציען צו מקיים זיין דיני התורה -

פסק'נט אפ "תורת חיים" (די תורה וואס גיט אונז די אנווייזונגען אויפן טאג טעגליכן לעבן) אז אויב מ'וויל זיין זיכער אז א איד וועט מקיים זיין דיני התורה, איז דער

- וועג -

וועג דערצו <u>ניט</u> דורך מאכן פשרות אין תורה, און זאגן אז
וויבאלד ס'האבן זיך געביטן די מענטשן און ס'האט זיך
געביטן די צייט, דארף מען נאכגעבן און משנה זיין די תורה,
אבי מ'זאל אנעמען אויף זיך א האלבע תורה (כאטש אז דאס
קומט דורך דעם וואס מ'וועט אים זאגן אז ער איז גערעכט אין
דעם וואס ער טענה'ט אז א טייל פון דער תורה איז ניט צוגע-
פאסט רח"ל צו די איצטיקע צייטן און איצטיקע ערטער) [וואס
דאס איז דער כללות'דיקער צוגאנג פון די רעפארמער און
קאנסערוואטיווער] - ווארום דאס איז די וועג אויף צו חרב
מאכן רח"ל דעם גאנצן עניך פון תורה;

בשעת מ'וויל אויפהאלטן די תורה, דארף מען מאכן א "סיג
להורה", מ'דארף צוגעבן א "סיג" כדי אז מ'זאל וויסן די הארב-
קייט און די שטרייגקייט און - נאכמער - די גוטסקייט פון
תורה, ווי אזוי דאס איז "חיינו ואורך ימינו",

דאס איז די זאך וואס אן דערויף הייגגט אפ אז דער
לעבן זאל זיין חיים הראויים לשמם, און ס'זאל זיין אין אן
אופן פון "<u>אורך</u> ימינו", א לאנגן לעבן, ווארום דאס איז א
גליקלעכער לעבן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א מענטש וועט ניט
פארבויגן אויף אן עניך פון תורה כדי צו באקומען מערער
געלט אדער כבוד וכיו"ב - ווארום צום אלעם ערשטן איז אים
נוגע דער עניך פון "חיינו" - די תורה,

ואדרבה, ער זוכט נאך מיטלען ווי אזוי צו באווארענען
אז זיין לעבן (דער עניך התורה) זאל ניט אנגערירט ווערן -
דורך "ועשו סיג לתורה",

וואס דורך דעם וועט ער זיין פארזיכערט פון אלע-ערליי
ווינטן וואס בלאזן אין דער גוי'שער גאס און אין דער אויס-
וויניקסטער גאס, וואס זי איז אויסוויייניק פון א אידישע
הויז, ועאכו"כ פון א אידישער שול, עאכו"כ פון א אידישע
ישיבה (בית-ספר וכיו"ב).

ניט נאר אז דאס זאל ניט האבן קיין ווירקונג אויף אים,
נאר אדרבה, ער זאל האבן א ווירקונג אויך אויף די אידן
וואס געפינען זיך (מאיזה סיבה שתהי') מחוץ פון א אידישע
הויז און מחוץ פון א אידישע ישיבה.

וואס דאס איז די כללות'דיקע הוראה (און דער איינפאכער
פשט) פון דער ערשטער משנה פון פרקי אבות.

ז. ווי גערעדט פריער (ס"ד) האט די תורה אין זיך א פיל-
זייטיקייט און אן אומענדליכקייט, ביז אין אן אופן פון
"ארוכה מארץ מדה",

- [ווי -

[ווי דערמאנט בנוגע צו "אנכי ה' אלקיך", אז אין צוגאב צום איינפאכן אפטייטש דערפון, איז אויך דא אן אפלער-נונג ווי אזוי מ'דארף זיך באציען צו די גוטע זייטן וואס זיינען דא אין וועלט, און וויסן אז זיי זיינען געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, כאטש דער אויבערשטער האט געהייסן אז ער זאל הארעווען כדי צו דערגרייכן דערצו],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין צוגאב צום איינפאכן אפטייטש פון דער משנה (די אויבנדערמאנטע דריי אנווייזונגען) - זיינען דא אין דערויף ספעציעלע אנווייזונגען פאר מחנכים און מחנכות וואס דארפן ערציען אידישע קינדער.

וואס דאס האט אויך א דירעקטע פארבינדונג מיט "אנשי כנסת הגדולה" - ווארום זייער שליחות און תפקיד איז (אין צוגאב צו פסק'נען דינים) אויך מחנך זיין דעם אידישן פאלק עד זאל אנעמען אויף זיך די אלע דינים, און מקיים זיין זיי אין דער פולסטער מאס, און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב, מיט א פרייליכקייט און מיט א גוטער הארץ - וואס דאס איז די גרונד-זאך און די גרונד-פרנציפן פון יעדער ענין של חינוך.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות מיוחדת פון "אנשי כנסת הגדולה" מיט דעם ענין פון מחנכים און בעיקר - מחנכות, ווארום אין דעם ענין החינוך האבן דאך פרויען און מיידלאך א טיפערן און מער הארציקן צוגאנג ווי מענער.

ח. די ערשטע הוראה איז "הוו מתונים בדין":

בשעה מ'באקומט א קינד וועלכן מ'דארף אים מדריך זיין און מחנך זיין - טאר מען זיך ניט פארלאזן אויפן ערשטן בליק, און באשליסן גלייך אין וואס פאר אן אופן מ'דארף זיך פירן מיט אים,

- אויב אויפן ערשטן בליק זעט אויס אז ער איז ניט קיין גוטער קינד, איז מען גלייך מחליט אז מ'דארף זיך פירן מיט אים ביד קשה, מיט א שטארקע האנט א.ז.וו. און אויב אויפן ערשטן בליק זעט אויס אז ער איז א גוטער קינד, זאל מען זיך מער ניט אריינטראכטן אין דעם און גלייך באשליסן אז מ'קען אים אלץ נאכגעבן, ווארום מ'קען זיך פארלאזן אויף זיין כאראקטער און אויף זיין אייגענעם שכל -

זאגט די משנה אז די העכסטע וויכטיקייט און ערנסטקייט וואס איז דא אין ערציאונג איז - אז איידער מ'באשליסט ווי אזוי מ'זאל זיך פירן מיט דעם קינד, און וואס פאר א "סקעדזשול" (סדר היום) מ'זאל פאר אים איינשטעלן, און ווי אזוי זאל זיין די אלגעמיינע באציאונג צום קינד (צו זייער שטרייננג. אדער איינגאנצן נאכגיביק, אדער אין דרך הממוצע.

- צוויטן -

צווישן די צוויי קצוות) - דארף זייך "הוו מתונים בדין":
מ'דארף זיך ארייגלייגן אין דערויף מיט דער גאנצער נשמה, און אפשאצן די נשמה פון דעם קינד וועלכן דער אויבערשטער האט אנפארטרויט זיין ערציאונג צום מדריך און מדריכה.

און בשעת אז מ'באשליסט ביי זיך פירן זיך אין אן אופן פון "מתונים בדין", אז מ'זשאלעוועט ניט קיין צייט, און קיין "אטענשן", און צוגעטראגנקייט פון דער נשמה און פון דער הארץ, אויף צו ארייגטראכטן זיך אין די געפילן און אין דעם כאראקטער און אין דער נשמה פון דעם קינד (איידער מ'באשליסט ווי אזוי צו פירן זיך מיט אים) - האט מען די הבטחה אז "יגעת ומצאת", אז מ'וועט געפינען די ריכטיקע וועג ווי אזוי צו פירן זיך מיטן קינד, וואס דאס וועט ברענגען די ריכטיקע הצלחה אין דער ערציאונג פון דעם קינד.

אין דערויף איז דא נאך א נקודה:

אויך נאך דערויף וואס מ'האט שוין באשלאסן (נאך די טיפע ארייגטראכטונג) ווי אזוי צו פירן זיך מיטן קינד - איז ניט דער טייטש אז דאס מוז אזוי בלייבן און מ'טאר דאס ניט ענדערן, נאר אויך שפעטער דארף מען זיין "מתונים בדין":

נאך דערויף וואס ס'גייט דורך א שטיקל צייט - דארף מען זיך נאכאמאל ארייגטראכטן וואס זיינען געווען די תוצאות (רעזולטאטן) פון דעם פירן זיך מיטן קינד אין דער וועג וואס מ'האט זיך געפירט אין די ערשטע צייט פון דער ערציאונג,

און דעמולט קומט מען צו א באשלוס צי מ'דארף עפעס צוגעבן אין דערויף, אדער ענדערן דעם אופן ווי אזוי מ'פירט זיך מיטן קינד - אדער אז מ'קען אנגיין לויט ווי מ'האט באשלאסן צום ערשטן מאל.

ס. דערביי באווארענט מען אבער "והעמידו תלמידים הרבה":

וויבאלד אז דאס איז אזא גרויסע אחריות, און מ'דארף זיך ארייגלייגן אין דערויף מיט דער גאנצער נשמה און מיט דער גאנצער הארץ, און ארייגטראכטן זיך (ניט געהיילטער-היים) ווי אזוי ס'זאל זיין די ערציאונג און די אויפפירונג מיטן קינד - וועט מען זיך באגנוגענען מיט איין תלמיד, צוויי אדער דריי תלמידים (כאטש מ'פארשטייט די עקסטע וויכטיקייט פון אוועקשטעלן א אידישן קינד אויפן אמת'ן אידישן וועג).

און דערפאר גלייך נאך דערויף וואס מ'זאגט "הוו מתונים בדין" - באווארענט מען "והעמידו תלמידים <u>הרבה</u>":

מ'טאר זיך ניט באגנוגענען מיט א באגרעניצטן און

- באשטימטן -

באשטימטן צאל פון תלמידים, און זאגן אז די איבעריקע קינדער האבן צו איר ניט קיין שייכות, זאל זיך א צווייטער פארנעמען דערמיט - נאר כל זמן אז ס'איז דא איין אידיש קינד וואס מ'איז ניט זיכער אז ער האט שוין א אידישן ערציאונג, אדער אז ער וועט האבן א אידישע ערציאונג מארגן, און במשך דעם גאנצן זומער -

איז דא די אנווייזונג און די שליחות פון תורתנו "תורת חיים" אז מ'זאל זיך ארייגלייגן אין דעם, ניט זשאלעוועו קיין מרחא און הארציקייט און נשמה'קייט, כדי צו אויפשטעלן די גרעסטע צאל תלמידים וואס מ'קען ארייגעמען אין די ד' אמות און אין דער ראם אין וועלכע זיי וועלן באקומען א אידישע ערציאונג.

און דאס וואס ס'איז פארבונדן מיט ארייגלייגן נאכמער פון דער אייגענער נשמה און פון די אייגענע הארציקייט - איז א זיכערע זאך אז בשעת מ'וויל אויספירן דעם אויבערשטנ'ס שליחות, גיט ער די כחות אויף דערויף,

ווי גערעדט פריער (ס"ד) דער פירוש פון "אנכי ה' אלקיך", אז דער אויבערשטער גיט די כחות אויף אלע ענינים - גיט דער אויבערשטער "כחך וחיותך"[11], די אלע נויטיקע כחות כדי אז מ'זאל מצליח זיין ניט נאר מיט איין תלמיד אדער תלמידה, צי מיט צוויי אדער דריי תלמידים, נאר מ'זאל מצליח זיין מיט "תלמידים <u>הרבה</u>".

י. דערנאך באווארענט מען "ועשו סיג לתורה":

וויבאלד אז מ'האט די הייליקע שליחות פון דעם אויבערשטן אליין אז מ'זאל ארייננציען דעם גרעסטן צאל תלמידים אין די ד' אמות וואו זיי וועלן באקומען א חינוך ווי דער אויבערשטער וויל - וועט ער מאכן פשרות און נאכגעבן א טייל פון אידישקייט, כדי צו ארייננעמען אויך די קינדער וואס זייערע עלטערן זיינען נאך ניט גרייט צו אנעמען-אויף זיך גאנץ אידישקייט, וועט ער אפנארן ח"ו די קינדער און די עלטערן און וועט זיי זאגן אז איצטער איז גענוג מערניט ווי א טייל פון תורה, וואס דורך דעם וועט ער ארייגקריגן די קינדער, האפענדיק אז מיט דער צייט וועט מען עפעס קענען מתקן זיין און מציל זיין די קינדער -

זאגט אויף דערויף די משנה "ועשו סיג לתורה": מ'קען

- טאקע -

---

11) ראה לקו"ת במדבר טו, ד. ר"פ ראה. אוה"ת יהרו ע' התצט ואילך.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

טאקע ניט פארלאנגען ביי עלטערן און ביים קינד אז ער זאל גלייך אנהויבן מקיים זיין אלע מצוות, ווען ער קומט ערשט פון אן ארט און אזא אומגעבונג וואס איז נאך ניט גרייט דערצו, ווארום ער איז נאך ניט פייאיג צו אנהויבן מיט אמאל טאן אלע זאכן בבת אחת;

מ'דארף זיך אבער היטן און ניט אפנארן דעם קינד זאגנדיק אז די תורה האט זיך געביטן, און דערפאר האט זיך אויך געביטן די ערציאונג פון אידישע קינדער, און איצטער איז גענוג אז מ'וועט רעדן מערניט ווי וועגן די "בייסיקס" (יסודות) פון תורה, עשרת הדברות וכיו"ב, ניט דערמאנענדיק אז תורה האט אין זיך 613 מצוות - ח"ו צו טאן אזוי!

און ווי מ'זעט אויך בפועל אז ווען מ'נארט אפ דעם קינד - פארלירט ער דעם גאנצן צוטרוי אין אים, און דערנאך קען מען ניט ווירקן אויף אים אפי' די איינפאכסטע זאכן.

מ'דארף אים זאגן אז אויב ער איז נאך ניט גרייט צו מקיים זיין אלע מצוות (וואס ער דארף מקיים זיין), זאל ער איצטער אנהויבן מיט די מצוות וואס ער איז גרייט צו טאן, וויסנדיק אז אויסער זיי זיינען דא נאך מצוות, און דערנאך איז "מצוה גוררת מצוה"[12], די מצוה וועט דורכטרעטן די וועג אז ס'זאל אים זיין לייכטער צו מקיים זיין נאך א מצוה און נאך א מצוה, ביז וואנעט אז ער וועט מקיים זיין אלע מצוות.

וואס דאס איז די דריטע אנווייזונג - "ועשו סיג לתורה":

פונקט אזוי ווי מ'מאכט א "פענס" (א מויער, א חומה) ארום א שטאט אדער א הויז, כדי צו אויסהיטן אז אין דער שטאט אדער אין דער הויז זאל ניט אריינקומען קיין פיינט, ס'זאלן ניט אריינקומען אזוינע ווינטן וואס זיינען פיינטליך צו א אידישער קינד, צו אידישקייט און צו א אידישע הויז,

אזוי דארף מען זיך היטן מ'זאל ניט נאכגעבן ח"ו קיין זאך פון אידישקייט, נאר אדרבה, ארומרינגלען דאס מיט א "סיג", א צוגעגעבענער מויער, אז דאס זאל אויסהיטן דעם קינד, אויסהיטן די עלטערן, און אויסהיטן א גאנצע וועלט (ווי געזאגט פריער (ס"ג) אז יעדער אידישער קינד איז אן "עולם מלא"), אז ס'זאל זיין לויט ווי דער אויבערשטער וויל, וואס דעמולט ווערן זיי געבענטשט מיט דעם אויבערשטנ'ס ברכה.

יא. דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, און דורך אייך - אויך די מדריכות צו

- וועלכע -

------------

12) אבות פ"ד מ"ב.

וועלכע איר וועט קענען דערגרייכן, אז מ'זאל זיך פירן לויט די אנווייזונגען פון דער משנה,

וואס דאס איז די ערשטע משנה פון דעם ערשטן פרק פון דער מסכה וואס ווערט אנגערופן "אבות" - וואס איינער פון די טעמים אויף דערויף איז, דערפאר וואס דאס איז געגרינדעט און געזאגט געווארן דורך די אבות - די פאטער'ס און אנפירער'ס פון דעם אידישן פאלק, אין אלע ערטער און אין אלע דורות; און ווי געזאגט פריער (ס"ה) אז ס'הויבט זיך אן מיט "משה קבל תורה מסיני", די "אבות" האבן דאס באקומען פון משה רבינו, וואס ער האט דאס באקומען פון דעם אויבערשטן אויפן בארג סיני.

און טאן לויט די אנווייזונגען בשמחה ובטוב לבב, מיט פרייליכקייט און מיט זריזות און מיט דער פולער הארציקייט און נשמה'קייט,

וואס דעמולט האט מען די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז ס'וועט זיין "יגעת ומצאת" - מ'וועט האבן א גרויסע הצלחה, נאכמער וויפל מ'האט געהארעוועט[13].

און מ'וועט אויפשטעלן פון די תלמידים און תלמידות (די מודרכים און מודרכות) א דור פון אידישע קינדער וואס וועלן זיך פירן אין דעם אידישן וועג, און וועלן באקומען די אלע ברכות מה' אלקי ישראל (פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז "אלקי ישראל"),

און דאס וועט זיין די הכנה קרובה (די נאענטסטע צוגרייטונג) אז איר זאלט קענען מיטנעמען אייערע תלמידים און תלמידות (די מודרכים און מודרכות), און גיין אנטקעגן משיח צדקנו, און באווייזן אים "ראו גידולים שגידלנו",

אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס מ'לעבט צווישן די שבעים אומות - וואס דעמולט איז ניט אלעמאל לייכט צו פירן זיך אין דער אידישער וועג, און צו ערציען א אידיש קינד אין דער וועג פון אידישקייט - האט אבער יעדערע פון אייך (און אלע צוזאמען) אריינגעלייגט די גאנצע נשמה און די גאנצע הארץ כדי צו דורכפירן די הייליקע שליחות.

און צוגרייטן זיך אליין, יעדער קינד און אלע אידישע קינדער - צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, צו דער אמת'ער און פולקאמענער גאולה, דער אויסלייזונג פון דעם גלות דורך משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט מען ארויסגיין

- פון -

------------

13) ראה לקו"ש ח"ג ע' 810. ועוד.

פון דעם גלות "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[14], יונג און אלט, קליין און גרויס.

וגדול זכותם - דעם גרעסטן זכות וועלן האבן די וואס האבן אריינגעצויגן "תלמידים הרבה", דעם גרעסטן צאל פון אידישע קינדער צו א אידישן לעבן, און דורך דערויף - זיי צוגעגרייט אז זיי זאלן אנערקענען מיטן פולן פאדשטאנד אז זיי זיינען "בנים אתם לה' אלקיכם"[15], אז יעדער אידישער קינד איז ביים אויבערשטן ווי א בן יחיד[16].

און דאס וועט מוסיף זיין נאכמער ברכה והצלחה אין אייער הייליקע ארבעט פון ערציען זיך אליין און ערציען אידישע קינדער, און אויך ברכה והצלחה אין אלע אייערע ענינים - אז ס'זאל זיין א געזונטער זומער און א פרייליכער זומער און א הצלחה'דיקן זומער, וואס דאס איז פארבונדן דערמיט אז ס'וועט זיין א אידישער זומער, דורכגענומען מיט אידישקייט און תורה ומצוותי'.

און ווי דערמאנט פריער - אז יעדערע פון אייך און איר אלע צוזאמען, בתוככי כלל ישראל (מיטן גאנצן אידישן פאלק), זאלן זוכה זיין גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

האט א סאך הצלחה, און ס'זאלן זיין בשורות טובות.

*     *

*

------------

14) בא י, ט. 15) ראה יד, א. 16) ראה כש"ט הוספות אות קלג. וש"נ.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך די התוועדות פון מוצאי שבת מברכים חודש תמוז –

איז אזוי ווי "אדם קרוב אצל עצמו"[1] – זוכט מען לכל לראש אין דעם חודש אן ענין וואס איז אמנאענטסטן צו זיך,

און דערנאך זוכט מען אויך אן ענין וואס איז שייך אל הזולת – וויבאלד אז מ'געדיינקט דאס וואס חז"ל זאגן[2] אז "ואהבת לרעך כמוך"[3] איז א "כלל גדול בתורה",

ביז וואנעט אז ס'איז ניט נאר א "כלל גדול בתורה", נאר נאכמער: דאס איז כולל כל התורה כולה, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס הלל הזקן האט געזאגט[4] "ואידך פירושה הוא זיל גמור", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" איז כולל את כל התורה כולה.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכה דעם ביאור הדבר אין ספר התניא פרק ל"ב – אדער ווי חסידים רופן דאס אן פרק "לב"[5]

[וואס דער סידור הפרקים איז דאך אויך געווען בכוונה מדויקת (ווי ס'זאל זיין תלוקת הפרקים, און וואס ס'זאל שטיין בכל פרק),

ובפרט אז לויט ווי ס'ווייזט אויס פון די כתבי-יד[6], איז פרק ל"ב צוגעקומען נאך די מהדו"ק פון דעם תניא (ווי גערעדט פריערז[7]), און אעפ"כ איז ער אריינגעשטעלט געווארן צווישן דעם פרק שלפניו מיטן פרק שלאחריו (און ניט במקום אחר) – וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז דער ענין וואס ס'רעדט זיך אין דעם פרק האט א שייכות מיוחדת צו "לב"] –

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז – אז אזוי ווי דער "לב" באלעבט דעם גאנצן גוף, ווארום פון דעם לב גייט פאנאנדער דער דם וואס "הוא הנפש"[8] בכל אברי הגוף[9], איז אזוי אויך בנוגע צו דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", אז דאס איז א מצוה וואס באלעבט כל התורה ומצוותי'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לכל לראש דארף ער

– געפינען –

------------

1) סנהדרין ט, ב. וש"נ. 2) תו"כ ופרש"י עה"פ קדושים יט, יח. 3) קדושים שם. 4) שבת לא, א. 5) ראה לקו"ש ח"ט ע' 156 הע' 23. 6) ראה ליקוט פירושים וכו' לאגה"ק ס"א ע' לב הע' 2. 7) שיחת חגה"ש סכ"ה. 8) ראה יב, כג. 9) ראה תניא רפ"ט.

געפינען די הוראה בנוגע לעצמו, וויבאלד אז "אדם קרוב אצל עצמו", במילא דארף ער געפינען אין יעדער ענין די הוראה דערפון בנוגע לעבודתו לקונו,

וכידוע תורת הבעש"ט[10] אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט איז דאס בהשגחה פרטית, און ניט נאר אז דאס איז בהשגח"פ, נאר נאכמער: דאס איז א הוראה וואס איז נוגע להכלית בריאתו, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[11], ד.ה. אז ער דארף דערפון ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה' וואס ער דארף דורכפירן:

אבער דערנאך דארף ער אויך ארויסנעמען די מסקנות בנוגע להזולת (מצד דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך") - און כאכן דערפון אייך זאך מיט דער הוראה בנוגע לעצמו, ווארום זיין מציאות קען זיין בשלימות דוקא ווען ער איז זיך מצרף עם הזולת, מיט נאך א אידן און מיט נאך א אידן.

ב. האמור לעיל (אז די שלימות פון א אידן איז דוקא ווען ער איז זיך מצרף מיט נאך אידן) זעט מען גלייך בתחלת היום, אין דעם ענין התפלה

[וואס דער ענין התפלה איז דאך התחלת היום, ווי ער פסק'נט אפ אין שו"ע[12] אז קודם התפלה טאר מען ניט טאן כל צרכי האדם,

ביז וואנעט אז אפי' בנוגע צו לימוד התורה, איז תכלית השלימות בזה דוקא ווען ס'קומט לאחרי התפלה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה[13] דאס וואס די גמרא[14] זאגט "אבא בנימין הי' מתפלל שההא תפלתו סמוכה למטתו"]:

ס'שטייט אין כתבי האריז"ל[15], און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בסידורו, אז קודם התפלה דארף מען זאגן "הריני מקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך" - אז ער איז זיך כולל מיט כלל ישראל כולו[16].

וכמדובר כמ"פ[17] אז דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו די דברים השוים לכל נפש - וואס דערפון איז פארשט-אנדיק, אז דאס וואס דער אריז"ל זאגט אז קודם התפלה דארף

- מען -

------------

10) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכח. וראה גם שם אות קיט ואילך. 11) קידושין בסופה. 12) או"ח (ואדה"ז) ספ"ט ס"ג (ס"ד). 13) לקו"ת ברכה צז, ב. ועוד. 14) ברכות ה, ב. 15) שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. 16) ראה שעה"כ ופע"ח שם. סידור האריז"ל במקומו. שו"ע האריז"ל ריש הל' ביהכנ"ס. 17) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1149.

מען מקבל זיין אויף זיך די מ"ע פון "ואהבת לרעך כמוך", איז דאס א דבר השוה לכל נפש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס ער געפינט די הוראה בנוגע לעצמו (וואס דאס דארף זיין לכל לראש, וויבאלד אז "אדם קרוב אצל עצמו", און ווי געבראכט פריער אז ס'איז מובן פון תורת הבעש"ט אז פון יעדער ענין דארף ער ארויסנעמען א הוראה בעבודתו לקונו, ד.ה. ניט אז ער הויבט אן הייסן דעם צווייטן און דערנאך הייסט ער זיך, נאר פריער דארף ער הייסן זיך) -

איז ער שוין גלייך "מוכן לקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך" - אז ווען ער געפינט אויס די הוראה אז ביי אים דארף צוקומען אין עניני יהדות תורה ומצוותי', גיט ער דאס איבער אויך צום צווייטן אידן, און מיט דער זעלבער לעבעדיקייט ווי ער האט דאס געזוכט בנוגע צו זיך, און מיט דער זעלבער איבערגעגעבנקייט אז דאס זאל דערנאך ארויסקומען במעשה בפועל.

ווארום מה-דאך אז בנוגע צו יעדער ענין איז א איד מצווה אז ס'זאל זיין "ואהבת לרעך (און נאכמער) כמוך", איז עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "לקח טוב נתתי לכם"[18], וועגן תומ"צ וואס דער אויבערשטער האט געגעבן אידן, וואס דאס איז "לקח טוב", דאס איז דער טוב העצמי און טוב האמיתי פון יעדער אידן - איז א זיכערע זאך אז נאך דערויף וואס ער געפינט די הוראה בנוגע לעצמו, גיט ער דאס גלייך איבער אויך צום צווייטן אידן, און גיט אים דאס איבער בסבר פנים יפות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה קומט ארויס - בדרכי נועם ובדרכי שלום - צו אלע אידן וואס געפינען זיך בסביבתו הקרובה, און (דאס איז נאך ניט גענוג, ווארום ס'איז נאך ניט אנגעקומען צו אלע אידן, נאר) דערנאך ביז ער דאס איבער צו אלע אידן וואס געפינען זיך בסביבתו הרחוקה,

ביז וואנעט אז ער טוט כל התלוי בו אז דאס זאל אנקומען לכל אחד ואחת מישראל, בכל מקום ובכל פנה וואו זיי זאלן זיך נאר געפינען.

ג. ווען מ'רעדט וועגן חודש תמוז - ווערט גלייך דערוועקט דער ענין כללי וואס האט געטראפן בדורנו - דער ענין המאסר והגאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס דער מאסר איז געווען בחודש סיון[19], און דערנאך

- ווען -

------------

18) משלי ד, ב. וראה אבות פ"ו מ"ג בסופה. 19) ראה לקו"ד כ"ד הריא, א-ב. ועוד.

ווען ס'איז געווען די גאולה בחודש תמוז - האט מען געזעהן הכלית כוונת המאסר (די עגמת נפש און די גאנצע השתלשלות וואס איז ארויסגעקומען דערפון), אז דאס איז געווען כדי ס'זאל ארויסקומען דאס וואס איז נתגלה געווארן ע"י הגאולה.

ווארום ח"ו צו זאגן אז דער אויבערשטער טוט אן עניין כדי צו מאטערן און וויי-טאן א אידן - ווארום "מפי עליון לא תצא"[20] מערנים ווי "טוב", און טוב אמיתי, ביז וואנעט אז ווען ס'קומט אראפ למטה זעט מען אז דאס איז אויך "טוב לבריות", ד.ה. ניט נאר "טוב לשמים", אז "שמים" זעהן אז דאס איז "טוב"[21], נאר ס'איז אויך "טוב לבריות", אז אויך "בריות", אלע באשפעניש[22], זעהן אז דאס איז "טוב".

וואס אזוי איז אויך געווען בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז - אז מ'האט געזעהן אז די גאנצע עגמת נפש מיטן צער ביז צער גדול וואס איז געווען אין דעם מאסר, איז דאס געווען כדי אז דערנאך זאל זיין דער יתרון האור מן החושך, כדי אז ס'זאל זיין אן אור גדול ביותר, וואס זאל באלייכטן די טיפעניש פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות;

וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז ס'זאל זיין "הפה שאסר הוא הפה שהתיר"[23] - אז די וואס האבן אים געבראכט אין מאסר, זאלן זיי אליין אים באפרייען,

וויסנדיק אויף וויפל דאס וועט מעודד זיין די אלע וואס האבן זיך עוסק געווען אין הפצת התורה והיהדות אין יענע תנאים - אז זיי זאלן זיך ניט דערשרעקן און ממשיך זיין אין זייער ארבעט, דערזעהנדיק אז דער וואס איז עומד בראשם, זייער מצביא, און דער וואס האט זיי מגייס געווען אויף טאן די ענינים, האט מען אים ארייגעזעצט אין בית האסורים (פאר די ענינים), און דערנאך איז ער נשתחרר געווארן באופן רשמי (מיט אלע פאפירן וכו', כידוע ומפורסם) -

איז דאך א זיכערע זאך אז זיי האבן מלכתחלה משער געווען וואס פאר אן אפקלאנג דאס וועט האבן בנוגע צו הפצת היהדות תורה ומצוותי' במדינה ההיא ובימים ההם - און אעפ"כ האבן זיי געמוזט באפרייען אים (וואס דאס איז נאכמער מדגיש אויף וויפל דאס איז ניט געווען תלוי בהם כלל).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז געווען אן עניין וואס האט געגעבן כח אז מ'זאל קענען ביישטיין די קשיים און די נסיונות וואס זיינען געווען נאך דערויף, און

- ממשיך -

---

20) איכה ג, לח. 21) ראה תניא פכ"ו (לג, א). 22) ראה שם פל"ב (מא, ב). 23) כתובות טז, רע"א במשנה.

ממשיך זיין אין דער עבודה פון הפצת היהדות תורה ומצוותי׳, ניט נאר בנוגע צו "זקנינו", נאר אויך "בנערינו בבנינו ובבנותנו", ביז "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז"[24],

– כמדובר כמ"פ אז עיקר הגזירה איז ניט געווען אויף אזוי פיל בנוגע צו הפצת היהדות פאר גדולים בשנים, נאר עיקר הגזירה איז געווען אז מ׳זאל ניט אנרירן דעם יוגנט – און דערפאר איז דער עיקר המס"נ געווען אז אידישקייט זאל דערגרייכן אויך צו "בנינו ובנותנו", ביז צו "עוללים ויונקים".

און ווי מ׳האט געזעהן בפועל אז מ׳האט מצליח געווען אין דערויף, און מ׳האט דורכגעבראכן די מדידות והגבלות מיטן גאנצן איינשטעל פון דער מלוכה ווי ס׳איז געווען בימים ההם – וואס נאך עד היום הזה איז זי איינע פון די מלוכות הכי אדירות.

ד. דערפון קומט ארויס די אפלערנונג בנוגע צו זיך:

מה-דאך אז אין יענעם מעמד ומצב און אין יענע תנאים, האט מען פארלאנגט פון יעדערן און יעדערע אז מ׳זאל זיך פארנעמען מיט הפצת היהדות (סאקע אנהויבן מיט זיך, אבער ניט באגנוגענען זיך דערמיט, נאר מפיץ זיין יהדות) בכל קצווי ופנות המדינה ההיא, און ניט שרעקן זיך פאר קיינע מניעות ועיכובים (וויסנדיק אז דאס איז נגד גזירת המלכות וכו׳);

איז עאכו"כ אז די אלע אידן וואס דער אויבערשטער האט זיי – בחסדו הגדול – אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב אז זיי קענען לערנען תורה בהתמדה ושקידה, און זיי קענען מקיים זיין מצוות בהידור (וואס דאס איז בנוגע לעצמו); און זיי קענען זיך פארנעמען מיט הפצת התורה ומצוותי׳, ביז אין אן אופן אז דאס קומט אן בסביבתו הקרובה ובסביבתו הרחוקה, ביז בכל קצווי ופנות העולם –

איז א זיכערע זאך אז זיי דארפן טאן אין דעם ביתר שאת וביתר עז, ווייבאלד אז דער אויבערשטער האט ביי זיי צוגענומען אלע מניעות ועיכובים – ואין הדבר תלוי אלא ברצונם, אז בשעת מ׳וועט דאס וועלן טאן, וועט מען דאס קענען טאן, ביז אז מ׳וועט מאכן פון די מושפעים ומודרכים אז זיי זאלן ווערן משפיעים ומדריכים.

און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב, וואס "שמחה פורץ גדר"[25]

– וועט –

------------

24) תהלים ח, ג. 25) ראה ד"ה שמח תשמח ע׳ 49 ואילך.

- וועט דאס צוברעכן און אראפנעמען זיינע גדרים והרגלים, וואס אים ווייזט זיך אויס אז דער אופן פון הפצה היהדות איז לפי כבודו, און אן אנדער אופן פון הפצת היהדות איז ניט לפי כבודו (דאס דארף טאן א קלענערער פון אים); ועד"ז בנוגע לעצמו, אז ער טענה'ט אז אויב ער וועט לערנען צו פיל בהתמדה ושקידה וועט אים ניט בלייבן קיין צייט אויף אנדערע זאכן, ועד"ז אויך בנוגע צו קיום המצוות בהידור - וועט ער בטל דער גאנצער חשבון, וויבאלד אז ער טוט דאס מתוך שמחה, וואס שמחה איז בטבעה פורץ כל הגדרים.

וואס דאס וועט נאכמער ממהר זיין און מזרז זיין דעם "אחישנה"[26] אין דעם "בעתה" פון ביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[27], ווי דער רמב"ם[28] טייטשט דאס אפ בנוגע צו דער הפצה פון לימוד פנימיות התורה - "ישיגו דעת בוראם", וואס דאס איז דער ענין פון "דע את אלקי אביך"[29],

און תלמוד מביא לידי מעשה[30] - מקיים זיין די מצוות אין אן אופן פון "כמצות רצונך"[31],

און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב.

* * *

ה. כ'האב געדעדט פריער (ס"א) וועגן הורת הבעש"ט אז פון יעדער זאך דארף מען ארויסנעמען א הוראה אין עבודת האדם לקונו - און דערנאך פירן זיך אין אן אופן פון "טוב עין"[32], איבערגעבן דאס צו די אלע וועלכע ער קען דערגרייכן. ובנוגע לענינינו - די הוראה וואס איז פארבונדן דערמיט וואס דאס איז שבת מברכים חודש תמוז.

וואס נוסף אויף דעם ענין וואס דאס איז שבת מברכים חודש תמוז, איז דאך דאס אויך פארבונדן מיט פרשה השבוע וואס מ'לייענט בתורה אין דעם שבת - וואס "תורה" איז דאך כלשון הוראה[33], ביז אז זי ווערט אנגערופן "תורת חיים", א הוראה אין חיי יום יום -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז נוסף צו דער הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס דאס איז שבת מברכים תמוז, קומט אויך צו א הוראה פון דעם תוכן הפרשה וואס מ'לייענט אין דעם שבת.

- וואס -

---

26) ישעי' ס, כב. ודאה סנהדרין צח, א. 27) שם יא, ט. 28) סוף הל' מלכים. 29) דה"א כח, ט. 30) קידושין מ, ב. 31) ראה המשך וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 32) ראה נדרים לח, א. 33) זח"ג נג, ב.

וואס אע"פ אז "זאת התורה לא תהא מוחלפת[34], ד.ה. אז אלע הוראות פון תורה זיינען קיימים בכל השנים ובכל הזמנים ובכל המקומות - איז אבער פארשטאנדיק, אז ס'זיינען דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט איז דא א הדגשה אויף אן ענין מסוים.

ולדוגמא: אין "זמן חירותנו" (וואס דערפון נעמען זיך אלע ענינים של גאולה[35]) איז מען מחוייב אין גאנץ תורה ומצוותי', ס'איז אבער דא א הדגשה מיוחדת בנוגע צו די מצוות וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט "זמן חירותנו", אנהויבנדיק פון די מצוות וואס מ'מוז גלייך בתחלת ליל ראשון פון "זמן חירותנו", וואס כללותם איז "פסח מצה ומרור".

ועד"ז אויך בנוגע צו חגה"ש "זמן מתן תורתנו" (וואס איצטער שטייט מען נאך אין "ירחא תליתאי", און די גמרא[36] פארבינדט דאס מיט "אוריאן תליתאי", די תורה משולשת, וואס איז געגעבן געווארן "לעם תליתאי", צום עם המשולש, צו אידן וואס ווערן פאנאנדערגעטיילט אויף כהנים לויים און ישראלים) - אז דעמולט איז דא א הדגשה מיוחדת אויף חיות און נתינת התורה און קבלת התורה.

וואס דערפון זעט מען אז צוזאמען מיטן כלל גדול אז די תורה ומצוותי' זיינען נצחיים בכל מקום ובכל זמן - זיינען דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט איז דא א הדגשה מיוחדת אויף אן ענין מסוים.

ועד"ז בנוגע לענינינו - אז נוסף אויף דעם ענין פון קיום כל התורה ומצוותי', איז דא א הדגשה מיוחדת אויף דעם ענין וואס מ'נעמט ארויס פון פרשת השבוע.

וואס די פרשה ווערט אנגערופן פרשת "שלח". בשעת מ'פרעגט וואו שטייט דער פסוק, זאגט מען אז דאס שטייט אין פ' שלח. און ס'איז נים קיין נפק"מ צי ס'רעדט זיך וועגן די פסוקים וואו ס'שטייט "שלח לך אנשים", אדער ס'רעדט זיך וועגן אנדערע פסוקים, ביז צו פ' ציצית וואס שטייט בסיום וחותם הסדרה - איז בשעת מ'פרעגט וואו שטייט פרשת ציצית - זאגט מען אז דאס שטייט אין פ' שלח. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "שלח" איז אן ענין <u>עיקרי</u> אין דער פרשה.

און וויבאלד אז שבת מברכים תמוז איז חל אין פ' שלח -

- איז -

------------

34) עיקר הט' מי"ג עיקרים. וראה ג"כ פיהמ"ש להרמב"ם (הוצאה הרב קאפה) פ' חלק יסוד התשיעי. ועוד. 35) ראה ד"ה כימי צאתך הש"ח רפי"ב. ספר גבורות ה' למהר"ל כפראג פמ"א. 36) שבת פח, א. וראה ר"נ גאון שם.

איז פארשטאנדיק, אז נוסף אויף דער הוראה האמורה לעיל, אז ס׳זאל צוקומען א הוספה ביתר שאה וביתר עז, אז מ׳זאל זיך ניט רעכנען מיט אלע מניעות ועיכובים וואס זיינען דא בנוגע צו עניני יהדות (ובמכש"כ וק"ו דערפון וואס מ׳האט געזעהן בי"ב-י"ג תמוז, אז מ׳האט מנצח געווען אלע מניעות ועיכובים, ביז אין אן אופן אז די מנגדים וואס האבן אים ארעסטירט, האבן אליין געזאגט אז דורך דערויף איז צוגעקומען א יו"ט בישראל[37]) – קומט נאך צו אין דערויף א הוראה מיוחדת וואס איז פארבונדן מיט "שלח".

ו. דער ענין פון "שלח" בפשטות איז – אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "שלח לך אנשים ויתורו את ארץ כנען".

וואס אין דערויף איז דא א תמיהה גדולה:

די תוצאות וואס זיינען ארויסגעקומען פון דעם "שלח לך אנשים", זיינען דא געווען (ניט נאר ניט לויט ווי מ׳האט געהאפט, נאר) היפך הרצון והכוונה לגמרי, און דערפון איז ארויסגעקומען א דבר בלתי רצוי ניט נאר פאר די מרגלים, נאר פאר כללות עם ישראל, ווי עס ווערט דערציילט אין פשטות הכתובים פון דער סדרה –

איז לכאו׳ אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א הוראה קען מען ארויסנעמען פון "שלח לך אנשים", בשעת אז דערפון איז ארויסגעקומען א דבר בלתי רצוי?!

די קושיא איז נאך שטארקער:

רש"י טייטשט אפ "שלח לך – לדעתך, אני איני מצוה לך". איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: (א) די גמרא[38] זאגט אז מ׳דערמאנט ניט קיין ענין של גנות ניט נאר פון א מענטשן, נאר אפי׳ פון א בע"ח (להבדיל), עאכו"כ בנוגע צו א אידן, ועאכו"כ בנוגע צו משה רבינו וואס ער איז געווען "שלימות מין האנושי"[39] – איז ווי קומט דאס אז מ׳דערמאנט אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "שלח לך אנשים", מיט דעם גאנצן ענין וואס איז דערפון ארויסגעקומען? און (ב) ווי אזוי קען מען מאכן א לימוד נצחי דערפון וואס משה רבינו האט געטאן אזא ענין, ווייסנדיק די תוצאות וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען?.

ובפרט ע"פ המבואר אין מדרז"ל[40] גודל המעלה פון מעשי ידי משה, אז זיי זיינען נצחיים וכו׳,

– וואס –

37) ראה ספר "תולדות לוי יצחק" ריש ע׳ 218. 38) פסחים ג, א. 39) פיהמ"ש שם יסוד השביעי. 40) סוטה ט, סע"א. וראה לקו"ש פקודי תשל"ז ס"ב.

וואס דערפאר זעט מען אז בנוגע צום ביהמ"ק שבנה שלמה המלך, איז געווען שייך אז ס'זאלן קומען אינם יהודים און אויספידן דעם "ערו ערו עד היסוד בה"[41]; משא"כ בנוגע צום משכן, וואס ער איז געווען מעשי ידי משה, איז ער קיים ונצחי,

און ניט נאר אין דעם זמן שביהמ"ק הי' קיים, נאר אפי' בזמן הגלות איז ער אויך קיים ונצחי - און כשיבא משיח צדקנו, וועלן נתגלה ווערן די אלע כלים און די ידיעות און די קרשים וארנים מיט אלע פרטים וואס זיינען געווען אין משכן.

וואס דערפון זעט מען דאך אז מעשי ידי משה זיינען ניט נאר א דבר רצוי וקדוש (במכש"כ וק"ו פון דעם ביהמ"ק שעשה שלמה), נאר זיי האבן אין זיך א תכונה נצחית, ביז וואנעט אז די גשמיות פון כלי המשכן זיינען נצחיים, דערפאר וואס משה רבינו האט געהאט צוטאן מיט זיי, און שמו נקרא עליהם - מעשי ידי משה,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת משה רבינו האט געשיקט די מרגלים, איז קיין ספק ניט אז ס'איז געווען כוונתם לטובה, און ווי רש"י[42] ברענגט אראפ פון מדרש[43] און פון זהר[44] אז "אותה שעה כשרים היו" (ארער ווי די לשונות - "צדיקים", "זכאין"), ס'איז מערניט וואס "דור תהפוכות המה"[45], האבן זיי ראס מהפך געווען אין דעם קצה ההפכי;

ס'איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: וואס איז געווען כוונת משה רבינו אין דעם וואס ער האט זיי געשיקט "לתור את ארץ כנען"[46] - משה רבינו האט דאך געוואוסט די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז "והבאתי אתכם אל הארץ"[47], און אז דאס איז אן "ארץ טובה ורחבה גו' ארץ זבת חלב ודבש"[48] - איז צוליב וואס דארף מען שיקן אהינצו מרגלים?

- אמת טאקע אז "באותה שעה כשרים היו", אבער בשעת מ'האט א הבטחה גמורה פון דעם אויבערשטן אז ס'וועט זיין "תביאמו ותטעמו בהר נחלתך"[49], און אז דאס איז אן "ארץ זבת חלב ודבש" - איז צוליב וואס האט משה רבינו (ובלשון רש"י - "שלח לך - לדעתך") געדארפט שיקן די מרגלים?

און צוליב וואס האט ער זיי געהייסן "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ"[50] - דער אויבערשטער האט דאך געזאגט אז דאס איז אן "ארץ זבת חלב ודבש"?

- ובפרט -

------------

41) תהלים קלז, ז. וראה ספודנו ד"פ פקודי. 42) פרשתנו יג, ג. 43) במדב"ר פט"ז, ה. תנחומא פרשתנו ד. יל"ש דיש פרשתנו. 44) ח"ג קנח, סע"א. 45) האזינו לב, כ. 46) פרשתנו יג, ז. 47) וארא ו, ח. 48) שמות ג, ח. 49) בשלח טו, יז. 50) פרשתנו שם, כ.

ובפרט אז בדור ההוא זיינען געווען די אידן וואס זיינען ארויס פון מצרים, וואס בפשטות האבן זיי שוין געזעהן אין מצרים פירות פון א"י - כמובן פון פשטות הכתובים פון הנ"ך[51] אז ס'איז געווען א פארבונד צווישן ארץ מצרים מיט א"י, האט מען בפשטות געבראכט זאכן מהתם להכא ומהכא להתם, ובמילא האט מען שוין געזעהן דארטן די פירות פון א"י,

ובפרט אז פרעה איז דעמולט געווען א מושל בכיפה[52], אויך אויף א"י, האט ער זיכער געהייסן אז מ'זאל אים ברענגען כל טוב א"י (ווי ס'פירט זיך אין מנהגי המלוכה - מצד מס וכיו"ב),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'זיינען געווען אירן וואס האבן שוין געזעהן די פירות פון א"י דייענדיק אין מצרים - איז צוליב וואס האט משה רבינו געהייסן "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ"?

ז. איז דער ביאור בזה:

כדי אז ס'זאל זיין דער כיבוש הארץ באופן הכי טוב ושלם, בנוחיות ובזריזות מיט אלע מעלות וואס זיינען שייך בזה - האט משה רבינו געדארפט שיקן די מרגלים אז זיי זאלן זעהן ווי אזוי ס'דארף זיין דער כיבוש פון א"י; פון וועלכן זייט איז לייכטער צו איינעמען, און צי מ'דארף זיך גרייטן צו א כיבוש פון "מבצרים" אדער צו א כיבוש פון "מחנים" וכו' (אזוי ווי עס פירט זיך אויך איצטער - וואס מ'האט אויף דערויף די הוראה דערפון וואס משה רבינו האט געשיקט מרגלים לתור את הארץ).

און כדי צו מעורר זיין די אלע וואס דארפן גיין כובש זיין את הארץ, אז זיי זאלן זעהן בעיניהם ממש די גרויסקייט און די טייערקייט און די ווירטקייט פון א"י, כדי אז ס'זאל זיין די התלהבות אויף גיין כובש זיין את הארץ בזריזות ובשמחה ובמרץ הכי גדול -

האט משה רבינו געהייסן "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ" - כדי אז אויך די וואס "פרי הארץ" (ניט נאר קדושת הארץ) איז ביי זיי הופט מקום, זאלן גיין בשמחה ובטוב לבב כובש זיין א"י.

וואס דאס איז דער ביאור בפשטות - אזוי ווי משה רבינו,

- רועס -

---

51) ראה וישב לז, כה. ובכ"מ. 52) שמו"ר פט"ו, י. מכילתא עה"פ בשלח יד, ה.

דועם של ישראל, האט געוואלט אז אלע ס"ר בנ"י, צוזאמען מיט די נשים וטף, זאלן ווערן באגאייסטערט און גיין בהתלהבות הכי גדולה כובש זיין א"י -

האט ער געהייסן אז מ'זאל ברענגען "פרי הארץ", כדי צו פועל'ן אפי' ביי קינדער בשנים, ועאכו"כ פועל'ן אויף פיצלאך קינדער בידיעה והבנה והשגה - וואס זיי וועט מען קענען דורכנעמען דוקא דורך דעם וואס מ'וועט זיי באווייזן "פרי הארץ".

ד.ה. מ'זאל ניט דארפן ווארטן ביז אז מ'וועט זיי מחנך זיין און איבערמאכן אז זיי זאלן ווערן גדולים (וואס רעמולט וועלן זיי ניט דארפן אנקומען צו זעהן "פרי הארץ") - ווארום כדי צו מקדים זיין דעם ענין פון כיבוש הארץ אפי' מיט איין רגע, איז כדאי ברענגען "פרי הארץ" און באווייזן דעם אידן וואס איז נאך אין דער מדרגה פון "טף", כדי צו פועל'ן אז ער זאל אויך לויפן כובש זיין את הארץ.

ח. אין דערויף איז אויך דא דער פירוש הפנימי:

פאר כיבוש הארץ איז א"י געווען "ארץ כנען", זי האט געהאט א שייכות און איז געווען אונטער די בעלות פון די שבעה אומות ("הכנעני וההחי גו'" - ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין פסוק[53]).

און מ'האט שוין געלערנט אין די פרשיות שלפנ"ז[54] אז "כמעשה ארץ מצרים גו' לא תעשו וכמעשה ארץ כנען גו' לא תעשו", ווי רש"י[55] טייטשט אפ "מגיד שמעשיהם של מצריים ושל כנעניים מקולקלים מכל האומות" -

דארפן דאך אידן איבערמאכן אז פון "ארץ כנען" זאל דאס ווערן "ארץ ישראל", אן "ארץ אשר גו' המיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[56], ביז וואנעט אז "למטר <u>השמים</u> תשתה מים"[57],

וואס דאס איז די מעלה מיוחדת פון א"י, אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן די תבואה וואס וואקסט כידי שנה בשנה - וואס אין יעדן ארט וואו ס'גייען גשמים, איז אן ענין טבעי וואס עולם כמנהגו נוהג, אז ווען מ'איז חורש וזורע וואקסט דערנאך תבואה מידי שנה בשנה - זאגט אבער "תורת אמת" אז בכל הארצות קען טאקע זיין אזא מעמד ומצב, אבער בנוגע צו א"י איז "למטר <u>השמים</u> תשתה מים", ד.ה. אז דארטן איז מורגש - בגלוי -

------------

53) שכות שם. ועוד. 54) אחרי יח, ג. 55) עה"פ - מהו"כ. 56) עקב יא, יב. 57) שם, יא.

בגלוי אז ווען מ׳דארף האבן א ביסל וואסער (גשמים - וואס בשעת ס׳איז דא גשמים האט מען דערנאך אלע איבעריקע ענינים), דארף מען אנקומען צו "שמים"[58].

און כדי אז ס׳זאל זיין "ונתתי גשמיכם בעתם"[59] - דארף זיין "בחוקותי תלכו (שתהיו עמלים בתורה) ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם"[60]; עד דארף ווערן העכער פון ערדישקייט, וואס דעמולט ווערט ער נענטער צום הימל, און דעמולט קען זיין "למטר השמים תשתה מים",

און בשעת אז ס׳איז דא דער ענין פון "בחוקותי תלכו וגו׳", ווערט דעמולט "ונתתי גשמיכם בעתם", און (דורך דערויף וואס מ׳איז חורש וזורע, מיט די אלע ל"ט מלאכות וואס די משנה[61] רעכנט אויס - ווערט דעמולט) "ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו"[59], וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו, אז ס׳איז דא דער יבול הארץ בשפע הכי גדול,

און דעמולט ווערט "ונתתי שלום בארץ"[62], ביז "ואולך אתכם קוממיות"[63], אז אידן שטייען "בקומה זקופה"[64], ניט קוקנדיק אויף דעם וואס בכל הזמנים ובכל המקומות זיינען אידן "המעט מכל העמים"[65],

- וואס אפי׳ בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים (און אפי׳ בזמן ביהמ"ק הראשון, וואס ער איז דאך געווען בתכלית השלימות), זיינען אידן געווען - בכמות - "המעט מכל העמים", און אעפ"כ האט מען ניט געדארפט אנקומען צו מלחמות, ווארום שלמה המלך איז געווען אן "איש מנוחה גו׳ ושלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[66], און אידן זיינען געווען "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[67],

עאכו"כ בנוגע צו שלמה המלך בעצמו, וואס ביי אים איז געווען דער ענין פון "וישב שלמה על כסא ה׳"[68], ניט סתם א כסא מלכות, נאר מצד דערויף וואס ער איז געווען בטל צום אויבערשטן (און ער האט געקוקט אויף כללות ענין המלכות שלו ווי א שליחות פון דעם אויבערשטן) - איז זיין כסא המלוכה געווארן "כסא ה׳", און אין אן אופן פון "וישב שלמה על כסא ה׳", אין אן אופן של התיישבות,

ובדרך ממילא איז שוין געווען דער ענין וואס כל

- הארצות -

---

58) ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 30 ובהע׳ 40. וראה גם בהנסמן שם בהע׳ 42. 59) בחוקותי כו, ד. 60) שם, ג ובפרש"י.
61) שבת עג, א. 62) בחוקותי שם, ו. 63) שם, יג.
64) פרש"י עה"פ. 65) ואתחנן ז, ז. 66) דה"א כב, ט.
67) מ"א ה, ה. 68) דה"א כט, כג.

הארצות האבן געבראכט מס צו שלמה המלך, ווי עס ווערט דערציילט בפרטיות אין תנ"ך[69].

וואס מכל הנ"ל איז פארשטאנדיק בפשטות גודל המעלה פון א"י - אויף וויפל ס'איז פארבונדן מיט קיום התומ"צ וכו', ביז וואנעס אז "למטר השמים תשתה מים" (כנ"ל בארוכה), וואס דאס איז דער היפך לגמרי פון דעם ענין פון "ארץ כנען".

ט. דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד אידן זיינען ערשט ארויסגעגאנגען פון מצרים, וואס מצרים איז געווען פון די "מקולקלים מכל האומות", און אידן זיינען געווען דארטן 210 יאר[70] אין א שעבוד הכי מבהיל, "בחומר ובלבנים ובכל עבודה גו' בפרך"[71], ווי עס ווערט דערציילט אין מדרשים וועגן דעם שעבוד מיט די עינויים וואס אידן האבן געהאט אין מצרים, וכמובן אויך די הבהלה פון טומאת ארץ מצרים[72], ביז וואנעס אז די ווערט אנגערופן "ערות הארץ"[73];

און מיטאמאל פארלאנגט מען פון זיי אז זיי זאלן זיך גרייטן במשך זמן הכי קצר אויף אריינגיין אין "ארץ כנען", און כובש זיין את הארץ אין אן אופן אז ניט נאר אז די טומאה פון "ארץ כנען" וועט זיי ניט אנרירן, נאר אדרבה, אז זיי זאלן איבערמאכן פון "ארץ כנען" אז ס'זאל ווערן "ארץ ישראל", א לאנד וואס איז אינגאנצן קדוש, גושה ואוירה קדוש[74], די ערד פון א"י איז אויך אן ענין של קדושה,

ד.ה. אז פון "ארץ כנען" וואס זי איז געווען פון די "מקולקלים מכל האומות", זאל ווערן "ארץ ישראל", "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (בדוגמא ווי דער ביהמ"ק, און אין ביהמ"ק גופא - דער קדה"ק, וואס דארטן איז געווען אמיתית הענין וואו דער אויבערשטער געפינט זיך (דורך דעם ארון מיט די לוחות שבו), און פון דארטן איז די קדושה נתפשט געווארן בכל חלקי ביהמ"ק, און אין גאנץ א"י, ביז אז "משם אורה יוצאה לעולם"[75] -

האט משה רבינו געזוכט א וועג ווי אזוי צו מאכן לייכטער די עבודה פון איבערמאכן "ארץ כנען" מן הקצה אל הקצה - און ווען אידן זיינען געווען אין א מעמד ומצב וואס מ'איז ערשט ארויסגעגאנגען פון שעבוד מצרים (וואס שילוח המרגלים איז דאך געווען וויניקער פון צוויי יאר זינט מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים).

- וואס -

---

69) ראה מ"א ה, א. 70) פרש"י מקץ מב, ב. ובכ"מ.
71) שמות א, יד. 72) ראה שמו"ר ופרש"י עה"פ וארא ט, כט. ועוד. 73) מקץ שם, יב. 74) ראה גיטין ח, ב.
75) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה.

וואס אע"פ אז אינמיטן איז טאקע געווען דער ענין פון "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה"[76], דער ענין פון מ"ת, און וויבאלר אז דער אויבערשטער האט געזאגט "והייתם לי סגולה מכל העמים"[77] – און "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[78] – איז געווארן אזוי בפועל,

און אידן האבן גענומען די תורה אין אן אופן פון "העבדון", ד.ה. ניט אז מ'הויבט אן פרעגן טעמים והסברות אז מ'זאל אים באווייזן אז ס'לוינט זיך מקיים זיין די תורה, און אז די שכנים וועלן אויך זיין צופרידן דערפון, און אוה"ע וועלן אויך זאגן אז "היא חכמתכם ובינתכם"[79] – נאר גלייך ווי ער דערהערט אז דאס איז דער ציווי הקב"ה, טוט ער דאס גלייך אן פרעגן טעמים אויף דעם[80], פונקט ווי אן עבד וואס איז ממלא פקודת האדון ניט וויסנדיק דעם טעם ע"ד (ווארום ווען ער ווייסט דעם טעם דערפון, דארף ער ניט אנקומען צום ענין העבדות), און דערנאך האט ער די הבטחה אז ס'וועט אויך זיין דער ענין פון "נשמע", הבנה והשגה, אז מ'וועט פארשטיין טעמי המצוות וכו' –

האט מען טאקע געהאלטן נאך מ"ת, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז ס'איז ניט דורכגעגאנגען קיין סאך צייט זינט מ'איז ארויסגעגאנגען פון מצרים (כנ"ל אז ס'איז געווען ווייניקער פון צוויי יאר), און מ'האט פארלאנגט אז מ'זאל כובש זיין "ארץ כנען" און מאכן דערפון "ארץ ישראל" – האט משה רבינו געזוכט די וועג ווי אזוי צו מאכן לייכטער די עבודה.

י. און אויף דערויף איז געווען דער ענין פון "שלח לך אנשים גו'":

דאס וואס דער אויבערשטער הייסט שיקן מרגלים, איז דאס אין אן אופן אז דער ציווי געפינט זיך נאך למעלה – האט מען געטראפט האבן אז ס'זאל זיין "שלח לך – לדעתך", ד.ה. אז משה רבינו. א בשר ודם (וואס מיט די גאנצע גרויסקייט פון משה רבינו, זאגט דאך אבער די גמרא[81] אז די מלאכים האבן אויף אים געזאגט אז ער איז א "ילוד אשה"), זאל אויסקלייבן "איש אחד איש אחד גו' כל נשיא בהם", ער זאל אויסקלייבן דעם נשיא פון יעדער שבט,

וואס דער נשיא השבט (ובפרט ווי ס'איז געווען לאחרי כ"ת) איז דאך געווען מובחר ומורם מעם (וואס דערפאר האט מען אים אויסגעקליבן פאר א נשיא),

- און -

------------

76) שמות ג, יב. 77) יתרו יט, ה. 78) ראה ב"ר פמ"ר, כב. 79) ואתחנן ד, ו. 80) ראה שבת פח, סע"א. 81) שם, ב.

און די נשיאים פון אלע שבטים (וואס יעדער שבט האט דאך געהאט זיינע תכונות און דרכים אין עבודת ה'[82]), ד.ה. פון יעדער שבט דער מובחר ומורם מכל השבט, דער נשיא שבו - זאלן פריער גיין אין "ארץ כנען", און פירן זיך דארטן אין אן אופן פון "והתחזקתם", מיט א שטארקייט, און (ניט נאר בנוגע צו זיך, נאר אויך) "ולקחתם מפרי הארץ", אז מ'זאל נעמען "פרי הארץ" און מאכן דערפון פירות וואס געהערן צו א אידן -

איז בשעת דער נשיא פון דעם שבט (וואס "הנשיא הוא הכל"[83], ער שטעלט פאר מיט זיך דעם גאנצן שבט) וועט אריינ-גיין אין "ארץ כנען" קודם הכיבוש פון א"י ע"י כלל ישראל, און וועט זיך פירן דארטן באופן האמור, און דערנאך וועט ער קומען צוריק און וועט דערציילן צו זיין שבט (יעדער נשיא צו זיין שבט) אז זייענדיק אין "ארץ כנען" (ווי דאס איז "ארץ כנען") איז ער געשטאנען אין אן אופן פון "והתחזקתם" וכו',

וועט דאס דורכטרעטן די וועג, און וועט מאכן לייכטער דעם כיבוש הארץ ע"י כל אחד ואחת מישראל, אפי' בנוגע צו קטנים וקטני קטנים בפשטות, און אויך בנוגע צו קטנים וקטני קטנים בידיעה ובהבנה והשגה - וויבאלד אז די התחלה בזה האט זיך שוין אויפגעטאן דורך דעם נשיא.

ובלשון החסידות: כדי אז מ'זאל קענען אויפהויבן גשמיות העולם, אז פון גשמיות העולם זאל מען קענען מאכן א דבר שבקדושה - דארף מען פריער האבן אן אהעדל"ע, א המשכה מלמעלה, וואס דוקא דערנאך וועט מען קענען מאכן פון גשמיות העולם (גשם הארץ, און גשם הפירות וכיו"ב) א דבר שבקדושה.

יא. און אין רעדויף באשטייט די הוראה און די שליחות צו יעדער אידן:

בשעת א איד גיט א קוק און זעט אז די וועלט ארום אים איז אין א מעמד ומצב פון "ארץ כנען", און ער ווייסט אז ער האט א שליחות פון דעם אויבערשטן "לתקן עולם במלכות ש-ד-י", מאכן פון דער גאנצער וועלט א דירה לו ית',

טראכט ער ביי זיך: ווי אזוי וועט ער דאס קענען דורכ-פירן, ער איז דאך "המעט מכל העמים", און צווישן אידן גופא איז ער אויך (עכ"פ לע"ע) "המעט מכל העמים" - און מ'לייגט ארויף אויף אים א שווערע שליחות, ער זאל מאכן פון זיינע ד' אמות, פון זיין שטאט, ביז פון סביבתו הכי רחוקה, אז

- אלע -

---

82) ראה הו"א ר"פ וארא. 83) פרש"י חקת כא, כא.

אלע אידן וואס געפינען זיך דארטן זאלן זיין עבדים לו ית׳, ד.ה. ניט נאר אז זיי זאלן זיך אפטרייסלען פון טומאת ארץ מצרים און טומאת ארץ כנען, נאר אז זיי זאלן איבערמאכן אז פון "ארץ כנען" זאל ווערן "ארץ ישראל", "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" -

איז די עצה דערצו - "שלח לך אנשים גו׳ כל נשיא בהם":

א איד דארף נעמען דעם "נשיא" שבנפשו, דעם כח הכי נעלה וואס ער האט, וואס דאס איז דער כח האמונה, וואס ווען אמונה פשוטה שטייט בתקפה, ווירקט די אויך אויפן שכל,

ובמכש"כ וק"ו: מה-דאך אז "השוחד יעור עיני חכמים"[84], שוחד פון איין פרוטה קען מטה זיין את השכל, איז עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך (ניט וועגן א רווח פון א פרוטה אחת, א מנה וכיו"ב, נאר) וועגן אמונה פשוטה בה׳ אלקי ישראל, וואס ער איז אויך "מלך העולם" - איז א זיכערע זאך אז דאס ווירקט אויך אויפן שכל (ניט אז דאס איז מטה את השכל ח"ו, נאר) אז דער שכל זאל זעהן דעם אמת לאמיתתו אז "יש בעה"ב לבירה זו"[85].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז לפי שעה איז דאס אן עניין פון "ארץ כנען", און די סביבה אין וועלכע ער לעבט (אין חו"ל אדער אין א"י) איז ניט קיין שומרת תומ"צ בתכלית השלימות ובכל הדקדוקים - האט ער די שליחות (אלס יחיד) צו איבערמאכן אז דערפון זאל ווערן א"י,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם "נשיא" וואס איז דא בכחות נפשו, דער כח האמונה פשוטה, וואס די איז "ירושה לנו מאבותינו"[86]

דאס איז ניט קיין עניין וואס איז תלוי ברצונו ובשכלו והבנתו, צי ער וויל יע צי ער וויל ניט - וויבאלד אז ער איז א בן פון דעם פאטער, ירש׳נט ער און ווערט א בעה"ב אויף אלע נכסים פון דעם פאטער, אין אן אופן אז ער איז עומד במקום המוריש, "תחת אבותיך יהיו בניך"[87].

וואס דער עניין האמונה איז געווען ביי אידן נאך זייענדיק אין מצרים, אויך אין מצרים זיינען זיי געווען "מאמינים בני מאמינים"[88] - אנהויבנדיק פון "אחד הי׳ אברהם"[89], דער ערשטער איד, וואס ער איז געווען דער ראש המאמינים[90],

- און -

---

84) שופטים טז, יט. 85) דאה ב"ר רפל"ט. 86) תניא פי"ח. 87) תהלים מה, יז. 88) שבת צז, א. 89) יחזקאל לג, כד. 90) ראה שמו"ר פכ"ג, ה. וראה סד"ה תשורי מראש אמנה הרפ"ט (סה"מ קונטרסים ח"א ע׳ 108).

און פון אים האט דאס געירש'נט יעדער איד און אלע אידן עד סוף כל הדורות, אז ביי זיי איז דא דער ענין האמונה בתכלית השלימות,

- מ'גיט אים אבער דעם ענין הבחירה, כדי ער זאל באוויזן אז ער איז דאוי צו מושל ושולט זיין אין א"י און אין חו"ל, אין זיין סביבה און אין זיין מדינה, בנוגע צו אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יהדות תורה ומצותי' - וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס דער כח האמונה שבנפשו, דער "נשיא" שבו, פועל'ט על כל חלקי הנפש והגוף שלו (בדוגמא ווי דער נשיא השבט פועל'ט על כל השבט כולו).

און דעמולט איז ניט נאר אז ער ווערט ניט נתפעל פון דער "ארץ כנען" שמסביבו (צי דאס איז אין אה"ק צי דאס איז אין חו"ל), נאר אדרבה, ער איז דאס גאר מהפך, אין אן אופן פון "נטלה מהם ונתנה לנו" (ווי רש"י זאגט בתחלת פירושו על התורה),

אז יעדער זאך מיט וועלכע ער קומט אין בארירונג - ווערט אן ענין של קדושה, וואדוס וויבאלד אז ער געהערט צום "גוי קדוש"[91], און דאס שטייט ביי אים בגילוי - רירט דאס אן און ס'איז זיך מתפשט און דאס נעמט דורך יעדן ענין מיט וועלכן ער קומט אין בארירונג (עאכו"כ בנוגע צו אן ענין וואס וועדט דעדנאך זיינע א זאך), אז דאס זאל אויך ווערן אן ענין של קדושה - דורך דעם "גוי קדוש", וואס זיי זיינען פארבונדן (דורך תורתנו הקדושה[92]) מיט "אלקים קדושים", מיטן אויבערשטן.

יב. דערפון האט מען די הוראה וציווי בנוגע לקיום התורה ומצותי':

בשעת ס'קומט צוגיין א מדינה, און איז מעכב און לאזט ניט צו (מאיזה סיבה שתהי') טאן די ענינים וואס מ'דארף אויפטאן אין א"י בפשטות (ע"ד ווי ס'איז געווען בי"ב-י"ג תמוז, אז א מלוכה הכי אדירה האט זיך אוועקגעשטעלט קעגן דעם ענין פון קיום התומ"צ) - דארף מען וויסן אז א גוי קען דאס ניט אפהאלטן;

אפהאלטן קען דאס נאר דער "דור תהפוכות המה" - בשעת עד קערט איבער די אמונה וואס ער האט בה' אלקי ישראל (און אין תומ"צ), און אנשטאט דעם האט ער אמונה אין א גוי (להבדיל), אין דעם כח וגשמיות וחומריות פון דער סביבה

- שכסביבו -

------------

91) יהרו שם, ו. 92) ראה זח"ג עג, א. סה"מ ה'ש"ת ע' 61.

שבסביבו, און ער זאגט אז "עז העם היושב בארץ"[93], ס'איז צו שטארק און צו בעבטיק אז א איד זאל קענען איבערבאכן אז פון גשמיות העולם זאל ווערן אן ענין של קדושה (און דערפאר וויל ער זיך דערמיט ניט פארנעמען),

און ער באגנוגנט זיך ניט דערמיט - גאר "ירך לבב אחיו כלבבו"[94], ער איז משפיע אויף די אידן שבסביבתו אז זיי זאלן זיך אויך אפשרעקן פאר חומריות העולם, און דערפאר זאלן זיי זיך אפהאלטן פון טאן דעם אויבערשטנ'ס ציווי, מפיץ זיין תורה און יהדות בכל מקום וואו מ'קען נאר דערגרייכן, ניט רעכנענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים,

כולל אויך די הוראה וציווי אז מ'זאל באזעצן גאנץ ארץ ישראל, דערפאר וואס "עלה נעלה וירשנו אותה"[95], וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן -

איז די אלע וואס זאגן באופן הפכי, איז דאס בדוגמא צו די וואס האבן אפגעהאלטן אידן אין מדבר אז זיי זאלן ניט אריינגיין אין א"י, מיט אלע פרטים וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען.

יג. און בשעת מ'זעט אז א צווייטער איד איז נאך ניט גרייט דערצו, דארף ער ניט אויפהערן טאן עפעס - ווארום ער האט א ציווי המידי אז ס'זאל זיין "שלח לך אנשים", און וועמען דארף מען שיקן - "כל <u>נשיא</u> בהם", דעם נשיא שבנפשו,

און שיקן אים אין אן אופן פון "איש <u>אחד</u> איש <u>אחד</u>" - כידוע דער דיוק בזה[96], אז ווען מ'האט געשיקט דעם נשיא, איז ער געווען אין אן אופן פון "אחד" [וואס אע"פ אז ער האט אונטער זיך א גאנצן שבט - הייסט ער אבער "אחד"] - דערפאר וואס ער איז פארבונדן מיט "שמע ישראל ה' אלקינו ה' <u>אחד</u>", וואס דאס פארבינדט דעם "ה' אחד" מיט "(שמע) ישראל", מיט אידן וואס זיי זיינען "גוי <u>אחד</u> בארץ".

און בשעת אז ער שיקט דעם "נשיא" שבו, און אין אן אופן פון "איש <u>אחד</u>" - וואס מיט דעם "אחד" זיינען אידן דורכגעגאנגען די שווערסטע זמנים און מקומות פון גלות (ניט איצטער גערעדט) - איז א זיכערע זאך אז "עלה נעלה וירשנו אותה",

ביז אין אן אופן ווי ס'האט געדארפט זיין מצד משה - רבינו -

------------

93) פרשתנו שם, כח. 94) שופטים כ, ה. וראה קטע משיחת מוצאי ש"פ צו ש.ז. ס"א. 95) פרשתנו שם, ל. 96) ראה אוה"ת פרשתנו ס"ע תנב.

רבינו, לולא דעם "דור תהפוכות", כמבואר אין מדרז"ל[97] אז
ווען ס'וואלטן ניט געווען די ענינים בלתי רצויים, וואלט
מען אריינגעגאנגען אין א"י בשעתא חדא וברגע חדא, און
מ'וואלט ניט געדארפט אנקומען צו די אלע ענינים צו וועלכע
מ'האט געדארפט אנקומען ביי כיבוש יהושע [וואס אע"פ אז
יהושע איז געווען "משרת משה מבחוריו"[98], איז דאך אבער "פני
משה כפני חמה פני יהושע כפני לבנה"[99]].

יד. וכמדובר כמ"פ אז די סיפורים וואס ווערן דערציילט אין
תורה, זיינען ניט לשם סיפור בעלמא, נאר די כוונה בזה איז
אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה –

איז די הוראה בזה צום אלעם ערשטן בנוגע צו יעדער
אידן בכל מקום וואו ער געפינט זיך – אז בשעה ער גיט זיך
א כאפ אז ער האט ארום זיך חלקו בעולם מיט וועלכן ער דארף
זיך פארנעמען (דורך אכו"ש, פרנסה וכיו"ב), און דערווייליע
פעלט נאך דארטן אין שלימות הקדושה, ס'איז נאך ניט אזוי
הייליק ווי תורה ומצוותי', דערווייליע איז דאס נאך א דבר
של חול – און ער איז דאך "המעט (מכל העמים)" לגבי די
וועלט וואס איז ארום אים –

זאגט מען אים: "שלח לך אנשים", דו דארפסט שיקן דיין
"איש אחד", דאס וואס ער איז פארבונדן מיט "ה' אחד",
אנהויבנדיק פון דעם "נשיא" שבו, וואס דאס איז דער כח
האמונה פשוטה וואס איז דא ביי יעדער אידן (כנ"ל סי"א),
וואס "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו" (ווי דער אלטער רבי
זאגט אין תניא[100]),

וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז "עלה נעלה וירשנו
אותה" (ווי יהושע און כלב האבן געזאגט), ואדרבה, "סר צלם
מעליהם וה' אתנו"[101].

וואס דאס איז די הוראה צו יעדערן אלס איש פרטי,
בנוגע צו בירור הלקו בעולם (צי דאס איז אין חו"ל אדער אין
אה"ק) – ועאכו"כ בנוגע צו די וואס קענען האבן השפעה אויף
א גאנצן שבט, א גאנצן חוג, אדער נאכמער, האבן זיי נאך א
גרעסערע אחריות, און דערפון גופא איז פארשטאנדיק, אז זיי
האבן די כחות הדרושים אויף צו דורכפירן די שליחות.

טו. עד"ז איז דא די הוראה בנוגע צו א"י כפשוטה:

– יעדערער –

---

97) ספרי עה"פ דברים א, ב. וראה לקו"ש ח"ט ע' 9. שם ע' 56. 98) בהעלותך יא, כח. 99) ב"ב עה, א. ספרי ופרש"י פינחס כז, כ. 100) כפכ"ד. 101) פרשתנו יד, ט.

יעדערער פון די אידן הדרים עלי׳ (אין אה"ק), האט די שליחות מיוחדה מאכן פון אלע ענינים פון א"י ("זה פרי׳") אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "פרי הארץ לגאון ולתפארת"[102], אז מ׳זאל דערקענען אז דאס איז אן "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורמון ארץ זית שמן ודבש"[103], וואס דאס זיינען די שבעה מינים שבהם נשתבחה א"י,

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס א"י איז די ארץ הידועה, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", און אלע ענינים וואס וואקסן דארטן ("חטה ושעורה וגו׳") איז דאס פארבונדן מיט "למטר השמים תשתה מים", ד.ה. אז אפי׳ דער ענין פון מטר כפשוטו איז אויך פארבונדן מיט "שמים", ס׳איז אלץ הייליק און אלץ "הימל", נאר דאס איז ווי "שמים" קומט אראפ בארץ הלזו התחתונה, ביז אין עולם התחתון שאין תחתון למטה הימנו.

וואס דורך דעם איז מען כובש די "ארץ זבת חלב ודבש", די "ארץ טובה ורחבה" לגבולותי׳, לויט ווי "תורת חיים" און "תורת אמת" האט אנגעוויזן,

און ס׳וועט זיין אין אן אופן אז "וחרב לא תעבור בארצכם"[104], אפי׳ חרב של שלום[105] - א חרב של שונא, איז לא קיימא לשאלה אז ס׳האט ניט קיין שלימה אין א"י, נאר אפי׳ א חרב של שלום, א חרב וואס וויל היטן דעם שלום, איז אויך "לא תעבור בארצכם".

און דאס וועט ניט אנרירן די מנוחת הנפש, ועאכו"כ אז ס׳וועט ניט אנרירן מנוחת הגוף, ווארום ס׳וועט זיין "ושכבתם ואין מחריד", דערפאר וואס "ונתתי שלום בארץ", א שלום אמיתי, ווארום ס׳וועט זיין "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם", במילא גייט ער מיט דער גאנצער ברייט-קייט ווי עס גייט שלוחו של הקב"ה, ווארום ער האט די שליחות פון דעם אויבערשטן אליין, וואס ער איז דער בעה"ב פון כל העולם כולו, אויף אלע פעלקער און אלע מדינות.

און בשעה אז ער גייט בשליחותו של הקב"ה, און זאגט דאס מיט א תוקף, און אין אן אופן פון דברים היוצאים מן הלב (ניט קיין פארדרייטע זאכן) - איז ער דעמולט מצליח, ווארום (כפתגם הידוע) פארן אמת ווערט מען בטל, און ס׳ווערט לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ווארום "לב מלכים ושרים ביד ה׳"[106].

און דעמולט האט מען גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳,

- במנוחת -

---

102) ישעי׳ ד, ב. 103) עקב ח, ח. 104) בחוקותי שם, ו. 105) תעניה כב, ב. 106) ע"פ משלי כא, א.

במנוחה הנפש ומנוחת הגוף, אין אן אופן פון "ונתתי שלום בארץ" - וואָרום מ'באַווייזט אַז מ'ווייסט אַז מ'איז די בעלי-בתים פון א"י, במילא איז מען בעה"ב אויף אַלע חלקים פון א"י, און דערפאַר באַזעצט דאָרטן אַ איד בניו ובני ביתו וכל אשר לו, און טוט דאָס מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב,

און מ'דאַרף גאָר ניט אָנקומען צו מלחמה והתגדות בגויים, מ'דאַרף נאָר האָבן דעם תוקף צו טאָן דאָס במעשה בפועל, בשעתא חדא וברגע חדא.

טז. און דעמולט האָט מען גאַנץ ארץ ישראל לגבולותי' נאָך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות,

דורך דערויף וואָס מ'שטייט אין אַן אופן פון "קוממיות - בקומה זקופה", מ'האַלט זיך אין דעם אויבערשטן - וואָס ער איז "קוממיות" - דורך דערויף וואָס מ'האַלט זיך ביי תורה ומצוותי' וואָס זיי זיינען נצחיים, ובלשון הרמב"ם[36] "זאת התורה לא תהא מוחלפת" (וואָס דער רמב"ם איז געווען דער "מורה נבוכים" פון זיין דור און פון אַלע דורות, און ער האָט אָנגעזאָגט אַז "זאת התורה לא תהא מוחלפת", אַז ס'איז אַן ענין נצחי), און ביי אים שטייט דאָס אויך אין אַן אופן פון "קוממיות".

וואָס גיט דעם כח אויף דורכגיין די לעצטע טעג פון גלות אין אַן אופן פון שמחה וטוב לבב און בהרחבה, אין גאַנץ א"י, שלימות הארץ לגבולותי', און אין גאַנץ חו"ל, דורך שלימות העם, וואָס האַלט זיך אין שלימות התורה ומצוותי' בכל פרטיהם.

און דאָס איז מקרב ומזרז און ס'ווערט די הכנה קרובה צו דעם ענין פון "אחישנה" - גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואָס ער וועט פאַרענדיקן דעם גלות, און "ויקבץ נדחי ישראל", דורך אים וועט זיך אָנהויבן דער אמת'ער קיבוץ גליות, ובהקדמה לזה - "ויבנה ביהמ"ק במקומו"[107], בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

יז. מ'האָט גערעדט פריער (ס"ה) אַז אע"פ אַז תומ"צ זיינען בתקפם במשך כל השנה כולה (צי ס'איז די ימים נוראים פון ר"ה ויוהכ"פ, אָדער שבתות ומועדים, אָדער ימי החול, און אין ימי החול גופא - סיי ביום און סיי בלילה, כפשוטו, און

- אויך: -

---

107) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

אויך: סיי ווען ביי אים איז "יום", עס לייכט דער אמת, און סיי ווען ס'איז "לילה", אז דער אמת איז ביי אים באהאלטן - שטייען אבער הומ"צ בתקפם) - אעפ"כ, זיינען אבער דא זמנים מיוחדים וואס דעמולט איז דא א הדגשה מיוחדת לכל לראש אויף אן ענין מסוים.

און ווי געבראכט די דוגמאות לזה - אז אין "זמן חירותנו" איז דא א הדגשה מיוחדת אויף די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט "זכר ליציאת מצרים", וואס כללותם איז "פסח מצה ומרור", ועד"ז אין דעם יו"ט שלאחריו, חגה"ש "זמן מתן תורתנו", וואס דעמולט איז דער עיקר הדגשה אויף דעם ענין פון מ"ת, אז ס'ווערט באנייט דער ענין פון "מתן תורתנו" כאילו ווי ס'איז היינט געגעבן געווארן מחדש.

וואס ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו "זמן", איז דאס אויך בנוגע צו "מקום":

אע"פ אז דער אויבערשטער איז דער בעה"ב לבירה זו, ער איז דער בעה"ב פון די שמים וארץ וכל צבאם, ווי דוד המלך, "נעים זמירות ישראל"[108], האט געזאגט "לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה"[109] - זיינען אבער דא חילוקים אין דערויף גופא וואו אלקות שטייט מערער בגילוי,

ע"ד ווי מ'זאגט אז יום השבת איז קדוש יותר פון ימות החול, אע"פ אז אויך בימות החול איז א איד "גוי קדוש", ביז וואנעט אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[110].

און ווי מ'שטייט אין אדר"נ[111] אז די ארץ איז אזוי ווי דער גוף האדם, וואס אזוי ווי דער גוף האדם ווערט איינגע-טיילט אין דריי חילוקים כלליים, ראש, גוף און רגל (וואס דער חילוק איז וואו איז חיות הנפש מערער בגילוי), איז עד"ז אויך בנוגע צו די ארץ, אז ס'איז דא א חלק אין וועלט וואס איז בדוגמת הראש, ביז צו א חלק אין וועלט וואס איז בדוגמת הרגל, און אין רגל גופא - דער עקב שברגל, וואס דאס איז דער חלק הכי ההתון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז "לה' הארץ ומלואה", און יעדער זאך וואס עס טוט זיך בכל העולם כולו איז בהשגח"פ פון דעם אויבערשטן אליין (כמבואר בארוכה אין תורת הבעש"ט, און נאכמער בארוכה אין די מאמרים ושיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[112]) - זיינען אבער דא ערטער בעולם וואס דארטן שטייט דער ענין פון השגח"פ בגילוי יותר.

- און -

------------

108) ש"ב כג, א. 109) תהלים כד, א. 110) אבות פ"ב מי"ב. 111) פל"א. 112) נסמנו בהמ"מ לכש"ט הוספות סקי"ט ואילך.

און ווי מ'זעט אז ווען אידן זיינען נאך געווען אין מדבר, האט מען שוין מודיע געווען אין תושב"כ (וואס דאס האט א שייכות אויך צו אוה"ע[113]) אז צווישן אלע ארצות איז דא אן אויסגעטיילטע ארץ[114], וואס דאס איז א"י, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

יח. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז פונקט אזוי ווי אין דעם ראש און לב פון דעם אדם, איז אע"פ אז בכללות איז דאס אן ענין אחר, זיינען אבער דא אין דערויף גופא כמה פרטים וחלקים, ס'זיינען דא תלקים וואס אין זיי זעט זיך אן מערער חיות הנפש, און חלקים וואס אין זיי זעט זיך דאס אן ווייניקער - איז אזוי אויך בנוגע צו א"י, אז אין דערויף גופא זיינען דא כמה חלקים, וואס צווישן זיי קען זיין א חילוק גדול ביותר.

וואס בנוגע צו א"י האט שוין די משנה[115] מכריז געווען און מודיע געווען (ביז אז דאס איז נוגע לכמה הלכות אין דיני התורה ומצוותי') אז א"י ווערט איינגעטיילט אויף "שלשה ארצות", וואס דאס זיינען "יהודה ועבר הירדן (די ארץ פון די שתי מטות וחצי המטה[116]) והגליל".

וואס אין דערויף זיינען דא חילוקים צווישן די קדושה פון עבר הירדן מזרחה מיט עבר הירדן מערבה, און אין דערויף (אין עבר הירדן מערבה) גופא איז דא דער חילוק צווישן יהודה מיט גליל.

יט. וויבאלד אז מ'האלט שוין אין סוף הגלות, און לויט אלע סימנים פון סוף מסכת סוטה איז דאס שוין עקבתא דמשיחא, און אין עקבתא דמשיחא גופא איז דאס שוין עקבתא דעקבתא דמשיחא (דער סיום פון עקבתא דמשיחא) - איז פארשטאנדיק, אז בנוגע צו תקופה זו איז נוגע א נקודה עיקרית אין א"י, וואס איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו - וואס רעמולט וועט זיך אנהויבן די גאולה, און ס'וועט זיין א גאולה אמיתית ושלימה.

וואס דאס איז דער חלק פון "גליל" וואס אין א"י - ווי ס'שטייט אין מדרז"ל[117] אז משיח וועט קומען אין גליל.

- ביז -

------------

113) ראה שד"ח כ"ז ע' א'תקטו ואילך. 114) ראה תנחומא ראה ח. 115) שביעית פ"ט מ"ב. ב"ק לח, א. כתובות קי, סע"א. וראה רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ז ה"ט. הל' אישות פי"ג הט"ז. טושו"ע אה"ע רסע"ה. 116) ראה מטות קאפיטל לב. 117) ראה זח"א קיט, א. ח"ב ז, ב (וראה נצוצי אורות ונצוצי זהר שם). ח, סע"ב ואילך. רכ, רע"א (וראה נצוצי אורות ונצוצי זהר שם). וראה יל"ש ויחי רמז קסא בהחלתו.

ביז וואנעט אז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה ויועציך כבתחלה"[118], וואס דאס גייט דאך בפשטות אויף די סנהדרין - איז נאך דערויף וואס "לעשרה מקומות גלו" (ווי די גמרא[119] רעכנט זיי אויס, און דער רמב"ם[120] ברענגט דאס אראפ לפסק הלכה), איז וועז ס'וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה", איז "קבלה היא שבטבריא עתידין לחזור תחלה ומשם נעתקין למקדש"[121] - וואס "טבריא" איז אין "גליל".

[די שלימות פון סנהדרין וואו סנהדרין שטייט בתקפה, איז דאס דוקא וועז זיי געפינען זיך אין לשכת הגזית[122], וואס דאס איז פארבונדן מיט בנין ביהמ"ק, וואס לשכת הגזית איז א טייל דערפון - איז אידער די סנהדרין וועלן קומען אין ביהמ"ק אין לשכת הגזית, איז "קבלה היא שבטבריא עתידין לחזור תחלה ומשם נעתקין למקדש"].

כ. כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון בנין ביהמ"ק (וואס דעמולט וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה גו'"), דארף כעז האבן ביאת משיח צדקנו, ווי דער רמב"ם[123] פסק'נט אפ אז משיח "יבנה ביהמ"ק במקומו" (ער איז דער איין און איינציקער וואס וועט קענען בויען דעם ביהמ"ק).

און פאר דערויף דארף מען האבן דעם ענין פון "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", ער וועט איינפירן אז יעדער איד-און אלע אידן וועלן זיך פירן בדרך התורה והמצוה, "וילחום מלחמת ה' וינצח", ער וועט פירן זיינע מלחמות וואס דאס זיינען דעם אויבערשטנ'ס מלחמות, און דער אויבערשטער וועט אים געבן דעם פולן נצחון, און ערשט דערנאך איז "יבנה ביהמ"ק במקומו" און "ויקבץ נדחי ישראל".

וואס אויף דערויף איז ניט גענוג דאס וואס אידן שטייען (זייענדיק אין גלות) אין א שטענדיקע הקוה אז ס'וועט זיין ביאת משיח צדקנו, ביז וואנעט אז מ'זאגט בכל תפלה ותפלה (סיי בימות החול, סיי בשבתות וימים טובים און ימים נוראים) "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", און דערנאך איז מען מסיים "ברוך אתה ה' המחזיר שכינתו לציון" (א ברכה בשם ומלכות[124]) -

ווארום א איד קען ניט יוצא זיין מיט דיבור אליין,

- אפי' -

---

118) ישעי' א, כו. 119) ר"ה לא, סע"א. 120) הל' סנהדרין פי"ד הי"ב. וראה רדב"ז שם. 121) רמב"ם שם. 122) ראה ע"ז ח, סע"ב ובפרש"י שם ד"ה כי היכי. וש"נ. וראה רמב"ם שם הי"ג. וראה לקו"ש פורים תשל"ז ס"ח ובהנסמן שם. 123) הל' מלכים ספי"א. 124) ראה אגה"ת פי"א (ק, א).

אפי' מיט א דיבור קדוש פון תפלה - עס מוז זיין פארבונדן אויך מיט אן ענין של מעשה [במובן דערפון וואס כללוה הענין פון קבלה התורה האט זיך אנגעהויבן מיט דעם ענין פון הקדמת נעשה לנשמע[80] ;

און דער ענין המעשה איז - "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" - ווארום מ'זאגט דאך אין תפלת מוסף "ומפני חטאינו גלינו מארצנו", איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס מ'טוט תשובה אויף די חטאים, וואס דעמולט ווערט אוים די מציאות החטאים, ביז וואנעט אז "זדונות נעשו לו כזכיות"[125] - איז בשעת אז ס'ווערט בטל סיבת הגלות (די חטאים), ווערט בטל בדרך ממילא דער מסובב (דער ענין הגלוה), און ס'ווערט "מיד הן נגאלין"[126], די גאולה האמיתיה והשלימה, אין אן אופן פון תיכף ומיד.

[וואס דאס איז נוסף אויף דעם וואס יעדער איד זאגט בתפלתו (שלשה פעמים ביום, סיי בהתחלת היום אין תפלת השחר, סיי בסיום היום אין תפלת ערבית, און סיי באמצע היום (ווען ער איז אינמיטן דעם קאך אין עניני העולם[127], מסחר וכיו"ב) אין תפלת המנחה), ווען ער איז מסיים די שלשה ברכות אחרונות - אז זיין תקוה איז - "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים"].

כא. און וויבאלד אז אידן זיינען בכל מקום ובכל זמן - ווי איין גוף, אן איין און איינציקע זאך,

[און ווי גערעדט כמ"פ אז ס'רעדט זיך ניט נאר וועגן די אידן וואס געפינען זיך אין דעם זעלבן דור, נאר וועגן אלע אידן בכל הדורות כולם -

ווארום מצד דערויף וואס די נשמה איז א נצחית (ווי מ'זאגט אין דער הקדמה פון פדקי אבות "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב כו'"[128] - וואס דאס איז דער ענין פון נצחיות הנשמה), זיינען די נשמות פון אלע אידן בכל הדורות קיים אויך איצטער, און זיי ווערן אן איין און איינציקע זאך מיט די אידן פון דעם דור און מיט די אידן וואס וועלן זיין אין די דורות שלאח"ז] -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס יעדער איד דארף טאן אין די פעולות פון "בחוקותי תלכו וגו'" בכל מקום וואו ער געפינט זיך - דארף ער אויך טאן א פעולה מיוחדת בנוגע צו א"י, וואס דארטן איז דער ענין הקדושה מערער בגילוי,

- ובלשון -

---

125) יומא פו, ב. 126) דמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.
127) ראה לקו"ש ח"ה ע' 401. 128) מסנהדרין ר"פ חלק (צ, א).

ובלשון הכתוב אז דאס איז "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"; און דארטן גופא - א פעולה מיוחדת בנוגע צו "גליל", וויבאלד אז דער "גליל" האט א שייכות מיוחדה מיט ביאת משיח צדקנו, וואס ער וועט קומען אין "גליל" (כנ"ל סי"ס).

וכאמור לעיל אז אין גליל וועט אויך זיין דער ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה" - נאך איידער זיי וועלן קומען אין ביהמ"ק אין לשכה הגזית, איז "קבלה היא שבטבריא (אין גליל) עתידין לחזור תחלה ומשם נעתקין למקדש".

כב. האמור לעיל וועגן דער שייכות מיוחדה פון ביאת משיח צדקנו מיט דעם ענין פון "גליל" - איז אויך פארשטאנדיק פון דער אגה"ק המפורסמת פון דעם בעש"ט[129] וועגן דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו:

דער בעש"ט שרייבט אין דער אגה"ק, אז ביאת משיח צדקנו, "קאתי מר" - מלכא משיחא, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

און ווי רשב"י האט שוין געזאגט לפנ"ז בספרו זהר הקדוש[130], אז "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו' יפקון בי' כן גלותא ברחמי" - אז דורך דערויף וואס מ'וועט לערנען פנימיות התורה, ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון"[131], ווי געדעדט כמ"פ בארוכה[132] אז דאס מיינט א לימוד אין אן אופן פון הבנה והשגה - וועט דאס בדענגען די גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "אחישנה".

וואס התחלת הגילוי וההפצה פון פנימיות התורה, תורת הסוד ווי עס ווערט אנגערופן אין תורה "חכמת האמת"[133], האט זיך אנגעהויבן דורך דעם אריז"ל[134] -

זעט מען אז ווען דער אריז"ל איז געקומען פון מצרים אין אה"ק (אויף צו מגלה זיין און מפיץ זיין פנימיות התורה) - איז ער געקומען אין "צפת". וואס "צפת" איז אויך אין "גליל". און דארטן האט ער אויפגעשטעלט תלמידים און תלמידי תלמידים, ומשם איז געווען "אורה יוצאה לעולם", אז פון דארטן איז געקומען די הפצה פון תורת הסוד (חכמת האמת) בכל העולם כולו.

- כג. -

---

129) נדפסה גם בכש"ט (הוצאת קה"ת) בהתחלתו. 130) ח"ג קכד, ב. 131) תקו"ז ת"ו בסופו. 132) ראה לקו"ז ח"ז ע' 206. 133) אגה"ק ספ"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ה"ד. 134) ראה אגה"ק סכ"ו (קמב, ב).

כג. דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל החשיבות פון באנייען דעם אידישן ישוב אין "גליל", ובפרט אין "צפת" וואס די איז דאך איינע פון די "ארבע ערי הקודש" אין אה"ק גופא[135] וואס דארטן האט געלעבט דער אריז"ל והלמידיו, ביז וואנעט אז מנוחתו כבוד פון דעם אריז"ל (וואס עד היום הזה רופט מען אים אן "האריז"ל החי") איז אויך אין "צפת" -

אז דארטן זאל נתגלה ווערן נאכמאל - וביתר שאת וביתר עז - דער ענין פון לימוד התורה בכלל, ובמיוחד דער לימוד פון פנימיות התורה, וואס בדורנו נתגלתה ע"י תורת החסידות - בסביבות מקום צום ארט וואו ס'איז מנוחתו כבוד פון דעם אריז"ל החי - און אין אן אופן אז פון דארטן זאל דאס נתפשט ווערט בכל א"י כולה, און פון דארטן - בכל העולם כולו.

וואס כדי אז מ'זאל זיך קענען מתעסק זיין דארטן אין לימוד התורה במנוחה ובהרחבה - דארף דאס זיין אין אן אופן אז ס'זאלן ניט זיין קיינע בלבולים כצד הנאי הדירה והפרנסה וכיו"ב,

וואס אע"פ אז זיי האבן טאקע ניט קיין תפיסה מקום בערך צו די ענינים רוחניים פון לימוד התורה וכו' - איז דאך אבער פארשטאנדיק (און ווי דער רמב"ם איז מאריך בזה אין הל' תשובה[136]), אז בשעת א איד האט ניט קיין בלבולים פון ענינים גשמיים, דערפאר וואס דער אויבערשטער גיט אים בני חיי ומזוני אין אן אופן פון רויחי, ובלשון הכתוב - "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו", ער האט אלע זיינע צרכים בהרחבה, סיי בנוגע צו מזון, סיי בנוגע צו לבוש און סיי בנוגע צו בית (וואס דאס זיינען די דריי סוגים הכוללים כל צרכי האדם, כמבואר אין ספרי מוסר און נאכמער אין ספרי חסידות[137]) -

ווערט דעמולט אויפגעטאן דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות און הפצת היהדות מיט א סאך א גרעסערן מרץ און מיט א סאך א גרעסערע הצלחה - וואס דאס איז נאכמער ממהר דעם "אחישנה" פון דער גאולה האמיתית והשלימה.

כד. דאס איז אויך איינער פון די טעמים אויף דעם וואס מ'האט מחדש געווען און מבסס געווען אין צפת דעם "מקדש מעט"[138], דעם ביהכ"נ וואס איז נתייסד געווארן ע"י חסידי הצ"צ מיט העכער הונדערט יאר צוריק (ובפרט אז בהשגח"פ איז דער ביהכ"נ געבליבן גאנץ).

- וואס -

---

135) ראה שיחת פורים קטן ש.ז. הע' 60. וש"נ. 136) פ"ט ה"א. 137) ראה לקו"ת ברכה צח, ד. מים רבים תרל"ו ע' ג-ד. ובכ"כ. 138) ראה מגילה כט, א.

וואס אלס הכנה צו דעם ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה" - דארף מען זיך משהדל זיין צו מבסס זיין און מחזק זיין כל עניני היהדות (וואס לכל לראש איז דאך דאס דער ענין פון תורה ומצוותי'), ובפרט אין די מקומות המקודשים -

מבסס זיין דעם ביהכ"נ, און מוסיף זיין נאך בתי כנסיות און בתי מדרשות, און אויך מוסיף זיין דירות ובתים פון בנ"י, וואס אויף יעדער אידישע הויז זאגט דער אויבערשטער "ושכנתי בתוכם"[139], "בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד"[140], אז יעדער אידישע הויז ווערט א משכן ומקדש לו ית',

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן די בתים פון אידן אין אה"ק, כולל -ובמיוחד - די בתים אין "גליל", וואס דארטן וועט קומען משיח צדקנו בראשונה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל ההשתדלות וואס דארף זיין אין דערויף אז ס'זאלן צוקומען בתי בנ"י כפשוטם אין אה"ק, עאכו"כ אז ס'זאלן צוקומען בתי כנסיות ובתי מדרשות, כולל אויך (להבדיל) בתי טהרה, מקוואות, כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות בטהרה[141], והעיקר - כדי אז מ'זאל קענען אויפשטעלן דורות פון בני ובנות ישראל בטהרה ובקדושה, אז זיי זאלן קענען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו אן קיינע מניעות ועיכובים.

וכאמור לעיל אז דאס איז איינער פון די טעמים וואס מ'האט מחדש געווען דעם ישוב אין צפת, וואס דארטן איז געווען דער ביהכ"נ וואס האבן מייסד געווען חסידי הצ"צ - כדי אז ס'זאל זיין א המשך דערצו, און א המשך אין אן אופן פון מוסיף והולך, כנגס על גבי הענק -

וואס אע"פ אז קיינער קען זיך ניט גלייכן צום צ"צ, נעמט אבער דער צ"צ יעדער אידן און שטעלט אים ארויף על כתפו, וואס דעמולט ווערט דאס כננס על גבי הענק, כידוע דער משל בזה[142].

און מ'זאל טאן אין די אלע ענינים אין אן אופן אז דערפון וועלן זיין פירות און פירי פירות - אז ממנו יראו

- וכן -

------------

139) תרומה כה, ח. 140) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להתלתו. של"ה ש' האותיות אות ל'. ובכ"מ. 141) ראה רמב"ם הל' תפלה פ"ד ה"ד. טושו"ע או"ח ספ"ה ובנ"כ שם. 142) הקדמת בעמח"ס שבה"ל לספרו - הועתק בס' "הדרה פנים - זקן" ע' תקסה הע' 13. ראה הקדמת החוו"ד לפירושו לשו"ע יו"ד.

וכן יעשו רבים, להגדיל ולהאדיר דעם ישוב פון בנ"י אין צפת, און אין גליל בכלל, און אין גאנץ א"י לגבולותי' בכללות, מתוך מנוחה ושמחה והרחבה,

ביז אז ס'וועט ניט בלייבן קיין איין נקודה פנוי' אין גאנץ א"י לגבולותי' - כמדובר כמ"פ דעם פס"ד ברור אין שו"ע[143] אז איצטער איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש, במילא מוז מען באזעצן אלע גבולות אין אן אופן אז ס'זאלן ניט בלייבן קיינע פירצות.

און דאס זאל ווערן מבוצר (פארשטארקט) - אנהויבנדיק פון דעם ביסוס והפצת לימוד פון פנימיות התורה (צוזאמען מיטן לימוד פון נגלה דתורה) אין גליל בכלל, ובמיוחד אין צפת - און פון דארטן זאל דאס נתפשט ווערן בכל א"י כולה.

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צום יעוד אז "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י ועתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[144], און ס'וועט זיין "והיתה לה' המלוכה"[145], בביאת משיח צדקנו, יבא ויוליכנו קוממיות לארצנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

כה. דער מאסר און גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, איז דאך געווען אין שנת תרפ"ז - מיט איין און זעכציק יאר צוריק,

אבער דעמולט גלייך נאך דער גאולה, איז מען נאך געבליבן במדינה ההיא מאחורי מסך הברזל - איז דאך פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ס'איז געווען א נצחון גדול, איז מען אבער געווען מוגבל אין דעם אופן ההסברה אין וואס דער נצחון באשטייט, "והמעשה הוא העיקר"[146] - וואס מ'דארף טאן בנוגע לפועל.

און דערפאר זעט מען אז ערשט ווען מ'איז אנגעקומען מעבר לגבול פון דער מדינה ההיא, מ'איז אנגעקומען אין ריגא - איז דעמולט געווען דער ערשטער בריוו פון דעם בעל הגאולה, כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אין צוזאמענהאנג מיט דעם ענין המאסר והגאולה - ווי ער הויבט אן דעם בריוו פון ט"ו סיון תרפ"ח[147], אז "היום יום ראשון למאסרי",

און נאך דער הקדמה אין וואס עס איז באשטאנען דער מאסר, און אז דאס איז געקומען מצד דעם ענין פון הפצת התורה והיהדות, שרייבט ער ווי אזוי ס'איז געקומען די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז.

- און -

---

143) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם. 144) יל"ש ישעי' רמז תקג. 145) עובדי' א, כא. 146) אבות פ"א מי"ז. 147) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קכו ואילך. תש"ח ע' 236.

און דעמולט האט ער אויך ארויסגעגעבן א מאמר ללמוד ברבים אין י"ב-י"ג תמוז[148].

וכאמור, אז דאס איז געווען בשנת תרפ"ח - וואס בסיון זה און בי"ב-י"ג תמוז זה, ענדיקט זיך דער יובל ראשון פון דער תקופה.

וככדובר כמ"פ[149] אויף וויפל דער ענין פון "יובל" פארנעמט אן ארט ע"פ תורה, ביז וואנעט אז עס ווערט אנגערופן "עולם", כמרז"ל[150] עה"פ[151] "וישב שם עד עולם", ועד"ז בכמה דרשות חז"ל וואס זיינען פארבונדן אויך מיט הלכה.

כו. וכמובן בפשטות אז בשעת עס ענדיקט זיך דער ערשטער יובל, איז דאס אזוי ווי יעדער סיום אין עניני תורה וקדושה, אז ס'איז ניט דער פייטש אז ער איז מסיים און גייט אוועק ח"ו פון דעם ענין הקדושה, נאר אדרבה, דאס ווערט ביי אים א שלב און א הכנה אויף צוגרייטן זיך להעלות בקודש[152]. מוסיף זיין און שטייגן נאך העכער אין דער קדושה פון כל עניני תורה ומצוותי' - ועד"ז אויך בנוגע צו דעם סיום פון כל יובל הראשון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף זיך פירן לויט די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון י"ב-י"ג תמוז (כנ"ל ס"ג-ד), ובפרטיות - לויט ווי ער ערקלערט אין דעם בריוו פון ט"ו סיון תרפ"ח

- וואס בעזר ה' וועט מען איצטער איבערדרוקן דעם בריוו נאכאמאל, צוזאמען מיטן מאמר וואס דער בעל הגאולה האט געשיקט דעמולט ללמדו ברבים בי"ב-י"ג תמוז, און צוזאמען מיטן מאמר וואס ער האט אליין געזאגט אין יענעם י"ב תמוז (תרפ"ח)[153].

און מ'וועט דאס איבערדרוקן בהקדם, כדי אז מ'זאל גלייך קענען טאן אין דעם - וויבאלד אז ס'איז שוין נאך ט"ו סיון, ועאכו"כ אז ס'איז שוין נאך די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז בפעם הראשונה, ועאכו"כ ווען מ'שטייט אין דעם סיום פון יובל הראשון, וואס דאס דארף דינען אלס הכנה והקדמה צו - ההתחלת -

---

148) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קמח ואילך. תש"ח ע' 265 ואילך. 149) ראה שיחת י"ב תמוז תשל"ז ס"כ ואילך. פורים קטן ש.ז. ס"ב. 150) ירושלמי ברכות פ"ד ה"א. פרש"י עה"פ ש"א א, כב. וראה גם מכילתא עה"פ משפטים כא, ו (הובא בהצע"ג בפרש"י שם). קידושין סו, א. 151) ש"א שם. 152) ראה ברכות כה, א. וש"נ. 153) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קנג ואילך. תש"ח ע' 239 ואילך.



הנחה הה' בלתי מוגה

התחלת היובל השני, אז דעמולט זאל זיין דער עניין פון "מעלין בקודש", סאן נאכמער וויפל מ'האט געטאן אין יובל הראשון.

און וויבאלד אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתים ומי שיש לו מאתים רוצה ד' מאות"[154], איז פארשטאנדיק, אז וואס מערער מ'וועט אויפטאן אין דעם יובל הראשון (אין די געציילטע טעג וואס זיינען געבליבן ביז צו י"ב-י"ג תמוז פון סיום יובל הראשון) בנוגע לפרסום העינינים פון י"ב-י"ג תמוז, לויט ווי ס'איז מבואר אין דעם בריוו און אין דעם מאמר - וועט אלץ זיין גרעסער דער "רוצה מאתים" און "רוצה ד' מאות", אז ער וועט וועלן אויפטאן א סאך מערער אין דעם יובל השני,

און וויבאלד אז "במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא"[155] - וועט אים דער אויבערשטער געבן דעם כח און די מעגליכקייט ער זאל קענען ממלא זיין רצונו אין דעם יובל השני - דורך דערויף וואס ער גרייט זיך צו, והמעשה הוא העיקר - ער טוט בנוגע למעשה בפועל, אין אלע ענינים וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין דעם בריוו און אין דעם מאמר.

און טאן דאס - אזוי ווי אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט גאולה - מתוך שמחה וטוב לבב.

ס'זיינען זיכער דא כו"כ וואס האבן שוין דעם בריוו מיט די מאמרים (ווי ס'איז געדרוקט אין א קונטרס, אדער ווי ס'איז געדרוקט אין סה"מ הרפ"ה) - דארפן זיי ניט ווארטן ביז וואנעט מ'וועט דאס איבערדרוקן נאכאמאל מחדש, ווארום ס'איז יפה שעה אחת קודם בנוגע לכל ענינים כיו"ב.

און אפי' די וואס האבן דאס ניט - קענען זיי דאס זיכער לייען ביי א צווייטן, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז טבע האדם איז אז ווען ער דערהערט אז א זאך האט זיך אפגעדרוקט מחדש, האט דאס ביי אים א חשיבות מיוחדה, און אויך: כדי אז מ'זאל ניט דארפן לייען דאס פון א צווייטן, נאר מ'זאל דאס קענען האבן אליין - וועט מען דאס איבערדרוקן נאכאמאל:

אבער די פעולות בזה זאלן זיך אנהויבן בהקדם, ניט ווארטענדיק אויפן דרוקער און אויפן בינדער, מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הגבלות העולם.

כז. ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים אין אן אופן של גאולה, וואס דאס באווייזט אויף דער שלילה פון אלע ענינים פון מדידה והגבלה,

- ובפרט -

------------

154) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ר"פ חיי שרה.
155) ראה כש"ט הוספות אות לח ובהע' 42 שם.

ובפרט נאך אז ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון לימוד התורה ברבים - וואס "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה" (ווי ס'שטייט אין פרקי אבות אין דעם פרק פון "קנין תורה"[156]), ד.ה. אז דער וואס איז עוסק בתורה בכל מקום ובכל זמן, איז ער א "בן חורין", ואדרבה, "אין לך בן חורין אלא[157] מי שעוסק בתלמוד תורה", ס'קען ניט זיין קיין חירות אמיתי סיידן דורך דערויף וואס ער איז זיך עוסק בתורה, וואס דעמולט ווערט ער א "בן חורין".

ועאכו"כ ווען ער פארבינדט דעם ענין פון לימוד התורה מיט דעם ענין הצדקה שבתורה גופא - דורך דערויף וואס ער איז מלמד תורה לאחרים[158], וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה ברבים, און ער פארבינדט דאס אויך מיט דעם ענין הצדקה כפשוטה - וואס דעמולט זיינען דא די צוויי ענינים פון "ציון במשפט (דער ענין פון תורה[159]) תפדה ושבי' בצדקה"[160], וואס זיי זיינען די הכנה קרובה צו ביאת משיח צדקנו.

וכאמור אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים אין אן אופן של גאולה, נאך זייענדיק אין די רגעים אחרונים פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות,

און פון די רגעים וועט ווערן אלץ ווייניקער און ווייניקער - ביז אז ס'וועט זיין "מיד הן נגאלין" (בלשון הרמב"ם[126]).

כח. וויבאלד אז מ'האט גערעדט וועגן דעם ענין פון תורה, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה", ווי דער אלטער רבי[159] ברענגט אראפ דעם פירוש התרגום[161] אויף "כמשפט" - "כהלכתא",

וועט מען אויך איבער'חזר'ן א מאמר וואס איז גענומען פון די מאמרים פון דעם אלטן רבי'ן, און פון די מאמרים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז,

ויה"ר אז דער חוזר און די שומעים וכל בנ"י - זאלן גיין בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב, ובשמחה וטוב לבב.

*　　*　　*

כט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה שלח לך אנשים.

*　　*　　*

- ל. -

------------

156) פ"ו מ"ב. 157) ראה תוד"ה מהני' - מנחות פג, סע"ב.
158) ראה סוכה מט, סע"ב. 159) לקו"ת ר"פ דברים.
160) ישעי' א, כז. 161) עה"פ וישב כ, יג.

ל. ס׳איז דאך רגיל ביי יעדער ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת אפלערנען א פסוק פון פרשה השבוע מיט פרש"י, ועד"ז אויך א הערה פון דעם טאטן אויפן זהר פון פרשת השבוע, ועד"ז - אין די שבתות וואס מ׳לערנט פרקי אבות, לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ" - אויך א משנה אין דעם פרק פון דעם שבת.

בנוגע צו פרש"י - וועט מען זיך שטעלן אויפן פסוק "וישאוהו במוט בשנים" (אין קאפיטל יג פסוק כג). וואס דארטן איז דא א פרש"י וואס מ׳לערנט אים בפשטות, ובפרט אז רש"י איז נאך מעתיק דעם לשון הגמרא, איז טאמער עפעס ניט פארשטאנדיק, קען מען דאך א קוק טאן אין גמרא -

אבער וויסנדיק דעם כלל אז רש"י איז מפרש פשוטו של מקרא, אין אן אופן אז ס׳זאל זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא, נאך איידער ער ווערט א בן עשר למשנה און בן חמש עשרה לגמרא[162] - קען מען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אז ער וועט א קוק טאן אין גמרא, ובמילא מוז מען זאגן אז רש"י בפירושו גיט צו פארשטיין דעם בן חמש למקרא אלץ וואס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ, אין אן אופן אז ער זאל ניט דארפן אנקומען צו קיינע ספרים, עאכו"כ אז ער זאל ניט דארפן אנקומען צו קוקן אין גמרא (וואס לויט דעם סדר הלימוד בזמנים ההם, פלעגט קומען דער לימוד הגמרא ערשט ווען ער איז געווארן בן חמש עשרה, און מקרא הויבט מען שוין אן לערנען ווען מ׳איז א בן חמש).

רש"י איז מעתיק פון דעם פסוק די ווערטער "וישאוהו במוט בשנים", און איז מפרש: "ממשמע שנאמר וישאוהו במוט איני יודע שהוא בשנים, מה ת"ל בשנים (ס׳איז א פארשטאנדיקע זאך אז ווען מ׳טראגט א זאך אויף א שטעקן, טראגן דאס צוויי מענטשן, וואס יעדערער פון זיי האלט איין זייט פון דעם שטעקן), בשני מוטות".

דערנאך איז רש"י ממשיך: "הא כיצד, שמונה נטלו אשכול, אחד נטל תאנה ואחד רמון", וואס צוזאמען קומט אויס אז צען פון די מרגלים האבן געטראגן דעם "פרי הארץ".

ווערט דאך די קושיא: ס׳זיינען דאך געווען צוועלף מרגלים? - מוז מען זאגן אז ס׳זיינען געווען צוויי פון די מרגלים וואס זיינען געווען אויסגעטיילט פון אלע איבעריקע, און זיי האבן ניט געטראגן די פירות -

און וואו געפינט מען אז ס׳זיינען געווען צוויי

- מרגלים -

---

162) אבות פ"ה מכ"ב.

כרגלים וואס זיינען אויסגעטיילט פון אלע איבעריקע - זיינען דאס יהושע וכלב, וואס דאס איז וואס רש"י זאגט אז "יהושע וכלב לא נטלו כלום".

און רש"י איז מסביר דעם טעם פארוואס האבן יהושע וכלב ניט געוואלט טראגן די פירות - "לפי שכל עצמם להוציא רבה נתכוונו, כשם שפרי' משונה כך עמה משונה", און רעדפאר האבן יהושע וכלב ניט געוואלט זיך משתתף זיין מיט זיי.

לא. איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

א) בשעה רש"י זאגט אז "וישאוהו במוט בשנים" מיינט "בשני מוטות", דארף לכאו' אויסקומען אז <u>פיר</u> מענטשן האבן געטראגן דעם אשכול, וואדום צוויי מוטות האבן <u>פיר</u> קצוות - איז ווי שטימט דער חשבון אז "<u>שמונה</u> נטלו אשכול"?

- בשעת די גמרא[163] טייטשט אפ אז "בשנים" מיינט "בשני כוטות", זאגט די גמרא: "אמר רבי יצחק טורטני וטורטני רכורטני" - "משאוי ומשאוי תחת משאוי, שהתחתונים מסייעין את העליונים, ובכל אחד היו שני מוטות, כיצד שני מוטות הולכין זה אצל זה וארבעה נושאין אותם, ושני מוטות אחרים וארבעה בני אדם נושאין אותם, והם באלכסון מהחה שני העליונים"[164], וואס לויט דעם איז פארשטאנדיק אז "<u>שמונה</u> נטלו אשכול";

אבער רש"י ברענגט דאך אינגאנצן ניט דעם ביאור, ער זאגט "בשני מוטות, הא כיצד, שמונה נטלו אשכול" - וואס מה-דאך אז אין גמרא (וואס איז פאר בן חמש עשרה) דארף מען אנקומען צו א ביאור (און דער ביאור איז ניט קיין גלאטער, ביז אז רש"י דארף דאס מבאר זיין מיט אן אריכות גדולה, און הוס' איז מפרש באופן אחר[166]), איז עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן ליכוד המקרא (ביט א בן המש), דארף מען האבן א ביאור ווי אזוי קומט אויס אז "שמונה נטלו אשכול" - און רש"י איז משמיט דעם ביאור הגמרא און זאגט ניט קיין ביאור?

ב) רש"י זאגט אז "<u>אחד</u> נטל תאנה <u>ואחד</u> רמון", וואס דעמולט ווערט די קושיא פארוואס "יהושע וכלב לא נטלו כלום".

איז ניט פארשטאנדיק: מ'קען דאך זאגן בפשטות אז <u>צוויי</u> האבן גענומען א תאנה און <u>צוויי</u> האבן גענומען א רמון, ובמילא וועט אראפפאלן די קושיא פארוואס "יהושע וכלב לא

- נטלו -

---

163) סוטה לד, א. 164) פרש"י שם ד"ה אבר ר"י. 165) שם ד"ה טורטני. 166) ראה גם חדא"ג מהרש"א ד"ה בפרש"י. רש"ל ד"ה טורטני.

נסלו כלום", איז פארוואס זאגט רש"י "אחד נטל תאנה ואחד רמון"?

ג) אין פסוק שטייט "ומן הרמונים ומן התאנים" (פריער רמונים און דערנאך תאנים), און רש"י איז מהפך דעם סדר פון פסוק, און שרייבט "אחד נטל תאנה ואחד רמון" (פריער תאנה און דערנאך רמון)?

ד) רש"י זאגט אז "יהושע וכלב לא נטלו כלום" - ווערט ביים בן חמש למקרא א שטורעמ'דיקע קושיא:

ווען משה רבינו האט געשיקט די מרגלים, האט ער זיי געהייסן "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ", וואס דער ציווי איז געווען בפשטות צו אלע מרגלים, כולל אויך יהושע און כלב - איז ווי קומט דאס אז דערפאר וואס זיי האבן מורא געהאט פאר א כוונה בלתי רצוי' פון די אנדערע מרגלים, האבן זיי ניט מקיים געווען די שליחות פון משה רבינו?!

בשעת מ'גיט א קוק אין ירושלמי[167] (וואס ווערט אויך געברענגט אין תוס' על אתר[165]), זעט מען אז לדעת ר' ישמעאל "שנים עשר היו שמונה באשכול ארבעה בתאנים ורימונים", און לדעת ר"ע "עשרים וארבעה היו (ווארום יעדער מרגל איז געגאנגען מיט נאך איינעם) ששה עשר באשכול ושמונה בתאנים ורימונים" - וואס לפ"ז קומט אויס אז אלע מרגלים האבן געטראגן די פירות, ובמילא פאלט אראפ די קושיא ווי קומט דאס אז יהושע וכלב האבן ניט מקיים געווען די שליחות פון משה רבינו;

האט דאך רש"י געקענט זאגן אזוי ווי דער ירושלמי, און דעמולט וואלט ער ניט געדארפט פארענטפערן פארוואס "יהושע וכלב לא נטלו כלום"?

דערנאך אז מ'גיט א קוק אין ילקוט[168], טייטשט ער אפ אז "וישאוהו במוט בשנים" מיינט כפשוטו, אז נאר צוויי האבן געטראגן דעם אשכול, ובמילא קומט אויס אז חמשה נטלו תאנים און חמשה נטלו רימונים - וואס עפ"ז קומט אויך אויס אז אלע מרגלים האבן געטראגן די פירות.

ובפרט אז לויט דעם פירוש איז דער פירוש פון "וישאוהו במוט בשנים" כפשוטו, אז ס'איז געווען מערניט ווי איין מוט, און צוויי מענטשן האבן דאס געטראגן -

און ווי מפרשי רש"י[169] פרעגן אויף דעם וואס רש"י

- זאגט -

---

167) סוטה פ"ד ה"ה. 168) ראובני עה"פ. מזח"ג קס, ב. 169) רא"ם.

זאגט בפשטות "ממשמע שנאמר וישאוהו במוט איני יודע שהוא בשנים מה ת"ל בשנים" - אז מ'זעט בפועל אז איין מענטש קען טראגן א זאך אויף א מוט, "כמנהג הכפריים שמשים כל אחד המוט על שכמו ותלוי בו אמתחתו ובגדו הולך ואין עוזר לו", במילא קען מען דאך לערנען בפשטות אז "וישאוהו במוט בשנים" מיינט אז צוויי מענטשן האבן דאס געטראגן, ווארום איין מענטש קען טראגן דעם מוט אויף אליין -

האט דאך רש"י געקענט זאגן אזוי ווי דער ילקוט - און דעמולט וואלט ניט געווען די קושיא ווי קומט דאס אז יהושע וכלב האבן ניט מקיים געווען די שליחות פון משה רבינו?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

לב. אין די הערות אויפן זהר פון פ' שלח, שטעלט ער זיך[170] אויף דעם וואס שטייט אין זהר[171] "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא, דקב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו כו'", און ער איז מבאר אין דער הערה אז די ג' לשונות (אתרעי, אתכני און אתפאר) זיינען כנגד די ג' קוין חג"ת, ווי ער איז דאס מבאר דארטן בארוכה.

וכמדובר כמ"פ אז בנוגע צו די דברים פשוטים האט ער זיך פארלאזט אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף זיי - איז דא אין דערויף אן עניין וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי אזוי איז שייך זאגן "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא" - אידן זיינען דאך אינגאנצן אן אנדער סוג, שלא בערך צו אוה"ע, ווארום אויף אידן זאגט מען "והייתם לי סגולה מכל העמים"[77], און "ואתנה צאני צאן מרעיתי אדם אתם - אתם קרויין אדם כו'"[172];

ווען מ'רעדט זיך וועגן צוויי זאכן וואס זיינען אין איין סוג, איז שייך צו זאגן אז איין זאך איז מער "זכאי" ווי די אנדערע זאך - אבער ווען מ'רעדט וועגן אידן מיט אוה"ע, איז וואס איז שייך צו זאגן "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא", ווען אידן ווערן אנגערופן "אדם" און אוה"ע ווערן בכלל ניט אנגערופן "אדם"?!

אויב מ'וויל מבאר זיין די מעלה פון אידן אז "קב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו", האט דאס אינגאנצן ניט קיין שייכות מיט אוה"ע - ס'האט געדארפט שטיין אז נוסף לזה וואס אידן האבן די מעלה פון "אתה בחרתנו", און "אתם

- קרויין -

---

170) לקוטי לוי"צ לזה"ג ע' שעה. 171) פרשתנו קסא, ב.
172) יחזקאל לד, א. יבמות סא, רע"א.

קרויין אדם", און "בראשית - בשביל ישראל שנקראו ראשית"[173], מיט אלע מעלות וואס אירן האבן - האבן זיי אויך די מעלה אז "קב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו";

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס הויבט ער אן אין זהר מיט דער הורעה והכרזה אז "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא", און די ראי' לזה איז - דערפון וואס "קב"ה אהרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו"?

לג. דער פרק פון היינטיקן שבת איז פרק שלישי - "שהוכפל בו כי טוב"[174], איז דארטן דא א משנה וואס מ'האט זיך נאך ניט געשטעלט אויף איר, וואס דאס איז משנה יא.

[דאס איז משנה יא לויט דער תלוקה וואס דער אלטער רבי האט קובע געווען בסידורו, וואס זי איז באופן אחר ווי אין ספרי המשניות[175],

וכמדובר כמ"פ[176] אז דאס איז איינער פון די טעמים וואס דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו פרקי אבות - ווייל ער האט געוואלט קובע זיין תלוקת המשניות און די גירסאות ווי עס דארף זיין לדעתו].

וואס דארטן שטייט: "רבי אלעזר המודעי אומר: המחלל את הקדשים, והמבזה את המועדות, והמלבין פני חבירו ברבים, והמפר בריתו של אברהם אבינו, והמגלה פנים בתורה שלא כהלכה, אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים, אין לו חלק לעולם הבא".

איז ידוע דער דיוק בזה, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פרקי אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[177], ענינים וואס זיינען לפנים משורת הדין - ולכאו', די אלע פינף ענינים וואס די משנה רעכנט אויס, זיינען זיי מצוות חמורות בתורה, און ניט קיין ענינים פון "מילי דחסידותא"?

קען מען פארענטפערן: וויבאלד אז די משנה איז מסביר דעם גודל חומר הענין, ביז וואנעט אז "אע"פ שיש בידו תורה ומעש"ט אין לו חלק לעוה"ב" - וועט דאס אים בדענגען צו "מילי דחסידותא", ער זאל מהדר זיין אין די ענינים במיוחד.

לד. עס זיינען אבער דא די דיוקים בנוגע צו יעדער ענין בפרטיות:

- בנוגע -

---

173) פרש"י ר"פ בראשית. 174) פרש"י בראשית א, ז.
175) במד"ש - מט"ו. בפיהמ"ש להרמב"ם (הוצאה הרב קאפח) - מי"ד. 176) ראה לקו"ש בהר - ל"ג בעומר ש.ז. הע' 6. וש"נ.
177) ראה ב"ק ל, א.

בנוגע צו דעם ענין פון "המחלל את הקדשים":

די משנה זאגט "המחלל את הקדשים והמבזה את המועדות" (ביי קדשים "המחלל", און ביי מועדות "המבזה") - וואס מ'געפינט אין גמרא אז ביי קדשים איז אויך שייך אן ענין של בזיון, און אעפ"כ, איז די משנה מדייק און שרייבט בנוגע צו קדשים דעם לשון "המחלל" דוקא (און ביי מועדות - "המבזה"[179])?

און אויך: מפרשים[180] זאגן אז "המחלל את הקדשים" מיינט "שמביא קדשי המזבח לידי פיגול ונותר וטמא" - ווערט דאך א שטורעמ'דיקע קושיא: פיגול צי נותר איז אן איסור וואס אויף אים קומט אן עונש פון כרת[181], אבער נאך דערויף האט ער א חלק לעוה"ב, איז וואס זאגט די משנה אז "אין לו חלק לעולם הבא"?

אויך איז ניט פארשטאנדיק (כקושית המפרשים[182]): ווי אזוי זאגט די משנה אויף די פינף ענינים אז "אין לו חלק לעולם הבא", בשעת די משנה זאגט אין סנהדרין[183] אז "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", מערנט ווי געציילטע וואס האבן ניט קיין חלק לעוה"ב, און די אלע פינף וואס די משנה רעכנט אויס דא, ווערט ניט געבראכט דארטן אז אין להם חלק לעולם הבא?

וכידוע ווי די מפרשים הנ"ל פארענטפערן דאס מיט כמה דיוקים והסברות - וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

לה. בנוגע צו דעם ענין פון "המבזה את המועדות":

לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס רעכנט אויס די משנה נאר "מועדות" און ניט "שבת"?

מפרשים[184] פארענטפערן, אז "המבזה את המועדות" גייט דאס אויף חולו של מועד, וואס דעמולט זיינען דא כמה מלאכות וואס זיינען מותרות, איז בשעת ער טוט א מלאכה אסורה בחוה"מ, איז ער "מבזה את המועדות".

אבער עפ"ז וועט דאך אויסקומען אז אויב ער וועט מבזה זיין יו"ט אדער שבת, האט ער א חלק לעוה"ב, משא"כ אויב ער וועט מבזה זיין חולו של מועד, איז "אין לו חלק לעוה"ב" - - וואס - .

---

178) מיחוהו בסופה. הובא במהז"ו לאבות כאן. 179) ראה רבינו יונה לאבות כאן. 180) רע"ב ומד"ש לאבות כאן. וראה גם ר"י שם. 181) קדושים יט, ה. וראה רמב"ם הל' פסולי המוקדשים פי"ח ה"ו-ז. 182) מד"ש בסופו. הובא בתוי"ט לאבות כאן. 183) ר"פ חלק (צ, א). 184) רש"י, ר"י, רע"ב, מהז"ו, מד"ש.

וואס דאס איז אן ענין וואס מ׳דארף האבן אויף דערויף א הסברה מבהילה.

לו. בנוגע צו דעם ענין פון "המלבין פני חבירו ברבים":

וואס איז דער דיוק "המלבין פני חבירו" דוקא, לכאורה האט געקענט שטיין "המלבין פני אדם" סתם - און אויב די כוונה איז דוקא בנוגע צו אידן, האט געקענט שטיין "המלבין פני ישראל", איז וואס איז דער דיוק "המלבין פני חבירו"?

און אויך: וואס איז דער דיוק "המלבין פני חבירו ברבים" דוקא - לכאו׳, לויט דער הסברה פון גמרא[185] אויף דעם ענין פון "המלבין", אז דאס איז דערפאר וואס "אזיל סומקא ואתי חיורא", איז דאך דאס א זאך וואס קען טרעפן ניט דוקא "ברבים", און ווי מ׳זעט בפועל (מ׳דארף ניט זוכן אין גמרא) אז מ׳קען מצער זיין רח"ל א מענטשן ביז אז "אזיל סומקא ואתי חיורא" אויך ווען ס׳איז ניט "ברבים", איז פארוואס איז די משנה מדייק "המלבין פני חבירו ברבים"?

לז. בנוגע צו דעם ענין פון "המפר בריתו של אברהם אבינו":

דער לשון "המפר בריתו" איז פארבונדן דערביי וואס ס׳שטייט אין פסוק[186] "את מצותו הפר", ווי די גמרא טייטשט אפ אין סנהדרין[187] - עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז רבי אלעזר המודעי מדייק אז דאס איז "בריתו של אברהם אבינו"?

ובפרט לויט ווי דער רמב"ם[188] איז מבאר, אז דאס וואס מ׳איז מקיים איצטער מצוה מילה, איז דאס ניט דערפאר וואס אברהם אבינו איז נצטווה געווארן, נאר דערפאר וואס אזוי איז משה רבינו נצטווה געווארן בשעת מ"ת - איז דאך ניט פארשטאנדיק: וואס איז מען מדייק אז דאס איז "בריתו של אברהם אבינו", אדרבה, עיקר המצוה איז ניט מצד בריתו של אברהם אבינו, נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער האט דאס איבערגעגעבן בהורתו ע"י משה רבינו?

אויך דארף מען פארשטיין:

דער לשון "המפר", איז שייך זאגן דוקא ביי א זאך וואס איז שוין דא, און מ׳איז דאס "מפר". און ווי מ׳זעט בנוגע צו נדרים, אז ווען איז שייך מפר זיין א נדר - דוקא אויב ער איז פריער חל געווארן. ביז וואנעט אז ס׳איז דא א

- מציאות -

---

185) ב"מ נח, ב. 186) פרשהנו טו, לא. 187) סנהדרין צט, א. 188) חולין ספ"ז.

מציאות וואס א נדר איז חל מערנים כדי אז מ׳זאל אים קענען מפר זיין[189] - וואס צוליב דערויף מוז מען האבן דעם חלות הנדר.

וואס דערפאר שטייט טאקע אין ירושלמי[190] אז "מפר בריתו" מיינט "המושך בערלתו", ד.ה. אז ער האט זיך גע׳מל׳ט, און דערנאך איז ער "מושך בערלתו", וואס דורך דעם איז ער "מפר בריתו של אברהם אבינו".

עפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק:

אויב איינער איז זיך ניט מל, האט ער א חלק לעוה"ב; ער האט טאקע אן עונש פון כרת[191], וואס דאס איז אן עונש איום, אבער אעפ"כ, נאך דערויף האט ער א חלק לעוה"ב, ווי דער רמב"ן בפירושו עה"ת אין פ׳ אחרי[192], און אויך אין שער הגמול, איז מבאר בארוכה אז אין כרת זיינען דא דריי סוגים, און ס׳איז דא א סוג אין כרת וואס דערנאך האט ער א חלק לעוה"ב;

און אויב ער האט זיך יע מל געווען, נאר דערנאך איז ער "מושך בערלתו" - דעמולט איז "אין לו חלק לעולם הבא"?!

און לויט פירוש הרמב"ם[193] אז "המפר בריתו של אברהם אבינו" מיינט (אויך) "הניח ערלתו", ד.ה. אז ער וויל זיך ניט מל זיין -

איז בנוגע צו דעם לשון "מפר בריתו של אברהם אבינו" (וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק, ווי אזוי איז שייך זאגן "מפר בריתו" ווען ער איז ניט קיין גע׳מל׳טער, כנ"ל) - וואלט מען געקענט פארענטפערן בדוחק:

וויבאלד אז ס׳איז דא דער ענין פון בריתו של אברהם אבינו בנוגע צו כללות בנ"י, ביז וואנעט אז הנודר מערלים איז ער מותר בערלי ישראל[194] (אויב ער איז אן ערל דערפאר וואס מתו אחיו מחמת מילה[195], וואס דעמולט טאר ער זיך ניט מל זיין[196]), ווארום א איד, מצד טבע עצמו איז ער אזוי ווי א גע׳מל׳טער, במילא ווערט ער אנגערופן אז ער איז פון די מולים און ניט פון די ערלים -

איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז שייך צו זאגן דעם לשון "המפר בריתו של אברהם אבינו" אפי׳ ביי איינעם וואס האט

- זיך -

------------

189) ראה נדרים סט, ב. 190) פאה פ"א סוף ה"א.
191) לך לך שם. רמב"ם ריש הל׳ מילה. 192) עה"פ יח, כט.
193) שם פ"ג ה"ח. 194) נדרים לא, ב בכשנה. רמב"ם שם פ"ט הכ"ב. טושו"ע יו"ד סרי"ז סמ"א. 195) פרש"י שם ד"ה ערלי ישראל. הובא בב"י לטור יו"ד סרי"ז קרוב לסופו.
196) יבמות סד, ב. רמב"ם שם ספ"א. טושו"ע יו"ד סרס"ג ס"ב.

זיך נאך ניט מל געווען - ווארום בעצם האט ער א שייכות צו "בריתו של אברהם אבינו".

עס בלייבט נאך אבער די שאלה: דער עונש פאר ניט מל זיין זיך איז דאך כרת, ער האט אבער א חלק לעוה"ב (כנ"ל), איז פארוואס זאגט די משנה אז "אין לו חלק לעוה"ב"?

לח. בנוגע צו דעם ענין פון "המגלה פנים בתורה שלא כהלכה":

דער ענין פון "המגלה פנים בתורה שלא כהלכה" איז, אז ער איז מטה את הדין אין פסק'נט אפ שלא ע"פ הלכה - איז ניט פארשטאנדיק: פאר מטה זיין את הדין קומט אן עונש אז "אין לו חלק לעוה"ב"?!

אויך דארף מען פארשטיין: דער לשון "מגלה פנים" מיינט[197] אז ער זאגט אן אנדער פירוש, ע"ד הלשון "שבעים פנים להורה"[198] -

ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק: פארוואס קלייבט מען אויס דעם לשון "פנים", און ניט דעם לשון פון "פירוש" אדער "ביאור" וכיו"ב, וואס דאס איז א לשון הרגיל בכל מקום, ביז אפי' אין תורה, ווי ס'שטייט[199] "באר את התורה"?

לט. דערנאך איז די משנה מסיים: "אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעולם הבא",

וואס פון המשך הענינים איז משמע, אז ווען די משנה וואלט דאס ניט באווארענט, וואלט מען געזאגט אז דאס וואס "יש בידו תורה ומעשים טובים" איז שולל דעם עונש פון "אין לו חלק לעוה"ב",

און אין דערויף גופא זיינען דא כמה אופנים ווי אזוי מ'קען שולל זיין דעם עונש פון "אין לו חלק לעוה"ב" - אדער דורך "תורה", אדער דורך "מעשים טובים", אדער דורך צירוף שניהם יחד -

וואס לכאו', וואלט די משנה געקענט זאגן אז אפי' אז ער האט זכיות (סתם), אדער ריבוי זכויות, העלפט דאס אויך ניט צו שולל זיין דעם עונש, און "אין לו חלק לעוה"ב" - פארוואס איז די משנה מדייק אז "אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים" דוקא?

כיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

* * *

- מ. -

------------

197) ראה רע"ב ומד"ש כאן. 198) זח"א מז, ב. ח"ג כ, א. רטז, א. רכג, א. במדב"ר פי"ג, טז. 199) דברים א, ה.

מ. דער ביאור אין פרש"י:

ס'דיינען דא מפרשים[200] וואס לערנען אז דער דיוק פון רש"י "ממשמע שנאמר וישאוהו במוט איני יודע שהוא בשנים מה ה"ל בשנים" איז (ניט דערפון וואס ס'שטייט "במוט", וואס דאס איז מכריח צו זאגן אז צוויי מענטשן האבן געטראגן דעם מוט - ווארום איין מענטש קען אויך טראגן א זאך אויף א מוט, ווי געבראכט פריער (סל"א), נאר) דערפון וואס ס'שטייט "וישאוהו", לשון רבים, במילא ווייסט מען שוין אז צוויי מענטשן האבן דאס געטראגן.

עפ"ז וועט אבער אויסקומען א דוחק אין פירוש הפסוק:

אויב מ'לערנט אז פון "וישאוהו" פארשטייט מען אז צוויי מענטשן האבן געטראגן דעם אשכול, וועט דעמולט אויס-קומען אז "וישאוהו" גייט מערניט ווי אויף דעם אשכול (און דער טייטש דערפון איז אז דאס איז א קיצור פון צוויי ווערטער - "וישאו אוהו", דעם אשכול),

און דעמולט וועט מען דארפן זאגן אז דאס וואס דער פסוק איז מסיים "ומן הרמונים ומן התאנים", באציט זיך דאס אויף דעם וואס ס'שטייט פריער "ויכרתו משם", אז מ'האט גענומען "זמורה ואשכול ענבים אחד" און "מן הרמונים ומן התאנים",

ד.ה. אז די ווערטער "וישאוהו במוט בשנים" זיינען א מאמר המוסגר: דער פסוק דערציילט "ויכרתו משם זמורה ואשכול ענבים אחד" און "מן הרמונים ומן התאנים", און אינמיטן אלס מאמר המוסגר, דערציילט דער פסוק ווי אזוי מ'האט געהראגן דעם אשכול - "וישאוהו במוט בשנים", ניט אזוי ווי די רמונים און תאנים וואס מ'האט געטראגן אן א מוט - וואס דאס איז א דוחק.

וואס דערפאר דארף מען זאגן אז דער דיוק "ממשמע שנאמר וישאוהו במוט איני יודע שהוא בשנים" איז, דערפון וואס ס'שטייט "במוט", און א מוט טראגן צוויי מענטשן,

און ווי מ'זעט אז ע"ד הרגיל ווען מ'טראגט א זאך מיט א מוט, טראגן דאס צוויי מענטשן, און ווי רש"י זאגט אין ביצה[201] בנוגע צו טראגן ביו"ט - "ישאוה ביו"ט בשני בני אדם <u>במוט</u> על כתפיהם".

ס'איז טאקע דא אמאל וואס איינער אליין טראגט א זאך אויף א מוט, ווי געבראכט פריער דעם לשון פון רא"ם אז - "מנהג -

---

200) רא"ם ושפ"ח. 201) ל, א - ד"ה לדרו.

"מנהג הכפריים שמשים כל אחד המוט על שכמו כו' ואין עוזר לו", אבער דאס איז נאר א מנהג פון "כפריים", אן עני, וואס ער האט ניט קיין מעגליכקייט צוציען צו זיך נאך איינעם וואס זאל אים העלפן טראגן;

אבער ע"ד הרגיל, איז ווען מ'טראגט א זאך אויף א מוט, טראגן דאס צוויי מענטשן, וואס יעדערער פון זיי האלט איין קצה פון דעם מוט - ובמילא, וויבאלד אז ס'שטייט "וישאוהו במוט", איז פארשטאנדיק אז צוויי מענטשן האבן דאס געטראגן, און אויף דעם זאגט רש"י אז "וישאוהו במוט בשנים" מיינט "בשני מוטות".

מא. דערנאך איז רש"י ממשיך "הא כיצד, שמונה נטלו אשכול וכו'":

וויבאלד אז דא זיינען געווען "שני מוטה", דארף לכאו' אויסקומען אז דעם אשכול האבן געטראגן מערניט ווי פיר מענטשן (וואָרום אין "שני מוטות" זיינען דא פיר קצוות) - זאגט אבער רש"י "הא כיצד", ד.ה. אז דא איז געווען אן אופן מיוחד פון טראגן - "שמונה נטלו אשכול".

וואס בשעת די גמרא זאגט אז "שמונה נטלו אשכול", איז די גמרא מסביר אז ס'זיינען געווען פיר מוטה (ווי געבראכט פריער בארוכה), וואס בשעת מ'לערנט ע"ד הדרוש והרמז וההלכה, קען מען טאקע זאגן אז ס'זיינען געווען פיר מוטות: ווען מ'לערנט אבער ע"ד הפשט, איז וויבאלד אז ס'שטייט "וישאוהו במוט בשנים", "בשני מוטות", איז פארשטאנדיק אז ס'זיינען געווען מערניט ווי צוויי מוטה.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ס'זיינען געווען מערניט ווי צוויי מוטה, איז ווי קומט דאס אז "שמונה נטלו אשכול", פיר מוטה האבן דאך מערניט ווי פיר קצוות?

איז דאס פארשטאנדיק בפשטות: דער בן חמש למקרא זעט, אז ווען מ'טראגט א משא, צי אויף איין מוט אדער אויף צוויי מוטות - איז בשעת דער משא איז א לייכטער, טראגט איינער דעם קצה פון מוט און א צווייטער דעם צווייטן קצה, און אויב דער משא איז א שווערער משא, דארף מען האבן ביי יעדער קצה פון דעם מוט צוויי מענטשן, דריי מענטשן, פיר מענטשן וכו', לויט די שווערקייט פון דעם משא.

און וויבאלד אז אין דעם פסוק שטייט נאר "וישאוהו במוט בשנים", "בשני מוטות", און ס'שטייט ניט וויפל מענטשן האבן געטראגן די צוויי מוטה - דארף רש"י זאגן וויפל מענטשן האבן דאס געטראגן, און אויף דערויף זאגט ער "שמונה נטלו אשכול".

- מב. -

מב. רש"י זאגט "שמונה נטלו אשכול אחד נטל תאנה ואחד רמון". והביאור בזה:

רש"י וויל ניט לערנען אז פיר האבן גענומען דעם אשכול, און צוויי האבן גענומען תאנה און צוויי האבן גענומען רמון, אדער ווי דער ירושלמי זאגט אז אלע צוועלף מרגלים האבן געטראגן די פירות, "שמונה באשכול ארבעה בתאנים ורמונים", אדער ווי ס'שטייט אין ילקוט, אז צוויי האבן גענומען דעם אשכול, פינף האבן גענומען רמונים און פינף האבן גענומען תאנים -

ווארום עפ"ז וועט אויסקומען אז דער פסוק איז סותם און זאגט ניט וויפל רמונים און וויפל תאנים מ'האט גענומען;

איז וועז דער פסוק וואלט אינגאנצן ניט דערציילט וויפל פירות מ'האט גענומען, וואלט מען געקענט לערנען ווי מ'וויל, און זאגן אז בפשטות איז ניט וויכטיק צו וויסן וויפל מ'האט גענומען (וואס דערפאר דערציילט דאס ניט דער פסוק);

וויבאלד אבער אז ביי "אשכול ענבים" זאגט דער פסוק "אשכול ענבים אחד" - דארף מען זאגן בפשטות, אז דאס איז מגלה אויף אלע ענינים וואס שטייען אין פסוק, אויך רמונים און תאנים, אז פון זיי האט מען אויך גענומען מערניט ווי "אחד".

וואס דערפאר שטייט "אשכול ענבים אחד", אע"פ אז ווען ס'וואלט ניט געשטאנען "אחד", וואלט מען אויך פארשטאנען אז ס'מיינט "אחד", ווארום "אשכול" איז א לשון יחיד - כדי צו מגלה זיין אויף אלע פירות וועלכע שטייען אין דעם פסוק, אז פון זיי האט מען אויך גענומען מערניט ווי "אחד", פון יעדער מין האט מען גענומען מערניט ווי "אחד" (ווארום ווען מ'וואלט גענומען פינף רמונים און פינף תאנים, וואלט דער פסוק געדארפט זאגן בפירוש).

מג. וויבאלד אז כ'מוז זאגן אז מ'האט גענומען איין תאנה און איין רמון, ובבילא איז "אחד נטל תאנה ואחד רמון", און "שמונה נטלו אשכול", קומט דאך אויס אז נאר צען מרגלים האבן געטראגן די פירות - מוז רש"י מבאר זיין פארוואס "יהושע וכלב לא נטלו כלום".

וואס אין גמרא זיינען דא אויף דערויף צוויי הסברות:

איין ביאור איז, אז מצד זייער חשיבות האבן זיי ניט געטראגן די פירות. וואס אע"פ אז אלע מרגלים זיינען געווען חשובים, ווי רש"י טייטשט אפ דאס וואס ס'שטייט אויף די מרגלים "כולם אנשים"[42] - "כל אנשים שבמקרא לשון חשיבות" - פארשטייט אבער אויך א בן חמש למקרא אז אין דעם ענין

- החשיבות -

החשיבות גופא זיינען דא כו"כ דרגות, ע"ד ווי מ'געפינט אז ס'זיינען דא "שרי עשרה", "שרי חמשים", "שרי מאות" און "שרי אלפים"[202] – איז וויבאלד אז צווישן די מרגלים גופא האבן יהושע וכלב געהאט א חשיבות מיוחדת, דערפאר האבן זיי ניט געטראגן די פירות.

אבער אין פשש"מ קען רש"י ניט אנעמען די הסברה:

בשעת משה רבינו הייסט אז מ'זאל ברענגען פון "פרי הארץ" – זאלן יהושע וכלב זאגן אז אזוי ווי זיי זיינען חשובים, שטייט זיי ניט אן מקיים זיין שליחותו של משה רבינו?! – דאס איז אן ענין וואס איז היפך השכל, היפך פשש"מ!

און דערפאר ברענגט רש"י דעם צווייטן ביאור וואס איז דא אין גמרא – אז "כל עצמם להוציא דבה נתכוונו, כשם שפרי' משונה כך עמה משונה", און דערפאר האבן יהושע וכלב ניט געוואלט משתתף זיין צוזאמען מיט אלע איבעריקע מרגלים.

ס'בלייבט נאך אבער די דיוקים בשאר הפרטים – וכפי שיתבאר לקמן.

מד. דער ביאור בנוגע צו דער הערה אויפן זהר:

דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[203], אז דאס וואס מ'זאגט "ובנו בחרת מכל עם ולשון" גייט דאס אויפן "גוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם".

וואָרום לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי אזוי קען מען זאגן "ובנו בחרת מכל עם ולשון" – דער ענין הבחירה איז שייך דוקא ווען ס'זיינען דא צוויי זאכן וואס האבן אין זיך א צד השוה, וואס דערפאר קען ער אויסקלייבן וועלכן ער וויל, און אויף דערויף דארף מען האבן דעם ענין הבחירה;

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן אידן מיט אוה"ע, איז לכאו' ניט שייך צו זאגן אז דער אויבערשטער האט <u>בוחר</u> געווען אין אידן – וואָרום אויב ער וויל האבן די וואס בשבילם נברא העולם ("בשביל ישראל שנקראו ראשית"), האט ער ניט קיין אנדער ברירה, ער מוז נעמען אידן, ס'איז ניט שייך אין דערויף קיין ענין של בחירה; אויב ער וויל האבן בני אברהם יצחק ויעקב, האט ער ווייטער ניט קיין אנדער ברירה, ער מוז נעמען אידן; אויב ער וויל האבן די וואס האבן דעם "נפש השנית" וואס די איז "חלק אלוקה ממעל ממש"[204], האט ער ווייטער ניט קיין אנדער ברירה – איז ווי איז שייך צו זאגן אז דער אויבערשטער האט <u>בוחר</u> געווען אין אידן, "ובנו בחרת מכל עם ולשון"?

- און -

---

202) יתרו יח, כא. 203) פמ"ט (ע, רע"א). 204) תניא רפ"ב.

און דערפאר איז דער אלטער רבי מבאר אז "ובנו בחרה מכל עם ולשון" גייט ניט אויף דער נשמה, ווארום אין דערויף איז ניט שייך דער ענין הבחירה – א איד האט א "נפש השנית" וואס די איז "חלק אלוקה ממעל ממש", ובלשון הכתוב[205] "נר ה' נשמת אדם", און ביי ניט אידן איז דאס ניטא;

– א ניט איד האט אויך א נפש וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, ווארום דער אויבערשטער האט דאך באשאפן די גאנצע וועלט, כולל אויך די שבעים אוה"ע, זייערע גופים און זייערע נפשות – ס'איז אבער ניט אין אן אופן פון "נר ה' נשמת אדם", פונקט אזוי ווי זיי זיינען ניט פארבונדן מיט "נר מצוה ותורה אור"[206] – כמבואר אין מדרז"ל[207] אז די ביידע נרות ("נר ה'" און "נר מצוה") זיינען פארבונדן זב"ז, ובל' המדרש אז דער אויבערשטער זאגט "נרי בידך ונרך בידי, נרי בידך זו התורה ונרך בידי זו הנפש" –

נאר "ובנו בחרה מכל עם ולשון" מיינט, אז דער אויבערשטער איז בוחר אין אידן אויך מצד גופם, ד.ה. אע"פ אז בהיצוניות זעה מען ניט קיין חילוק צווישן א גוף פון א אידן מיט א גוף פון א ניט איד, ס'איז די זעלבע אברים, די זעלבע גידים, און דער זעלבער עור ועצמות, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אז דער גוף איז "נדמה בחומריותו לגופי אומות העולם". אעפ"כ זאגט דער אויבערשטער אז ער איז בוחר אין דעם גוף פון א אידן.

כה. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם וואס ס'שטייט אין זהר "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא":

דא רעדט זיך בנוגע צו אידן ווי זיי האבן א שייכות צו וועלט – ווי ער איז ממשיך אין זהר דארטן, אז אידן לגבי די גאנצע וועלט, זיינען בדוגמה הלב לגבי כל הגוף.

ד.ה. ס'איז דא ווי א איד שטייט <u>בפ"ע</u> אין אן אופן אז ער האט <u>ניט</u> קיין שייכות צו וועלט, ביז וואנעט אז כ'זאגט אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז יחיד בעולמו, "ה' <u>אחד</u>", אזוי זיינען אויך אידן "גוי <u>אחד</u> בארץ";

דערנאך איז אבער דא דער אופן ווי א איד האט א שייכות מיט וועלט, ער איז אוכל ושותה און פארנעמט זיך מיט עניני העולם, ביז אז ער מאכט עסקים אויך מיט ניט אידן, און דוקא אין אן אופן פון "אתם המעט מכל העמים".

און א איד דארף טאקע האבן צוטאן מיט ניט אידן –

– ס'איז –

------------

205) משלי כ, כז. 206) שם ו, כג. 207) דב"ר פ"ד, ד. ועוד.

ס'איז ניט דער טייטש אז "מפני חטאינו" דארף מען האבן צוטאן מיט ניט אידן, נאר ווי מ'זעט אז אפי' בזמן שלמה המלך, וואס ביי אים איז געווען דער ענין פון "וישב שלמה על כסא ה'"[68], און אידן זיינען דעמולט געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[67] - האט מען אויך געהאט צוטאן מיט ניט אידן.

ווי עס ווערט דערציילט אין תנ"ך[208] אז מלכת שבא איז געקומען הערן די חכמה פון שלמה המלך, און בפשטות איז די דאך געקומען צוזאמען מיט אירע עבדים ושפחות, האבן זיי געהאט צוטאן מיט די אידן וואס זיינען געווען אין א"י.

ביז וואנעט אז אפי' ווען אידן זיינען געווען אין מדבר, וואס דעמולט האבן זיי געהאט לחם מן השמים, און מים מבארה של מרים, און האבן געהאט די ענני הכבוד, זיי האבן ניט געהאט צוטאן מיט וועלט - אעפ"כ זאגט די גמרא אין יומא[209], אז ס'זיינען געווען ענינים וואס מ'האט געקויפט פון הגרי אוה"ע, און ס'איז ניט געווען קיין עבירה ח"ו - ס'איז געווען אזא סדר אז ס'זיינען דא ענינים וואס מ'האט געהאט אליין, און ס'זיינען געווען ענינים וואס מפני סיבות איזה שתהיינה האט מען זיי געדארפט קויפן פון הגרי אוה"ע.

און ווי מ'געפינט עד"ז אין סיפורי התורה, אז בשעה אידן זיינען דורכגעגאנגען לעבן אדום, האבן זיי געשיקט מלאכים צו מלך אדום און אים געבעטן "נעברה נא בארצך", און "ואם מימיך נשתה גו' ונתתי מכרם"[210] - וואס דער שיקן מלאכים גופא באווייזט אויף דעם קשר מיט אוה"ע.

מו. וכמובן בפשטות אז אידן דארפן האבן צוטאן מיט וועלט און מיט אוה"ע - רערפון וואס רש"י ברענגט אראפ בהחלה פירושו עה"ת, אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית".

ביז וואנעט אז דער רמב"ם[211] פסק'נט אז צווישן די מצוות וואס יעדער איד דארף מקיים זיין, איז אויך דא דער ציווי וואס "צוה משה רבינו מפי הגבורה לכוף את כל באי העולם לקבל מצוות שנצטוו בני נח", ד.ה. אז א איד דארף זעהן אז די וועלט זאל זיך פירן אין אן אופן פון "לא לתהו בראה לשבת יצרה"[212], ובמילא דארף ער זעהן אז ס'זאל ניט זיין דער ענין פון גניבה וגזילה וכו' אפי' צווישן אוה"ע,

- איז -

---

208) מ"א י, א ואילך. 209) עה, ב. 210) חקת שם, יד-יט. 211) הל' מלכים פ"ח ה"י. 212) ישעי' מה, יח. וראה לקו"ש ח"ה ע' 159 הע' 63.

איז בזמן שיד ישראל תקיפה, קען ער "לכוף את כל באי העולם כו׳", ובזמננו - קען ער דאס טאן בדרכי נועם ובדרכי שלום, משתדל זיין זיך ככל התלוי בו אז אויך אוה"ע זאלן זיך פירן אין אן אופן ווי דער אויבערשטער האט איבערגעגעבן א אידן ווי אזוי אוה"ע דארפן זיך פירן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס׳דארף זיין א שייכות צווישן אידן מיט ניט אידן - ווארום אידן דארפן פועל׳ן אויף ניט אידן אז ביי זיי זאל ניט זיין דער ענין פון גניבה וגזילה, און אז ביי זיי זאל זיין דער ענין פון צדקה, מיט אלע פרטים וואס די גמרא רעכנט אויס אין סנהדרין[213].

און אויף דערויף זאגט ער אין זהר, אז אפי׳ ווי אידן שטייען אין א מעמד ומצב וואס זיי האבן צוטאן מיט ניט אידן (ווי עס דארף זיין ע"פ תורה), אויך דעמולט איז "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא", אין אזא אופן ביז אז "קב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו", ווי ער איז דאס מבאר אין דער הערה ע"ד הקבלה.

מז. דער ביאור אין דער משנה פון פרקי אבות:

די משנה זאגט "המחלל את הקדשים" - ולכאו׳, וויבאלד אז די כוונה איז צו דעם ענין פון פיגול אדער נותר וכיו"ב, איז צוליב וואס דארף די משנה זאגן "המחלל את הקדשים" סתם, מ׳קען זאגן לכתחלה א דבר מסוים (פיגול אדער נותר), און זאגן וכיו"ב?

איז דער ביאור בזה: דא רעדט זיך ניט וועגן פיגול אדער נותר סתם (ווארום אויף דערויף איז דער עונש מפורש בכתוב, צי אן ענין של כרת (על אכילתו) אדער א לאו (על שמביאו לידי פיגול ונוהר), אבער ניט דער ענין פון "אין לו חלק לעוה"ב) - נאר ווען מ׳טוט דאס אין אן אופן פון "המחלל את הקדשים":

ס׳איז דא אן אופן וואס מ׳איז עובר אויפן איסור פון פיגול צי נותר, דערפאר וואס ער פוילט זיך צו עסן דעם קרבן בזמנו, ובמילא בלייבט דאס נותר, אדער ער טוט דאס במזיד, ער ווייסט אז ס׳שטייט אין תורה אז מ׳דארף עסן דעם קרבן אין דעם זמן הקבוע לכל קרבן, אבער דאס הארט אים ניט, אדער אז ער וויל כואס זיין אין דעם אויבערשטנ׳ס רצון - וואס דעמולט האט ער דעם עונש הפרטי ע"ז (כרת אדער א לאו);

ס׳איז אבער דא אן אופן וואס מ׳איז עובר אויפן איסור

- דערפאר -

------------

213) נז, ב.

דערפאר וואס ער וויל מחלל זיין את הקדשים, תורה זאגט אז
דאס איז אן ענין של "קדשים", און ער שפארט זיך איין און
זאגט אז ער ווערט באוויזן אז ער איז "מחלל את הקדשים" -
און דעמולט איז דאס נים קיין ענין פרטי פון פיגול צי נותר
וכיו"ב, נאר עס ווערט אן עיקר אין תורה, ווארום תורה זאגט
אז דאס איז "קדשים", און ער איז "מחלל את הקדשים".

עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס זאגט די משנה דעם לשון
"המחלל את הקדשים" און נים "המבזה את הקדשים" (ע"ד ווי
"המבזה את המועדות") - ווארום בשעת ער איז מבזה קדשים,
איז נים דער טייטש אז ער זאגט אז דאס איז נים קדשים, ער
ווייסט אז ס'איז קדשים, נאר ער האלט אז ס'איז נים נויטיק
צו מכבד זיין קדשים, אדער אז ער איז נים מחוייב בזה
(מאיזה סיבה שתהי') - דא איז אבער דער דיוק אז ער איז
"מחלל את הקדשים", ער זאגט אז ס'איז נים קודש, וואס דער
היפך פון קודש איז חול, און דערפאר זאגט די משנה "המחלל
את הקדשים", ער מאכט פון "קדשים" אן ענין של חולין
(כמבואר אין די מפרשי התיבות[214] אז "מחלל" איז מל' חולין).

מח. און אויף דערויף קומט אן עונש מיוחד אז "אין לו חלק
לעולם הבא". והביאור בזה:

דער ענין פון "קדשים" איז פארבונדן מיט מעשה בני אדם,
ווארום רוב עניני קדשים זיינען נים אין אן אופן אז זיי
זיינען קדוש מצ"ע, בידי שמים (אזוי ווי קדושת בכור), נאר
זיי קומען ע"י מעשה האדם,

ער נעמט א חטה פון דעם גאנצן כרי און מאכט דערפון
תרומה, ועד"ז מעשר, און מעשר מן המעשר; ער נעמט א בהמה
און איז איר מקדיש אויף א קרבן - ד.ה. אז דורך פעולת האדם
איז געווארן פון א דבר של חול - "קדשים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'קומט א
צווייטער איד, און שטעלט זיך אנטקעגן אים, און נים אין אן
ענין פרטי, נאר ער זאגט אז יענער האט געמאכט פון א דבר של
חול "קדשים", און ער איז "מחלל את הקדשים", ער מאכט פון
"קדשים" חול, אויך דורך א מעשה פון בנ"א -

קומט אויף דערויף אן עונש מיוחד, ווארום ער איז מהרס
דעם גאנצן סדר פון דעם אויבערשטן ווי ס'איז פארבונדן מיט
מעשה ידי אדם; דער אויבערשטער האט געגעבן כח און מעגליכ-
קייט א אידן, אז דורך זיין מעשה זאל ער קענען מאכן פון א
דבר של חול "קדשים" - איז נים נאר וואס ער טוט דאס נים,

- נאר -

---

214) ראב"ע קדושים יט, ח. מצו"צ עה"פ יחזקאל כב, ח.

נאר אדרבה, ער נעמט אן ענין של "קדשים" וואס א צווייטער איד האט געמאכט פון א דבר הול, און איז "מחלל את הקדשים", ער מאכט דערפון (ע"י פעולתו) אן ענין של חולין - און דערפאר איז "אין לו חלק לעולם הבא".

מט. עד"ז אויך בנוגע צו "המבזה את המועדות":

שבת איז דאך "מקדשא וקיימא"[215], דאס איז אן ענין וואס הייננט ניט אפ אין מעשה ידי אדם, אזוי איז דאס פון ששת ימי בראשית - איז בשעה ער איז מבזה את השבת, איז דאס טאקע א געוואלדיקע עבירה, און ס'קומט אים דערפאר א געוואלדיקער עונש - אבער ניט קיין עונש אז "אין לו חלק לעוה"ב";

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן "המבזה את המועדות", וואס דער ענין פון "מועדות", ימים טובים, איז פארבונדן מיט מעשה בני אדם, ווארום מצ"ע איז דאס א יום חול, נאר "ישראל דקדשינהו לזמנים"[216] דורך דערויף וואס זיי זיינען מקדש את החודש וכו', אידן מאכן דערפון אן ענין של קודש, "מועדות",

[וואס דערפאר ווערן די ימים טובים אנגערופן "מקראי קודש"[217], ווי ער טייטשט אפ אין זהר[218] ובכ"מ, אז מ'איז קורא ומכשיך אהינצו דעם ענין פון "קודש"] -

איז בשעה ער איז "מבזה את המועדות", ד.ה. ער נעמט אן ענין של קודש וואס איז געווארן דורך מעשה בנ"א (די פעולה פון אידן), און איז דאס מהפך, ער איז דאס "מבזה" - איז "אין לו חלק לעוה"ב", ע"ד ווי גערעדט בנוגע צו "המחלל את הקדשים".

נ. עד"ז אויך בנוגע צו "המלבין פני חבירו ברבים":

דער אויפטו פון "חבירו" (בפשטות הענינים און אויך בנוגע להלכה וכו') איז, אז ער איז מחוייב בכבודו מערער ווי בנוגע צו אנדערע מענטשן, ביז ווי די משנה זאגט אין אבות[219] אז ס'דארף זיין "כבוד חברך כמורא רבך".

וואס ווען ס'קומען זיך צוזאמען עטליכע מענטשן, דעמולט איז מערער מודגש אז דאס איז "חבירו", ווארום בשעת ס'געפינען זיך צוויי מענטשן אליין, איז ניט מודגש אז דאס איז זיין חבר. ד.ה. ס'איז ניט מודגש אז צו א צווייטן וואלט ער זיך מתייחס געווען באופן אחר ווי צו זיין חבר;

- דוקא -

---

215) ביצה יז, א. 216) ברכות מט, א. 217) אמור כג, ב. ד. 218) ח"ג צד, א. 219) פ"ד מי"ב.

דוקא ווען ס'איז "ברבים", דעמולט איז מודגש אז דאס איז "חבירו".

און כללות הענין פון א חבר איז דאך אויך פארבונדן מיט מעשה בני אדם, ווארום דאס הייבגט אפ אין בחירת ורצון און פעולת האדם -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער איז "מלבין פני חבירו ברבים", ער נוצט אויס דאס וואס יענער איז זיין חבר (און ער איז יענעמ'ס חבר), אן ענין וואס איז געקומען דורך מעשה האדם - און מאכט דערפון גופא אן ענין הפכי (ניט קיין נייטראלע זאך, נאר אן ענין הפכי, "מלבין פני חבירו ברבים"),

ווי מ'זעט בפועל אז בשעת די הלבנה פנים קומט פון א פרעמדן מענטשן (אדער אפי' ניט קיין פרעמדער מענטש - אבער ניט זיין נאענטער חבר) - איז דער "אזיל סומקא ואתי חיורא" ניט אויף אזוי פיל ווי דאס איז בשעת די הלבנה פנים קומט פון "חבירו" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ער איז "מלבין פני חבירו ברבים" (וואס דעמולט איז מודגש ביותר אז דאס איז "חבירו", כנ"ל) - נוצט ער אויס אן ענין וואס איז געטאן געווארן ע"י פעולת האדם, אויף אן ענין הפכי:

און דערפאר איז "אין לו חלק לעוה"ב" - בדוגמא ווי "המחלל את הקדשים והמבזה את המועדות" (וואס ער נעמט אן ענין של קדושה וואס איז געטאן געווארן ע"י מעשה בנ"י, און מאכט דערפון אן ענין הפכי).

נא. עד"ז אויך בנוגע צו "המפר בריתו של אברהם אבינו":

בשעת מ'איז ניט מקיים מצות מילה (מאיזה סיבה שהוי', באונס, בין במזיד וברצון רח"ל) - איז וויבאלד אז ער וויל ניט מקיים זיין דעם אויבערשטנ'ס א מצוה, קומט אים דערפאר אן עונש כרת, אבער אזא כרת וואס דערנאך האט ער א חלק לעוה"ב (ווי געבראכט פריער (סל"ז) פון רמב"ן);

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן "בריתו של אברהם אבינו", די "ברית עולם"[220] וואס אברהם אבינו האט כורת געווען מיטן אויבערשטן - און ער איז מדגיש אז דאס איז "בריתו של אברהם אבינו", ער ווייסט אז דאס איז א ברית וואס אברהם אבינו (אויך אביו) האט כורת געווען מיטן אויבערשטן, און אעפ"כ קומט ער און איז "מפר בריתו של אברהם אבינו",

קומט אויס אז ער נעמט אן ענין של קדושה וואס האט זיך

- אויפגעטאן -

-------------

220) לך לך יז, יג.

אויפגעטאן ע"י מעשה ידי אדם - "בדיתו של אברהם אבינו",
און ער איז דאס מהפך אין דעם קצה ההפכי, ער איז "מפר
בריתו של אברהם אבינו" - איז "אין לו חלק לעוה"ב" (ע"ד
ווי אין די פריערדיקע ענינים).

נב. עד"ז אויך בנוגע צו "המגלה פנים בתורה שלא כהלכה":

ווי אזוי איז ער צוגעקומען צו דעם ענין פון לימוד
התורה - איז דאס ווי ס'שטייט אין אנהויב פון פרקי אבות
"משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע וכו'" ביז אז ס'איז
אנגעקומען צו "אנשי כנסת הגדולה", און זיי האבן געזאגט
"העמידו תלמידים הרבה" - ובמילא איז געקומען זיין מלמד
און ראש ישיבה און האט מיט אים געלערנט תורה (וואס דער
מלמד האט געלערנט תורה ביי זיין מלמד, און אזוי ווייטער
ביז צו "אנשי כנסת הגדולה", ביז צו משה רבינו - וואס
דערפאר ווערט דאך יעדער ת"ת אנגערופן בשם משה[221], ווי דער
אלטער רבי איז דאס מבאר[222]).

און דער טעם פארוואס זיין מלמד האט געלערנט מיט אים
תורה איז - דערפאר וואס דאס איז תורתו של הקב"ה, און דער
אויבערשטער וויל אז מ'זאל לערנען זיין תורה אין אן אופן
פון לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא[223], כדי אז מ'זאל וויסן ווי
אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער וויל טאן אן
ענין וואס איז היפך התורה, קומט אים דערפאר אן עונש (פאר
אן איסור לאו קומט אים מלקות, און פאר אן איסור חמור יותר,
קומט אים אן עונש חמור יותר);

ווען ער נעמט אבער די תורה וואס מ'האט געלערנט מיט
אים (וואס די כוונה וואס מ'האט געלערנט מיט אים איז
געווען כדי אז ער זאל זיך פירן ע"פ התורה, אדער עכ"פ אז
די תורה זאל ביי אים בלייבן ווי די איז - ניט אין אן אופן
הפכי), און איז "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה", ד.ה. ער
זאגט ניט אז ער וויל ניט מקיים זיין רצונו של הקב"ה, נאר
ער איז "מגלה פנים בתורה שלא כהלכה", ער זאגט אז אזוי
זאגט תורה -

איז וויבאלד אז ער נעמט אן ענין של קדושה וואס האט
זיך אויפגעטאן דורך מעשה ידי אדם, ער נעמט די תורה וואס
זיין מלמד (און דער מלמד פון זיין מלמד, ביז צו משה רבינו)
האט געלערנט מיט אים, און נוצט דאס אויס אויף אן ענין

- הפכי -

------------

221) ראה פרש"י ד"ה משה - חולין צג, א. 222) תו"א
יתרו סח, ג. 223) יומא כו, א.

הפכי, ער איז "מגלה פנים בהורה שלא כהלכה" - איז "אין לו חלק לעוה"ב" (ע"ד ווי דאס איז אין די פריערדיקע ענינים).

נג. דערנאך איז די משנה מסיים - "אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעולם הבא". והביאור בזה:

יעדער מענטש איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ענינים: דער ענין פון תורה, וואס דאס איז פארבונדן מיט רוחניות ומהלך הנפש; און דער ענין פון מעשים טובים, מעשה, דער ענין פון פעולת הגוף - וואס איןביידע ענינים האט ער די שליחות פון דעם אויבערשטן.

וואס די שליחות פון דעם אויבערשטן דערגרייכט צו אים דורך די וואס לערנען מיט אים ווי אזוי עס דארף זיין דער ענין פון לימוד התורה, און דורך די וואס באווייזן אים און זיינען אים מחנך ווי אזוי ער דארף זיך פירן בנוגע למעשה בפועל (כנ"ל סנ"ב).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'וואלט געקענט זאגן אז אע"פ אז איין מאל איז ער טאקע "מחלל את הקדשים", ער נעמט אן ענין וואס א צווייטער איד האט געמאכט דערפון "קדשים" און איז דאס מחלל, אבער אעפ"כ, וויבאלד אז "יש בידו תורה ומעשים טובים", וואס די תורה ומעש"ט שלו זיינען אויך פארבונדן מיט מעשה בני אדם פון א צווייטן אידן (דער וואס האט מיט אים געלערנט תורה, און האט אים מחנך געווען צו מעש"ט), און דאס איז ביי אים אין אן אופן אז "יש <u>בידו</u>" - דארף דאס שולל זיין דעם ענין ההפכי פון "המחלל את הקדשים" (ווארום ער האט ביי זיך ("יש בידו") די תורה ומעש"ט וועלכע זיינען אויך געקומען דורך א פעולה פון א אידן);

באווארענט די משנה אז "אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעוה"ב", די תורה ומעש"ט שלו זיינען ניט שולל דעם ענין פון "המחלל את הקדשים וכו'" - והביאור בזה:

דאס וואס "יש בידו תורה ומעשים טובים" איז ניט זיין אויפטו - ווארום עד האט מערניט ווי מקבל געווען דאס וואס מ'האט געלערנט מיט אים, און דערנאך איז געווען דער ענין פון "תן לחכם ויחכם עוד"[224] - משא"כ בנוגע צו "המחלל את הקדשים", וואס דא האט ער אויפגעטאן א דבר <u>חדש</u>, ער האט גענומען אן ענין של "קדשים" און האט געמאכט דערפון אן ענין של חול - און דערפאר איז "אע"פ שיש בידו תורה ומעשים טובים", קען דאס ניט שולל זיין דעם ענין פון "המחלל את הקדשים וכו'", און "אין לו חלק לעוה"ב".

- נד. -

-------------

224) משלי ט, ט.

נד. און די אלע פינף ענינים וואס די משנה רעכנט אויס - זיינען כולל אלע ענינים:

דער ענין פון "(המחלל את ה)קדשים" איז פארבונדן מיט דעם ענין המקום, ווארום "קדשים" איז פארבונדן אדער מיט א מקום קדוש, אדער מיט א דבר גשמי מקודש, וואס דער דבר גשמי האט די אלע ששה קצוות און איז אין דער מדידה פון מקום.

דער ענין פון "(המבזה את ה)מועדות" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון זמן - וואס זמן ומקום זיינען כולל אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות[225].

דערנאך קומט דער ענין וואס איז מורם פון גאנץ סדר השתלשלות - וואס דאס זיינען אידן, און אין דערויף זיינען דא צוויי פרטים: בנוגע צו א צווייטן אידן - דער ענין פון "המלבין פני חבירו ברבים", און בנוגע צו זיך אליין - "המפר בריתו של אברהם אבינו".

דאס איז אבער פארבונדן מערניט ווי מיטן גוף פון א אידן, ווי דער פסוק איז אליין מדגיש אז דאס איז "בריתי בבשרכם" -

און דערנאך קומט דער ענין וואס איז פארבונדן מיט דער נשמה פון א אידן, דער ענין פון תורה - "המגלה פנים בתורה כו׳".

וואס בנוגע צו די אלע פינף זאכן, רעדט זיך דאך וועגן דעם וואס מ׳נעמט אן ענין של קדושה, און מ׳מאכט דערפון דעם היפך - און אין דערויף איז אויך דא די שלילה פון דעם ענין, אז "יש בידו תורה ומעשים טובים".

נה. און אויף דערויף איז מען מוסיף[226], אז דאס איז אלץ אויב ער האט ניט תשובה געטאן; אבער אויב ער טוט תשובה, איז "אין לך דבר שעומד בפני התשובה"[227], און דעמאלט האט ער א חלק לעוה"ב, ביז וואנעט אז "זדונות נעשו לו כזכיות"[125].

וואס דאס איז דער אויפטו פון דעם ענין התשובה - אז בשעת א איד טוט תשובה ווי עס דארף צו זיין, ער פועל׳ט ביי זיך צו מהפך זיין טבעו און מקיים זיין ציווי הקב"ה, איז ווי־באלד אז "את העולם נתן בלבם"[228], פועל׳ט ער אויף דער גאנצער וועלט (כולל אויך אויף די אוה"ע, וואס א טייל פון

- זיי -

------------

225) ראה שעהיוה"א פ"ז (פב, רע"א). 226) מד"ש לאבות כאן. וראה ג"כ ירושלמי שם (הובא בפיהמ"ש להרמב"ם וברע"ב כאן). רע"ב והויו"ט כאן. 227) ירושלמי שם. רמב"ם הל׳ תשובה ספ"ג. 228) קהלת ג, יא.

זיי פירן זיך לפעמים אין אן אופן וואס איז היפך פון רצון ה׳), און איז מהפך די וועלט, אין אן אופן אז די ענינים וואס זיינען געווען שלא כדבעי, איז ניט נאר אז זיי זיינען ניט מבלבל ומעלים ומסתיר, נאר אדרבה, זיי ווערן נאך מסייעים, ע"ד ווי אין דעם ענין התשובה אז "זדונות נעשו לו כזכיות".

ביז וואנעט אז ס׳ווערט "ועמדו זרים ורעו צאנכם"[229], ווי די גמרא זאגט אין ברכות[230], אז ווען אידן פירן זיך אין אן אופן אז "עושין רצונו של מקום", דעמולט איז דער סדר אז "ועמדו זרים ורעו צאנכם" - וואס דער פסוק איז מדגיש אז זיי זיינען "זרים", און אעפ"כ, איז ניט נאר אז זיי זיינען ניט מבלבל, נאר אדרבה, "ורעו צאנכם", וואס דורך דעם קען זיך א איד פארנעמען מיט די ענינים פון אידישקייט, לימוד התורה וקיום המצוות, בהרחבה ובשמחה ובטוב לבב.

וואס דאס קומט בהמשך להמדובר לעיל (ס"ח-ט) אז לכאורה קען מען נתפעל ווערן דערפון וואס מ׳האט צוטאן מיט א וועלט וואס זעט אויס ווי "ארץ כנען" האט אויסגעזעהן בזמן המרגלים - דארף מען דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום מ׳האט די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז "סר צלם מעליהם וה׳ אתנו אל תיראום",

און בשעה א איד שטייט אין א מעמד ומצב פון "אל תיראום", ער שרעקט זיך ניט פאר וועלט און וועלט׳שקייט - דעמולט ווערט דער ענין פון "לחמנו הם", און "עלה נעלה וירשנו אותה" (די גאנצע וועלט) ברוחניוה, און אויך ווי די ענינים זיינען כפשוטם - ווארום "מאן מלכא רבנן"[231], און ווי ס׳שטייט אין נבואת הגאולה[232] "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך",

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

נו. בנוגע צו די דיוקים אין פרש"י וועלכע זיינען נאך ניט נתבאר געווארן - ועכ"פ בקיצור:

ביים בן חמש למקרא ווערט א קושיא: פארוואס שטייט אין פסוק "ומן הרמונים ומן התאנים" (פריער רמונים און דערנאך תאנים), לכאו׳ האבן די מרגלים געדארפט נעמען פריער תאנים און דערנאך רמונים -

ווארום: דער בן חמש למקרא האט א גוטן זכרון, ער איז

- נאך -

---

229) ישעי׳ סא, ה. 230) לה, ב. 231) ראה גיטין סב, סע"א. 232) ישעי׳ מט, כג.

נאָן נ־ט פאַרטומל'ט פון די ענינים פון הבלי עוה"ז, געדיינקט ער דאָס וואָס ער האָט געלערנט אין חומש און אין פרש"י,

געדיינקט ער דאָס וואָס רש"י טייטשט אָפּ אויפן פסוק "ויהפרו עלה תאנה"[233] - "הוא העץ שאכלו ממנו בדבר שנתקלקלו בו נתקנו", אַז דער עץ הדעת איז געווען תאנה[234].

וואָס אין ג"ע זיינען דאָך געווען "כל עץ נחמד למראה וטוב למאכל"[235], און צווישן זיי גופא איז געווען אַן עץ וואָס איז געווען "תאוה הוא לעינים ונחמד העץ להשכיל"[236], וואָס דאָס איז געווען אַ "תאנה" - וואָס דערפון זעט דער בן חמש למקרא אַז אַ תאנה איז אַ פרי וואָס איז "תאוה הוא לעינים וגו'".

איז לכאו', וויבאַלד אַז די מרגלים האָבן געוואָלט באַווייזן אידן די פירות פון א"י, דאַרף מען צום אַלעם ערשטן ברענגען די פירות וואָס זיינען "תאוה הוא לעינים", תאנים, איז פאַרוואָס האָבן זיי גענומען "מן הרמונים ומן התאנים" (פריער רמונים און דערנאָך תאנים)?

זאָגט אויף דערויף רש"י, אַז באמת האָבן זיי טאַקע גענומען פריער תאנים און דערנאָך רמונים - "אחד נטל תאנה ואחד (וויבאַלד ער האָט ניט געהאַט וואָס צו נעמען, האָט ער גענומען) רמון" (פריער תאנה און דערנאָך רמון);

און דאָס וואָס ס'שטייט אין פסוק "ומן הרמונים ומן התאנים" - איז דאָס דערפאַר וואָס דער פסוק באַציט זיך צו דעם ענין פון "וישאוהו", ווי אַזוי האָט מען געטראָגן די פירות, וואָס בנוגע צו דעם סדר ווי מ'האָט געטראָגן, איז געווען דער סדר "ומן הרמונים ומן התאנים". והביאור בזה:

דער סדר ווי מ'טראָגט זאַכן איז, אָדער אין אַן אופן פון מלמטלמ"ע, פריער די גרינגע זאַך און דערנאָך די שווערע זאַך, אָדער מלמעלמ"ט, פריער די שווערע זאַך און דערנאָך די גרינגע זאַך;

און וויבאַלד אַז די ערשטע זאַך איז געווען "ויכרתו משם זמורה ואשכול ענבים אחד", וואָס דאָס איז געווען די שווערסטע זאַך, וואָס דערפאַר האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו "וישאוהו במוט בשנים", ביז אַז "שכונה נטלו אשכול" - איז פאַרשטאַנדיק, אַז דערנאָך האָבן זיי גענומען דעם רמון און ערשט דערנאָך די תאנה (אע"פ אַז לכתחלה האָבן זיי גענומען די תאנה, וויבאַלד אַז "תאוה הוא לעינים", כנ"ל), וואָרום דער בן חמש ווייסט אויך אַז אַ רמון איז גרעסער פון אַ תאנה (און דאָ האָבן זיי געטראָגן פריער די שווערע זאַכן).

- וואָס -

------------

233) בראשית ג, ז. 234) סנהדרין ע, ריש ע"ב.
235) בראשית ב, ט. 236) שם ג, ו.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת מ'האט געשניטן דעם "פרי הארץ", האט מען געשניטן פריער דאס וואס עס ווארפט זיך מערער אין די אויגן - און דערפאר זאגט רש"י "אחד נטל תאנה ואחד רמון", וויבאלד אז תאנה איז "תאוה הוא לעינים"; אבער בשעת מ'האט געטראגן די פירות, האט מען געטראגן פריער די שווערע פירות, און דערפאר האט מען פריער געטראגן דעם "אשכול ענבים", און דערנאך "מן הרמונים" און ערשט דערנאך "מן התאנים".

נז. א ביאור נוסף פארוואס קען רש"י ניט אנעמען דעם פירוש (וואס מ'האט געבראכט פריער (סל"א)) אז שנים נטלו אשכול, חמשה נטלו רמונים וחמשה נטלו תאנים (נוסף על האמור לעיל (סמ"ב)):

לכאו' איז דא נאך א פליאה אין דעם פסוק:

דער בן חמש למקרא ווייסט אז אין א"י זיינען פאראן כו"כ סוגי פירות, ער ווייסט אז ס'זיינען דא די שבעה פירות שנשתבחה בהם א"י, "ארץ חטה ושעורה גו' זית שמן ודבש"[103],

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז די מרגלים האבן געוואלט ברענגען פון "פרי הארץ" כדי צו באווייזן אידן אז "כשם שפרי' משונה כך עמה משונה" - איז פארוואס האבן זיי זיך באגנוגנט מיט ברענגען מערניט ווי דריי סוגי פירות?

איז אויב רש"י וועט זאגן אז שנים נטלו אשכול, חמשה נטלו רמונים וחמשה נטלו תאנים - וועט דעמולט די קושיא: אנשטאט ברענגען חמשה רמונים און חמשה תאנים, האט מען געדארפט בעסער ברענגען אנדערע סוגי פירות, לכה"פ איינער פון יעדער סוג - ס'איז היפך פשוטו של מקרא אז מ'זאל ברענגען מערניט ווי דריי סוגים, און חמשה פון יעדער סוג?!

דערפאר מוז רש"י לערנען אז יעדערער פון די מרגלים האט געטראגן דעם גאנצן משא וואס ער האט נאר געקענט טראגן, און מער האט ער ניט געקענט טראגן, ער האט ניט געהאט קיין כח -

און דערפאר זאגט רש"י "שמונה נטלו אשכול", וואס וויבאלד אז דער אשכול איז געווען אזוי שווער ביז וואנעט אז מ'האט געדארפט האבן אכט מענטשן אויף צו טראגן, איז פארשטאנדיק אז די וואס האבן געטראגן דעם אשכול האבן ניט געקענט טראגן אנדערע פירות[237].

- ועד"ז -

------------

237) ראה גם משכיל לדוד עה"פ.

 הנחה הה' בלתי מוגה

ועד"ז "אחד נטל תאנה ואחד רמון", וואס די פירוה זיינען געווען גרוים עד כדי כך אז דער וואס האט געטראגן די תאנה ועד"ז דעם רמון, האט ער ניט געהאט קיין כח טראגן נאך עפעס -

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס מ'האט ניט געבראכט נאך סוגי פירות, ווייל ס'איז ניט געווען ווער ס'זאל זיי טראגן (וויבאלד אז יהושע וכלב האבן ניט געוואלט טראגן די פירות).

נח. עס בלייבט נאך אבער א קושיא בנוגע צו יהושע וכלב:

וויבאלד אז <u>אלע</u> מרגלים (כולל אויך יהושע וכלב האבן געהאט א ציווי פון משה רבינו "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ" - און ס'זיינען נאך געווען פירות אין א"י וועלכע די צען מרגלים האבן ניט גענומען (דערפאר וואס זיי האבן ניט געקענט טראגן מערער), זיתים צי המרים וכיו"ב - איז ווי קומט דאס אז יהושע וכלב האבן ניט גענומען די אנדערע סוגי פירות, זיי האבן דאך אויך געהאט דעם ציווי "וההחזקתם ולקחתם מפרי הארץ"?

דארף דאס רש"י ניט פארענטפערן - כאמור לעיל אז דער גליק איז אז דער בן חמש למקרא געדיינקט דאס וואס ער האט געלערנט, במילא פרעגט ער אינגאנצן ניט די קושיא:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין פ' קדושים[238] (פאר פ' שלח) אז ס'איז דא דער ציווי הקב"ה אז "לפני עור לא תתן מכשול";

און וויבאלד אז יהושע וכלב האבן דערהערט און דערפילט און פארשטאנען אז כוונת המרגלים מיטן ברענגען די פירוה איז "להוציא דבה נהכוונו, כשם שפרי' משונה כך עמה כשונה" - האבן זיי ניט געטארט ברענגען "פרי הארץ" מצד דעם איסור פון "לפני עור לא תתן מכשול".

וואס אפי' ווען משה רבינו וואלט זיי געהייסן ברענגען פון "פרי הארץ" טארן זיי אויך ניט ברענגען מצד דעם ציווי פון "לפני עור", ווארום "דברי הרב ודברי התלמיד דברי מי שומעין"[239] - מ'דארף אבער דערצו ניט אנקומען, ווארום ביי זיי איז געווען בפשיטות אז משה רבינו וועט זיי ניט הייסן עובר זיין אויפן ציווי פון "לפני עור לא תתן מכשול";

ווארום דאס וואס משה רבינו האט געהייסן די מרגלים (ובכללם אויך יהושע וכלב) "וההחזקתם ולקחתם מפרי הארץ" - האט שוין רש"י באווארענט לפנ"ז אז "אותה שעה <u>כשרים</u> היו",

- איז -

------------

238) יט, יד. 239) סנהדרין כט, סע"א. וש"נ. פרש"י בראשית שם, יד.

איז זיכער אז זייער כוונה דעמולט מיט ברענגען די פירות איז געווען אויף צו באווייזן אז "טובה הארץ מאד מאד"[240] - אבער בשעת יהושע וכלב האבן געזעהן אז כוונת המרגלים איז "להוציא דבה נהכוונו, כשם שפרי' משונה כך עמה משונה", האבן זיי שוין ניט געטארט ברענגען "פרי הארץ" צוליב דעם איסור פון "לפני עור לא תתן מכשול".

נט. איך יעדער ענין דארף מען דאך האבן א הוראה אין עבודת ה' - ועד"ז בענינננו:

א איד קען טראכטן אז בשעת דער אויבערשטער גיט א געוויסע זאך בעולמו - איז אויב עס ווייזט זיך אוים אז דאס איז אן ענין וואס כולו טוב, דארף מען אין דערויף גארניט באווארענען, ווארום ס'איז מעצמו טוב; ועד"ז לאידך, אויב ס'איז א זאך וואס עס ווייזט זיך אוים אז כולו איז היפך הטוב, האט ער ניט בכח צו משנה זיין די זאך מן הקצה אל הקצה -

אויף דערויף איז די הוראה פון סיפור המרגלים אז ס'איז ניט אזוי:

משה רבינו איז דאך געווען הכלית הטוב, און ער האט געוואלט אז ס'זאל זיין "טוב לישראל", און טוב פאר יהושע וכלב, און טוב פאר אלע מרגלים,

און ער האט זיי אנגעזאגט "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ" - ווי מפרשים[241] זיינען מבאר דאס וואס משה רבינו האט זיי געזאגט "והתחזקתם ולקחתם גו'"

[וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס דארף מען האבן א חוזק מיוחד אויף "ויכרהו משם זמורה גו'", מה-דאך אז מ'האט דאס געקענט טראגן, איז עאכו"כ אז אויפן "ולקחתם" דארף מען ניט האבן קיין חוזק מיוחד?]

אז דאס איז דערפאר וואס ס'איז געווען א סכנה בדבר - ווארום ווען די כנענים וואלטן געזעהן אז זיי פארקען זיך און נעמען "מפרי הארץ", וואלטן זיי פארשטאנען אז ס'איז ניט קיין גלאטע זאך, און זיי וואלטן גערעכנט אז זיי זיינען מרגלים - איז ווי באלד אז זיי האבן געדארפט גיין אהינצו אלס מרגלים, און זיי האבן דאך מורא געהאט (ביז וואנעט אז "ונהי בעינינו כחגבים וכן היינו בעיניהם"[242]) - האט זיי משה רבינו געזאגט "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ", אז זיי זאלן ביי זיך פועל'ן א חיזוק אין נפש, און ניט דערשרעקן זיך, און נעמען "מפרי הארץ",

- וואס -

---

240) פרשתנו יד. ז. 241) רמב"ן. ועוד. 242) פרשתנו ג, לג.

וואס דערפון זעט מען דאך אז עד כדי כך איז נוגע דער ענין אז מ'זאל ברענגען צו אידן "מפרי הארץ" (דערפאר וואס דאס איז נוגע צום "עלה נעלה וירשנו אותה"), ביז וואנעט אז ער האט זיי געהייסן "והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ".

וואס לכאו', אפי' אויב מ'וועט ניט ברענגען "מפרי הארץ", האט מען דאך די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז דאס איז אן "ארץ זבת חלב ודבש", און אויך: די מרגלים קענען דערציילן אז "השמנה היא" און אז "יש בה עץ" וכו', און זאגן אז דארטן וואקסן גוטע און שיינע פירות, מיט אלע גוטע זאכן -

האט אבער משה רבינו געזאגט די מרגלים, אז כדי לשפר את הדבר, און מאכן דאס מער בוודאות (אז אידן זאלן אליין זעהן "פרי הארץ"), זאלן זיי זיך איינשטעלן בסכנה, און ברענגען פון "פרי הארץ".

און אעפ"כ - זעט מען אז די מרגלים האבן דערפון געמאכט אן ענין הפכי לגמרי, זיי האבן געזאגט אז "כשם שפריו משונה כך עמה משונה", און אז "עז העם היושב בארץ", מיט אלע זאכן וואס זיי האבן דערציילט - וואס ווען זיי וואלטן ניט געבראכט די פירות, וואלטן זיי ניט געקענט אויף אזוי פיל מפחיד זיין די אידן.

וואס דערפון זעט מען אז ס'קען זיין אן ענין וואס משה רבינו הייסט טאן, כדי אז דערפון זאל ארויסקומען א חיזוק און א הוספה און א הידור לפנים מהידור אין אן ענין טוב - און אעפ"כ, זאלן די מרגלים מאכן דערפון אן ענין הפכי לגמרי.

ס. אין דערויף איז דא נאך אן ענין (אע"פ אז איך האב דאס ניט געפונען, אבער אזוי לייגט זיך בשכל הפשוט. און טאמער וועט איינער וועלן זאגן פארקערט, האב איך ניט קיין פאריבל אויף אים):

בשעת משה רבינו האט געשיקט די מרגלים, זיינען זיי דאך געווען אין אן אופן אז "אותה שעה כשרים היו", נאר דערנאך האבן די צען מרגלים ניט ממלא געווען שליחותו של משה רבינו - ווערט די שאלה בנוגע צו יהושע וכלב, צי זיי זיינען געבליבן שלוחים של משה רבינו (ד.ה. אז זיי האבן ממלא געווען די שליחות) אויך נאך דערויף וואס די צען מרגלים האבן ניט ממלא געווען די שליחות?

וואס די שאלה בזה איז - ווי אזוי איז געווען דער אופן השליחות: משה רבינו האט איבערגעגעבן צו צוועלף מענטשן צוועלף שליחות'ן, נאר ער האט זיי געהייסן אז זיי זאלן גיין צוזאמען, וואס דעמולט קען איינער פון זיי ממלא זיין שליחותו אע"פ אז דער צווייטער האט ניט ממלא געווען די שליחות;

- אדער -

אדער אז דאס איז געווען איין שליחות, נאר אזוי ווי דאס איז א מלאכה שאא"פ לעשותה ע"י אחד, דארף דאס אפגעטאן ווערן דורך צוועלף מענטשן, און דעמולט קומט אויס אז בשעה א טייל פון זיי זיינען ניט ממלא די שליחות, ווערט די שליחות בטל, ווארום ס'איז איין שליחות.

וואס בפשטות דארף מען זאגן, אז וויבאלד יהושע וכלב האבן געוואלט מקיים זיין די שליחות, און דערנאך ווען זיי זיינען געקומען צוריק, איז "ויהס כלב את העם אל משה"[243], און זיי האבן געזאגט אז "טובה הארץ מאד מאד", און זיי האבן דאס געטאן אין אן אופן אז זיי האבן זיך איינגעשטעלט אין סכנת נפשות ממש, ווי עס ווערט דערציילט אין חומש[244] - איז פארוואס זאל זיי קומען אזא עונש אז זיי זאלן ניט זוכה זיין ממלא זיין שליחותו של משה רבינו?! - דארף מען זאגן אז זיי האבן טאקע ממלא געווען די שליחות.

סא. והביאור בזה:

מ'זעט אז בשעת ס'איז נגזר געווארן די גזירה אויף די אידן וואס האבן געפאלגט די מרגלים אז זיי וועלן ניט אריינ-גיין אין א"י, האט מען גלייך געזאגט אז יהושע וכלב וועלן יע אריינגיין אין א"י, און נאכמער: "יהושע בן נון וכלב בן יפונה חיו מן האנשים ההם" - "נטלו חלקם של מרגלים בארץ וקמו תחתיהם לחיים"[245], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער חלק וואס די מרגלים האבן געדארפט אויפטאן, האבן יהושע וכלב אויפגעטאן, וואס דערפאר איז דערנאך ארויסגעקומען אז "נטלו חלקם של מרגלים בארץ".

וואס אע"פ אז די שליחות איז בטלה ברובה (ווארום צען מרגלים האבן ניט מקיים געווען די שליחות), איז ווי קענען דאס צוויי מקיים זיין, די שליחות איז דאך געגעבן געווארן צו אלע צוועלף?

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז "ויהס כלב את העם", און האט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן אלע צען מרגלים - און דערנאך איז נתגלה געווארן דער אמת, ביז וואנעט אז אפילו נאך דערויף וואס "ויבכו העם בלילה ההוא"[246], האט מען דערנאך חרטה געהאט דערפון, ביז אז "וישכימו בבוקר ויעלו אל ראש ההר לאמר הננו ועלינו אל המקום אשר אמר ה'"[247] - איז פארשטאנדיק, אז יהושע וכלב האבן אפגעטאן זייער טייל, און נאכמער: זיי האבן אויך משלים געווען דעם טייל וואס די צען מרגלים האבן געדארפט טאן.

- וכמובן -

---

243) פרשתנו יג, ל ובפרש"י. 244) שם יד, י ובפרש"י. 245) שם, לח ובפרש"י. 246) שם, א. 247) שם, מ.

וכמובן בפשטות אז דא איז געווען דער חסרון ניט נאר פון די מרגלים, נאר אויך פון די אידן וואס האבן געהערט די מרגלים - ווארום ווען אידן וואלטן זיך צוגעהערט צו כלב ווען ס'איז געווען "ויהס כלב את העם" (איידער ס'איז געקומען דער צוריק-ענטפער פון די מרגלים), וואלט זיך אפגעטאן דער מילוי השליחות, און ס'וואלט געווען דער "עלה נעלה וירשנו אותה" - וואס דעמולט איז מערניט נוגע דאס וואס די איבעריקע מרגלים האבן געזאגט, דער עיקר איז אז די שליחות פון משה רבינו האט זיך דורכגעפירט;

דא איז אבער געווען דער חסרון אויך מצד די שומעים, אז זיי האבן זיך צוגעהערט צו דעם וואס די מרגלים זאגן, איז אע"פ אז די סיבה הראשונה דערצו איז טאקע די צען מרגלים, איז אבער דערנאך אויך געווען דער חסרון מצד די אידן השומעים - ובמילא איז פארשטאנדיק אז מ'קען זאגן אז יהושע וכלב מצ"ע האבן ממלא געווען שליחותו של משה רבינו, ביז וואנעט אז זיי האבן אויך משלים געווען דאס וואס די צען מרגלים האבן געדארפט אויפטאן, וואס דערפאר איז "נטלו חלקם של מרגלים בארץ".

ובכל אופן - בנוגע צו דער שקו"ט אין דעם ענין השליחות, ווען מ'גיט איבער א שליחות צו כמה אנשים ביחד, און דערנאך איז איינער משנה פון דער שליחות, און דער צווייטער איז מקיים די שליחות - צי דאס הייסט אז דאס איז פונקט ווי דער משלח האט דאס געטאן, בכחו ובשלימותו, אדער אז דאס איז א באזונדער ענין, וויבאלד אז די שליחות איז בטל געווארן -

איז בנוגע למעשה בפועל זאגט דאך דער פסוק קלאר אז "יהושע בן נון וכלב בן יפונה חיו מן האנשים ההם", און ווי רש"י איז מסביר אז "נטלו חלקם של מרגלים בארץ" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז יהושע וכלב האבן ממלא געווען שליחותו של משה רבינו.

סב. דערפון קומט ארויס נאך א הוראה:

בשעת מ'טרעפט א אידן וואס פירט זיך שלא כדבעי, און ער הארעוועט מיט אים און טענה'ט זיך אויס מיט אים ער זאל זיך פירן כדבעי, ער האט שוין גערעדט מיט אים 99 מאל און ס'האט ניט געהאלפן - זאגט מען אים אז ס'איז דא דער ציווי ההורה "הוכח תוכיח את עמיתך"[248], און ווי די גמרא[249] זאגט "אפילו מאה פעמים".

- טענה'ט -

------------

248) קדושים יט, יז. 249) ב"מ לא, א.

מענה׳ט ער אבער: וואס איז ארויסגעקומען דערפון וואס ער האט גערעדט מיט יענעם 99 מאל; ער האט טאקע מקיים געווען דעם ציווי פון "הוכח תוכיח את עמיתך", כמבואר אין פוסקים[250] אז דער ציווי פון "הוכח תוכיח" איז לאו דוקא אויב ער ווייסט אז יענער וועט דאס מקיים זיין - אבער אעפ"כ, וואס האט דאס אויפגעטאן בנוגע לפועל?

זאגט מען אים אז ער דארף טאן אפי׳ על הספק, און אפי׳ אויף א ספק ספיקא, ווארום כולי האי ואולי וועט דאס אויפטאן אויף יענעם. און אפי׳ אויב ער האט שוין געפרואווט 99 מאל כפשוטו (ניט קיין לשון של גוזמא), דארף ער זיך ניט אפשטעלן, און ער דארף רעדן מיט אים דעם הונדערטסטן מאל.

דערנאך זאגט מען אים נאכמער:

אפי׳ אין א פאל וואס ס׳איז געווען א מלאכה שנעשתה ע"י שנים; ער האט גערעדט מיט יענעם אידן, און א צווייטער און א דריטער האט אויך גערעדט און געטאן מיט יענעם אידן - און דערנאך האט זיך איינער אפגעזאגט דערפון דערפאר וואס ער האט זיך מייאש געווען, דערזעהנדיק אז עס פועל׳ט ניט אויף יענעם - דארף ער ניט נתפעל ווערן דערפון, און ער דארף ממשיך זיין ווייטער טאן מיט יענעם אידן.

ווארום פונקט אזוי ווי ער גלויבט אין דעם אויבערשטן און אין תומ"צ, און ער גלויבט אין דער נצחיות פון תורה ומצוותי׳ - דארף ער אויך גלויבן אין דער נצחיות וואס איז דא ביי יעדער אידן, ווי מ׳זאגט אין דער הקדמה צו פרקי אבות "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב שנאמר[251] ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ נצר מטעי מעשה ידי להתפאר", אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז א נצחי, איז עד"ז א איד ("נצר מטעי מעשה ידי") אויך א נצחי;

ס׳איז מערניט וואס ס׳קען זיין צוגעדעקט מיט ענינים בלתי טהורים ובלתי רצויים - דארף מען זיך ניט פוילן, נאר מ׳דארף גראבן און גראבן, ביז וואנעט אז מ׳וועט זיך דערגראבן צו דעם עצם פון א אידן, צו זיין עצמיות ופנימיות, וואס דאס איז זיין אמת׳ער מהות - וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז מ׳וועט געפינען אז דאס איז אן "ארץ חפץ"[252], כידוע תורת הבעש"ט בזה[253].

און ווי מ׳זעט בפועל אז דוקא בתקופהנו זו אין די

- שנים -

---

250) שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ז. 251) ישעי׳ ס, כא. 252) מלאכי ג, יב. 253) כש"ט הוספות אות מד.

 הנחה הת׳ בלתי מוגה

שנים הכי אחרונות, איז געווארן א סאך לייכטער צו פועל'ן אפי' אויף א אידן וואס איז נשבה געווארן בין העכו"ם, און אפי' אויף א אידן וואס מסיבות שונות ומשונות זיינען ביי אים די ענינים פון אידישקייט (וואס מ'רעדט מיט אים) דברים חדשים, וואס ער האט ביז היינט ניט געוואוסט דערפון - אעפ"כ, איז לבם של ישראל ער הוא להקב"ה ולתורתו ולמצוותיו.

סג. און בשעת אז מ'טוט אין דערויף אין אן אופן אז דאס איז מיוסד אויף "ואהבת לרעך כמוך"[254], מ'רעדט מיט וועלכן אידן ס'זאל נאר זיין, בדרכי נועם ובדרכי שלום ומתוך אהבה פנימית, און מ'ווערט ניט מיד, איין מאל און א צווייטן מאל וכו' -

דארף מען דעמולט ניט אנקומען צו רעדן מיט אים "מאה פעמים", און אפי' ניט 99 מאל - ס'איז מספיק אז מ'רעדט מיט אים א פאר מאל בדברים היוצאים מן הלב, און מ'באווייזט אים א ליכטיקן ביישפיל,

וואס דעמולט איז מען מצליח צו מאכן פון דעם צווייטן אידן א לומד תורה ומקיים מצוות, און נאכמער: מ'מאכט פון דעם מושפע ומודרך אז ער זאל משפיע זיין אויף א אידן וואס ווייסט נאך ניט פון אידישקייט, און ברענגען אים "דבר ה' זו הלכה"[255], דעם אויבערשטנ'ס ווארט און דעם אויבערשטנ'ס תומ"צ.

ובקרוב ממש וועט מען אויפשטעלן דעם "קהל גדול ישובו הנה"[256] - אין אה"ק, ומשיח צדקנו בראשם.

וואס דאס וועט צוגעהיילט ווערן דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין אלע מבצעים: אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", און די ג' מבצעים שעליהם בית ישראל עומד: "מבצע טהרת המשפחה", און פאר דערויף - "מבצע כשרות האכו"ש", און נאך פאר דערויף - "מבצע נרות שבת קודש".

און דורך דעם וועט מען ארויסגיין פון גלות "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות רוחני, ובמילא וועט ער אויך ניט בלייבן אין דעם גלות כפשוטו,

- און -

------------

254) קדושים יט, יח. 255) שבת קלח, ב. 256) ירמי' לא, ח.

**בס"ד. ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א, בזמנים שונים, ה'תשל"ח.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

**ש"פ שמיני, פ"פ, כ"ג אד"ב:** בקרה"ת במנחה,לאחרי שאד"ש סיים לומר את הברכה השני' קרא לסופר, ונגש הסופר הר' מ. ואד"ש הראה לו על אות בס"ת שהי' עלי' כתם שחור, הר' מ. נגש ובידו סילק את הכתם, ואמר הר' ל.ב. לאד"ש שזה הי' סתם לכלוך, חייך אד"ש ואמר: בס"ת אין לכלוך... ואמר הנ"ל שזה נפל מהמפית, ואמר אד"ש עוה"פ: בס"ת אין לכלוך...

**מוצאי ש"פ שמיני:** לאחרי ההתוועדות לפני שהתחיל לחלק כוס"ב קרא להר' מ.י. ונתן לו את החלות ואת המים, ואמר לו שזה עבור האורחים שנמצאים כבר, ועבור האורחים שיבואו לי"א ניסן, (כשנכנס הנ"ל ליחידות אחרי פורים שאלו אד"ש מתי נוסע, וענה בג' ניסן, שאלו אד"ש מה יהי' עם האורחים שיבואו לי"א ניסן? והחליט שישאר עד אחרי י"א ניסן)

**ד' ניסן:** לפני תפלת מנחה הלך כ"ק אד"ש (עם הסידור) להספרי' שם היו מונחים המצות שכ"ק אד"ש שולח לאה"ק.

כשנכנס כ"ק אד"ש להחדר ששם היו מונחים המצות, לקח מכל סל של מצות חתיכות מצה להפרשת חלה. (ווכן לקח שני סלים (של שני פונט) על הצד בשביל איזה ענין אחר). אח"כ פנה אל ר' ז.ר. שי', ר' י.ל. שי' ור' מ.מ.ג. שי' ואמר: איך מאך אייך פאר שלוחים אויף איבערגעבן די מצה בארץ הקודש, און דער סדר החלוקה זאל זיין ווי פאר א יארן, ע"י הוועד הרוחני של כפ"ח, און ס'זאל זיין א כשר'ן און א פרייליכן פסח.

אח"כ אמר לר' ז.ר. שי': מסתמא האט איר באקומען די תשובה אויף אייער צעטל (ההזמנה לחנוכת ביהכ"נ "בית מנחם" בכפר חב"ד). והוסיף: מסתמא ווען דאך צוקומען נייע חתומים במילא וועט מען געבן נאך דולאר'ן פאר זיי, די איבעריקע דולארן וואס וועט איבער בלייבן זאל מען אויסנוצן אויף גוטע זאכן.

אח"כ אמר: בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל און עס זאל זיין ניסן שנת תשל"ח בקרוב ממש ובעגלא דידן.

אח"כ שאל אותם מתי נוסעים לאה"ק ובאם נוסעים ביחד, וענו, ואמר כ"ק אד"ש: עס זאל זיין בשעה טובה ומצלחת.

ר' מ.מ.ג. שי' אמר לכ"ק אד"ש: מיר זאלן זיין צוזאמען מיט דעם רבי'ן איבער א יאר פסח אין ארץ ישראל. וענה כ"ק אד"ש: ועינינו תחזינה בשובך לציון... ר' ז.ר. שי' אמר לכ"ק אד"ש: דער רבי זאל זיין געזונט. וענה כ"ק אד"ש: גם אתם.

נתן להם כתר תורה בשביל ספר תורה של "בית מנחם" ואמר להם: דאס איז א כתר תורה. עס זאל זיין א כתר תורה פאר אלע אידן.

כשסיים אמר: לאמיר איצטער גיין דאוונען מנחה...

אחרי תפלת מנחה עמד ר' ז.ר. שי' ע"י געה"ת, וברך אותו אד"ש בנסיעה טובה וחגה"פ כשר ושמח, ואמר לו: ווארט צו א ווילע. נכנס לחדרו ואח"כ יצא לגעה"ת

ונתן להנ"ל, חבילת דולרים, ואמר: זה לאלו שיחתמו א"ע להבא, ושיתנו אותם לרבנים עבור לחלקם, ושגם הוא יהי' ביניהם היות והוא הביא את החתימות והוא השליח המביא את הדולרים, ובאם יש עוד גבאים שגם הם יצטרפו אליהם שיתנו לכל אחד שחתם שטר של דולאר. און די וואס האבן ניט געחתמע'ט זאל דער אויבערשטער זיי געבן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה. וכן אמר לו אד"ש שיכתוב דו"ח מחגיגת חנוכת הבית.

**נוסח המברק ששלח כ"ק אדמו"ר שליט"א לחנוכת בית הכנסת "בית מנחם" כפר חב"ד:** לכל המשתתפים בההתוועדות בחנוכת הבית הכנסת בית מנחם בכפר חב"ד בארצנו הקדושה תובב"א שליט"א.

שלום רב וברכה מרובה

בהוספה **לברכות ותפלות** של רבים מבני ישראל שקבלו ובתוכם שלי שנמסרו ע"י שלושת השלוחים שליט"א ביחד עם הכתר **תורה** וכסף **לצדקה**

יהי רצון שמחנוכת בית הכנסת זה שבודאי יהי גם בית המדרש לשיעורים קבועים בנגלה ובחסידות שהורתנו קבעה שמו בית מקדש מעט

נלך בקרוב ממש ובשמחה ובטוב לבב לקבל פני משיח צדקנו ולחנוכת בית מקדש השלישי ובאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים.

בברכת לחיים לחיים ולברכה ולחג הפסח כשר ושמח /חי"ק/

**י"ג ניסן:** אחרי תפלת מעריב יצא הר' ח. ש' ואמר (בשם כ"ק אד"ש): דער רבי דער שווער פלעגט געבן מצות דורך שלוחים וועל איך אויך טיילן דורך שלוחים. אזוי ווי אלע עניינים גייען דורך תורה וועט מען איבערגעבן די מצה צו די חברי הכולל און זיי זאלן פאנאדער טיילן דעם עולם, און די וואס פארן אוועק לערי השדה וועלן באקומען מצה פריער. והוסיף שיחלקו כל מצה לה' חתיכות, ויתנו לכ"א חתיכה.

**נוסח המברק ששלח כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנ"ש שיחי' בכל מרחבי תבל לקראת חג הפסח ה'תשל"ח:** "שבת שלום וחג הפסח כשר ושמח והא-ל עושה פלא יראנו נפלאות במהרה בימינו ממש בביאת משיח צדקנו". /חי"ק/

**ליל א' דחג הפסח:** לאחרי תפלת מעריב שאל את הר' ב.ק. באם ה"סדרים" מוכנים כבר? וענה בחיוב. הלך בתחילה ל"הדר התורה", ביקר בכל המקומות ובכל חדרי הבישול, הביט על הקערות של הת', אצל א' לא היתה הקערה מסודרת כראוי, ורמז אד"ש שיסדר את הקערה לפי הסדר. אח"כ ברך אותם (ראה בפנים הספר ע' 182).

אח"כ הלך לעריכת הסדר של ישיבת תו"ת (במטבח החדש). בדרכו ע"י בנין "ופרצת" אמר להר' י.כ. בחיוך "הם סגרו את הדלת ועתה אנו כבר ללכת למקום חדש". (גם אמר: מ'האט מיר פארשפארט איך זאל ניט דארפן גיין שטיגן). כשהגיע לפתח הבנין ראה ה"קארפעט" (השטיח) מונח בחוץ ואמר (בחיוך): מ'וויל מיר אפטאן. נכנס לחדר האוכל, וביקר בכל החדרים ובכל המקומות, ואמר כמ"פ לחברי ההנהלה שליוו אותו "שזה בהרחבה", אמר להגב' מוסי' (המבשלת בימי הפסח עבור הבחורים) א גוט שבת א גוט יו"ט. נו, איר געפינט זיך אין א נייער היים! ויותר בהרחבה. כשנכנס שוב לחדר האוכל חייך להרש"ג ואמר לו שזהו בהרחבה און פון דער רחבות זאל מען קומען צו א גרעסערע רחבות. להר' ק. אמר: איך האף אז די קיך איז (מסתמא) נאכניט בשלימות, אח"כ ברך אד"ש את הת' (ראה בפנים הספר ע' 181).

כשיצא מהמטבח ראה את הד"ר ר. ושאלו אד"ש איפה הוא עורך את הסדר, ענה הנ"ל שאצל ב.ק. ואצל הרי"ל, אמר לו אד"ש שלא ישאל היום שמונה קושיות.

אח"כ הלך למוסד של "פרי" שם ערכו את הסדר עבור משפחות יוצאי רוסי', בהכנסו נפגש עם כתב א' - מר ג. - ואמר לו אד"ש: מסתמא וועט איר פארשרייבן וואס דא טוט זיך, אין ליכטיגע אותיות. אח"כ עבר בחדרי הבישול והביט על הקערות כשהוא

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

